י. ג. פאָגט.

# וועלטגעשיכטע

פון אורא̆לטע צייטען ביז היינטיגען טאָג.

בעאַרבייט אין אידיש פון

א. ח. ראָזענבערג.

אונטער דער רעדאַקציאָן פון

אלכסנדר הא̆רקא̆ווי.

---

אילוסטרירט.

דריטער באנד: אלטע צייט.

ניו יארק:
היברו פאבלישינג קאמפאני.
.1918

# אינהאַלט־פערצייכניס

## פון דריטען באַנד.

---

### די רוימער.

זייט

זייט

זייט





# 2. די רוימער.

די געשיכטע פון די רוימער האָט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט. די רוימישע אָרגאַניזאַציאָן, איהר מאַכט און רעגירונגס־אָרדנונג וועלען פיר אַלע צייטען פערבלייבען אַ וואונדער. רוים איז אָנפאַנגס געווען נאָר אַ שטאָדט־געמיינדע, נאָכדעם האָט זי בעזיגט כמעט די גאַנצע וועלט, וואָס איז געווען בעוואוסט אין די אַלטע צייטען. דורך איהר אונגעוועהנליכע רעפובליקאַנישע פערפאַסונג איז זי געוואָרען דער מיטעלפונקט פון אַן אונגעהייערער אימפעריע, און די גאַנצע בעזיגטע וועלט איז געווען ווי אַ פּראָווינץ צו רוים, וועלכע האָט געהאַט אַליין אַלע רעכטע, וועהרענד די איבריגע וועלט איז געבליבען איהר אונטערוואָרפענעס לאַנד מיט זעהר קליינע און וועניגע רעכטען. דאָס איז אין דער געשיכטע נאָך אַ מאָל ניט פאָרגעקומען. אַזאַ סאָרט אָרגאַניזאַציאָן האָט נאָר דער רוימישער זשעניע געקענט אויסאַרבייטען און אין דער פּראַקטיק דורכפיהרען. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס די רוימישע געזעצען ווערען נאָך אין היינטיגע צייטען אין אַלע ציוויליזירטע לענדער געלערנט און געפאָרשט, דאָס אונזערע אַלע געזעצגעבונגען זיינען דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון זייערע וואונדערבאַרע געזעצען. דער בעגריף פון אייגענטום, וועלכער איז דער הויפּט־פונדאַמענט פון געזעצען, איז אויסגעאַרבייט געוואָרען פון די רוימער, און מיר קענען עד היום ניט צוטראַכטען אַן אַנדער בעגריף אָנשטאָט דיזען בעגריף פון אייגענטום, וועלכער האָט די לעצטע צייט אַזוי פיעל געגנער בעשאַפען.

די רוימער שטעהען פיעל נעהענטער צו דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציאָן, ווי מען נעהמט עס אָן. אין קונסט, וויסענשאַפט און פילאָזאָפיע האָבען זיי אין פערגלייך מיט די גריכען זעהר וועניג געשאַפען, זיי האָבען אָבער אין דער ווירקליכקייט פערברייט צווישען דער מענשהייט די קולטור. עס איז וואַהר, דאָס די רוימער האָבען עס געטאָן זעהר ברוטאַל, אַזוי דאָס די שאָטען־זייט איז מאַנכמאָל גרעסער ווי די ליכט־זייט.

דאָס לעבען און דאָס גאַנצע וועזען פון די רוימער איז פיעל נעהענטער צום לעבען און וועזען פון היינטיגע אייראָפּעאישע פעלקער, אַלס דאָס לעבען און וועזען פון די גריכען. די גריכען זיינען אין אַלגעמיין געווען אַ זעהר געניאַלעס פאָלק, וועלכעס האָט טיף געפיהלט דעם פערגניגען פון אַ פרעהלי־כען לעבען און די ליידען פון שמערצען. זייער לעבען און דענקונגס־אַרט זיינען אַזוי ווייט פון אונזער לעבען און דענקונגס־אַרט, דאָס זיי האָבען ניט געקענט האָבען אַ גרויסע און מערקבאַרע ווירקונג אויף די היינטיגע פעלקער. גאַנץ אַנדערש איז עס ביי די רוימער. דער קאַמף פון פערשיידענע אונטער־וואָרפענע נאַציאָנען צו בעקומען גלייכע רעכטען און פּאָליטישע פרייהייט צווישען די רוימער, איז זעהר עהנליך צו דער בעוועגונג, וואָס קומט פאָר אין היינטיגע צייטען צווישען די אייראָפּעאישע נאַציאָנען אין דיזער הינ־זיכט. קורץ, די רוימישע געשיכטע איז פיעל מעהר בעלעהרענד פיר היינטיגע ציוויליזירטע פעלקער אַלס יעדע אַנדערע געשיכטע פון די אַלטע צייטען. די רוימער זיינען דאָס פאָלק, וואָס האָט געבילדעט דעם איבערגאַנג פון אַל־טערטום צום מיטעל־אַלטער.

דער הויפּט־פּלאַץ פון אָנפאַנג פון דער רוימישער געשיכטע איז א י ט א ל י ע ן. דיזע האַלב־אינזעל האָט ערהאַלטען איהר נאָמען נאָך די א י ט א ל ע ר, אַ קליינעם פאָלק, וואָס איז געזעסען אין זיד־איטאַליען. די לאַגע פון דיזער האַלב־אינזעל אין מיטען פון די קולטור־לענדער פון יענע צייטען, צווישען גריכענלאַנד און שפּאַניען, איז געווען זעהר גינסטיג פיר רוים צו פערברייטערן איהר הערשאַפט און איינפלוס אויף די פעלקער פון יענע צייטען. די נאַטירליכע גרענצען פון איטאַליען זיינען: אין צפון — די א ל פ ע ן־ב ע ר ג, אין מזרח — דאָס א ד ר י א ט י ש ע מ ע ע ר, אין דרום — דער י אָ נ י ש ע ר י ם, און אין מערב — דאָס ט י ר ר ה ע נ י ש ע מ ע ע ר, אין וועלכען עס האָבען זיך געפונען זעהר נאָהענט צו איטאַליען דריי גרויסע, זעהר וויכטיגע אינזלען, נעמליך — ק אָ ר ס י ק א און ס א ר ד י נ י א אין מערב פון איטאַליען. ס י צ י ל י ע ן צו דרום. צווישען דרום־סיציליען און דעם פעסט־לאַנד פון איטאַליען געפינט זיך די מעער־ענגע פון מעססינאַ, אַ שמאָלע וואַסער־שטראַס, וואָס טיילט אָפּ סיציליען פון דעם פעסט־לאַנד און פעראייניגט דאָס יאָנישע מעער מיט דעם טיררהענישען.

די גרעסטע און וויכטיגסטע בערג אין איטאַליען זיינען די א ל פּ ע ן, וועלכע בעגרענצען דאָס לאַנד אין צפון און ציהען זיך ווי אַ האַלבער קרייז פון מערב נאָך מזרח. אויף דער האַלב־אינזעל זעלבסט ציהען זיך די אַ פּ ע־

נ י נ נ ע ן = בערג אין דער ריכטונג פון צפון צו דרום. צוליב דיזע בערג ווערט די האַלב־אינזעל איטאַליען אויך אָנגערופען מיט דעם נאָמען די אַפּענ-ניניזשע האַלב־אינזעל. די אַפּעננינען־בערג זיינען וואָס נעהענטער צו דרום מעהר און מעהר ווילד. די אַפּעננינען האָבען צוטיילט איטאַליען אין צוויי טיילען — מערב און מזרח, און האָבען געהאַט אַ שטערענדע ווירקונג אויף די קולטור און פערברייטונג פון די פעלקער, וואָס האָבען געוואוינט אין ביי-דע זייטען פון די אַפּעננינען און האָבען פיעל געהינדערט צו זייער פער-אייניגונג און צוזאַמענשמעלצונג. די מערב־זייט פון די אַפּעננינען איז גע-וועזען גרעסער און פרוכטבארער, בעגאַבט מיט מעהר טאָל־לענדער ווי די מזרח־זייט. דאַריבער איז דיזע זייט, ד. ה. די מערב־זייט, מעהר ענטוויקעלט געוועזען אין פּאָליטישער הינזיכט און איז געוואָרען די הערשענדע זייט אין גאַנץ איטאַליען.



עטרוסקישער בעדעקטער מזבח. נאָך אַן אַנטיקען וואַזע־בילד.

דער וויכטיגסטער פלוס אין איטאַליען איז דער פּ אָ (פּאַדוס). ער פאַנגט זיך אָן פון דעם באַרג וויסאָ, פליסט דורך די גאַנצע עבענע, וואָס טראָגט זיין נאָמען די „פּאָ־עבענע״ און פאַלט אריין אין דאָס אדריאַטישע מעער. אויסער דעם פּאָ מיט זיינע ביי־טייכען געפינען זיך נאָך פיעלע אַנ-דערע קלענערע טייכען, וועלכע נעהמען אַלע זייער אָנפאַנג אויף די אַפּענני-נען־בערג און גיסען זיך אַריין אין דאָס אדריאַטישע מעער. פון די איבריגע טייכען איז דער ט י ב ע ר מיט זיינע 42 נעבען־פלוסען דער וויכטיגסטער טייך אין איטאַליען.

איטאַליען איז אויך רייך אין זעען (אָזערעס), איבערהויפּט אויבער־אי-טאַליען. דאָרט געפינען זיך די בעריהמטע שענע זעען: ל אַ ג אָ מ אַ-ד ז ש אָ ר ע, ל אַ ג אָ ד י ק אָ מ אָ, ל אַ ג אָ ד י א י ס ע אָ, און

לאגאָ די גאַרדאַ. אויך אין דער איבריגער איטאַליען געפינען זיך פיעלע וויכטיגע זעען.

אין דער ערסטער צייט פון דער רוימישער געשיכטע איז איטאַליען געווען איינגעטיילט אין דריי הויפט־טיילען, נעמליך, אין: גאַלליאַ ציסאַלפּינאַ, דאָס איינענטליכע איטאַליען, און גרויס־גריכענלאַנד.

1) גאַלליאַ ציסאַלפּינאַ האָט זיך גערופען דער נאָרדליכער טייל פון איטאַליען, וועלכער געפינט זיך צווישען די אַלפּען און דעם אָנפאַנג פון די אַפּענינען־בערג, ביז דעם טייך רוביקאָ. דעם נאָמען גאַלליאַ ציסאַלפּינאַ האָט דיזער ערהאַלטען פון די פיעלע גאַללישע שטאַממען, וועלכע האָבען דאָרט געלעבט. גאַלליאַ ציסאַלפּינאַ איז געווען איינגעטיילט אין דריי טיילען: 1) ליגוריען, 2) גאַלליאַ טראַנספּאַדאַנאַ, ד. ה. גאַלליאַ, וואָס אויף יענער זייט טייך פּאָ, און 3) גאַלליאַ ציספּאַדאַנאַ, ד. ה. גאַלליאַ אויף דיזער זייט פון פּאָ.

2) די איינענטליכע איטאַליען האָט זיך געצויגען פון דעם טייך רוביקאָ ביז דעם טייך סילאַרוס. די וועסטליכע זייט ווי אויך די אָסטליכע פון דיזען טייל פון איטאַליען ווערט צוטיילט אין דריי לאַנדשאַפטען. די וועסטליכע לאַנדשאַפטען זיינען 1) עטרוריען, 2) לאַטיום*) מיט דער בעריהמטער שטאָדט רוים, און 3) קאַמפּאַניען. דיזע פּראָווינצען זיינען די פרוכטבאַרסטע. אין דער אָסטליכער זייט פון דיזען טייל געפינען זיך די פּראָווינצען 1) אומבריען, 2) פּיצענום און 3) סאַמניום. דיזע אָסטליכע לענדער זיינען מעהרסטענס געבירגיג און רויה, ניט פרוכטבאַר.

3) דער זידליכער טייל פון איטאַליען ווערט אויך גערופען גרויס־גריכענלאַנד צוליב די פיעלע גריכישע קאָלאָניעס, וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען אין די אַלטע צייטען. אין דיזען טייל געפינען זיך פיער לאַנדשאַפטען, צוויי אין מערב: 1) לוקאַניען און 2) ברוטטיום און צוויי אין מזרח: 1) קאַלאַבריען און 2) טאַרענטום.

דער קלימאַט אין איטאַליען איז אין אַלגעמיין זעהר מילד און אַנגענעהם, אויסער אין די בערגיגע געגענדען. די וועסטליכע זייט פון דער גאַנצער האַלב־אינזעל איז מילדער און רעגען־רייכער פון דער אָסטליכער. די רעגען־

---

*) צווישען די פעלקערשאַפטען פון דיזער פּראָווינץ זיינען געווען די לאַטינער, נאָך וועלכער די רוימישע שפּראַך ווערט בעצייכענט מיט דעם נאָמען לאַטיניש.

צייט אין איטאַליען איז איבערהויפּט אין הערבסט. די לופט ווערט אין די זומפּיגע ערטער שטאַרק פערפעסטעט, און אין מאַנכע ערטער פערברייטערט זיך זעהר די מאַלאַריע, איבערהויפּט אין די וואַרימע זומער-מאָנאַטען.

דער קלימאַט פון איטאַליען איז זעהר גינסטיג אַרויסצובריינגען זעהר פערשיידענאַרטיגע פּלאַנצונגען, פּרוכט בוימער, וויינטרויבען, אוילבערט-בוימער, אָראַנזשען, ציטראָנען, פייגען, מאַנדלען, טייטלען א. אז. וו. און אַלערליי סאָרטען געטריידע און גרינסען.

ווען און ווי אַזוי די אַלטע פעלקער פון איטאַליען האָבען זיך דאָרט בעזעצט, קען די געשיכטע מיט זיכערהייט ניט אויפווייזען. וואַהרשיינליך האָט זיך דאָרט צום ערסטען דאָרט בעזעצט אַ צווייג פון דעם גריכישען פאָלק.



עטרוסקישער טעמפּעל.

דאָס לאָזט זיך שליסען פון דעם פערגלייך פוןביידע שפּראַכען, דער גריכישער און לאַטיינישער. דיזער פערגלייך צייגט, דאָס ביידע נאַציאָנען: די גריכישע און לאַטיינישע, האָבען אַמאָל גערעדט איינע און די זעלבע שפּראַך. דיזע איינגעוואַנדערטע גריכען, וועלכע האָבען אַמאָל געהייסען א י ט א ל י ק ע ר, האָבען זיך בעזעצט אין מיטען איטאַליען און אין זידליכען טייל. שפּעטער פון די איטאַליקער האָבען איינגעוואַנדערט די עטרוסקען, וועלכע זיינען געווען די הערשטענדע מאַכט אין איטאַליען אין דער צייט פון 8טען ביז דעם 4טען יאָהרהונדערט פ. קר. אָבער די גאַללישע און קעלטישע שטאַמען, וועלכע האָבען אין גרויסע מאַסען איינגעוואַנדערט אין איטאַליען דורך

די אלפען־בערג, האבען די עטרוסקען בעהערשט, אזוי דאס די לעצטע האבען זיך מיט זיי אסימילירט און זיינען פערשוואונדען פון דער געשיכטע אלס א זעלבשטענדיגעס פאלק. די נייע געשיכטליכע פארשונגען און ענטדעקונגען ווייזען אויף קלאר, וואס פיר א וויכטיגע און בעדייטענדע ראלע די עטרוסקער האבען געשפילט אין דער אלטער וועלט. עס איז קיין צווייפעל ניט, דאס די עטרוסקער האבען געהאט א גרויסען איינפלוס אויף די בילדונג, זיטען און קולטור פון די רוימער. די עטרוסקער זיינען געווארען אין דער נייער צייט א זעהר בעליבטער געגענשטאנד פון פארשונג, און דעריבער געפינען מיר פיר נעטיג, ניצליך און אינטערעסאנט עטוואס נעהענטער און אויספיהרליכער די לעזער בעקאנט צו מאכען מיט זייער געשיכטע און זייער וויכטיגקייט אין אלטערטום.

## 1) די עטרוסקער.

פון דער עטרוסקישער שפראך זיינען היינט פארהאנדען זעהר פיעלע דענקמעלער. דיזע דענקמעלער זיינען מיט גרויס פלייס און שארפזין געפארשט געווארען, אבער די רעזולטאטען פון דיזע פארשונגען ערקלערען לייעדער זעהר ווענינ דעם כאראקטער פון דער שפראך און האבען צו קיין וויסענשאפטליכע רעזולטאטען ניט געפיהרט. אבער אזוי פיעל ווייס מען, דאס די עטרוסקישע שפראך איז געווען א צווייג פון דער אינדא־גערמאנישער שפראך. דאס הויפט־דענקמאל פון די עטרוסקען איז דאס, וואס מען האט געפונען אין דעם יאהר 1444 אין דער שטאדט גובביא, אין א געוועלב אונטער דער ערד. דאס זיינען געווען 7 קופערנע פלאטען, פון וועלכע 5 זיינען געווען בעדעקט מיט אינשריפטען אין דער עסטרוסקישער שפראך, און 2 אין דער לאטיינישער. דער אינהאלט פון די אינשריפטען בעציהט זיך אויף רעליגיאנס־דינסט. דיזע טאפלען זיינען זעהר וויכטיג פיר פארשער, ווייל אויף זיי געפינען זיך מעהר פון 1,000 עסטרוסקישע ווערטער. דיזע ווערטער צייגען, דאס די עטרוסקישע שפראך האט אין זיך געהאט א בעזונדערע הארטקייט, ווייל די ווערטער בעשטעהען צום מעהרסטען פון קאנסאנאנטען. דער אלף־בית פון דיזער שפראך איז קענטליך גענומען פון די פעניציער, אבער די בוכשטאבען, ווייזט אויס, זיינען פיעל איבערגעארבייט געווארען דורך די גריכען, ווייל אייניגע פון זיי האבען עהנליכקייט צו גריכישע. פון די אינשריפטען, וואס מען האט געפונען, זעהט מען קלאר, דאס די עטרוסקען פלעגען שרייבען פון לינקס צו רעכטס, ניט ווי די אלטע גריכען, וועלכע פלעגען שרייבען פון רעכטס צו לינקס, ווי די פעניציער און העברעער.

אויסער דיזע דענקמעלער געפינען זיך נאָך אַנדערע קוועלען, פון וועלכע מען קען עטוואָס וויסען איבער די עטרוסקען. אולוס צעצינא האָט געשריבען אין דער צייט פון ציצעראָ א בוך איבער די קריגס־קונסט פון די עטרוסקער. פון דיזען בוך האָט סענעקא אייניגע וויכטיגע קאַפּיטלען ערהאַלטען. דערצו האָבען מיר נאָך דענקמעלער פון זייער אַרכיטעקטור, פון זייער פּלאַסטישער קונסט־אַרבייט, ווי אויך פּיעלע אַנדערע קולטור־צייגניסען, וועלכע בעווייזען אונז דייטליך, דאָס די עטרוסקער זיינען געשטאַנען אויף א זעהר הויכער שטופע פון קולטור.

די אַרכיטעקטור פון די עטרוסקער איז זעהר עהנליך צו דער פּעלאַזגישער (די פּעלאַזגער זיינען געווען א פאָלק, וואָס איז געזעסען אין גריכענלאַנד איידער די גריכען האָבען זיך דאָרט בעזעצט). צו די על־טעסטע דענקמעלער געהערן יענע מויערן פון עטרוסקישע אַלטע שטעדט, וועל־



קברים־קאַמערן ביי קאַרנעטאָ.

כע זיינען געוועזן זעהר עהנליך צו די ציקלאָפּישע בוי־ווערק פון די גריכען. אָבער די עטרוסקישע בוי־קונסט איז געווען פיעל מעהר ענטוויקעלט פון דער ציקלאָפּישער. ווייל די עטרוסקער האָבען שוין פערשטאַנען, ווי צו מאַכען געוועלבען אין זייערע געביידען, א קונסט, וועלכע די געניאַלע גריכען האָבען נאָך דאַמאָלס ניט געוואוסט. צו די בעריהמטעסטע געביידעס פון די־זער אַרט געהערען די קלאָאַקען (אָפּצוג־קאַנאַלען) אין רוים.

פון די עטרוסקישע טעמפּלען זיינען אונז קיינע ניט פערבליבען. מיר קענען אָבער האָבען א בעגריף פון זייער אַרט אַרכיטעקטור פון די בעשריי־בונגען, וואָס וויטרוביוס גיט פון די עטרוסקישע טעמפּלען. די

עטרוסקער האָבען שוין געוואוסט די קונסט צו בויען טהעאַטערן, ווי עס ציינען די חורבות אין פיעסאָלע.

זעהר וויכטיג פיר דאָס פערשטענדניס פון דער עטרוסקישער ארכיטעק-טור זיינען די מצבות איבער די עטרוסקישע קברים, ווי אויך די געביידעס פון די קברים זעלבסט.

די סקולפטור פון די עטרוסקער איז זעהר ענליך צו דער גרי-כישער, אָבער מען בעמערקט אין זייערע בילדער פון לעהם און מעטאַל דעם איינפלוס פון אָריענט (די מזרח-לענדער). איבערהויפּט האָבען זיי ליב געהאַט צו מאַכען אייזערנע סטאַטועס. עס ווערט ערצעהלט, דאָס ווען די רוימער האָ-



שטיינערנער זאַרג פון קאַערע.

בען בעזיגט די שטאָדט וואָלסיניאי, האָבען זיי דאָרט אוועקגערויבט מעהר ווי 2,000 אזעלכע סטאַטועס. דער סאַרקאָפאַג (ארון) פון קאַערע גיט אונז אַ בעגריף פון דער ענטוויקעלטער טעכניק פון די עטרוסקער אין סקולפּ-טור. אויך די קלענערע ארבייט פון זייערע שמוק-זאכען און פערפיינערונגען פון הייזליכע זאכען ציינט אַ גרויסע ענטוויקלונג אין דער פּלאַסטישער קונסט. בעזונדערס בעליבט זיינען געוועזן ביי זיי גאָלדענע שאָלען, זילבערנע בע-כערן, העלפאַנד-ביינערנע שטוהלען, קאַנדעלאַבערס, פערצירטע וואַפען, שען פערצירטע ברוסט-בעהענגען און שפּיגלען געמאַכט פון בראָנז מיט זעהר שענע גראַווירונגען אויף דער צווייטער זייט.

די מ א ל ע ר ־ ק ו נ ס ט, ווי עס שיינט, איז ניט זעהר ענטוויקעלט געווען ביי זיי. זי האָט זיך בעשרענקט אויף בעמאָלען די ווענט. מען האָט געפונען אין איינציגע ערטער, בעזונדערס נעבען טארקוויניאי, זעהר פיעלע קברים־קאמערן בעדעקט מיט פיגורען אין פערשיידענע פארבען, וועלכע ווייזען, דאָס זיי האָבען ווענינגסטענס אין די ערסטע צייטען זיך געהאלטען שטרענג אָן א געוויסען סטיל.

אין דער מ ו ז י ק זיינען די עטרוסקער געווען זעהר ענטוויקעלט, און די רוימער פלעגען איינלאדען פון זיי פיעלע זענגער אפילו אין די שפּעטערע צייטען, ווען זיי, די רוימער, זיינען שין געווען היבש קולטיווירט. דער מו-



עטרוסקישע ברוסט־בעפוצונג.

זיקאלישער אינסטרומענט, וואָס איז געווען צום מעהרסטען ענטוויקעלט און פערברייטערט אין פאָלק, איז געווען די פלויט. פון די וויסענשאפטען האָבען די עטרוסקער פיעלעם געוואוסט אין מ ע ד י צ י ן, פ י ז י ק און א ס ט ר אָ נ אָ מ י ע. זיי האָבען שוין געוואוסט די קונסט וואסער אויסצוגעפינען און זייער צייט־רעכנונג איז געווען זעהר פינקטליך.

דער הויכער שטאנד פון אינדוסטריע האָט געפיהרט צו דער פערברייטערונג פון האנדעל אין עטרוריען. שוין אין די גאנץ אלטע פאר־היסטאָרישע צייטען געפינען מיר זיי פאָהרענדיג איבער ימים צוזאמען מיט די פעניציער,

קארטהאגער און גריכען. זיי האָבען זיך ניט געשראָקען פאר די גרעסטע שטורמס אויפ'ן ים און האָבען געוואוסט ווי איהם צו בעהערשען. עס זייגען דאָ בעווייזען, דאָס די עטרוסקער האָבען געהאנדעלט מיט די נאָרדליכע אייראָפּעאישע פעלקער, פון וועלכע זיי פלעגען קויפען בערנשטיין (ברוסטין) און פערברייטערן עס אין איטאַליען און אין אנדערע לענדער, און דיזער גע-גענשטאַנד האָט זיי געבראכט גרויסע פערדינסטען, ווייל אין אַלטע צייטען איז בערנשטיין געווען זעהר אַ טייערער און זעהר אַ פּאָפּולערער ארטיקעל, וואָס האָט זיך פיעל געפאָדערט אין אַלע לענדער. אויך דער האנדעל אין לאַנד זעלבסט איז געווען אויסשליסליך אין זייערע הענט. זייערע מארק-פּלעצער זיינען געווען נעבען די טעמפּלען, אזוי ווי ביי די אינדיער און עגיפּ-טער. די הויפּט־שטעדט מיט האַפענס פיר דעם האַנדעל מיט דעם אויסלאַנד און איבער'ן ים זיינען געווען פּ י ז אַ און צ אֶ ר ע. די ארטיקלען פון עקספּאָרט, ד. ה. די סחורות, וואָס די עטרוסקער פלעגען ארויספיהרען פון זייער לאַנד און אַנדערע לענדער, זיינען געווען: די נאַטירליכע פּראָדוקטען פון לאַנד, ווי אויך די אינדוסטריעלע ארבייטען זייערע. די ארטיקלען פון אימפּאָרט, דאָס הייסט סחורות, וואָס זיי פלעגען אריינברייגגען פון אנדערע לענדער אין איטאַליען, זיינען געווען: וויירויך, עדעלע מעטאַלען, פּורפּור, העלפאַנד־ביין, זאַלבען און שמוק־זאַכען פון די מזרח־לענדער. ווי אַלע האַנ-דעלס־פעלקער פון דער אַלטער וועלט, זיינען די עטרוסקער אויך געווען זעע-רויבער און זיינען דעריבער געווען פיעל געפירכטעט.

דאָס דער האַנדעל איז געווען שטאַרק פערברייטערט צווישען די עטרוס-קער צייגען אויך די פיעלע מטבעות, וואָס זיינען נאָך פערבליבען פון זיי. די מטבעות זיינען אַלע פון קופּער געמאַכט. די עלטערע זיינען פיער־קאַנ-טיגע, די שפּעטערע זיינען קיילעכדיגע. דיזע מטבעות זיינען געווען גאַנגבאַר אין גאַנץ איטאַליען, אין די גריכישע קאָלאָניעס און אויך אין סיציליען.

וואָס אָנבעטרעפט די פּ אָ ל י ט י ש ע פערהעלטניסען פון די עטרוס-קער, זיינען זיי געווען איינגעטיילט אין 12 שבטים, יעדער שבט האָט גע-וואוינט אין אַ בעזונדערער שטאָדט און איז געווען אונאָפּהענגיג פון וועלכען עס איז אַנדערען שבט. די אַלע 12 שבטים אָבער זיינען געווען פעראייניגט אין איין בונד אום זיך צו שיצען געגען אַן אויסערווערטיגען פיינד. די פערזאַמלונגען פון אַלע שבטים וועגען אַלגעמיינע אינטערעסען פלעגען זיין ביים טעמפּעל פון דער וואָלטומנאַ. אין פאַל פון קריג פלעגען זיי אויסקלייבען איין קאָמאַנדיר. זיי האָבען אויך געוועהלט איין אויבער־פּריסטער פיר אַלע שבטים צו רעגולירען די רעליגיאָנס־זאַכען פון אַלע שבטים צוזאַמען.

דיזע פּאָליטישע אָרדנונג איז געווען נאָר פיר די עטרוסקער זעלבסט, אַלס הערשענדע קלאַס, אָבער ניט פיר די אור־איינוואוינער פון לאַנד, וועל־כע זיינען בעזיגט געוואָרען פון די עטרוסקער, וואָס זיינען אָנגעקומען אין איטאַליען פון יענער זייט אַלפּען־בערג. די אונטערוואָרפענע אור־איינוואוי־נער האָבען קיין פּאָליטישע און ציוויל־רעכטען ניט געהאַט, זיי זיינען נאָר געווען פערשקלאַפטע פּויערים, וועלכע האָבען געאַרבייט פיר די בעזיגער, די עטרוסקער.

אין קריג זיינען די עטרוסקער געווען זעהר מוטיג און העלדיש, שפּע־טער אָבער זיינען זיי געוואָרען שוואַכער, ווייל זיי זיינען געווען איבערגעגע־בען צו לוקסוס. ביי מאָהלצייטען פיר געסט פלעגען ביי זיי פרויען אויך זיין אַנוועזענד גלייך מיט מענער, ניט ווי ביי די רוימער און גריכען, וואו פרוי־ען פלעגען קיין פּלאַץ ניט האָבען צווישען מענער ביי אַזעלכע געלעגענהייטען.

די ר ע ל י ג י אָ ן האָט געהאַט אין לעבען פון די עטרוסקער אַ גרוי־סע בעדייטונג. זיי האָבען פערעהרט 12 געטער, לויט דער צאָהל פון זייערע שבטים. אין אַלגעמיין איז זייער רעליגיאָן געווען זעהר פינסטער און גע־היימניספול. פערשיידענע צאָהלען האָבען געהאַט אַ געהיימע בעדייטונג, ביים רעליגיאָנס־דינסט פלעגען זיי זעהר אָפט געברויכען שרעקליכע זאַכען, עס האָבען אויך ניט געפעהלט מענשען־קרבנות, און מיט דעם בלוט פון דעם אונגליקליכען קרבן פלעגען זיי אָפט בעשפּריצען זייערע קברים. אויך די גלאַדיאַטאָרען־קאַמפען זיינען געווען אַ טייל פון רעליגיעזער פערעהרונג ביי די עטרוסקער.

דער רעליגיעזער אַבערגלויבען האָט געווירקט צו פערברייטערן וואַהר־זאָגעריי צווישען די עטרוסקער. מען פלעגט וואַהרזאָגען קוקענדיג אויף דאָס פליהען פון פויגלאַך, אויף די הימעלס־ערשיינונגען און פון די אינגעווייד פון די קרבנות. די פּריסטער זייערע פלעגען פערזיכערן, דאָס די קונסט פון וואַהר־זאָגעריי האָבען זיי געלערנט פון דעמאָן (טייפעל) מיט'ן נאָמען ט אַ ג ע ס, וועלכער האָט אויסגעזעהן יונג ווי אַ קינד, איז אָבער געווען פול מיט חכמה. דיזען דעמאָן האָבען זיי געפונען אין אַן אַקער־פעלד. עס זיינען ביי זיי געווען איינציגע אַלטע הייליגע ביכער, וועלכע, ווי זיי האָבען געגלויבט, זיינען געווען פערפאַסט פון דיזען דעמאָן. דיזע ביכער זיינען געווען די הויפּט־קוועלע פון דער עטרוסקישער חכמה, און פון דיזע ביכער האָבען זיי געלערנט די קונסט פון נביאות אין זייערע שולען. פון זייער געשיכטע ווייסען מיר זעהר ווייניג, און דאָס ביסעל, וואָס מיר ווייסען, וועלען מיר ביי געלעגענהייט אין דער געשיכטע פון די רוימער ערצעהלען.

## 2) די לאַטינער.

אויסער די עטרוסקער זיינען אויך די לאַטינער און די סאַמניטער די וויכטיגסטע פעלקערשאַפטען אין איטאַליען. פון דיזע זיינען די לאַטינער די עלטעסטע און מערקווירדיגסטע. אין די גאַנץ אַלטע צייטען זיינען זיי בע-שטאַנען פון אַ בונד פון 30 שטעדט. פולע גלייכהייט און פרייהייט האָט גע-הערשט אין גאַנצען בונד, קיין שאָטען פון שקלאַפעריי האָט ניט פערדונ-קעלט זייער פּאָליטישעס און סאָציאַלעס לעבען. דעריבער האָט זיך דאָס גאַנצע אַלטע לאַטיום געפונען אימער אין אַ זעהר בליהענדען צושטאַנד. אין די שפּעטערע צייטען איז דער רייכטום אין לאַטיום פיעל פערגרעסערט געוואָרען, אָבער ער איז קאָנצענטרירט געוואָרען נאָר אין אייניגע הענט און דער גרעסערער טייל פון די איינוואוינער האָט געשמאַכט אין אָרימקייט און איז געוועזען פערזונקען אין שקלאַפעריי.

אָרגאַניזירט זיינען די לאַטינער געווען אין דער אַרט, דאָס יעדער שטאָט איז געווען זעלבשטענדיג אין זיין פערוואַלטונג. דער בונד האָט געהאַלטען יעהרליך אַ פערזאַמלונג אין אַ וועלדעל, וואָס איז געווען געהייליגט צו דער פערענטינאַ; דאָמאָלס האָבען זיי אויך געפייערט זייער אור-אַלטען לאַטי-נער-פעסט מיט בעזונדערע רעליגיעזע צערעמאָניעס און קרבנות.

## 3) די סאַמניטער.

די סאַמניטער האָבען זיך געפונען אויף דער זעלבער קולטור-שטופע ווי די עטרוסקער און לאַטינער. אויך זייערע שבטים זיינען געווען פער-אייניגט אין אַ בונד. מיר ווייסען אָבער ניט גענויעס וועגען זיי. זייער אַלגעמיינע בעשעפטיגונג איז געווען אַקערבוי און פיה-צוכט, אָבער מעהר פון אַלץ איז געווען פערברייטערט אין לעבען דער אַקערבוי. אפילו פריסטער האָבען אויסער זייער רעליגיאָנס-דינסט זיך בעשעפטיגט מיט אַקערבוי, און די ערפאַהרונגען, וואָס זיי האָבען דערביי געמאַכט, האָבען זיי געזאַ-מעלט און צוזאַמענגעשטעלט. די פעלדער פלעגען בעאַרבייט ווערען פון אַלע מיטגלידער פון דער געמיינדע, און אַלע האָבען גלייכע טיילען געהאַט אין די פּראָדוקטען, וואָס די פעלדער האָבען אַרויסגעגעבען. אויך דער וויין-בוי איז ביי זיי געשטאַנען אין אַ בליהענדען צושטאַנד. דאָס זעלבע קען מען זאָ-גען וועגען זייער פיה-צוכט. די רוימער פלעגען בעסער בעציהען זייערע פיה פון די סאַמניטער, הגם פיר זיי זיינען אָפען געווען די מערק פון פיה פון אַלע אויסלענדישע מדינות.

די גאַנצע סאַמניטישע בעפעלקערונג איז געזעסען אין דערפער, ווייל דאָס האָט געפאָדערט זייער בעשעפטיגונג. שטעדט זיינען ביי זיי כמעט גאָר ניט געווען, און ווען עס זיינען געווען איניגע, זיינען זיי נאָר געווען צום שוץ געגען אַ פיינד. די צאָהל פון זייערע דערפער איז געווען זעהר גרויס, ווייל כמעט דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען בעארבייט. די גאַנצע געגענד פון מאָנטע מאַטעסע, וועלכע איז אין היינטיגער צייט כמעט דאָס גאַנצע יאָהר בעדעקט מיט שנעע, איז אין די אַלטע צייטען געווען אַ גלענצענדער אָרט פיר פיה=צוכט און האָט ענטהאַלטען אַ געדיכטע בעפעלקערונג. ווען די בע-פעלקערונג איז געוואָרען צו גרויס, האָבען זיי אין יענעם יאָהר אַלע געבאָ-רענע פיה און שאָף געאָפפערט צו די געטער און די זכרים, וואָס זיינען גע-באָרען געוואָרען אין יענעם יאָהר, האָט מען אויסגעהאָדעוועט ביז אַ געוויסען אַלטער, ווען זיי זיינען שוין געווען אין שטאַנד זיך אַליין צו בעזאָרגען, דאַן האָט מען זיי געגעבען די נעטיגע שפייז און וואַפען און מען האָט זיי אַוועק-געשיקט אין פרעמדע לענדער צו זוכען אַ מקום מנוחה און אַ בעשעפטיגונג. דיזע איינפיהרונג איז געווען בעקאַנט אַלס דער „הייליגער פריהלינג”.

שפורען פון קונסט האָט מען פון די סאַמניטער ניט געפונען. נאָר פּאָע-זיע איז עטוואָס געבליבען פון זיי, נעמליך: פערזען איבער די גוטע זיטען פון די עלטערן, דורך וועלכע מען האָט געלערנט די קינדער מאָראַל, און אַנדערע זיטען=לעהרעס. דיזע פערזען זיינען אויך צו די רוימער איבערגעגאַנגען, און עס האָט זיך דערפון ביי זיי, די רוימער, אויך ענטוויקעלט אין אַ בעזונדערען מין פּאָעזיע.

ווען מיר וואַרפען אַ קורצען איבערבליק איבער איטאַליען, אין וועלכען צושטאַנד זי האָט זיך געפונען אין דער צייט נאָהענט צו דער גרינדונג פון רוים, וועלען מיר זעהן, דאָס די שטאַמען (שבטים) האָבען זיך פערמעהרט אין צאָהל און אין קראַפט, דאָס זייער בעשעפטיגונג איז געווען הויפטזעכליך אַקערבוי און פיה=צוכט, צוזאַמען מיט דיזע האָבען זיי אויך אין דער אינ-דוסטריע געמאַכט גרויסע פאָרשריטען. די פאַמיליען זייערע זיינען מעהר-סטענס געווען מאָנאָגאַמיש, ד. ה. יעדער פאַמיליען=מאַן האָט נאָר געהאַט איין ווייב. די פערפאַסונג פון זייער געזעלשאַפטליכען לעבען איז געווען די זעלבע, וואָס ביי אַלע אַנדערע פעלקער אין דער ערסטער צייט פון זייער ענט-וויקלונג — די פערפאַסונג פון פאַמיליעס, וואָס זיינען צוזאַמענגעבונדען אין שבטים. די שטאַמען האָבען געלעבט מעהרסטענס אין דערפער; שטעדט זיינען ביי זיי געווען זעהר ווייניג. צום ענגערען צוזאַמענשלוס און צו דער

פעראייניגונג פון אַלע קרעפטען איז עס ערסט דאַמאַלס געקומען, ווען עס איז געקומען די גרויסע בעוועגונג, וועלכע האָט געפיהרט צו דער גרינדונג פון רוים.

## א. די איינפיהרונג פון דער רוימישער פּאָליטישער געזעלשאַפט.

### 1) די זאַגע פון דער גרינדונג פון רוים.

אַן אַלטע טראַדיציאָן ערצעהלט, דאָס אין דער צייט, ווען דער קעניג פּ א ו נ ו ס האָט געהערשט, האָט איינגעוואַנדערט אַ גריך  ע ו ו א נ ד ע ר מיט אַ גאַנצער מחנה גריכען פון ארקאַדיען אין לאַטיום, האָט אויפגעבויט די שטאָדט פּאַללאַנטיום און האָט איינגעפיהרט נייע שענע זיטען און אויך די בוכשטאַבען־שריפט. אין דער צייט פון דעם קעניג  ל א ט י נ ו ס, דעם נאָכפאָלגער פון פאונוס'ן, איז געווען אַ צווייטע איינוואַנדערונג פון גריכענ־לאַנד. נאָך דער צושטערונג פון טראָיא האָבען זיך געמליך אַ היבשע צאָהל טראָיאַנער אונטער דער אָנפיהרונג פון אָנעאַס'ן בעזעצט אין לאַטיום. די קינדער פון די טראָיאַנער האָבען געגרינדעט די שטאָדט אַלבאַלאָנגאַ, וועל־כע איז שפּעטער געוואָרען די מוטער־שטאָדט פון רוים. אין שפּעטערער צייט איז דער קעניג  נ ו מ י ט אָ ר  פון אַלבאַ בערויבט געוואָרען פון טראָן דורך זיין ברודער אמוליוס. אום צו זיין זיכער, דאָס קיינער זאָל ניט וועלען אָפּ־נעהמען זיין הערשאַפט, האָט אמוליוס געלאָזט טויטען נומיטאָר'ס איינציגען זוהן. אין דער זעלבער צייט האָט נומיטאָר'ס טאָכטער רהעא סילוויאַ, וועלכע האָט געטאָן אַ נדר און געגעבען אַ שבועה קיין מאָל ניט צו הייראַטען און בלייבען אַן אייביגע בתולה, געבאָרען צוויי קינדער פון דעם גאָט מארס; די צוויי קינדער,ביידע זכרים, האָבען געהייסען איינער  ר ע מ ו ס  און דער אַנדערער  ר אָ מ ו ל ו ס. אַלס אַמוליוס האָט זיך דערוואוסט דערפון, האָט ער געשיקט דריי סאָלדאַטען צו דערטרינקען רהעא סילוויאַ'ן מיט איהרע קינ־דער אין דעם טייך טיבער. די קינדער זיינען אָבער גערעטעט געוואָרען דורך דעם, וואָס דער שטראָם פון טייך האָט צוגעטראָגען די וואַנע, אין וועלכער די קינדער זיינען געווען, צום ברעג. אין יענעם מאָמענט איז גראַדע צוגעקו־מען צום טייך אַ וואָלפיכע זיך אָנטרינקען און בעמערקענדיג די יונגע נפשות, האָט זי זיי אָנגעזויגען מיט איהרע בריסט. דערוויל איז צוגעקומען צום זעלבען אָרט דעם קעניג'ס פּאַסטוך פאוסטולוס, ער האָט צוגענומען די קינ־דער און האָט זיי געבראַכט צו זיין ווייב אַקקאַ לאָורענטיאַ. פאוסטולוס מיט

זיין פרוי האָבען מיטלייד געהאַט מיט די קליינע קינדער און האָבען זיי ער-צויגען.

דיביידע קינדער האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט קראַפט און מוט און האָבען מיט ערפאָלג געקעמפט מיט ווילדע חיות און מיט רויבער. איין מאָל איז זיי אויסגעקומען צו שטרייטען מיט נומיטאָר'ס פאַסטוכער צוליב אַ שטיק פאַשע. די פאַסטוכער האָבען געבראַכט רעמוס'ן צו נומיטאָר'ן ער זאָל איהם בעשטראָפען. אין דער זעלבער צייט האָט פאַוסטולוס ענטדעקט ראָמולוס'ן דעם סוד פון זיין געבורט און פון וועמען ער קומט אַרויס. ער איז גלייך געלאָפען צו נומיטאָר'ן און האָט איהם איבערגעגעבען די גאַנצע געשיכטע. די ביידע קינדער זיינען געוועזען שרעקליך אויפגעבראַכט אויף אַמוליוס'ן פיר זיינע שרעקליכע מערדערייען און האָבען בעשלאָסען ראַכע צו נעהמען פון דעם רויבער פון זייער זיידען'ס טראָן און דעם מערדער פון



רהעאַ סילוויאַ.

זייער מוטער. זיי האָבען צוזאַמענגעקליבען אַ קליינע אַרמעע, זיינען בע-פאַלען אַמוליוס'ן, האָבען איהם ערמאָרדעט און האָבען צוריק אַרויפגעזעצט אויף'ן טראָן זייער זיידען נומיטאָר.

אַלס דאַנק דערפאַר האָט נומיטאָר זיינע עניקלאַך ערלויבט צו גרינדען אַ שטאָדט מיט אַ בעזונדערער רעגירונג וואו זיי ווילען. די ביידע ברידער, וועל-כע האָבען ביז יעצט געלעבט אין פרידען צוזאַמען, האָבען יעצט אָנגעפאַנגען צו רייסען זיך און צו שטרייטען. יעדער פון זיי האָט געוואָלט, דאָס די שטאָדט זאָל טראָגען זיין נאָמען און ניט דעם ברודער'ס נאָמען. דער סוף פון דעם קריג איז געוועזען, דאָס רעמוס איז געפאַלען טויט און ראָמולוס איז אַליין גע-בליבען דער גרינדער פון דער נייער שטאָדט. די גרינדונג איז צוגעגאַנגען מיט פיעלע פייערליכקייטען און צערעמאָניעס. דערנאָך האָט מען געמאַכט

ארום דער שטאָדט א גאָרטען, וואָס האָט געצייגט דעם אָנפאַנג פון דער שטאָדט־מויער און מען האָט זיך גענומען צו בויען הייזער. די ערסטע היי־זער, אן ערך א 1,000 אין צאָהל, זיינען געווען זעהר אָרים געבויט. אום צו־צו־ציהען איינוואוינער, האָט ראָמולוס געלאָזט וויסען, דאָס דיזע שטאָדט וועט זיין אַ צופלוכטס־אָרט (אַן עיר מקלט) פיר יעדען, וואָס איז געצוואונ־גען צוליב וועלכען עס איז פערברעכען פערלאָזען זיין אָרט. עס איז ווירקליך באַלד געוואָרען דאָרט א היבשע בעפעלקערונג. עס האָבען אָבער געפעהלט פרויען, אָהן וועלכע קיין ישוב קען ניט וואַקסען. קיינער פון די בענאַכבאַר־טע פעלקער האָט ניט געוואָלט געבען זיינע טעכטער פיר ווייבער צו פער־ברעכער. ראָמולוס האָט בעשלאָסען צו קריגען פרויען פיר זיינע לייט מיט גוואַלד און מיט בעטרוג. צו דיזען צוועק האָט ער געמאַכט א גרויסען יום טוב און האָט איינגעלאַדען די בענאַכבאַרטע פעלקער אַלס געסט. עס זיינען ווירקליך געקומען פיעלע מענער מיט זייערע פרויען און זייערע טעכ־טער צו דיזען יום טוב, איבערהויפּט פון די ס א מ נ י ט ע ר. ווען עס איז געקומען דער לעצטער טאָג פון דיזען יום טוב האָט ראָמולוס געגעבען א סיג־נאַל און די רוימער זיינען מיט זייערע בלויזע שווערדען אריינגעדרונגען אין דער פערזאַמלונג, האָבען געכאַפּט 700 מיידלאַך און האָבען זיי אוועקגע־פיהרט אין זייערע וואוינונגען אַלס זייערע פרויען. דאָס איז געווען דער ס א ב י נ ע ר י נ ע ן ־ ר ו י ב, וועלכער איז געוואָרען אזוי בעריהמט אין דער געשיכטע.

דיזער רויב פון די פרויען האָט געפיהרט צו א קריג מיט די רוימער. רוים האָט געהאַלטען ביים פערלירען און אונטערגעהן. צום גליק האָבען זיך די בערויבטע פרויען אַליין אריינגעמישט אין דעם קריג און האָבען אַלץ וואָס מעגליך איז געטאָן אום שלום צו מאַכען צווישען די שטרייטענדע פּאַר־טייען. זיי האָבען מיט דער געפאַהר פון זייער לעבען זיך אריינגעוואָרפען צווישען די רייהעס פון די שטרייטענדע און האָבען זיי בעשוואָרען אויפצו־געבען דעם קאַמף, וועלכער וועט זיין פיר זיי ערגער ווי פיר אַלעמען, ווייל דער שטרייט קען זיי נאָר אונגליק פערשאַפען אין יעדען פאַל: אין פאַל, ווען די רוימער וועלען זיגען, וועלען זיי פערלירען זייערע עלטערן און ברידער, און אין פאַל, ווען די סאַבינער וועלען געווינען, וועלען זיי פערלירען זייערע מענער. עס איז ענדליך די פרויען געלונגען שלום צו מאַכען צווי־שען די שטרייטענדע. עס איז געשלאָסען געוואָרען צווישען די רוימער און סאַבינער אַן אָפּמאַך, נאָך וועלכען די סאַבינער האָבען בעקומען דאָס רעכט זיך צו בעזעצען אויף דעם ק א פּ י ט אָ ל י נ י ש ע ן בארג, וואָס געהערט

צו רוים, און זיך פערשמעלצען מיט די לאַטינער, וואָס האָבען געוואוינט אויף דעם פּ א ל א ט י נ ו ס. אין איבריגען זיינען ביידע געמיינדעס געבלי-בען זעלבשטענדיג, אונאָפּהענגיג איינע פון דער אַנדערער. יעדע געמיינדע האָט זיך געהאַט איהר אייגענע אָרגאַניזאַציאָן, איהר אייגענעם קאָמאַנדיר פון חיל און איהרע אייגענע ראַטס-פערזאַמלונגען. נאָר אין פאַל, ווען עס איז זיי אויסגעקומען זיך צו בעשיצען געגען אַ פיינד, זיינען זיי געוואָרען וואָפען-ברידער און זיך פערבונדען אין איין געמיינדע צו בעשיצען די אַל-געמיינע אינטערעסען און רעכטען. איינינע יאָהר שפּעטער איז געשטאָרבען דער סאַבינישער קאָמאַנדיר ט י ט ו ס ט א צ י ו ס און די סאַבינער האָ-בען ראָמולוס'ן אַנערקענט אויף פיר זייער אַנפיהרער. דיזער שריט האָט געפיהרט דערצו, דאָס שפּעטער האָבען זיך ביידע געמיינדעס אין גאַנצען




**דער שלום צווישען די רוימער און די סאַבינער.**

נאָך אַן אַנטיקער פאָרשטעלונג.

פערשמאָלצען און געוואָרען איינס. דיזע זאַגע וועגען דער גרינדונג פון רוים האָט אין זיך אַ קערנדעל פון געשיכטע: זי דייטעט אָן, דאָס דורך ראָמולוס'ן אָדער דורך יענע בעוועגונג, וועלכע דיזער נאָמען שטעלט פאָר, זיינען הונדערט געגטעס (געשלעכטער, משפחות) פון די לאַטינער געוואָרען פעראייניגט צו איין שטאַם, די ר א מ נ ע ס, און דאָס דורך אַ גליקליכען צו-פאַל האָט זיך מיט דיזען פעראייניגט אַ צווייטער ס א ב י נ י ש ע ר שטאַם, די ט י צ י ע ס, וועלכע זיינען אויך בעשטאַנען פון הונדערט געג-טעס. צו דיזע שטאַמען איז צו דער צייט פון ט א ר ק ו י נ י ו ס פּ ר י ס ק ו ס, ווי מיר וועלען ווייטער זעהן, צוגעקומען אַ דריטער שטאַם,

די לוצערעס, מיט הונדערט גענטעס, צום טייל עטרוסקישע. אזוי זיי־נען אין וועניגער ווי הונדערט יאָהר 300 גענטעס אין רוים געוואָרען פער־אייניגט צו איין פאָלק און אָרגאַניזירט אונטער איין ראַט, דעם רוימישען סענאַט, אונטער איין פאָלקס־פערזאַמלונג און אונטער איין מיליטערישען קאָמאַנדיר, דעם רעקס (קעניג).

## 2) די גענס.

אין דער גריכישער געשיכטע האָבען מיר די פערפאַסונג פון ד'ער גענס אויספיהרליך בעשפּראָכען. מיר וועלען דעריבער איבער די גענס ביי די רוימער זיך פאַסען קורץ און זיך בענוגענען מיט איהרע כאַראַקטער־שטריכען. דיזע זיינען:

1) דאָס רעכט פון ירושה. דאָס פערמעגען איז געבליבען אין דער גענס, ד. ה. די ירושה איז ניט איבערגעגאַנגען פון איין גענס צו דער אַנדערער. עס האָט עקסיסטירט פאָטער־רעכט און דאָס רעכט צו ירש'ע־נען איז נאָר געגעבען געוואָרען צו זכרים. ווען איינער איז געשטאָרבען און האָט ניט איבערגעלאָזען קיין זכרים, האָט די ירושה געהערט צום פערשטאָר־בענעם'ס מענליכע קרובים, און ווען ער האָט אַזעלכע קרובים ניט געהאַט, איז די ירושה איבערגעגאַנגען צו די מיטגלידער פון דער גענס.

2) בעזיץ פון א קבורה־פּלאַץ. יעדע גענס האָט גע־האַט איהר אייגענעם קבורה־אָרט פיר די פערשטאָרבענע פון דער גענס. ווען איינער פון זיי איז געשטאָרבען ערגעץ אַנדערס, האָבען זיי זיך אַלע מיה געגעבען צו בעערדיגען איהם אויף דעם בעגרעבנים־אָרט פון זיין גענס.

3) געמיינזאַמע ימים טובים. די פייערטעג זיינען גע־ווען אַלגעמיינע פיר אַלע מיטגלידער פון גענס.

4) פערפליכטונג צו הייראַטען אויסערהאַלב פון דער גענס. הייראַט האָט געמוזט פּאָרקומען נאָר צווישען צוויי פערשיידענע גענטעס. דאָס ערקלעהרט אויך דאָס געזעץ פון ירושה ביי די אַלטע רוימער. אַ פאָטער האָט ניט געקענט אָפּזאָגען זיין פערמעגען צו אַ טאָכטער אָדער איהרע קינדער, ווייל אויף אזא ארט וואָלט דאָס איי־גענטום ניט געבליבען אין דער גענס פון דעם פאָטער.

5) שותפישער גרונד־בעזיץ. ביי די לאַטינער האָט די ערד געהערט טיילס צום שטאַם, טיילס צו דער גענס, טיילס אָבער אויך צו איינצעלנע פאַמיליעס. אויך אין די שפּעטערע צייטען בעזיצען די גענ־טעס נאָך שותפישע לאַנד.

6) געגענזייטיגע פערפליכטונג צו הילף. אלע גענטעס זיינען געווען פערפליכטעט צו העלפען איינע דער אנדערער אין פאל, ווען א פיינד איז בעפאלען איינע פון זיי. אלע זיינען געווען פערפליכטעט צו ביישטייערן אום אויסצוקויפען די קריגס־געפאנגענע מיטגלידער פון זייערע גענטעס. ווען איינער איז אנגעקלאגט געווארען, זיינען די מיטגלידער פון זיין גענס געווען אין טרויער.

7) דאס רעכט צו טראגען דעם נאמען פון גענס. יעדע גענס האט געטראגען אן אייגענעם נאמען. פרייגעלאזענע שקלאפען האבען געקריגען די ערלויבניס צו טראגען דעם גענס־נאמען פון זייער אייגענטימער, אבער דורך דעם האבען זיי נאך ניט בעקומען די רעכטען פון דער גענס.



טיטוס טאציוס.

8) דאס רעכט צו אדאפטירען פרעמדע אין דער גענס. מען האט געהאט דאס רעכט אין א גענס צו אדאפטירען (צואייגענען) א פערזאן פון אן אנדער גענס. דער אדאפטירטער האט דאן אנגענומען דעם נאמען פון זיין אדאפטיר־פאטער, ער האט אבער געמוזט בעהאלטען אויך דעם נאמען פון זיין פריהערדיגער גענס, מיט דער צוזעצונג פון דער ענדונג „אנוס”. אזוי צ. ב. האט פובליוס קארנעליוס סציפיא אראפטירט לוציוס אמיליוס פאוללוס׳ן, וועלכער האט דערנאך געהייסען פובליוס קארנעליוס סציפיא אמיליאנוס.

9) דאס רעכט צו וועהלען פארשטעהער. שוין אין דער ערסטער צייט פון דער שטאדט רוים זיינען אלע עמטער בעזעצט געווארען דורך וואהלען. עס איז געווען איינגעפיהרט צו ערוועהלען דעם פארשטעהער פון דער גענס אימער פון איינער און דער זעלביגער פאמיליע.

צעהן גענטעס האָבען צוזאַמענגעשטעלט אַ ק ו ר י אַ. יעדע קוריאַ האָט געפיהרט אַ בעזונדערען נאָמען, האָט בעזעסען אַ בעזונדערעס שטיק לאַנד און געהאַט אַן אייגענעם רעליגיאָנס־דינסט; זי איז געווען די גרונד־לאַגע פיר די וואַהל אין דער בירגער־פערזאַמלונג, וואו עס איז געשטימט געוואָרען לויט די קוריאַס. יעדע קוריאַ האָט געמוזט צושטעלען צו דער אַלגעמיינער אַרמעע אַ געוויסע צאָהל סאָלדאַטען. צעהן קוריאַס האָבען צוזאַמענגעשטעלט אַ ט ר י ב ו ס, אַ שטאַם. אַלע שטאַמען צוזאַמען האָבען ערוועהלט איין פאָרשטעהער, וועלכער איז געווען דער קאָמאַנדיר פון די חיל און צוגלייך דער אויבער־פריסטער.

די דריי שטאַמען: די סאַבינער, די לאַטינער, די רוימער — האָבען צוזאַמענגעשטעלט דאָס רוימישע פאָלק. צו דיזען פאָלק האָט נאָר געקענט גערעכענט ווערען דער יעניגער, וועלכער איז געווען אַ מיטגליד פון וועלכער עס איז געגס פון איינער פון די קוריאַס. די פאָרשטעהער פון די פערשיידענע גענטעס האָבען געבילדעט דעם סענאַט, און האָבען אַלס עלטעסטע פון די גענטעס געהייסען פאַטערס (פאָטערס). זיי האָבען געהאַט דאָס רעכט צו ענטשיידען די וויכטיגסטע זאַכען און צו בעראַטען זיך איבער געזעץ־פאָרשלאַגען. זעהר וויכטיגע פאָלקס־פראַגעס זיינען בעשלאָסען געוואָרען אין די פאָלקס־פערזאַמלונגען. יעדע קוריאַ האָט געהאַט איין שטימע, אַזוי דאָס אין גאַנצען זיינען נאָר געווען 30 שטימען, ווייל יעדער פון די דריי שטאַמען, וואָס האָבען צוזאַמענגעשטעלט דאָס רוימישע פאָלק, איז בעשטאַנען פון 10 קוריאַס. די פאָלקס־פערזאַמלונג פון די קוריאַס, אָדער ווי זיי האָבען זיך דאַמאָלס גערופען: ק אָ מ י ט י אַ ק ו ר י אַ ט אַ, האָבען געהאַט דאָס רעכט צו ערוועהלען דעם רעקס, ד. ה. דעם העכסטען בעאַמטען אין לאַנד. צו זיי האָט מען אַפּעלירט אין קרימינאַל־פּראָצעסען, ווען דער אָנגעקלאָגטער איז געווען אונצופרידען מיט דעם אורטייל פון די ריכטער, וואָס האָבען איהם גע׳משפּט, און זיי האָבען געהאַט דאָס רעכט צו בעשליסען איבער קריג און פרידען. דיזע פאָלקס־פערזאַמלונגען פלעגען בערופען ווערען פון דעם רעקס, וועלכער האָט ביי די רוימער געהאַט די זעלבע רעכטען, וואָס דער באַזילעאוס ביי די ספּאַרטאַנער. ער איז געווען דער אָנפיהרער פון מיליטער, דער אויבער־פריסטער און דער פאָרזיצענדער אין געוויסע געריכטען. אין ציוויל־זאַכען האָט ער זיך ניט געמישט. אין פאַל, ווען דאָס פאָלק איז געווען אונצופרידען מיט דעם רעקס, האָט עס געהאַט דאָס רעכט איהם אַראָפּצוזעצען פון זיין אמט.

## 3) די צייט פון די קעניגען.

אויב די אָנגעגעבענע ערסטע קעניגען פון רוים זיינען געוועזן ווירקליכע פּערזאָנען אָדער אויסגעטראַכטע, איז פיר אונז ניט וויכטיג. וויילֿ אין גרונד גענומען זיינען די וויכטיגע בעגעבענהייטען פון דער געשיכטע פון דער מענשהייט ניט די רעזולטאַטען פון דער טעטיגקייט פון איינצעלנע פּערזאָנען, נאָר זיי זיינען די רעזולטאַטען פון דעם גאַנצען פֿאָלקס=לעבען, וועלכעס האָט געפונען זיין אויסדרוק אין פערשיידענע געזעלשאַפטס=אָרדנונגען, זיטען, ערפינדונגען און ענטדעקונגען.

לויט טראַדיציאָן איז רוים געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 753 פ. קר. נאָך דעם, ווי איהר גרינדער ראָמולוס האָט בעפעסטיגט דעם סאַטורנינישען



נומאַ פּאָמפּיליוס.

בארג אָלס שוץ געגען פיינד, איז ער באַלד געשטאָרבען, ווי די זאַגע ערצעהלט, אויף אַ וואונדערבאַרען אופן. עס ווערט נעמליך ערצעהלט, דאָס איין מאָל, ווען ראָמולוס האָט געמוסטירט זיינע סאָלדאַטען, איז פּלוצלונג געוואָרען אַ שרעקליכער שטורם, עס איז געוואָרען זעהר פינסטער, און נאָך דעם, ווי דער שטורם איז אַריבער און עס איז געוואָרען ליכטיג, איז ראָמולוס פערשוואונדען געוואָרען. דאָס פֿאָלק האָט געגלויבט, דאָס זיין הימלישער פאָטער, דער גאָט פון מלחמה, מאַרס, האָט איהם צוגענומען צו זיך אין הימעל און האָט איהם פערוואַנדעלט אין אַ גאָט אונטער דעם נאָמען ק ו ו י ר ינ ו ס און האָט איהם איבערגעגעבען די פליכט צו בעשיצען די אינטערעסען

פון זיין פאָלק. איין גאַנצען יאָהר נאָך ראָמולוס'עס פערשווינדען איז זיין טראָן געבליבען לעער, דאָס פאָלק האָט קיין אַנדערען אויף זיין אָרט ניט געוואָלט ערוועהלען. נאָך דעם יאָהר האָט דאָס פאָלק אָנגעפאַנגען צו פאַר־דערן אַן אַנדער קעניג. די פראַגע, פון וועלכע שטאַממען דער נייער קעניג זאָל ערוועהלט ווערען, פון די לאַטינער אָדער פון די סאַבינער, האָט מען געלעזט פרידליך, נעמליך, דאָס די לאַטינער זאָלען זיין די וועהלער און דער קעניג זאָל זיין פון די סאַבינער. עס איז ערוועהלט געוואָרען נ ו מ אַ פּ אָ מ פּ י ל י ו ס, דער איידים פון טיטוס טאַציוס.

נומאַ פּאָמפּיליוס'עס ערסטע טאַט איז געוועזען צו שטעלען די רעליגיאָן פון די רוימער אויף אַ ברייטערען יסוד. ער האָט איינגעאָרדענט אין רוים קאָל־לעגיומס פון אויפזעהער איבער דעם רעליגיאָנס־דינסט. דעם רעליגיאָנס־דינסט זעלבסט זאָל האָבען געפיהרט די אייגענטליכע פּריסטער, אָבער די קאָל־לעגיומס האָבען אַכטונג געגעבען, דאָס אַלץ זאָל געשעהן און אָפּגעהיט ווערען נאָך די פאָרשריפטען און די אַלטע מנהגים. די העכסטע השגחה איבער דיזע זאַכען איז איבערגעגעבען געוואָרען צו אַ קאָללעגיום פון פיער העכסטע בעאַמטע פיר דיזען צוועק מיט איין פּ אָ נ ט י פ ע ק ס מ אַ ק ס י מ ו ס, אָדער כהן גדול, אַן דער שפּיץ. דיזעס קאָללעגיום האָט געהאַט דאָס רעכט צו שטראָפירען די יעניגע, וואָס האָבען ניט אָפּגעהיט די דינים און די מנהגים ביי דעם רעליגיאָנס־דינסט, און האָבען אויך געהאַט די קרימינאַל־יוסטיץ אין זיי־ערע הענט איבער די וועסטאַלינען, וואָס זיינען געפונען געוואָרען שולדיג אין ניט אָפּהיטען זייער נדר צו בלייבען אייביגע יונגפרויען. זיי האָבען אַכטונג געגעבען אויף דעם קאַלענדער, דאָס די ימים טובים זאָלען געפייערט ווערען אין דער ריכטיגער צייט, און זיינען אין אַלגעמיין געוועזען די העכסטע אויטאָרי־טעט אין אַלע רעליגיאָנס־פראַגען.

דאָס קאָללעגיום פון פיער מיט דעם פּאָנטיפעקס מאַקסימוס איז געוועזען בעשטימט פיר דעם רעליגיאָנס־דינסט פון אַלע געטער. די אַנדערע קאָללע־גיומס און פּריסטערשאַפטען זיינען געוועזען בעשטימט נאָר פיר דעם דינסט פון די בעזונדערע געטער און האָבען ניט געטאָרט פיהרען דעם דינסט פון אַן אַנדער גאָט. אַזוי האָט נומאַ פּאָמפּיליוס איינגעריכטעט דריי אָפּטיילונ־גען פון פּריסטער און קאָללעגיומס פיר די געטער יופּיטער, מאַרס און קווי־רינוס; עס איז אויך געוועזען אַן אָפּטיילונג פון פּריסטער און קאָללעגיומס, וועלכע האָבען נאָר געהאַט דאָס רעכט צו ענטשיידען די פראַגען וועגען פריינדליכע אָדער פיינדליכע בעציהונג פון רוים צו אַנדערע פעלקער. די מיטגלידער פון די קאָללעגיומס פלעגען אויסערוועהלט ווערען פון די העכ־

סטע פאמיליעס אין לאנד אויף דאס גאנצע לעבען. די קאללעגיומס זיינען געווען זעהר געעהרט פון פאלק און האבען זיך גערעכענט פיר היילינע. די קאללעגיומס, וואס האבען געהאט צו זאגען איבער פרידען און קריג מיט אנדערע פעלקער, האבען זיך גערופען מיט דעם נאמען פ ע ט י א ל ע ן. אין פאל פון אונטערהאנדלונגען מיט אן אנדער שטאאט פלעגען די פעטיאלען שיקען א געזאנדטשאפט פון 2 ביז 4 פעטיאלען מיט איין רעדנער. פאר דעם רעדנער איז געגאנגען איין מיטגליד פון די פעטיאלען און האט געטראגען הייליגע פלאנצונגען אלס סימבאל פון דעם היימאטליכען רוימישען באדען. דיזע געזאנדטשאפט האט איבערגעגעבען צו יענעם שטאאט די פאדערונגען פון רוים און האט געגעבען צייט פון 10 ביז 33 טעג צו געבען אן ענטפער. האט מען זיי קיין ענטפער ניט געגעבען צו דער בעשטימטער צייט, האבען זיי זיך געווענדעט צו די געטער און זיי געשטעלט אלס עדות פון זייער געליטענעם אונרעכט און האבען זיך צוריקגעקעהרט נאך רוים. אין פאל, ווען רוים האט בעשלאסען קריג צו פיהרען מיט דיזען פיינדליכען שטאאט, איז איין פעטיאל געגאנגען צום פיינדליכען גרענעץ, האט אריינגעווארפען א בלוטיגען שפיז און האט דערביי אויסגעשריען: „איך זאג קריג און וועל פיהרען קריג". שפעטער, אלס די גרענצען פון רוים זיינען געווארען פיעל ווייטער און ברייטער און דיזע פארמע פון קריג-ערקלערונג איז געווארען שווער דורכצופיהרען, פלעגט דער רוימישער קאמאנדיר אונטער געוויסע צערעמאניעס זעלבסט ערקלערען קריג אין פיינדליכען לאנד, אבער די אלטע צערעמאניע האט אויך אין רוים זעלבסט געמוזט געמאכט ווערען. צו דיזען צוועק האט מען אין רוים בעשטימט ביי דעם טעמפעל פון דער בעללאנא א שטיק לאנד פיר דאס געביט פון דעם פיינד. ביי דעם גרענעץ פון דיזען פיינדליכען שטיק לאנד האט מען אויפגעשטעלט א קריגס-זייל, און אין דיזען פאנטאסטישען פיינדליכען לאנד האט דער פעטיאל געווארפען זיין בלוטיגען שפיז.

צו נומא פאמפיליוס ווערט אויך צוגעשריבען די איינריכטונג פון די ו ע ס ט א ל י נ ע ן, ד. ה. פריסטערינס פון דער געטין ו ע ס ט א. דיזע פריסטערינס האבען געהאט גרויסע רעכטען, מען האט זיי זעהר שטארק פערעהרט, די גרעסטע שטאאטסמענער און די העכסטע בעאמטע האבען זיי איבער דעם פלאץ אפגעטראטען. ווען זיי האבען פיר א פערברעכער געבעטען ביי די ריכטער איז יענער בעפרייט געווארען פון דער שטראף, וואס איהם האט געקומט. ווען זיי האבען בעגעגענט איינעם, וואס מען פיהרט איהם צו טויט-שטראף, האבען זיי געהאט דאס רעכט איהם צו בעגנאדיגען. זיי האבען געטראגען ווייסע קליידער מיט א גרויסען טוך אויף'ן קאפ. זיי זיינען אויסגע-

קליבען געוואָרען דורך דעם פּאָנטיפעקס מאַקסימוס (כהן גדול) פון די פיינ-
סטע, העכסט געזיטעטע פאַמיליעס אין דעם אַלטער פון 6 ביז 12 יאָהר. די
וועסטאַלינען האָבען געמוזט פערבלייבען אין זייער דינסט 31 יאָהר. 10 יאָהר
האָבען זיי גדאַרפט לערנען דעם קולט (די עבודה), 10 יאָהר האָבען זיי בע-
דאַרפט בעזאָרגען דעם רעליגיאָנס־דינסט, און 10 יאָהר האָבען זיי געמוזט אונ-
טערריכטען די ניי־אָנגעקומענע וועסטאַלינען. זייער דינסט איז געווען זעהר
שטרענג. זיי האָבען געמוזט שטענדיג פערבלייבען אין הייליגטום און היטען
טאָג און נאַכט, דאָס דער הייליגער פייער אין דעם טעמפּעל זאָל ניט אויסגע-
לאָשען ווערען. זיי זיינען אויסער דעם געווען פערפליכטעט קיין מאָל ניט צו
הייראַטען, צו פערבלייבען ריין אויף דאָס גאַנצע לעבען. די וואָס האָבען בע-
גאַנגען אַ פערברעכען געגען דיזע געזעצען, זיינען האַרט בעשטראָפט געוואָרען.
זיי זיינען קערפּערליך בעשטראָפט געוואָרען, ווען זיי האָבען דערלאָזען אַז
דאָס הייליגע פייער זאָל אויסגעלאָשען ווערען. די, וואָס איז בעגאַנגען אַ
פערברעכען געגען איהר יונגפרוילּיכער ריינהייט, איז בעגראָבען געוואָרען
לעבעדיגערהייד אויף דעם „פעלד פון זינד".

נומא האָט נאָך איינגעפיהרט צוויי קלאַסען פּריסטער, נעמליך, די
אוגורען און די האַרוספּיצעס. די אוגורען זיינען געווען
פּריסטער, וועלכע האָבען בעדאַרפט קענען דערגעהען און וויסען דעם ווילען
פון גאָט נאָך דעם פליהען פון פויגלען. עס פערשטעהט זיך, דאָס דערביי זיי-
נען געווען בעשטימטע רעגלען און גרונד־זעצען. די שטעלע פון די אוגורען
איז געווען לעבענסלענגליך און קיינער האָט ניט געהאַט דאָס רעכט זיי
אַראָפּצוזעצען פון אַמט. די צאָהל פון די אוגורען איז אָנפאַנגס געווען נאָר
צוויי, זי איז אָבער נאָך דעם צוגעוואַקסען ביז 16. די האַרוספּיצעס זיינען
געווען פּריסטער, וועלכע האָבען בעדאַרפט קענען פאָרויסזאָגען די צוקונפט
דורך דאָס בעטראַכטען פון די אינגעווייד פון קרבנות. דיזע קלאַס פּריסטער,
וועלכע איז געווען אַ קאָללעגיום פון 60 פּערזאָן, איז אימער ערוועהלט גע-
וואָרען פון די עטרוסקער, ווייל די קונסט פון אינגעווייד־נביאות איז געווען
אַן עטרוסקישע. די האַרוספּיצעס האָבען אויך געוואוסט ווי די געטער צו
איבערבעטען, ווען זיי זיינען בייז געוואָרען און האָבען עס געגעבען צו ווי-
סען דורך זייערע דונערן און בליצען. די פליכט פון די האַרוספּיצעס איז אויך
געווען צו בעגראָבען די זאַכען, וואָס זיינען פון אַ בליץ געטראָפען געוואָרען,
ווייל אַזעלכע זאַכען האָבען זיך גערעכענט פיר הייליג, און נאָר פּריסטער
האָבען זיי געקענט בעגראָבען.

אויסער זיינע איינאָרדנונגען אין רעליגיאָן האָט נומא אויך פיעל געטאָן צו אָרדנען דאָס אינערע לעבען פון פאָלק. ער האָט פערבעסערט דעם רוי-מישען קאַלענדער, ער האָט פיעל געהאָלפען צום פאָרשריט פון אַקערבוי, ער האָט פערטיילט די געביטען, וועלכע ראָמולוס האָט בעזיגט א. אז. וו. ער איז עס געוועזען, וואָס האָט איינגעפיהרט, דאָס די טירען פון טעמפעל פון דעם גאָט יאַנוס זאָלען זיין אָפען אין קריג און געשלאָסען אין פרידען. די גע-בען־שטעט.:ענדע צייכנונג שטעלט פאָר א רוימישע מטבע מיט יאַנוס׳ דאָפעל-טען קאָפּ אויף איין זייט און פאָרדער־טייל פון א שיף אויף דער צווייטער.

דער נאָכפאָלגער פון נומא פאָמפיליוס איז געווען טוללוס האָס-טיליוס. אין זיין צייט האָט רוים געהאַט א קריג מיט זיין מוטער־שטאָדט אַלבאַלאָנגא. דער פיהרער פון די איינוואוינער פון דיזער שטאָדט, קלו-איליוס, איז געפאַלען אין דיזען קריג, און זיין נאָכפאָלגער מעטיוס סופּפעטיוס איז באַלד געווען געצוואונגען צו שליסען פרידען מיט רוים. די צוויי שטעדט האָבען געשלאָסען אַן אָפּ-מאַך, לויט וועלכע ביידע זייטען האָבען בעדאַרפט יעדע אויסקלייבען צו 3 פּערזאָן, וואָס זאָלען ענט-שיידען די אונטערוואַרפונג דורך א צוויי־קאַמף. צופעליגערווייז האָט יעדער צד אויסגעקליבען צו דריי ברידער, וועלכע זיינען געווען נאָהענטע קרובים איינע מיט די אַנדערע. נעמליך, די 3 אַלבאַנער, די ברידער קוראַטיער, זיינען געווען די קרובים פון זייערע געגנער די האָ-ראַטיער.



יאַנוס.

אין דיזען קאַמף צווישען די קוראַטיער און האָראַטיער זיינען באַלד געפאַלען טויט צוויי ברידער פון די האָראַטיער. די אַלבאַנער זיינען געווען ענטציקט פון פרייד און האָבען גערעכענט באַלד צו זיין די זיגער. אָבער זייער פרייד איז גע-ווען צו פריה. די דריי קוראַטיער זיינען שוין אַלע געווען פערוואונדעט און אָפּגעשוואַכט פון קאַמף און דער דריטער קוראַטיער איז נאָך געווען פריש און מונטער און גאָר ניט בעשעדיגט. דערצו איז ער נאָך געווען קלוג און איז מיט די קוראַטיער געווען זעהר פאָרזיכטיג. הגם זיי זיי-נען געווען פערוואונדעט, זיינען זיי אָבער געווען דריי און ער נאָר איינער. דעריבער האָט ער זיך געמאַכט, אז ער ענטלויפט פון זיי, אום זיי זאָלען איהם

נאָכיאָגען; ווייל זיי זיינען אָבער געווען פערוואונדעט און שוואַך וועלען זיי ניט קענען אַלע גלייך לויפען און אָניאָגען איהם, זיי וועלען מוזען זיין צו-שיידט און ווייט איינער פון דעם אַנדערען, און דאַן וועט עס איהם זיכער געלינגען זיי איינציגווייז צו שלאָגען. דער פּלאַן איז געלונגען און דער לעצטער האָראַטיער האָט ערשלאָגען אַלע דריי פערוואונדעטע קוראַטיער, און אַלאַבאַלאָנגאַ האָט זיך געמוזט אונטערגעבען צו רוים.

מיט טריאומף איז דער האָראַטיער אריין אין רוים. דאָ אָבער האָט איהם זיין שוועסטער בעגעגענט מיט זידלעריי און קללות, ווייל ער האָט גע'-הרג'עט איהר חתן, וועלכער איז געווען איינער פון די דריי ברידער די קו-ראַטיער. דער האָראַטיער איז אַרוים פון געדולד און האָט ערמאָרדעט זיין שוועסטער. ער איז באַלד געשטעלט געוואָרען צום געריכט און איז פער-אורטיילט געוואָרען צום טויט. נאָר די פאָלקס-פערזאַמלונג האָט געפאָדערט זיין בעפרייאונג, און ער איז גערעטעט געוואָרען פון טויט פיר דעם זיג, וואָס ער האָט פערשאַפט צו רוים. מען האָט איהם געגעבען אַ קליינע שטראָף, נעמליך, ער זאָל אונטערגעהן אונטער אַ יאָך, אַ שאַנדע, וואָס די רוי-מער פלעגען אָנטאָן קריגס-געפאַנגענע.

די אַלבאַנער האָבען אָבער אין דער שטיל געזוכט מיטלען זיך צו בע-פרייען פון דעם רוימישען יאָך און האָבען געזוכט זיך צו פערבינדען מיט אַנדערע געגען די רוימער. דיזע האָבען די אַלבאַנער בעשטראָפט פיר זייער אונטרייהייט, האָבען אין גאַנצען צושטערט זייער שטאָדט, און די איינוואוי-נער האָבען זיי איבערטראַנספּאָרטירט אין רוים און האָבען בעשטימט פיר זייער וואוין-אָרט דעם צאָלישען באַרג. דערמיט איז די צאָהל איינוואוי-נער אין רוים פערדאָפּעלט געוואָרען.

אונטער א נ ק ו ס מ א ר צ י ו ס, דעם נאָכפאָלגער פון טוללוס האָסטיליוס, איז די צאָהל פון די רוימישע איינוואוינער נאָך פיעל מעהר פערגרעסערט געוואָרען. אַנקוס האָט אָנגעפיהרט אַ שטרייט מיט די לאַטינער, האָט בעזיגט אייניגע פון זייערע שטעדט און האָט די איינוואוינער פון די בעזיגטע שטעדט איבערגעזעצט אין רוים. פיר דיזע נייע איינוואוינער פון די לאַטינער האָבען די רוימער בעשטימט דעם אַווענטינישען באַרג. דאָס זעלבע האָט אַנקוס געטאָן מיט אַנדערע שטעדט. מאַרציוס האָט אָפּגענומען די מינדונג פון דעם טייך טיבער און האָט דאָרט געגרינדעט די האַפען-שטאָדט פון רוים, אָ ס ט י אַ.

נאָך דעם טויט פון אַנקוס מאַרציוס איז ערוועהלט געוואָרען אַלס קאָ-מאַנדיר ט א ר ק ווי נ י ו ס פּ ר י ס ק ו ס, אַן עטרוסקער. דיזער האָט

בערייכערט רוים מיט פיעלע וויכטיגע געביידעס, וואַסער־געוועלבען, אַ שטאַר־קער שטאָדט־מויער, אַ גרויסאַרטיגען טעמפעל און פיעלע אַנדערע. דעם טאָל, וואָס איז געוועזען צווישען דעם פּאַלאַטינישען און קווירינאַלישען בארג, האָט ער איינגעריכטעט פיר אַ מאַרק און פערזאַמלונגס־אָרט פיר די בירגער, און דערמיט איז ער געוואָרען דער גרינדער פון דעם בעריהמטען רוימישען פאָרום. ער האָט געגרינדעט דעם צ י ר ק ו ס מ אַ ק ס י מ ו ס, אַ געביידע פיר עפענטליכע וועט־קאַמפען, ווי אויך פיעלע אַנדערע געביידעס פיר עפענטליכע שפּילען. ער האָט פערגרעסערט די צאָהל פון די גענטעס, וועלכע זיינען מעהרסטענס געוועזען פון די עטרוסקער, און האָט זיי געגעבען גלייכע רעכטען מיט די פריהערדיגע גענטעס, און דערמיט האָט ער פערגרעסערט די צאָהל פון סענאַטאָרען פון 200 אויף 300, מיט דעם אונטערשייד, דאָס די 200 סענאַטאָרען, וואָס זיינען ערוועהלט געוואָרען פון די עלטערע גענטעס, האָ־




אַנקוס מאַרציוס.

בען זיך גערופען די פאָטערס פון די גרעסערע שבטים, און די נייע הונדערט סענאַטאָרען האָבען זיך גערופען די פאָטערס פון די קלענערע שבטים.

אין יענער צייט איז נאָך רוים קיין שטאַאַט ניט געוועזען, נאָר אַ גע־זעלשאַפט, וואָס האָט זיך געפיהרט נאָך דער אור־פאָרמע פון אַ שטאַם־סיס־טעם. די שבטים האָבען געוואוינט אין די גרענצען פון דער שטאָדט, אָבער יעדער שבט האָט געהאַט זיין בעשטימטען טייל, וואו ער איז געזעסען און האָט זיך ניט געמישט מיט אַנדערע שבטים. אָבער מיט דער צייט איז עס איבערגעגאַנגען אין אַ שטאָדט־געמיינדע, ווייל דאָס שטאַם־סיסטעם איז גוט נאָר פיר דערפער און פעלדער, אָבער ניט פיר אַ שטאָדט מיט מויערן אַלס גרענעץ ארום. דיזע ענדערונג פון אַ שטאַם־סיסטעם צו אַ שטאָדט־געמיינדע האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דאָס גאַנצע לעבען און טאָן פון די רוימער און האָט געמאַכט גרויסע ענדערונגען.

די וויכטיגסטע אורזאך צו דיזע ענדערונגען איז געוועזן דער קלאסען־אונטערשייד צווישען פאטריציער און פלעבעיער. די בעפעלקערונג פון רוים האט זיך בעדייטענד פערגרעסערט, ווי מיר האבען עס פריהער געזעהן, דורך די איינגעהמונג פון אנדערע שטעדט און דורך דאס איבערטראנספארטירען פון יענע איינוואוינער נאך רוים. די אלע נייע איינוואוינער זיינען אבער ניט אנערקענט געווארען אלס א טייל פון רוימישען פאלק. זיי זיינען געווען פרייע לייט, האבען געהאט דאס רעכט גרונד־אייגענטום צו ערווערבען, זיי האבען געמוזט שטייער צאהלען און קריגס־דינסט ערפילען, זיי האבען אבער קיין רעכט ניט געהאט א וועלכעס עס איז אמט צו בעקליידען. זיי האבען קיין רעכט ניט געהאט אין די פערזאמלונגען פון די קוריאס אנטייל צו נעהמען. מען האט זיי קיין טייל ניט געגעבען פון די זיגען אין קריג, הגם זיי האבען א גלייכען אנטייל גענומען מיט די רוימער אין שטרייט. זיי זיינען געווען די פלעבעיער, וואס זיינען געווען אויסגעשלאסען פון אלע עפענטליכע רעכטען. די צאהל אבער פון דיזער קלאס איז אימער מעהר און מעהר צוגעוואקסען, די מיליטערישע מאכט זייערע איז געווארען שטארקער און שטארקער, אזוי דאס מיט דער צייט זיינען זיי געווארען א מאכט, וועלכע איז געווארען פיינדליך צום עכט רוימישען פאפולוס (פאלק), וואס האט קיין פרעמדען ניט צוגעלאזען צו זיך און האט געבילדעט די אלטע אריסטאקראטיע. די פלעבעיער אבער זיינען געווען אין מאטעריעלער הינזיכט פיעל פערמעגליכער פון דער אפגעשלאסענער אריסטאקראטיע, ווייל אין זייערע הענט האט זיך געפונען דער האנדעל און אינדוסטריע, און דאס ערד־אייגענטום איז געווען גלייך צוטיילט צווישען אלע איינוואוינער.

מיר בעזיצען יעצט ניט קיין ריכטיגע געשיכטליכע פאקטען, וועלכע זאלען אונז ערקלערען די אורזאכען פון דער רעוואלוציאן, וואס האט אויסגעבראכען אין רוים פון די פלעבעיער געגען דעם פאפולוס, די רעוואלוציאן, וועלכע האט געמאכט אן ענדע צו דעם אלטען גענס־סיסטעם.

דעם קעניג סערוויוס טולליוס ווערט צוגעשריבען, דאס ער האט געמאכט א נייע פערפאסונג, עהנליך צו דער גריכישער פערפאסונג פון סאלאן. נאך דיזער פערפאסונג ווערט אפגעשאפט דער אונטערשייד צווישען פאפולוס און פלעבעיער. דאס פאלק ווערט צוטיילט אין קלאסען נאך זייער פערמעגען און נאך זייער אנטייל אין מיליטער־דינסט. צו דער ערסטער קלאס האבען געהערט פערזאנען, וועלכע האבען פערמאגט ניט ווייניגער פון 100,000 אס (אונגעפעהר 3,500 דאללאר); צו דער צווייטער — די, וואס האבען געהאט אייגענטום ניט ווייניגער פון 75,000 אס (אונגעפעהר 2,625 דאללאר);

צו דער דריטער — די, וואָס האָבען פערמאָגט ניט וועניגער פון 50,000 אַס (אונגעפעהר 1,750 דאָללאַר). צו דער 4טער — 25,000 אַס (900 דאָללאַר), צו דער פינפטער — די, וואָס האָבען פערמאָגט ניט וועניגער פון 11,000 אַס (392 דאָללאַר). די זעקסטע קלאַס זיינען געווען די פּראָלעטאַריער, וואָס האָבען גאָר קיין אייגענטום ניט געהאַט אָדער זעהר אַ קליין פערמעגען. דיזע לעצטע קלאַס איז געווען פריי פון אַלע שטייערן, אויך פון מיליטער־דינסט, און האָט דערפאַר קיין אַנטייל ניט געהאַט אין דער פאָלקס־פערזאַמלונג. די מיליטער־מאַכט איז געווען איינגעטיילט אין צענטוריעס, און יעדע צענטוריע האָט געהאַט איין שטימע אין דער פאָלקס־פערזאַמלונג. די ערסטע קלאַס האָט צוגעשטעלט 80 צענטוריעס מיליטער; די 2טע — 22 צענטוריעס, די 3טע — 20, די 4טע — 22, די 5טע — 30, די זעקסטע פון יוצא וועגען 1 שטימע. די רייטער, וועלכע זיינען געווען פון דער רייכסטער קלאַס, האָבען געהאַט 18 צענטוריעס מיליטער מיט 18 שטימען אין דער פאָלקס־פערזאַמלונג. צוזאַמען זיינען געווען 193 צענטוריעס מיט 193 שטימען אין דער פאָלקס־פערזאַמלונג. די מאַיאָריטעט איז געווען 97 שטימען. די ערסטע רייכע קלאַס האָט אַליין געהאַט 98 שטימען (80 און 18 פון די רייטער־צענטוריעס). דערפון זעהט מען, דאָס די גאַנצע מאַכט אין דער פאָלקס־פערזאַמלונג נאָך דיזער פערפאַסונג איז געווען אין די הענט פון דער ערסטער רייכסטער קלאַס.

די גאַנצע מאַכט פון רעגירונג איז געווען אין די הענט פון דער פאָלקס־פערזאַמלונג. יעדעס נייע געזעץ, וואָס דער סענאַט האָט פאָרגעשלאָגען, האָט געמוזט האָבען די הסכמה פון דער פאָלקס־פערזאַמלונג. גרויסע פערברעכער האָבען ניט געקענט פעראורטיילט ווערען אויסער מיט דער צושטימונג פון דער פאָלקס־פערזאַמלונג, אויך אַלע אַפּעלאַציאָנען און ביטעס האָבען געמוזט צו דיזער פערזאַמלונג אָנקומען. דער פערזאַמלונגס־פּלאַץ איז געווען דאָס מאַרס־פעלד, זעלטען פלעגט זיך טרעפען, אַז דאָס פאָלק זאָל זיך פערזאַמלען אין אַן אַנדערען אָרט. דער טאָג פון פאָלקס־פערזאַמלונג האָט געמוזט מיט 30 טעג פריהער אָנגעזאָגט ווערען. די נאַכט פריהער פאַר דער פערזאַמלונג האָט אַ בעאַמטער פון דער רעגירונג אונטער דער פיהרונג פון אַן אוגור בעטראַכט דאָס פליהען פון די פויגלען, אום דערפון צו שליסען, אויב די פערזאַמלונג זאָל שטאַטפינדען אָדער ניט. אויב די צייכענס פון פליהען זיינען געווען ניט גינסטיג, האָט מען די פערזאַמלונג אָפּגעלעגט. אויסער דעם האָט אַן אַנדער נאַטור־ערשיינונג, ווי. צ. ב. אַ בליץ, געקענט זיין אַן אורזאַך צו אָפּלעגען די פערזאַמלונג אויף אַן אַנדער טאָג.

מיט דער פערפאַסונג פון סערוויוס טולליוס איז דאָס אַלטע גענטיל־סיס־טעם אין גאַנצען אָפּגעשאַפט געוואָרען, און עס האָט אַריינגעטראָטען אין קראַפט א שטאַאטס־אָרדנונג, וועלכע איז ניט מעהר געווען געגרינדעט אויף בלוט־פערוואַנדטשאַפט, נאָר אויף דעם פּרינציפּ פון אייגענטום. אום צו ווע־רען א בירגער פון דער שטאָדט רוים איז ניט מעהר נעטיג געווען צו געהערען צו א געוויסער גענס פון די גענטעס, וועלכע האָבען צוזאַמענגעשטעלט די בעפעלקערונג פון רוים, נאָר עס איז נעטיג געווען צו געהערען צו איינער פון די פערמעגליכע קלאַסען. אונטער דיזער פערפאַסונג איז רוים געוואָרען די הערשערין פון דער וועלט. דורך דיזע פערפאַסונג איז אייגענטום געוואָרען דאָס וויכטיגסטע און בעדייטענדסטע אין פאָלקס־לעבען. מיט איהר האָט דאָס פאָלק פערלאָרען אַלע רעכטען און די רעגירונג איז איבערגעגעבען געוואָ־רען אויסשליסליך אין די הענט פון די רייכע. דיזע פערפאַסונג איז די הויפּט־אורזאַך, וואָס די גאַנצע צייט פון דער רוימישער רעפּובליק האָבען די פּלעבעיער אימער רעוואָלטירט און אונרוהען געמאַכט, ווייל זיי האָבען גע־וואָלט איינפיהרען די גרויסע דעמאָקראַטישע אידעען. די פּאַטריציער און די רייכע קלאַס זיינען אָבער געווען צו מעכטיג, און די פּלעבעיער האָבען זעהר זעלטען עטוואָס דורכגעפיהרט. דיזע פערפאַסונג איז געווען א נאָכאַהמונג פון דער גריכישער פערפאַסונג פון סאָלאָן און איז איינגעפיהרט געוואָרען אין רוים אונגעפעהר אום 576—533 פ. קר.

די גרעסטע וויכטיגקייט פון סערוויוס טולליוס׳ טעטיגקייט פיר רוים איז געווען די פערפאַסונג און די נייע רעגירונגס־אָרדנונג, וואָס ער האָט איינגעפיהרט. פון זיינע איבריגע טאַטען איז נאָר צו דערמאָהנען, דאָס ער איז אַרויס אין שטרייט מיט די עטרוסקער און האָט זיי בעזיגט, און דאָס מיט די לאַטינער האָט ער געשלאָסען א בונד און זיי האָבען צוזאַמען געגרינ־דעט אַן אַלגעמיינעם טעמפּעל אויף דעם אווענטינוס (בארג). דיזער לעצטער שריט האָט געפיהרט צו דער אויבערהערשאַפט פון רוים איבער דעם לאַטיני־שען בונד.

די לעצטע יאָהרען פון סערוויוס טולליוס׳ לעבען איז געווען פערביטערט דורך א פאַמיליען־טראַגעדיע. ער האָט זיינעביידע טעכטער פערהייראַט מיט זיינע צוויי שוואָגערס לוציוס און אַרנוס, די זיהן פון טאַרקוויניוס פּריסקוס׳ן. פון די צוויי טעכטער איז די עלטערע געווען א מילדע און א גוטע און די אינגערע איז געווען שלעכט און פערדאָרבען. דער זעלביגער אונטערשייד איז געווען צווישען די צוויי מענער זייערע. לוציוס איז געווען הערשזיכטיג און שלעכט און אַרנוס איז געווען גוט און מילד. ליידער איז

די גוטע מילדע טאָכטער אריינגעפאַלען צום שלעכטען פערדאָרבענעם לוציוס, און די שלעכטע טולליא איז אָנגעקומען צום מילדען ארנוס. די פּאָרען האָבען ניט געשטימט, די צוויי שלעכטע האָבען זיך פעראייניגט, האָבען ערמאָרדעט די צוויי מילדע, און האָבען געהייראַט. נאָך דיזער שרעקליכער טאַט האָבען זיי בעשלאָסען דעם אַלטען סערוויוס טולליוס פון טראָן צו פערשטויסען. לוציוס האָט זיך איינמאָל בענוצט מיט דער אָפּוועזענהייט פון קעניג, און מיט דער הילף פון זיינע פריינד און דורך אונטערקויפען מיט געלט איז עס איהם געלונגען אויף דעם פאָרום אויפצושטעלען אַ טראָן און האָט זיך ערקלערט אַלס קעניג. אין דער צייט איז אָבער סערוויוס טולליוס אָנגעקומען און האָט געוואָלט זיין מערדערישען איידים פון טראָן אַראָפּשלעפּען. דיזער אָבער האָט איהם פון די טרעפּ אַראָפּגעשליידערט און ער איז שטאַרק פערוואונדעט געוואָרען. ער האָט זיך געוואָלט ווי עס איז אַהיים דערשלעפּען, אָבער אויף'ן וועג האָבען איהם מערדער, וואָס לוציוס האָט אונטערגעשיקט, ערמאָרדעט, און זיין קערפּער איז געבליבען ליגען אין מיטען גאַס. צופעליגערוויז איז די מערדערישע טאָכטער, די יונגע טולליא, לוציוס' ווייב, געפאָהרען צום פאָרום בעגריסען איהר מאַן מיט דעם בעזיגטען טראָן. אַלס דער וואָגען איז אָנגעקומען נאָהענט צום קערפּער פון אַלטען ערמאָרדעטען קעניג סערוויוס טולליוס, וואָס האָט זיך נאָך געוואַלגערט אין זיין בלוט, האָט דער קוטשער געוואָלט אויסמיידען דעם קערפּער און מאַכען אַן אויסוועג, אָבער די מערדערישע טאָכטער האָט געהייסען פאָהרען גלייך איבער דעם טויטען קערפּער פון איהר אַלטען פאָטער דעם קעניג.

לוציוס טאַרקוויניוס, וועלכער האָט ערהאַלטען דעם צונאָמען ס ו - פּ ע ר ב ו ס, ד. ה. דער שטאָלצער, איז געוועזען אַ טיראַנישער זעלבסט־הערשער. ער האָט זיך פערשאַפט אַ לייב־וואַך, וועלכע האָט איהם אימער געהיט פון אַן אָנפאַל. דעם סענאַט האָט ער קיינמאָל ניט געפרעגט וועגען דעם, וואָס ער האָט געטאָן. דאָס אָרימע נידריגע פאָלק האָט ער געצוואונגען צו בויען רעגירונגס־געביידעס, אונטער וועלכע זיי האָבען אויך אויסגעבויט דעם יופּיטער־טעמפּעל אויף דעם קאַפּיטאָלינוס (באַרג). די איבריגע בירגער האָט ער געדריקט מיט שווערע שטייערן און פערשיידענע אָפּגאַבען. ער האָט אָבער אויך פערשטאַנען די רוימישע אַרמעע צו פערשטאַרקען און איהר אַ גרויסען גלאַנץ צו פערשאַפען. ער האָט אונטערוואָרפען די לאַטינער און האָט זיי געצוואונגען צו אָנערקענען די רוימישע אויבערהערשאַפט. זעהר שווער איז איהם אָנגעקומען די בעזיגונג פון גאַביאַי. דיזע שטאָדט האָט זיך אַזוי מוטיג פערטיידיגט, דאָס טאַרקוויניוס האָט 7 יאָהר געשטריטען מיט איהר. ענדליך

איז איהם געלונגען איינצונעהמען די שטאָדט דורך ליסט (כיטראָסט). דער זוהן פון טאַרקוויניוס האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר די גאַביער, דאָס ער איז צוקריגט מיט זיין פאָטער, דעם קעניג, ווייל יענער האָט איהם שטאַרק בעליידיגט, און אום פון איהם ראַכע צו נעהמען, וויל ער זיך מיט זיי, די גאַביער, פער-אייניגען, זיי זאָלען צוזאַמען ארבייטען געגען זיין פאָטער. מיט זיין פאַלשער האַנדלונג האָט ער זיך ערוואָרבען דעם פולען צוטרויען פון די גאַביער און זיי האָבען איהם ערוועהלט אַלס אויבער-קאָמאַנדיר. ער האָט זיך אָבער ארומגעזעהן, דאָס הגם ער איז אַן אויבער-קאָמאַנדיר וועט ער גאָר ניט קענען טאָן די שטאָדט צו איבערגעבען אין די הענט פון זיין פאָטער, ווייל די סאָלדאַטען פון גאַביאי וועלען איהם ניט פאָלגען צו טאָן אַזאַ זאַך. ער האָט געשיקט אין געהיים אַ שליח צו זיין פאָטער טאַרקוויניוס דעם שטאָל-צען אום ראַט צו פרעגען, וואָס צו טאָן? דיזער האָט דעם שליח אריינגע-פיהרט אין זיין גאָרטען, האָט צו איהם קיין וואָרט ניט גערעדט, נאָר האָט גענומען אַ מעסער און האָט אָפּגעשניטען אַלע קעפּ פון די מאָהן, וואָס האָט דאָרט געוואַקסען. דער שליח איז געקומען צוריק און האָט איהם קיין ענט-פער ניט געבראַכט, נאָר ער האָט איהם ערצעהלט, וואָס זיין פאָטער האָט גע-טאָן אין גאָרטען, ווען ער האָט איהם איבערגעגעבען דעם בריף. דער זוהן האָט אָבער באַלד פערשטאַנען זיין פאָטער'ס געדאַנק. ער האָט זיך גענומען אָפּראַמען פון וועג די גרויסע לייט, די קעפּ, פון גאַביאי מיט אַלערליי מיט-לען: אייניגע האָט ער בעשולדיגט אין פערראַט און האָט זיי ערמאָרדעט, אַנדערע האָט ער פון שטאָדט ארויסגעשיקט. ער האָט געשאָטען מיט געלט די פריינדשאַפט פון אָרימען פאָלק צו געווינען, אום ער זאָל ווערען אַליין-הער-שער. אין אַזאַ צושטאַנד איז איהם ניט שווער געווען די שטאָדט איבערצו-געבען אין די הענט פון זיין פאָטער. פיעלע צווייפלען אין דער וואַהרהייט פון דיזער געשיכטע און רעכנען זי פיר איין אויסגעטראַכטע מעשה.

איבערהויפּט איז אַלץ, וואָס מען שרייבט צו צו טאַרקוויניוס דעם שטאָל-צען, זעהר איבערטריבען און פאַבעלהאַפט. אַזוי צ. ב. איז אונמעגליך צו גלוי-בען, דאָס ער האָט געהאַט אַן אַרמעע פון 70,000 קריגער. די גרויסקייט פון די בנינים, וואָס ער האָט אויסגעבויט, איז אויך פיעל איבערטריבען. אָבער ניט אַכטענדיג אויף דעם גרויסען גלאַנץ פון זיין רעגירונג זיינען די פּאַטרי-ציער געווען אונצופרידען פון זיינע דעספּאָטישע האַנדלונגען און זיי האָבען געמאַכט אַן אויפשטאַנד. נעמליך, אַלס טאַרקוויניוס דער שטאָלצער האָט געהאַט בעלאַגערט די שטאָדט אַ ר ד ע אַ, די הויפּט-שטאָדט פון די רוטולער, האָט זיין זוהן סעקסטוס געשענדעט די עדעלע ל ו ק ר ע צ י אַ, די פרוי

פון א רוימישען ארעלמאן. לוקרעציא האט ניט געקענט איבערטראגען די שאנדע און האט זיך גענומען דאס לעבען נאך דעם, ווי זי האט זיך זעהר צערטליך צוזעגענט מיט איהר פאטער און מיט איהר מאן. די פריינד און בעקאנטע פון לוקרעציא'ן זיינען געווען אויפגעבראכט אויף די גאנצע טיראנישע פאמיליע און האבען געשווארען ראכע צו נעהמען פון די הולטייעס. איין פריינד מיט'ן נאמען יוניוס ברוטוס, וועלכער האט זיך געמאכט משוגע, אום ניט ארויפצוציהען אויף זיך א חשד פון טארקוויניוס'ן, האט פערזאמעלט



לוקרעציא'ס טויט.

פילע רוימער אין קאללאציא, האט זיי געצייגט לוקרעציא'ס טויטען קערפער און האט אין זיי דורך דעם אויפגעוועקט אזא גרויסען צארן, דאס זיי האבען זיך אלע באלד בעוואפענט און געגאנגען מיט איהם נאך רוים. דא איז באלד צוזאמענגעקומען א פאלקס-פערזאמלונג, אין וועלכער עס איז בעשלאסען געווארען די גאנצע פאמיליע פון דעם טיראן צוזאמען מיט'ן טיראן זעלבסט פון רוים ארויסצוטרייבען. אלס טארקוויניוס האט ערהערט וואס

אין רוים איז פֿאָרגעקומען, איז ער באַלד פֿון דער בעלאַגערונג פֿון אַרדעא נאָך רוים געלאָפֿען, אָבער מען האָט איהם ניט אַריינגעלאָזען. אויף די אַר־מעע האָט זיך פֿון איהם ענטזאַגט, און ער איז געצוואונגען געוועזען זיך צו בעזעצען אין אַ שטאָדט פֿון די עטרוסקער.

נאָך דעם, ווי רוים האָט זיך בעפֿרייט פֿון דעם טיראַנישען דעספּאָט (509 פֿ. קר.), האָט זי שוין מעהר קיין קעניג ניט געוואָלט האָבען. צוויי קאָנסולען, וועלכע זיינען ערוועהלט געוואָרען אויף איין יאָהר, זיינען גע־שטעלט געוואָרען אָן דער שפּיץ פֿון פֿאָלק. די מאַכט זייערע איז געוועזען די זעלבע, וועלכע די פֿריהערדיגע קעניגען האָבען געהאַט, ד. ה. זיי זיינען אויך געוועזען די קאָמאַנדירען פֿון די חיל.

דיזער נייער צושטאַנד האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטען. דער טיראַן טאַרקוויניוס האָט אין עטרוריען צוזאַמענגעשטעלט אַן אַרמעע אונטער דער פֿיהרערשאַפֿט פֿון זיין זוהן אַרנוס. עס׳ איז פֿאָרגעקומען אַ שלאַכט צווי־שען די עטרוסקער און די רוימער, אין וועלכער ביידע קאָמאַנדירען זיינען טויט געפֿאַלען און קיינער האָט ניט געזיגט. טאַרקוויניוס האָט אַלץ דעם מוט ניט פֿערלאָרען און האָט זיך געווענדעט צום עטרוסקישען קריגס־פֿיהרער פּ אָ ר ז ע נ אַ און האָט ביי איהם גע׳פּועל׳ט ער זאָל איהם געבען הילף. די עטרוסקער האָבען שוין לאַנג מיט קנאה געקוקט אויף דעם אונגעהייערען פֿאָרשריט פֿון רוים, און האָבען געזוכט אַ צופֿאַל איהר מאַכט צו פֿערקלענע־רען. יעצט האָט זיך זיי געמאַכט אַ געלעגענהייט רוים צו ערנידריגען. פּאָר־זענאַ האָט זיך בעגעבען מיט זיין אַרמעע נאָך רוים. ער האָט קיין שטערונג אויף זיין וועג ניט בעגעגענט ביז ער איז געקומען צו דעם טייך טיבער, וועל־כער איז געוועזען דער איינציגער צווישענשייד צווישען זיין אַרמעע און רוים. די עטרוסקער האָבען זיך אָפּגעשטעלט ביי דער בריק, וועלכע האָט זיי בע־דאַרפֿט איבערפֿיהרען אין שטאָדט. ביים אָנבליק פֿון דער עטרוסקישער אַר־מעע האָט די בריק־וואַך אָנגעפֿאַנגען צו ענטלויפֿען. אָבער איין מוטיגער מאַן ה אָ ר אַ צ י ו ס ק אָ ק ל ע ס, האָט זיי געצוואונגען צו בלייבען אויף זייער פּאָסטען. דיזער העלד האָט מיט דער הילף פֿון איינינע אַנדערע ניט דערלאָזען דעם פֿיינד אַרויפֿקומען אויף די בריק ביז די רוימער האָבען די גאַנצע בריק צושטערט. האָראַציוס האָט מיט אַלע זיינע קרעפֿטען געהינ־דערט דעם פֿיינד ביז דעם לעצטען אויגענבליק, נאָכדעם איז ער צוזאַמען מיט זיינע וואָפֿען אין טיבער אַריינגעשפּרונגען און איז גליקליך צום ברעג צו־געשוואומען, און דער האָגעל פֿון פֿיילען, וואָס דער פֿיינד האָט אויף איהם געשאָסען, האָט איהם ניט געשאַדט. די רוימער האָבען איהם אויפֿגענומען

מיט גרויס ענטהוזיאזם אַלס דעם רעטער פון פאַטערלאַנד, און מען האָט איהם דערפאַר געשענקט אַ שטיק אַקער־לאַנד, אַזוי גרויס, פיעל ער האָט גע־קענט אין איין טאָג בעארבייטען.

דורך דעם העלדישען מוט פון האָראַציוס קאָקלעס איז די געפאַהר פון רוים נאָר אויף אַ ווײַלע אָפּגעלעגט געוואָרען, ווייל פּאָרזענאַ האָט באַלד די שטאָדט בעלאַגערט אום די בירגער פון רוים דורך הונגער צו צווינגען זיך אונ־טערצוגעבען. ווען די נויט איז געוואָרען זעהר גרויס, האָט זיך געפונען אין רוים אַן אַנדער העלד, וועלכער האָט בעשלאָסען צו אָפּפערן זיין לעבען



העלדישער מוט פון האָראַציוס קאָקלעס.

און טויטען פּאָרזענאַ'ן אום זיין פאַטערלאַנד צו רעטען. דיזער העלד איז גע־ווען קאַיוס מוציוס, וועלכער האָט שפּעטער בעקומען דעם צונאָמען סצעוואָלאַ, ד. ה. לינק־הענטיגער. מיט דער ערלויבנים פון סענאַט איז ער אַוועק מיט אַ שפּיז אונטער זיין מאַנטעל אין פיינדליכען לאַגער. דאָ האָט ער זיך צומישט מיט אַ מענגע סאָלדאַטען, וועלכע זיינען געגאַנגען צום גע־צעלט פון קאָמאַנדיר אום דאָרט זייער געהאַלט צו קריגען. נעבען דעם קאָמאַנדיר איז געזעסען דער סעקרעטער געקליידט אין די זעלבע קליידער ווי דער קאָמאַנדיר. מוציוס האָט געמיינט, דאָס דיזער איז דער קאָמאַנדיר,

ווייל אַלע סאָלדאַטען האָבען זיך צו איהם געווענדט. און אום ניט צו מאַכען פיעלע שאלות, מען זאָל גלייך ניט דערקאָנען, דאָס ער איז אַ פרעמדער, האָט ער דערשטאָכען דעם קאָמאַנדיר. מען האָט איהם באַלד ענטוואָפענט און געפרעגט, ווער ער איז און וואָס האָט איהם געטריבען צו דעם מאָרד. מוציוס האָט גלייך אָפען ערקלערט, דאָס ער איז אַ רוימישער בירגער און דער צוועק פון זיין האַנדלונג איז געווען צו בעפרייען זיין פאָטערלאַנד פון דעם פיינד; ער האָט פאַר דעם טויט קיין מורא ניט, און אַזעלכע ווי ער געפינען זיך אין רוים זעהר פיעל, און ווען איהם איז יעצט ניט געלונגען דעם פּלאַן דורכצופיהרען וועט עס אָהן צווייפעל געלינגען איינעם פון די פיעלע אַנדערע העלדען, וואָס זיינען גרייט צו דיזער אונטערנעהמונג.

פאָרזענאַ איז געוואָרען שרעקליך אויפגעבראַכט אויף די פערשווערונג און האָט געפאָדערט פון מוציוס'ן ער זאָל איהם אַרויסגעבען די נעמען פון די אַלע, וואָס זיינען בעטייליגט אין איהר, און האָט געדראָהעט איהם צו פערברענען לעבעדיגערהייד, אויב ער וועט איהם זיי ניט אַרויסגעבען. מוציוס האָט דאַן זיין רעכטע האַנט אַליין אַריינגעשטעקט אין דעם פייער, וואָס האָט געברענט נעבען איהם אויף'ן אַלטאַר, און האָט געזאָגט: „זעה און בעגרייף, ווי וועניג ווערט דאָס לעבען האָט ביי אונזערע לייט, וואָס שטרעבען צו בעפרייען דאָס פאָטערלאַנד!" דער קאָמאַנדיר איז זעלבסט אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט, האָט אָפּגעשטויסען מוציוס'עס האַנט פון פייער און האָט איהם געשענקט זיין לעבען און זיין פרייהייט. ער האָט אַזוי פיעל אַכטונג בעקומען פיר זיינע פיינד, דאָס ער האָט מיט רוים געשלאָסען פרידען.

די בעדינגונגען פון דיזען פרידען זיינען געווען, דאָס רוים זאָל צוריק אָפּגעבען צו די עטרוסקער די זיבען דערפער, וואָס זי האָט פריהער אָפּגענומען ביי זיי, און אַלס פערזיכערונג, דאָס זי וועט בלייבען טריי צו זייער אָפּמאַך און וועט לעבען אין פרידען מיט די עטרוסקער, זאָל זי געבען אַלס משכון צו די עטרוסקער 10 יונגע לייט און 10 מיידלאַך פון די פאָרנעהמסטע פאַמיליעס אין רוים. אונטער די 10 מיידלאַך האָט זיך געפונען איינע מיט דעם נאָמען ק ל אָ ל י אַ. דיזע האָט ניט געוואָלט פערבלייבען אין פיינדליכען לאַגער, איז ענטלאָפען פון דאָרט, האָט איבערגעשוואומען דעם טייך טיבער און איז צוריק אין רוים אָנגעקומען. די רוימער האָבען זי איבער־אַ־נייס איבערגעגעבען אין פאָרזענאַ'ס הענט, אָבער דיזען איז אַזוי שטאַרק געפעלען געוואָרען דער מוט און דער גייסט פון פרייהייט פון דער רוימישער יונגפרוי, דאָס ער האָט איהר ערלויבט צוריקקעהרען זיך נאָך איהר געבורטס־שטאָדט און אפילו אויך מיטנעהמען מיט זיך פון איהרע פריינדינען ווי פיעלע זי וויל. פיעל פערוואונ-

דערט פון דעם רוימישען מוט, האט ער אין גאנצען די בעלאגערונג אויפגע-געבען און האט זיך צוריקגעקעהרט צו זיין רעזידענץ, קלוזיום. די רוימער האבען צום אנדענקען פון קלאֶליא געמאַכט א רייטער־סטאַטוע.

דער רעזולטאט פון דעם שטרייט צווישען די רוימער און עטרוסקער איז געווען, דאס די עטרוסקער האבען בעקומען די אויבערמאכט איבער די רוי-מער. אבער ניט אויף לאנג, זיי האבען דיזע אויבערמאכט באלד פערלא-רען אין אן אונגליקליכען שטרייט, וועלכען דער זוהן פון פארזענא האט גע-פיהרט געגען דער לאטינישער שטאדט אריציא אין דער צייט, וואס די רוימער האבען געוואונען א גרויסען צואוואוקס פון עטרוסקער און סאבינער. אונטער די סאבינער, וואס האבען זיך בעזעצט אין רוים, איז געווען א זעהר פארנעהמער פאטריציער אטטיוס קלאוזוס, וועלכער האט זיך בעזעצט אין רוים מיט 5,000 אנהעננער צוליב א קריג מיט זיינע לאנדסלייט. רוים האט איהם געגעבען אלע רעכטען פון אן עכטען רוימישען פאטריציער. ער האט דא געביטען זיין נאמען אויף אפפיוס קלאודיוס און איז געווארען דער שטאם־פאטער פון א זעהר פארנעהמער פאמיליע, וועלכע האט אין דער געשיכטע פון רוים א בעדייטענדע ראלע געשפילט.

דיזער צוואוקס האט שטארק פערגרעסערט די מאכט פון רוים. אלס טארקיווינוס האט געזעהן, דאס זיין פלאן מיט פארזענא אין דורכגעפאלען, האט ער זיך גענומען צום לאטינישען בונד און האט איהם בעוואויגען צו פיה-רען קריג מיט רוים. דער סוף פון דיזען שטרייט איז געווען, דאס די רוי-מער האבען בעזיגט די לאטינער. דאך האבען מיט אייניגע יאהר שפעטער די רוימער און די לאטינער איינע די אנדערע געשוואָרען אייביגע טרייהייט און פרידען. יעצט האט טארקוויניוס זיין האפנונג אויף די לאטינער אויך פערלארען, ער איז אוועק אין א גריכישע קאלאניע קומא אין קאמפאניען, וואו ער איז באלד נאך דעם געשטארבען (495 פ. קר.).

### 4) בעשרייבונג פון דער שטאדט רוים.

אנפאנגס איז רוים געווען א קליין דערפעל אויף דעם בארג פאלאטינום, אויף וועלכען אייניגע פאסטוכער האבען זיך בעזעצט. געביידעס מעהר אדער וועניגער וויכטיגע האבען אנגעפאנגען בעוויזען זיך ערסט שפעטער, נעמ-ליך, ווען די סאבינער האבען זיך בעזעצט אויף דעם קווירינאלים און קא-פיטאלינום, און אלס זיי האבען זיך פעראייניגט מיט די לאטינער. הגם די נייע בעוואוינער האבען זיך אלע מיה געגעבען אויסצוטריקענען די זומפען, וועלכע האבען זיך געפונען אין די טאלען צווישען די בערג, איז די שטאדט

דאָך געבליבען ניט שען. די גאַסען זיינען געוועזען זעהר ענג און די הייזער אונגעהייער הויך און בעדעקט מיט שטרוי און שינדלען. דיזעס איז גע-בליבען ניט געענדערט אויך פיעל שפּעטער, ווען די גאַלליער האָבען די שטאָדט צושטערט אין יאָהר 389 פ. קר. און זי איז איבער־אַ־ניים אויפגעבויט געוואָ-רען, ווייל דאָס צוריק־אויפבויען פון דער שטאָדט איז דאַמאָלס געשעהן אין גרויס איילעניש און אונרעגעלמעסיג. ערסט שפּעטער, ווען די רוימער זיי-נען בעקאַנט געוואָרען מיט דער גריכישער בוי־קונסט, האָבען זיי אָנגעפאַנגען שענקען אויפמערקזאַמקייט צו דער אויסערער שענקייט פון זייערע בנינים, און זיי האָבען דאַמאָלס אָנגעפאַנגען צו בויען שענע טעמפּלען און אַנדערע וויכטיגע געביידעס.

דער עלטעסטער טייל פון רוים איז געווען געבויט אויף דעם לינקען ברעג פון דעם טייך טיבער, 24 קילאָמעטער ווייט פון דער מינדונג (ד. ה. פון דעם אָרט, וואו דער טייך גיסט זיך אריין אין ים). די געגענד איז געווען זעהר גוט אין פיעלע הינזיכטען, הגם דער קלימאַט איז געווען ניט זעהר געזונד. די בערג, אויף וועלכע די שטאָדט איז געבויט געוואָרען, האָבען פערשאַפט די איינוואוינער אַ צופלוכטס־אָרט, אַ שוץ געגען פיינד. אין די שפּעטערע צייטען איז די שטאָדט געווען פערשפּרייט אויף זיבען בערג: 1) אויף דעם פּ אַ ל אַ ט י נ ו ס, אַ ניט רעגעלמעסיגער פיער־עקיגער באַרג; 2) אויף דעם ק ו ו י ר י נ אַ ל י ס צו צפון־מזרח פון פּאַלאַטינוס; 3) אויף דעם ק אַ פּ י ט אָ ל י נ ו ס, וועלכער איז געווען 50 מעטער הויך און איז געשטאַנען אין צענטער פון אַלע איבריגע בערג. אויף איהם איז געווען געבויט די פעסטונג און דער טעמפּעל פון יופּיטער קאַפּיטאָלינוס, און דעריבער איז ער געוואָרען דער רעליגיעזער און פּאָליטישער מיטעלפּונקט פון דער שטאָדט און פון דעם גאַנצען רייך; 4) אויף דעם צ אָ ל י ו ס; 5) אויף דעם אַ ו ו ע נ-ט י נ ו ס, וואָס איז געשטאַנען אין דרום און איז געווען דער הויפּט־אָרט פון די פּלעבעיער, וועלכע האָבען דאָרט געהאַט זייער גרעסטעס הייליגטום, דעם טעמפּעל פון דער געטין דיאַנאַ. צווישען דעם אוועגטינוס און פּאַלאַטינוס איז געשטאַנען דער צירקוס מאַקסימוס, וועגען וועלכען מיר האָבען שוין פריהער גערעדט; 6) אויף דעם ע ס ק ו ו י ל י נ ו ס, וועלכער איז געווען דער ברייטעסטער פון אַלע איבריגע בערג; 7) אויף דעם ו ו י מ י נ אַ-ל י ס, וועלכער ליגט צווישען דעם עסקווילינוס און דעם קווירינאַלים. דיזער באַרג איז געווען בעוואוינט ווייניגער פון אַלע אַנדערע פון די זיבען בערג.

דער בעריהמטעסטער אָרט פון דער שטאָדט איז געווען דער בעריהמטער פאָרום. דיזער מיטעלפּונקט פון שטאָדטישען און פּאָליטישען לעבען איז גע-

לעגען צווישען דעם קאפּיטאָלינוס און פּאַלאַטינוס. אין זייט איז געשטאַנען דאָס ראַט־הויז. געגען דעם ראַט־הויז ביים פוס פון פּאַלאַטינוס איז געשטאַנען דער טעמפּעל פון דער געטין וועסטאַ און די וואוינונג פון דעם פּאָנטיפעקס מאַקסימוס (כהן גדול). דער פרייער פּלאַץ אין מיטען איז געווען דער אָרט פיר די פאָלקס־פערזאַמלונג מיט דער ביהנע פון רעדנער. ארום דעם פאָרום זיינען געווען גאַסען, אין וועלכע עס האָבען זיך געפונען אַלערליי קראָמען, געשעפט־הייזער, וועקסעל־געשעפטען א. ד. גל. אין פערלויף פון דער צייט האָט מען דאָ אויסגעבויט פערשיידענע עפענטליכע געביידעס און דענק־מעלער. דאָס עלטעסטע געביידע, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען, איז גע־ווען דאָס ט ו ל ל י אַ נ ו ם, וועלכעס איז געשטאַנען אין צפון פון פאָ־




**מוציוס סצאָוואָלאַ.** נאָך אַן אַלטער קלאַסישער פאָרשטעלונג.

רום. אין מערב־זייט איז געשטאַנען דער טעמפּעל פון סאַטורן און דאָס שאַץ־הויז. אויף דעם פאָרום האָבען זיך אויך געפונען באַזיליקען, ד. ה. אָפענע הויפען, וואָס זיינען געווען אַרומגערינגעלט מיט זיילען־האַלען.

דער צווייטער וויכטיגער אָרט נאָך דעם פאָרום, אין דער צייט פון דער רעפּובליק, איז געווען דאָס ק אַ פּ י ט אָ ל, אָדער די פעסטונג, וועלכע איז בעשטאַנען פון 3 טיילען: דעם נאָרדליכען הויכען טייל, דעם זיד־וועסט־ליכען הויכען טייל, און אַ נידריגען טייל צווישען דיזעביידע. די ריכטיגע בורג, די אייגענטליכע פעסטונג, איז געווען דער נאָרדליכער טייל. אין דיזען טייל איז געשטאַנען דער אַ ו ג ו ר אַ ק ו ל ו ם, ד. ה. דאָס געביידע, פון וועלכען דער אוגור האָט בעטראַכט די הימעל־צייכענס און דורך זיי נביאות

געזאָגט וועגען וויכטיגע זאכען, וואָס מען האָט ביי איהם געפרעגט. אויך איז דאָרט געשטאַנען דער יונאָ־טעמפעל. אין דעם מיטעלערען נידריגען טייל האָט זיך געפונען דער אזיל (מקלט), וועלכען, ווי דאָס פאָלק האָט געגלויבט, ראָמולוס האָט געגרינדעט אלס צופלוכטס־אָרט פיר פרעמדע פליכטלינגען, אום דורך דעם צו־צו־ציהען פיעלע איינוואוינער אין רוים. צו מערב פון די בערג ביז צום טיבער האָט זיך געפונען דער בעריהמטער קאמפוס מאר-ציוס (דאָס מארס־פעלד). אין דער עלטעסטער צייט איז דיזער פלאַץ געווען אין גאַנצען אונבעוואוינט. אָבער דער קיסר אוגוסטוס האָט איהם אויסגעשטאָטעט מיט פערשיידענע פראַכטפולע געביידעס. דער קאמפוס מארציוס איז געווען בעשטימט פיר בירגערליכע און קריגערישע פערזאַמ-לונגען, און איז געשטאַנען אונטער דעם שוץ פון דעם גאָט מארס; דאָרט איז געשטאַנען אַן אלטאר געהייליגט צו דיזען גאָט, און דיזער אלטאר איז געווען דער מיטעלפונקט פיר רעליגיעזע און פּאָליטישע פעסטליכקייטען. מיט דער צייט איז דאָס גאַנצע מארס־פעלד פערבויט געוואָרען מיט הייזער, נאָר דער פלאַץ ארום דעם אלטאר איז געבליבען פריי.

די הייזער פון די רייכע און פאָרנעהמע בירגער זיינען געווען געבויט מיט גרויס פראַכט און גלאַנץ. די מיטעלע און אָרימע קלאַסען האָבען גע-וואוינט אין הייזער מיט מעהרערע עטאַזשען, וועלכע זיינען געווען צום פער-דינגען. דיזע הייזער זיינען אימער געווען איבערפילט מיט מענשען. עס זיינען געווען אין רוים צוויי סאָרטען גאַסען: געפלאַסטערטע (געברוקירטע) הויפּט־גאַסען און קליינע גאַסען. צו די הויפּט־גאַסען האָבען געהערט די היי-ליגע גאַס, דער אלטער פראָצעסיאָנס־וועג, וועלכער האָט בעריהרט די וויכ-טיגסטע טיילען פון שטאָדט איבערהויפּט דעם פאָרום, די נייע גאַס אויף דעם פּאַלאַטינוס, און דער ברייטער וועג. אויסער דעם זיינען אין רוים געווען פראַכט־געביידעס, טעמפּלען, גערטנער, פּארקען, און לויף־וועגען.

סערוויוס טולליוס האָט געמאַכט אַ שוץ־מויער ארום די בערג: פּאַלאַ-טינוס, קווירינאַליס, קאַפּיטאָלינוס, ווימינאַליס, און צאָליוס. דיזע איז געווען די ערסטע מויער, וועלכע האָט ארומגערינגעלט אלע בערג צוזאַמען, און האָט דערמיט בעוויזען, דאָס אלע איינוואוינער פון די פערשיידענע בערג זיינען בירגער פון איין שטאָדט. פריהער האָבען די איינוואוינער פון יעדען באַרג זיך געהאַלטען אָפּגעזונדערט און האָבען זיך יעדערער געמאַכט אַ בע-זונדער מויער ארום זיך.

די רוימער האָבען זיך פיעל מיה געגעבען די שטאָדט מיט וואַסער צו בעזאָרגען. זיי האָבען געמאַכט איינינע וואַסערלייטונגען, פון וועלכע די,

וואס אפפיוס האט געמאכט, איז געווען די עלטעסטע (312 פ. קר.). אויסער די וואסער־לייטונגען זיינען דארט אויך געווען זעהר פיעלע נאטור־קוועלען, וועלכע זיינען געווען זעהר פארזיכטיג בעוואכט און אפגעהיט, זיי זאלען ניט פערדארבען ווערען. עס זיינען אויך געווען גרויסע שען פערצירטע וואסער־בעהעלטער, שפרינג־ברונענס, פרעכטיגע קוועלען־געביידעס, אפענע און בעדעקטע טייכען צום שווימען, באד־אנשטאלטען א. אז. וו. אין אייניגע פון די בעדער זיינען געווען איינגעריכטעט אנשטאלטען פיר גימנאסטישע איבונגען, אויך געזעלשאפטליכע אונטערהאלטונגען האבען אין מאנכע פון די בעדער שטאטגעפונען.



די בריק איבער'ן טיבער.

די גרויס פון דער שטאדט אין די אלטע צייטען איז יעצט שווער צו בעשטימען, ווייל מיר האבען ניט קיין ריכטיגע קוועלען דערצו. מיר ווייסען נאר, דאס אין דער צייט פון קעניג וועספאסיאנוס איז געווען דער אומפאנג פון אלע הייזער פון שטאדט 13,200 פוס. די מויער וועלכע אורעליוס האט געמאכט ארום שטאדט איז געווען פון 22 ביז 23 קילאמעטער. די בעפעלקע־רונג אין דער צייט פון קיסר אוגוסטוס איז געווען 320,000 זעעלען, אין דיזער צאהל זיינען ניט געווען גערעכענט די ריטער, סענאטארען, ווייבער און מיידלאך, מיט דיזע אבער צוזאמען איז די צאהל פון דער בעפעלקערונג לויט בערעכנונג געווען 1,600,000.

## ב. די צייט פון אינערליכען קאמף פיר גלייכע פאָליטישע רעכטען.

### 1) די פערשיידענע שטאַנדען.

מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט, דאָס די פאטריציער זיינען געוועזען די ערסטע גענטעס, וועלכע האָבען געגרינדעט רוים, און די פלעבעיער זיינען געוועזען די, וועלכע זיינען שפּעטער צוגעקומען צו די גענטעס פון אנדערע ערטער. אָבער אין גרונד גענומען איז דיזע ערקלערונג ניט גאַנץ ריכטיג, ווייל מיר געפינען שוין דיזע צוויי קלאַסען אין דער צייט פון ראָמולוס'ן, ד. ה. אין דער ערסטער צייט פון דער גרינדונג פון רוים. דיאָניסיוס זאָגט, אַז די פאטריציער־קלאַס האָט זיך געבילדעט פאר דער איינריכטונג פון דעם סענאט פון א בעשרענקטער צאָהל פערזאָנען, וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער מוט, רייכטום און יחוס.

דאָס די סענאַטאָרען זיינען ערוועהלט געוואָרען נאָר פון די פאטריציער, האָט ציצעראָ שוין לאַנג פעסטגעשטעלט, און דיזער פאקט ווערט אויך בעשטעטיגט פון דעם נאָמען „פּאַטריציער", פון דעם וואָרט „פּאַטרעס", וועלכעס בעדייטעט "פּאָטערס", א נאָמען מיט וועלכען די סענאַטאָרען פלעגען זיך רופען. אָבער דיזעס בעווייזט נאָך ניט, דאָס די 300 סענאַטאָרען אין רוים זיינען אַלע געוועזען פאָרשטעהער פון די 300 הויפּט־פאַמיליעס פון די אַלטע גענטעס, ווייל עס זיינען דאָ בעווייזען, דאָס ווען עס האָט אויסגעפעהלט א סענאַטאָר, האָט מען ערוועהלט אַן אנדערען ניט פון די פאָרשטעהער פון די גענטעס נאָר פון פערזאָנען, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייערע פערדינסטען.

אָבער דאָס איז געוויס, דאָס עס זיינען ניט געוועזען אין אָנפאַנג פאטריצישע און פלעבעיאישע גענטעס. עס איז זיכער צו גלויבען, דאָס אין דער זעלביגער גענס האָבען זיך געפונען פאטריצישע און פלעבעיאישע פאַמיליעס. אַלס בעווייז צו דיזער בעהויפּטונג קענען דינען דיביידע פאַמיליעס פון די קלאַודיער און מארצעללער. ביידע האָבען געהערט צו דער פאַמיליע קלאַודיער, אָבער נאָר די ערסטע האָבען בעזעסען דעם פאטריצישען אדעל. מען מוז רעכנען, דאָס נאָך סערוויוס טולליוס איז דאָס גאַנצע רוימישע פאָלק געוועזען צוטיילט אין צוויי קלאַסען. צו דער ערסטער קלאַס האָבען געהערט די סענאַטאָרען און די אַלע פאַמיליעס, פון וועלכע אַלע בעאַמטע פלעגען ערוועהלט ווערען, און צו דער צווייטער קלאַס האָבען געהערט אַלע איבריגע פרייע בירגער פון שטאַאַט.

נאָך שווערער איז צו ערקלערען, פון וואַנען קומען אַרויס די „קליענטען“, ד. ה. די דאָזיגע לייב־אייגענע, וועלכע האָבען געאַרבייט אין די פעלדער פון די פאַטריציער אַלס בויערן אָדער האַנדווערקער, און האָבען ניט געהאַט ניט קיין פּאָליטישע ניט קיין בירגערליכע רעכטען. יעדער קליענט האָט געמוזט האָבען אַ פּאַטראָן אָדער שוץ־הערר, וועלכער האָט פערטרעטען און געשיצט די רעכטען פון זיין קליענט (שיצלינג) פאַר דעם געריכט אָדער פאַר דער רע־גירונג. די קליענטען זיינען ניט געווען קיין בעזונדער גרופּע, ווי די פּלע־בעיער, נאָר זיי זיינען געווען צוטיילט צווישען די פאַמיליעס פון די פּאַט־ריציער אין קליינע אָפּטיילונגען. די קליענטען פלעגען איבערגעהן בירושה



רוימישער רעדנער אויף דעם פאָרום.

פון פאָטער צום זוהן, ווי אַ ניט־לעבעדיגע זאַך, ווי מטלטלין. פיר דעם שוץ, וואָס דער פּאַטריציער האָט געצייגט צו זיין קליענט, האָט דיזער געמוזט טאָן געוויסע דינסטען און אַרבייטען. ווען זיין פּאַטראָן איז געווען אָרים, האָט דער קליענט איהם געמוזט שטיצען מיט אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט. ער האָט געמוזט העלפען די טעכטער פון זיין פּאַטראָן אַנשטענדיג צו הייראַטען. ווען זיין הערר און פּאַטראָן איז געפאַנגען געוואָרען אין קריג, האָט דער קליענט געמוזט איהם אויסקויפען און ער האָט איהם געמוזט בעגלייטען, ווען ער איז געגאַנגען דינען אין קריג. אין שפּעטערע צייטען געפינען מיר, דאָס גאַנ־צע שטאַאַטען און געמיינדעס פון די רוימישע פּראָווינצען זיינען געווען

קליענטען צו איינצעלנע רוימישע פאמיליעס. אזוי צ. ב. די אפריקאנער צו די סציפּיאָנען, די קעלטישע אללאָבראָגער צו די פאביער א. אנד.

זעהר וויכטיג איז, דאָס די קליענטען האָבען געטראָגען דעם נאָמען פון די געגנטעס פון זייערע פאטראָנען, זיי פלעגען נעהמען אָנטייל אין זייערע אָפּפער און זיינען געשטאַנען אונטער דעם שוץ פון די געטער פון זייערע פאטראָנען. דערפון זעהט מען ארויס, דאָס די קליענטען וואקסען פו די פאמיליעס, וועלכע האָבען אורשפּרינגליך צו קיין גענס ניט געהערט. אום אָבער זייער פערזאָן און זייער אייגענטום צו שיצען און אום זיי זאָלען קענען אָנטייל נעהמען אין די רעליגיעזע פייערליכקייטען, וועלכע זיינען געווען ענג פערבונדען מיט דער גענס, האָבען זיי געמוזט אלס קליענטען זיין צוגעבונ־דען צו וועלכער עס איז פערזאָן אָדער פאמיליע פון א געוויסער גענס. די־זער סאָרט פערזאָנען, וועלכע האָבען געמוזט זוכען שוץ ביי אנדערע, זיינען צום מעהרסטען געווען צווישען די פּלעבעיער.

דער רוימישער שטאַאט, ווי דער גריכישער, איז געווען געגרינדערט אויף שקלאַפּעריי. שוין אין דער גאַנץ אַלטער צייט געפינען מיר שקלאַפען ביי די רוימער. זיי זיינען אויך דאָ געווען אַן אונבעשרענקטעס אייגענטום פון זייערע הערען, וועלכע האָבען געהאַט דאָס רעכט זיי איבערגעבען אלס ירושה צו זייערע יורשים, צו פערקויפען און צו פער׳משכון׳ען. דער שקלאַף האָט קיין רעכט ניט געהאַט געזעצליך צו הייראַטען, נאָר לעבען מיט א פרוי אָהן הייראַט. די קינדער, וואָס זיינען געבאָרען געוואָרען פון אזא צוזאַמענלעבען מיט א פרוי, זיינען אויך געווען שקלאַפען. קיין אייגענטום האָבען זיי ניט געקענט בעזיצען, אלץ, וואָס זיי האָבען געהאַט, האָט געהערט צו זייערע הערען. דער שקלאַף האָט קיין רעכט ניט געהאַט פאר דעם געריכט צו ער־שיינען, זיין צייגנים (עדות־זאָגען) האָט נאָר דאַמאָלס געהאַט א שטיקעל ווערט, ווען עס איז פון איהם אַרויסגעפּרעסט געוואָרען דורך יסורים און מאַטערנים. קיין געריכט האָט איהם ניט געשיצט געגען שלעכטער בעהאַנד־לונג פון זיין הערר, אפילו זיין לעבען איז געווען אָפּהענגיג פון דעם קאַפּריז פון זיין בעל הבית. אָבער דער הערר האָט געהאַט דאָס רעכט פריי צו לאָ־זען זיין שקלאַף. דאַן האָט דער שקלאַף בעקומען אַלע בירגערליכע רעכטען, אָבער נאָר דאַן, ווען די בעפרייאונג איז פאָרגעקומען עפענטליך און פייער־ליך. די ניט־עפענטליכע פריי־לאָזונג פון א שקלאַף האָט איהם קיין רעכ־טען ניט געגעבען, אָבער פריי איז ער יעדענפאַלס געוואָרען. אין יעדען פאַל איז דער פריי־געשפּראָכענער שקלאַף געשטאַנען נידריגער פון א פריי־געבאָ־רענעם בירגער. אפילו נאָך דער בעפרייאונג איז דער געוועזענער שקלאַף

געשטאַנען אין בעצוג צו זיין פריהערדיגען הערר אַלס קליענט. ער האָט איהם אויך נאָך דער בעפרייאונג געמוזט כבוד אָפּגעבען, און אָפטמאָל אויך מתנות געבען. ער האָט געמוזט איינינע אַרבייטען פיר איהם טאָן. אויב דער געוועזענער שקלאַף איז געשטאָרבען און האָט קיין קינדער ניט איבערגעלאָזען, איז דער פריהערדיגער הערר זיינער געוואָרען זיין יורש. ווען דער שקלאַף האָט נאָך זיין בעפרייאונג ניט געהאַלטען זיינע פערפליכטונגען, האָט דער פריהערדיגער הערר געהאַט דאָס רעכט איהם דורך דאָס געריכט צו צווינגען זיי צו האַלטען. די פריי־געלאָזענע שקלאַפען האָבען געהאַט דאָס רעכט צו טראָגען אַ הוט מיט אַ טאָגאַ צוגלייך מיט אַלע בירגער. דער פאַמיליען־נאָמען פון



דאָס פאָרום פון רוים.

די פריי־געלאָזענע שקלאַפען איז געווען דער זעלבער ווי פון זייערע פריהערדיגע הערען, נאָר מיט אַ צונאָמען.

די הויפּט־קוועלע פון שקלאַפעריי איז געווען די געפאַנגענשאַפט אין קריג. אָבער אויך אַ פרייער בירגער האָט געקענט פערוואַנדעלט ווערען אין אַ שקלאַף אַלס שטראָף, אָדער ווען ער איז ניט געווען אין שטאַנד צו בעצאָהלען זיינע שולדען. די צאָהל פון שקלאַפען אין אַלטערטום איז אימער מעהר און מעהר געוואַקסען, ווייל די מלחמות האָבען דאַמאָלס קיינמאָל ניט אויפגעהערט אפילו אויף אַ קורצע צייט. אַלס טיבעריוס סעמפּראָניוס גראַקכוס האָט איינגענומען סאַרדיניען, האָט ער אַזוי פיעלע שקלאַפען געבראַכט נאָך

רוים, דאָס עס איז געוואָרען נאָך דעם א שפּריכוואָרט: „בּיליגער ווי א שקלאַף". ענדליך איז די צאָהל פון שקלאַפען געוואָרען אזוי אונגעהייער גרויס, דאָס די רוימער זעלבּסט האָבען אָנגעפאַנגען מורא צו האָבען פאַר זייער מאַכט. סענעקאַ ערצעהלט, דאָס איין מאָל איז פאָרגעשלאָגען געוואָרען אין סענאט א געזעץ, דאָס די שקלאַפען זאָלען מוזען טראָגען אנדערע קליידער ווי די פרייע. דיזעס געזעץ איז אָבּער ניט אָנגענומען געוואָרען צוליב דעם, ווייל דאַן וועלען די שקלאַפען וויסען ווי גרויס זייער צאָהל שטייגט איבּער די פרייע און זיי וועלען מאַכען אַן אויפשטאַנד.

וואָס אָנבּעטרעפט די עקאָנאָמישע פערהעלטניסען, איז דער גרעסטער טייל גרונד-אייגענטום געוועזען אין די הענט פון די פּאַטריציער, די אינדוסטריע און דער האַנדעל אָבּער האָבּען זיך געפונען אין די הענט פון די פּלעבּעיער. ווי פּליניוס ערצעהלט, האָט ראָמולוס דאָס גאַנצע לאַנד צוטיילט אין 30 גלייכע טיילען, און יעדע קוריאַ האָט בּעקומען איין טייל פון די 30. אָבּער איידער ער האָט צוטיילט דאָס לאַנד, האָט ער צוגענומען א געוויסען טייל גרונד פיר דעם שטאַאַט, ווי אויך געוויסע טיילען פיר די ערהאַלטונג פון די טעמפּלען און רעליגיאָן. דורך די שטענדיגע מלחמות און נצחונות איז דאָס געמיינדע-לאַנד געוואָרען אימער גרעסער און גרעסער, ווייל די רוימער פּלעגען פון יעדען בּעזיגטען פּאָלק אָפּנעהמען אַ דריטעל פון זיין לאַנד-אייגענטום. דערפון פּלעגען זיי די בּעאַרבּייטע ערד פערקויפען צו קאָלאָניסטען און די ניט-בּעאַרבּייטעטע פּלעגט בּלייבּען פיר דאָס פּאָלק אין אַלגעמיין. דיזע שטיקער גרונד, וואָס האָבען געהערט צום פּאָלק, האָט יעדער געהאַט דאָס רעכט צו בּעאַרבּייטען מיט דער בּעדינגונג צו געבען צו דער פּאָלקס-קאַסע אַ צעהנטעל פון געטריידע און איין פינפטעל פון די פרוכט. אויך פיר די בּענוצונגען פון פּאַשע-לאַנד האָט מען געמוזט בּעצאָהלען.

אין די אַלטע צייטען פּלעגט מען אַ דריטעל פון דעם געמיינדע-לאַנד געבען פיר בּענוצונג צו דעם קאָמאַנדיר פון די חיל, אַ דריטעל צו די פּאַט-ריציער, און דער לעצטער דריטעל איז געבּליבּען פריי אַלס געמיין-לאַנד פיר פּאַשע.

פון סערוויוס'ן אָן האָט מען אָנגעפאַנגען צו פערקויפען אָדער פערדינגען לאַנד אויך צו די פּלעבּעיער. אָבּער דער גרעסטער טייל פון „אַגער פּובּליקוס" (געמיינדע-לאַנד) איז אָנגעקומען צו די פּאַטריציער, ווייל אום צו בּעאַר-בּייטען גרויסע שטיקער לאַנד האָט מען געמוזט האָבּען שקלאַפּען, וואָס נאָר די רייכערע גוט-בּעזיצער האָבּען געהאַט. מיט דער צייט איז דאָס לאַנד, וואָס איז אָנגעקומען צו די פּאַטריציער נאָר אַלס געדונגענעם, געפּאַכטעטעס,

גענוואָרען אין גאַנצען זייער אייגענטום. די פּלעבעיער זיינען געווען שטאַרק ערביטערט געגען דיזען רויב פון דער ערד, וואָס זיי האָבען געקויפט מיט זייער בלוט, אָבער זיי זיינען געווען אָהנמעכטיג צו טאָן עטוואָס געגען דעם. דאָס איז געווען איינע פון די הויפּט־אורזאַכען, וואָס האָבען געמאַכט אַ שפּאַלטונג צווישען דיביידע קלאַסען, די פּאַטריציער און פּלעבעיער, אַ שפּאַלטונג, וועלכע האָט ענדליך אַרויסגערופען אַן אָפענעם קאַמף.

## 2) פון דער איינפיהרונג פון דעם פאָלקס־טריבונאַט ביז די ליציניש־סעקסטישע געזעצען.

נאָך דער פערטרייבונג פון דעם טיראַן פון רוים האָט דאָס פאָלק ערוועהלט צוויי קאָנסולען צו שטעהן אָן דער שפּיץ פון דער רעגירונג. דאַמאָלס



יוניוס ברוטוס.

איז געלעגט געוואָרען דער גרונד־שטיין פיר די פאָלקס־פרייהייט. די ערסטע צוויי קאָנסולען זיינען געווען: ל ו צ י ו ס  י ו נ י ו ס  ב ר ו ט ו ס און ק א י ו ס  ט א ר ק ו ו י נ י ו ס  ק א ל ל א ט י נ ו ס. דער פערטריבענער טיראַן האָט אָבער נאָך אַלץ ניט אויפגעגעבען די האָפנונג צוריק דעם טראָן צו בעקומען. ער האָט געשיקט שלוחים אין רוים צו פּועל'ן ביים סענאַט און ביים פאָלק מען זאָל איהם זיין אייגענטום אַרויסגעבען. אָבער אין גרונד האָט ער דאָס ניט געמיינט. ער האָט דורך דיזע שלוחים געשאַפען אָנהענגער פיר איהם, וועלכע זאָלען איהם העלפען צוריק צום טראָן צו קומען. און ווירקליך איז איהם געלונגען אַ גרויסע פּאַרטיי פיר זיך אין רוים אויף-

צושטעלען. צו זיינע אנהעננער האבען אויך געהערט די זיהן פון דעם קאנסול ברוטוס און די נאהענטע קרובים פון דעם צווייטען קאנסול טארקווי-ניוס קאללאטינוס. עס האט ניט ווייט געהאלטען עס זאל אויסברעכען א פערשווערונג. צום גליק האבען זיך שקלאפען דערפון דערוואוסט און זיי האבען עס איבערגעגעבען צו די קאנסולען.

דער קאנסול לוציוס יוניוס ברוטוס האט זיך דאן געפונען אין א שרעק-ליכער לאגע — ער האט געדארפט אליין משפט'ן זיינע זיהן פיר הויך-פער-ראט, ווייל אבער דער פרידען און דאס גליק פון זיין פאטערלאנד איז ביי איהם געשטאנען העכער פון אלע אייגענע פערזענליכע אינטערעסען, האט ער קיין מינוט זיך ניט פערטראכט און האט אויסגעשפראכען דעם טויט-אורטייל איבער זיינע צוויי זיהן, און איז אליין געווען ביי זייער הינריכטונג. דער צווייטער קאנסול טארקוויניוס קאללאטינוס האט געוויזען פיעל וועניגער מוט אין דיזער אנגעלעגענהייט. ער האט אפילו אויך אויסגעשפראכען דעם טויט-אורטייל איבער זיינע קרובים, אבער אין דער זעלבער צייט האט ער גע-בעטען ביים פאלק מען זאל די טויט-שטראף פערבייטען אויף פערשיקונג פון לאנד. ברוטוס אבער איז געווען דאגעגען און קאללאנטינוס'עס ביטע איז צוריקגעוויזען געווארען. דער סענאט האט בעשלאסען די גיטער פון פער-טריבענעם טיראן איהם ניט ארויסצוגעבען, נאר צו קאנפיסיקירען זיי פיר די רעגירונג, דערצו האט דער סענאט נאך בעפוילען, מען זאל פערטרייבען פון לאנד אלע קרובים פון דעם פערטריבענעם טיראן, אונטער וועלכע עס איז אויך געווען דער קאנסול טארקוויניוס קאללאנטינוס.

דיזע פערשווערונג האט קלאר געצייגט דעם פאלק, ווי געפעהרליך א טיראן קען זיין דעם רוימישען שטאאט. דער קאנסול פובליוס וואלעריוס, וועלכער איז ערוועהלט געווארען אנשטאט דעם פערטריבענעם קאנסול טארקוויניוס, האט דורכגעפיהרט א געזעץ, לויט וועלכען דאס פאלק אליין האט דאס רעכט זיך צו ערוועהלען רעגירער אום צו בעשטימען, וואס פיר א סארט רעגירונג עס געפעהלט איהם אם בעסטען, און דער יעניגער, וואס וועט זיך ערלויבען עטוואס צו טאן אום צו שטעלען זיך אן דער שפיץ פון פאלק געגען זיין ווילען, זאל זיין פערפלוכט אויף אייביג פון די געטער. דורך דיזעם געזעץ האט דאס פאלק צום ערסטען מאל בעקומען דאס פולע רעכט זעלבסט צו בעשטימען א הערשער איבער זיך. דיזער קאנסול האט שפע-טער בעקומען דעם נאמען פ ו ב ל י ק א ל א, ד. ה. פאלקס-פריינד. דער זעלביגער האט דורכגעפיהרט נאך א געזעץ, לויט וועלכען קיין געריכט האט ניט דאס רעכט איינעם צו הינריכטען אדער קערפערליך בעשטראפען איידער

דאָס פאָלק האָט גוט געוואוסט זיין אורטייל. דערמיט האָט מען אָפּגענומען ביי איינצעלנע בעאַמטע די מעגליכקייט עטוואָס אונרעכטעס צו טאָן און די גאַנצע מאַכט איז איבערגעגעבען געוואָרען אין די הענט פון פאָלק זעלבסט.

מיט דיזען געזעץ איז די מאַכט פון די קאָנסולען פיעל אָפּגעשוואַכט געוואָרען. מען איז אָבער נאָך ווייטער געגאַנגען. מען האָט פון זיי אויך צו-



ברוטוס אַלס ריכטער פון זיינע זיהן.

גענומען די פריסטערליכע ווירדע. מען האָט בעשטימט אַ בעאַמטען, וועל-כער איז פערבליבען אין זיין אַמט פיר דאָס גאַנצע לעבען, ער זאָל ברייננגען צו די געטער די קרבנות, וועלכע עס פלעגען פריהער די קעניגען ברייננגען. ניט אַכטענדיג אָבער אויף די בעשרענקונגען פון דער מאַכט פון די קאָנסולען, איז נאָך זייער מאַכט געוועזען זעהר גרויס. זיי זיינען נאָך געווען די אויבער-

קאָמאַנדירען, זיי האָבען בעשטימט די אַלע בעאַמטע אין דער אַרמעע. אין ריי ערטער, וואו עס איז פאָרגעקומען אַ קריג, האָבען זיי געהאַט די אונבע-שרענקטע מאַכט. זיי זיינען געווען די הויפּט־ריכטער, און וואו זיי האָבען ניט געקענט אַליין ריכטען האָבען זיי בעשטימט שטעל־פערטרעטער. הגם די רעגירונג איז געווען אין זייערע הענט, זיינען זיי דאָך ניט מעהר געווען ווי די עקזעקוטיוו־מאַכט, ד. ה. די מאַכט, וואָס האָט דורכגעפיהרט אין דער פּראַקטיק דאָס, וואָס דער סענאַט האָט בעשטימט. זיי זיינען נאָר גע-ווען, אַזוי צו זאָגען, די הענט פון סענאַט. די קאָנסולען האָבען אָבער פיעל געהאַט צו זאָגען אויף די בעשטימונג פון די ריכטער, ווי אויך אויף די גע-זעץ־געבונג, און אין זייערע הענט איז געווען די מאַכט צוזאַמענצורופען די פאָלקס־פערזאַמלונג.

נאָך אַלעם דעם איז די מאַכט פון דער פאָלקס־פערזאַמלונג געווען זעהר אונבעדייטענד. די פאָלקס־פערזאַמלונג האָט פון זיך אַליין גאָר ניט געקענט עפּעס אויפטאָן; זי האָט ניט געקענט אַרויסגעבען קיין בעשטימונג, קיין געזעץ, זי האָט אַפילו ניט געהאַט דאָס רעכט צוזאַמענצוקומען, ווען די קאָנ-סולען האָבען זי ניט גערופען. דאָס פאָלק האָט קיין רעכט ניט געהאַט צו דיסקוטירען וועגען אַ פראַגע, נאָר זאָגען יע אָדער ניין. יעדער פאָרשלאַג האָט נאָר פון סענאַט געקענט אַרויסקומען, אָבער ניט פון פאָלק. ווען נאָך אַ דעבאַטע אין סענאַט איז עטוואָס בעשטימטעס געפּאַסט געוואָרען, האָט מען עס איבערגעגעבען צום אָבשטימען אין דער פאָלקס־פערזאַמלונג. ווען די-זע האָט שוין אָנגענומען אַ געוויסען בעשלוס פון סענאַט, איז דאָס נאָך ניט אַריין אין קראַפט ביז דער סענאַט האָט איהם גוט געהייסען. עס איז קלאָר צו זעהן, וואָס איז געווען דער רעזולטאַט פון אַזאַ מין אָרדנונג: די אינטע-רעסען פון די פּאַטריציער אַליין זיינען געווען געזיכערט אין פערטיידיגט. וואָרום מיט דער איינטיילונג פון די בירגער נאָך זייער פערמעגען האָבען די פּלעבעיער קיין מאָל ניט געקענט האָבען אַ מאַיאָריטעט פון שטימען פיר זיי-ערע אינטערעסען. דערפון זעהען מיר אַרויס, ווי גרויס דער אונטערשייד איז געווען צווישען דער אַטהענישער פאָלקס־פערזאַמלונג און דער רוימישער.

דאָרט איז געווען אַ פאָלקאָמענע דעמאָקראַטיע און דאָ אַ פאָלקאָמענע קלאַסען־הערשאַפט.

דיזע רעכטלאָזיגקייט פון די פּלעבעיער האָט זיי ערפילט מיט ערביטע-רונג. איבערהויפּט זיינען געווען זעהר אויפגעבראַכט געגען דיזער אָרדנונג די רייכערע פּלעבעיער. אין יאָהר 494 פ. קר. זיינען ענטשטאַנען שרעקליכע אונ-רוהען אין רוים פון די פּלעבעיער געגען זייער רעכטלאָזיגקייט. מעהר פון

אַלץ זיינען זיי דאַמאָלס געווען געדריקט פון די האַרטע געזעצען וועגען שולדען. ווי עס איז בעקאַנט ווערט מיט דער ענטוויקלונג פון ציוויליזאַציאָן די מאַכט פון געלט זעהר גרויס. דער מלוה ווערט דער הערשער איבער דעם שולדנער און בעקומט דאָס רעכט איהם אפילו אלס שקלאַף צו פערקויפען, ווען ער בעצאָהלט איהם ניט זיין חוב. לויט דער רוימישער מיליטער-אָרדנונג האָט יעדער מאַן אַ געוויסע צייט געמוזט דינען אין דער אַרמעע. אין דער צייט פון דינסט זיינען די פעלדער פון דער אָרימער קלאַס געבליבען אונבעאַרבייט, ווייל קיין שקלאַפען האָבען זיי ניט געהאַט ווי די רייכע. די אָרימע פּלעבעיער האָבען געמוזט אין דער צייט פון זייער מיליטער-דינסט באָרגען געלט פון די רייכע אום צו שטיצען זייערע פאַמיליעס אַזוי לאַנג, ווי זיי האָבען געדינט אין דער אַרמעע, פיר וועלכען דינסט זיי האָבען קיין געהאַלט ניט בעקומען. פיר דאָס געלט, וואָס דער אָרימער פּלעבעיער האָט געבאָרגט פון רייכען, האָט ער איהם געמוזט צאָהלען גרויסע צינזען, אַזוי דאָס דער חוב האָט זיך מעהר און מעהר פערגרעסערט ביז ער האָט דערלאַנגט זעהר הויך. דאָס געזעץ האָט געשיצט איבערהויפּט די אינטערעסען פון דעם קרעדיטאָר און האָט אין זיין מאַכט אין גאַנצען איבערגעגעבען דעם בעל חוב מיט זיין גאַנצער פאַמיליע מיט זיין גאַנצען פערמעגען. ווען דער אָרימער בעל חוב האָט ניט געהאַט צו בעצאָהלען זיין חוב, האָט דער קרעדיטאָר געהאַט דאָס רעכט צונעהמען פיר זיין חוב דאָס פערמעגען פון דעם בעל חוב, זיין הויז, זיין פיה, זיינע פעלדער, און ווען דאָס אַלץ איז ניט געווען גענוג צו דעקען דעם חוב, האָט דער קרעדיטאָר געהאַט דאָס רעכט צו פערקויפען אַלס שקלאַפען דעם בעל חוב זעלבסט, זיין ווייב און זיינע קינדער. ווען דער קרעדיטאָר איז געווען אַזוי פיעל גוט, דאָס ער האָט ערלויבט דעם שולדנער אָפּלענען אויף שפּעטער די בעצאָהלונג פון דעם חוב, האָט ער דערפאַר גערעכענט אַזעלכע גרויסע צינזען, דאָס דיזעס האָט נאָך מעהר פערפּלאָנטערט די לאַגע פון דעם שולדנער. אויב דער שולדנער איז ניט געווען אין שטאַנד אויף צום צווייטען טערמין זיין חוב צו בעצאָהלען, האָט עס דער קרעדיטאָר בעדאַרפט פּובליצירען אין דריי מאַרק-טעג, און דאַן האָט ער געהאַט דאָס רעכט איהם, דעם בעל חוב, שמידען אין קייטען און בעהאַנדלען איהם גרויזאַם, ווי ער האָט געוואָלט און געקענט. דער קרעדיטאָר האָט אפילו געהאַט דאָס רעכט צו טויטען זיין שולדנער. ווען איינער האָט געהאַט עטליכע קרעדיטאָרען האָבען זיי געהאַט דאָס רעכט איהם צושניידען אויף שטיקער.

דיזע לאַגע האָט זיך אַזוי שטאַרק פערברייטערט אין לאַנד, דאָס כמעט יעדען טאָג האָט דאָס געריכט איבערגעגעבען אייניגע בעלי חובות אין די הענט

פון זייערע קרעדיטאָרען. די הייזער פון די פּאַטריציער זיינען פערוואַנדעלט געוואָרען אין געפענגניסען, וואו פרייע בירגער האָבען געמוזט אונטער'ן קנוט פון זייערע קרעדיטאָרען שווער אַרבייטען אום זייערע חובות צו בעצאָהלען. דיזע אַלע גרויזאַמע שולד־געזעצען האָט מען ניט אָנגעווענדט אויף אַ בעל חוב אַ פּאַטריציער.

הגם עס האָבען זיך אויך געפונען רייכע לייט אונטער די פּלעבעיער, האָבען זיי אָבער זייער געלט ניט פערברויכט אויף צו פערשקלאַפען די אָרימע



עטרוסקישער פאָהנען־טרעגער. נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

בעלי חובות, זיי פלעגען זייער קאַפּיטאַל אריינלעגען אין לאַנד־גיטער. די פּאַטריציער האָבען עס ניט געברויכט פיר דיזען צוועק, ווייל זיי האָבען געהאַט די מעגליכקייט לאַנד צו רויבען. די לאַגע פון די פּלעבעיער איז ענדליך גע־וואָרען אונערטרעגליך, און דיזע לאַגע האָט געפיהרט צו אונרוהען. די פּאַט־ריציער האָבען אָנגעהויבען צו פירכטען, און האָבען אָנגעפאַנגען צו זוכען מיט־לען געגען דעם. אייניגע האָבען פאָרגעשלאָגען מען זאָל די פּלעבעיער בע־פרייען פון די צינזען. אַנדערע דאַגעגען האָבען געפאָדערט שטרענגע דורכ־

פיהרונג פון די שולד־געזעצען. אין יענער צייט האָט אויסגעבראָכען אַ קריג, וועלכען דער סענאַט האָט וויליג אויפגענומען, וויל מען האָט געהאָפט, אַז דורך דעם וועט דאָס פאָלק פערגעסען אויף אַ צייט די שולדען־פראַגע. דער סענאַט האָט זיך דיזעס מאָל פעררעכענט. דאָס פאָלק האָט ניט געוואָלט ליפערן קיין סאָלדאַטען צו דער מלחמה. עס האָבען זיך אָבער געפונען רעד־נער, וואָס האָבען דאָס פאָלק איינגערעדט, דאָס יעצט, ווען דעם פאָטערלאַנד



סאַמניטישער קריגסמאַן. נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

דראָהעט אַ געפאַהר, איז ניט קיין צייט אונרוהען צו מאַכען, און דאָס פאָלק איז שוין געווען גרייט נאָכצוגעבען. פּלוצלינג איז געקומען צום פערזאַמל־טען פאָלק אַן אַלטער מאַן, וועלכער איז אַנטלאָפען פון געפענגניס, געקליידט אין שמוציגע שמאַטעס, בלייך און אָפּגעמאַטערט, און האָט קלאָגענדיג אויף'ן קול געצויגען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער פערזאַמלונג. ער האָט פאַר דער פערזאַמלונג געצייגט די בלוטיגע שרעקליכע וואונדען פון דער אונ־

מענשליכער בעהאנדלונג, וואָס די קרעדיטאָרען האָבען איהם געמאַכט, און האָט דערביי ערצעהלט, דאָס ער איז געוועזען בעטייליגט אין אַכט און צוואַנציג שלאַכטען, צוליב וועלכע זיין גאַנצעס פערמעגען איז פערניכטעט געוואָרען. ער איז געצוואונגען געוועזען געלט פון די פאַטריציער צו באָרגען און די גרויסע צינזען האָבען דעם חוב מעהר און מעהר פערגרעסערט. ענדליך האָט דער קרעדיטאָר איהם מיט זיינע צוויי זיהן געשמידט אין קייטען און אין גע־פענגניס אריינגעוואָרפען. אייניגע פון דער פערזאַמלונג האָבען דערקענט, דאָס ער איז אַמאָל געוועזען אַ מוטיגער הויפּטמאַן אין מיליטער. אַלע, וואָס האָבען געהערט דיזע קלאַגע, האָבען שטאַרק סימפּאַטיזירט מיט איהם און זיינען געוואָרען שטאַרק אויפגעבראַכט. ווי אַ פייל פון בויגען האָט זיך דיזע געשיכטע פערברייטערט אין דער גאַנצער שטאָדט. עס איז צוזאַמענ־געלאָפען אַן אונגעהייערע מאַסע פון בעדריקטען פאָלק און איז געלאָפען שטורמען דעם סענאַט. דער הארטהערציגער קאָנסול אַפּפּיוס קלאַודיוס האָט זיך קוים מיט זיין לעבען געראַטעוועט. דער צווייטער קאָנסול פּ. סערוויליוס האָט באַלד ארויסגעלאָזען אַן אויפרוף צום פּובליקום, דאָס ווער עס וועט זיך גלייך פערשרייבען אין מיליטער־דינסט און געהן צום קריג, ווערט ער זעלבסט באַלד פריי פון געפענגניס, וואו ער איז פערהאַלטען וועגען שולדען, און זיינע קינדער ווערען אויך פריי פון אַלע שולדען און בעקומען צוריק זייער פאָטער׳ס אייגענטום צום בעזיץ און קיינער קען זיי דערין ניט הינדערן. באַלד ווי דיזע פּראָקלאַמאַציאָן איז פּובליצירט געוואָרען האָט דאָס גאַנצע פאָלק געשוואָרען צום פלאַג.

דער סענאַט האָט אָבער ניט געוואָלט ערפילען דאָס, וואָס דער קאָנסול האָט פערשפּראָכען דעם פאָלק. דער אַנדערער קאָנסול אַפּפּיוס קלאַודיוס האָט די שולדנער צוריק אין געפענגניס געוואָרפען, און די אַלע בעלי חובות, וואָס זיינען ניט אין שטאַנד געוועזען צו בעצאָהלען זייערע שולדען, האָט ער אי־בערגעגעבען אין די הענט פון די קרעדיטאָרען. דאָס האָט זעהר ערביטערט דאָס פאָלק, עס איז געוואָרען אַן אויפשטאַנד און מען האָט אויפגעהערט צו פאָלגען די בעפעהלען פון דער רעגירונג. דער סענאַט האָט קיין אַנדער מיטעל דערצו ניט געפונען, ווי צו מאַכען פיר אַ דיקטאַטאָר (צייטליכען זעלבסט־הערשער) דעם פאָלקס־בעליבטען מ א ר ק ו ס ו ו א ל ע ר י ו ס. דיזען האָט מען איבערגעגעבען די פולע מאַכט צו מאַכען נייע געזעצען און ברייגגען אָרדנונג אין רוים. אָבער דער האַרטנעקיגער אַפּפּיוס קלאַודיוס האָט איהם ניט דערלאָזען עטוואָס צו טאָן פיר די פערבעסערונג פון דער לאַגע פון די שולד־

נער, און וואַלעריוס האָט ערקלערט דעם פאָלק, דאָס ער איז ניט אין שטאַנד עטוואָס צו טאָן פיר זיי.

די פּלעבעיער, וואָס זיינען געווען אין דער אַרמעע האָבען אַרויסגעטרי־בען די פּאַטריצישע אָפיצירען, האָבען ערוועהלט אַן ערפאַהרענעם אַנפיהרער מיט'ן נאָמען ס י צ י נ י ו ס ב ע ל ל ו ט ו ס און האָבען בעשלאָסען צו מאַכען אַ נייע קאָלאָניע אויף דעם הייליגען באַרג און אין גאַנצען פערלאָזען רוים. דאָס האָט ענדליך דעם סענאַט די אויגען געעפענט צו זעהן, דאָס מען מוז דעם פאָלק עפּעס נאָכגעבען. מען האָט געשיקט 10 געזאַנדטע צום פאָלק אויף'ן הייליגען באַרג צו פערהאַנדלען און אויסאַרבייטען מיטלען צו פערגלייכען זיך. איינער פון די געזאַנדטע, דער בעליבטער ביים פאָלק מע־נעניוס אַגריפּפּאַ, האָט די פּלעבעיער ערצעהלט דעם פאָלגענדען משל: „הערט אַ געשיכטע: אַמאָל האָבען זיך אַלע גלידער פון מענשען צובונטעוועט געגען מאָגען. „אַ סקאַנדאַל,״ האָבען די גלידער גע'טענה'עט, „מיר זאָלען אַלע האָרעווען שווער און ביטער צו פערשאַפען דעם מאָגען אַל דאָס גוטס, ער פרעסט און זויפט און לאָזט זיך וואויל געהן און אַליין טוט ער גאָר־נישט״. די הענט האָבען זיך אָפּגעזאָגט עטוואָס צו טאָן צו ברייננגען שפּייז צום מויל, די ציינער האָבען ניט געוואָלט קייען א. אז. וו. אין אַ קורצער צייט האָ־בען די אַלע גלידער געפיהלט אַ שרעקליכע שוואַכקייט. זיי האָבען זיך באַלד איבערצייגט, דאָס דער מאָגען פלעגט ניט אַליין געניסען די שפּייז, נאָר ער האָט אַ גרויסען טייל דערפון איבערגעגעבען צו אַלע אַנדערע גלידער און האָט זיי דורך דעם די נעטיגע קראַפט פערשאַפט. זיי זיינען צוריק שלום געוואָרען מיט'ן מאָגען און האָבען איבער־אַ־נייס אָנגעפאַנגען צו אַרבייטען״.

דיזער משל האָט ווייניג געווירקט אויף די פּלעבעיער ביז די געזאַנדטע האָבען זיי פערשפּראָכען נאָכצוגעבען אייניגע פון זייערע פערלאַנגען. די געזאַנדטע האָבען ניט נאָכגעגעבען זייערע פאָדערונגען די אַלע שולדען צו פערניכטען און אַלע שולד־קנעכט צו בעפרייען, אָבער זיי האָבען איינגע־שטימט צו מאַכען אַ בעזונדער געריכטס־הויז פיר די פּלעבעיער אין פּראָצע־סען געגען די פּאַטריציער. דיזעס איז די ענטשטעהונג און דער אָנפאַנג פון דעם פאָלקס־טריבונאַל, וועלכער האָט שפּעטער בעקומען אַ זעהר וויכטיגע בעדייטונג און מאַכט און האָט געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף די רוימי־שע געזעצגעבונג און האָט פיעל געהאָלפען צו זיכערן די רוימישע רעפּובליק. די פאָלקס־טריבונען (ריכטער) פלעגען ערוועהלט ווערען נאָר אויף איין יאָהר. די צאָהל זייערע איז אָנפאַנגס געווען נאָר צוויי, שפּעטער איז זי געקומען ביז 5 און ענדליך 10. עס איז געווען אַ גרויסעס פערברעכען אָנצוגרייפען

א טריבון, און ווער עס האָט אָנגעגריפען א טריבון האָט געקענט געטויטעט ווערען פון יעדען איינעם אָהן יעדען פּראָצעס און אָהן דער ענטשיידונג פון וועלכען עס איז געריכטס־הויז.

ווי אונבעדייטענד קליין עס איז געוועזען דאָס, וואָס די פּאטריציער האָבען נאָכגעגעבען די פּלעבעיער, האָבען זיך דאָך געפונען פיעלע, וואָס האָבען



רוימישער סאָלדאט. נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

דיזע קליינע הנחה געוואָלט ביי זיי צוריק אָפּנעהמען. דאָס איז שוין אַן אַל־געמיינער כאַראקטער־צוג פון אַלע מעכטיגע, דאָס עס איז זיי שווער אָפּצוטרעטען פון זייער מאַכט אויף א האָאָר. ווען עס האָט זיך געמאַכט א הונגער אין רוים אין יאָהר 494 פ. קר., האָט א שטאָלצער פּאטריציער קאָריאָלאַנוס פאָרגעשלאָגען, מען זאָל די פּלעבעיער קיין ברויט ניט פערקויפען ביז

זיי װעלען זיך אָפּזאָגען פון זייערע רעכטען צו האָבען אייגענע פאָלקס־טרי-
בונען. די פּלעבעיער אָבער האָבען זיך בענוצט מיט זייער רעכט צו ערקלערען
יעדען אויסער געזעץ, וואָס וועט ערוועגען עטוואָס צו טאָן געגען דעם טריבו-
נאַט. קאָריאָלאַנוס איז געוועזן אין געפאַהר ערמאָרדעט צו ווערען אָהן א שום
געריכט פון יעדען פּלעבעיער אָהן א שטראָף, און ער איז ענטלאָפען פון רוים.
אום ראַכע צו נעהמען, האָט ער זיך געווענדעט צו די וואָלסקער, האָט צוזאַ-
מענגעשטעלט אַן ארמעע פון 5,000 מאַן, איז בעפאַלען אייניגע לאַטינישע



רוימישער סאָלדאַט. נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

שטעדט, האָט זיי בעזיגט און האָט זיך נאָך דעם בעגעבען אין רוים און
האָט זי בעלאַגערט. די רוימער האָבען איהם געשיקט געזאַנדטע און האָבען
פאָרגעשלאָגען פערשיידענע בעדינגונגען פון פרידען, אָבער קאָריאָלאַנוס האָט
קיינע ניט אָנגענומען. בעקאַנטע סענאַטאָרען און פּריסטער זיינען אויך ארוים
צו איהם אום צו האַנדלען וועגען פרידען, אָבער דאָס האָט אויך ניט געהאָל-
פען. ענדליך איז געגאַנגען צו איהם א דעפּוטאַציאָן פון פרויען, צווישען
וועלכע זיינען אויך געוועזן זיין מוטער וועטוריא און זיין ווייב וואָ-

ל ו מ נ י א. דיזע צוויי פרויען זיינען געשטאנען אן דער שפּיץ פון דער פרויען־דעפּוטאציאן. ביים אנבליק פון זיין מוטער האט זיך געבויגען דער שטאלץ פון דעם זיגער און ער האט צו איהר געזאגט: „טייערע מוטער! דו האסט געראטעוועט רוים, אבער איך בין פערלארען!" ער איז איהר געפאלען אויף'ן האלז און האט געוויינט, און האט אפּגעטרעטען פון דער בעלאגערונג פון רוים. ער האט ווירקליך דורך דעם זיין לעבען פערלאזען, ווייל די וואלסקער האבען איהם ערמארדעט, נאך דעם, ווי זיי האבען געזעהן, דאס זייערע האפנונגען איינצונעהמען רוים איז ניט ערפילט געווארען און ער, קאריאלאנוס, איז געוועזען דער שולדיגער אין דעם.

באלד נאך דעם, ווי דער פאלקס־טריבונאט איז איינגעריכטעט געווארען, איז ארויסגעשוואומען די פראגע פון גערעכטען צוטיילען דאס געמיינדע־לאנד, דאס אגער פּובליקוס, ווי עס האט געהייסען אין רוים. דיזע פראגע איז א צייט לאנג ניט געלעזט געווארען און זי איז געוועזען די אורזאך פון א לאנג־יעהריגען קאמף צווישען די פאטריציער און פּלעבעיער. דער קאנסול ס פּ ו ־ ר י ו ס קאססיוס וויסצעללינוס, וועלכער האט שוין איינמאל געצייגט זיין פריינדליכקייט צו די פּלעבעיער דערמיט, וואס ער האט געמאכט א פארשלאג מען זאל צוריקגעבען די פּלעבעיער דאס געלד, וואס זיי האבען בעצאהלט אין צייט פון הונגער פיר געטריידע, — דיזער וויסצעללינוס האט געמאכט א פארשלאג, דאס מען זאל די פּלעבעיער אויך געבען א גע־וויסען טייל פון שטאאטס־לאנד און דאס די פאטריציער זאלען פיר דאס לאנד, וואס זיי בעקומען פון דער רעגירונג מעהר פון די פּלעבעיער, צאהלען א געוויסע שטייער. די פּלעבעיער זיינען געוועזען אויסער זיך פון פרייד, דער סענאט אבער איז געוועזען שטארק אויפגעבראכט אויף דעם קאנסול פאר זיין פארשלאג. די פאטריציער האבען מורא געהאט אפען צו פּראטעסטירען גע־גען דיזען פארשלאג. זיי האבען לפנים איינגעוויליגט צו געבען די פּלעבעיער א טייל פון דעם שטאאטס־לאנד, זיי האבען אבער אין געהיים געגען דעם קאנ־סול פערברייטערט דעם חשד, דאס ער חנפ'עט די פּלעבעיער אום דורך זייער הילף צו ווערען קעניג. דיזער חשד איז געוועזען זעהר וואהרשיינליך, ווייל קאס־סיוס איז געוועזען'בעוואוסט אלס א מאן, וואס האט אין זיך א הויך־שטרעבענ־דען גייסט. ער האט באלד אויך פערלארען דעם צוטרויען פון די פּלעבעיער און די פאטריציער האבען דאן געוואגט דעם פערהאסטען קאנסול צו פערקלאגען פאר די קוריאט־קאמיטיען אין הויך־פערראט. קאססיוס איז געווארען פעראור־טיילט צום טויט אלס א געמיינער פערברעכער און מען האט איהם אראפּגע-

שלײדערט פון דעם טאַרפּעאישען פעלז, וואָס איז געװען אויף'ן קאַפּיטאָלינוס, און זיין הויז האָט מען צושטערט. דער אָרט, וואו זיין הויז איז געשטאַנען, איז געבליבען וויסט, ניט פערבויט.

נאָך קאַססיוס'עס טויט האָבען די פּאַטריציער אָנגעפאַנגען אָפּצושאַפען דאָס געזעץ וועגען געבען די פּלעבעיער אַ טייל אין די שטאַאַטס=לענדערייען. דער טריבון *) גענוציוס האָט געשטריטען מיט אַלע קאָנסולען נאָך קאַססיוס'ן און האָט געפאָדערט קאַססיוס' געזעץ זאָל בלייבען אין קראַפט. די פּאַטריציער האָבען עס אָבער ניט דערלאָזען. ענדליך, ווען דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען שטאַרק פאָדערן זיינע רעכטען און האָט געדראָהעט צו געברויכען מאַכט, האָבען די פּאַטריציער געדונגען מערדער, וועלכע האָבען דעם טריבון גענוציוס אין זיין הויז ערמאָרדעט.

מעהר גליק אין דיזער זאַך האָט געהאַט פובליליוס וואָלעראָ. ער האָט זיך אין מיליטער דערדינט צום ראַנג פון אַ צענטוריאָ, ד. ה. אָפיציער איבער 100. ווען עס איז געקומען צו אַ נייער ערהייבונג אין אַמט, האָבען איהם די קאָנסולען אַרונטערגעזעצט און געשטעלט צוריק אין די רייהעס פון געמיינע סאָלדאַטען. דיזעס האָט איהם שרעקליך אויפגעבראַכט און ער האָט ניט געוואָלט פאָלגען די קאָנסולען. זיינע סאָלדאַטען האָבען איהם אונטערשטיצט און ער האָט אָנגעהויבען אַ קאַמף מיט די קאָנסולען, וועלכע זיינען ענטלאָפען פון איהם. דיזעס איז שטאַרק געפעלען געוואָרען די פּלעבעיער און זיי האָבען איהם ערוועהלט אַלס פאָלקס=טריבון.

אַלס טריבון האָט ער געפאָדערט ערסטענס, דאָס די וואַהלען פון די טריבונען זאָלען עפענטליך אין די שטאָדט=בעצירקען ערוועהלט ווערען און דערמיט ברעכען דעם איינפלוס פון די רייכע און דעם אַדעל. צווייטענס האָט ער געפאָדערט, דאָס די טריבונען, אַלס פאָלקס=פאָרשטעהער, זאָלען האָבען אַ דעה איבער אַלע עפענטליכע פאָלקס=זאַכען, ניט נאָר איבער זאַכען, וואָס זיינען נוגע נאָר צו די פּלעבעיער. די פּאַטריציער האָבען אַלע מיטלען געברויכט דער פאָרשלאַג זאָל ניט דורכגעפיהרט ווערען, זיי האָבען געמאַכט אַלערליי אונאָרדנונגען אום מען זאָל צו קיין רעזולטאַט ניט קענען קומען. אַזוי האָבען זיי אַ גאַנצעס יאָהר געשטורמט אין די פערזאַמלונגען מיט דער האָפנונג, דאָס עס וועט זיי געלינגען פטור צו ווערען פון דיזען פערהאַסטען פאָלקס=טריבון, וועלכער האָט מיט אַזאַ ענערגיע און אַזוי שטאַנדהאַפט געאַרבייט פיר די פּלעביער. זיי, די פּאַטריציער, האָבען אָבער גאָר

*) מאַגיסטראַט, וואָס האָט געהאַט אויפצופאַסען אויף די רעכטען פון פאָלק.

ניט געוואונען דערמיט. וואָלערא איז אויסגעוועהלט געוואָרען אַלס פאָלקס־טריבון אויף דאָס צווייטע יאָהר, און דאַן האָבען די פּאַטריציער שוין מעהר ניט געקענט אַנוועגדען זייערע געמיינע מיטלען. דער פאָרשלאַג, דאָס די פאָלקס־טריבונען זאָלען האָבען דאָס רעכט צו נעהמען אַנטייל אין אַלע פאָלקס־אַנגעלעגענהייטען, איז אַנגענומען געוואָרען, הגם דיזער האָט נאָך בעדאַרפט פון סענאַט בעשטעטיגט ווערען, אָבער דער פאַקט אַליין, אַז דאָס פאָלק וויל צונעהמען פון די פּאַטריציער זייערע אונבעשרענקטע רעכטען און זיי איבערגעבען צו די פאָלקס־טריבונען, איז געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ פיר די פּאַטריציער.

דער פאָלקס־טריבון טערענטיליוס אַרזא האָט דורכגעפיהרט (462 פ. קר.) נאָך אַ זעהר וויכטיגע רעפאָרמע אין דעם לעבען פון דעם רוימישען פאָלק, נעמליך, דאָס עס זאָלען פעסטגעשטעלט ווערען געשריבענע געזעצען. ביז דאַן האָבען די ריכטער פון די פּאַטריציער גע׳משפּט דאָס פאָלק נאָך געוויסע אַלטע טראַדיציאָנען און מנהגים אין יוריספּרודענץ, און דיזעס האָט זיי געגעבען די מעגליכקייט צו פערדרעהען די געזעצען און מאַכען זיי צו גונסטען פון די פּאַטריציער און ניט גינסטיג פיר די פּלעבעיער. מיט דיזען פאָרשלאַג האָט ארזא ארויסגערופען אַ שרעקליכען קאַמף פון דער זייט פון די פּאַטריציער, וועלכע האָבען ניט געוואָלט אָפּלאָזען דעם קלענסטען טייל פון זייערע גע׳ירש׳ענטע רעכטען, און האָבען געבראַוכט אַלערליי אונגערעכטע מיטלען די דורכפיהרונג פון דיזען פאָרשלאַג צו פערהינדערן. די פּלעבעיער אָבער האָבען די זאַך פון אויג ניט אָפּגעלאָזען און האָבען הונדערטע יאָהרען לאַנג געשטריטען אום גלייכע רעכטען צו קריגען. לאַנגזאַם, טריט ביי טריט, האָבען זיי פון די געגנער, די פּאַטריציער, דעם באָדען פון אונטער זיי אָפּגענומען ביז זיי האָבען ענדליך דערגרייכט זייער ציעל. עס איז איינער פון די וויכטיגסטע און זעלטענע קאַמפּען אין דער וועלט־געשיכטע. ניט ווילענדיג שווימט אַרויף די פראַגע: ווי קומט עס, דאָס די פּאַטריציער, וועלכע זיינען געווען אין צאָהל פיעל וועניגער פון די פּלעבעיער, האָבען געקענט אַזוי לאַנג שטעהן פעסט געגען דער מעהרהייט און זיינען ניט פערניכטעט געוואָרען פון זיי? דערויף איז דער איינציגער ענטפער: די קליענטען האָבען געשטיצט די פּאַטריציער אין זייער קאַמף מיט די פּלעבעיער. מיר האָבען שוין פריהער געזעהן, דאָס די קליענטען זיינען אימער בערייט געווען זייער לעבען צו אָפּפערן פיר זייערע פּאַטראָנען. די פּאַטריציער האָבען גוט פערשטאַנען דעם אַלטען כלל פון די הערשזיכטיגע: **Divide et impera**, ד. ה. „שפּאַלט אין פּאַרטייען און הערש!” נאָר דורך די צוטיילונג פון דעם פאָלק

אין קלאַסען, קליענטען און פּלעבעיער, מיט פערשיידענע אינטערעסען, וועלכע האָבען זיי געהינדערט צו געהן צוזאַמען האַנט אין האַנט פיר דאָס אַלגעמיינע וואויל־זיין — נאָר דורך דיזען מיטעל, וועלכען אויך די דעספּאָטען פון היינטיגער צייט געברויכען זעהר געשיקט, איז עס געלונגען די פּאַטריציער אַזוי לאַנג פעסט צו שטעהן געגען די פּלעבעיער אין זייער לאַנגען ביטערען קאַמפף פיר גלייכעס מענשען־רעכט.

אַנפאַנגס האָבען די פּאַטריציער געברויכט פשוט פיזישע מאַכט געגען די פּלעבעיער. זיי פלעגען איינפאַך די קעפּ צושפּאַלטען פון די פּאָלקס־טריבונען און פלעגען זיי פעריאָגען פון די פּאָלקס־פערזאַמלונגען. אָבער דאָס



צינצינאַטוס.

פאָלק האָט זיך ענערגיש גענומען און האָט געמאַכט אַן ענדע צו די סקאַנדאַלען. דאָס פאָלק האָט נעמליך דעם הויפּט־פיהרער פון די פּאַטריציער ק עָ ז אָ ק ו ו י נ ק ט י ל י ו ס צום געריכט געשטעלט פיר זיינע מערדערייען און סקאַנדאַלען. קעָזאָ האָט געמוזט בעקומען ערבות פון צעהן בירגער אום מען זאָל איהם ניט אריינזעצען אין געפענגניס ביז דעם פּראָצעס. קעָזאָ איז ענטלאָפען און די ערבות־געבער האָבען געמוזט יעדער בעצאָהלען 3,000 אַס. דער פאָטער פון דעם ענטלאָפענעם, דער אָרענטליכער צ י נ צ י נ נ אַ ט ו ס, האָט זיין גאַנצעס פערמעגען אָפּגעגעבען צו בעצאָהלען די גזעצליכע שטראָף

אום די ערבות־געבער זאָלען ניט ליידען. איהם איז נאָכדעם געבליבען נאָר איין קליינעס גוט צום אונטערהאַלטען זיין לעבען און די פאַמיליע.

די אונרוהען וועגען אַרזאַ'ס פאָרשלאַג האָבען זיך דערמיט ניט געענדיגט. דערצו האָט נאָך דער ענטלאָפענער קאָזאָ געגאָסען בוימעל אויף'ן פייער דערמיט, וואָס ער האָט אויפגעזאַמעלט איינינע קריגער און איז בעפאַלען דאָס קאַפּיטאָל. גענענדיגט האָט זיך דיזער אָנפאַל דערמיט, וואָס קאָזאָ האָט פערלאָרען זיין לעבען. דער סענאַט האָט דעם אָרענטליכען צינצינאַטוס ערוועהלט אַלס קאָנסול און האָט איהם בעאויפטראַגט צו בערוהיגען די פּלעבעיער. ער האָט אָבער גאָר ניט געקענט מאַכען — די פּאַטריציער האָבען קיין זאַך ניט געוואָלט נאָכגעבען. דאָס זעלבע איז אויך געווען דער רעזולטאַט פון די אָנשטרענגונגען פון די איבריגע קאָנסולען נאָך צינצינאַטוס'ן. דאָס גאַנצע רוימישע חיל האָט געהאַלטען ביים אונטערגעהן. דער סענאַט האָט בעשלאָסען צו ערוועהלען אַ דיקטאַטאָר. די וואַהל איז געפאַלען אויף צינצינאַטוס'ן. ווען די געזאַנדטע זיינען געקומען צו איהם אָנזאָגען איהם, דאָס ער איז ערוועהלט פון סענאַט אַלס דיקטאַטאָר, האָבען זיי איהם געפונען געהענדיג נאָך דער סאָכע און די אָקסען, וואָס האָבען זיין קליינעס גוט בעאַקערט. צינצינאַטוס האָט אָנגענומען די שטעלע אַלס דיקטאַטאָר און אין 16 טעג האָט ער די אונרוהען פון די פּלעבעיער איינגעשטילט, פיעלע פון זיי זיינען דער'הרג'עט געוואָרען, און עס האָט אויסגעוויזען שטיל צו ווערען. נאָכדעם האָט צינצינאַטוס איבערגעגעבען די דיקטאַטאָר־שטעלע צוריק צום סענאַט און אַליין איז ער ווידער אַוועק צו זיין פעלד־ארבייט.

עס האָבען נאָר די אויסערע אונרוהען אויפגעהערט, אָבער די גייסטער האָבען זיך ניט בערוהיגט. דער קאַמף איז אָנגעגאַנגען ווייטער. די פּאַטריציער האָבען געמוזט נאָכגעבען די פּלעבעיער זייער פערלאַנג צו פערגרעסערען די צאָהל פון זייערע פאָלקס־טריבונען ביז צעהן (457 פ. קר.). אַ יאָהר נאָך דעם האָבען די פּלעביער ערהאַלטען די שטאַאַטס־לענדערייען, וואָס זיינען געלעגען אויף דעם אַווענטינוס. אין דער זעלבער צייט האָבען די פּלעבעיער ערהאַלטען דאָס רעכט דורך זייערע פאָלקס־טריבונען פאָרשלאַגען צו מאַכען וועגען אַלגעמיינע פאָלקס־אינטערעסען. שפּעטער מיט 3 יאָהר האָבען די פּאַטריציער געמוזט נאָכגעבען די פאָדערונגען פון די פּלעבעיער ארויסצוגעבען שריפטליכע געזעצען פיר דאָס פאָלק. אין יאָהר 454 פ. קר. האָט מען געשיקט אַ געזאַנדטשאַפט אין אַטהען אום די דאָרטיגע געזעצען צו צו לערנען.

צוויי יאָהר האָבען די געזאַנדטע פערבראַכט אין אַטהען. נאָך דעם זיי־נען זיי צוריקגעקומען נאָך רוים און דער סענאַט האָט ערוועהלט צעהן פּערזאָן פון די פּאַטריציער, זיי זאָלען פערפאַסען נייע געזעצען. דיזע צעהן מענער אָדער דעצעמווירען, האָבען אין אַ קורצער צייט פערפאַסט געזעצען, וועלכע זיינען געווען אויפגעשריבען אָדער אויסגעקריצט אויף צעהן טאַפּלען (לוחות). שפּעטער, אין יאָהר 450 פ. קר., זיינען צוגעקומען נאָך צוויי טאַפּ־לען. דיזע צוועלף טאַפּלען זיינען געוואָרען עפענטליך אויסגעשטעלט אום די געזעצען זאָלען בעקאַנט ווערען דעם גאַנצען פאָלק.

פון דיזער אַלטער געזעצגעבונג זיינען אונז יעצט נאָר ברוכשטיקער גע־בליבען. אָבער אויך פון דעם, וואָס איז אונז פערבליבען, קענען מיר זעהן, דאָס עס איז אַ גרויסער אונטערשייד צווישען דיזער רוימישער געזעצגעבונג און די סאָלאָנישע געזעצען פון אַטהען. דיזע האָבען די אַלטע געזעצען אין גאַנצען אָפּגעשאַפט און האָבען דורכגעפיהרט ראַדיקאַלע רעפאָרמען, ווערענד די רוימישע האַלטען זיך שטרענג אָן די אַלטע געזעצען. אפילו אין די רעפאָרמען הערשט דער גייסט פון די אַלטע געזעצען. אזוי צ. ב. איז דאָס שטרענגע שולד־רעכט פערבליבען נאָר מיט קליינע אומענדערונגען.

נאָך דעם ערסטען יאָהר זינט די 12 טאַפּלען זיינען פערעפענטליכט גע־וואָרען, האָט מען ערוועהלט נייע דעצעמווירען, צווישען וועלכע עס האָבען זיך אויסגעצייכענט אויסער אַפּפּיוס קלאַודיוס'ן ־ער אמאָליגער פּראָטאָר קווינטוס פאַביוס און דער פּלעבעיער ספּוריוס אָפּפּיוס. די פּלעבעיער האָבען געלעגט גרויסע האָפנונגען אויף דיזע דעצעמווירען. פון זייער האָפנונג איז אָבער כמעט ווי גאָרניט געוואָרען. אַפּפּיוס קלאַודיוס, ווי נאָר ער האָט דאָס אַמט בעקומען, האָט אַראָפּגעוואָרפען פון זיך די מאַסקע אַלס פאָלקס־פריינד און האָט נאָר געשטרעבט צו בעשיצען די אינטערעסען פון די פּאַטריציער, און אויסער דעם האָט ער געווירקט אויף די איבריגע דעצעמווירען צו שטרעבען צו אונבעשרענקטער מאַכט. יעדער פון די דעצעמ־ווירען איז יעצט ערשינען פאַר דעם פּובליקום אין בעגלייטונג פון צוועלף ליק־טאָרען (אַ סאָרט לייב־וועכטער), וועלכע האָבען אין זייער בינטעל ריטער אויך געטראָגען אַ האַק, צו ווייזען, דאָס די דעצעמווירען האָבען די מאַכט איבער לעבען און טויט, אַ צייכען, וועלכעס איז שוין לאַנג געווען פערבאָטען.

די פאָלקס־טריבונען זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרען און די פּלעבעיער זיי־נען געבליבען אָהן אַ שוץ. די דעצעמווירען האָבען געהערשט אונבעשרענקט. יעדערער, וואָס האָט זיך ערלויבט זיי אין עטוואָס דאַגעגען צו זיין, איז שווער בעשטראָפט געוואָרען; געפענגניס, געלט־שטראָף, פערשיקונג און אפילו

טויט־שטראָף זיינען געוואָרען זעהר געוועהנליכע זאכען פיר די יעניגע, וואָס האָבען געוואגט עטוואָס געגען די דעצעמווירען צו אונטערנעהמען. זיי האָבען ניט בערופען דעם סענאַט, ניט קיין פאָלקס־פערזאמלונג. זיי האָבען אַליין דעספאָטיש געהערשט און געדריקט דאָס פאָלק, וועלכעס האָט קיינמאָל אזוי פיעל ניט געליטען אונגערעכטיגקייט זינט רוים איז געגרינדעט געוואָרען.

ווען דאָס יאָהר פון זייער אַמט האָט זיך געענדיגט, האָבען די דעצעמווירען זייערע עמטער ניט געוואָלט דעם פאָלק איבערגעבען, און די מורא פאר זיי איז אזוי גרויס געווען, דאָס קיינער האָט ניט געוואגט עטוואָס צו טאָן געגען זייער דעספאָטיע. געגען דיזע דעספאָטען איז ארויס ס י ק - צ י ו ס ד ע נ ט א ט ו ס, אַן אַלטער קריגער, וועלכער איז געווען אין 120 מלחמות און האָט געהאט 45 וואונדען אויף זיין קערפּער. דיזער האָט גע־ווירקט אויף זיינע קאַמעראַדען די סאָלדאַטען צו פאָדערן איבער־אַ־נייעם צו ערוועהלען פאָלקס־טריבונען, און ווען מען וועט זיי ענטזאָגען דאָס נאָכצוגע־בען, זאָלען זיי צום צווייטען מאָל אויסוואַנדערן צום הייליגען בארג. די דעצעמווירען האָבען מורא געהאט דיזען אַלטען סאָלדאַט, וועלכער איז געווען שטאַרק בעליבט ביים פאָלק, צום געריכט צו רופען, אָדער אויף איהם וועלכע עס איז שטראָף ארויפלעגען, און זיי האָבען דעריבער בעשלאָסען שטילערהייד איהם צו לאָזען טויטען. דאָס איז אויך געשעהן. דער מאָרד איז אמת באַלד ענטדעקט געוואָרען, און עס זיינען ענטשטאַנען שרעקליכע אונרוהען, אָבער עס איז די דעצעמווירען געלונגען, ווענינסטענס אויסערליך, דיזע אונ־רוהען איינצושטילען.

גלייך נאָך דעם האָט אַפּפּיוס קלאַודיוס בעגאַנגען אַ סקאַנדאַל, וואָס האָט דאָס פאָלק שרעקליך אויפגעבראַכט אויף איהם און אויף אַלע פּאַט־ריציער. איהם האָט זיך פערגלוסט צו בעקומען די בעריהמטע שענהייט, די יונגפרוי ו ו י ר ג י נ י אַ. צו דיזען צוועק האָט ער אָנגעשטעלט איינעם פון זיינע קליענטען ער זאָל פאָדערן דורך געריכט, מען זאָל איהם איבער־געבען ווירגיניאַ'ן, ווייל זי איז אַ טאָכטער פון זיינער אַ שקלאַפין. אַפּפּיוס קלאַודיוס איז עס געווען דער ריכטער, וואָס האָט געדאַרפט ענטשיידען זיין קלאַגע. ווירגיניאַ איז ערשינען פאר דעם ריכטער־שטוהל און מיט איהר איז געקומען איהר פאָטער, אַ פּלעבעיאישער הויפּטמאַן ו ו י ר ג י נ י ו ס, מיט איינינע פון זיינע פריינד, אום צו בעווייזען, דאָס ווירגיניאַ איז די עכטע טאָכטער פון זיין פרוי. קלאַודיוס האָט די אַלע בעווייזען ניט גענומען אין בעטראַכט און האָט אָנערקענט די פאָדערונג פון זיין קליענט. קיינער האָט ניט געוואגט זאָגען אַ וואָרט וועגען דיזער שענדליכער אונגערעכטיגקייט און

די ליקטאָרען זיינען שוין געווען גרייט זי אַוועקצופיהרען צום קליענט. דאַן האָט דער פאָטער ווירגיניוס געפּאַסט אַן ענטשלוס אויף אָן עכט רוימישען שטייגער. ער האָט גאַנץ רוהיג געבעטען קלאַודיוס'ן אום פערצייהונג, וואָס ער האָט אין זיין פערטיידיגען די יונגפרוי אַ פּאָר צו שאַרפע ווערטער געברויכט, און האָט געבעטען די ערלויבניס אַ פּאָר טרויסט־ווערטער ווירגיניאַ'ן צו זאָגען איידער מען וועט זי צום קליענטען אַוועקפיהרען. ער האָט זי דאַן גענומען אָן אַ זייט און האָט געזאָגט צו איהר: „מיין קינד, איך ווייס נאָר איין וועג ווי צו רעטען דיין פרייהייט און דיין עהרע; געה, ווירגיניאַ, צו דיינע עלטערן, באַלד יעצט, כל־זמן דו ביסט נאָך אַ פרייע יונגפרוי און ריין און אונבעפלעקט". מיט דיזע ווערטער האָט ער אַריינגעשטאָכען ווירגיניאַ'ן אין ברוסט זיין שפּיז. נאָך דעם האָט ער זיך אַרויפגעכאַפּט אויף זיין פערד, איידער דער דעצעמוויר האָט געהאַט צייט צו געבען אַ בעפעהל וועגען זיין אַרעסט. ער איז גלייך געלאָפען צו זיינע סאָלדאַטען און האָט זיי ערצעהלט די שרעקליכע געשיכטע. דאָס האָט שרעקליך אויפגעבראַכט דאָס מיליטער, און דער גאַנצער צאָרן, וואָס האָט זיך אַ לאַנגע צייט אָנגעקליבען ביי די פּלעבעיער, האָט זיך מיט איין מאָל צופלאַקערט אין העלע פלאַמען. דאָס מיליטער איז גלייך אַריינגעלאָפען אין רוים און האָט זיך פעראייניגט מיט די פּלעבעיער אין דער שטאָדט. דאַן זיינען די סאָלדאַטען צום צווייטען מאָל אַוועק צום הייליגען באַרג (449 פ. קר.) און זיינען ניט געקומען צוריק ביז מען האָט אָפּגעשאַפט די דעצעמווירען און מען האָט צוריק איינגעפיהרט דאָס קאָנסול־אַמט און די פאָלקס־טריבונען.

די דעצעמווירען זיינען פיר זייערע טיראַנישע האַנדלונגען געשטעלט געוואָרען פאַר געריכט. איינינגע זיינען ענטלאָפען פון לאַנד, קלאַודיוס האָט זיך אַליין דאָס לעבען גענומען און די איבריגע זיינען אין געפענגניס אַריינגעבראַכט געוואָרען.

הגם די געשיכטע פון דער צייט פון די דעצעמווירען איז דונקעל און איז פיעל געמישט מיט זאַגען און לעגענדעס, דאָך איז זיכער, דאָס די צווייטע אויסוואַנדערונג פון די פּלעבעיער האָט זיי זייער פיעל נוצען געבראַכט. די צוויי קאָנסולען וואַלעריוס און האָראַציוס האָבען זיך אַלע מיה געגעבען שלום צו מאַכען צווישען די פּאַטריציער און די פּלעבעיער. דיזע צוויי קאָנסולען האָבען דורכגעפיהרט פאָלגענדע געזעצען: ערסטענס, דאָס קיין וויכטיגער בעאַמטער, איבערהויפּט אַ דיקטאַטאָר, קען ניט אָנגעשטעלט ווערען אָהן דער צושטימונג פון פאָלק; צווייטענס, דאָס דער טריבון און דער אֶדיל (אויפזעהער אויף עפענטליכע געביידעס) זאָלען פון קיינעם

ניט בעליידיגט ווערען מיט טאט אָדער מיט וואָרט; דריטענס, דאָס די בעשלוסען פון די פאָלקס־פערזאַמלונגען, די פּלעביסציטען, זיינען ווי געזעצען פיר דאָס גאַנצע פאָלק. די לעצטע בעשטימונג איז געווען אַ גרויסער זיג פיר די פּלעבעיער. פון יעצט אָן האָבען זיי בעקומען דאָס רעכט אַנטייל צו נעהמען אין דער געזעצגעבונג, הגם די פּלעביסציטען (פאָלקס־בעשלוסען) האָבען נאָך געמוזט האָבען די צושטימונג פון סענאַט אום צו ווערען געזעץ.

הגם פּאָליטיש איז די שייד־וואַנט צווישען די צוויי קלאַסען פון פאָלק, צווישען די פּאַטריציער און די פּלעבעיער, כמעט צושטערט געוואָרען, זיינען זיי דאָך אין געזעלשאַפטליכען לעבען נאָך אַלץ ניט צוזאַמענגעשמאָלצען געוואָרען אין איין פאָלק. איבערהויפּט האָבען געשטערט צו דער פערשמעלצונג די געזעצען, וועלכע האָבען פערבאָטען הייראַטען צווישען פּאַטריציער און פּלעבעיער. אייגענטליך האָט דאָס אַלטע רוימישע געזעץ אַנערקענט פיר געזעצליך נאָר די הייראַטען צווישען פּאַטריציער, און די פּלעבעיאישע הייראַטען, אַפילו צווישען זיי זעלבסט, האָט דאָס געזעץ גאָר ניט אַנערקענט. דער פאָלקס־טריבון קאַנולעיוס האָט דעריבער אין יאָהר 445 פ. קר. געמאַכט אַ פאָרשלאַג, דאָס די הייראַטען צווישען די פּאַטריציער און פּלעבעיער זאָלען אַנערקענט ווערען אַלס געזעצליך, און דאָס די קינדער, וואָס ווערען געבאָרען פון אַזעלכע הייראַטען, זאָלען געהערען צו דער קלאַס, צו וועלכער דער פאָטער געהערט. דער פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרען. יעצט איז נאָך איין זאַך געבליבען, וואָס האָט געפעהלט צו דער פאָלשטענדיגער גלייכהייט פון די פּלעבעיער, און דאָס איז, דאָס איין קאָנסול זאָל ערוועהלט ווערען פון די פּלעבעיער.

אויך דיזען פאָרשלאַג האָט געמאַכט דער אויבען־דערמאָהנטער פאָלקס־טריבון קאַנולעיוס. די פּאַטריציער האָבען מיט אַלע זייערע קרעפטען געקעמפט געגען דיזען פאָרשלאַג. אַלס זיי זיינען אָבער ענדליך געווען געצוואונגען נאָכצוגעבען, האָבען זיי געפונען אַן אויסוועג, וועלכער האָט דאָך געמאַכט אַן אונטערשייד צווישען די ביידע פיינדליכע קלאַסען, נעמליך, דאָס קאָנסולען מוזען נאָר פון די פּאַטריציער ערוועהלט ווערען. אָבער דעם פאָלק איז ערלויבט אַנשטאָט די קאָנסולען צו ערוועהלען צוויי קריגס־טריבונען, וועלכע זאָלען האָבען די זעלבע מאַכט, ווי קאָנסולען, און דיזע קריגס־טריבונען קענען ערוועהלט ווערען איינער פון די פּאַטריציער און איינער פון די פּלעבעיער. אָבער לאַנג נאָך דעם איז נאָך ניט געלונגען די פּלעבעיער איין קריגס־טריבון פון זיך צו ערוועהלען, ווייל די פּאַטריציער זיינען נאָך אַלץ געווען מעכטיג אין

צייט פון די וואהלען ניט צו דערלאָזען, דאָס אַ פּלעבעיער זאָל בעקליידען דיזעס הויכע אמט. אזוי איז עס געשטאַנען ביז דעם יאָהר 400 פ. קר.

די פּאַטריציער האָבען ניט גערוהט ביז זיי האָבען ניט צוגעטראַכט אַ נייעם מיטעל, ווי צו בלייבען העכער פון די פּלעבעיער און האָבען די מעג-ליכקייט זיי צו ערנידריגען און ארויסצושטויסען פון פערשיידענע עמטער. זיי האָבען נעמליך אויסגעטראַכט דאָס אמט פון צ ע נ ז אָ ר. די צענזאָרען זיינען געווען אימער צוויי בעאַמטע, וועלכע האָבען געהאַט צו זאָגען איבער דעם זיטליכען צושטאַנד און די רעליגיעזע אויפפיהרונג פון די בירגער. זיי האָ-בען געהאַט דאָס רעכט אויסצושטרייכען פון דער ליסט פון די וועהלער אָדער פון דער ליסט פון די קאַנדידאַטען אויף פערשיידענע רעגירונגס־עמ-טער, פּערזאָנען, וואָס זיינען ניט שטרענג רעליגיעז, פּערזאָנען, וואָס האָ-בען זיך שלעכט אויפגעפיהרט אין מיליטער־דינסט, בעאַמטע, וואָס מען האָט זיי חושד געווען אין נעהמען כאַבאַר, מענשען, וואָס האָבען ניט גע-וואָלט הייראַטען, אָדער וואָס האָבען שלעכט ערצויגען זייערע קינדער. די צענזאָרען האָבען אויך געהאַט צו זאָגען איבער די פינאַנסען פון שטאַאַט, איבער די רעגירונגס־געביידעס און זייער ערהאַלטונג. דיזעס אמט האָט אין רוים אָנגעהאַלטען ביז צו דער צייט פון די קיסרים. די צענזאָרען האָבען גע-קענט ערוועהלט ווערען נאָר פון געוועזענע קאָנסולען, און דעריבער איז עס די פּלעבעיער אונמעגליך געווען האָבען אַ צענזאָר פון זייער קלאַס. מיט די-זער איינריכטונג האָבען די פּאַטריציער ווידער געקריגען דאָס איבערגעוויכט איבער די פּלעבעיער, וויל זיי האָבען געהאַט די מעגליכקייט דורך די צענ-זאָרען דעם שטאָלץ פון די פּלעבעיער צו ערנידריגען.

דריי יאָהר שפּעטער האָט אויסגעבראָכען אַ הונגער אין רוים, און דער רייכער פּלעבעיער ס פּ ו ר י ו ס מ אֶ ל י ו ס האָט זעהר פיעל אוצרות תבואה צוטיילט צווישען די אָרימע פּלעבעיער. פיעל האָט ער אַוועקגעגעבען אומזיסט און פיעל האָט ער פערקויפט צו זעהר ביליגע פרייזען. עס פערשטעהט זיך, דאָס ספּוריוס האָט מיט דעם געוואונען די ליבע פון פאָלק און דאָס האָט שטאַרק געקרענקט די פּאַטריציער. זיי האָבען ארויסגעלאָזען אַ קול, דאָס ספּו-ריוס וויל ווערען קעניג אין רוים און דעריבער זוכט ער די ליבע פון פאָלק צו געווינען. דער סענאַט האָט זיך בענוצט מיט דיזען אומשטאַנד און האָט צינ-צינאַטוס'ן בעשטימט אַלס דיקטאַטאָר. דיזער האָט ספּוריוס'ן געשטעלט צום געריכט. דיזע געשיכטע האָט דאָס פאָלק שטאַרק אויפגעבראַכט און עס האָט געוואָלט ספּוריוס'ן בעפרייען. דאַן איז דער קאָמאַנדיר פון די רייטער, סֶ ע ר ו ו י ל י ו ס אַ ה אַ ל אַ, בעפאַלען ספּוריוס'ן און האָט איהם ערמאָר-

דעט אין געגענוואַרט פון גאַנצען פאָלק. דערצו האָט דער דיקטאַטאָר געהייסען מען זאָל ספוריום'ס הויז צושטערען, ווי דאָס געזעץ פאָדערט אין דעם פאַל פון א פעררעטער.

דיזע מאָרד־טאַט האָט די פּלעבעיער ניט אָפּגעשראָקען און זיי האָבען פאָרטגעזעצט דעם קאַמף פיר גלייכע רעכטען מיט די פּאַטריציער. נאָך א לאַנגען קאַמף האָבען זיי אויסגעפיהרט צו קענען ערוועהלט ווערען אין דעם אַמט פון קוואֶסטאָר. דיזעס אַמט איז בעשטאַנען אין דער פערוואַל-טונג פון דער שטאַאַטס־קאַסע. די קוואֶסטאָרען האָבען געזאַמעלט אַלערליי שטייערן און אָפּגאַבען, זיי האָבען געהאַט דאָס רעכט צו פערקויפען די שטאַאַטס־פעלדער און דאָס געלט פיר זיי איינצונעהמען. אויף אַלע שטאַאַטס-



גאַלליער. נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

אויסגאַבען זיינען דורך זייערע הענט דורכגעגאַנגען. די קוואֶסטאָרען האָ-בען געהאַט אונטער זיך פיעלע קלענערע בעאַמטע און זעהר פיעלע שרייבער. ווייל זייער טעטיגקייט איז געווען זעהר א פיעלפאַכע.

איידער מיר וועלען פאָרטזעצען די געשיכטע פון דעם קאַמף צווישען די פּאַטריציער און די פּלעבעיער וועגען גלייכע רעכטען, געפינען מיר פיר נעטיג אין קורצען צו שילדערן די מלחמות, וואָס רוים האָט געפיהרט נאָך דעם פאַל פון די דעצעמווירען.

די רוימער האָבען געשטרעבט צו פערברייטערן זייער הערשאַפט נאָך טעריטוריען. אָבער די שטאָדט וועיאי מיט איהרע אונגעהייער שטאַרקע מויערן איז געשטאַנען די רוימער אין וועג און האָט זיי ניט געלאָזען דורכפיהרען זייער

פלאן. נאר די מאכט פון רוים איז געווארען אימער שטארקער. אום צו בעזיגען די פעסטע שטאדט וועיאי, האבען די רוימער בעשלאסען זי צו בע-לאגערן אויך אין ווינטער. אויסער דעם האבען די רוימער געפונען פיר נעטיג דאן צו ערוועהלען א דיקטאטאר, און די וואהל איז געפאלען אויף מארקוס פוריוס קאמיללוס, ווייל ער האט זיך שוין פריהער פיעלע מאל אויסגעצייכענט.

ער האט געמאכט אן אונטער־ערדישען גאנג ביז אונטער דעם קעניג׳ם פאלאץ. דיזען דורכגאנג האט ער בעזעצט מיט אויסגעצייכענטע סאלדאטען, און דערווייל האבען די סאלדאטען ארום דער שטאדט געשטורמט די מויערן מיט אלע קרעפטען. פון דעם אונטער־ערדישען דורכגאנג זיינען די סאלדא-טען מיט זייער קאמאנדיר ארוים גלייך צום קעניג׳ם פאלאץ און האבען אונ-



גאללישער לאסט־וואגען.

ערווארטעט ערמארדעט דעם קעניג מיט די פריסטער אין דער צייט פון רע-ליגיאנס־דינסט. נאכדעם האבען זיי געעפענט די שטאדט־טויערן פיר די רוימישע סאלדאטען, וועלכע זיינען אריין אין שטאדט און האבען אנגעמאכט א שרעקליכע שחיטה.

דאמאלס איז רוים בעפרייט געווארען פון פיינד, וואס האט זיי גע-הינדערט ביז יעצט צו פערברייטען זייער מאכט צו צפון. מען האט דעם זי-גער געפייערט מיט א גלענצענדען טריאומף. עס האט אבער ניט פיעל געדוי-ערט און מען האט דעם זיגער בעשולדיגט, דאס ער האט גע׳גנב׳עט פון דעם קריגס־רויב. קאמיללוס איז געוועזען צו שטאלץ זיך צו פערטיידיגען פאר פלעבעיער און איז ענטלאפען פון זיין פאטערלאנד.

אָבער די רוימער האָבען אויך נאָך דעם זיג פון וועיאי קיין רוה ניט געהאַט. אַ נייער שונא איז אויפגעשטאַנען געגען זיי אין צפון, וועלכער האָט זיי לאַנג בעאונרוהיגט. דאָס זיינען געוועזן די גאַלליער, וועלכע זיינען פריהער געזעסען אין דעם לאַנד, וואָס געהערט יעצט צו פראַנקרייך. זיי האָבען זיך באַלד איבערטראַנספּאָרטירט איבער די הויכע אַלפּען־בערג און האָבען געגרינדעט אין איטאַליען די שטאָדט מאַילאַנד (מילאַנאָ). די שטאַמען, וואָס זיינען אָנגעקומען אין איטאַליען און האָבען שוין די עבענע אַרום דעם טייך פּאָ פערנומען און בעזעצט, האָבען געמוזט זוכען פיר זיך אַן אָרט ווייטער אין דרום. די נייע שטאַמען האָבען אָנגעגריפען די עטרוסקישע שטאָדט קלוזיום. די עטרוסקער האָבען געבעטען די רוימער זיי שיקען הילף. די רוימער האָבען זיי קיין הילף ניט געשיקט, אָבער זיי האָבען געשיקט גע־זאַנדטע צום קאָמאַנדיר פון די גאַלליער, צו ב ר ע נ נ ו ס ׳ ן (390 פ. קר.), צו אונטערהאַנדלען וועגען פרידען. פון דער אונטערהאַנדלונג איז אָבער גאָרניט געוואָרען און עס האָט אויסגעבראָכען אַ מלחמה. געגען די געזע־צען פון אַלע נאַציאָנען האָבען די געזאַנדטע אויך אָנטייל גענומען אין דעם קריג און האָבען אַ גאַללישען אָנפיהרער געטויט. ברעננוס האָט געפאָדערט פון די רוימער צו בעשטראָפען די געזאַנדטע. די רוימער האָבען זיך ענטזאַגט דאָס צו טאָן, און ברעננוס האָט זיך גענומען צו בעשטראָפען רוים. די גאַלליער האָבען שוין פערטיג געמאַכט לייטערס און האָבען אָנגעהויבען צו קריכען אויף די פעסטונג פון קאַפּיטאָל; צום גליק האָבען עס דערהערט די הייליגע גענז, וואָס מען האָט דאָרט געפיטערט, און האָבען געמאַכט אַ לאַרם. דאָס האָט אויפגעוועקט דעם רוימישען אָנפיהרער מאַרקוס מאַנליוס, וועלכער האָט באַלד אַראָפּגעשלײדערט פון מויער די ערסטע גאַלליער, וואָס האָבען זיך שוין געהאַט אַרויפגעכאַפּט. באַלד זיינען די גאַנצע רוימישע מאַנשאַפט גע־ווען אויף די פיס און האָבען די גאַלליער פון דער מויער אַראָפּגעטריבען. מאַנ־ליוס האָט בעקומען דעם טיטול „קאַפּיטאָלינוס", ווייל ער האָט געראַטעוועט דאָס קאַפּיטאָל.

די גאַלליער אָבער האָבען די זאַך אויפגעגעבען און האָבען בעלאַגערט די שטאָדט. זיבען מאָנאַט האָט געדויערט די בעלאַגערונג און די רוימער האָבען שרעקליך געליטען פון הונגער. זיי האָבען בעשלאָסען צו געבען די גאַלליער 1,000 פונט גאָלד, זיי זאָלען אָפּטרעטען פון שטאָדט און זיי צורוה לאָזען. ברעננוס האָט איינגעשטימט. מען האָט צוזאַמענגעשאַרט דאָס גאָלד און אַרויפגעבראַכט אויף אַ וואָג. ברעננוס האָט אָבער אויסגעקליבען אַ פאַלשע וואָג, אַזוי דאָס עס איז אויסגעקומען די רוימער מעהר פון 1,000

פונט גאָלד צו געבען. די רוימער האָבען פּראָטעסטירט געגען דיזען אונרעכט, אָבער ברעננוס האָט נאָך זיין שווערד צוגעלעגט צו דער וואָג און האָט מיט א שמייכעל געזאָגט: Vae victis, ד. ה. וועה צו די בעזיגטע!

דיזעס האָט שרעקליך ערביטערט די רוימער. עס זיינען אַנגעלאָפען פיעלע קריגער מיט זייערע שווערדען און האָבען אויסגעשריען: נעהמט צוריק אייער גאָלד! די רוימער קויפען די פרייהייט פון זייער פאָטערלאַנד ניט מיט גאָלד, נאָר מיט אייזען, ד. ה. מיט געוועהר. דער מוטיגער העלד איז עס געווען דער פערטריבענער קאַמיללוס. דיזער האָט אין זיין פערבאַנונג צוזאַמענגעשטעלט א קליינע אַרמעע און האָט זעהר גליקליך געשטריטען מיט די גאַלליער, אַזוי דאָס די רוימער האָבען איהם איבער־א־נייס צום דיק־טאַטאָר ערוועהלט, אָבער דער סענאַט האָט געדאַרפט די וואַהל בעשטעטי־גען. דיזער איז אָבער געווען איינגעשלאָסען אין קאַפּיטאָל. דער מוטיגער פּאָנטיוס קאָמינוס האָט זיך בייגאַכט אריינגע׳גנב׳עט אין קאַפּיטאָל און האָט געבראַכט אין לאַגער די געווינשטע בעשטעטיגונג פון סענאַט. קאַ־מיללוס איז אַרוים אין שטרייט געגען ברעננוס׳ן. דיזער האָט זיך פער־וואונדערט און האָט געפרעגט: „עס איז דאָך געזעצליך בעשלאָסען גע־וואָרען דעם שטרייט מיט גאָלד צו ענטשיידען". „ניין", האָט קאַמיללוס גע־ענטפערט, „איך בין דיקטאַטאָר, און קיינער אויסער מיר האָט ניט דאָס רעכט צו שליסען טראַקטאַטען". די גאַלליער זיינען פון רוים פערטריבען געוואָרען און קאַמיללוס האָט ווידער טריאומפירט.

קאַמיללוס האָט נאָך איינינע מאָל בעזיגט די גאַלליער, וועלכע האָבען נאָך איינינע מאָל געפּרובּט בעפאַלען רוים. ער האָט אויך געשלאָגען די עטרוסקער און די וואָלסצער. פיר דיזע אַלע פערדינסטען האָבען די רוימער איהם געגעבען דעם טיטול: „פאָטער פון דעם פאָטערלאַנד".

די עקאָנאָמישע לאַגע פון די רוימער איז צוליב די אָנפאַלען פון די גאַלליער זעהר שלעכט געוואָרען, איבערהויפּט האָבען געליטען די פּלעבעיער. די הייזער זיינען געוואָרען צושטערט און עס איז ניט געווען מיט וואָס ווידער אויפצובויען. די פעלדער זיינען געווען וויסט און עס איז ניט געווען מיט וואָס זיי צו בעזעען. די פּלעבעיער זיינען געווען געצוואונגען זיך צו ווענדען צו די פּאַטריציער, ביי זיי געלט צו באָרגען. דיזע האָבען זיך בענוצט מיט דער גרויסער נויט פון די פּלעבעיער און האָבען ווידער אָנגעהויבען נעהמען ביי זיי גרויסע צינזען פיר דאָס געלט, וואָס זיי האָבען זיי גע־ליהען. עס האָבען זיך צוריקגעקעהרט פיר די פּלעביער די אַלטע שלעכטע צייטען. די הייזער פון די פּאַטריציער זיינען ווידער פערוואַנדעלט גע־

ווארען אין געפענגגניסען, אין וועלכע די פערשולדיגטע פלעבעיער האבען געליטען שמאך און פיין ווי אין די פריהערדיגע צייטען.

דער ערעלער מאנליוס, דער רעטער פון קאפיטאל, האט בעשלאסען צו העלפען די ארימע פלעבעיער. ער האט אנגעהויבען אויסצוקויפען די פערשול־דעטע פלעבעיער, און האט אויף זיך גענומען פארטצוזעצען דיזע נאבעלע ארבייט ביז זיין לעצטען אס. נאך דעם האט ער פארגעשלאגען א געזעץ, דאס מען זאל די שטאאטס־לענדער פערקויפען, אום די שולדנער צו בעפרייען. עס פערשטעהט זיך, דאס די פלעבעיער האבען איהם שטארק ליב געקריגען דערפאר. אבער אין דער זעלביגער צייט זיינען די פאטריציער געווארען זיינע ביטערע שונאים און אום איהם פון וועג אפצוראמען האבען זיי זיך גענומען צו זייער אלטען מיטעל — איהם צו בעשולדיגען, דאס ער וויל מיט דער הילף פון די פלעבעיער ווערען קעניג איבער רוים. מאנליוס האט בע־שלאסען ניט צו ענטלויפען פון לאנד זיך צו רעטען פון טויט און ער איז געקומען אין געריכט זיך צו פערטיידיגען. ער האט די ריכטער אנגעצייגט אויף די 400 בירגער, וועלכע ער האט מיט זיין פערמעגען פון קנעכטשאפט בעפרייט, אויף דעם פאקט, דאס ער האט דאס קאפיטאל גערעטעט, און אויף די פיעלע וואונדען, וואס ער האט בעקומען אין פיעלע שטרייטען צו פער־טיידיגען דאס פאטערלאנד. דאס אבער האט איהם ניט געהאלפען. זיינע פיינד האבען איהם צום טויט פעראורטיילט אלס פעררעטער פון פאטערלאנד. מען האט איהם אראפגעשליידערט פון טארפעאישען פעלז ווי א געמיינעם פערברעכער און זיין הויז האט מען פערוויסטעט. עס איז ווערט צו בעמער־קען, דאס מאנליוס איז געוועזען פערהאסט איבערהויפט פון דער רייכער קלאס פוןביידע שטאנדען, פון די פאטריציער און פון די פלעבעיער, ווייל ער האט געשטריטען ניט אזוי פיעל געגען די פאררעכטען פון די פאטריציער ווי גע־גען דער מאכט פון קאפיטאל. אבער מאנליוס איז שוין געוועזען דער לעצ־טער קרבן, וואס איז געפאלען אין קאמף צווישען די צוויי פיינדליכע פאר־טייען: די פאטריציער און די פלעבעיער.

מיט אייניגע יאהר שפעטער איז דער קאמף וועגען פאליטישע רעכטען צווישען די ביידע פארטייען געענדיגט געווארען צו גונסטען פון די פלעבעיער. פיעל האט געהאלפען צו דיזען זיג ק א י ו ס ל י צ י נ י ו ס ס ט א ל א, וועלכער איז געוועזען א רייכער פלעבעיער, אבער איז געוועזען פערהייראט מיט א טאכטער פון א פאטריציער. די שוועסטער איהרע איז געוועזען די פרוי פון א קאנסולארישען קריגס־טריבון. סטאלא׳ס פרוי האט שטארק מקנא געוועזן איהר שוועסטער איהר גלאנץ און כבוד. אום זי צו בערוהיגען האט סטאלא

פערשפּראָכען זיין ווייב אַלע קרעפטען אָנצואווענדען אום קאָנסול צו ווערען. פון דיזער געשיכטע איז לייכט צו פערשטעהן, דאָס אין דיזער צייט איז דער הויפּט־קאַמף צווישען די ביידע פּאַרטייען געוועזען נאָר פון דער זייט פון די רייכע פּלעבעיער, וועלכע האָבען געוואָלט דערגרייכען הויכע עמטער אין דער רעגירונג. אום דיזעס ציעל צו דערגרייכען האָבען די רייכע פּלעבעיער גע-מוזט ווייזען די אָרימע פּלעביער, דאָס זיי טוען און ארבייטען פיר זיי, זיי



קאַמיללוס און ברעננוס אין דעם קאַפּיטאָל אין רוים.

זאָלען בעקומען גלייכע רעכטען, ווייל אָהן די אָרימע פּלעביער וואָלטען זיי ניט געקענט פיהרען דעם קאַמף מיט די רייכע פער׳עקשן׳טע פּאַטריציער.

אום זייער ציעל צו דערגרייכען האָט זיך סטאָלאָ געשטעלט אין פערבינ-דונג מיט לוציוס סעקסטיוס לאַטעראַנוס, און ביידע אַלס פּאָלקס־טריבונען האָבען געמאַכט אייניגע זעהר וויכטיגע פּאָרשלאָגען

אין די אינטערעסען פון די אָרימע פּלעבעיער, נעמליך: 1) דאָס די צינזען, וואָס די פערשולדיגטע פּלעבעיער האָבען געצאָהלט צו די פּאַטריציער פיר זייערע חובות, זאָלען אַרונטערגערעכענט ווערען פון קרן, און דער באַלאַנס פון קרן זאָל בעצאָהלט ווערען אין 3 יאָהר, יעדען יאָהר אַ דריטעל; 2) דאָס יעדער בירגער זאָל בעקומען אַ טייל פון די שטאַאַטס־לענדרייען, אָבער קיינער זאָל ניט בעקומען מעהר פון 500 מאָרג לאַנד. יעדערער, וואָס בעקומט אַ טייל לאַנד, מוז דער רעגירונג געבען פון דער הכנסה, וואָס דאָס לאַנד וועט איהם אַריינברײנגען, אַ צעהנטעל פון געטריידע און אַ פינפטעל פון גאָרטען־פּרוכט אַלס שטייער; 3) דאָס קריגס־טריבונען זאָלען מעהר ניט געוועהלט ווערען און פון די צוויי קאָנסולען זאָל וועניגסטענס איינער זיין פון די פּלע־בעיער.

צעהן יאָהר האָט געדויערט דער קאַמף פון דיזע פאָרשלאַגען. יעדען יאָהר זיינען דיזע צוויי פּאָלקס־טריבונען, סטאָלאָ און לאַטעראַנוס, ערוועהלט געוואָרען אין דיזען אַמט, אום דעם קאַמף וועגען דיזע פאָרשלאָגען צו געווי־נען. די טריבונען האָבען געשטערט צו ערוועהלען קריגס־טריבונען און אַנ־דערע הויפּט־בעאַמטע ביז מען וועט זיי נאָכגעבען זייערע פאָדערונגען. דער סענאַט האָט בעשלאָסען צו בעשטימען אַ דיקטאַטאָר און ערקלערען קריג ביז דיזע אונרוהען וועלען אויפהערען. אָבער דאָס פּאָלק האָט געצוואונגען דעם דיקטאַטאָר זיך צו ענטזאָגען פון דער שטעלע. דיזעס האָט געצוואונגען דעם סענאַט נאָכצוגעבען די 2 פּאָלקס־טריבונען, סטאָלאָ און לאַטעראַנוס, זייערע פאָדערונגען, און זייערע פאָרשלאָגען זיינען געוואָרען אַ געזעץ.

אָבער די פּאַטריציער האָבען געפונען אַ מיטעל ווי אָפּצושוואַכען דאָס אַמט פון קאָנסול. זיי האָבען נעמליך איינגעפיהרט דאָס אַמט פון פּ ר אָ ־ ט אָ ר ע ן און אֶ ד י ל ע ן, וועלכע זיינען געווען די הויפּט־בעאַמטע אין שטרייטיגקייטען צווישען די בירגער. זיי זיינען געווען די העכסטע מאַכט אין לאַנד אין משפּטים פון געלט און אייגענטום, די צווייטע הויכע בעאַמטע נאָך די צענזאָרען. די אֶדילען זיינען געווען די אויבער־בעאַמטע איבער דער פּאָליציי, איבער אַלע פערשיידענע פערזאַמלונגען, איבער פייער־גע־פאַהרען א. אַנד. זיי האָבען געהאַט צו זאָגען איבער די געזונדהייט פון פּאָלק, איבער מאָס און וואָג, קויף און פערקויף; אַלע פאָרבערייטונגען צו פערשיידענע פעסטען (ימים טובים) און שפּילען זיינען געווען אונטער זייער אויפזיכט. אויף די קאָסטען פון שפּילען פּלעגט די רעגירונג געבען נאָר 500,000 אַס, די אויסגאָבען דערויף זיינען אָבער געווען פיעל מעהר; דאָס איבעריגע פּלעגען די אֶדילען פון זייער טאַש בעצאָהלען און דיזער אומ־

שטאַנד האָט זיי פערשאַפט פיעלע אָנהענגער אין פאָלק, און האָט זיי געהאָל-פען זעהר אָפט צו בעקומען גרויסע עמטער אין דער רעגירונג. דיזע וויכטיגע שטעלעס האָבען די פּאַטריציער געגעבען נאָר צו לייט פון זייער פּאַרטיי און האָבען די פּלעבעיער ניט צוגעלאָזען דערצו.

דער לאַנגער קאַמף פון די פּלעבעיער מיט די פּאַטריציער האָט ענדליך געבראַכט די געווינשטע רעזולטאַטען. די פּלעבעיער האָבען ענדליך בעקומען פּאָליטישע און בירגערליכע גלייכהייט. אין יאָהר 338 פ. קר. האָבען זיי בע-קומען דאָס רעכט צענזאָרען פון זייער פּאַרטיי צו וועהלען, אין 336 האָבען זיי דורכגעפיהרט אַ געזעץ, דאָס אויך אַ פּראָטאָר זאָל ערוועהלט ווערען פון זיי, זינט 304 האָבען זיי געקענט וועהלען פון זיך אֶדילען, ענדליך אין יאָהר 300 האָבען זיי בעקומען דאָס רעכט אויך פּריסטער צו וועהלען. מערקווירדיג איז, דאָס די פּלעבעיער אין דיזען לאַנגען קאַמף פיר גלייכע רעכטען האָבען קיינ-מאָל ניט געברויכט קיין גוואַלד־טאַטען. זייער וואַפען אין דיזען קאַמף איז געווען רוהיגער ווידערשטאַנד. ווען די פּלעבעיער האָבען געזעהן, דאָס דער פּאָרזיצענדער ביי די וואַהלען פון אַ קאָנסול האַנדעלט אונגערעכט, האָ-בען זיי פּראָטעסטירט, האָבען פערלאָזען דאָס מאַרס־פעלד און האָבען קיין אַנטייל ניט גענומען אין די וואַהלען. האָט אַ פערהאַסטער קאָנסול געפיהרט דאָס מיליטער אין שטרייט, האָבען זיי זיך געלאָזען פון שונא פעריאָגען, אום דער בעדריקער זאָל קיין זאַך ניט האָבען. בעזונדערס כאַראַקטעריסטיש איז די אויסוואַנדערונג פון די פּלעבעיער צום הייליגען באַרג. זיי האָבען ניט אַרויס-געטריבען די פּאַטריציער ווי די גריכען האָבען געהאַנדעלט מיט די אָליגאַר-כען, זיי האָבען די פּאַטריציער איבערגעלאָזען די שטאָדט. דער רעזולטאַט איז געווען, דאָס די פּאַטריציער זיינען געקומען בעטען זיי קומען צוריק און האָבען זיי אין פיעלע הינזיכטען נאָכגעגעבען זייער פערלאַנג. מיט איין וואָרט, די פּלעביער האָבען אין זייער קאַמף מיט די פּאַטריציער פיר גלייכע בירגער־רעכטען אַרויסגעצייגט זעלטענעם טאַקט און מעסיגקייט. און דערמיט האָבען זיי פיעל מעהר געוואונען, ווי אין אַנדערע לענדער די קעמפּער פיר גלייכע רעכטען דורך גוואַלדטאַטען.

דער קאַמף פיר די פערבעסערונג פון דעם מאַטעריעלען און סאָציאַלען לעבען האָט געדויערט די גאַנצע צייט פון דער רוימישער געשיכטע און לייי-דער אָהן שום בעדייטענדען ערפאָלג. די געזעצען וועגען לאַנד־פערטיילונג זיינען געבליבען נאָר אויף דעם פּאַפּיר, אין דער פּראַקטיק זיינען די ארבייטער און די אָרימע קלאַס געבליבען אָהן אייגענטום, ווי פריהער, מיט זעהר וועניגע אויסנאַהמעס. מעהר ערפאָלג האָט געהאַט דער קאַמף וועגען די שולד־געזע-

צען. דער דיקטאַטאָר פּ אָ ט ע ל י ו ס האָט מיט דער צושטימונג פון סענאַט דורכגעפיהרט אַ געזעץ, וועלכעס האָט אָפּגעשאַפט די רעכטען פון די קרע-דיטאָרען צו פערשקלאַפען דעם שולדנער, אָדער איהם אין געפענגניס צו ווארפען, ווען ער האָט ניט געהאַט צו בעצאָהלען זיין חוב. דער קרעדיטאָר האָט נאָר געקענט פערקויפען דעם שולדנער'ס אייגענטום, בעוועגליכעס און אונבעוועגליכעס (מטלטלין און קרקעות), אָבער זיין פּערזאָן איז געבליבען פריי, נאָר ער האָט אָנגעוואָרען שטימרעכט ביז ער האָט בעצאָהלט זיין חוב.

וועגען דיזער צייט איז ביים רוימישען פאָלק אומגעגאַנגען אַ זאַגע, וועלכע כאַראַקטעריזירט דעם העלדענמוט פון די רוימער. נאָך אַן ערד-ציטערניס האָט זיך אין מיטען פאָרום געמאַכט אַ ברייטע טיפע שפּאַלט אין




קורציוס. נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

דער ערד. די פּריסטער האָבען געזעהן זעהר אָפט אונגעוועהנליכע געשטאַלטען ארויסקומענדיג פון דיזער שפּאַלט, און האָבען געזאָגט, דאָס ווען רוים וועט אָפּפערן אין דיזען אָפּגרונד דאָס בעסטע גוט פון לאַנד, וועט זיך די שפּאַלט פערמאַכען, און רוים וועט בלייבען פעסט אויף אייביג. דער סענאַט און דאָס פאָלק האָבען לאַנג געטראַכט וואָס צו טאָן. איין מאָל איז געקומען צו דער שפּאַלט רייטענדיג אויף אַ פערד אַ בעוואַפענטער יונגערמאַן, מ אַ ר ק ו ס ק ו ר צ י ו ס, און האָט געזאָגט: „דאָס בעסטע, וואָס רוים בעזיצט, איז העלדענמוט און פאָטערלאַנד-ליבע". און מיט דיזע ווערטער האָט ער זיך אריינגעוואָרפען אין אָפּגרונד, און ווי די זאַגע ערצעהלט האָט זיך באַלד די עפענונג פערמאַכט אויף אימער.

## ג. די צייט זינט די פּלעבעיער האָבען בעקומען גלייכע בירגער־רעכטען ביז די פּונישע מלחמות.

די גאַלליער האָבען אַ לאַנגע צייט רוים קיין רוה ניט געגעבען. אָבער מיר ווייסען ניט פון יענער צייט קיין ווירקליכע געשיכטליכע פאַקטען. אַלץ,




מאַנליוס טאָרקוואַטוס בעזיגט אַ ריזיגען גאַלליער.

וואָס איז אונז געבליבען פון יענער צייט, איז ניט מעהר ווי העלדען־זאַגען. עס איז צ. ב. בעקאַנט די געשיכטע, וואָס מען דערצעהלט וועגען ט י ט ו ס מ אַ נ ל י ו ס ט אָ ר ק ו ו אַ ט ו ס. אַ גאַלליער, אַ ריז, האָט איהם מיט שפּאָט אַרויסגערופען צום צוויי־קאַמף (דועל). טאָרקוואַטוס איז מיט גרויס

מוט אַרוים צום ריז פֿאַר די אויגען פֿון די ביידע אַרמעען. ער האָט גע-
שלאָגען זיין געגנער, האָט אַראָפּגענומען פֿון איהם זיין האַלזבאַנד און האָט
עס אויף זיך אָנגעטאָן. פֿון דאַמאָלס אָן האָט ער בעקומען דעם ביי-נאָמען
טאָרקוואַטוס, ד. ה. „דער בעפּוצטער מיט דער האַלז-קייט". אַן אַנדער העלד
מיט דעם נאָמען מאַרקוס וואַלעריוס האָט מיט אַזאַ אופֿן בע-
זיגט אַ גאַללישען העלד, און ער האָט בעקומען דערפֿאַר דעם טיטעל „קאָר-
וואוס", וואָס בעדייט קראָהע, ווייל אין דער צייט פֿון דועל איז אַ קראָהע
געשטאַנען אויף זיין העלם (מיליטער-הוט) און האָט איהם מיט דער פֿליגעל-
פּאַטשעריי געהאָלפֿען בעזיגען דעם פֿיינד.

הגם די רוימער האָבען מוטיג געקעמפֿט געגען די גאַלליער, האָבען דיזע
דאָך פֿיעלע צרות אָנגעטאָן די רוימער און זיינען געוואָרען שרעקליך אין
לאַנד. אונטער-איטאַליען האָט דאַמאָלס געליטען פֿון די גריכען, נאָר מיטעל-
איטאַליען איז געבליבען פֿריי פֿון יעדען אויסערן דרוק און האָט זיך ענטוויי-
קעלט אונגעשטערט. אין דיזען טייל פֿון איטאַליען האָבען די סאַמניטער
פֿיעל מיטגעהאָלפֿען די רוימער צו ענטוויקלען און פֿערברייטערן קולטור. הגם
אין צאָהל פֿון מענשען און אין דער גרויס פֿון זייער לאַנד האָבען די סאַמניטער
איבערטראָפֿען די רוימער, דאָס זיינען די רוימער געווען פֿיעל מעכטיגער
פֿון זיי, צוליב זייער אויסגעצייכענטער אָרגאַניזאַציאָן, און דעריבער, אַלס
אַ קריג האָט אויסגעבראָכען צווישען די סאַמניטער און די רוימער, האָבען
די לעצטע זיי בעזיגט.

### 1) דער ערסטער סאַמניטער-קריג.

די ערסטע אורזאַך צום קריג האָט געגעבען אַ סאַמניטישער שטאַם, וועל-
כער האָט זיך בעזעצט אין קאַמפּאַניען צו דרום פֿון רוים. זיי איז דאָרט גוט
געגאַנגען, און איבערגעבענדיג זיך צו אַ לעבען פֿון וואוילטאָג זיינען זיי גע-
וואָרען אָפּגעשוואַכט. די בערג-סאַמניטער האָבען געפֿאָדערט פֿון זיי אונ-
טערטעניגקייט; זיי האָבען ניט געוואָלט נאָכגעבען און האָבען זיך געווענדעט
צו די רוימער פֿיר הילף. די רוימער זיינען אָבער געווען בונד-חברים פֿון די
בערג-סאַמניטער; זיי האָבען דעריבער זיך ענטזאַגט די קאַמפּאַניער צו
העלפֿען און האָבען זיי געראַטען זיך אונטערצוגעבען. די קאַמפּאַניער האָבען
גלייך געפֿאָלגט, און דאַן האָבען די רוימער געפֿאָדערט פֿון די סאַמניטער זיי
זאָלען ניט דריקען אַ לאַנד, וואָס שטעהט אונטער רוים'ס שוץ. די סאַמניטער
האָבען זיך באַלד ענטזאַגט צו ערפֿילען דעם וואונש פֿון די רוימער און אויסער
דעם האָבען זיי ערקלערט דעם אָפּמאַך, וואָס די רוימער האָבען געשלאָסען מיט

די קאַמפּאַניער, פיר ניט געזעצליך און פיר א פרידענס־ברוך. רוים האָט דאַן געשיקט מיליטער אין קאַמפּאַניען אונטער דער לייטונג פוןביידע קאָנסולען, מאַרקוס וואַלעריוס קאָרוואוס און אולוס קאָרנעליוס קאָססוס, און דערמיט האָט זיך אָנגעפאַנגען דער ערסטער סאַמניטער־קריג אין יאָהר 349 פ. קר.

קאָרוואוס מיט זיין אַרמעע האָט געזיגט. קאָססוס אָבער האָט זיך געלאָזען פערפיהרען אין א געפעהרליכען אָרט און איז קוים גערעטעט געוואָרען דורך דעם העלדענמוט פון זיין קריגס־טריבון פּובליוס דעציוס מוס דעם עלטערען, וועלכער האָט איהם געצוואונגען צו מאַכען אַן אונערוואַרטעטען אָנפאַל אויף דעם פיינד, און ער האָט געזיגט. די מאַכט פון די סאַמניטער איז אָבער דערמיט נאָך ניט געבראָכען געוואָרען. דער קריג וואָלט נאָך געווים לאַנג געדויערט, אָבער קריג צווישען די רוימער זעלבסט האָט זיי געצוואונגען צו שליסען פרידען מיט זיי. די סאַמניטער האָבען בעצאָהלט צו די רוימער די קריגס־אויסגאַבען אין געלט און אין געטריידע, זיי האָבען אָבער קיין שטיקעל לאַנד ניט פערלאָרען.

אָבער אויך נאָך דעם, ווי רוים האָט מיט זיי געשלאָסען פרידען, האָבען די סאַמניטער נאָך קיין רוה ניט געהאַט — די לאַטינער האָבען זיך פערבונדען מיט אייניגע פעלקער, וואָס זיינען געווען פיינדליך צו רוים, און האָבען געשיקט א געזאַנדטשאַפט נאָך רוים, פאָדערנדיג פיר זיך די זעלבע רעכטען, וואָס רוים האָט, ווייל זיי האָבען קלאָר געזעהן, דאָס רוים שטרעבט צו מאַכען זיי, די לאַטינער, פיר אונטערטאַנען, אָנשטאָט וואָס זיי זיינען יעצט בונד־חברים. דער ענטפער אויף דיזע פאָדערונגען איז געווען, דאָס דער סענאַט האָט ארויסגעשיקט געגען די לאַטינער צוויי אַרמעען אונטער דער לייטונג פון די ביידע קאָנסולען — טיטוס מאַנליוס טאָרקוואַטוס און פּובליוס דעציוס מוס. א לאַנגע צייט האָבען די ביידע פיינד ניט געוואַגט דעם שטרייט אָנצופאַנגען. ענדליך האָט זיך צופלאַקערט דער שטרייט ביים וועזוביוס (א פייער־שפּייענדער באַרג אין איטאַליען). די שלאַכט איז געווען א שרעקליכע. דאָס ענדע איז געווען, דאָס די רוימער האָבען געזיגט.

צוויי זאַגעס זיינען אונז פעבליבען פון יענער צייט, וועלכע צייגען דעם כאַראַקטער פון די דאַמאַלסדיגע גרויסע מענער פון רוים. דער קאָנסול מאַנליוס האָט געגעבען א בעפעהל, דאָס קיינער זאָל ניט וואַגען זיך אריינלאָזען אין א צוויי־קאַמף מיט איינעם פון פיינדליכען לאַגער. ניט אַכטענדיג אויף דיזען בעפעהל האָט זיין זוהן געהאַט א צוויי־קאַמף מיט א הויפּטמאַן פון פיינדליכען לאַגער, האָט איהם טויט געשלאָגען, און האָט געבראַכט דעם דערשלאָגענעם'ס געוועהר צו זיין פאָטער אַלס צייכען פון טריאומף. דיזער האָט

געלויבט די מוטיגקייט פון זיין זוהן. ער האט איהם מיט א זיג-קראנץ בע-קרוינט, אבער דערפאר, וואס ער האט איבערגעטראטען דעם בעפעהל פון זיין פאטער, האט ער איהם צום טויט פעראורטיילט און האט איהם געלאזען היגריכטען. די ארמעע איז געווען שרעקליך ערביטערט געגען דיזער מארד-טאט, אבער קיינער האט ניט געוואגט צו פראטעסטירען געגען דעם.

די צווייטע זאגע צייגט דעם העלדענמוט פון די רוימער פון יענער צייט. איידער די שלאכט האט אויסגעבראכען, האבען די פריסטער בעקאנט געמאכט דעם פאלק אן אראקעל-שפרוך (א תשובה פון דעם רוימישען אורים ותומים), דאס פון איין צד מוז א קריגס-קאמאנדיר פאלען, און דאן מוז פון דעם אנדערן צד די גאנצע ארמעע בעזיגט ווערען. די קאנסולען האבען גלייך בע-שלאסען, דאס ווען איינע פון זייערע צוויי ארמעען וועט האלטען שמאל און וועט מוזען וויכען פון שלאכטפעלד, זאל דיזער קאנסול זיין לעבען אפפערן. ווי די שלאכט האט זיך אנגעפאנגען, האט די ארמעע פון דעם קאנסול דעציוס דערפיהלט די איבערמאכט פון פיינד, און האט אנגעפאנגען צו וויכען פון שלאכטפעלד. דעציוס האט באלד געהייסען די פריסטער זיי זאלען פיר איהם מאכען די אור-אלטע צערעמאניעס, וואס ווערען געמאכט איבער א טויטען, און האט זיך אריינגעווארפען אין פייער פון דער שלאכט, אין וועלכער ער איז געפאלען טויט. דאס ענדע איז געווען, דאס די רוימער האבען בעזיגט די לאטינער.

די לאטינער זיינען צום צווייטען מאל ארויס אויף א שטרייט מיט די רוימער, אבער זיי האבען אויך דיזעס מאל פערלארען. דאן האט דער בונד צווישען זיי אויפגעהערט. אום די לאטינער זאלען מעהר ניט קענען זיך עמפערען געגען די רוימער, האבען די לעצטע אנגעווענדעט דעם אלטען מיטעל פון צוטיילונג, לויט דעם דערמאהנטען פרינציפ: „שפאלט אין פארטייען און הערש!" זיי האבען בעשאפען אונטער די אונטערווארפענע לאטינער פער-שיידענע קלאסען מיט פערשיידענע רעכטען. אייניגע האבען געמוזט אין גאנצען אויסוואנדערן, אנדערע האבען זיך געדארפט בעזעצען אין די רוימישע קאלאניעס. אייניגע ווענינגע האבען ערהאלטען פולעס רוימישעס בירגער-רעכט, אנדערע האבען בעקומען דאס „לאטינישע רעכט".

די בעזיצער פון לאטינישען רעכט זיינען געווען האלבע בירגער, זיי זיי-נען געשטאנען אין מיטען צווישען די פולע בירגער מיט רוימישע רעכטען און די פרעמדע. דיזע קלאס האט געשאפען אייגענע געזעצען און איז געווען פריי פון אלע אפגאבען, וואס די אונטערווארפענע פעלקער האבען בעדארפט צאהלען. די יעניגע לאטינער, וואס האבען זיך בעזעצט אין רוים און האבען

אין זייער פאַטערלאַנד איבערגעלאָזען זיהן, אָדער די, וואָס האָבען אין זיי־
ער פאַטערלאַנד געהאַט אַן אַמט און נאָך דעם זיך אין רוים בעזעצט, האָבען
בעקומען אין רוים פולעס בירגער־רעכט.

דאַגעגען האָבען די לאַטינער קיין רעכט ניט געהאַט צו הייראַטען מיט
א רוימער אָדער רוימערין. די הייראַטען צווישען די צוויי פעלקער זיינען
געווען ניט אַנערקענט און די קינדער פון אַזעלכע הייראַטען זיינען געווען



מאַנליוס טאָרקוואַטוס פערורטיילט זיין זוהן.

אונגעזעצליכע. אויך אין פאַל פון אַ קריג האָבען זיך די לאַטינער געפונען
געקרענקט און ערנידריגט. די גאַנצע עהרע און פראַכט פון אַ זיג האָבען די
רוימער גענאָסען, און די לאַטינער זיינען דערצו ניט צוגעלאָזען געוואָרען,
הגם די צאָהל פון די לאַטינישע סאָלדאַטען זיינען אָפטמאָל געווען צוויי מאָל
און אויך דריי מאָל אַזוי גרויס, ווי פון די רוימישע. די לאַגע פון אַלע אַנדערע

אונטערוואָרפענע פעלקער אין איטאַליען איז געווען נאָך פיעל ערגער ווי די לאַ-
גע פון די לאַטינער. די איבריגע אונטערוואָרפענע פעלקער האָבען די רוימער
ערלויבט זיך רעגירען נאָך אייגענע געזעצען, שלאָגען אייגענע מינצען, זיי
האָבען אָבער קיין רעכט ניט געהאַט צו שליסען אַ בונד מיט אַנדערע פעלקער,
און זיינען געווען אין גאַנצען אָפּהענגיג פון רוים, צו וועלכער זיי האָבען גע-
מוזט ליפערן אַ געוויסע צאָהל מאַטראָסען פיר די פלאָטע. עס האָט זיך אָבער
זעהר אָפט געטראָפען, דאָס די רוימער האָבען זיך אריינגעמישט אויך אין די
אינערליכע רעכטען פון די אונטערוואָרפענע פעלקער און האָבען זיי דאָס לע-
בען פערביטערט. וואָס אַנבעטרעפט די שטייערן פון די אונטערוואָרפענע
לענדער האָבען די רוימער זיך געריהמט, דאָס זיי האָבען די אונטעריאָכטע
מיט קיין שטייערן ניט בעשווערט, און דאָס איז ווירקליך וואהר, ווייל די רוי-
מער פלעגען ביי די אונטעריאָכטע פעלקער זייער באָדען צונעהמען, אַזוי
דאָס עס איז זיי ניט געבליבען קיין אייגענטום, אויף וועלכעס מען זאָל קענען
שטייער אַרויפלעגען, און דערמיט האָבען די רוימער געמאַכט די אונטערוואָר-
פענע פעלקער אויף אימער פריי פון שטייער.

ענג פערבונדען מיט רוים זיינען די אַזוי=גענאַנטע מוניציפּיאַ
אָדער פריי=שטעדט. דיזע שטעדט האָבען געהאַט גלייכע רעכטען מיט די רוי-
מישע. עס זיינען אָבער געווען צוויי אַרטען מוניציפּיען. איינע האָט אחוץ
איהרע פּריוויליגיען(?) געקענט בעקליידען רעגירונגס=עמטער, די צווייטע דאַגעגען
האָט ניט געקענט פערנעהמען קיין רעגירונג=שטעלעס.

די דאָזיגע מוניציפּיאַס, וואָס האָבען געהאַט דאָס רעכט צו פערנעהמען
עמטער, האָבען אַליין געוועהלט זייערע אויבערע בעאַמטע, און די, וואָס האָ-
בען עס ניט געהאַט, פלעגען קריגען פון רוים צוגעשיקט אַ פּרעפעקט, וואָס
האָט געפיהרט די גאַנצע פערוואַלטונג.

איבערהויפּט האָבען געהאַט גרויסע פאָרצוגען די בירגער פון די רוימישע
קאָלאָניעס. די ערסטע צייטען פלעגט דער סענאַט אַרויסשיקען 300 פאַמיליעס
אין יעדען אָרט פון די בעזיגטע לענדער אָדער שטעדט, אום זיי זאָלען דאָרט
אַכטונג געבען אויף די בעזיגטע איינוואוינער. דיזע רוימישע פאַמיליעס זיי-
נען געבליבען רוימישע בירגער, און זיי האָבען ניט געהערט צו די געמיינדעס
פון די בעזיגטע איינוואוינער. דיזע 300 פאַמיליעס, וועלכע האָבען זיך בע-
זעצט אין יעדער קאָלאָניע, פלעגען געוועהלט ווערען פון אַזעלכע, וואָס האָבען
זיך פריוויליג געמעלדעט צום סענאַט פיר דיזען צוועק, אָדער דער סענאַט
האָט דורך אַ גורל אַליין בעשטימט די פאַמיליעס פיר די קאָלאָניעס. די הע-
בערע אַדמיניסטראַטיווע אָפּטיילונגען אין קאָלאָניעס זיינען געווען אַ סענאַט

און אַ מאַגיסטראַט, נאָך דעם מוסטער פון רוים. אַנשטאַט די צוויי קאָנסולען אין רוים זיינען אין די קאָלאָניעס געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דער רעגירונג צוויי מענער. עס איז ביי די רוימער געווען איינגעפיהרט, דאָס פון יעדער בע־זיגטער מדינה האָבען זיי צוגענומען אַ דריטעל לאַנד און צוטיילט צווישען די קאָלאָניסטען, פון וועלכע יעדער האָט בעקומען אַ געוויסען טייל, און אויב נאָך דער פערטיילונג איז נאָך איבערגעבליבען פון דעם דריטעל, האָט דאָס געהערט צום רוימישען שטאַאַט. שפּעטער האָבען די קאָלאָניסטען געדינט אַלס מיטעל צו אָפּציהען פון רוים די אונצופרידענעם אָרימע, וועלכע פלעגען זעהר אָפט מאַכען אונרוהען אין רוים. מען האָט זיי אַוועקגעשיקט אין די קאָלאָניעס און מען האָט זיי דאָרט פערשאַפט אַלע מיטלען צום לעבען אום זיי זאָלען רוים לאָזען צורוה.

## 2) דער צווייטער און דריטער סאַמניטער־קריג.

דורך דעם ערסטען קריג זיינען די סאַמניטער נאָך ניט אין גאַנצען אַרונ־טער אונטער רוימישען יאָך. די רוימער זיינען אָבער מיט אַזאַ סאָרט זיג ניט צופרידען געווען, און דעריבער האָבען זיי געזוכט אַ צופאַל פיר אַ צווייטען קריג. דער קריגס־קאָמאַנדיר לוציוס פּאַפּיריוס קורסאָר האָט ערהאַלטען אַ בעפעהל גוט אכטונג צו געבען אויף יעדע בעוועגונג פון די סאַמניטער. דיזער האָט אָנגעזאָגט זיינע אונטערע בעאַמטע קיין זאַך ניט צו אונטערנעהמען אָהן זיין צושטימונג. אָבער אין דער צייט, ווען ער איז געווען אַוועק, האָט זיין רייטער־פּאָלקאָווניק קווינטוס פאַביוס מאַק־סימוס רולליאַנוס אונטערגענומען אַ שטרייט מיט די סאַמניטער און האָט זיי בעזיגט. ווען ער איז צוריקגעקומען פון שלאַכט־פעלד האָט איהם דער קאָנסול פעראורטיילט צום טויט פיר זיין אונגעהאָרזאַמקייט. דאָס פאָלק אָבער האָט פערוואָרפען דעם אורטייל און דערווייל האָט ער נאָך אַ זיג געהאַט איבער די סאַמניטער, וועלכע האָבען דאַן געבעטען פרידען ביי דעם סענאַט, אָבער דיזער האָט זייער פערלאַנג צוריק געוויזען, ווייל די בעדינגונגען זיינען ניט געווען נאָך דעם וואונש פון רוים. דער רעזולטאַט איז געווען נאָר איין יאָהר וואַפען־שטילשטאַנד.

נאָך דעם יאָהר האָט קווינטוס פאַביוס מאַקסימוס, וועלכער איז דאַן ערוועהלט געוואָרען צום קאָנסול, ווידער אָנגעפאַנגען דעם קריג מיט די סאַמ־ניטער. ער האָט זיי מיט וואַפען ווידער געצוואונגען פרידען צו בעטען ביי די רוימער, אָבער ווייל די בעדינגונגען פון פרידען, וועלכע די רוימער האָבען געשטעלט, זיינען געווען צו שווער פיר די סאַמניטער אָנצונעהמען,

האָבען זיי די בעדינגונגען צוריקגעוויזען. אין דעם פינפטען יאָהר פון דעם קריג האָט דער סאַמניטישער קאָמאַנדיר פּ אָ נ ט י ו ס זיך נוקם געווען אָן די רוימער פיר דאָס אונרעכט, וואָס זיי האָבען געטאָן צו די סאַמניטער (321 פ. קר.). ער האָט פערנאַרט דאָס רוימישע מיליטער אין די ק אַ ו ד י - נ י ש ע פּ אַ ס ע ן (דורכגענג צווישען בערג), דאָרט האָט ער זיי איינגע-שלאָסען, און זיי האָבען זיך איבערגעגעבען צו איהם ער זאָל מיט זיי טאָן וואָס ער וויל. פּאָנטיוס האָט ניט געקענט בעשליסען וואָס צו טאָן מיט'ן פיינד. ער האָט געשיקט צו זיין אַלטען פאָטער פרעגען אַן עצה, ווי ער זאָל דאָ האַנדלען. דער אַלטער האָט איהם געענטפערט, דאָס ער זאָל טאָן איינס פון די צוויי: אָדער ער זאָל זיי אַלע ביז'ן לעצטען אויס'הרג'ענען, אָדער ער זאָל זיי אַלעמען פריי לאָזען. ער האָט אָבער ניט געפאָלגט דעם פאָטער'ס עצה. ער האָט געשלאָסען מיט די רוימער אַ טראַקטאַט, לויט וועל-כען די רוימער מוזען אַרוים פון לאַנד פון די סאַמניטער און זיי מוזען אָנער-קענען זייער אונאָפּהענגיגקייט. פון די געפאַנגענע האָט פּאָנטיוס פערהאַל-טען 600 מאַן אַלס משכון, אַלס זיכערונג, דאָס די רוימער וועלען מקיים זיין דעם אָפּמאַך, און די איבריגע האָט ער געלאָזען דורכגעהן אונטער'ן יאָך, אַ זאַך, וואָס איז דאַמאָלס געווען די גרעסטע שאַנדע. דיזע ערנידריגונג האָט אין רוים פעראורזאַכט גרויס טרויער און אַ שרעקליכע ערביטערונג. דער סענאַט האָט אויסגעזוכט עפּעס אַ פעהלער אין דער פאָרמאַליטעט פון דעם טראַקטאַט און האָט איהם ערקלערט אַלס ניט גילטיג. די רוימער האָבען געאָפּ-פערט די 600 פּערזאָן, וואָס זיינען געווען פערהאַלטען אַלס משכון, און זיי האָ-בען צוגעשיקט צו די סאַמניטער געבונדענע די לייט, וואָס האָבען אונטערגע-שריבען דעם אָפּמאַך, אונטער וועלכע עס איז אויך געווען דער קאָנסול, זיי זאָ-לען טאָן מיט זיי, וואָס זיי ווילען. פּאָנטיוס איז געוואָרען שרעקליך אויפגע-בראַכט אויף די רוימער פיר זייער פאַלשקייט, ער האָט אָבער בעוויזען גרויס-מוט צו די געבונדענע געזאַנדטע און האָט אויך די 600 פּערזאָן בעפרייט. ער האָט אָבער באַלד זיך גענומען צו די וואַפען און איז אַרוים אין קריג געגען די רוימער. דיזע פון זייער זייט האָבען אָנגעשטרענגט זייערע אַלע קרעפטען אום צו רעטען זייער וואַפען־עהרע. זיי האָבען איבערגעגעבען די אַרמעע אין די הענט פון די בעסטע קאָמאַנדירען: פּאַפּיריוס קורסאָר און פאַביוס מאַק-סימוס. די רוימער האָבען דיזעס מאָל איבעראַל געזיגט און די סאַמניטער זיי-נען געקומען צו דער איבערצייגונג דאָס אָהן הילף פון וועלכען עס איז בונד-חבר וועלען זיי ניט זיין אין שטאַנד צו בעזיגען די רוימער.

די ערסטע בונד־חברים האָבען די סאַמניטער געפונען אין די עטרוסקער, וועלכע האָבען אָנגעפאַנגען שטאַרק צו פירכטען פאַר דער וואַקסענדער מאַכט פון רוים. דיזע פעלקערשאַפטען האָבען געהאָפט, דאָס זיי וועט געלינגען צו ברעכען די מאַכט פון רוים. דיביידע בונד־חברים האָבען בעשלאָסען פריי־הער פון אַלץ צו בעלאַגערן די קאָלאָניע־שטאָדט סוטריום, וועלכע איז גע־שטאַנען ביי דער גרענעץ פון עטרוריען. דער רוימישער קאָנסול איז אָבער אָנגעקומען גראַדע אין דער צייט, ווען די עטרוסקער האָבען געוואָלט די שטאָדט אַרומרינגלען און בעלאַגערן. ביידע אַרמעען האָבען אָנגעפאַנגען אַ שטרייט, וועלכער האָט צו קיין רעזולטאַט ניט געפיהרט, ווייל קיינער האָט ניט געזיגט. דערוויילע האָבען די סאַמניטער אַרומגערינגעלט די רוימישע אַר־מעע אין אַפוליען און האָבען איהר אָפּגעשניטען יעדע פערבינדונג מיט רוים. דער סענאַט האָט געפונען פיר נעטיג צו ערוועהלען פּאַפּיריוס קורסאָר׳ן צום דיקטאַטאָר. ווייל די ערנענונג האָט געמוזט געמאַכט ווערען דורך דעם אַנדע־רען קאָנסול, האָט מען געשיקט אַ געזאַנדטשאַפט צום צווייטען קאָנסול, צו קווינטוס פּאַביוס מאַקסימוס רולליאַנוס. דיזער איז בעפאַלען די עטרוסקער ביים ברעג פון וואַדימאָנישען זעע און האָט איבער זיי געוואונען אַ גלענצענ־דען זיג (310 פ. קר.). אין דיזער צייט זיינען אָנגעקומען די געזאַנדטע פון סע־נאַט מיט דער פאָדערונג, ער זאָל בעשטימען פּאַפּיריוס קורסאָר׳ן אַלס דיקטאַ־טאָר. הגם עס איז איהם זעהר שווער געווען זיין מאַכט איבערצוגעבען אין די הענט פון זיין בלוטיגסטען פיינד, וועלכער האָט איהם פריהער צום טויט פער־אורטיילט, דאָך האָט ער זיך בעקעמפט פיר די טובה פון פאָטערלאַנד און האָט ערנענט פּאַפּיריוס׳ן צום דיקטאַטאָר. דיזער האָט געוואונען אַ זיג איבער די סאַמניטער ביי לאָנגולאַ (308 פ. קר.) און האָט אויך צושלאָגען די אומ־בריער, וועלכע האָבען זיך פּלוצלונג ערהויבען געגען די רוימער און האָבען איהם געוואָלט פערשטעלען דעם צוריק־וועג נאָך רוים. אויך פּאַביוס מאַקסי־מוס האָט איינינע מאָל בעזיגט די סאַמניטער. דיזע אַלע מפּלות האָבען גע־צוואונגען די סאַמניטער צו שליסען פרידען מיט די רוימער (304 פ. קר.).

הגם די סאַמניטער זיינען געווען בעזיגט, דאָך איז דער פרידען, וואָס זיי האָבען געשלאָסען מיט די רוימער, אויסגעפאַלען ניט שלעכט פיר זיי, ווייל זיי האָבען פון זייער לאַנד גאָר ניט פערלאָרען. די אומבריער זיינען אין גאַנצען אונטערטעניג געוואָרען אונטער די רוימער. עטרוריען האָט בעקומען אַ וואַפען־שטילשטאַנד. די קליינע פעלקערשאַפטען, וואָס זיינען פריהער גע־ווען די בונד־חברים פון די סאַמניטער, זיינען פון די רוימער אין גאַנצען פערניכטעט געוואָרען.

דיזער פרידען האָט געדויערט זעקס יאָהר. די רוימער האָבען בענוצט דיזע צייט די שבנישע פעלקער צו אונטעריאָכען און צו בעפעסטיגען געוויסע פונקטען און מאַכען נייע שטראָסען פיר מיליטער צוועקען. איינע פון דיזע שטראָסען איז די, וועלכע דער בלינדער צענזאָר א פ פ י ו ס ק ל א ו ד י ו ס האָט אין 312 פ. קר. אין קאַמפּאַניען אויסגעבויט, און וועלכע איז בעוואוסט אונטער דעם נאָמען ו ו י א א פ פ י א, נאָך דעם נאָמען פון דיזען צענזאָר.

אין יאָהר 298 פ. קר. האָט אויסגעבראָכען דער דריטער סאַמניטער-קריג. די סאַמניטער האָבען בעשלאָסען די לוקאַניער צו אונטעריאָכען אום דערמיט זייער מאַכט צו פערגרעסערן, זיי זאָלען קענען זיך פערגלייכען מיט די רוימער, וועמעס מאַכט עס איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג. די לוקאַניער האָבען זיך געווענדעט צו רוים פיר הילף. די רוימער האָבען באַלד געשיקט אַן אַרמעע אין לוקאַניען. די סאַמניטער האָבען געשלאָסען אַ בונד מיט די אַפּוליער, עטרוס-קער, אומבריער און מיט די גאַלליער, און דיזע אַלע פעלקערשאַפטען האָבען צוזאַמענגעשטעלט אַ זעהר גרויסע אַרמעע. די רוימער האָבען אויסגעקליבען די בעסטע קאָמאַנדירען, נעמליך: ק ו ו י נ ט ו ס פ א ב י ו ס ר ו ל ל י א נ ו ס און פ ו ב ל י ו ס ד ע צ י ו ס מ ו ס דעם אינגערען. די רוימישע אַרמעע האָט שרעקליך געהאַנדעלט אין די לענדער פון פיינד און האָט די בעזיגטע גע-טריבען צו פערצווייפלונג. אין 295 פ. קר. האָבען זיךביידע פיינדליכע אַר-מעען בעגעגענט ביי דער אומברישער שטאָדט ס ע נ ט י נ ו ם און עס איז דאָרט פאָרגעקומען די ערסטע שלאַכט. די אַרמעע פון די פערבונדענע פעלקער-שאַפטען איז געשלאָגען געוואָרען פון די רוימער, ווייל עס איז ניט געווען צווי-שען זיי די נעטיגע איבעראיינשטימונג און אחדות. נאָר דער פליגעל פון דער רוימישער אַרמעע, וועלכער איז געווען אונטער דער פיהרערשאַפט פון מוס'ן, האָט ניט געקענט בעשטעהן געגען דער אַרמעע פון די פעראייניגטע און האָט אָנגעפאַנגען צוריקצוטרעטען. דאַן האָט מיט מוס'ן פּאַסירט דאָס זעלבע, וואָס מיט זיין בעריהמטען פאָטער: ער האָט זיך אַריינגעוואָרפען אין דעם פייער פון דער שלאַכט און איז דערשלאָגען געוואָרען פון פיינד. מיט איהם זיינען געפאַ-לען אויף'ן שלאַכט-פעלד 8,000 רוימער. די סאַמניטער האָבען פערלאָרען אין דיזער שלאַכט 25,000 מאַן, צווישען זיי איז אויך געווען דער בעריהמטער קאָ-מאַנדיר געלליוס עגנאַציוס, וועלכער איז געווען אַ שרעקליכער פערלוסט פיר די סאַמניטער.

נאָך דיזער שלאַכט איז דער בונד צופאַלען. די עטרוריער און די אומ-בריער זיינען געוואָרען אַזוי אָפּגעשוואַכט, דאָס זיי זיינען געוואָרען אונ-שעדליך פיר רוים פיר אימער. די גאַלליער האָבען נאָך אַפילו אין די שפּע-





די וויא אפפיא אין איהר היינטיגען צושטאנד. (אפגעבויט ווי זי איז געוועזן אין אלטע צייטען).

טערע יאָהרען געמאַכט איינצעלנע אָנפאַלען אויף די רוימישע לענדערייען, אָבער זיי האָבען קיין ערנסטען שאָדען ניט געקענט טאָן. די סאַמניטער אָבער זיינען נאָך געבליבען שטאַרק גענוג, אַזוי דאָס זיי זיינען נאָך געווען אין שטאַנד נאָך אייניגע יאָהר קריג צו פיהרען מיט די רוימער. אָבער נאָך דעם, ווי די שטאָדט אַקווילאָניאַ איז געפאַלען און אין דער לעצטער הויפּט־שלאַכט איז פאָנטיוס זעלבסט אריינגעפאַלען אין די הענט פון די רוימער, איז די מאַכט פון די סאַמניטער געווען אין גאַנצען געבראָכען, און אין יאָהר 290 פ. קר. זיינען זיי געוואָרען די רוימישע בונד־חברים אונטער פערשיידענע בעדינגונגען. דער בעריהמטער קאָמאַנדיר פאָנטיוס איז אוועקגעפיהרט געוואָרען אין רוים געשמידט אין קייטען ווי אַ געמיינער פערברעכער און דאָרט האָט מען איהם אין געפענגניס אריינגעוואָרפען, וואו ער איז שטילערהייד ערמאָרדעט געוואָרען. דאָס איז אַ ביישפּיל פון רוימישער מערדעריי און ענגהערציגקייט. זיי האָבען פערגעסען, ווי גרויסמוטיג ער האָט בעהאַנדעלט די 600 רוימער, וואָס זיינען געווען פערהאַלטען אַלס משכון, נאָך דעם, ווי דער סענאַט האָט דעם אָפּמאַך צווישען די רוימער און סאַמניטער מבטל געווען. קיין קווינט יושר, נאָר גראָבע פיזישע קראַפט!

### 3) דער טאַרענטינישער קריג און די אונטערוואַרפונג פון אונטער־ (דרום־) איטאַליען.

נאָך דעם זיג איבער די סאַמניטער האָבען די רוימער בעהערשט גאַנץ מיטעל־איטאַליען. אין צפון האָבען זיי זיך געגרענעצט מיט גאַלליען, אין דרום — מיט די גריכישע קאָלאָניעס. די גאַללישער האָבען געשלאָסען אַ בונד מיט אייניגע עטרוסקישע שטעדט און זיינען ארויס אין קריג געגען די רוימער. זייער מאַכט איז אָבער אין דיזען קריג אין גאַנצען געבראָכען געוואָרען און זייער לאַנד איז פון די רוימער פערוויסט געוואָרען. זייערע בונד־חברים האָבען געבעטען פרידען ביי די רוימער און האָבען דאָס אויך גלייך בעקומען, ווייל אין דרום־איטאַליען האָט דאַמאָלס אויסגעבראָכען אַן ערנסטער קריג מיט די רוימער.

מיר האָבען שוין פריהער אין דער גריכישער געשיכטע מיטגעטיילט, דאָס דרום־איטאַליען (אונטער־איטאַליען) איז געווען געדיכט בעזעצט מיט גריכישע קאָלאָניעס און דעריבער האָט מען עס גערופען „גרויס־גריכענלאַנד”. ליידער אָבער האָבען אין דיזע קאָלאָניעס געהערשט רייסערייען און קריג צווישען זיך, ווי עס איז פאָרגעקומען אין זייער הויפּט־פאָטערלאַנד, אין גריכענלאַנד. אום זיך צו בעשיצען געגען די אָנגריפען פון זייערע באַרבאַרישע

שכנים, האָבען זיי געמוזט דינגען סאָלדאַטען פון זייער פאַטערלאַנד און שאַפען א מיליטערישע מאכט. איינער פון די הויפט־אַנפיהרער פון דער געדונגענער אַרמעע, ק ל ע אָ נ י מ אָ ס, דער זוהן פון ספּאַרטאַנישען קעניג, איז גע-וואָרען א פיינד פון די קאָלאָניסטען אָנשטאָט דעם, וואָס פריהער איז ער געוועזען זייער בעשיצער. ער האָט אָנגעפאַנגען צו רויבען ביי די ברעגען פון לאַנד און האָט אויך בעזיגט די שטאָדט טהוריאַי. די גריכען האָבען זיך גע-ווענדעט צו רוים נאָך הילף, וועלכע מען האָט זיי באַלד געגעבען, אָבער אין דער זעלבער צייט האָבען די רוימער אָנגעפאַנגען די גריכען פון לאַנד ארויס-צושטופען. דאָס איז אימער געוועזען די רוימישע פּאָליטיק. אום אין דער צוקונפט געשיצט צו ווערען פון די רוימער, האָבען די גריכישע קאָלאָניעס בעשלאָסען א געוויסע צאָהל רוימער אין זייערע שטעדט צו בעזעצען, אום די רוימער זאָלען וועלען בעשיצען זייערע בירגער, וואָס וואוינען דאָרט, און דורך דעם וועלען זיי, די גריכען, אויך בעשיצט ווערען. צווישען דיזע קאָלאָניעס איז אויך געוועזען די שטאָדט טהוריאַי. אום נאָך טהוריאַי צו קומען, האָט די רוימישע פלאָטע געמוזט דורכגעהן די מעססענישע ים־שטראַס און קומען נאָהענט פון טאַרענטאָ. פּלוצלונג איז איין מאָל די טאַרענטישע פלאָטע בע-פאַלען די רוימישע שיפען און האָט איניגע בערויבט און איניגע דערטרונ-קען. צווישען די טאַרענטינער און די רוימער איז שוין לאַנג געוועזען א שטילע פיינדשאַפט. יעצט האָט די פיינדשאַפט אויסגעבראָכען אָפען.

די טאַרענטינער האָבען שוין פריהער געזוכט צו שאַדען די רוימער דורך פערשיידענע העצערייען, אָבער עס איז זיי ניט געלונגען. דעריבער האָבען זיי געפונען פיר נעטיג צו בענוצען זיך מיט דעם אומשטאַנד, וואָס די רוימער האָבען ניט געהאַלטען אַן אַלטען אָפּמאַך מיט די טאַרענטינער, לויט וועלכען די רוימער האָבען קיין רעכט ניט צו שיקען זייערע שיפען אין די וואַסערן פון טאַרענטאָ. יעצט אַלס די רוימער האָבען דעם אָפּמאַך געבראָכען, האָבען זיי געהאַט א געלעגענהייט זיך נוקם זיין אָן די רוימער. זיי האָבען זייערע שיפען צושטערט, די שטאָדט טהוריאַי איינגענומען און די רוימישע איינוואוי-נער ארויסגעטריבען צוזאַמען מיט דער רוימישער חיל־בעזעצונג.

די רוימער האָבען געשיקט א געזאַנדטשאַפט נאָך טאַרענטאָ אונטער דער פיהרונג פון ל ו צ י ו ס פּ אָ ס ט ה ו מ י ו ס. ער האָט פערלאַנגט, דאָס זיי זאָלען די פערטריבענע בירגער פון טהוריאַי ערלויבען זיך צוריק בעזעצען אין דער שטאָדט און דאָס מען זאָל זיי בעצאָהלען פיר דעם שאָדען, וואָס זיי האָבען געליטען אונשולדיג פון דעם אונגערעכטען ארויסטרייבען. ער האָט אויך פערלאַנגט, דאָס די רוימישע חיל־בעזעצונג זאָל צוריק אין שטאָדט אויפ-

געגומען ווערען. פאַסטהומיוס האָט דיזען אויפטראַג געבראַכט פאַר דער פאָלקס־פערזאַמלונג פון טאַרענטאַ. ער איז געווען אַן אַלטער עהרענמאַן, וועלכער איז שוין דריי מאָל געווען קאָנסול, ער איז אָבער געווען זעהר איינ־פאַך געקליידעט און האָט גערעדט אַ שלעכטעס גריכיש. די בעפּוצטע פער־פומירטע טאַרענטינער האָבען פון איהם שפּאַס געמאַכט און האָבען זיך גע־וויצעלט איבער איהם. איינער האָט זיך ערלויבט זיינע קליידער צו בע־פלעקען און דאָס האָט אַרויסגערופען אַ געלעכטער אין דער פערזאַמלונג. פול מיט צאָרן איבער דער שאַנדע, וואָס די טאַרענטינער האָבען איהם פערשאַפט, האָט ער מיט גרויס אויפרעגונג געזאָגט: „נאָר דאָס בלוט פון די טאַרענטינער וועט אָפּוואַשען דיזען פלעק". מיט דיזע ווערטער האָט ער פערלאָזען די פערזאַמלונג און דער קריג האָט זיך אָנגעפאַנגען.

טאַרענטאָ איז געווען צו שוואַך מיט די רוימער קריג צו פיהרען. זיי האָבען געמוזט זוכען אַ מעכטיגען בונד־חבר. זיי האָבען אַזעלכען געפונען אין דעם העלד פּ י ר ה ו ס, דעם קעניג פון עפּירוס. דיזען העלד האָט זיך שוין נאָך פריהער געוואָלט זיין אַ הערשער איבער די גריכען. ער האָט דעם פאָרשלאַג פון די טאַרענטינער מיט פערגניגען אָנגענומען. פּירהוס איז געווען אַ טיכטיגער העלד, וועלכער האָט די קריגס־קונסט געלערנט אין דער שולע פון אַלכסנדר דעם גרויסען און זיינע גרויסע קאָמאַנדירען, און איז ווירק־ליך געווען דער גרעסטער סטראַטעגיקער אין אַלטערטום. ער האָט געשיקט מ י ל אָ ' ן מיט 3,000 מאַן פאָרויס און אַליין מיט נאָך 25,000 קריגער און 20 קריגס־העלפאַנדען איז ער באַלד געגאַנגען נאָך איהם. דאָס איז געווען אין יאָהר 281 פ. קר. ער האָט באַלד געהאַט אין זיין מאַכט די בורג פון טאַ־רענטאָ אָהן שום בלוט־פערגיסונג און ער האָט געצוואונגען די טאַרענטינער אין זיין אַרמעע אַריינצוטרעטען. פיעלע פון די גריכישע קאָלאָניעס אין דרום־איטאַליען האָט ער געצוואונגען זיי זאָלען זיך איהם אונטערגעבען, און די, וואָס האָבען עס ניט געוואָלט טאָן, האָט ער פערוויסט.

די רוימער האָבען אַרויסגעשיקט אַ גרויסע אַרמעע געגען פּירהוס'ן אונ־טער דער אָנפיהרונג פון קאָנסול פּ ו ב ל י ו ס וו א ל ע ר י ו ס ל אָ וו י ־ נ ו ס. פּיררהוס האָט זיך אָנגעבאָטען אַלס ריכטער, וואָס זאָל ענטשיידען דעם סכסוך צווישען רוים און טאַרענטאָ. דערויף האָבען די רוימער געענטפערט: „די וואָפען וועלען ענטשיידען". נאָך דעם האָט שטאַטגעפונען די ערסטע שלאַכט צווישען פּיררהוס'ן און די רוימער אין יאָהר 280 פ. קר. ביי דער שטאָדט ה ע ר א ק ל ע אַ. דעם זיג האָט געוואונען פּיררהוס מיט זיינע

העלפאַנדען, וועלכע האָבען אַ בעזונדערען שרעק אָנגעוואָרפען אויף די רוי-
מישע סאָלדאַטען, וואָס האָבען העלפאַנדען אין מלחמה געזעהן צום ערסטען
מאָל אין זייער לעבען. דער זיג אָבער האָט פיררהוס׳ן צו טייער געקאָסט.



פיררהוס.

דורך דיזען זיג איז פיררהוס׳ן געלונגען צו געווינען נייע בונד־חברים צווי-
שען די גריכישע קאָלאָניעס אין דרום־איטאַליען. עס זיינען צוגעשטאַנען צו
איהם אויך איינינע פון די רוימישע בונד־חברים, ווי די לוקאַניער, סאַמניטער

און ברוטטיער. ער האָט נאָכדעם אָנגעפאַנגען צו מאַכען אַ צוג נאָך רוים, ער איז שוין ווירקליך געווען ניט ווייט פון רוים, אָבער ער האָט זיך אומגעקעהרט נאָך טאַרענטאָ צוריק, דערזעהענדיג אַ גרויסע רוימישע אַרמעע. ער האָט זיך דערווייל מעהר בעקאַנט געמאַכט מיט דער רוימישער קריגס־קונסט און האָט זיך איבערצייגט, דאָס עס איז גלייכער פיר איהם צו שליסען פרידען מיט רוים. דערצו האָבען איהם אָנגעהויבען צו פעהלען די נעטיגע געלט־מיטלען פאָרטצוזעצען דעם קריג. ער האָט געשיקט זיין מיניסטער, אַ זעהר פאַרנעהמען און געשיקטען מאַן, צו די רוימער צו פערהאַנדלען מיט זיי וועגען פרידען. דעם מיניסטער איז עס ווירקליך געלונגען דורך זיין אויסערגעוועהנליכע און קלוגע רעדנער־קונסט צו געווינען דעם סענאַט אויף זיין זייט און דער פאָרשלאַג פון פרידען איז שוין געווען כמעט אין גאַנצען אָנגענומען. אָבער ביי דער שלום־בעראַטונג איז געקומען אין סענאַט דער אַלטער בלינדער און געלעהרטער אַפּפּיוס קלאַודיוס און האָט מיט זיינע אַרגומענטען איבערצייגט דעם סענאַט, דאָס מען דאַרף ניט שליסען קיין פרידען מיט פּירהוס'ן, און דער סענאַט האָט פּיררהוס'עס מיניסטער קינקאַס'ן ענטזאַגט מעהר צו אונטערהאַנדלען דיזע פראַגע. קינקאַס איז געווען שטאַרק פערוואונדערט איבער די ווירדע און ערנסט פון סענאַט און אַלס ער איז געקומען צוריק צו זיין קעניג פּיררהוס, האָט ער געזאָגט, דאָס ווען ער איז געווען אין סענאַט, האָט ער געמיינט, דאָס ער איז אין אַ פערזאַמלונג פון קעניגען.

הגם דער פאָרשלאַג פון פרידען איז ניט אָנגענומען געוואָרען, האָבען די רוימער דאָך געזוכט מיטלען זייערע געפאַנגענע צו בעפרייען. צו דיזען צוועק האָבען זיי געשיקט אַ געזאַנדטשאַפט צו פּיררהוס'ן מיט ק א י ו ס פ א ב ר י צ י ו ס ל ו ס צ י נ ו ס'ן אָן דער שפּיץ. פּיררהוס האָט געוואָלט אונטערקויפען די געזאַנדטע, ווי עס איז דאַמאָלס געווען אַ געוועהנליכע זאַך אין גריכענלאַנד. צו זיין פערוואונדערונג האָט פאַבריציוס זיך ענטזאַגט פון דער גרויסער סומע געלט, וואָס פּיררהוס האָט איהם אָנגעבאָטען, הגם ער איז געווען אָרים. דעם צווייטען טאָג האָט פּיררהוס געפּרובט צווינגען פאַבריציוס'ן איהם נאָכצוגעבען דורך אַ שרעק. ער האָט נעמליך געלאָזט אריינפיהרען אין זאַאל, וואו זיי זיינעןביידע געווען און אונטערהאַנדעלט, אַ העלפאַנד און דיזער האָט מיט זיין לאַנגען ריסעל (נאָז) אָנגעפאַנגען שמעקען, וואָס אַריינצוכאַפּען. פאַבריציוס, וועלכער האָט נאָך קיין מאָל אין זיין לעבען ניט געזעהן אַזאַ מין שרעקליכע חיה, האָט צו פּיררהוס'ן געלאַסען געזאָגט: „אַזוי ווי נעכטען האָט מיר דיין גאָלד ניט צוגעצויגען, אַזוי האָט מיר היינט

דיין העלפאנד ניט אפגעשראקען". די רוימישע געזאנדטשאפט האט אלזא קיין ערפאלג ניט געהאט. שפעטער אבער האט פירהוס בעפרייט די רוימישע גע-פאנגענע. און דאס איז געשעהן צוליב פאלגענדען צופאל. פירהוס'עס לייב-ארצט האט פארגעשלאגען דעם רוימישען קאנסול פאבריציוס צו פערגיפטען זיין הערר, ווען ער, דער קאנסול, וועט איהם געבען א געוויסע סומע געלט. פאבריציוס האט צוגעשיקט דעם בריף פון דעם לייב-ארצט צו פירהוס'ן און דערמיט איבערצייגט איהם דעם גרויססמוט פון די רוימער. צוליב דיזען צו-פאל האט פירהוס בעפרייט די רוימישע געפאנגענע.

דעם נעקסטען יאהר (279 פ. קר.) האט פירהוס נאך א מאל געהאט א זיג איבער די רוימער, אבער מיט אזא גרויסען פערלוסט פון מיליטער, דאס ער זעלבסט האט זיך אויסגעדריקט: „נאך אזא זיג און איך בין פערלארען". פון דאמאלס אן איז פירהוס'עס זיג געווארען א שפריכווארט. צום גליק האבען די סיראקוזאנער איהם איינגעלאדען צו העלפען זיי געגען די קאר-טהאגער. ער האט געלאזען א ביסעל מיליטער אונטער זיין פעלדהערר מילא אין טארענטא און איז אוועק אליין נאך סיציליען. אבער אויך דא האט ער ניט פיעל דערגרייכט, און דעריבער איז ער געגאנגען צו הילף צו די איטאליע-נישע בונד-חברים, וועלכע זיינען געוועזען זעהר שטארק בעדריקט פון די רוימער אין דער צייט, וואס ער איז געוועזען אוועק. אין יאהר 275 פ. קר. איז ער אזוי געשלאגען געווארען ביי בענעווענט פון דעם רוימישען קאנסול און קאמאנדיר מאניוס קוריוס דענטאטוס, דאס ער איז געוועזען געצוואונ-גען זיך צו רעטען דורך ענטלויפען נאך גריכענלאנד, וואו ער איז אין איניגע יאהר שפעטער געשטארבען. טארענטא האט זיך געמוזט אונטערגעבען צו די רוימער, האט געמוזט ערלויבען רוימישע מיליטער-בעזעצונג, ווי פריהער, און איבערגעבען איהר פלאטע צו זיי. מילא מיט זיינע סאלדאטען האט ערהאל-טען די ערלויבניס פריי ארויסצוגעהן פון טארענטא. יעצט זיינען די רוי-מער געווארען די איינציגע הערשער אין גאנץ איטאליען צו דרום פון דעם טייך פא. דאס איז געוועזען דער ערסטער יסוד צו זייער וועלט-הערשאפט.

איידער מיר וועלען פארזעצען די וויטערע געשיכטע פון רוים, געפי-נען מיר פיר נעטיג בעקאנט צו מאכען די לעזער מיט די הויפט-מאמענטען פון דער געשיכטע פון קארטהאגא און סיציליען, ווייל די גע-שיכטע פון דיזע צוויי לענדער איז ענג פערבונדען מיט דער געשיכטע פון רוים.

# ד. די געשיכטע פון קארטהאגאָ און סיציליען.

## 1) קאַרטהאגאָ.

קאַרטהאגאָ איז געגרינדעט געוואָרען פון די פעניציער אין יאָהר 878 פ. קר. ביים ברעג פון דעם ים־בוזים פון טוניס, גראדע געגענאיבער סיציליען. דער עלטעסטער טייל פון קארטהאגאָ איז די פעסטונג, וועלכע איז בעוואוסט מיט'ן נאָמען בירזא, ארום וועלכער עס האָבען זיך לאנגזאם אויסגעבויט די וואוינונגען. די שטאָדט האָט געהאט צוויי האפענס, איינעם פיר דעם האנדעל און דעם אנדערען פיר מיליטערישע צוועקען. א שטארקע דאָפּעלטע מויער האָט צושיידט דיזע צוויי האפענס. אין קריגס־האפען האָבען זיך געפונען מעהר פון 200 קריג־שיפען. נעבען די האפענס איז געווען א מארק־פלאץ, פון וועלכען דריי הויפּט־גאסען האָבען געפיהרט צו דער פעסטונג (בירזא). אויף'ן מארק איז געשטאנען א טעמפּעל געווידמעט צו אפּאָללאָ'ן מיט זיין בעגולדעטער סטאטוע. אין צפון־מערב פון דער פעסטונג איז געווען א בעזונדערער שטאָדט־טייל, וועלכער האָט זיך גערופען מ א ג א ל י א און איז געווען ארומגערינגעלט מיט א בעזונדערער מויער. אין דער צייט פון דעם דריטען פונישען קריג (זעה ווייטער) האָט קארטהאגאָ געהאט 700,000 איינוואוינער.

קארטהאגאָ איז געווען א צענטער פון טויש־האנדעל און דאָס איז געווען די אורזאך פון איהר גרויסקייט און וויכטיגקייט. די קארטהאגער פלעגען אויפקויפען פערשיידענע רויהע וואארען פון די איינהיימישע אפריקאנישע שטאאטען און פלעגען זיי ברייגנגען צו זייער הויפּט־פאָטערלאנד, צו פעניציען. פון דאָרט פלעגען זיי ברייגנגען צוריק אלערליי אויסגעארבייטע וואארען: וואָלענס, זיידענס און אנדערע ארטיקלען, און אזוי האָבען זיי פערברייטערט דעם האנדעל אויף לאנד און אויף מעער. קארטהאגאָ האָט פון איהר זייט אויך געגרינדעט אין פערשיידענע לענדער קאָלאָניעס און דורך זיי שטארק פערברייטערט דעם האנדעל. צוזאמען מיט דעם רייכטום פון קארטהאגאָ איז אויך איהר מאכט געוואקסען. ווען פעניציען האָט פערלאָרען איהר פּאָליטישע מאכט איז קארטהאגאָ געוואָרען איהר יורש'טע צו מערב פון מיטעללענדישען מעער, ד. ה. פון סיציליען ביז דעם גיבראלטאר. די אלע פעניצישע קאָלאָניעס האָבען זיך געבויגען צו קארטהאגאָ און האָבען אנערקענט איהר הערשאפט איבער זיי, אבער זיי זיינען געבליבען אונאָפּהענגיג און פריי. די קאָלאָניעס האָבען נאָר געמוזט א געוויסען טריבוט (מס) יעהרליך ליפערן צו קארטהאגאָ. אזוי צ. ב. האָבען די בערג־ווערק (מינעס) פון ק א ר ט ע י א געמוזט ליפערן צו קארטהאגאָ יעדעס יאָהר 25,000 דראכמעס זילבער. אויך די בא-

לעארישע אינזלען האָבען געצאָהלט צינז צו די קאַרטהאַגער. דיזע אינזלען האָבען געליפערט צום קאַרטהאַגער האַנדעל פערשיידענע וויינען, בוימעל, פרוכטען, פיינע וואָל און אויסגעצייכענטע מויל־טיערען. די קאַרטהאַגער האָבען אין סארדיניען געהאַט אַ שטאַרקע, מעכטיגע קאָלאָניע נאָך אין זיבעטען יאָהרהונדערט פ. קר. סאַרדיניען איז געווען זעהר רייך אין געטריידע און מעטאַלען. די אינזעל עלבאַ איז געווען זעהר רייך אין אייזען, און די אינזעל מאַלטאַ האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין באַוועל און וועבערייען. אָבער וויכטיגער פון די אַלע אינזלען איז געווען פיר די קאַרטהאַגער די אינזעל סיציליען. דאָס בעווייזען קלאָר די שטענדיגע קריגען און רייסערייען, וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישען קאַרטהאַגאָ און סיראַקוז צוליב דיזער אינזעל. די קאַרטהאַהאַגער האָבען געוואָלט זיך בעפעסטיגען אויך אין גאַלליען און אין דרום־איטאַליען, אָבער דאָרט האָבען די גאַלליער זיי ניט דערלאָזען צו מאַכען קאָלאָניעס, און דאָ האָבען זיי געשטערט אין זייער וואונש די רוימער, גריכען און עטרוסקער.

אויך אין די מזרח־געגענדען פון מיטעללענדישען מעער האָבען די גריכען געשטערט די קאַרטהאַגער צו פערברייטערן זייער האַנדעל. דערפאַר האָבען די קאַרטהאַגער געשטערט די גריכען צו ענטוויקלען זייערע מסחרים איז מערב פון דעם מיטעללענדישען מעער. מיר ווייסען, דאָס די פעניציער האָבען שוין לאַנג פערברייטערט זייערע האַנדעלס־געשעפטען ביז די קאַנארישע אינזלען. אויך דאָ זיינען די קאַרטהאַגער געווען טריע און ווירדיגע קינדער פון זייער מוטער־שטאָדט. די קאַרטהאַגער האָבען זייערע זעע־רייזעס געטריבען ביז מאַדייראַ. דאָס איינציגע ווערק, וואָס איז אונז געבליבען פון די קאַרטהאַגער, „די ארומרייזע" פון ה א נ נ אָ, ערצעהלט אונז, דאָס די קאַרטהאַגער האָבען געשיקט 60 שיפען און 30,000 מאַן צו גרינדען קאָלאָניעס אין מערב־אַפריקאַ און האָבען ווירקליך געגרייכט ביז סענעגאַל, גאַמביאַ און אַפילו ביז סיערראַ לעאָנע.

העראָדאָט גיט אונז אַ זעהר קלאָרען בעריכט, ווי איינפאַך עס איז דאַמאָלס געווען דער טויש־האַנדעל צווישען פעלקער. נאָך דעם, ווי די פעניציער האָבען געאַנקערט מיט זייערע שיפען אויף אַן אָרט, האָבען זיי באַלד זייערע סחורות אַרויסגעשטעלט אויף'ן ברעג. די זאַכען, וואָס זיי פלעגען ברייננגען צום פערקויפען, זיינען געוועהנליך געווען: פוץ־זאַכען, לעהמענע געשיר, וויין, לייוואַנט. דורך אַ פייער און אַ רויך, וואָס זיי פלעגען מאַכען, האָבען זיי געגעבען די איינוואוינער צו וויסען וועגען זייער אָנקומען. די איינוואוינער פלעגען באַלד צוקומען צו די געבראַכטע וואַרע און פלעגען אַנידערלעגען

נעבען זיי זייערע סחורות: גאָלד, העלפאַנד־ביין, לייבען־פעל א. אנד. ווען די קאַרטהאַגער זיינען צופרידען געווען מיט'ן האַנדעל, האָבען זיי צוגענומען די געגענשטענדען, וואָס די איינוואוינער האָבען געבראַכט און האָבען זיי גע־געבען זייערע אַרטיקלען; אין פאַל אָבער, ווען דער מסחור איז זיי ניט געווען געפעלען, פלעגען זיי גאַרניט בעריהרען די געבראַכטע סחורות פון די איינ־וואוינער, ביז זיי האָבען צוגעבראַכט נאָך מעהר פון זייערע מינים. ווען די ביידע זייטען, די קאַרטהאַגער און די איינוואוינער, האָבען זיך ניט געקענט אייניגען, פלעגען די קאַרטהאַגער צונעהמען זייערע וואַרע און אװעקפאָהרען. אזוי פלעגט צוגעהען דער טויש־האַנדעל שטום און שטיל און קיינער האָט דעם אַנדערען קיין אונרעכט ניט געטאָן. אויב די פעניציער און קאַרטהאַגער האָ־בען געגרינדעט קאָלאָניעס ווייטער פון דער פירענעאישער האַלב־אינזעל איז ניט בעוואוסט, ווייל עס זיינען קיין שפורען ניטאָ פון וועלכער עס איז קאָ־לאָניע אויף דיזער האַלב־אינזעל.

לויט די ידיעות, וואָס העראָדאָט גיט אונז איבער, איז אויך דער לאַנד־האַנדעל פון די קאַרטהאַגער געווען זעהר פערברייטערט. דיזער סאָרט האַנ־דעל איז געפיהרט געוואָרען אין קאַראַוואַנען. אַ זעהר בעוואוסטער און פיעל בעזוכטער קאַראַוואַנען־וועג איז געווען דער, וואָס האָט געפיהרט פון טהעבען נאָך סיוואַה, וועלכע איז געווען בעוואוסט אין די אַלטע צייטען אונטער דעם נאָמען אַ מ מ אָ נ י ו ם, און פון דאָ צו די גאַראַמאַנטען, די איינוואוינער פון היינטיגען פעזזאַן. עס זיינען אויך דאַמאָלס געווען וועגען, וועלכע האָבען געפיהרט נאָך דעם אינערען פון אפריקאַ, אין די לענדער, וואָס ליגען ביי דעם טייך ניגער, פון וועלכען מען פלעגט ברייננגען גאָלד, העלפאַנד־ביין, עבען־האָלץ, שטרויס־פעדערן, שקלאַפען א. אז. וו. דיזע אַרטיקלען פלעגען די קאַר־טהאַגער אויסטוישען אויף זייערע פּראָדוקטען, ווי גאָלד, שפּיל־צייג, מעהל, טייטלען, זאַלץ א. אנד. זאַלץ איז נאָך עד היום אַ זעהר וויכטיגער אַרטיקעל פיר די איינוואוינער. עס זיינען דאָ צייטען, ווען זיי צאָהלען פיר זאַלץ מיט דעם זעלבען געוויכט אין גאָלד. מערקווירדיג איז, דאָס זאַלץ איז גאָר ניט שווער צו קריגען אין דער וויסטע סאַהאַראַ, וואו עס געפינען זיך מאַסען זאַלץ אויף דעם אָרט, וואו עס איז אַ מאָל געווען אַ מעער, נאָר די האַלב־ווילדע פעל־קער פערשטעהען עס ניט צו נעהמען. קיין גאָלדענע אָדער זילבערנע מטבעות זיינען נאָך דאַמאָלס ניט געווען. אָנשטאָט דיזע זיינען געווען אין געברויך לע־דערנע מטבעות, וואָס די רעגירונג פלעגט אַרויסגעבען מיט דער בעצייכנונג פון דעם ווערט פון יענער מטבע.

די לאַנד־ווירטשאַפט איז ביי די קאַרטהאַגער געשטאַנען אויף אַ זעהר הויכער שטופע. פליניוס, איינער פון די בעסטע רוימישע שריפטשטעלער, ברייגנט אַ ווערק וועגען דיזען געגענשטאַנד, געשריבען פון דעם קאַרטהאַגער מ אַ י אָ. לײדער איז דיזעס ווערק פערלאָרען געגאַנגען. דער זעלבער האָט גע־שריבען 28 ביכער איבער לאַנד־ווירטשאַפט, וועלכע דער רוימישער סענאַט האָט געהייסען איבערזעצען אין לאַטייניש. נאָך פיעל מעהר איז געווען ענט־וויקעלט ביי די קאַרטהאַגער די אינדוסטריע, איבערהויפּט די בעאַרבייטונג



די וואַסער־לייטונג פון קאַרטהאַגאָ. געבויט פון די רוימער.

פון מעטאַלען. זעהר בעריהמט זיינען געווען אין אַלטערטום די עדעל־שטיי־נער, וואָס זיינען געשליפען געוואָרען אין קאַרטהאַגאָ, און וועלכע זיינען גע־וועזען בעוואוסט אונטער דעם נאָמען: „קאַרכעדאָנישע .עדעל־שטיינער". אויס־געצייכענט זיינען אויך געווען זייערע האַלז און לעדער־אַרבייטען; זייערע שיפען און די אַלע כלים און זאַכען, וואָס געהערען צו שיפען, זיינען אויך גע־ווען זעהר בעריהמט אין יענע צייטען. דער גאַנצער רייכטום פון די קאַרטהאַ־

גער און זייער מאכט זיינען געווען איבערהויפט בעגרינדעט אויף זייערע שיפען.

איבער דער שטאאטס־פערפאסונג און די געזעצען פון די קארטהאגער ווייסען מיר גאנץ ווענינ, אָבער דאָס ביסעל, וואָס מיר ווייסען, האָבען מיר צו פערדאנקען דעם גרויסען גריכישען פילאָזאָף אריסטאָטעלעס, וועלכער האָט אין זיינע ווערק געגעבען א קאפּיטעל איבער דיזען געגענשטאנד. לויט אריסטאָטעלעס׳ בעשרייבונג איז די רעגירונגס־פאָרמע פון קארטהאגאָ געווען אן אריסטאָקראטישע. די אריסטאָקראטיע דאָרט איז אָבער ניט געווען אן אריסטאָקראטיע פון געבורט, נאָר פון געלט, און דעריבער איז זי געווען אונ־טערוואָרפען אונטער פערשיידענע ענדערונגען. די העכסטע עמטער אין דער רעגירונג און אין דער ארמעע איז געווען אין די הענט פון די רייכסטע גוטס־בעזיצער. אויב דיזע בעאמטע זיינען אויך געווען גרויסע האנדעלס־לייט, איז ניט בעקאנט, ווייל וועגען דעם איז אין דער ליטעראטור קיין שפור ניט גע־בליבען. אָבער דאָס ווייסען מיר, דאָס פיעלע פון די עלטערן פון די גרויסע בע־אמטע פון קארטהאגאָ זיינען געוואָרען רייך פון האנדעל און האָבען געזוכט צו קריגען פיעל גרונד־אייגענטום אום אין שטאנד צו זיין גרויסע עמטער צו פער־נעהמען. אין אלגעמיין האָט געהערשט דער פּרינציפּ, דאָס קיינער האָט ניט גע־קענט פערנעהמען קיין הויכע עמטער, ווער עס איז געווען געצוואונגען צו לע־בען פון זיין ארבייט; אין סענאט האָט געקענט ערוועהלט ווערען נאָר א מאן, וואָס האָט געקענט זיין שטאנד פערשאפען ווירדע און עהרע מיט זיין רייכען לעבען און גרויסארטיגער אויפפיהרונג.

די אריסטאָקראטישע פאמיליעס פון קארטהאגאָ האָבען זיך געטיילט אין ברידערשאפטען אָדער פערבאנדען. דיזע משפחה־פערבאנדען זיינען זיך אָפט ווייט פערנאנדערגעגאנגען אין זייערע פּאָליטישע שטרעבונגען און עס זיינען אָפט צווישען זיי פּאָרגעקומען אינטריגעס. אין פערגלייך מיט דעם אדעל האָבען די בירגער, וואָס האָבען געלעבט פון האנדעל, געהאט זעהר קליינע רעכטען, און דעריבער זיינען דיזע ביידע שטאנדען אָפט געווען זעהר פיינדליך צווישען זיך. דער געבורטס־ און געלט־אדעל האָט קיינמאָל ניט גע־לאָזען אויפקומען א פרייען בירגער־שטאנד, ווי אויך קיין פערמעגליכע מי־טעל־קלאַס, אזוי דאָס די קארטהאגישע בעפעלקערונג איז שטענדיג געווען געטיילט אין א בעזיצלאָזע מאסע, וואָס האָט געלעבט פון האנט אין מויל, און אן ענג־געשלאָסענע גרופּע פון לאנד־אייגענטימער און גרויס־הענדלער.

אָן דער שפּיץ פון דעם קארטהאגישען שטאאט איז געשטאנען דער סע־נאט. דיזער איז געווען געטיילט אין א גרויסען ראט און א קליינעם. ווי

פיעל מיטגלידער עס זיינען געווען אין סענאַט איז אונז ניט בעקאַנט. דער סענאַט האָט געהאַט די גאַנצע רעגירונג אין זיינע הענט: די אויפזיכט איבער דאָס מיליטער, אויף די פינאַנצען, אויף די פּאָליציי, איבער אַלע אויסלענדישע אַנגעלעגענהייטען און איבער די געזעצגעבונג. נעבען דעם סענאַט זיינען געשטאַנען צוויי סופעטען (שופטים), וועלכע קענען פערגליכען ווערען מיט די רוימישע קאָנסולען אָדער מיט די ספּאַרטאַנישע באַזילעאוסען. די סופעטען זיינען געווען די פּאָרזיצענדע אין סענאַט און געריכט און האָבען



די ציסטערנעס (רעזערוואָארען) פון קאַרטהאַגאָ.

געהאַט דעם אויבער־בעפעהל אין קריג. זיי האָבען אויך געהאַט צו בעזאָרגען, דאָס די געפאַסטע בעשלוסען און געזעצען זאָלען פּינקטליך אויסגעפיהרט ווערען. אָבער אין גרונד גענומען זיינען זיי געווען אונטערוואָרפען אונטער דעם סענאַט און האָבען בעקומען די קאָמאַנדע איבער דאָס מיליטער נאָר פון דעם סענאַט, ניט ווי די רוימישע קאָנסולען, וועלכע זיינען געווען אויבער־קאָמאַנדירען איבער די חיל דורך זייער אַמט. די סופעטען זיינען ערוועהלט געוואָרען אויף זייער גאַנצעם לעבען.

דער כאראקטער און די מאכט פון דער פ א ל ק ס ־ פ ע ר ז א מ ל ו נ ג איז אונז גענוי ניט בעקאנט. עס ווייזט אויס, דאס דיזע פערזאמלונג האט געהאט צו זאגען איבער קריג און פרידען, צו בעשטעטיגען אדער צוריקווייזען געזעץ־פארשלאגען און צו שליסען בונדען מיט אנדערע פעלקער. אין אלגע־מיין איז די קארטהאגישע פאלקס־פערזאמלונג פיעל דעמאקראטישער געווען אלס די רוימישע. מיר ווייסען ניט, ווער עס האט געהאט דאס רעכט אנ־טייל צו נעהמען אין דער פאלקס־פערזאמלונג, און ווי אזוי דאס שטימרעכט איז דורכגעפיהרט געווארען, אבער דאס ווייסען מיר, דאס זי איז געווען זעהר ענהליך צו דער אטהענישער. די בעשליסען פון דער פאלקס־פערזאמלונג זיי־נען געווען גילטיג אהן דער צושטימונג פון סענאט. יעדער מיטגליד פון דער פאלקס־פערזאמלונג האט געהאט דאס רעכט פריי צו רעדען געגען דעם סענאט און געגען די סופעטען.

עס איז אין קארטהאגא געווען נאך א מין איינריכטונג אונטער דעם נאמען „די הונדערט מענער". עס איז ניט בעוואוסט גענוי, וואס דאס איז געווען פיר א מאכט. נאך אלע וואהרשיינליכקייטען זיינען דיזע הונדערט מענער איינגעפיהרט געווארען אין דער צייט ווען די זיהן פון מ א ג א, דעם ערסטען גרינדער פון דער קארטהאגער מיליטער־מאכט, זיינען געווארען צו מעכטיג און זייער איינפלוס האט אנגעפאנגען צו ווערען צו געפעהרליך פיר די רעפובליק. דאן האט מען ערוועהלט הונדערט פערזאן פון סענאט, וועלכע האבען געהאט דאס רעכט צו פאדערן רעכענשאפט פון די מיליטער־בעאמטע ווענגען אלץ, וואס זיי האבען געטאן אין דער צייט פון קריג, ווען זייער מאכט איז געווען אונבעשרענקט. פאר דער מאכט פון די הונדערט האבען זיך אלע געמוזט בייגען, און דעריבער איז זי געווען די העכסטע מאכט פון לאנד. מיט דער צייט האבען די הונדערט אריינגעכאפט אין זייערע הענט צו פיעל מאכט איבער פערזאנען און אייגענטום, און דאס האט שפעטער געפיהרט דערצו, דאס ה א נ נ י ב א ל האט געפונען פיר נעטיג זיי צו ערנידריגען.

נאך אייניגע בעאמטע זיינען געווען אין קארטהאגא, וועלכע זיינען גע־ווען בעקאנט אונטער דעם נאמען די „פינף הערשאפטען". דיזע האבען אויך בעזעסען א גרויסע מאכט. זיי האבען געהאט דאס רעכט צו ערוועהלען פון די סענאטארען די הונדערט מענער און האבען געהאט די אויפזיכט אי־בער די זיטען פון די בירגער.

צו די אונטערווארפענע פעלקער איז קארטהאגא געשטאנען נאר אין אן אויסערליכער בעציהונג, וואס איהר איינציגער צוועק איז געווען א מאטעריא־

ליסטישער. די קאַרטהאַגער האָבען פון זיי געצווינגען אזוי פיעל נוצען, ווי זיי האָבען געקענט, ניט קוקענדיג אויף קיין יושר. אפילו זייערע אייגענע קאָלאָניעס האָבען בעזעסען זעהר וועניג פרייהייט אין האנדעל.

קאַרטהאַגאָ מיט איהרע קאָלאָניעס האָט פערנומען דעם ברעג ביים מיטעללענדישען מעער פון דער קליינער סירטע (ים־בוזים אין נאָרד־אפריקא) ביז דעם היינטיגען אלזשיער. די איינקונפט (הכנסה) פון דיזע לענדער־שטרעקעס איז בעשטאַנען אין טריבוטען, וועלכע די האנדעל־שטעדט האָבען געצאָהלט מיט געלט און די אגריקולטור־געגענדען מיט נאַטור־פּראָדוקטען, און אין די אָפּצאָהלונגען, וואָס זיינען ארויפגעלעגט געוואָרען אויף סוחרים אין די האפענס.

דאָס מ י ל י ט ע ר איז מעהרסטענס בעשטאַנען פון געדונגענע סאָלדאַטען. אין מיליטער־דינסט האָבען זעהר וועניגע בירגער אָנטייל גענומען. דער



קאַרטהאַגישע מטבע.

קערן פון דער קאַרטהאַגישער אַרמעע זיינען געווען די ליביער, פון זיי זיינען געווען די רייטער און די האָפּליטען (שווער־בעוואפענטע סאָלדאַטען). די איבריגע מאַסע פון דער אַרמעע איז געווען פון פערשיידענע נאַציאָנאַליטעטען: שפּאַניער, גאַלליער, קאַמפּאַניער, ליגוריער און גריכען. פון דיזע לעצטע פלעגט מען הויפּטזעכליך נעהמען אָפיצערען, ווייל זיי זיינען געווען פעהיגער פון אַלע אַנדערע. אָבער מען פלעגט זיך זעהר היטען פאַר זיי, מען האָט צו זיי ניט געהאַט קיין פולעם צוטרויען. מען האָט זיי געברויכט נאָר אין פאַל פון גרויס נויט און מען האָט זיי אָפּגעלאָזען פון דינסט אזוי באַלד, ווי די געפאַהר איז אריבער. אויך די נומידיער האָבען צוזאַמענגעשטעלט אַ וויכטיגען טייל פון דער קאַרטהאַגישער אַרמעע אַלס לייכט בעוואפענטע רייטער, וועלכע האָבען צו זיך קיין גלייכען ניט געהאַט אין דער אַלטער וועלט און זיינען זעהר געפעהרליך געווען פיר די רוימער.

ביי דער בעדייטונג, וואָס דער האַנדעל האָט געהאַט פיר קאַרטהאַגאַ, איז עס נאַטירליך, דאָס די זעע־מאַכט אָדער די פלאָטע איז געווען דער וויכטיגסטער טייל פון דער קריגס־מאַכט. אין דער צייט, ווען קאַרטהאַגאַ האָט געפיהרט די מלחמה מיט סיראַקוז, האָט זי געהאַט אַ פלאָטע פון 150 — 200 קריג־שיפען. שפּעטער איז די פלאָטע כמעט נאָך אַמאָל אַזוי גרויס געוואָרען. די שיפען פון דער קאַרטהאַגישער פלאָטע האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט אַ לייכטערער בוי־אַרט און געשווינדערער בעוועגליכקייט געגען אַלע אַנדערע שיפען, אַפילו די גריכישע. מען בעהויפּטעט מיט רעכט, דאָס די קאַרטהאַגער זיינען געווען די ערסטע, וועלכע האָבען אַנגעווענדעט מאַטהעמאַטיק און מעכאַניק אויף שיפען־בוי.

די רעליגיאָן פון די קאַרטהאַגער איז געווען עהנליך צו דער פעניצישער. דער הויפּט־גאָט זייערער איז געווען קראָנאָס, וועלכער איז געווען דאָס זעלבע, וואָס ביי די פעניציער איז געווען דער בעל אָדער דער מולך. צו קראָנאָס פלעגען די קאַרטהאַגער, איבערהויפּט אין אַ צייט פון גרויסער נויט, מקריב זיין קינדער אָדער ערוואַקסענע מענשען. אַלס אַגאַטהאָקלעס פון סיראַקוז האָט געוואָלט איינגעהמען קאַרטהאַגאַ, האָט דער סענאַט אין יאָהר 300 פ. קר. געלאָזט אָפּפערן 200 קינדער פון פאָרנעהמע פאַמיליעס. דאָס געזעץ האָט פערבאָטען די אונגליקליכע עלטערן צו צייגען יעדען צייכען פון טרויער און שמערץ. די צווייטע וויכטיגע גאָטהייט פון די קאַרטהאַגער איז געווען הערקולעס פון טירוס (צור). דיזען גאָט האָבען פערעהרט אַלע קאָלאָניעס צוזאַמען מיט דער מוטער־שטאָדט קאַרטהאַגאַ. אַלע פלעגען שיקען געזאַנדטע אָנטייל צו נעהמען אין די פייערטעג, וואָס זיינען בעשטימט געוואָרען צו עהרע פון דיזער גאָטהייט. די קאַרטהאַגער האָבען פערעהרט אַן אַסקולאַפּ (אַ הייל־גאָט) און אַ נעפּטון (וואַסער־גאָט). אויסער דעם האָבען זיי פערעהרט אַ גאָט אַלס שוץ־גייסט פון די טויטע. אָפטמאָל האָבען זיי פערעהרט די נשמות פון זייערע גרויסע פערשטאָרבענע מענער און פרויען, ווי צום ביישפּיל די נשמה פון דידאָ, דער גרינדערין פון קאַרטהאַגאָ. די רעליגיאָן האָט אָבער קיין איינפלוס ניט געהאַט צו פערבעסערן זייערע זיטען. עס האָט געהערשט אונטער זיי די שרעקליכסטע פערדאָרבענהייט. זייער וואָרט האָט קיין ווערט ניט געהאַט. „פונישע טרייהייט“ איז געווען אַ שפּריכוואָרט ביי די רוימער פיר פאַלשקייט און ליגען. דערפון איז אַפילו קיין בעוויז ניט, ווייל די רוימער זיינען געווען זייערע שונאים. ווען מיר וואָלטען בעזיצען אַ געשיכטע פון רוים געשריבען פון אַ קאַרטהאַ־

גער, וואָלטען מיר דערין געוויס קיין בעסערע מיינונג ניט געפונען וועגען „רוימישע טרייהייט”.

די קאַרטהאַגער האָבען קיין אינטערעס ניט געהאַט פיר וויסענשאַפט און קונסט, ווייל זיי ברייננען ניט קיין דירעקטע נוצען. זיי האָבען אַפילו געהאַט אַ היבשע ליטעראַטור, אָבער דיזע האָט זיך נאָר בעשעפטיגט מיט לאַנד־ווירטשאַפט, געאָגראַפיע און געשיכטע. מיר זיינען ניט אין שטאַנד צו אורטיילען איבער דעם ווערט פון דער קאַרטהאַגישער ליטעראַטור, ווייל מיר האָבען ניט קיין איבערגעבליבענע ווערק פון איהר; מיר ווייסען אָבער, דאָס די רוימישע שריפטשטעלער שטעלען זעהר הויך זייערע ווערק איבער לאַנד־ווירטשאַפט, ווי מיר האָבען שוין אויבען דערמאָהנט.

די געשיכטע פון קאַרטהאַגאָ צופאַלט אין צוויי פּעריאָדעס, וועלכע טיילען זיך אָפּ דורך דעם קאַמף פיר די הערשאַפט איבער סיציליען. אין אָנפאַנג זיינען די קאַרטהאַגער געווען געצוואונגען צו צאָהלען זייערע נאַכבאַרען, די ליביער, אַ געוויסען יעהרליכען טריבוט. עס האָט אָבער ניט לאַנג גענומען און זיי האָבען זיך געפיהלט מעכטיג גענוג דיזע לאַסט אַראָפּצוואַרפען פון זיך; אַ ביסעל שפּעטער האָבען זיי געצוואונגען די ליביער צו ווערען אָפּהענגיג פון זיי. דאַן האָבען זיי זייערע גרענצען פערברייטערט צו דרום ביז דעם טריטאָן־זעע. די נאָמאַדען־פעלקער פון יענער געגענד זיינען געבליבען אונאָפּהענגיג. אַ טייל פון זיי איז געבליבען פריינדליך צו די קאַרטהאַגער און ניצליך, אַ טייל אָבער איז געוואָרען פיינדליך און געפעהרליך. די קאַרטהאַגער אָבער האָבען פאָרטגעזעצט צו גרינדען קאָלאָניעס אויף דער גאַנצער לענג פון אַפריקאַנישען ברעג ביים מיטעללענדישען מעער ביז די זיילען פון הערקולעס (גיבראַלטאַר) און ווייטער אויף דער מערב־זייט פון אַפריקאַ, און האָבען דערמיט פערברייטערט זייער האַנדעל אויך צווישען די נאָמאַדען־שטאַמען פון יענע געגענדען. דאַגעגען זיינען אַלע פעלקער, וואָס האָבען געוואוינט צווישען דעם טריטאָן־זעע ביז נומידיען, געווען אונטעריאָכט אונטער די קאַרטהאַגער. דיזע פעלקער האָבען געמוזט געבען אַ טייל פון זייערע ערד־פּראָדוקטען אַלס טריבוט צו די קאַרטהאַגער. אַנדערע פעלקערשאַפטען פון יענער געגענד זיינען צוריקגעדרענגט געוואָרען פון די קאַרטהאַגער אין דעם אינערען פון אַפריקאַ, און האָבען דאָך פערשאַפט צו די קאַרטהאַגער פיר בעצאָהלונג רייטעריי און פוס־פאָלק. די אַלע פעלקער אָבער, וואָס זיינען אונטעריאָכט געוואָרען פון די קאַרטהאַגער, האָבען זעהר אונגערן געטראָגען דעם יאָך. די קאַרטהאַגער האָבען ניט געוואוסט, ווי וויכ-

**טיג עס איז געווען פיר זיי צו מאכען די אונטערוואָרפענע פעלקער פיר פריינד.**

אַלס די קאַרטהאַגער זיינען מעכטיג געוואָרען, האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו דענקען אָפּצונעהמען אַלע אַנדערע פעניציש קאָלאָניעס, וואָס זיינען געווען אויף דעם מערב־ברעג פון אפריקא און זיי צו בעהערשען. צו דיזען צוועק האָט קאַרטהאַגאָ זיך פעראייניגט מיט איינינע אַנדערע פעלקערשאַפטען, מיט וועלכע זי האָט געשלאָסען אַ בונד, און זי איז געשטעלט געוואָרען אָן דער שפּיץ פון דיזען בונד. די מיטגלידער פון בונד האָבען געהאַט גלייכע רעכטען מיט די איינוואוינער פון קאַרטהאַגאָ, זיי האָבען נאָר געהאַט אויף זיך די פּליכט צושטעלען אַ געוויסע צאָהל קריגער און אַ געוויסע סומע יעהרליך פיר אַלגעמיינע צוועקען. ענדליך זיינען אויך אונטערוואָרפען געוואָרען די פעלקערשאַפטען, וואָס האָבען בעוואוינט די געגענד צווישען דער קליינער און גרויסער סירטע (ים־בוזימס אין צפון־אפריקא), אָבער מען האָט נאָר געפאָדערט פון זיי אַ געוויסע צאָהל סאָלדאַטען צו ליפערן און אַ געוויסען יעהרליכען טריבוט. דיזע סאָלדאַטען האָט מען נאָר בענוצט צו בעשיצען די האַנדעלס־קאַראַוואַנען, וואָס די קאַרטהאַגער האָבען געשיקט נאָך אויבער־עגיפּטען און עטהיאָפּיען.

קאַרטהאַגאָ האָט גוט פערשטאַנען, דאָס אום דער האַנדעל אין מערב־טייל פון מיטעללענדישען מעער זאָל בלייבען אין איהרע הענט, מוז זי בעזיצען די אינזלען, וואָס ליגען אין יענעם טייל פון דעם מעער. דאָס האָט שוין לאַנג פערשטאַנען מ א ל כ ו ס, וועלכער האָט געקעמפּט אויף דיזע אינזלען פון 600 ביז 550 פ. קר., און נאָך איהם מ אַ ג אָ (550—500 פ. קר.). מאַגאָ האָט געגרינדעט קאָלאָניעס אויף סיציליען, סאַרדיניען און איינינע קלענערע אינזלען. ער האָט אויך אונטערוואָרפען אונטער דעם שוץ פון קאַרטהאַגאָ איינינע קאָלאָניעס, וואָס זיינען געווען אונטער דעם שוץ פון פעניציען. ווייטער ווייסען מיר פון דיזער צייט נאָר ברוכשטיקער פון דער געשיכטע פון קאַרטהאַגאָ.

קאַרטהאַגאָ'ס קאַמף פיר די בעהערשונג פון סיציליען האָט געדויערט 200 יאָהר. צוערסט האָבען זיך די קאַרטהאַגער בעזעצט אין דעם מערב־טייל פון סיציליען און האָבען אונטערוואָרפען אונטער זייער הערשאַפט איינינע פעניצישע קאָלאָניעס, און נאָך דעם האָבען זיי זיך בענוצט מיט די רייסערייען צווישען די גריכישע שטאַאַטען און האָבען פערברייטערט זייער הערשאַפט אויף דיזער אינזעל צו מזרח. ווי העראָדאָט ערצעהלט, האָט דער טיראַן ט ע ר י ל ל ו ס, וועלכען ט ה ע ר אָ האָט פערטריבען, גערופען

די קאַרטהאַגער צו הילף. דיזע זיינען געקומען אין סיציליען מיט אַן אַרמעע פון 300,000 מאַן. אָבער זיי האָבען געליטען אַזאַ שרעקליכע נידערלאַגע, דאָס 70 יאָהר האָבען זיי ניט געוואַגט צו דענקען וועגען נאָך אַמאָל די אינזעל צו בעטרעטען (480 פ. קר.). ערסט אין דער צייט פון די פעלאָפּאָננעזישע קריגען האָבען זיך די קאַרטהאַגער ווידער אָנגעפאַנגען צו מישען אין די אַנגעלעגענהייטען פון סיציליען. אָבער איידער מיר ערצעהלען די פּאַסירונגען פון דיזער צייט, מוזען מיר פריהער עטוואָס ערקלערען איבער סיציליען.

## 2) סיציליען.

פון די אַלטע שטעדט פון סיציליען איז סיראַקוז געווען די וויכטיגסטע, ניט נאָר, ווייל זי איז געווען די גרעסטע און רייכסטע פון אַלע גריכישע קאָלאָניעס דאָרט, נאָר ווייל זי האָט געשפּיעלט אַ בעזונדערס וויכטיגע ראָלע אין דעם שיקזאַל פון די גריכען אין יענעם אָרט. סיראַקוז איז געגרינדעט געוואָרען אין סיציליען פון די דאָרישע גריכען אין יאָהר 730 פ. קר. הגם דיזע שטאָדט איז געווען די צווייטע גריכישע קאָלאָניע אויף יענער אינזעל, איז זי אָבער גיך געוואָרען די ערסטע אין האַנדעל און אין אינדוסטריע. פריהער איז דאָרט געווען אַ קעניגטום, אָבער ווי די גריכען האָבען זיך בעזעצט, האָבען זיי אָפּגעשאַפט דאָס קעניגטום און האָבען געגרינדעט אַ רעפּובליק, אָנפאַנגס אַן אַריסטאָקראַטישע, אָבער אין יאָהר 491 פ. קר. איז די אַריסטאָקראַטישע רעפּובליק געפאַלען און אויף איהר אָרט איז געגרינדעט געוואָרען אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק. עס זיינען אָבער באַלד אַזעלכע אונרוהען ענטשטאַנען, דאָס עס האָט געלונגען ג ע ל אָ ן ׳ ע ן צוריקרופען די פריהערדיגע אַריסטאָקראַטען, די ג אַ מ אָ ר ע ן, און ער איז געוואָרען הערשער. אונטער געלאָן׳ען האָט סיראַקוז דערלאַנגט די העכסטע שטופע פון גלאַנץ און בליהען. ער האָט בעהערשט כמעט אַלע שטעדט פון סיציליען. נאָך געלאָן׳ען האָט געהערשט אין סיראַקוז זיין ברודער ה י ע ר אָ ד ע ר 1 ט ע ר (467—477 פ. קר.) און נאָך איהם איז אַרויף אויף׳ן טראָן דער דריטער ברודער ט ר אַ ז י ב ו ל ו ס. דיזער אָבער איז באַלד פערטריבען געוואָרען (אין יאָהר 466 פ. קר.). יעצט איז ווידער איינגעאָרדענט געוואָרען אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק. באַלד זיינען ענטשטאַנען אין דער דעמאָקראַטישער רעפּובליק אונרוהען, ווייל די עמטער האָט מען צוגעטיילט נאָר די אַלטע בירגער, און געגען דעם האָבען פּראָטעסטירט די נייע בירגער. געענדיגט האָט זיך דער קריג דערמיט, דאָס די נייע בירגער האָבען פערלאָזען סיראַקוז און האָבען זיך בעזעצט אין מעססענאַ. אום די דעמאָקראַטיע צו זיכערן האָט

מען איינגעפיהרט דעם אָסטראַציזם (פערשיקונג), אזוי ווי אין אַטהען, נאָר אונטער דעם נאָמען „פעטאַליזם”. מען האָט עס אָבער באַלד מבטל געווען, ווייל דאָס האָט געגעבען דעם איינפאַכען פאָלק צו פיעל מאַכט.

דאָס האָט פעראורזאַכט נייע אונרוהען אין סיראַקוז. מיט דיזע אונרוהען האָבען זיך בענוצט אייניגע שטעדט אום זיך אָפּצורייסען פון סיראַקוז און צו ווערען זעלבשטענדיג. דערצו האָבען זיי געזוכט די הילף פון אַטהען, וועלכע האָט ווירקליך געשיקט אין יאָהר 415 פ. קר. אַן אַרמעע נאָך סיציליען צו העלפען די שטעדט בעקומען אונאָפּהענגיגקייט. די אַטהענער האָבען שוין לאַנג מיט קנאה געקוקט אויף דאָס גליק און וואַקסען פון סיראַקוז און יעצט, אַז עס האָט זיך געמאַכט אַ צופאַל זי אָפּצושוואַכען, האָבען זיי עס גערן גע־טאָן. די סיראַקוזער האָבען זיך געווענדעט צו ספּאַרטאַ פיר הילף, און האָ־בען די אַטהענישע אַרמעע נידערגעשלאָגען, ווי מיר האָבען עס אויספיהרליך ערצעהלט אין דער געשיכטע פון גריכענלאַנד. נאָך דיזען זיג האָט די פאָלקס־פּאַרטיי, וואָס איז דאַמאָלס געווען אונטער דעם איינפלוס פון ד י אָ ק ל ע ס ׳ ן, אויסגעאַרבייט און פעסטגעשטעלט די דעמאָקראַטישע פערפאַ־סונג. נאָך דיזער פערפאַסונג האָבען אַלע עמטער געמוזט געגעבען ווערען דורך וואַהלען. דיאָקלעס האָט אויך געזאָרגט, דאָס די געריכטס־הייזער זאָ־לען זיין אונפּאַרטייאיש ביים ריכטען, דאָס זייער משפט זאָל זיין אַ משפט צדק, און האָט אויך שטרענג אַכטונג געגעבען אויף די זיטען פון פאָלק. אָבער, הגם זיין פערפאַסונג איז געווען אָנערקענט פון פיעלע אַנדערע שטעדט אַלס די בעסטע, איז זי דאָך ניט אין שטאַנד געווען רוה און פרידען צו שאַפען. די רייסערייען אין סיראַקוז זעלבסט און צווישען פיעלע שטעדט האָבען ניט אויפגעהערט.

נאָך דעם, ווי די אַטהענער האָבען געליטען אַ נידערלאַגע אין סיציליען, האָט די שטאָדט סעגעסטאַ, וואָס האָט גערופען די אַטהענער צו הילף, זיך געווענדעט אום הילף צו קאַרטהאַגאָ. די קאַרטהאַגער זיינען זעהר צופרי־דען געווען דערמיט. זיי האָבען גערעכענט, דאָס די גריכען זיינען יעצט צו פיעל בעשעפטיגט מיט זיך זעלבסט און קענען זיך זעלבסט אָפּגעבען צו העלפען זייערע קאָלאָניעס. און דעריבער האָבען זיי זיך אָנגעבאָטען צו זיין ריכטער צווישען די צוויי שטעדט סעלינוס און סעגעסטאַ, וועלכע האָבען דאַן געפיהרט אַ שטרייט צווישען זיך. ווייל סעלינוס האָט ניט געוואָלט אָנער־קענען די קאַרטהאַגער אַלס ריכטער, האָבען די קאַרטהאַגער געשיקט זייער סופעט ה אַ נ י ב אַ ל מיט 100,000 מאַן נאָך סיציליען. סעלינוס איז געוואָרען בעזיגט און גרויזאַם בעשטראָפט. 16,000 איינוואוינער זיינען

געטויט געוואָרען, 5,000 אין געפאַנגענשאַפט געפיהרט, און די שטאָדט זעלבסט האָט מען פערברענט. סיראַקוז האָט אַפילו געשיקט הילף, אָבער די הילף איז צו שפּעט אָנגעקומען. דאָס זעלבע שיקזאַל האָט געטראָפען די שטאָדט הימערא. אויך זי האָט פון סיראַקוז וועניג שטיצע געהאַט און האַנניבאַל האָט געמאַכט אַ תל פון איהר, ווי ער האָט געמאַכט פון דער שטאָדט סעלינוס.

באַלד נאָך דעם האָבען די קאַרטהאַגער געשיקט אַן אַרמעע אונטער דער קאָמאַנדע פון האַנניבאַל'ן און זיין קוזין ה י מ י ל ק אַ נאָך סיציליען,



פיגורען אָן דער שפּיץ פון קאַרטהאַגישע שיפען.

איבערהויפּט צו אָנגרייפען די שטאָדט אַגריגענט. דיזע שטאָדט האָט אַפילו בעזעסען אַ בעדייטענדע מאַכט און איז אויך געווען אונטערשטיצט פון די סיראַקוזאַנער, זי איז אָבער ניט אין שטאַנד געווען צו ערנעהרען אַזאַ גרויסע מאַסע מענשען און האָט געמוזט אויפגעבען די האָפנונג צו געווינען דעם קריג. דער גרעסטער טייל פון די איינוואוינער האָט אויסגעוואַנדערט און די איבערגעבליבענע זיינען אַלע אויסגעה'רג'עט געוואָרען.

דיזע שרעקליכע האַנדלונג פון די קאַרטהאַגער האָט אָנגעפילט די גאַנצע אינזעל פון סיציליען מיט טויט־שרעק. פיעלע גריכען זיינען ענטלאָ-

פען נאָך איטאַליען, און פיעלע זיינען געלאָפען נאָך סיראַקוז. דאָ האָבען צוויי טאַלאַנטפולע מענער זיך בענוצט מיט דער אַלגעמיינער שטימונג צו בעשולדיגען די קאָמאַנדירען, וואָס זיינען געשיקט געוואָרען געגען די קאַר-טהאַגער, אין פערראַט אום צו ווערען זעלבסט די קריגס־קאָמאַנדירען. איינער פון זיי איז געווען דער שפּעטערדיגער טיראַן ד י אָ נ י ס י ו ס ד ע ר 1 ט ע ר און דער אַנדערער איז געווען זיין פריינד דער געשיכטע־שרייבער פ י ל י ס ט אָ ס. דיאָניסיוס איז ערנאַנט געוואָרען צום אויבער־קאָמאַנדיר פון דער אַרמעע. ער האָט געהאַט זעהר פיעלע אָנהענגער, און צו פערגרעסערן זייער צאָהל, האָט ער פיעלע פון די פערטריבענע צוריקגעקעהרט; דערצו האָט ער געקריגען מיטלען די צאָהל פון זיינע סאָלדאַטען צו פערגרעסערן און זיך אויך אַ לייב־וואַך צו פערשאַפען. מיט דיזע אַלע מיטלען בעוואָפענט, האָט ער זיך ערקלערט אַלס הויפּט־קאָמאַנדיר און מיליטערישער הערשער אין סיראַקוז.

### 3) דיאָניסיוס דער עלטערער און דיאָניסיוס דער אינגערער.

נאָך דעם, ווי דיאָניסיוס האָט דערגרייכט זיין וואונש, האָט ער גע-וואָלט, דאָס אויך אַנדערע פעלקער זאָלען איהם אָנערקענען אַלס הערשער איבער סיראַקוז. ער האָט דעריבער ביי אַ בעלאַגערונג פון געלאַ דיזע שטאָדט איבערגעגעבען צו די קאַרטהאַגער. דיזע טאַט האָט געפיהרט אין סיראַקוז צו אַ געפעהרליכען אויפשטאַנד, אין וועלכען די פרוי פון דיאָניסיוס'ן איז אַזוי מיסהאַנדעלט געוואָרען, דאָס זי האָט זיך דאָס לעבען גענומען. דיאָני-סיוס אָבער האָט געוואוסט ווי זיך נוקם צו זיין אָן זיינע געגנער. ער האָט פיע-לע פון די אונצופרידענע פערטריבען פון שטאָדט, און האָט געשלאָסען מיט די קאַרטהאַגער אַ בונד, לויט וועלכען ער איז געבליבען הערשער אין סיראַקוז, אָבער דערפאַר האָט ער אַ דריטעל פון סיציליען איבערגעגעבען צו קאַרטהאַגאָ.

נאָך דעם, ווי דיאָניסיוס האָט געגרינדעט אַ פעסטונג אויף דער אינ-זעל אָרטיגיאַ אין יאָהר 404 פ. קר. און האָט פערטיילט לענדערייען צווישען זיינע אָנהענגער און האָט פערמעהרט די צאָהל פון זיינע סאָלדאַטען, האָט ער בעשלאָסען די קאַרטהאַגער קריג צו ערקלערען, ווייל אונטער דער צייט איז די צאָהל פון זייערע סאָלדאַטען דורך אַ פּעסט פערוויניציגט געוואָרען. אָבער די קאַרטהאַגער האָבען 2 יאָהר נאָכאַנאַנד געקעמפט מיט דעם גרעסטען גליק. זיי האָבען איינגענומען גאַנץ סיציליען און האָבען אויף סיראַקוז בע-לאַגערט. עס האָט אויסגעוויזען, דאָס די שטאָדט קען זיך מעהר ניט האַל-טען און מוז זיך אונטערגעבען. פּלוצלונג אָבער האָט אין דער קאַרטהאַגישער אַרמעע אויסגעבראָכען אַ נייע קראַנקהייט. דיאָניסיוס האָט אונטערגעצונ-

דען די קאַרטהאַגישע פּלאָטע און האָט די בעלאַגערער געבראַכט אין אַזאַ פערצווייפעלטע לאַגע, דאָס דער קאַרטהאַגישער קאָמאַנדיר האָט געבעטען וועגען פרידען. ער האָט בעקומען די ערלויבניס זיך מיט די בירגער פון זיין פאָטער־שטאָדט צו רעטען דורך ענטלויפען, אָבער דאָס מיליטער זאָל איבערגעגעבען ווערען צו די סיראַקוזאַנער. דיזער אָפּמאַך האָט דעם בע-זיגטען געקאָסט אַ גרויסע סומע געלט. אין יאָהר 392 פ. קר. האָבען די קאַר-טהאַגער געשיקט אַ נייע אַרמעע נאָך סיראַקוז. דער טיראַן דיאָניסיוס האָט דיזען מאָל מורא געהאַט איינצושטעלען זיך צו קעמפען מיט די קאַר-טהאַגער און האָט בעסער געשלאָסען פרידען מיט זיי און האָט זיי איבער-געגעבען אַלע לענדערייען, וועלכע ער האָט פריהער זיי צוגעזאָגט.

אום צו האָבען די נעטיגע מיטלען אויפצוהאַלטען זיין אַרמעע, האָט דיאָניסיוס אויך אונטערגענומען מלחמות אין דרום־איטאַליען. דאָ האָט ער אונטערגעוואָרפען אונטער זיין מאַכט אַ גאַנצע רייהע פון שטעדט, אונטער וועלכע עס איז אויך געוועזן די שטאָדט רהעגיום, וועלכע ער האָט מיט באַר-באַרישער גרויזאַמקייט בעהאַנדעלט. ער האָט איינינגע שטעדט אַליין גע-גרינדעט, נעמליך, אין מזרח־איטאַליען. די פערבאַפּונג פון איינינגע שטעדט אין אינערן פון איטאַליען האָט איהם פערוויקעלט אין אַ נייעם קריג מיט קאַרטהאַגאָ. אין דיזען קריג האָט ער אָנפאַנגס געוואונען צוויי קליינע זיגען, און פון די קאַרטהאַגער זיינען געפאַלען 10,000 מאַן מיט דעם קאָמאַנדיר מ א ג אָ ; אָבער באַלד האָט ער געכאַפּט אַ מפּלה ביי ק ר אָ נ י ו ם פון מאַ-גאָ'ס איינגערען זוהן. נאָך דיזען זיג האָבען די קאַרטהאַגער מיט דיאָניסיוס'ן געשלאָסען פרידען. די קאַרטהאַגער האָבען ערהאַלטען די שטאָדט סעלינוס, דאָס לאַנד פון אַגריגענט ביז צום טייך האַליקוס און דערצו 1,000 טאַלענטען.

אין די לעצטע רעגירונגס־יאָהרען פון דיאָניסיוס'ן האָט סיראַקוז דער-גרייכט אַ זעהר הויכע שטופע פון גליק. וועניגער גליקליך זיינען געוועזן איינינגע פון זיינע קריגערישע אונטערנעהמונגען. אין יאָהר 373 פ. קר. האָט דיאָניסיוס געשיקט 9 קריגס־שיפען צו העלפען די ספּאַרטאַנער ביי קאָרצירא געגען די אַטהענער. די שיפען זיינען אָבער געפאַנגען געוואָרען. פיער יאָהר שפּעטער האָט ער ווידער געשיקט 2,000 שפּאַנישע און גאַללישע סאָלדאַטען צו העלפען די ספּאַרטאַנער געגען די אַטהענער, אָבער אויך אָהן אַ שום ערפאָלג, ווייל אין דער זעלבער צייט האָט ווידער אויסגעבראָכען אַ קריג צווישען איהם און די קאַרטהאַגער און ער האָט געמוזט די סאָלדאַ-טען צוריקרופען פיר דיזען קריג.

38 יאָהר האָט דיזער טיראַן געהערשט אין סיראַקוז און איז געשטאָרבען אין יאָהר 367 פ. קר. די אורזאַך פון זיין טויט איז געווען שכרות. די געשיכטע איז אַזוי געווען. ער האָט געמאַכט אַ יום טוב ניינציג טעג לכבוד דעם נצחון, וואָס ער האָט געוואונען מיט זיין פּאָעזיע אין אַטהען. ער האָט זיך אויך בעשעפטיגט מיט דיכט-קונסט. ע ר איז אָבער ניט געווען קיין ריכטיגער פּאָעט. אַלס ער האָט דעם ערסטען מאָל זיינע שירים פאָרגעטראָגען, האָט מען איהם אויסגעפייפט. אויסער דעם איז דאָס פאָלק געווען שרעקליך אויפגעבראַכט געגען דעם טיראַן דורך די שאַרפע רעדעס פון ליזיאַס'ן. דאָס פאָלק האָט פון כעס צוריסען די טייערע געצעלטען, אין וועלכע עס האָט זיך געפונען די פעסט-געזאַנדטשאַפט. ער האָט אָבער אַלע קרעפטען אָנגעווענדט, ער זאָל קריגען דעם פרייז אַלס דער בעסטער פּאָעט פון יענער פערזאַמלונג. דערצו האָבען איהם געהאָלפען די גרויסע ליטעראַטען פון אַטהען צו יענער צייט, וועלכע ער האָט געגעבען טייערע מתנות און מיט וועלכע ער איז געווען גוט בעפריינדעט פון פריהער. דעם אמת זאָגענדיג, האָט ער ווירקליך געהאַט גרויס אינטערעס אין דער גייסטיגער בעוועגונג פון זיין צייט. ער האָט מיט גרויס כבוד אויפגענומען דעם פילאָזאָף פּלאַטאָ (אפלטון) אין זיין הויף. אָבער אַלס פּלאַטאָ האָט איהם פריי אַרויסגעזאָגט, וואָס ער דענקט וועגען איהם, האָט ער איהם פערקויפט אַלס שקלאַף פיר 20 מינעס. דעם גרויסען דיכטער פ י ל אָ ק ס ע נ ו ס, וועלכען ער האָט זעהר הויך געשעצט, האָט ער אין געפענגניס אַריינגעוואָרפען, ווייל ער האָט געגעבען אַ שלעכטען אורטייל איבער זיינע געדיכטען.

דיזער טיראַן איז געווען אַ שרעקליכער כבוד-זוכער, דערביי איז ער שטענדיג געווען אין שרעק, דאָס די בירגער, וועלכע ער האָט מעהרסטענטיילס שלעכט בעהאַנדעלט, וועלען פון איהם ראַכע נעהמען, און דעריבער האָט ער צו קיינעם קיין צוטרויען ניט געהאַט, אפילו צו זיינע נעכסטע פערוואַנדטע. יעדע נאַכט האָט ער געביטען זיין שלאָף-צימער. יעדער, וואָס האָט געוואָלט צוקומען צו איהם, האָט געמוזט פריהער אונטערזוכט ווערען, אויב ער האָט ניט קיין געווער אונטער זיינע קליידער. ער האָט זיך קיינמאָל ניט געלאָזט שערען אָדער גאָלען פון אַ באַרבער, נאָר זיינע טעכטער פלעגען איהם אָפּגאָלען די האָאָר מיט גליהענדע שאָלאַכצען פון ניס. ווי שרעקליך דיזע לאַגע פון דעם טיראַן איז געווען, ערצעהלט אונז דער גרויסער רוימישער אָראַטאָר, ציצעראָ אין אַ קורצען אַנעקדאָט וועגען ד אַ מ אָ ק ל ע ס'ן, איינעם פון דעם טיראַן'ס גוטע פריינד. אַלס דאַמאָקלעס האָט אַמאָל שטאַרק געריהמט דאָס גליק פון זיין הערר, האָט איהם דיזער פאָרגעשלאָגען צו פערנעהמען אַ

געוויסע צייט זיין שטעלע אין קעניגליכען פּאַלאַץ. ער האָט איהם געזעצט ביי א טיש, וואָס איז געווען געדעקט מיט די טייערסטע מאכלים און די בעס-טע וויינען. דאַמאָקלעס איז געווען ענטציקט איבער אזא סאָרט לעבען. פּלוצלינג האָט ער אויפגעהויבען זיינע אויגען און האָט דערזעהן, ווי איבער זיין קאָפּ הענגט א שאַרפער שווערד אויף א האָאָר פון א פערד. ער האָט באַלד געבעטען דעם טיראַן ער זאָל איהם בעפרייען פון אַלע גליקען, ווייל ער איז ניט זיכער מיט זיין לעבען. דערפון נעהמט זיך דאָס ווערטעל אין אַלע שפּראַכען „דאַמאָקלעס'עס שווערד", וואָס בעדייטעט די גרויסע גע-פאהר, וועלכע שטעהט א מענשען פאָר אין מיטען פון זיין גליק.

דער טיראַן דיאָניסיוס האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין האַבזוכט, מיט זיין לוסט צו געלט. ער האָט געהייסען אַראָפּנעהמען דעם גאָלדענעם מאַנטעל פון דער סטאַטוע פון דעם גאָט צעאוס אין אָלימפּיא און אָנטאָן איהם אָנשטאָט דעם א וואָלענעם מאַנטעל, מיט דעם אויסרייד, דאָס דער גאָלדענער מאַנטעל איז זומער צו הייס און ווינטער צו קאַלט. די סטאַטוע פון גאָט אָס-קולאַפּ אין עפּידאַורוס האָט געהאַט א גאָלדענע באָרד, האָט ער געהייסען דיי באָרד אַרונטערנעהמען, ווייל עס פּאַסט ניט, האָט דער טיראַן געזאָגט, דאָס אַפּאָללאָ, דער פאָטער פון אָסקולאַפּ'ן, זאָל זיין אָהן א באָרד, און זיין זוהן זאָל האָבען א באָרד. מען מוז אָבער צוגעבען, דאָס דיאָניסיוס האָט זיי רע-גירונג געפיהרט זעהר קלוג, ער האָט געוואוסט צו האַלטען אָרדנונג און האָט געזאָרגט צו פערברייטען דעם וואוילשטאַנד, און דערצו איז ער געווען א זעהר טיכטיגער קריגס-קאָמאַנדיר.

נאָך זיין טויט איז אַרויף אויף'ן טראָן זיין זוהן, דיאָניסיוס דער 2טער. זיין פאָטער האָט איהם בכיוון געגעבען א שלעכטע ערציהונג, ער האָט איהם אימער געהאַלטען ווייטען פון רעגירונגס-געשעפטען, ווייל ער האָט מורא געהאַט, ער זאָל פאַר דער צייט ביי איהם ניט וועלען אָפּנעהמען דעם טראָן. אַלס דיאָניסיוס דער 2טער איז אַרויף אויף'ן טראָן איז ער די ערסטע צייט געווען אונטער דעם איינפלוס פון זיין אָנקעל ד י אָ ן. דיזער איז געווען א הויך-געבילדעטער מאַן, שטאַרק בעוואַנדערט אין דער פילאָ-זאָפיע, און ער האָט אַלע מיטלען אָנגעווענדעט זיין ערציהונג צו פערבעסערן. ער האָט איהם אַרומגערינגעלט מיט די גרעסטע מענער פון דער פּיטהאַגאָ-רישער שולע און האָט געזעהן איהם צוגעוועהנען צו אַן ערנסטען און טוגענד-האַפטען לעבען. דיאָניסיוס אָבער איז שוין צופיעל געוועהנט געווען צו אַן אויסגעלאַסענעם לעבען, צו שכרות, איבערהויפּט האָט אויף איהם געהאַט א זעהר שלעכטען איינפלוס זיין אומגאַנג און בעקאַנטשאַפט מיט א ר י ס-

ט י פ פ ו ס'ן און פ י ל י ס ט ו ס'ן. דיזע צוויי פערדארבענע מענ-שען האבען איהם געלערנט, דאס נאכגעבען אלע תאוות און לעבען א גוטען טאג — דאס איז דאס העכסטע גליק פון א מענשען און דערצו דארף ער שטרעבען. אום די מאנארכיע פעסט צו האלטען, האבען זיי איהם געלערנט, דארף מען האבען א גוטע ארמעע, לעבען גוט מיט'ן פאלק, און די רייכע און פארנעהמע לייט האלטען אין צוים. ער האט מיט זיין געבילדעטען פילאזא-פישען אנקעל מעהר ניט געקענט שטימען און ער האט איהם פון לאנד פערטריבען.

אלס הערשער און קריגער האט דיאניסיוס דער 2טער אנפאנגס ארויס-געצייגט גוטע פעהיגקייטען. דעם קריג מיט די לוקאניער האט ער געענדיגט מיט זעהר א גינסטיגען פרידען פיר זיין פאלק. ער האט אויפגעשטעלט איי-ניגע שטארקע פעסטונגען ביים אדריאטישען מעער און האט בעזיגט די איללירישע ים-רויבער. זיין אנקעל דיאן האט איהם ניט געקענט פערצייהען די שלעכטע בעהאנדלונג, וואס ער האט איהם פון לאנד פערטריבען, ער איז געקומען צוריק נאך סיציליען און מיט דער הילף פון די קארטהאגער האט ער געזוכט איהם צו שטירצען. דיאניסיוס האט געמוזט ענטלויפען צו זיין מוטער אין לאקרי. דא האט ער בעקומען א גרויסען איינפלוס, און האט געברויכט גרויסע גוואלד-טאטען געגען די בירגער, און איבערהויפט געגען עדעלע יונגפרויען.

עס האט ניט לאנג גענומען און דיאן איז פון סיראקוז ארויסגעטריבען געווארען, ווייל ער האט זיך געשטעלט געגען דעם פאלקס-פיהרער ה ע ר א ק-ל י ד ע ס, וועלכער האט פארגעשלאגען אן אלגעמיינע גיטער-פערטיילונג. שפעטער האבען די סיראקוזער דיאן'ען צוריקגערופען אום ער זאל העלפען געגען די גוואלד-טאטען פון דיאניסיוס'עס בעזעצונג פון דער פעסטונג. דיאן האט ווירקליך רוה פערשאפט און האט געצוואונגען די פעסטונג זיך אונטער-געבען. ער האט זיך געצייגט זעהר מעסיג געגען זיינע פאליטישע געגנער. נאר זיין גיפטיגען פיינד הערקלידעס האט ער געהייסען ערמארדען, אום צו האבען א פרייע האנט איינצופיהרען זיינע פאליטישע רעפארמעס. ער האט אבער געהאט שרעקליכע געוויסענס-ביסען פיר דיזע מארד-טאט. דערצו האט אויף איהם אויך זעהר שלעכט געווירקט דער זעלבסט-מארד פון זיין אויסגע-לאסענעם זוהן, און דאס האט איהם געמאכט זעהר אויפגערעגט און פיינדליך צו אלע אומגעבענדע. מיט דיזער אוננארמאלער לאגע האט זיך בענוצט איינער פון זיינע בעסטע פריינד און האט געמאכט א פערשווערונג געגען

איהם. דיאָן איז ערמאָרדעט געוואָרען אין יאָהר 353 פ. קר. איידער ער האָט געקענט דורכפיהרען זיינע פּאָליטישע רעפאָרמעס.

דיאָן־ס טויט און די אונרוהען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין סיראַקוז נאָך זיין טויט, האָבען דיאָניסיוס׳ן געגעבען מוט צו קומען צוריק נאָך 10 יאָהר פערבאַנונג (גלות), אום וויעדער הערשער צו ווערען אין סיראַקוז. איהם איז עכ ווירקליך געלונגען די העכסטע גוואַלט אין זיינע הענט אריינצוכאַפּען, נאָך דעם, ווי ער האָט זיין שטיף־ברודער ניזאַאוס פעריאָגט. האָבענדיג די מאַכט אין זיינע הענט, האָט ער זי געברויכט צו פערטרייבען פיעלע בירגער, אויף וועלכע ער האָט געהאַט אַ חשד, דאָס זיי זיינען פון זיינע געגנער. דיזע פערטריבענע בירגער האָבען זיך פערזאַמעלט אונטער דער פיהרונג פון טימאָלעאָן פון קאָרינטה (343 פ. קר.). די צאָהל פון די פערטריבענע בירגער איז געווען אַזוי גרויס, דאָס זיי זיינען אין שטאַנד געווען צו צווינגען דיאָניסיוס׳ן זיך איבערגעבען צו זיי מיט אַלע זיינע אָנגערויבטע רייכטימער, און ער האָט זיך פערפליכטעט נאָך קאָרינטה צו געהן און דאָרט לעבען אַלס פּריוואַט־מאַן. אָבער אויך דאָ האָט ער געפיהרט אַ פערשווענדערישעס אונאָרענטליכעס לעבען. דער סוף זיינער איז געווען, דאָס ער איז געוואָרען אַ בעטלער און קינדער־לעהרער.

## 4) טימאָלעאָן און אַגאַטהאָקלעס.

נאָך דעם, ווי עס איז געלונגען די בירגער פון סיראַקוז זיך צו בעפרייען פון דעם טיראַן דיאָניסיוס, איז שוין לייכט געווען פיר טימאָלעאָן׳ען צו פערשאַפען פולע פרייהייט פיר די סיראַקוזאַנער. די פעסטונג האָט מען צושמעטערט, און פיעלע טייערע קונסט־ווערק, וואָס האָבען געהערט צו דער שטאָדט, האָט מען פערקויפט, אום סאָלדאַטען צו פערשאַפען, ווייל די קאַרטהאַגער האָבען דאַן געשיקט אַן אַרמעע פון 80,000 מאַן נאָך סיציליען. טימאָלעאָן האָט קוים צוזאַמענגעשטעלט אַן אַרמעע פון 27,000 מאַן. ער האָט געוואַגט און איז בעפאַלען מיט זיינע סאָלדאַטען די קאַרטהאַגער אין דער צייט, ווען זיי האָבען זיך גענומען צום איבערגעהען דעם טייך קרימיסוס און האָט זיי גענצליך בעזיגט (341 פ. קר.). מעהר אַלס 10,000 מאַן פון די קאַרטהאַגער זיינען געפאַלען אין שלאַכט און 15,000 זיינען געפאַנגען געוואָרען, די איבריגע זיינען קוים צולאָפען און האָבען זיך גערעטעט צום ברעג פון ים צו זייערע שיפען. נאָך דיזער מפּלה האָבען די קאַרטהאַגער אויפגעגעבען די האָפנונג צו בעהערשען סיציליען, און האָבען געשיקט אַ נייע אַרמעע אהין אום אַ גינסטיגען פרידען צו שליסען. דער אָנפיהרער פון די-

זער אַרמעע איז געווען ג י ס ק אָ, דער זוהן פון ה אַ נ נ אָ. די קאַרטהאַ-גער האָבען עס ווירקליך גוט פערשטאַנען, און האָבען ניט פערלאָרען פון זייערע בעזיצונגען אין סיציליען קיין שפאַן ערד, אָבער זיי האָבען זיך גע-מוזט אָפּזאָגען פון דער הערשאַפט איבער גריכישע שטעדט, און האָבען זיך פערפליכטעט מעהר ניט צו שטיצען וועלכען עס איז טיראַן.

טימאָלעאָן האָט אויך פערטריבען די טיראַנען פון אַנדערע שטעדט אין סיציליען. ער האָט פערניכטעט די קאַמפּאַנישע סאָלדאַטען, וועלכע האָבען זיך בעזעצט אַרום דעם בארג אֶטנאַ און פלעגען פון דאָרט בערויבען פיעלע געגענדען. ביי די עטרוסקישע רויבער האָט ער אָפּגענומען זייערע שיפען. נאָך דעם האָט ער די סיראַקוזער מיט דער הילף פון צוויי מענער פון קאָ-רינטה געגעבען אַ דעמאָקראַטישע פערפאַסונג. דאַן האָט ער זיך אין גאַנצען צוריקגעצויגען פון פּאָליטיק, און האָט זיך בעזעצט אין אַ לאַנד-גוט, וואָס זיינע פריינד און פערעהרער האָבען איהם געשענקט און פּרעכטיג איינגע-ריכטעט. אָבער אויך אַלס פּריוואַט-מאַן האָט ער נאָך געהאַט אַ גרויסען איינפלוס. ער איז געשטאָרבען אין יאָהר 337 פ. קר. דאָס פאָלק האָט לאַנג געפייערט זיין אָנדענקען מיט פערשיידענע פעסט-שפּילען.

טימאָלעאָן האָט סיראַקוז פיעל גוטעס געטאָן. ער האָט צוטיילט צו 40,000 נייע איינוואוינער אַקער-לאַנד און הייזער און דערמיט האָט ער די וויסטע שטאָדט איבער-אַ-נייס בעלעבט. אָבער זיין הויפּט-ווערק, די נייע דעמאָקראַטישע פערפאַסונג, איז ניט געווען געלונגען און האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטען. באַלד נאָך זיין טויט האָבען אין סיראַקוז אויסגעבראָכען נייע אונרוהען. די סיצילישע שטעדט האָבען אימער געליטען פון די רויבער-באַנ-דעס, וואָס די ברוטטיער האָבען דאָרט פערשפּרייט. צוליב דעם האָט מען אימער געמוזט האָבען דאָרט אַ קליינע אַרמעע סאָלדאַטען. מיט דיזער אַרמעע האָבען זיך בענוצט איי ניגע דרייסטע מענער און האָבען איינגעפיהרט אין סיראַקוז אַן אָליגאַרכישע הערשאַפט (ד. ה. אַ רעגירונג פון רייכע אַריסטאָ-קראַטען), און דיזע רעגירונג האָבען זיי מיט אַלע געוואַלד-מיטלען אויפגעהאַל-טען. זיי איז עס ניט שווער אָנגעקומען צוליב די רייסערייען צווישען די פּאַרטייען, צווישען פאָלק און דעם אַדעל. די אָליגאַרכען אָבער האָבען באַלד געפונען אַ געגנער אין איינעם פון זייערע אייגענע לייט, נעמליך אין אַ ג אַ-ט ה אָ ק ל ע ס'ן, וועלכער איז געווען איינער פון די וויכטיגסטע מענער פון דער אַלטער צייט.

אַגאַטהאָקלעס איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 361 פ. קר. אין דער שטאָדט טהערמאַ און סיציליען. זיין פאָטער איז געווען אַ טעפּער. אַן

אָראַקעל=שפּרוך האָט וועגען איהם געזאָגט, דאָס ער וועט זיין אַן אורזאַך פון פיעלע אונגליקען. צוליב דעם האָט איהם זיין פאָטער פעריאָגט, אָבער זיין מוטער האָט איהם געראַטעוועט פון טויט און האָט איהם 9 יאָהר אויסבעהאַלטען, ביז זי האָט דערהערט, דאָס דער פאָטער האָט חרטה, וואָס ער האָט זיין קינד פערטריבען, און דאַן האָט זי דאָס קינד צום פאָטער צוריקגעבראַכט. דער פאָטער האָט מורא געהאַט צו פערבלייבען אין טהערמאַ, וועלכע איז געוועזן אונטער דער הערשאַפט פון קאַרטהאַגאָ, ווייל דער אָראַקעל=שפּרוך איז געוועזן מעהר בעוואוסט אין דיזער שטאָדט, און האָט דעריבער זיך בעזעצט אין סיראַקוז, וואו ער האָט אונטער טימאָלעאָן'ען בעקומען בירגער=רעכט. דער פאָטער האָט זיין זוהן אַגאַטהאָקלעס אויך געלערנט די טעפּער=אַרבייט. ער האָט זיך אָבער בעסער איבערגעגעבען צו דער קריגס=קונסט און אין אַ קורצער צייט איז ער געוואָרען אַ טיכטיגער קריגער און איז גיך געוואָרען אַ קאָמאַנדיר איבער 1,000 מאַן. דערצו האָט ער נאָך געקריגען אַ רייכע פרוי און ער האָט זיך פערשאַפט אין סיראַקוז פיעלע אָנהענגער. זיין איינפלוס איז שטאַרק ניט געפעלען געוואָרען די אָליגאַרכען און זיי האָבען איהם פון שטאָדט פערטריבען.

מיט פיעלע אַנדערע פערפאָלגטע האָט ער זיך אַ צייט לאַנג געדרעהט אין אונטער=איטאַליען און האָט ענדליך אַריינגעטראָטען אין דינסט צו די טאַרענטינער. די טאַרענטינער האָבען אָבער צו איהם קיין צוטרויען ניט געהאַט און האָבען איהם אָפּגעזאָגט פון דינסט. דאַן האָט ער צוזאַמענגעקליבען אַ מחנה פון אונצופרידענע און מיט זייער הילף האָט ער בעפרייט די שטאָדט רהעגיום פון דער בעלאַגערונג, וואָס די אָליגאַרכען האָבען דאַן געמאַכט, און איז ענדליך אַוועק מיט זיין מחנה געגען סיראַקוז און די אָליגאַרכען. דאָ האָט איהם דאָס פאָלק, וואָס איז שוין געוועזן מיד פון די פּאַרטיי=צאַנקערייען מיט פרייד אויפגענומען, און די אָליגאַרכען זיינען ניט אין שטאַנד געוועזן טאָן עטוואָס דאַגעגען. אין סיראַקוז איז ער באַלד ערוועהלט געוואָרען אַלס אויבער=קאָמאַנדיר און פרידענס=היטער, און אַזוי איז ער געשטעלט געוואָרען אָן דער שפּיץ פון דעם שטאַאַט.

ער איז אָבער ניט געוועזן גענוג שטאַרק צו זיין זיכער מיט זיין הערשאַפט. דעריבער האָט ער בעפוילען צו טויטען אַלע בעאַמטע, וואָס האָבען געדינט דער פריהערדיגער רעגירונג, ווי אויך אַלע אָנהענגער פון דער פריהערדיגער שטאַאַטס=פערפאַסונג, און צוטיילען זייערע גיטער צווישען זיינע סאָלדאַטען. 4,000 מאַן האָט ער געלאָזען ערמאָרדען און 6,000 האָט ער פון לאַנד פערטריבען. עס פערשטעהט זיך פון זעלבסט, דאָס די סאָלדאַטען,

ווען מען האָט זיי געגעבען אַ פרייע האַנט, האָבען בעגאַנגען גרויסע אכזריות. ער איז אָבער ניט צופרידען געווען צו זיין הערשער דורך גוואַלד־טאַטען. ער האָט געוואָלט, אַז דאָס פאָלק זאָל פאָדערן ער זאָל בלייבען הערשער. זייענדיג זיכער, דאָס די בירגער, וואָס האָבען בעקומען פון זיין האַנט די פערטיילטע לענדער, וועלען געוויס זיין מיט איהם, און רעכנענדיג, דאָס די, וואָס האָבען זיך צופיעל מערדערייען ערלויבט געגען אַנדערע בירגער, וועלען אויך האַלטען מיט איהם און וועלען ווינשען ער זאָל בלייבען הערשער — האָט ער אַרויסגעלאָזען אַ קלאַנג, דאָס ער וויל זיך אָפּזאָגען פון דער הויכער שטעלע, וואָס ער פערנעהמט, און וויל איבערגעהן אין פריוואַט־לעבען. דער רעזולטאַט איז געווען, דאָס דאָס פאָלק האָט איהם ערוועהלט אַלס אַן אונבעשרענקטען הערשער. אין דיזער שטעלע האָט ער ווירקליך אַרויסגעגעבען אויסגעצייכענטע געזעצען, האָט געמאַכט גרויסע ענדערונגען און אָרדנונגען אין פינאַנץ־סיסטעם, האָט געבילדעט אַן אויסגעצייכענטע אַרמעע און אויפגעשטעלט אַ מעכטיגע פלאָטע. פיעלע מיט־בירגער זיינען נאָך געבליבען אַנהענגער פון דער פריהערדיגער דעמאָקראַטישער פערפאַסונג, אָבער זיי האָט ער פערדרעהט די קעפּ מיט נייע עראָבערונגען און קריגעריש'ען כבוד.

אַגאַטהאָקלעס האָט געזוכט צו פערברייטערן זיין הערשאַפט איבער גאַנץ סיציליען, און ווירקליך אין עטליכע יאָהר איז ער געוואָרען אויבערהערשער איבער כמעט אַלע סיצילישע שטעדט. דאָס האָט געבראַכט דערצו, דאָס די קאַרטהאַגער האָבען געשיקט אַ פלאָטע און אַ גאַנצע אַרמעע נאָך סיציליען מיט דעם אויסרייד, דאָס זיי וועלען שטיצען זייערע בעזיצונגען דאָרט. דער אויבער־קאָמאַנדיר איז געווען ה אַ מ י ל ק אַ ר. מיט איהם האָבען זיך פערבונדען אַלע אונטערוואָרפענע שטעדט, וועלכע זיינען געווען שטאַרק בעדריקט פון אַגאַטהאָקלעס'ן. אַגאַטהאָקלעס איז געוואָרען געשלאָגען פון דער גרויסער מאַכט, וואָס איז געווען אויסגעשטעלט געגען איהם, און ער האָט געמוזט צוריקפליהען נאָך סיראַקוז. אַלע שטעדט זיינען פון איהם אָפּגעפאַלען און מען האָט גערעכענט, דאָס ער איז שוין פערפאַלען. פּלוצלינג האָט ער אונטערגענומען אַ ריזיקאַלישען פּלאַן, וועלכער האָט איהם פון אונגליק אַרויסגעשלעפּט. ער האָט נעמליך פריהער פון אַלץ איינגעאָרדענט, דאָס די שטאָדט סיראַקוז זאָל זיין גוט בעשיצט געגען פיינד, און נאָך דעם איז ער מיט אַ געוויסער צאָהל טיכטיגע קריגער אין געהיים אַרויס פון שטאָדט און האָט זיך אַריינגעזעצט מיט זיי אין 60 שיפען, וואָס זיינען געשטאַנען אין האַפען, און האָט זיך אַרויסגע'גנב'עט צווישען דער קאַרטהאַגישער פלאָטע אונבעמערקט פון שונא און איז אַוועקגעשוואומען מיט די



ים־שלאכט צווישען סיראקוזאנער און קארטהאגער אונטער האמילקאר'ן.

שיפען נאָך אפריקא. אלס ער איז אָנגעקומען אהין, האָט ער מיט דער צו-שטימונג פון זיינע סאָלדאטען פערברענט די 60 שיפען זייערע און האָט זיך געלאָזען מיט זיין קליינער ארמעע נאָך קארטהאַגאָ. דאָרט האָט מען באלד געשיקט געגען איהם אַן ארמעע פון 43,000 מאַן. צום אונגליק זיינען די קארטהאַגער געווען געשפּאָלטען אין צוויי פּארטייען און האָבען די קריגס-פיהרונג אָפּגעגעבען ניט צו איין קאָמאַנדיר, נאָר צו צוויי קאָמאַנדירען. דיזע זיינען געווען ה א נ נ אָ און ב אָ מ י ל ק א ר, צווישען וועלכע עס איז ניט געווען קיין איבעראיינשטימונג. האַננאָ איז באלד געפאלען אין דער ערסטער שלאכט, און באָמילקאר האָט גאָר אין זינען געהאט צו ווערען אליין הערשער אין קארטהאַגאָ. ער האָט אויסגערעכענט, דאָס פון א מפּלה קען ער גיכער פּראָפיטירען און דערגרייכען זיין וואונש איידער פון א זיג. ער האָט אזוי געפיהרט די מלחמה, דאָס די קארטהאַגער זיינען פאלשטענדיג געשלאָגען געוואָרען.

דער קארטהאַגער אָדער, ווי די רוימער האָבען עס גערופען, דער פּ ו נ י ש ע ר סענאט, האָט גוט פערשטאנען דעם צוועק פון באָמילקאר'ס האנד-לונג, אָבער ער האָט זיך געמאכט ניט וויסענדיג, ווייל די צייט איז ניט געווען זינסטיג עטוואס צו טאָן דערין. זיי האָבען געשיקט אַן אנדער ארמעע געגען אגאטהאָקלעס'ן און האָבען די ארמעע איבערגעגעבען צו אַן אנדערן קאָ-מאנדיר. צו דיזער נייער ארמעע האָבען זיי נאָך צוגעגעבען 5,000 מאַן, וואָס זיי האָבען צוריקגערופען פון סיציליען. די אונטערנעהמונג פון די קארטהאַגער זיינען ניט געווען מיט ערפאָלג. אין סיציליען האָבען זיי גע-כאפּט א מפּלה, אין א שלאכט מיט די סיראקוזאנער איז האמיקלאר זעלבסט געפאנגען געוואָרען. אין אפריקא האָט אגאטהאָקלעס צוגענומען פון די קארטהאַגער פיעלע שטעדט, ער האָט אויך בעזיגט די קארטהאַגער אין אַן אָפענעם קריג דעם צווייטען מאָל און האָט שוין אָנגעפאנגען צו טראכטען צו ווערען קעניג איבער קארטהאַגאָ, אָבער די לאגע אין סיציליען און אין סיראקוז האָט געפאָרדערט פון איהם ער זאָל זיך געשווינט צוריקציהען נאָך סיציליען.

די סיצילישע שטעדט האָבען זיך אלע פעראייניגט געגען זיין הער-שאפט, און די קארטהאַגישע פלאָטע האָט בעהערשט דאָס גאנצע מעער אין יענער געגענד, אזוי דאָס דער צופאהר צו סיראקוז איז געווען אין גאנצען אָפּגעשניטען. אגאטהאָקלעס האָט איבערגעגעבען די אויבער-קאָמאנדע פון דער ארמעע אין אפריקא צו זיין זוהן א ר כ א ג א ט ה ו ס, און אליין איז ער מיט 2,000 מאַן אוועק נאָך סיראקוז. ער האָט אָנפאנגס געשלאָגען די

קאַרטהאַגישע פּלאָטע און האָט איינִיגע שטעדט געצוואונגען איבער־אַ־נִיים זיך אונטערוואַרפען אונטער זיין הערשאַפט. אָבער דאָ איז פּלוצלינג אַרויס געגען איהם ד י נ אָ ק ר אַ ט ע ס, איינער פון די, וואָס ער האָט פערטריבען פון לאַנד. דיזער האָט געזאַמעלט אַ היבשע אַרמעע פון זיינע פיינד, פון די, וועלכע אַגאַטהאָקלעס האָט פערפאָלגט און פערטריבען פון סיראַקוז און אַנדערע סיציליִשע שטעדט, און דיזער דינאָקראַטעס האָט איהם פערשאַפט גרויסע צרות. אויך פון אַפריקאַ האָט ער בעקומען שלעכטע ידיעות, דאָס דריי מאָל האָט זיין חיל געהאַט שרעקליכע נידערלאַגעס, און דאָס די אַרמעע ליידט גרויסע נויט.

דיזע טרויעריגע נאַכריכט האָט געצוואונגען אַגאַטהאָקלעס'ן זיך צוריקקעהרען אין אַפריקאַ און די פיהרונג פון דעם קריג אין סיציליען איבערגעבען אין די הענט פון זיין קאָמאַנדיר ל ע פּ ט י נ ע ס. אום ביי זיין אוועקבלייבען פון סיראַקוז זאָלען זיינע פיינד ניט האָבען די מעגליכקייט איהם צו שאַדען, האָט ער געמאַכט אַ גרויסע מאָהלצייט פאַר זיין אָפּרייזע און האָט איינגעלאַדען די פאָרנעהמסטע בירגער פון שטאָדט. ביי דער מאָהלצייט האָט ער געהייסען זיינע סאָלדאַטען ערמאָרדען אַלע פון די איינגעלאַדענע געסט, אויף וועלכע ער האָט געהאַט אַ שטיקעל חשד, דאָס זיי געהערען צו זיינע געגנער. נאָך דעם האָט ער די קאַרטהאַגישע פלאָטע אַרום סיראַקוז בעזיגט, און האָט געאיילט נאָך אַפריקאַ צו העלפען דער אַרמעע, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען אין גרויס נויט. אַגאַטהאָקלעס האָט באַלד דערזעהן, דאָס דער איינציגער מיטעל צו רעטען זיין אַרמעע דאָרט איז אַן אָפענע שלאַכט. די שלאַכט איז איהם אָבער ניט געלונגען און ער האָט געליטען אַ שרעקליכע נידערלאַגע. ער איז געצוואונגען געווען ענטלויפען שטילערהייד נאָך סיציליען, און אין אַפריקאַ איבערלאָזען זיינע זיהן מיט דער גאַנצער אַרמעע אין אַ זעהר קריטישען, געפעהרליכען צושטאַנד. די סאָלדאַטען אין אַפריקאַ זיינען געוואָרען אויסער זיך פון דיזער האַנדלונג פון אַגאַטהאָקלעס'ן און האָבען אין ערביטערונג איבער זייער טרויעריגער הילפלאָזער לאַגע ערמאָרדעט אַגאַטהאָקלעס'עס ביידע זיהן. אין דיזען הילפלאָזען צושטאַנד האָט זיך די אַרמעע צוטיילט אין צוויי פּאַרטייען — איינע האָט נאָך געפּרובּט גליק צו שטרייטען מיט די קאַרטהאַגער, איז אָבער בעזיגט געוואָרען און אין שקלאַפעריי פערקויפט געוואָרען, און די אַנדערע פּאַרטיי האָט אַריינגעטרעטען אין דינסט פון דער קאַרטהאַגישער אַרמעע.

אַלס אַגאַטהאָקלעס איז געקומען אין סיציליען, האָט ער צוזאַמענגעשטעלט אַ נייע אַרמעע, מיט וועלכער ער איז בעפאַלען די שטאָדט סעגעס-

טאָ. נאָך דעם, ווי ער האָט געצוואונגען די איינוואוינער פון סעגעסטאַ איהם בעצאָהלען אַ ריזיגע סומע, האָט ער זיי כמעט אַלע ערמאָרדעט און האָט די מויערן פון שטאָדט אין גאַנצען צושטערט. אַלס ער האָט זיך דערוואוסט פון דעם שיקזאַל פון זיינע זיהן אין אפריקאַ האָט ער גענומען שרעקליכע ראַכע פון די קרובים פון די סאָלדאַטען, וואָס האָבען געדינט אין דער אַפריקאַנישער אַרמעע, פיר די ערמאָרדונג פון זיינע קינדער. אָבער די אַלע גוואַלד־טאַטען האָבען איהם ניט געהאָלפען זיין זינקענדע מאַכט צוריק אויפשטעלען, אין געגענטייל, דאָס האָט נאָך פערשאַפט פיעל אָנהענגער צו זיין געגנער ד י נ אָ ק ר אַ ט ע ס. ער האָט זיך באַלד איבערצייגט, וואָס פיר אַ געפעהרליכער געגנער דינאָקראַטעס איז פיר איהם, און האָט אָנגעפאַנגען אונטערהאַנדלען מיט איהם וועגען פרידען. ער האָט פאָרגעשלאָגען זיך אָפּצוזאָגען פון זיין הערשאַפט אין סיראַקוז, צוריקגעבען דער שטאָדט איהרע פריהערדיגע פרייהייט, ווען מען וועט איהם נאָר געבען צוויי פלעצער מיט זייערע אומגעגענדען. דינאָקראַטעס האָט ניט געוואָלט איינשטימען צו דיזען בעדינגונגען. אַגאַטהאָקלעס האָט דערמיט בעוויזען די איינוואוינער פון סיראַקוז, דאָס דינאָקראַטעס דענקט אַליין צו ווערען דער הערשענדער טיראַן אין סיראַקוז. דערווייל האָט ער מיט די קאַרטהאַגער געשלאָסען אַ טראַקטאַט, לויט וועלכען די קאַרטהאַגער זאָגען זיך אָפּ פון זייער הערשאַפט אין סיציליען פיר 300 טאַלענטען.

נאָך דעם, ווי ער האָט זיך געפיהלט זיכער פון דער זייט פון די קאַרטהאַגער, האָט ער בעשלאָסען אָנצוהייבען אַ קריג געגען זיין פיינד דינאָקראַטעס. דיזער קריג איז געווען פיר איהם זעהר גליקליך, ווייל דער גרעסטער טייל פון פיינד׳ס טרופען זיינען באַלד אין אָנפאַנג צו איהם איבערגעגאַנגען. אָבער די אָנהענגער פון דינאָקראַטעס׳ן זיינען נאָך אַלץ געווען זעהר גרויס אין צאָהל. אום זיי צו געווינען אויף זיין זייט, האָט ער זיי געלאָזט וויסען, דאָס ער ערלויבט זיי זיך צוריקצוקעהרען צו זייער פאָטערלאַנד און ער גיט זיי צוריק אַלע זייערע בירגער־רעכטען. פיעלע פון זיי האָבען געגלויבט זיין וואָרט און האָבען אַנידערגעלעגט די וואַפען. זיי זיינען אָבער באַלד אַרומגערינגעלט געוואָרען פון 4,000 אַגאַטהאָקלעס׳עס סאָלדאַטען און זיינען ערמאָרדעט געוואָרען. מיט דינאָקראַטעס׳ן זיינען געבליבען זעהר וועניגע פון זיינע אָנהענגער, און דעריבער האָט ער בעשלאָסען פרידען צו שליסען מיט אַגאַטהאָקלעס׳ן און האָט איהם ווירקליך געהאָלפען אונטעריאָכען פיעלע פון די פרייע שטעדט אין סיציליען.

מיט דיזען אופן האט אגאטהאקלעס אין פערלויף פון צוויי יאהר וויע-דער בעפעסטיגט זיין הערשאפט. ער האט ווידער אנגעפאנגען צו טראכטען וועגען נייע שלאכטען, נייע רויבערייען. אין יאהר 303 פ. קר. האט ער גע-פלינדערט די ליפאריער, ער האט פערברענט די פלאטע פון מאצעדאנישען קעניג קאססאנדער, און האט געראובט און געמארדעט אין אונטער־איטאליען די ברוטטיער. אין די לעצטע יאהרען פון זיין רעגירונג איז ער געווארען א מילדער, גוטער הערשער. נאר געגען קארטהאגא האט ער נאך אלץ גע-טראכט פלענער, ווי ראכע צו נעהמען פון זיי. ער האט אנגעפאנגען זיך צו-גרייטען צו א נייעם קריג געגען זיי. ער האט אבער דיזען פלאן ניט דורכגע-פיהרט, ווייל דער טויט האט איהם פערכאפט. זיין נאכפאלגער האט געוואלט זיין זיין עניקעל, דער זוהן פון דעם ערמארדעטען אין אפריקא ארכאגאטהוס. דיזער עניקעל איז געשטאנען דאמאלס אן דער שפיץ פון א בעדייטענדער ארמעע. אגאטהאקלעס אבער האט איבערגעגעבען דעם טראן צו זיין עני-קעל פון דעם אנדערען זוהן נאך ביי זיין לעבען. דיזעס האט שרעקליך ער-ביטערט דעם זוהן פון ארכאגאטהוס׳ן און ער האט ערמארדעט זיין שוועס-טער־קינד, וועלכען אגאטהאקלעס האט איבערגעגעבען זיין טראן. ער האט אויך ראכע גענומען פון זיין זיידען אגאטהאקלעס׳ן. ער האט אונטערגעקויפט זיין טרייען פריינד מ אֶ נ א ן און דיזער האט דעם טיראן אגאטהאקלעס מיט א לאנגזאמען גיפט פערשאפט אזעלכע שמערצען, דאס ער האט גע-הייסען מען זאל איהם לעבעדיגערהייד פערברענען (289 פ. קר.). 72 יאהר האט דיזער שרעקליכער טיראן געלעבט און 28 יאהר האט ער רעגירט.

נאך דעם טויט פון אגאטהאקלעס׳ן האט סיראקוז פריי אפגעאטעמט. זיין פערמעגען האט מען קאנפיסיקירט, און די סטאטועס, וואס מען האט גע-שטעלט איהם צו עהרע, האט מען פערניכטעט. דאך זיינען אונרוהען וויע-דער אויסגעבראכען אין סיראקוז. מיט דיזע אונרוהען האט זיך בענוצט דער מערדער פון אגאטהאקלעס׳ן, מאנאן, אום זעלבסטהערשער צו ווערען. ער האט זיך אבער ניט לאנג געהאלטען אויף׳ן טראן; ער איז גיך פערטריבען געווארען פון אן אנדער טיראן ה י צ ע ט א ס. אויך דיזער האט נאר דריי יאהר רעגירט, און אלס ער האט אונטערגענומען א קריגס־צוג געגען אגריגענט, ויינען ערשינען צוויי נייע געגנער געגען איהם און עס זיינען פארגעקומען נייע אונרוהען אין סיראקוז. אום צו מאכען אן ענד צו די אלע אונרוהען, האבען זיך די סיראקוזאנער געווענדעט צו פ י ר ר ה ו ס ׳ ן, דעם קעניג פון עפירוס, ער זאל זיי העלפען ארדנונג ברייגגען אין לאנד. דיזען איז ווירק-ליך געלונגען שלום מאכען צווישען די פארטייען. זיי האבען זיך פעראיי-

ניגט, האָבען צוזאַמענגעשטעלט אַ זעהר שטאַרקע אַרמעע און האָבען די קאַרטהאַגער אין גאַנצען פון סיציליען פערטריבען. די אָרדנונג, וואָס פּירהוס האָט איינגעפיהרט, האָט זיך קוים צוויי יאָהר געהאַלטען. נאָכדעם האָבען זיך די קלענערע הערשער, וואָס זיינען געווען אונטערוואָרפען אונטער איהם, צוקריגט מיט איהם, און ער איז געווען געצוואונגען זיך צוריקקעהרען נאָך איטאַליען (295 פ. קר.).

נאָך דעם, ווי פּירהוס האָט פערלאָזען סיציליען, האָבען די קאַרטהאַגער צוריק בעקומען אַלע לענדער, וואָס זיי האָבען פריהער געהאַט אין סיציליען. אָבער דאָן איז אויף די סצענע אַרויף אַ נייער קריגס-פיהרער און איז גע-וואָרען הערשער אין סיראַקוז. דאָס איז פאָרגעקומען אין יאָהר 270 פּ. קר. דאָן האָט אויסגעבראָכען אין סיראַקוז אַן אויפשטאַנד צו גונסטען פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. די טרופּען, וואָס זיינען געשטאַנען ביי מעגאַרא, האָבען ערוועהלט אַלס קאָמאַנדיר איינעם ה י ע ר אָ מיט נאָך איינעם. באַלד איז היעראָ אַוועק אין סיראַקוז און האָט איינגעשטילט דעם בונט. איינ-פיהרענדיג נייע אָרדנונג, האָט ער בעוויזען, דאָס ער איז אַ מעסיגער און טיכטיגער מאַן, און דעריבער האָבען איהם די סיראַקוזאַנער איינשטימיג ערוועהלט צום אויבער-קאָמאַנדיר. אום צו געווינען די אַריסטאָקראַטישע פּאַרטיי געגען די זעלנער און דעם נידריגען פאָלק, האָט ער געשלאָסען אַן ענגע פערבינדונג מיט לעפּטינעס'ן, וועלכער איז געווען זעהר געעהרט ביים פאָלק. ער האָט געהייראַטעט זיין טאָכטער און פּלעגט איהם אַלע מאָל די רעגירונג אי-בערגעבען, ווען עס איז איהם אויסגעקומען צו געהן אין קריג. ער איז געוואָרען אַ ליבלינג פון פאָלק, וועלכעס האָט איהם איינשטימיג (269 פּ. קר.) ערוועהלט אַלס קעניג.

די רוימער האָבען אויך געהאַט גרויס גליק צו סיציליען, און האָבען אָנ-געפאַנגען אַ פּוס אַהין אַריינצושטעלען. אויס פורכט פאַר פּירהוס'ן האָבען די איינוואוינער פון רהעגיום אין אונטער-איטאַליען זיך געווענדט צום רוימישען סענאַט פיר הילף. דער סענאַט האָט זיי געשיקט 4,000 קאַמפּאַנישע סאָל-דאַטען אונטער דעם בעפעהל פון אַ רוימישען קאָמאַנדיר. דיזע אָבער האָבען פיעלע בירגער פון רהעגיום געטויטעט און אַ טייל האָבען זיי פער-טריבען.

רהעגיום איז אונטערגעפאַלען אונטער די הערשאַפט פון די רוימער. אין דער זעלבער צייט האָבען די קאַרטהאַגער געשלאָסען אַ בונד מיט היעראָ'ן געגען זיי. דאָס פאָלק איז געווען פערצווייפעלט און האָט ניט געוואוסט, ווי זיך פון דער שווערער לאַגע אַרויסצודרעהען. דאַמאָלס האָבען זיך געבילדעט

אין שטאָדט צוויי פּאַרטייען — איינע האָט געזוכט שוץ ביי די רוימער, און די אַנדערע ביי דעם קאַרטהאַגישען קאָמאַנדיר האַננאָ, וועלכער איז דאַמאָלס געקומען פון סיציליען, און וועלכען זיי האָבען באַלד די פעסטונג פון שטאָדט איבערגעגעבען. די רוימער האָט דיזע האַנדלונג שטאַרק פער־דראָסען און זיי האָבען בעשלאָסען נעהמען שטרענגע שריט אין דיזער אַנ־געלעגענהייט. זיי האָבען געשיקט אַן אַרמעע אונטער דעם קאָנסול א פּ פּ י ו ס ק ל א ו ד י ו ס ק א ו ד ע ק ס, און דיזען איז געלונגען די קאַרטהאַגער צו פערטרייבען פון מעססינאַ.

נאָך דעם זיינען די רוימישע טרופּפּען געגאַנגען נאָך סיראַקוז מיט דעם בעשלוס צו צווינגען די קאַרטהאַגער פערלאָזען די שטאָדט. אָבער נאָך איי־דער זיי זיינען געקומען אין סיראַקוז, האָבען די רוימער געשלאָגען די טרו־פּען פון היעראָ מיט זיין פלאָטע, וועלכע זיינען ניט געווען פעראייניגט מיט די קאַרטהאַגער. דיזעס איז געווען א גרויסעס גליק פיר די רוימער, ווייל היעראָ האָט באַלד דעם ים אָפּגערייניגט פון זיינע טרופּען און איז אוועק אין סיראַקוז. דאַמאָלס איז עס פיר די רוימער פיעל לייכטער געווען צו שטרייטען געגען דער קאַרטהאַגישער פלאָטע, און קלאַודיוס האָט זיי ווירקליך בעזיגט. אָבער דערמיט האָט זיך נאָך דער קריג ניט געענדיגט, אין געגענטייל, עס האָט זיך צווישען רוים און קאַרטהאַגאָ אָנגעפאַנגען א רייהע פון מלחמות, וועל־כע האָבען זיך געצויגען פון 264 ביז 146 פ. קר. דיזע מלחמות זיינען בע־וואוסט אין דער וועלט־געשיכטע אונטער דעם נאָמען „די פ ו נ י ש ע קריגען.*)

## ה. די צייט פון די פונישע קריגען.

### 1) דער ערסטער פונישער קריג. (264—241 פ. קר.)

ווי מיר האָבען אויבען ערצעהלט, האָבען די רוימער, נאָך דעם, ווי זיי האָבען בעזיגט מעססינאַ, זיך אַריינגעריסען אין סיראַקוז. די רוימער האָ־בען געצוואונגען היעראָ'ן צו שליסען מיט זיי פרידען און ווערען א רוימישער בונד־חבר. ער איז אָבער געבליבען הערשער אין סיראַקוז, ער האָט נאָר בע־דאַרפט זיי, די רוימער, צאָהלען א געוויסע סומע געלט און די געפאַנגענע פריי לאָזען. היעראָ איז ווירקליך געבליבען טריי צו די רוימער און איז זיי

---

*) די קאַרטהאַגער האָבען נאָך זייער פ ע נ י צ י ש ע ר אָפּשטאַמונג געהיי־סען פ ו נ י ע ר.

אין דעם קריג מיט די קארטהאגער זעהר ניצליך געווען, ווייל ער האט אימער געזיכערט פיר זיי דעם צופיהר צו סיראקוז, וועלכען די מעכטיגע קארטהאגישע פלאטע האט זיי אימער געשטערט.

באלד, ווי די רוימער האבען געשלאסען פרידען מיט היערא'ן, האבען זיי געשיקט טרופען נאך אגריגענט, וועלכע איז געווען דער הויפט-צענטער פון דער קארטהאגישער מאכט, און דארט איז געשטאנען האנניבאל מיט 50,000 מאן. אבער גראדע די צו גרויסע מחנה סאלדאטען איז געווען אן אונגליק פיר האנניבאל'ן, ווייל די רוימער האבען בעלאגערט די שטאדט און ניט צוגעלאזען קיין לעבענס-מיטלען פיר די גרויסע ארמעע, און עס איז באלד געווארען א שרעקליכער הונגער אין שטאדט. עס האט זיך אנפעגאנפען א שטרייט. האנניבאל'ן איז עס געלונגען זיך צו רעטען פון הונגער און אנטלויפען, און די אגריגענטינער האבען זיך געמוזט אונטערגעבען צו די רוימער (262 פ. קר.).

די רוימער האבען זיך באלד איבערצייגט, דאס אום די קארטהאגער צו בעזיגען דארף מען פריהער פון אלץ שאפען א גרויסע מעכטיגע פלאטע. מיט פיעל ענערגיע האבען די רוימער גענומען בויען א פלאטע און אין פערלויף פון צוויי מאנאטען זיינען זיי געווען פערטיג צו געהן אין שטרייט מיט 100 שיפען און האבען ווירקליך געהאט באלד (אין יאהר 260) א וויכטיגען זיג איבער דער קארטהאגישער פלאטע אונטער דעם קאנסול ק א י ו ס ד ו א י ל י ו ס. די רוימישע שיפען זיינען אפילו געווען פיעל ערגער פון די קארטהאגישע. אבער דיזער קאנסול האט ערפונדען א מיטעל, וועלכער האט געגעבען זיי רוימער די מעגליכקייט צו געווינען די שלאכטען מיט די קארטהאגער אפילו מיט ערגערע שיפען. ער איז נעמליך געקומען אויף דעם געדאנק, צו מאכען אויף זיינע שיפען ווארף-בריקען. דיזע זיינען ארויפגעווארפען געווארען אויף די קארטהאגישע שיפען ווי נאר דיזע זיינען צוגעקומען גענוג נאהענט צו זיינע שיפען. די בריקען זיינען געמאכט געווארען מיט שארפע האקענס, וואס האבען זיך טיף ארייגעהאקט אין די דעקען פון די פיינדליכע שיפען, און מיט דיזען אופן האבען זיךביידע פיינדליכע שיפען פעראייניגט דורך די בריק און די רוימער האבען געקענט פעכטען זיך מיט'ן פיינד ווי אויף לאנד, וואו זיי זיינען געווען פיעל מעהר געאיבט און געשיקט פון די קארטהאגער. דואיליוס איז נאך דעם ערסטען זיג איבער דער קארטהאגישער פלאטע אויפגענומען געווארען אין רוים מיט גרויס טריאומף.

דיזיגען אין נעכסטען יאהר זיינען געווען אמאל אויף דער זייט פון די רוימער, אמאל אויף דער זייט פון די קארטהאגער, אבער די רוימער האבען גע-

האָט מעהר זיגען, די רוימער האָבען זיך איבערצייגט, דאָס מיט דיזען אופן וועט זיך דער קריג פערציהען זעהר לאַנג. די הוצאות זיינען אָבער געוועזען צו שווער צו דערטראָגען, האָבען זיי בעשלאָסען איבערצוטראָגען די מלחמה אין אַפריקאַ און צו בעפאַלען קאַרטהאַגאַ זעלבסט. נאָך דעם, ווי זיי האָבען גע-



זייל פון דעם קאָנסול דואיליום.

זאַמעלט די נעטיגע ידיעות וועגען דער מלחמה, האָבען זיי געגעבען אַ בעפעהל צו די קאָנסולען לוציוס מאַנליוס וואולסאָ און מאַרקוס אַטטיליוס רעגולוס צו זעגלען מיט זייער פלאָטע נאָך אַפ-ריקאַ. די קאָנסולען האָבען געהאַט אין זייער קאָמאַנדע 330 שיפען און

140,000 מאַן. מיט דיזער מאַכט זיינען זיי געקומען נאָך סיציליען. דאָרט האָבען זיי געפונען אַ קאַרטהאַגישע מאַכט, וועלכע האָט איבערגעשטיגען זייערע — די קאַרטהאַגער האָבען געהאַט 350 שיפען און 150,000 מאַן. די רוימער האָבען דורך זייערע וואָרף־בריקען געוואונען די שלאַכט ביי סיציליען. נאָך דיזען זיג זיינען זיי געקומען נאָך קאַרטהאַגאַ, האָבען געלאַנדעט אין מזרח פון קאַרטהאַגאַ, האָבען זיך גוט בעפעסטיגט און האָבען אָנגעפאַנגען צו מאַכען איבערפאַלען איבער קאַרטהאַגישע לענדער און שטעדט. די קאַרטהאַגער זיינען ניט געווען פאָרבערייטעט צו דיזען אונערוואַרטעטען שטרייט, און די רוימער איז עס געלונגען צו רויבען זעהר פיעל פיה און 20,000 מאַן צו נעהמען געפאַנגען. דער קאָנסול מאַנליוס איז אַוועק צוריק נאָך סיציליען און דער אַנדערער קאָנסול, רעגולוס, איז פערבליבען אין אַפריקאַ.

דיזעס האָט איבערצייגט די קאַרטהאַגער, דאָס די רוימער דענקען זייער לאַנד איינצונעהמען און זיי אונטערוואַרפען. זיי האָבען אויפגעשטעלט אַ נייע אַרמעע און האָבען זיי איבערגעגעבען צו דריי קאָמאַנדירען. די וואהל האָט זיך בעוויזען זעהר ניט קיין גלענצענדע. די קאָמאַנדירען האָבען ניט פערשטאַנען זייער זאַך, און האָבען געליטען שרעקליכע מפלות פון די רוימער. די רוימער האָבען זיי פאָרגעשלאָגען בעדינגונגען פון פרידען, אָבער דיזע זיינען געווען צו שווערע פיר די קאַרטהאַגער. די רוימער האָבען געפאָדערט פון זיי צו אָנערקענען די רוימישע אויבערהערשאַפט איבער זיך, צו צאָהלען אַ יעהרליכען טריבוט, און אַלע קריגס־שיפען צו איבערגעבען. דער קאַרטהאַגישער סענאַט האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעהמען דיזע בעדינגונגען. דער סענאַט האָט דאַמאָלס בעשלאָסען די אויבער־קאָמאַנדע איבער דאָס מיליטער איבערצוגעבען צו אַ ספּאַרטאַנער מיט'ן נאָמען ק ס אַ נ ט י פּ פּ אָ ס. דיזע וואהל איז געווען זעהר אַ געלונגענע. קסאַנטיפּפּאָס האָט פערנאַרט די רוימער אין אַן עבענע ביי טונעס, וואו ער האָט איבער זיי געהאַט אַ גלענצענדען זיג. פון דער גאַנצער רוימישער אַרמעע האָבען זיך נאָר גערעטעט 2,000 מאַן און 500, אונטער וועלכע עס איז אויך געווען דער קאָנסול רעגולוס, זיינען גענומען געוואָרען געפאַנגענע. די גערעטעטע זיינען ענטלאָפען מיט דער רוימישער פלאָטע.



אַטטיליוס רעגולוס.

אין דעם זעלבען יאָהר האָבען די רוימער פערלאָרען זייער גאַנצע פלאָטע, וואָס איז געשטאַנען נעבען סיציליען, דורך אַ שטורם. זיי האָבען אָבער אין אייניגע מאָנאַטען איבער־אַ־נייעם אויפגעשטעלט אַ פלאָטע און אין יאָהר 251 פ. קר. האָט דער רוימישער קאָנסול ל ו צ י ו ס צ אַ צ י ל י ו ס מ ע ט ע ל ל ו ס געשלאָגען די קאַרטהאַגער ביי פּ אַ נ אָ ר מ ו ס. די רוי-מער האָבען נאָך דיזען זיג בערויבט פיעלע שטעדט אויף דעם אַפריקאַנישען ברעג, אָבער די שיפען האָבען זיך ניט געקענט ראַטעווען צוליב די שווערקייט פון די גערויבטע זאַכען און זיי האָבען די לאַדונג געמוזט צוריק ברייננען אויפ'ן ברעג. די שיפען זעלבסט זיינען צושמעטערט געוואָרען אויף זייער צו-ריק־רייזע פון אַ שרעקליכען שטורם.

אויסער פּאַנאָרמוס האָבען די רוימער בעזיגט נאָך אייניגע פעסטונגען און די קאַרטהאַגער זיינען געווען געצוואונגען זיך צוריקצוציהען אויף דרעפּאַ-נאַ און ליליבאָאום. דאַן האָבען זיי אָנגעפאַנגען אונטערהאַנדלען מיט די רוימער וועגען פרידען. צו דיזען צוועק האָבען זיי אויך געשיקט דעם גע-פאַנגענעם קאָנסול רעגולוס מיט דער געזאַנדטשאַפט. זיי האָבען גענומען ביים קאָנסול אַן עהרען־וואָרט, דאָס ער וועט קומען צוריק אין פאַל די פרי-דענס־אונטערהאַנדלונגען וועלען ניט האָבען קיין ערפאָלג. די מיינונגען אין ר'וים זיינען געווען פערשיידען. אייניגע זיינען געווען צופרידען מיט די לענ-דער, וואָס רוים האָט ביז יעצט געוואונען פון די קאַרטהאַגער, און האָבען געוואָלט שליסען פרידען; די אַנדערע האָבען פערלאַנגט צו פאָרטזעצען דעם קריג ביז זיי וועלען אין גאַנצען פערניכטען דעם פיינד. דאַמאָלס איז דער קאָנסול רעגולוס אַרויף אויף די טריבונע, און אין דער אַנוועזענהייט פון די קאַרטהאַגישע געזאַנדטע האָט ער ערקלערט, דאָס די קראַפט פון די קאַרטהאַ-גער איז באַלד אין גאַנצען אויסגעשעפּט און די רוימער וועט עס ניט שווער אָנקומען זיי אין גיכען אין גאַנצען צו פערניכטען. דער פרידען איז אָפּ-געוויזען געוואָרען און רעגולוס האָט געמוזט צוריקגעהן נאָך קאַרטהאַגאָ, וואו עס האָט איהם ערוואַרטעט אַ ביטערער סוף. זיינע פריינד האָבען איהם געבעטען ער זאָל בלייבען אין רוים, די פריסטער האָבען איהם פערשפּראָכען דורך קרבנות מכפּר צו זיין די זינד, ווען ער וועט ניט האַלטען זיין פערשפּרע-כען צו די קאַרטהאַגער. ער האָט אָבער ניט געוואָלט הערען פון קיין זאַך און איז צוריקגעגאַנגען נאָך קאַרטהאַגאָ, וואו ער האָט געפונען אַ שרעקלי-כען מאַרטירער־טויט.

יעצט האָט דער קאַמף אין סיציליען זיך געדרעהט אַרום דרעפּאַנאַ און ליליבאָאום. צו העלפען ליליבאָאום איז געקומען אַ קאַרטהאַגישע פלאָטע און

האָט די בעלאַגערער (די רוימער) פערטריבען. קאָנסול אַ פּ פּ י ו ס ק ל אַ ו-ד י ו ס פּ ו ל כ ע ר, דער זוהן פון דעם אַלטען בלינדען קלאַודיוס, האָט בעשלאָסען נעהמען דרעפּאַנאַ מיט שטורם. ער האָט געהייסען די פּריסטער זיך ערקונדיגען וועגען דעם ווילען פון די געטער וועגען דיזער אונטערנעהמונג דורך די הייליגע היהנער. מען האָט זיי געגעבען שפּייז צו עסען, און מען האָט געקוקט, וואָס זיי וועלען דערמיט טאָן. די היהנער האָבען די שפּייז ניט געוואָלט בעריהרען, און דאָס איז געווען פיר די פּריסטער אַ בעווייז, דאָס די געטער זיינען געגען דיזער אונטערנעהמונג. דער קאָנסול איז בייז געוואָרען אויף די היהנער און האָט זיי געהייסען אריינוואַרפען אין ים און האָט קאָמאַנדירט די סאָלדאַטען געהן אויף די פעסטונג מיט שטורם. די אָבערגלויבישע סאָלדאַטען האָבען ניט געהאַט דעם נעטיגען מוט צו קעמפען, און דער רעזולטאַט פון דיזער אונטערנעהמונג איז געווען, דאָס די רוימישע פלאָטע איז אין גאַנצען פערניכטעט געוואָרען דורך דעם טיכטיגען קאַרטהאַגישען קאָמאַנדיר אַ ד ה ע ר ב אַ ל. אַ פלאָטע אונטער דעם קאָנסול ל ו צ י ו ס פּ ו ל ל ו ס איז צושטערט געוואָרען פון אַ שטורם ביים דרום-מזרח ברעג פון סיציליען. דאָס האָט געצוואונגען די רוי-מער פאַרלויפיג דעם קריג אויף'ן ים אויפצוגעבען.


האַמילקאַר באַרקאַס.

פיר קאַרטהאַגאָ איז אויפגעשטאַנען אַ רעטער אין זייער נויט. דיזער איז געווען ה אַ מ י ל ק אַ ר, וועלכער האָט געהאַט דעם ביינאָמען „באַרקאַס" (בליץ, העברעאיש „ברק"). ער האָט אויסגעפונען, דאָס די נידערלאַגעס פון די קאַרטהאַגער נעהמען זיך דערפון, וואָס זיי האָבען ניט קיין גוטע פוס-סאָלדאַטען. ער האָט פערשאַפט קאַרטהאַגאָ אַן אויסגעצייכענטע אַרמעע, אין וועלכער ער האָט איינגעפיהרט אַ שטרענגע דיסציפּלין, און מיט דיזער אַרמעע איז ער אַוועק נאָך סיציליען. מיט זיין געניאַלער קענטנים פון קריגס-קונסט האָט ער ערוועהלט דעם באַרג פעלעגרינאָ (ניט ווייט פון פּאַלערמאָ) אַלס זיין הויפּט-קוואַרטיר, און פון דאַנען איז ער בעפאַלען פערשיידענע פּונקטען אין סיציליען, האָט גערויבט, געמאָרדעט, געברענט וואָס ער האָט געקענט. דאָס אַלץ האָט ער געמאַכט שנעל ווי אַ בליץ. די רוימער זיי-נען געוואָרען דורך זיינע איבערפאַלען שטאַרק אָפּגעשוואַכט. דער סענאַט האָט געוואָלט אַלע קרעפטען אָנווענדען אום צו בעפרייען זיך פון דיזען אָנ-שיקענעס. אָבער די רעגירונגס-קאַסע איז געווען ערשעפּט און עס איז ניט געווען מיט וואָס אָנצופאַנגען. דאָ האָבען די בירגער זעלבסט בעשלאָסען

צו שאַפען די נעטיגע סומע אום צו בויען אַ נייע פלאָטע, און די אָרימע, וואָס האָבען קיין מיטלען ניט געהאַט עטוואָס בייצושטייערן, האָבען זיך פערפליכטעט צו געהן אין שלאַכט, ניט פערלאַנגענדיג קיין בעלוינונג. עס איז באַלד בעשאַפען געוואָרען אַ פלאָטע פון 200 שיפען אונטער דעם אויבער־בעפעהל פון דעם קאָנסול קאַיוס לוטאַציוס קאַטולוס. די קאַרטהאַגער האָבען געשיקט אַ פלאָטע נאָך סיציליען אונטער דער פיהרונג פון האַננאָ מיט דעם בעפעהל זיך אָנשליסען אָן האַמילקאַר'ן און אונטער זיין אויבער־בעפעהל די רוימער אָנגרייפען. די רוימישער קאָנסול אָבער האָט ניט דערלאָזען דיזע פעראייניגונג, און ער איז בעפאַלען (241 פ. קר.) די קאַרטהאַגישע פלאָטע מיט דעם רעזולטאַט, דאָס ער האָט 50 שיפען דערטרונקען און 70 שיפען געפאַנגען. דיזע מפלה האָט געצוואונגען די קאַרטהאַגער צו בעטען פרידען פון די רוימער. באַרקאַס האָט בעקומען די פולמאַכט צו אונטערהאַנדלען וועגען פרידען. נאָך דיזען פרידען האָט קאַרטהאַגאָ געמוזט איבערגעבען צו די רוימער די גאַנצע אינזעל סיציליען מיט אַלע אינזלען, וואָס געפינען זיך צווישען סיציליען און דעם פעסט־לאַנד, אַלע רוימישע געפאַנגענע אויסליפערן און אין צייט פון 10 יאָהר בעצאָהלען צו רוים 15 מיליאָן מאַרק קריגס־קאָסטען. ביידע פּאַרטייען אָבער האָבען גוט פערשטאַנען, דאָס אַן אמת'ער פרידען קען צווישען זיי ניט זיין.

## 2) די צייט צווישען דעם ערסטען און צווייטען פונישען קריג.

נאָך דיזען פרידען האָבען ביידע לענדער, קאַרטהאַגאָ און רוים, אַלע קרעפטען אָנגעווענדט צו שאַפען מיטלען און בונד־חברים צו אַ נייעם קריג.

באַלד נאָך דעם אָפּשלוס פון דעם פרידען האָט זיך דאָס קאַרטהאַגישע מיליטער צובונטעוועט און עס האָט די קאַרטהאַגער געקאָסט פיעל געלט און בלוט ביז מען האָט דעם בונט איינגעשטילט. מיט דיזע אונרוהען האָבען זיך בענוצט די געדונגענע סאָלדאַטען און האָבען פערכאַפּט די אינזעל סאַרדיניען. ווייל אָבער די איינוואוינער פון סאַרדיניען האָבען זיך שטאַרק געשטעלט געגען די געוואַלד־טאַטען פון דיזע פרעמדע סאָלדאַטען, זיינען זיי, די סאָלדאַטען, צוגעשטאַנען צו רוים און געבעטען ביי זיי הילף געגען די איינוואוינער פון סאַרדיניען. די רוימער האָבען זיך ניט לאַנג געלאָזען בעטען און האָבען געשיקט הילף צו די רויבערישע סאָלדאַטען. אַלס די קאַרטהאַגער האָבען געוואָלט צו די סאַרדיניער איינוואוינער שיקען הילף האָבען די רוימער עס ערקלערט פיר אַ ברוך פון דעם אָפּמאַך פון פרידען. די קאַרטהאַגער, וועלכע זיינען דאַמאָלס געווען זעהר אָפּגעשוואַכט, האָבען געמוזט אויפגעבען

זייער וואונש צו העלפען סארדיניען אום ניט פערוויקעלט צו ווערען אין א נייעם קריג, און האבען נאך געמוזט צאהלען די קריגס־הוצאות צו די רוי־מער. סארדיניען צוזאמען מיט קארסיקא איז געווארען א רוימישע פראווינץ (238 פ. קר.).

איינינע יאהר שפעטער האבען די שטעדט פון אונטער־איטאליען גע־בראכט שווערע קלאגעס געגען די איללירישע ים־רויבער, דאס זיי שטערען דעם האנדעל. דיזע רויבער האבעןווירקליך דורך זעהר שנעלע רויב־שיפען געמאכט דאס גאנצע אדריאטישע מעער אונזיכער. זיי האבען בעזיגט די אינזעל קארסיקא און האבען זי איבערגעגעבען צום גריכישען פירסט ד ע - מ ע ט ר י ו ס פון פארוס. בעזונדערס זיינען זיי געווען געפעהרליך פיר האנדעל־שיפען. די רוימער האבען געשיקט געזאנדטע צו דער איללירישער קעניגין ט ע א ו ט א, וועלכע האט געפיהרט די רעגירונג נאך איהר מאן'ס טויט ביז איהר זוהן וועט ווערען אלט גענוג צו ווערען קעניג. די קעניגין האט געהייסען ערמארדען איינעם פון די געזאנדטע דערפאר, וואס ער האט זיך צו פריי אויסגעדריקט געגען די רויבערייען פון איהרע אונטערטאנען. דאס איז געווען גענוג אורזאך פיר די רוימער צו ערקלערען קריג צו דער איל־לירישער קעניגין. זיי האבען באלד געשיקט 200 שיפען נאך אילליריען און באלד איז דארט אויך לאנד־מיליטער געקומען. דעמעטריוס האט מיט זיין אייגענעם ווילען איבערגעגעבען די אינזעל קארצירא צו די רוימער און איל־ליריען איז דאן געווען לייכט צו בעזיגען. די קעניגין איז געווען געצוואונ־גען מיט די רוימער צו שליסען אן אפמאך, לויט וועלכען זי האט אלע בע־זיגטע ערטער איבערגעגעבען צו די רוימער, געמוזט צאהלען א געוויסען טריבוט (מס) און זיך פערפליכטעט ניט ארויסצולאזען איהרע קריג־שיפען איבער א געוויסען פונקט. דעמעטריוס האט בעקומען א טייל פון אילליריען, אבער אונטער רוים'ס אויבערהערשאפט, און ער איז אויך געווארען רעגענט (פארלויפיגער הערשער) פון אילליריען ביז דער יונגער פרינץ וועט ווערען פול־יעהריג. אבער די רוימישע הערשאפט האט איהם צופיעל געדריקט. ער האט זיך פערבונדען מיט דעם מאצעדאנישען קעניג אנטיאכוס, און צוזאמען מיט זיינע קריג־שיפען האט ער זיך געלאזען צו רויבען די ברעגען פון אגא־אישען מעער. די רוימער האבען געפונען פיר נעטיג צו מאכען אן ענד צו דיזע רויבערייען. זיי האבען געשיקט אן ארמעע, וועלכע האט באלד בע־זיגט פארוס. דעמעטריוס איז ענטלאפען צו זיין בונד־חבר אנטיאכוס און איז שפעטער געפאלען.

פיעלע איינוואוינער פון רוים זיינען אין דער צייט פון דעם לאנגען קריג זעהר פערארימט געווארען. אום זייער לאגע צו פערבעסערן האט דער קאנ-סול ק א י ו ס פ ל א מ י נ י ו ס נ ע פ א ס צושיקט פיעלע ארימערע בירגער אין אנדערע בעזיגטע לענדער, זיך צו בעזעצען אלס קאלאניסטען. די גאלליער האבען פארויסגעזעהן, דאס די רוימער דענקען אויך פיעל פון זייערע לענדער אוועקצונעבען צו רוימישע קאלאניסטען, און זיי האבען דערי-בער צוזאמענגעקומען אלע זייערע שטאמען און האבען נאך איינגעלאדען סאל-דאטען פון גאלליען פון יענער זייט פון די אלפען, זיי זאלען זיי העלפען אין דעם קאמף מיט די רוימער. אין יאהר 225 פ. קר. האבען די גאלליער אנ-געפאנגען צו בעפאלען די שטעדט, וואס זיינען געשטאנעןביים ברעג פון ים. ביי פאזולא האבען זיי געהאט א זיג איבער דער רוימישער ארמעע, אבער ביי קלוזיום האבען זיי פערלארען די שלאכט. דער רוימישער קאנסול ל. א מ י ל י ו ס פ א פ ו ס האט זיי דארט בעזיגט און געצוואונגען צוריקצו-טרעטען, און דער קאנסול האט זיי פערפאלגט. א צווייטע ארמעע אונטער דעם קאנסול ק א י ו ס א ט י ל י ו ס ר ע ג ו ל ו ס האט זיי בעגעגענט אין צפון פון עטרוריען. די גאלליער האבען דאן געהאט די מלחמה פון פארנט און פון הינטען, און דעריבער זיינען זיי געווארען בעזיגט ביי טעלאמאן אין עטרוריען. 40,000 מאן האבען זיי פערלארען אין יענער שלאכט. נאך די-זען זיג האט דער קאנסול פ ל א מ י נ י ו ס געמאכט א גליקליכען צוג אין די גאללישע לענדער, וואס זיינען געלעגען אין דער עבענע פון דעם טייך פא (219 פ. קר.).

ווי מיר האבען פריהער ערצעהלט, האבען זיך די סאלדאטען אין קאר-טהאגא צובונטעוועט, ווייל מען האט זיי ניט געצאהלט זייער געהאלט. האמילקאר האט מיט גרויס מיה און מיט שרעקליכער גרויזאמקייט איינגע-שטילט דעם בונט. דיזער געניאלער מאן האט באלד בעטראכט, דאס שפא-ניען איז פיר איהם א גוטער ארט, וואו ער קען בעקומען פיעל געלט און מענשען, און אויך א פונקט, פון וועלכען עס וועט איהם זיין לייכט אנצוגריי-פען איטאליען אין צפון. קארטהאגא האט שוין פריהער געהאט א פוס אין שפאניען, אבער דער קאמף מיט די רוימער האט זיי געצוואונגען אויפצוגע-בען די בעזיגטע ערטער דארט. האמילקאר האט געבעטען ערלויבניס זיך ווידער נעהמען צו שפאניען, און ער האט עס גלייך בעקומען. אין יאהר 237 פ. קר. איז ער אוועק אהין מיט אן ארמעע. ניין יאהר האט ער געפיהרט קריג מיט שפאניען ביז ער האט אפגענומען די זילבער-מינעס פון עסטרע-מאדורא, און האט געצוואונגען די איינוואוינער אויף די ברעגען צו צאהלען

טריבוט צו קארטהאגא. דיזער קריג האט ערשעפּט דאס לאנד, די איינוואוי-נער זיינען געקומען אין פערצווייפלונג און האבען שרעקליך פערהאסט האַ-מילקאר'ן און ער איז צו ענדע געפאלען אלס קרבן פון זייער האס.

די קארטהאגער האבען ערוועהלט אויף האמילקאר'ס אָרט זיין איידים האזדרובאל, וועלכער איז געוועזען פול מיט האס צו די רוימער ווי זיין שווער. האזדרובאל האט בעקומען פערשטארקונג פון קארטהאגא און האט בעזיגט שפּאניען ביז צו דעם טייך עברא, און האט מיט זיין קלוגער אויפפיה-רונג און זיין בענעהמען מיט די אונטערוואָרפענע שפּאניער געוואונען די ליבע פון פאָלק. ער האט דאָרט געגרינדעט „ניי קארטהאגא", וועלכע האט איהם גע-דינט אלס א זעהר אויסגעצייכענטער מיטעלפונקט פיר מיליטערישע צוועקען. די יונגע שטאָדט האט באלד אזוי אויפגעבליהט, דאס אנדערע קאָלאָניעס, בעזונדערס די גריכישע קאָלאָניע סאגונט, האבען אנגעפאנגען צו זינקען. די סאגונטער האבען זיך געווענדט צו די רוימער פיר הילף, האבען מיט זיי א בונד געשלאָסען, און די קארטהאגער זיינען געצוואונגען געווען צו געבען א וואָרט, דאס זיי וועלען ניט איבערטרעטען דעם טייך עברא.

צום אונגליק איז האזדרובאל געטויט געוואָרען אויף דער יאגד דורך א גאללישען שקלאף. די ארמעע האט באלד ערוועהלט אלס איהר הויפּט-פיה-רער האמילקאר'ס זוהן האנניבאל, הגם ער איז דאמאלס געוועזען ניט מעהר ווי 20 יאהר אלט. נאך אלס אינגעל האט איהם זיין פאָטער האמילקאר איינגעפלעסט א שרעקליכען האס צו די רוימער. ער האט זיך אומגעטראָגען מיט איין געדאנק: ראכע נעהמען פון די רוימער. ער איז געוועזען זעהר בעגאבט פון דער נאטור מיט אייגענשאפטען, פיר וועלכע זיינע סאָלדאטען האבען איהם זעהר שטארק געליבט און זיינען בערייט געווען אויף אלערליי אָפּפער פיר איהם, אזוי דאס האנניבאל איז געוואָרען א שרעק-בילד פיר די רוימער. ער האט בעזיגט שפּאניען ביז צום טייך עברא, און איז געווען בערייט זיך צו נעהמען צו סאגונט. די סאגונטינער האבען זיך נא-טירליך באלד געווענדט פיר הילף צו די רוימער. דיזע האבען באלד געשיקט א געזאנדטשאפט אין שפּאניען מיט דער פאָדערונג, דאס האנניבאל זאָל אויפ-געבען די בעלאגערונג פון סאגונט, לויט דעם פריהערען אָפּמאך צווישען רוים און קארטהאגא. ער האט די געזאנדטשאפט אָפּגענאַרט און זיי זיינען אוועק צוריק. דאן האט ער בעקומען א צווייטע געזאנדטשאפט פון רוים און דיזע האט ער אָפּגעשיקט צום קארטהאגישען סענאט. האנניבאל האט זיך געטאָן זיינס און האט פאָרטגעזעצט די בעלאגערונג פון סאגונט. אלס

מען האָט זיך אין קאַרטהאַגאָ דערוואוסט פון זיין ערפאָלג, האָט מען ניט געוואָלט אויפגעבען די בעלאַגערונג. די רוימער האָבען קיין הילף ניט גע-שיקט און סאַגונט איז בעזיגט געוואָרען נאָך אכט מאָנאַטען העלדישע פער-טיידיגונג. פון די בעזיגטע האָבען זיך פיעלע אין פייער געוואָרפען, פיעלע זיינען ערמאָרדעט געוואָרען און א טייל איז פערקויפט געוואָרען פיר שקלא-פען. מיט דעם זיג פון סאַגונט זיינען אין האַנניבאַל'ס הענט אריינגעפאלען זעהר רייכע אוצרות (219 פ. קר.).

### 3) דער צווייטער פּונישער קריג. (218—201 פ. קר.)

די רוימער האָבען אָנגעהויבען צו מאַכען פּלאַנען, ווי אָנצוגרייפען האַנ-ניבאַל'ן אין שפּאַניען. אָבער איידער זיי האָבען זיך געריהרט פון אָרט איז האַנניבאַל זיי בעפאַלען אין זייער אייגענעם לאַנד. האַנניבאַל האָט ריכטיג פערשטאַנען, דאָס די רוימער קענען נאָר דאַן בעזיגט ווערען, ווען זיי וועלען פערלירען זייערע בונד־חברים אין איטאַליען, און ער האָט געזוכט דעריבער דיזע אויפצוהעצען געגען רוים. איבערהויפּט האָט ער גערעכענט אויף די גאַללייער אין אויבער־איטאַליען, ווייל זייער האס צו די רוימער איז געווען זעהר גרויס, און עס איז דעריבער זעהר נאַטירליך געווען צו ערוואַרטען זיי זאָלען ווערען די בונד־חברים פון קאַרטהאַגאָ. אָבער אזוי ווי מיט שיפען איז איהם אונמעגליך געווען צו זיי צו־צו־קומען, האָט ער בעשלאָסען קומען צו זיי דורך א לאַנד־וועג, וואָס קיין מענש האָט עס ניט געהאַלטען פיר מעגליך. מיט אן אַרמעע, וואָס איז נאָר געוועהנט צו א הייסען קלימאַט, מיט א מענגע העלפאַנדען, וואָס זיינען נאָר גוט פיר א פלאַכע עבענע, מיט אן אונגעהייערער מאַסע פערד געשלעפּט איבער אייז און שטיינער, וועלכע זיי-נען בערייט יעדע מינוט אין אָפּגרונד צו שטירצען, האָט ער געשטיגען איבער די ביידע העכסטע בערג־גרופּעס פון אייראָפּאַ, איבער די פּירענאָען און די אַלפּען. דערביי איז איהם זעהר אָפט אויסגעקומען צו בעגעגנען זיך מיט די האַלב־ווילדע בערג־בעוואוינער, וועלכע האָבען איהם פערשאַפט פער-שיידענע שטערונגען. און צו אַלעם דעם האָט ער אונטערגענומען דיזען שווערען קריגס־צוג אין דעם ערגסטען מאָנאַט פון יאָהר, אין דעם מאָנאַט נאָ-וועמבער.

די פּירענאָען האָט ער גלייך איבערגעשטיגען. אין צעהן טעג איז ער דורכגעגאַנגען גאַנץ דרום־פראַנקרייך. אַלס ער איז אָבער צוגעקומען צו די אַלפּען, האָבען איהם הונגער און קעלט געשטערט דעם שרעקליכען וועג פאָרט-צוזעצען. אָבער האַנניבאַל'ן האָט קיין זאַך ניט אָפּגעשראָקען. ער האָט

איבעראל אליין געארבייט, געארדענט, געקעמפט מיט אלע הינדערניסען. ער האט בעשאפען נייע וועגען, און זעהר אפט האט עס געקאסט דאס לעבען פון פיעלע סאלדאטען, וועלכע זיינען פלוצלונג פון א הויכען שפיץ בארג אין אן אפגרונד אריינגעפאלען אדער זיינען פערשאטען געווארען פון שטיקער אייז און מאסען שנעע. ניין טעג האט איהם גענומען דאס קלעטערן צום שפיץ פון די אלפען. דא אויף די פעלדער, וואס זיינען עוויג בעדעקט מיט שנעע און אייז, האט ער געגעבען זיינע סאלדאטען צוויי טעג רוה און נאכדעם האט ער זיך גענומען צום אראפשטייגען פון די אלפען. אבער דאס אראפשטייגען האט זיך בעוויזען פיעל שווערער, ווי דאס ארויפשטייגען. טויזענדער סאלדאטען זיינען ביים ארונטערשטייגען פון די בערג אין אפגרונד פערזונקען. פון זיין ארמעע, וואס איז בעשטאנען פון 59,000 מאן, זיינען נאר געבליבען 26,000 מאן. 33 טויזענד מאן פון זיינע סאלדאטען זיינען אומגעקומען אין שטרייט מיט די האלב=ווילדע פעלקער, צושטארבען פון קעלט און געזונקען אין אפגרונדען.

די רוימער האבען זיך ניט געריכט, דאס האנניבאל זאל זיך ערלויבען אזא געוואגטען שריט צו טאן — צו איבערקלעטערן די אלפען מיט א גאנצער ארמעע. קיין מענש אין דער וועלט האט נאך דאן ניט געוואגט אפילו צו דענקען דערפון. זיי האבען דעריבער בעשלאסען צו שיקען זייערע ארמעען אין אפריקא און אין שפאניען. זיי האבען געשיקט דעם קאנסול ט י ב ע ר י ו ס ס ע מ פ ר א נ י ו ס ל א נ ג ו ס מיט 26,000 מאן און 160 קריג=שיפען נאך אפריקא, און דעם אנדערען קאנסול פ ו ב ל י ו ס ק א ר נ ע ל י ו ס ס צ י פ י א מיט 24,000 מאן האבען זיי געשיקט נאך שפאניען. א דריטע ארמעע האבען זיי געשיקט אין צפון=איטאליען צו אכטונג געבען אויף די גאלליער, וועלכע האבען אנגעהויבען זיך צו בונטעווען.

די מאכט פון די רוימער איז פיעל פערגרעסערט און פערשטארקט געווארען. די רוימער האבען דאמאלס געקענט ארויסשטעלען 770,000 קריגער, אויסער דעם האט רוים דאמאלס דאס מעער בעהערשט. קארטהאגא דאגעגען האט געהאט וועניג בירגער, וואס זיינען געוועזען גוט געאיבט צום קריג. אויך זיינען די פינאנסען פון קארטהאגא געוועזען אין זעהר א שלעכטען צושטאנד. דערפאר אבער האט קראטהאגא דאמאלס געהאט א קאמאנדיר, וואס איז געוועזען איינער פון די זעלטענסטע און טיכטיגסטע אין דער גאנצער געשיכטע פון דער מענשהייט. אויסער זיינע אונגעוועהנליכע פעהיגקייטען אלס קריגער, איז ער אויך געוועזען אן אונגעוועהנליך בעגאבטער שטאאטס=מאן, ווי ער האט עס בעוויזען מיט זיין קלוגען פרידען מיט רוים, מיט זיי-

וע ענדערונגען אין דער פערפאסונג פון קארטהאגא און מיט זיין גרויסען איינפלוס אויף די אויסלענדישע מעכטען פון מזרח. זיין קראפט מענשען צו בעהערשען האט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער געשיכטע. זיינע סאל-דאטען, וועלכע זיינען בעשטאנען פון פערשיידענע נאציאנאליטעטען און פערשיידענע שפראכען, האבען קיינמאל, אפילו אין די ערגסטע צייטען, זיך ניט געבונטעוועט געגען איהם. די סאלדאטען האבען איהם פשוט פערגע-טערט. זיי האבען איהם שטארק געליבט נאך אלס ער איז געווען א אינגעל. נאך אלס קינד האט איהם זיין פאטער האמילקאר מיט זיך אין די שלאכטען



האנניבאל.

גענומען אום איהם בעקאנט צו מאכען מיט דער קריגס-קונסט; איבערהויפט האט זיין פאטער אלע קרעפטען אנגעווענדט אין זיין זוהן האנניבאל א שרעק-ליכען האס צו די רוימער צו ענטוויקלען.

די זאגע ערצעהלט, דאס ווען האמילקאר האט בעשלאסען דעם ערסטען מאל נאך שפאניען צו זעגלען, האט ער געוואלט זיין ניין-יעהריגען האנניבאל אין דערהיים לאזען, אבער דיזער האט איהם זעהר געבעטען ער זאל איהם מיטנעהמען אום ער זאל זיך געוועהנען צו מלחמה. דער פאטער האט איהם דאמאלס גענומען צום אלטאר, אויף וועלכען מען האט דאמאלס גע-

בראַכט קרבנות צו די געטער זיי זאָלען געבען א גליקליכע רייזע, און האָט פון איהם פערלאַנגט ער זאָל געבען א הייליגע שבועה, דאָס ער וועט פער-בלייבען זיין גאַנצען לעבען א ביטערער פיינד צו די רוימער.

איבערהויפּט האָט ער געוואוסט צו מאַכען א גוטען איינדרוק אויף זיינע סאָלדאַטען דורך זיינע אייגענע גלענצענדע ביישפּילען. ער איז געווען דער בעסטער רייטער און דער בעסטער פוס-געהער. ער איז געווען אָפּ-געהאַרטעט געגען היץ און געגען קעלט, ער האָט לייכט איבערגעטראָגען די ליידען פון הונגער און דורסט, ער האָט זיך געקליידט גלייך מיט זיינע סאָלדאַטען און האָט געפיהרט זיין גאַנצעס לעבען גלייך מיט די איינפאַכע סאָלדאַטען. ער האָט געשלאָפען נאָר דאַן, ווען דער שלאָף האָט איהם קיין צייט ניט געראויבט, וועלכע איז איהם וויכטיג געווען, און ווען ער האָט בעדאַרפט שלאָפען האָט איהם ניט אויסגעמאַכט, וואו ער זאָל זיך לעגען, אויף א שטיין איז אויך רעכט געווען. קיין טומעל האָט איהם ניט געשטערט. די גרעסטע געפאַהר האָט איהם ניט אָפּגעשראָקען. ווען ער איז שוין געווען אין געפאַהר איז ער געבליבען קאַלטבלוטיג און בע-זאָנען. דעריבער האָבען זיינע סאָלדאַטען געהאַט צו איהם דאָס פולע צו-טרויען, און זיינען געגאַנגען נאָך איהם וואוהין ער האָט זיי געפיהרט. פּאָלי-ביוס, א בעגלויבטער עדות, זאָגט וועגען האַנניבאַל'ן, דאָס ער איז אויך גע-ווען אַן אויסגעצייכענטער מענש. ער האָט קיינמאָל ניט בעגאַנגען א גרויזאַמע האַנדלונג, אין קריג אָבער האָט ער געברויכט אַלערליי מיטלען אום דעם פיינד צו בעזיגען. דאָס סיסטעם פון שפּיאָנירען האָט ער געבראַכט צו דער העכסטער שטופע, ער האָט אימער געוואוסט צו דער רעכטער צייט, וואָס דער פיינד דענקט צו טאָן. מען האָט איהם פיעלע מאָהל געזעהן פערשטעלט אי'ן פרעמדע האָאר און קליידער אין ערטער, וועלכע ער האָט אַליין שפּיאָנירט צו געוויסע מיליטערישע צוועקען. זיין ברענענדע ליבע צו זיין פאָטערלאַנד האָט ער בעוויזען ניט נאָר אין קריג מיט די רוימער, נאָר אויך שפּעטער, ווען ער איז געווען אין פערבאַנונג, פערטריבען פון זיין פאָטערלאַנד. ער איז אויך געווען ניט פרעמד פון וויסענשאַפטען. ער האָט געליבט די גריכישע ליטעראַטור, ער האָט אויך געשפּראָכען גריכיש, און האָט זעהר געליבט צו הערען געשפּרעכען פון גריכישע פילאָזאָפען.

ווי מיר האָבען פריהער ערצעהלט, איז דער קאָנסול קאָרנעליוס סציפּיאָ געווען גרייט צו געהן נאָך שפּאַניען אום דאָרט צו קעמפּפען מיט האַנניבאַל'ן. אַלס אָבער ער האָט דערהערט, דאָס האַנניבאַל איז גרייט דעם טייך רהאָנע צו איבערגעהן, האָט ער בעשלאָסען זיך אומקעהרען צוריק אום צו הינדערן

דעם פיינד איבערגעהן דעם טייך. ער איז אָבער געקומען צו שפּעט. האַנניבאַל האָט שוין לאַנג, נאָך מיט דריי טעג פריהער, דעם טייך איבערגעשריטען. דאָס האָט געצוואונגען דעם קאָנסול ער זאָל זיין גאַנצע מאַכט קאָנצענטרירען אין אויבער=איטאַליען, אום דאָרט צוזאַמען מיט די איבריגע רוימישע טרופּען צו מאַכען אַן אָנגריף אויף די קאַרטהאַגער.

דערווייל האָט זיך האַנניבאַל איבערטראַנספּאָרטירט איבער די אַלפּען און האָט געפונען אַ רייכע פּרוכטבאַרע געגענד, וואו ער האָט אָפּגערוהט מיט זיין אַרמעע פון דעם שווערען מיהזאַמען איבערגאַנג איבער די הויכע בערג. עס איז איהם אויך געלונגען צו געווינען פיר זיך די גאַלליער, וואָס האָבען בעוואוינט די געגענד אויף דער דרום=זייט פון די אַלפּען=בערג. ביים אונטערען *טיצינוס* (טייך) האָבען זיך ביידע אַרמעען בעגעגענט און עס איז געקומען צו אַ שלאַכט. האַנניבאַל האָט געזיגט. דער רוימישער קאָנסול סציפּיאָ איז פערוואונדעט געוואָרען אין דיזער שלאַכט און איז געווען געצוואונגען זיין אַרמעע צוריקצוציהען נאָך פּלאַצענציאַ.

דער זיג פון די קאַרטהאַגער אין אויבער=איטאַליען האָט פערברייטערט שרעק אין רוים. מען האָט באַלד צוריקגערופען דעם צווייטען קאָנסול פון אַפריקאַ אום מיט פעראייניגטע קרעפטען דעם פיינד צו בעגעגנען. סעמפּראָניוס איז שנעל געקומען פון סיציליען און האָט זיך פעראייניגט מיט סציפּיאָ'ן. ער איז באַלד בעפאַלען זיין פיינד, ער האָט אָבער געכאַפּט אַ שרעקליכע נידערלאַגע, נאָר װעניגע טרופּען האָבען זיך גערעטעט נאָך פּאַלצענציאַ און קרעמאָנאַ (218 פ. קר.).

נאָך דיזען זיג האָט זיך האַנניבאַל פעסטגעזעצט אין אויבער=איטאַליען און האָט בעשלאָסען דאָרט צו רוהען איבער ווינטער. די גאַלליער פון יענער געגענד און פיעלע אַנדערע שטאַמען האָבען זיך פעראייניגט מיט האַנניבאַל'ן, און דיזעס האָט פעראורזאַכט נייע שרעקען אין רוים. מען האָט אָנגעפאַנגען צו פערגרעסערן די אַרמעע, מעהר צו בעוואַכען די ברעגען פון איטאַליען, סיציליען און סאַרדיניען, און צו גרינדען מאַגאַזינען מיט פּראָוויזיאָן אין צפון=טייל פון מיטעל=איטאַליען. נאָך דעם האָט מען געשיקט נאָך עטרוריען צוויי נייע אַרמעען אונטער דער אויבערהערשאַפט פון די נייע צוויי קאָנסולען: *קנעיוס סערוויליוס געמינוס* און *קאַיוס פלאַמיניוס נעפּאָס*. דערווייל האָבען די גאַלליער, זיינע בונד=חברים, אָנגעפאַנגען צו צייגען אונצופרידענהייט, וואָס זיי מוזען אויסהאַלטען אין זייער לאַנד אויף זייערע הוצאות די קאַרטהאַגישע אַרמעע. האַנניבאַל האָט זיך געפונען געצוואונגען גלייך זייער לאַנד צו פערלאָזען.

עס איז איהם אויסגעקומען אריבערגעהן דעם טייך ארנא, וועלכער איז דאמאלס ארוים פון זיינע ברעגען און פערפלייצט די גאנצע געגענד. דריי טעג און דריי נעכט האבען די סאלדאטען געמוזט אין וואסער געהן. די לאסט-טיערען זיינען געבליבען שטעקען אין בלאטע, און האנניבאל זעלבסט האט אן אויג פערלארען פון קראנקהייט. פיעלע סאלדאטען מיט העלפאנדען האבען דאס לעבען פערלארען ביים איבערגעהן דעם טייך ארנא. האנניבאל האט פערנארט זיין געגנער דעם קאנסול פלאמיניוס נעפאס אין אן ענגען טאל, און זיינע סאלדאטען האט ער צושטעלט אויף די בערגלאך, וואס האבען ארומגערינגעלט דיזען ענגען דורכגאנג; פון דיזע בערגלאך האט ער געפייערט אויף'ן פיינד און האט כמעט אין גאנצען פערניכטעט די רוימישע ארמעע (217 פ. קר.). 15,000 רוימער זיינען דאמאלס געפאלען אויף'ן שלאכט-פעלד, צווישען זיי איז אויך געווען דער קאנסול זעלבסט, און דעם אנדערן טאג האט א גאנצער רוימישער לעגיאן די וואפען איבערגעגעבען צו האנניבאל'ן.

דיזער זיג איז פארגעקומען ניט ווייט פון רוים. אבער האנניבאל האט ניט געוואגט צו געהן אויף רוים, ווייל ער האט געוואוסט איהר מאכט און וואס פיר א ריזיקע עס איז פיר איהם דאס צו טאן. ער האט זיך א קעהר געטאן נאך אומבריען און פון דארט נאך אפוליען. אין דיזער געגענד האט ער פיעלע פון די בונד-חברים פון רוים צו זיך צוגעצויגען און האט פיעל אפ-געשוואכט די רוימישע מאכט.

דא האט קווינטוס פאביוס, וועלכער איז בעשטימט געווארען אלס פראדיקטאטאר *), געמאכט אן ענד צו די נצחונות פון די קארטהאגער. די רוימער האבען אויסגעפונען, אז זייער אונגליק איז געווען, וואס זייערע קריגס-קאמאנדירען האבען ניט פערשטאנען צו זיין פארזיכטיג אויף דעם קאמף מיט האנניבאל'ן. זיי האבען דעריבער יעצט ערוועהלט א טיכטיגען קאמאנדיר, דעם פארזיכטיגען און זעהר בעזאנענעם קווינטוס פאביוס. ער האט זיך אריינגעלאזען אין אפענע שלאכטען מיט האנניבאל'ן, נאר ער האט געזעהן איהם מיד צו מאכען דורך פיהרען איהם אהין און אהער, און האט איהם אפגעשניטען יעדע מעגליכקייט צוצופיהרען מיליטער אדער פראוויזיאן. די סאלדאטען זיינען אפילו געווען זעהר אונצופרידען פון אזא סארט טאקטיק, און האבען דעם קאנסול א נאמען געגעבען

*) אזוי ווערט אנגערופען איינער, וועלכער ווערט געוועהלט אנשטאט א קאנסול [illegible] זיין אפוועזענהייט.

קונקטאטאָר, ד. ה. „לאנגזאמער", ער האָט אָבער געשטאָלצירט מיט דיזען צונאָמען, און האָט זיך פעסט געהאַלטען ביי זיין פּלאַן. מיט דיזען פּלאַן איז עס איינמאָל כמעט געלונגען דעם שלויען האנניבאל געפאנגען צו נעהמען. איינינע וועג־ווייזער האָבען איהם פערפיהרט אין א טאָל, וואָס איז געווען ארומגערינגעלט מיט בערג, אויף וועלכע עס איז געשטאנען דער קאָנסול מיט זיין ארמעע. אום זיך צו רעטען פון דיזען נעץ, האָט האנניבאל געהייסען, מען זאָל 2,000 אָקסען אָנבינדען בענדלאך צווישען זייערע הערנער. דיזע בענדלאך האָט ער געהייסען אָנצינדען און טרייבען די אָקסען געגען די רוימער. דיזע האָבען גערעכענט, דאס די גאנצע פיינדליכע ארמעע געהט



רוימישעס קריג־שיף.

געגען זיי, און ווייל די פייערן זיינען געווען געגען זיי אין פערשיידענע זייטען, האָבען זיי ניט געוואוסט אין וועלכען פונקט צו קאָנצענטרירען זייערע קרעפטען אום זיך צו פערטיידיגען. עס איז געוואָרען אין דער רוימישער ארמעע א שרעקליכע צומישונג, האנניבאל האָט זיך בענוצט מיט דיזען צושטאנד און האָט זיך דערוויילע ארויסגעכאפּט פון דעם נעץ.

דיזע טאקטיק פון קאָנסול פאביוס האָט ניט נאָר פערהיט רוים פון נייע מפּלות, נאָר האָט נאָך אויך געפיהרט דערצו, דאס די רוימישע בונד־חברים זיינען ניט אָפּגעשטאנען פון זיי. דיזעס וואָלט געוויס געשעהן,

ווען רוים וואָלט געהאַט נאָך איין נידערלאַגע. אָבער דער סענאַט און דאָס פאָלק האָבען פערלאַנגט אַן ענטשיידענדע שלאַכט. אַלס די צייט פון דעם פּראָדיקטאַטאָר'ס אַמט האָט זיך געענדיגט, האָט מען איבערגעגעבען די אַר־מעע צו צוויי קאָנסולען: לוציוס אָמיליוס פּאַולוס און קאַיוס טערענטיוס וואַררא. די אַרמעע איז דאַמאָלס בעשטאַנען פון 80,000 פוס־סאָלדאַטען און 6,000 רייטער. האַנניבאַל האָט נאָר געהאַט 40,000 פוס־פאָלק, אָבער דערפאַר האָט ער געהאַט 10,000 רייטער. דער קאָנסול לוציוס אָמיליוס האָט ניט געוואָלט ריזיקירען באַלד אַן אָפענע שלאַכט. ער האָט געוואָלט מעהר אויספיהרליך וויסען וועגען דעם צושטאַנד פון פיינד'ס אַרמעע. וואַררא אין געגענטייל איז געווען היציג און האָט געוואָלט צייגען זיינע קריגס־פעהיגקייטען. האַנניבאַל האָט דאָס אַלץ גוט געוואוסט, און דעריבער האָט ער ערקלערט און געפאָדערט אַ שלאַכט אין דעם טאָג, וואָס דער קאָנסול וואַררא האָט איבערגענומען די קאָמאַנדע, ווייל די קאָנסולען פלעגען זיך בייטען אַ טאָג איבער אַ טאָג: איין טאָג האָט איין קאָנסול געהאַט די אויבערהערשאַפט איבער דער אַרמעע און אַן אַנדער טאָג — דער אַנדערער קאָנסול. וואַררא איז אַרוים אין שלאַכט מיט האַנניבאַל'ן ביי דער שטאָדט קאַננאָ אין אַפּוליען און האָט געהאַט אַזאַ נידערלאַגע, דאָס זינט רוים עקסיסטירט האָט זי אַזאַ מפּלה ניט געהאַט. 50 טויזענד רוימישע סאָל־דאַטען זיינען געפאַלען אין דיזער שלאַכט. אויך 80 סענאַטאָרען זיינען יענעם טאָג אומגעקומען און אַזוי פיעלע ריטער (פון וועלכע יעדער האָט געטראָ־גען אַ גאָלדענעם רינג אַלס עהרען־צייכען), דאָס האַנניבאַל האָט איבער־געשיקט אין קאַרטהאַגאָ אַ גאַנצען שעפעל מיט גאָלדענע רינגען, וואָס ער האָט אַרונטערגענומען פון זייערע פינגער. דער טרויער אין רוים איז געווען אונבעשרייבליך, ווייל כמעט אין יעדען הויז איז געווען וועמען צו בעטרויערן. רוים האָט זיך כמעט פערלאָרען פון עגמת נפש. פון דאַמאָלס אָן איז געוואָרען אַ מאָדע אין רוים צו שרעקען קינדער מיט די ווערטער: „האַנניבאַל איז פאַר'ן טויער". האַנניבאַל אָבער האָט ניט געוואָגט צו געהן אויף רוים אום ניט אַרויסצורופען די רוימער אויף אַ פערצווייפעלטען שריט און דערמיט ריזיקירען אַלץ, וואָס ער האָט ביז יעצט געוואונען. ער האָט בעשלאָסען קיין זאַך ניט אונטערנעהמען ביז עס וועט איהם געלינגען אַלע רוימישע בונד־חברים אין אונטער־איטאַליען צו זיך צוציהען, און מיט זייער הילף שטורמען רוים, ווייל קאַרטהאַגאָ האָט איהם אויפגעהערט צו שיקען געלט און מיליטער. די קויפלייט האָבען געזאָגט, דאָס עס איז שוין צייט, דאָס האַנניבאַל זאָל פון זיינע נצחונות עפּעס געבען צו קאַרטהאַגאָ.

אַלס די רוימער זײנען אַביסעל געקומען צו זיך פון דעם טרויער און דער מפּלה בײ קאַננאַ, האָבען זײ צוזאַמענגעקליבען דעם רעסט פון דער צו־שלאָגענער אַרמעע, האָבען געשאַפט נײע פיער לעגיאָנען, האָבען אָפּגעקויפט מיט דעם געלט פון דער פאָלקס־קאַסע 8,000 שקלאַפען פון זײערע אײגענ־טימער און האָבען זײ פערוואַנדעלט אין קריגער. זײ האָבען װיעדער געפאַסט מוט, און אַלס האַנניבאַל האָט געשיקט געזאַנדטע צו פערהאַנדלען מיט רוים װעגען פרידען, האָבען זײ די געזאַנדטע מיט שטאָלץ אָפּגעװיזען און האָבען זײ פערבאָטען די שטאָדט צו בעטרעטען. נאָך דער שלאַכט בײ קאַננאַ האָט מען בעשלאָסען אין רוים מעהר ניט אַרײנצוטרעטען אין אַן אָפענע שלאַכט מיט האַנניבאַל'ן אויף'ן איטאַליענישען באָדען. זײ האָבען אָנגעפאַנ־גען אויסצוזוכען אַלערלײ מיטלען צו מאַכען ענג די קאַרטהאַגער, אָפּשנײ־דען יעדען צופיהר צו זײ, אַזוי דאָס זײ זאָלען ניט האָבען די מעגליכקײט דעם קריג פאָרטצוזעצען מיט די רוימער.

אויך אין סיציליען האָט דאָס אונגליק פערפאָלגט די רוימער. די גאַנצע צײט זינט דער צװײטער פונישער קריג האָט אויסגעבראָכען איז היעראָ, דער טיראַן פון סיראַקוז, געװען טרײ און איבערגעגעבען צו די רוימער. ער האָט געשיקט צו זײ אין דער צײט פון קריג אַ פלאָטע מיט לעבענסמיטלען, אַפילו װען זײ האָבען עס פון איהם גאָר ניט געפאָדערט. ער האָט זײ אויך געשיקט מיליטער, און װען זײן זוהן געלאָן, װעלכער איז געװען גענײגט צו קאַרטהאַגאָ, האָט צוליב דעם געמאַכט אַן אויפשטאַנד געגען איהם, האָט ער אַפילו איהם געאָפּפערט און האָט דעם בונד אײנגעשטילט מיט שװערד און שפּיז. היעראָ איז אָבער גיך נאָך דעם געשטאָרבען (214 פ. קר.). דעם טראָן האָט בעשטיגען זײן עניקעל היעראָנימוס, װעלכער האָט אויפגעגע־בען די פּאָליטיק פון זײן זײדען און האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן די קאַרטהאַ־גער. אויף דעם צװײטען יאָהר פון זײן רעגירונג איז ער ערמאָרדעט געװאָ־רען און דאָס גאַנצע הויז היעראָ'ס איז אויסגעראָטעט געװאָרען, און אין סיראַקוז איז דאַן װיעדער אַ דעמאָקראַטישע רעגירונג אײנגעאָרדענט געװאָ־רען. אָבער באַלד האָט די אַרמעע אַרײנגעכאַפּט די מאַכט אין איהרע הענט, און די צװײ קאָמאַנדירען היפּפּאָקראַטעס און עפּיציד עס זײ־נען געשטעלט געװאָרען אָן דער שפּיץ פון דער רעגירונג.

אום סיראַקוז װיעדער צו געװינען, האָבען די רוימער געשיקט נאָך סי־ציליען מאַרקוס קלאַודיוס מאַרצעללוס. ער האָט בע־לאַגערט סיראַקוז. די קאַרטהאַגער אָבער האָבען אַהין געשיקט הילפס־טרופּען. דערצו האָט נאָך דער בעריהמטער מאַטהעמאַטיקער אַרכימעדעס מיט זײנע

ערפינדונגען געמאַכט אונמעגליך די שטאָדט איינצונעהמען. ער האָט נעמליך אויסגעבויט אַ רייהע פון מאַשינען, דורך וועלכע מען האָט געקענט די שווער-סטע משאות זעהר לייכט אויפהייבען. ער האָט פערפערטיגט וואַרף־מאַשינען, דורך וועלכע מען האָט געקענט וואַרפען אויף דעם פיינד אונגעהייער גרויסע שטיינער און פייער־קוגלען און מיט דיזען אופן זעהר לייכט זייערע שיפען אין גאַנצען צושטערען. ער האָט אויך געמאַכט אונגעהייער גרויסע ברען־גלעזער, דורך וועלכע ער האָט פיעלע רוימישע שיפען פערברענט. צוויי יאָהר האָט גע-דויערט די בעלאַגערונג, און ענדליך האָט זיך די שטאָדט סיראַקוז דאָך גע-מוזט אונטערגעבען צו די רוימער. דער קאָמאַנדיר האָט דאַמאָלס ערלויבט די סאָלדאַטען צו רויבען אין שטאָדט ווי פיעל זייער האַרץ האָט געגלוסט, אָבער ניט צו מאָרדען, דאָך זיינען זעהר פיעלע אָפּפער געפאַלען פון די הענט פון די ברוטאַלע סאָלדאַטען. אונטער די ערמאָרדעטע איז אויך געווען דער בעריהמטער מאַטהעמאַטיקער אַרכימעדעס. וועגען זיין טויט ערצעהלט מען פאָלגענדעס: ער האָט ניט געוואוסט, דאָס די שטאָדט איז שוין איינגענומען געוואָרען דורך די רוימער, און איז געזעסען ביי זיין טיש, אויף וועלכען עס זיינען געווען פערשיידענע געאָמעטרישע פיגורען און רעכנונגען פיר נייע מאַשינעריי, און דאַן זיינען אַריינגעלאָפען איניגע סאָלדאַטען צו רויבען ביי איהם אין הויז. אַרכימעדעס האָט זיי געבעטען זיי זאָלען ניט צושטערען זיינע פיגורען און רעכנונגען. די ברוטאַלע סאָלדאַטען אָבער האָבען ניט געאַכטעט אויף זיינע ווערטער און האָבען איהם דערשטאָכען. נאָך סיראַקוז איז אויך אַגריגענט אַריינגעפאַלען צו די רוימער אין די הענט, און דאַן איז גאַנץ סי-ציליען געקומען אונטער רוימישע הערשאַפט.

אין שפּאַניען האָט קנעיוס קאָרנעליוס סציפּיאָ מיט זיין ברודער פּובליוס געפיהרט דעם קריג געגען האַזדרובאַל'ן. זיי איז ווירקליך געלונגען אונטערצוּוואַרפען אונטער זייער מאַכט דאָס גאַנ-צע לאַנד צווישען דער טייך עבראָ און דעם פּירענעאישען געבירג, וואו פיעלע פעלקערשאַפטען זיינען געוואָרען זייערע בונד־חברים. די רוימער אָבער האָ-בען צופיעל געטרויט זייערע נייע בונד־חברים און האָבען זייערע סאָלדאַטען צוטיילט צווישען זיי. דאָס האָט געגעבען די קאַרטהאַגער די מעגליכקייט צו בעזיגען די רוימער, און די קאָנסולען זעלבסט האָבען זייער לעבען פער-לאָרען. נאָכדעם האָט מען איבערגעגעבען די קאָמאַנדע איבער דאָס מילי-טער צו פּובליוס קאָרנעליוס סציפּיאָ, דעם זוהן פון פּובליוס סציפּיאָ, וואָס איז געפאַלען אין דעם לעצטען קריג. דער יונגער סציפּיאָ איז דאַמאָלס אַלט געווען נאָר 24 יאָהר.

סציפיא, וועלכער האט שפעטער געקריגען דעם צונאמען „דער אפרי-קאנער", האט זיך שוין פריהער אויסגעצייכענט אלס טיכטיגער העלד. אין דער שלאכט ביים טיצינוס (טייך) האט ער זיין פאטער דאס לעבען גערעטעט. סציפיא איז געווען ניט נאר א גרויסער העלד, נאר ער איז אויך געווען א מערקווירדיגער דיפלאמאט. איןביידע הינזיכטען איז ער געשטאנען גלייך מיט זיין געגנער האנניבאל. די אלטע רוימישע סענאטארען האבען איהם ניט ליב געהאט, ווייל ער איז געווען א צו גרויסער פריינד פון דער גריכישער שפראך, ליטעראטור, און פון אלץ, וואס בעלאנגט צו גריכען; עס איז זיי




ארכימעדעס'עס טויט.

אויך ניט געווען געפעלען די פרייהייט, וואס ער האט געגעבען די סאלדאטען איין לאגער-לעבען. אבער דאס פאלק האט איהם שטארק געאכטעט, עס האט געגלויבט, דאס אזא וואונדערבארער מענש שטעהט אונטער א בעזונדערער השגחה פון די געטער.

אלס ער איז אנגעקומען אין שפאניען מיט דער מאכט פון א פרא-קאנסול, האט ער באלד געהאט א בעזונדערס גליקליכען ערפאלג. ער האט נעמליך בעזיגט די בעריהמטע און רייכסטע שטאדט ניי-קארטהאגא, און

דערמיט האָט ער אָפּגעשניטען דאָס קאַרטהאַגישע מיליטער פון מעער, האָט אַריינגעכאַפּט זעהר פיעלע רייכע אוצרות און האָט געקריגען אין זיין מאַכט די אַלע אַדעליגע פּערזאָנען, וואָס די שפּאַנישע פעלקערשאַפטען האָבען געגעבען צו די קאַרטהאַגער אַלס משכון. דורך דעם איז איהם געלונגען פיעלע שפּאַנישע שטאַמען פיר זיינע בונד=חברים צו מאַכען. ער האָט פיעלע פון די פער'משכון'טע פּערזאָנען אַוועקגעשיקט צו זייערע עלטערן, און האָט פערשפּראָכען דאָס זעלבע צו טאָן מיט די איבריגע, ווען זייערע שטאַמען וועלען זיך נאָר אָפּזאָגען צו זיין בונד=חברים מיט די קאַרטהאַגער. נאָך דעם, ווי ער איז פערטיג געוואָרען מיט שפּאַניען, האָט ער זיך געווענדעט געגען די קאַרטהאַגישע קאָמאַנדירען. ער האָט בעזיגט האַזדרובאַל'ן ביי ב אָ ק ו ל אַ צו צפון פון דעם טייך גוואַדאַלקוויוויר אין שפּאַניען. ער האָט אויך געצוואונגען האַנניבאַל'ס ברודער מאַגאָ איהם איבערצוגעבען די שטאָדט ג א ד ע ס, וועלכע איז געווען דער לעצטער שטיץ=פּונקט פון די קאַרטהאַגער, און אין יאָהר 206 פ. קר. האָט זיך שפּאַניען שוין גערעכענט פיר אַ רוימישע פּראָווינץ. די אַלע אונטערוואָרפענע שפּאַנישע פעלקערשאַפטען האָבען סציפּיאָ'ן בעגריסט אַלס קעניג און ער איז געווען אַרומגערינגעלט מיט אונגעוועהנליכען גלאַנץ. אין הערבסט פון יאָהר 206 האָט ער זיך צוריקגעקעהרט נאָך רוים.

נאָך דער שלאַכט ביי קאַננאָ האָט האַנניבאַל צוטיילט זיין אַרמעע אויף דריי טיילען. איין טייל האָט ער איבערגעגעבען אונטער די קאָמאַנדע פון זיין ברודער מאַגאָ און האָט איהם געשיקט נאָך ברוטטיום, דעם אַנדערען טייל האָט ער געגעבען צו זיין קאָמאַנדיר האַננאָ און האָט איהם געהייסען געהן נאָך לוקאַניען. ביידע קאָמאַנדירען איז עס געלונגען דיזע פעלקערשאַפטען אָפּצורייסען פון די רוימער און צו מאַכען זיי פיר די בונד=חברים פון קאַרטהאַגאָ. ער אַליין מיט זיין טייל פון דער אַרמעע איז געקומען נאָך קאַמפּאַניען מיט דעם זעלבען ציעל. עס איז איהם באַלד געלונגען איינצונעהמען די שטאָדט קאַפּוא, וועלכע ער האָט באַלד געמאַכט פיר זיין ווינטער=קוואַרטיר. אָבער פון די איבריגע שטעדט האָט ער נאָר צוויי קליינע שטעדט געוואונען אַלס בונד=חברים פון קאַרטהאַגאָ. האַנניבאַל'ס אָנגריפען אויף אַנדערע קאַמפּאַנישע שטעדט זיינען געווען אָהן ערפאָלג. ביי דער שטאָדט נאָלאַ האָבען די רוימער בעזיגט די קאַרטהאַגער און האָבען זיי צוריקגעטריבען.

דער זיג ביי דער שטאָדט נאָלאַ איז געווען פיר די רוימער זעהר וויכטיג. עס איז געווען דאָס ערסטע מאָל, וואָס האַנניבאַל האָט אויף'ן שלאַכט=פעלד געהאַט אַ גרעסערן פערלוסט איידער די רוימער. מען האָט אויפגעהערט צו גלויבען, דאָס האַנניבאַל איז אונבעזיגבאַר. דאָס האָט געשטאַרקט דעם

מוט פון די רוימער. אויך דער בונד, וואָס האַנניבאַל האָט געשלאָסען מיט פיליפ דעם 3טען פון מאַצעדאָניען אין יאָהר 215 פ. קר., האָט קיין ערפאָלג ניט געהאַט. דורך דיזען בונד, האָט האַנניבאַל גערעכענט, וועט פיליפ מאַכען אַן אָנגריף אויף דאָס רוימישע אילליריען און וועט שטיצען די קאַרטהאַגער. ווייל אָבער פיליפ האָט זיך פעראייניגט מיט אַראַטוס'ן, דעם קאָמאַנדיר פון דעם אַכאַאישען בונד, האָבען די אֶטאָליער, וועלכע זיינען געווען די שטענדיגע געגנער פון די אַכאָער, זיך געווענדעט צו רוים פיר הילף. די רוימער האָבען געשיקט אַ פלאָטע אונטער דעם פּראֶטאָר מ. וואַלעריוס לאֶווינוס נאָך גריכענלאַנד און האָבען פעראייניגט אַלע גריכישע שטאַאַטען, אויסער אַכאַא, געגען פיליפ'ן. דיזער (פיליפ) איז באַלד שרעקליך פערהאַסט געוואָרען אַפילו פון זיין אייגענער פּאַרטיי, צוליב זיין פערדאָרבענעם כאַראַקטער, איבערהויפּט נאָך דעם, ווי ער האָט פערגיפטעט אַראַטוס'ן, און הגם ער האָט אין אָנפאַנג געהאַט אייניגע זיגען, האָט ער דאָך ענדליך פערלאָרען ביי אַפּאָללאָניאַ אין יאָהר 211 פ. קר. צעהן יאָהר האָט געדויערט דער קריג מיט אילליריען (פון 215 ביז 205 פ. קר.) און ענדליך האָט ער געמוזט אויפגעבען, ניט זייענדיג אין שטאַנד צו העלפען האַנניבאַל'ן מאַכען אַן אָנגריף אויף רוים.

אין די יאָהרען 213 און 212 פ. קר. איז קיין וויכטיגעס ניט פאָרגעקומען צווישען די רוימער אין קאַרטהאַגער, ווייל די רוימער זיינען געווען בעשעפטיגט מיט דער בעלאַגערונג פון סיראַקוז, און האַנניבאַל האָט געהאַט צו טאָן נאָר מיט טאַרענט. דיזער לעצטער אָרט איז איינגענומען געוואָרען פון האַנניבאַל'ן אין יאָהר 212, מיט אויסנאַהמע פון דער בורג, וועלכע איז געווען בעזעצט מיט רוימישע סאָלדאַטען. די רוימער האָבען דאַן בעלאַגערט מיט אַלע זייערע קרעפטען די שטאָדט קאַפּוא. אום די רוימער צו צווינגען אויפגעבען די בעלאַגערונג פון קאַפּוא איז האַנניבאַל אַריבער דעם טייך אַניאָ און האָט זיך בעפעסטיגט מיט זיין לאַגער נאָר 3,000 שריט ווייט פון רוים. הגם דיזעס האָט פעראורזאַכט גרויס שרעק אין רוים, האָבען די רוימער דאָך ניט אָפּגעצויגען דאָס מיליטער פון קאַפּוא. זיי האָבען נאָר פערשאַפט 15,000 אויסגעצייכענטע סאָלדאַטען אום רוים צו בעשיצען. ווייל אָבער האַנניבאַל האָט מיט זיך גענומען שפּייז פיר די אַרמעע נאָר אויף 10 טעג. איז ער געווען געצוואונגען זיך צוריקצוקעהרען נאָך אונטער=איטאַליען. ער האָט אָפּגעטרעטען פון קאַפּוא און די רוימער האָבען דיזע שטאָדט איינגענומען און האָבען גרויזאַם בעשטראָפט די איינוואוינער. 70 פון די פאָרנעהמסטע בירגער האָבען זיי געטויט, 300 האָבען זיי אין געפענגניס איינגעשפּאַרט,

און פון די איבריגע בירגער האָבען זיי א טייל פערקויפט פיר שקלאַפען, און א טייל האָבען זיי אין די לאַטינישע שטעדט צושפּרייט. די איינגענומענע שטאָדט איז בעזעצט געוואָרען מיט גאָר אנדערע מענשען און איז געשטעלט געוואָרען אונטער א רוימישען פּרעפעקט.

די מפּלה פון קאַפּוּאַ האָט געגעבען דעם גאַנצען קריג אַן אנדער ווענ-דונג. די לאַגע פון די רוימער איז געוועזען זעהר געדריקט. אויסצוהאַלטען אַן אַרמעע פון 25 לעגיאָנען און אַלע מאָל די לעגיאָנען אָנפילען מיט פרישע סאָל-דאַטען איז געוועזען זעהר א שווערע אויפגאַבע. די רוימישע בונד-חברים, וועלכע האָבען געדאַרפט אימער צושטעלען סאָלדאַטען און פּראָוויזיאָן, זיי-נען מיד געוואָרען און האָבען אָנגעפאַנגען שטאַרק צו פּראָטעסטירען. אָבער פיעל ערגער איז געוועזען די לאַגע פון האַנניבאַל׳ן. פיעלע פון זיינע בונד-חברים זיינען אריבער צו די רוימער. דאָס איינציגע, וואָס האָט געקענט רע-טען האַנניבאַל׳ן, איז געוועזען א הילף-צוג פון זיין ברודער האַזדרובאַל, און דאַרויף האָט ער געהאָפט.

ווי מיר האָבען עס שוין פריהער ערצעהלט, האָט סציפּיאָ ניט געשטערט האַזדרובאַל׳ן אַוועקצוגעהן פון שפּאַניען. ער איז אַוועק נאָך איטאַליען מיט דעם זעלבען וועג, מיט וועלכען האַנניבאַל איז צעהן יאָהר פריהער גע-גאַנגען, אָבער ביי איהם האָט עס גענומען וועניגער צייט און עס איז איהם אָנגעקומען פיעל גרינגער. אום צו פערהינדערן די פעראייניגונג פון דיביידע קאָמאַנדירען, האַנניבאַל מיט זיין ברודער האַזדרובאַל, האָבען די רוימער גע-שיקט דעם קאָנסול מ. ליוויוס סאַלינאַטאָר נאָך אומבריען, און זיין קאָללעגע ק. קלאַודיוס נעראָ געגען האַנניבאַל׳ן נאָך אַפּוּליען. דער קאָנסול נעראָ האָט געהאַט דאָס גליק צו געפינען נעבען טאַרענט א בריף, וואָס האַזדרובאַל האָט געשריבען צו זיין ברודער האַנניבאַל, אין וועלכען ער האָט איהם אויספיהרליך מיטגעטיילט דעם פּלאַן פון פעראיי-ניגען זיך און ווי און וואו צו מאַכען דעם אָנגריף אויף רוים. ער האָט דאַן בעשלאָסען באַלד צו פעראייניגען זיך מיט דעם אנדערען קאָנסול צו מאַכען אַן אָנגריף אויף האַזדרובאַל׳ן אום איהם צו פערהינדערן זיך מיט האַנניבאַל׳ן צו פעראייניגען. ער האָט גענומען בסוד 7,000 מאַן פון זיינע טרופּען, און האָט געאיילט נאָך דער שטאָדט סענאַ, וואו האַזדרובאַל האָט זיך געפונען. אַלס ער איז אָנגעקומען אַהין, האָט ער ניט געמאַכט פיר די אָנגעקומענע סאָל-דאַטען נייע געצעלטען, נאָר ער האָט זיי אריינגעבראַכט אין די געצעלטען פון די פריהערדיגע סאָלדאַטען אום האַזדרובאַל זאָל ניט בעמערקען, דאָס פרי-שע סאָלדאַטען זיינען אָנגעקומען צום פיינד. האַזדרובאַל האָט עס אָבער

באַלד בעמערקט דורך דעם, וואָס די אַלע סיגנאַלען אין פיינד'ס לאַגער זיי-נען געגעבען געוואָרען צו צוויי מאָל, און דאָס האָט ער שוין פון פריהער גע-וואוסט, אז דיזעס געשעהט ביי די רוימער נאָר דאַן, ווען צוויי קאָנסולען געפינען זיך אין לאַגער. דעריבער האָט ער בעשלאָסען צוריק אָפּצוטרעטען נאָך גאַלליען. אָבער זיינע פיהרער האָבען שלעכט געפיהרט און ער איז גע-ווען געצוואונגען צו אַ שלאַכט מיט די רוימער ביי סענאַ (207 פ. קר.) און ער האָט געליטען אַ שרעקליכע נידערלאַגע. 56,000 מאַן זיינען געפאַלען אויף'ן שלאַכטפעלד און די איבריגע זיינען געפאַנגען געוואָרען. האַזדרובאַל זעלבסט



סיציפּיאָ אַפריקאַנוס.

איז אויך געפאַלען, און די רוימער האָבען זיין קאָפּ אין האַנניבאַל'ס לאַגער אריינגעוואָרפען. אַלס האַנניבאַל האָט דערזעהען זיין ברודער'ס קאָפּ, האָט ער זיך שמערצליך צואווײנט און האָט אויסגעשריען: „יעצט זעה איך קאַר-טהאַגאָ'ס שרעקליכען שיקזאַל"! ער האָט גוט פערשטאַנען די שלעכטע לאַגע, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען. אַלע זיינע האָפנונגען זיינען מיט איין מאָל פערשוואונדען געוואָרען. דאָך האָט ער זיך אויך נאָכדעם 4 יאָהר געהאַלטען אין אונטער-איטאַליען און די רוימער האָבען איהם ניט געקענט בעזיגען.

נאָך דער שלאַכט ביי סענא איז האַנניבאַל געקומען נאָך ברוטטיום; דאָרט האָט ער קיין בעפאַל אויף די רוימער ניט געמאַכט, נאָר ער האָט זיך בעשיצט געגען א בעפאַל פון זייער זייט. ער האָט נאָך אַלץ געהאָפט אויף הילף פון קארטהאַגאָ, אָבער אומזיסט. די רוימער האָבען אין דער צייט צוריק געוואונען אַלע זייערע חברים, וואָס זיינען אָפּגעפאַלען פון זיי און זיינען צוגעשטאַנען צו קאַרטהאַגאָ. אין יאָהר 206 פ. קר. זיינען די לעצטע בונד-חברים פון האַנניבאַל'ן, די לוקאַניער, פון די רוימער אונטערגעוואָרפען געוואָרען. האַנניבאַל'ס ברודער מאַגאָ האָט געפּרובט מיט 20,000 קריגער זיך פעראייניגען מיט האַנניבאַל'ן, אָבער עס איז איהם ניט געלונגען. נאָכדעם האָבען די רוימער בעשלאָסען דעם קריג נאָך אַפריקא צו איבערטראָגען.

דיזען פּלאַן האָט פאָרגעשלאָגען אין רוים פאַר'ן סענאַט סציפּיאָ, וועלכער איז אין דעם יאָהר 205 ערוועהלט געוואָרען אַלס קאָנסול, ניט אכטענדיג וואָס ער איז נאָך דאַן געוועזן יונג, ווייל ער איז געוועזן בעליבט ביים פאָלק און זיין פּאַמיליע האָט געהאַט א גרויסען איינפלוס. זיין מעכטיגער נאָמען, דער גלאַנץ פון זיין פאַמיליע און איבערהויפּט די מאַכטלאָזיגקייט פון זיין קאָל-לעגע דעם צווייטען קאָנסול, וועלכער האָט ניט געטאָרט פערלאָזען איטאַליען, ווייל ער איז גלייכצייטיג געוועזן א פּאָנטיפעקס מאַקסימוס (כהן גדול), האָ-בען איהם געמאַכט גאַנץ אומאָפּהענגיג. ווי ער איז אָנגעקומען אין סי-ציליען, האָט ער באַלד צוזאַמענגעבראַכט פון די בונד-חברים 30 שיפען און 7,000 מאַן פרייוויליגע סאָלדאַטען.

סציפּיאָ האָט נאָך פריהער געזוכט די נומידישע פירסטען צו זיך צו ציהען אום זיכערער צו מאַכען זיין צוג נאָך אַפריקא. אַזוי האָט ער דעם פירסט מאַסיניססאַ צו זיך צוגעצויגען דערמיט, וואָס ער האָט איהם אָפּגע-שיקט זיין פּלימעניק, וועלכער האָט זיך געפונען אין רוימישער געפאַנגענ-שאַפט, און נאָך מיט רייכע מתנות. אויף דעם פירסט סיפאַקס האָט ער מיט פערשיידענע שמייכלערייען געוואונען, אָבער נאָר אויף א קורצע צייט. דער קאַרטהאַגישער סענאַט האָט איהם צוריקגעוואונען פיר קאַרטהאַגאָ דערמיט, וואָס זיי האָבען איהם געגעבען די בעריהמטע שענהייט ס אָ פ ר אָ נ י ס ב ע. די טאָכטער פון האַזדרובאַל'ן, פיר א ווייב. דיזע סאָפראָניסבע איז געוועזן די כלה פון אַסיניססאַ'ן, און דיזער אַקט האָט אין איהם אָנגעצונדען דעם פייער פון ראַכע צום פירסט סיפאַקס. ער האָט געפּרובט העלפען די רוימער, אָבער סיפאַקס האָט איהם בעזיגט און האָט צוגענומען א טייל פון זיין לאַנד.

אין פריהלינג פון יאָהר 204 פ. קר. האָט סציפּיאָ געהאַט א גלענצענדען זיג אין אַפריקא. ביי דער בעלאַגערונג פון אַטטיקאַ איז ער אָנגעגריפען גע-

וואָרען פון די פעראייניגטע אַרמעען פון די קאַרטהאַגער און פון סיפאַקס'ן, אָבער ער האָט זיי ביידע בעזיגט און זייערע לאַגערן פערברענט. גלייך נאָך דעם האָט ער בעזיגט אַ צווייטע קאַרטהאַגישע אַרמעע. יעצט האָבען די קאַרטהאַגער בעשלאָסען צוריקצורופען פון איטאַליען האַנניבאַל'ן און זיין ברודער מאַגאָ. מיט אַ צובראָכענעם הארצען און געמיט האָט האַנניבאַל פערלאָזען איטאַליען, דאָס לאַנד אין וועלכען ער האָט אַזוי פיעל גלענצענדע זיגען געהאַט, פון וועלכע ער האָט אַזוי פיעל געהאָפט פיר זיין פאָטערלאַנד קאַרטהאַגאָ. ער האָט געלאַנדעט אין לעפּטיס און פון דאָרט האָט ער גלייך געצויגען אין דאָס לאַנד פון מעסיניססאַ'ן, אום איהם פון די רוימער אָפּצושניידען.

סציפּיאָ האָט געשיקט איין אַרמעע געגען קאַרטהאַגאָ און אַ צווייטע אונטער מאַסיניססאַ'ן געגען סיפאַקס'ן. דיזער איז בלויז בעזיגט געוואָרען און איז זעלבסט געפאַנגען געוואָרען. די רוימער האָבען איהם אַוועקגעשיקט פון רוים, וואו ער איז קורץ נאָכהער אין געפענגניס געשטאָרבען און זיין לאַנד האָבען די רוימער צוגענומען. זיין פרוי סאָפראָניסבע האָט זיך געראַטעוועט דורך דעם, וואָס זי איז געוואָרען די ווייב פון מאַסיניססאַ'ן. אָבער די רוימער האָבען שטאַרק פּראָטעסטירט געגען דעם, און אום זי זאָל ניט אַריינפאַלען צו די רוימער אין געפענגניס, האָט ער זי פערגיפטעט.

אַלס האַנניבאַל איז אָנגעקומען אין אַפריקאַ, האָט דער קריג אַן אַנדער ווענדונג גענומען. עס האָבען זיך באַלד געפונען זעהר פיעלע פרייוויליגע סאָלדאַטען, וועלכע האָבען מיט פערגניגען זיך געזאַמעלט אונטער האַנניבאַל'ס פאָהן. ער האָט אָבער גוט פערשטאַנען, דאָס דיזע נייע סאָלדאַטען וועלען ניט זיין אין שטאַנד צו קעמפען מיט די גוט געאיבטע רוימישע לעגיאָנען, און ער האָט דעריבער ניט געוואָלט שטרייטען מיט די רוימער און האָט אויסגעמידען אַ שלאַכט. ער האָט פאָרגעשלאָגען אַ פרידען מיט רוים. די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט אָבער ניט געוואָלט הערען פון קיין פרידען, און האַנניבאַל איז דעריבער געווען געצוואונגען צו אַן ענטשיידענדער שלאַכט מיט די רוימער. נאָך איין מאָל האָבען די ביידע קאָמאַנדירען געהאַט אונטערהאַנדלונגען וועגען פרידען, אין וועלכע זיי האָבען ביידע פּערזענליך אַנטייל גענומען. אָבער דיזע פערהאַנדלונגען האָבען צו קיין רעזולטאַט ניט געפיהרט. די רוימער האָבען צופיעל פערלאַנגט: זיי האָבען געפאָדערט די גענצליכע אונטערוואַרפונג פון קאַרטהאַגאָ. דעם 19טען אָקטאָבער פון יאָהר 202 פ. קר. איז פאָרגעקומען די שלאַכט צווישען די צוויי אַרמעען. האַנניבאַל האָט אָנגעשטרענגט די גאַנצע קראַפט פון זיין זשעניע, אָבער אומזיסט. ער איז געוואָרען בעזיגט.

20,000 מאַן זיינען געפאַלען אויף'ן שלאַכטפעלד און עבען אַזוי פיעל זיינען גענומען געוואָרען געפאַנגען. דער בעזיגטער האַנניבאַל איז נאָך 36=יעהריגער אָפּוועזענהייט צוריק געקומען אין זיין פאָטער=שטאָדט קאַרטהאַגאָ און האָט געראַטען מיט רוים צו שליסען פרידען ווי עס לאָזט זיך. דער רוימי-שער סענאַט האָט געפאָדערט פאָלגענדע בעדינגונגען: 1) די קאַרטהאַגער זאָלען איבערגעבען צו די רוימער אַלע זייערע העלפאַנדען מיט די שיפען, און לאָזען פיר זיך נאָר 10 שיפען. 2) זיי זאָלען צאָהלען צו די רוימער אין צייט פון 50 יאָהר 10 טויזענד טאַלענטען (איין טאַלענט איז אונגעפעהר 1,100 דאָללאַר). 3) זיי טאָרען אין ערגעץ קיין קריג ניט פיהרען אָהן דער צושטי-מונג פון רוים. 4) זיי זאָלען נאָר בעהאַלטען דאָס לאַנד, וואָס זיי האָבען גע-האַט אין אַפריקאַ פאַר דעם, און מוזען צוריק געבען דאָס לאַנד, וואָס זיי האָבען פון מאַסיניססאַ'ן צוגענומען. דיזער פרידען האָט געמאַכט אַן ענדע צו דער קאַרטהאַגישער זעלבשטענדיגקייט. מיט צובראָכענע הערצער האָ-בען די קאַרטהאַגער צוגעזעהן, ווי מען פערברענט זייערע שיפען, ווי מען פיהרט אַוועק זייערע העלפאַנדען, אָבער דער ריכטיגער טרויער האָט זיך ער-וועקט אין זייערע הערצער, ווען מען האָט אויף זיי ארויפגעלעגט אַ קאָפּ=שטיי-ער צו בעצאָהלען די קריגס=קאָסטען צו די רוימער. אַלס האַנניבאַל האָט דאָס דערהערט, האָט ער מיט שפּאָט געזאָגט צו די נידריגע קרעמערשע נשמות: „איהר ווייגט יעצט, ווען מען נעהמט פון אייך געלט, וואָרום האָט איהר ניט געוויינט דאַן, ווען מען האָט אייערע שיפען געברענט, אייערע וואפען צוגע-נומען?" מאַסיניססאַ איז געוואָרען אַ בונד=חבר פון די רוימער און האָט ערהאַלטען אַ טייל פון סיפאַקס'עס לענדער; דעם איבריגען טייל האָבען די רוימער איבערגעגעבען צו סיפאַקס'עס זוהן, ווייל זיי האָבען ניט געוואָלט מאַסיניססאַ'ן צו מעכטיג מאַכען.

4) מלחמות פון ענדע צווייטען ביז ענדע דריטען פונישען קריג.

מיר מוזען זיך יעצט צוריקקעהרען צו דער געשיכטע פון גריכענלאַנד און וויעדערהאָלען אין קורצען איינינע בעגעבענהייטען, וועלכע מיר האָבען דאָרט בעריהרט, אום די בעציהונגען פון רוים צו גריכענלאַנד און מאַצעדאָניען קלאָר צו מאַכען. דיזע בעגעבענהייטען זיינען:

1) ד ע ר ע ר ס ט ע ר מ אַ צ ע ד אָ נ י ש ע ר ק ר י ג ג ע ג ע ן פ י ל י פּ ד ע ם 3ט ע ן. דיזער הערשער פון מאַצעדאָניען איז געווען אַ סאָל-דאַטען=קעניג. ער האָט נאָר איין ציל געהאַט פאַר זיך—צו פערגרעסערן זיין הערשאַפט. ער איז אָבער געווען גראָב, ניט געזיטעט, און אַ פיינד פון גריכי-

שער קונסט. ווייל ער האָט קיין ערפאָלג ניט געהאַט אין דעם קריג מיט די רוי־מער און אֶטאָליער, האָט ער בעשלאָסען זיין הערשאַפט צו פערברייטערן אין מזרח. דאַמאָלס איז געשטאָרבען דער עגיפּטישער קעניג פּטאָלעמאָאוס פילאָ־פּאַטער (204 פ. קר.) און האָט איבערגעלאָזען אַ קליינעם זוהן פּטאָלעמאָאוס דעם 5טען עפּיפאַנעס. דאַמאָלס האָט זיך פיליפּ דער 3טער פון מאַצעדאָניען פערבונדען מיט אַנטיאָכוס דעם 3טען, וועלכער איז בעוואוסט אַלס אַנטיאָכוס דער גרויסער, פון סיריען, מיט דעם צוועק צו בערויבען דאָס עגיפּטישע רייך, צו וועלכען עס האָבען דאַמאָלס געהערט איינינגע לענדער אויסער עגיפּטען אין




צוזאַמענשטויס פון האַנניבאַל און סציפּיאָ פאַר דער שלאַכט ביי צאַמאַ.

אפריקאַ, אין אַזיען, אין קליין־אַזיען און אין אייראָפּאַ. נאָך דעם אָפּמאַך צווי־שען דיזע צווייַ הערשער, האָט אַנטיאָכוס בעדאַרפט קריגען קאָלע־סיריען, פע־ניציען און פּאַלעסטינאַ, און פיליפּ האָט בעדאַרפט ערהאַלטען די אינזלען איז אֶגֶאַאישען מעער און די שטעדט ביי די ברעגען אין קליין־אַזיען און טהראַ־ציען. געגען פיליפּ'ן אָבער האָט דער קעניג אַטטאַלוס פון פער־גאַמום צוזאַמענגעשטעלט אַ בונד פון פערשיידענע הערשאַפטען, אונטער וועלכע עס זיינען געוועזן רהאָדוס, כיאָס (אינזלען), ביצאַנץ און אַטהען. צו דער זעלבער צייט האָט די רעגירונג פון עגיפּטען בעשטימט

דעם רוימישען סענאַט אַלס אַפּטרופּוס .(אַפּעקון) פיר דעם יונגען פּרינץ אַנטיאָכוס עפּיפאַנעס.

די רוימער האָבען געשיקט אַן אַרמעע נאָך גריכענלאַנד אונטער דער אויבער־קאָמאַנדע פון טיטוס קווינקציוס פלאַמיניוס אום געגען פיליפּ'ן צו קעמפּען. צו די רוימער זיינען באַלד צוגעשטאַנען ניט נאָר די אֶטאָליער, די אַלטע פיינד פון פיליפּ'ן, נאָר אויך זיינע פריהערדיגע פריינד די אַכאָער. פיליפּ האָט געליטען אַ נידערלאַגע (197 פ. קר.) ביי ציַנאָסצעפאַלאָ, אַ רייהע פון בערגלאַך ניט ווייט פון פּעראָ אין טהעססאַליען, און איז געווען געצוואונגען צו שליסען פרידען אויף פאָלגענדע בעדינגונגען : 1) מאַצעדאָניען זאָל זיך אָפּזאָגען פון אַלע בעזיצונגען אויסער מאַצעדאָניען, וועלכע בלייבט אין איהרע גרענצען זעלבשטענדיג. 2) די מאַצעדאָנישע אַרמעע זאָל נאָר בעשטעהן פון 5,000 מאַן און די פלאָטע נאָר פון 5 שיפען. 3) אָהן דער ערלויבניס פון רוים זאָל דער מאַצעדאָנישער קעניג קיין שום קריג ניט פיהרען. 4) פיליפּ זאָל בעצאָהלען 10 טאַלענטען קריגס־קאָסטען.

ביי די איסטהמישע שפּילען אין יאָהר 196 פ. קר. האָט פלאַמיניוס, דער גריכען־פריינד, ערקלערט פרייהייט פיר אַלע גריכישע שטאַאטען. דיזע ערקלערונג איז מיט גרויס פרייד און ענטהוזיאַזם אויפגענומען געוואָרען. די רוימישע גאַרניזאָנען זיינען פון די גריכישע פעסטונגען אַרויסגעגאַנגען און אַקראָקאָרינטה איז איבערגעגעבען געוואָרען צו דעם אַכאָאישען בונד. פלאַמיניוס האָט נאָר איבערגעלאָזען דעם טיראַן נוביס אין ספּאַרטאַ, אום די מאַכט פון די אַכאָער זאָל ניט צו שטאַרק ווערען, אָבער ער איז באַלד פון וועג אָפּגעראַמט געוואָרען פון אַ מחנה אָטאָליער, וועלכע ער האָט אויפגענומען אין זיין שטאָדט, און פילאָפּאָמען, דער בעריהמטער קריגס־קאָמאַנדיר פון די אַכאָער, האָט זיי באַלד אַריינגענומען אין דעם אַכאָאישען בונד.

2) דער קריג מיט אַנטיאָכוס דעם 3טען (192—139 פ. קר.). דער קעניג אַנטיאָכוס דער 3 טער פון סיריען, וועלכער האָט זיך געלאָזט אָנרופען דער גרויסער, האָט בעהערשט אַלע לענדער פון מיטעללענדישען מעער ביז צום טייך אייפראַט (פּרת). אָבער ניט אַלע פון דיזע לענדער האָבען אַנערקענט זיין אויבערהערשאַפט. אין די לענדער, וואָס זיינען געלעגען ביים אייפראַט, האָט מען ניט געפאָלגט זיינע בעפעהלען. זעלבסט אין קליין־אַזיען זיינען געווען אייניגע בערגיגע געגענדען, וועלכע זיינען געבליבען אונאָפּהענגיג. אַלס אַנטיאָכוס האָט געוואָלט די גריכישע שטעדט אין טהראַציען אונטערוואַרפען אונטער זיין הערשאַפט, האָבען זיך די רוימער אַריינגעמישט, אָבער זיי האָבען איהם ניט געהינדערט מיט אַ קריג, ווייל זיי זיינען ראַ-

מאָלס געווען בעשעפטיגט מיט דעם קריג געגען פיליפ'ן. שפּעטער אָבער, אַלס האַנניבאַל איז ענטלאָפען צו אַנטיאָכוס'ן און האָט איהם אויפגערייצט צום קריג מיט די רוימער, האָבען דיזע געפאָדערט פון איהם ער זאָל צוריק-געבען די שטעדט, וואָס ער האָט פערכאַפּט אין טהראַציען. האַנניבאַל איז געווען ערוועהלט אין קאַרטהאַגאַ אַלס סופעט (קאָנסול) און האָט געוואָלט די



טיטוס קווינציוס פלאַמיניוס פראָקלאַמירט די גריכען פרייהייט.

פערפאַסונג איבערמאַכען אויף אַ דעמאָקראַטישע. ער האָט דורך דעם ער-וועקט דעם האַס פון דער אַריסטאָקראַטיע און דיזע האָט פער'מסר'ט אין רוים, דאָס ער פּלאַנעוועט אַ נייעם קריג מיט די רוימער. דאָס האָט איהם גע-צוואונגען צו ענטלויפען צו אַנטיאָכוס דעם 3טען, דעם קעניג פון סיריען. ער האָט איהם געראַטען זיך פערבינדען מיט פיליפ'ן פון מאַצעדאָניען, די-

זער אָבער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון צו שליסען אַ בונד מיט אַנטיאָכוס'ן, ווייל ער האָט מורא געהאַט פאַר פלאַמיניוס'ן, און אויך ווייל אַנטיאָכוס האָט איהם פריהער טריילאָז פערלאָזען אין זיין נויט. דאַגעגען זיינען די אַטאָליער צוגע-שטאַנען צו אַנטיאָכוס'ן, זיי זיינען געוואָרען זיינע בונד־חברים און האָבען איהם געהאָלפען זיך צו בעפעסטיגען אין כאַלצים און אין טהעססאַליען.

יעצט זיינען די רוימער אַרויס געגען איהם אום אַן ענדע צו מאַכען צו זיינע ווייטערע נצחונות. דער קאָנסול מ אַ ר ק ו ס אַ צ י ל י ו ס ג ל אַ ב ־ ר י אָ, אונטערגעשטיצט פון פיליפּ'ן און דעם אַכאַאישען בונד, האָט גיך ביי איהם אָפּגענומען טהעססאַליען און האָט בעזיגט זיין אַרמעע ביי טהער-מאָפּילאָ, אַזוי דאָס ער, אַנטיאָכוס, איז געווען געצוואונגען צוריק ענטלויפען אין אַזיען. אויך האָט די רוימישע פלאָטע אין יאָהר 191 פ. קר. געהאַט אַ גלענצענדען זיג איבער אַנטיאָכוס'עס פלאָטע. דורך דיזען זיג האָט אַנטיאָכוס פערלאָרען ליסימאַכיאַ אין טהראַציען, די שטאָדט וועלכע האָט פערשפּאַרט דעם דורכגאַנג דורך דעם העללעספּאָנט, די שמאָלע ים־שטראַס, וועלכע טיילט אָפּ אייראָפּאַ פון אַזיען. יעצט האָט דער קאָנסול ל ו צ י ו ס ק אָ ר נ ע ־ ל י ו ס ס צ י פּ י אָ געקענט אונגעשטערט פיהרען זיין אַרמעע איבער דעם העללעספּאָנט. ביי דער שטאָדט מאַגנעזיאַ האָט ער געזיגט אין אַן ענטשיי-דענדער שלאַכט אין 190 פ. קר. יעצט האָט אַנטיאָכוס געבעטען פרידען, וועלכער איז געשלאָסען געוואָרען אויף פאָלגענדע בעדינגונגען: אַנטיאָכוס האָט איבערגעגעבען צו די רהאָדיער אַ געוויסען טייל פון זיינע לענדער אין אַזיען ביז דעם טאַורוס. ער האָט געמוזט אַלע זיינע העלפאַנדען צו די רוימער איבערגעגעבען. שיפען האָט ער ניט געטאָרט האָבען מעהר פון 10, די איבריגע האָט ער געמוזט צו די רוימער איבערגעבען. מיט דיזע 10 שיפען האָט ער ניט געטאָרט אַריבער דעם טייך קאַליקאַדנוס אין ציליציען, און אין צייט פון 12 יאָהר האָט ער געמוזט בעצאָהלען די רוימער 15,000 טאַלענטען קריגס־קאָסטען.

איינע פון די פרידענס־בעדינגונגען איז אויך געווען, דאָס אַנטיאָכוס זאָל איבערגעבען האַנניבאַל'ן אין די הענט פון די רוימער. האַנניבאַל האָט זיך פון דעם דערוואוסט איידער אַנטיאָכוס האָט איהם געקענט אַרויסגעבען צו די רוימער און איז בעצייטענס ענטלאָפען צום קעניג פּ ר ו ס י אַ ס פון ביטהיניען, וועלכען ער האָט געוואָלט איבעררעדען צו אָנפאַנגען אַ קריג מיט די רוימער.

רוים האָט ניט געקענט רוהיג זיין כל זמן האַנניבאַל לעבט און איז נאָך טעטיג. האַנניבאַל'ס סוף איז געווען אַ טרויעריגער. פערלירענדיג יעדע האָפ-

נונג צו קענען נעהמען ראַכע פון די רוימער, האָט ער געמאַכט אַן ענדע צו זיין לעבען דורך פערגיפטונג אין זיין 64-יעהריגען אַלטער (183 פ. קר.).

אין דעם זעלבען יאָהר איז אויך געשטאָרבען האַנניבאַל'ס ביטערסטער געגנער סציפּיאָ. נאָך זיין זיג ביי צאַמאַ האָט איהם רוים געעהרט מיט אַ גלענצענדען טריאומף-צוג און האָט איהם געגעבען דעם ביינאָמען „אַפריקאַ-נוס". שפּעטער, ווען עס האָט זיך געמאַכט קריג צווישען קאַרטהאַגאָ און מאַסיניססאַ, האָט מען איהם געשיקט נאָך אַפריקאַ אַלס שיידס-ריכטער. אין דעם קריג מיט אַנטיאָכוס'ן האָט ער בעגלייט זיין ברודער לוציוס, וועלכער איז בעשטימט געוואָרען אַלס קאָמאַנדיר איבער די רוימישע אַרמעע. דיזער קריג איז אָבער געווען פיר איהם די אורזאַך פון אַ געפעהרליכען פּראָצעס. סציפּיאָ האָט פאַרגעשלאָגען לייכטע בעדינגונגען פון פרידען פיר אַנטיאָכוס'ן דערפאַר, וואָס דיזער האָט פרייגעלאָזען סציפּיאָ'ס זוהן, וועלכער איז געווען געפאַנגען ביי אַנטיאָכוס'ן. זיינע געגנער האָבען איהם פערקלאָגט דערפאַר אין רוים. דער סענאַט האָט געפאָדערט פון לוציוס'ן רעכענשאַפט פיר די-זען פרידען. סציפּיאָ איז געוואָרען שרעקליך אויפגערעגט פיר דיזע האַנד-לונג און האָט צוריסען אין אָנוועזענהייט פון סענאַט דעם בעשולדיגונגס-אַקט. דער סענאַט האָט איהם דערפאַר געשטעלט צום פאָלקס-געריכט. דאָ האָט ער דערמאָהנט דעם פאָלק זיינע פערבינדונגען צום פאָטערלאַנד מיט זיינע זיגען איבער האַנניבאַל'ן און דאָס פאָלק האָט איהם בעפרייט. נאָך דעם האָט ער זיך צוריקגעצויגען פון פּאָליטישען לעבען און איז געשטאָרבען אַלס פּריוואַט-מאַן אויף זיין לאַנד-גוט ביי ליטערנום. אין דעם זעלבען יאָהר (183 פ. קר.) איז אויך פילאָפּאָמען, וועלכען מיר האָבען שוין בעגעגענט פריהער, געווען געצוואונגען דעם גיפט-בעכער צו טרינקען, נאָך דעם, ווי ער איז געפאַנגען געוואָרען אין אַ קריג מיט די מעססעניער, דערפאַר וואָס זיי האָבען געוואָלט זיך צוריקציהען פון אַכאַאישען בונד.

3) דער צווייטער מאַצעדאָנישער קריג געגען פּערסעאוס'ן (171—167 פ. קר.). פיליפּ פון מאַצעדאָניען איז געווען ניט צופרידען מיט די ענגע גרענצען פון זיין רייך, וועלכע דער פרידען פון יאָהר 196 פ. קר. האָט בעשטימט פיר איהם. ער האָט געהאַט פּרעטענזיעס אויף אייניגע שטעדט אין טהעססאַליען און אין טהראַציען. די אַטאַליער, די הער-שער פון טהעססאַליען, און עאומענעס פון פערגאַמוס, וועלכער האָט געהערשט אין טהראַציען, האָבען איהם פערקלאָגט אין רוים. פיליפּ האָט געשיקט זיין זוהן דעמעטריוס איהם צו פערטיידיגען. דיזער האָט אויסגעווירקט, דאָס דער סענאַט האָט איהם פערצייהען. פיליפּ'ס עלטערער זוהן פּערסעאוס האָט אָנגע-

פאנגגען מורא צו האָבען, דאָס זיין איינגערער ברודער דעמעטריוס וועט דעם טראָן פערכאפּען, ווייל ער איז געוועזן ביים רוימישען סענאט געאַכטעט; ער האָט דארום איינגערעדט זייער פאָטער פיליפּ, דאָס דעמעטריוס וויל איהם, פיליפּ'ן, פון טראָן בערויבען מיט דער הילף פון די רוימער, און דער פאָטער האָט זיין אייגענעם זוהן ביי א מאָהלצייט פערגיפטעט. אלס פיליפּ איז גע-שטאָרבען איז פּערסעאוס ארויף אויף'ן טראָן. ער איז אָבער ניט גלייך געוועזן צו זיין פאָטער אין מוט און ענטשלאָסענהייט. עאומענעס איז געקומען צום רוימישען סענאט און האָט בעוויזען, דאָס פּערסעאוס גרייט זיך צו א שטרייט, האָבען די רוימער געשיקט מיליטער געגען איהם אונטער דער אָנפיהרונג פון די רוימישע קאָנסולען, וועלכע האָבען געהערשט אין די יאָהרען 171, 170 און 169 פ. קר. אָבער דאָס מיליטער האָט איהם ניט געקענט פערטרייבען פון דער מעכטיגער פּאָזיציאָן, וועלכע ער האָט פערנומען צו דרום פון ד י א ן, ביים ע נ י פּ ע א ו ס. דערצו זיינען נאָך די קאָנסולען געוועזן אונפעהיג, דער ארמעע האָט געפעהלט די נעטיגע דיסציפּלין און די סאָלדאטען האָבען זיך ער-לויבט צופיעל צו רויבען. מען האָט אָנגעפאנגען צו פערעהרען פּערסעאוס'ן, אזוי דאָס די רהאָדיער און פּרוסיאס פון ביטהיניען האָבען געוואָלט ווערען זיי-נע בונד־חברים, ווען ער וואָלט איינגעשטימט צו צאָהלען דעם נעטיגען פּרייז פיר דיזע חבר'שאפט. יעצט האָבען די רוימער בעשלאָסען צו שטעלען אָן דער שפּיץ פון דער ארמעע א זיכערע פּערזאָן, צו וועלכער זיי קענען האָבען פולען צוטרויען, און וועלכע איז גוט בעוואוסט אלס אויסגעצייכענטער מילי-טערישער קאָמאנדיר. זיי האָבען דאמאָלס ערוועהלט אלס קאָנסול אָמיליוס פּאולוס פון דער פאמיליע פון די סציפּיאָנען און דיזער האָט באלד געגע-בען דעם קריג אן אנדער ווענדונג. ער האָט געצוואונגען דעם קעניג צו אן אָפענער שלאכט ביי פּידנא.

אלס פּערסעאוס האָט געזעהן, דאָס דער זיג וועט זיין ביי די רוימער, האָט ער צוזאמענגענומען זיינע אוצרות און איז ענטלאָפען. די רוימער האָ-בען געהאט א גלענצענדען זיג. זיינע סאָלדאטען האָבען איהם פערלאָזען און פעראכטעט, נאָר איינינע האָבען איהם בעגלייט ביז דער אינזעל סאמאָטראצע, ווייל זיי האָבען גערעכענט צו בעקומען דערפאר א טייל פון זיינע אוצרות. ער האָט זיך פערטרויט אין א קרעטער, האָט געלאָזען ברייננען אויף זיין שיף א גרויסען טייל פון זיינע אוצרות, און האָט גערעכענט אויף דיזען שיף ווייטער נאָך אזיען צו קומען. אָבער דער קרעטער האָט בעשלאָסען די רייכטימער צו רויבען. דער קעניג, ביי וועלכען זיינע אוצרות זיינען טייער־ער געוועזן פון אלץ, האָט זיך מיט זיין זוהן אונטערגעגעבען דעם רוימישען פּראָטאָר אָקטאוויוס,

וועלכער האט איהם נאכגעיאגט. מען האט איהם געבראכט אין רוים, וואו ער
האט געמוזט אויסשטעהן די שאנדע דעם טריאומף פון דעם זיגער צו בע-
שענען. ער איז געוועזן א צייט אלס געפאנגענער אין רוים און איז דא גע-
שטארבען. זיין זוהן האט בעקומען א שטעלע אלס א שטאדטישער שרייבער.




עאומענעס פון פערגאמום פאר'ן רוימישען סענאט.

דערמיט האט זיך געענדיגט דער קריג אין מאצעדאניען. דער רוימישער
סענאט האט בעשטימט פרידענס-בעדינגונגען, לויט וועלכע מאצעדאניען איז
געבליבען א פרייעס לאנד, אום דער וועלט צו צייגען, דאס די רוימער אין זיי-

ערע קריגען און זיגען האבען אן אויסזיכט נאר די אינטערעסען און איבערהויפט די פרייהייט פון די פעלקער, וועלכע געפינען זיך אונטער דעם דרוק פון טיראנען. די פרייע פעלקער זוכען זיי נאר זייער פרייהייט צו זיכערן דורך זייער שוץ. די קעניגען האט רוים נאר געוואלט צווינגען צו רעגירען איבער זייערע אונטערטאנען מילד און מיט גערעכטיגקייט. האט זיך אבער וועלכער עס איז קעניג ערלויבט זיינע וואפען געגען דעם רוימישען פאלק צו ערהייבען, האבען זיי איהם גלייך פון זיין טראן ארונטערגעזעצט און זייערע אונטערטאנען בעפרייט. דער רוימישער סענאט האט עס געפונען פיר מאצעדאניען'ס טובה זי זאל צוטיילט ווערען אין פיער פרייע שטאאטען. די אפגאבען, וועלכע די מאצעדאניער האבען בעדארפט צאהלען צו די רוימער, זאלען זיין נאר די העלפט פון דעם, וואס זיי האבען פריהער געצאהלט צו זייערע קעניגען. די גאלד=מינעס און זילבער=מינעס אין לאנד זאלען בלייבען ניט בענוצט, ווייל די מאצעדאנישע בעאמטע וועלען זיך נאר בערייכערן דורך דיזע מינעס.

די רוימער האבען אנגעפאנגען זייער הערשאפט דערמיט, וואס זיי האבען די וויכטיגסטע בירגער פון מאצעדאניען מיט זייערע קינדער נאך רוים געשלעפט. דאס איז געווען די „פרייהייט”, וואס זיי האבען געשענקט צו די מאצעדאנישע בירגער! דאס זעלבע האבען זיי געטאן מיט איללירען. זיי האבען דיזע מדינה צושפאלטען אין 3 זעלבשטענדיגע בעצירקען. אין עפירוס האט אמיליוס אנגעטאן שרעקליכע גוואלד=טאטען. 70 שטעדט זיינען געווארען בערויבט פון זייער געלט, וועלכעס איז פערטיילט געווארען צווישען די סאלדאטען. די שטעדט האבען זיי צערשטערט און 150,000 איינוואוינער אלס שקלאפען פערקויפט.

מיט אן אייזערנער האנט האבען די רוימער געהערשט אין גריכענלאנד. די איינוואוינער האבען זיי גערעכענט פיר זייערע אונטערטאנען. דער אכאאישער בונד, וועלכער האט נאך געהאט אין זיך א פונק פון גריכישער געזינונג, איז אויפגעלעזט געווארען. זיי האבען מעהר פון 1,000 מיטגלידער פון דיזען בונד בעשולדיגט, דאס זיי האבען געהיימע פערבינדונגען מיט דעם פיינד פון רוים, מיט פערסעאוס'ן. איינער פון די פריהערדיגע חיל=פיהרער, קסענאן, האט פערזיכערט, דאס דיזע בעשולדיגונג איז פאלש און ער איז געווען גרייט צו קומען נאך רוים אום זיך צו פערטיידיגען און זיין אונשולד צו בעווייזען. די רוימער האבען זיך בענוצט מיט זיין ווארט און האבען אלע בעשולדיגטע נאך איטאליען געשלעפט, אונטער זיי אויך דעם בעוואוסטען געשיכטע=שרייבער פאליביוס. אין רוים האט מען זיי ניט געגעבען די געלעגענהייט זיך צו

פערטיידיגען און זייער אונשולד צו בעווייזען, נאָר מען האָט זיי דאָרט פער-האַלטען פולע 17 יאָהר, און נאָר דאַן האָט מען ערלויבט 300 פון זיי, וועלכע זיינען נאָך געבליבען ביים לעבען, נאָך זייער פאַטערלאַנד זיך צוריקצוקעהרען.

די רעפּובליק רהאָדוס האָט געמוזט אָפּגעבען צו רוים ליציען און קאַריען, דערפאַר, וואָס זיי האָבען געהאַט געהיימע פערבינדונגען מיט פערסעאוס'ן. די זעלבע שטראָף האָט ערוואַרטעט עאומענעס'ן פון פערגאַמוס און פּרוסיאַס'ן פון ביטהיניען. זיי האָבען אָבער געוואוסט, ווי דעם סענאַט צו שמייכלען און צייגען צו רוים זייער אונטערטעניגקייט. די פאָלגען פון דער שלאַכט ביי פּידנאַ האָט שטאַרק געפיהלט אויך דער סירישער קעניג אַנטיאָכוס עפּיפאַ-נעס, דער צווייטער נאָכפאָלגער פון אַנטיאָכוס דעם גרויסען. אַלס ער האָט געמאַכט אַן אָנגריף אויף די עגיפּטישע קעניגען פּטאָלעמאָאוס פילאָמעטער און פּטאָלעמאָאוס פיסקאָן, האָבען זיך דיזע געווענדעט צו די רוימער פיר הילף און אַן איינפאַכער געזאַנדטער פון רוים האָט איהם אַזוי אָפּגעשראָקען, דאָס ער האָט גלייך אויפגעגעבען זיינע קריגס־פּלענער. אָמיליוס פּאַולוס האָט געפייערט אַ דריי־טעגיגען טריאומף, אַלס ער האָט געבראַכט נאָך רוים די רייכע אוצרות פון גריכענלאַנד אין גאָלד, זילבער, סטאַטועס און טייערע גע-מעלדעס צוזאַמען מיט אַ געפאַנגענעם גריכישען קעניג געשמידט אין קייטען.

4) דער דריטער מאַצעדאָנישער קריג (148 פ. קר.). אין מאַצעדאָניען האָט געהערשט שרעקליכע אונצופרידענהייט איבער די „פרייהייט”, וואָס די רוימער האָבען זיי פערשאַפט. מיט דיזער אונצו-פרידענהייט האָט זיך בענוצט אַ געוויסער אַנדריסקוס, אַ מאַן פון נידריגען שטאַנד, וועלכער האָט זיך אויסגעגעבען אַלס פיליפּ דער זוהן פון פער-סעאוס'ן, האָט זיך פערשאַפט אַן אַרמעע און האָט פערכאַפּט דעם טראָן אין מאַצעדאָניען. ער האָט בעזעצט מיט זיין מיליטער גאַנץ מאַצעדאָניען און האָט שוין געטראַכט אויף וועגען טהעססאַליען. מיט אַ יאָהר שפּעטער האָט ער בעזיגט דעם רוימישען פּראָטאָר יובענציוס טהאַלנאַ. אָבער אַלס ער האָט אָנגעפאַנגען אַ שטרייט מיט דעם פּראָטאָר קווינטוס צאָציליוס מעטעללוס, האָט ער פון איהם געכאַפּט אַ מפּלה. ער איז ענטלאָפען פון שלאַכטפעלד נאָך טהראַציען, אָבער דער פּראָטאָר האָט אויסגעווירקט ביי אַ דאָרטיגען פּרינץ, מען זאָל איהם אויסליפערן. דאַן איז מעצאַדאָניען געוואָרען אַ רוימישע פּראָווינץ (146 פ. קר.).

5) דער אַכאָאישער קריג (146 פ. קר.). מיר האָבען שוין פריהער ערצעהלט, דאָס פון די 1,000 אַכאָער, וועלכע זיינען געפאַנ-גען געוואָרען פון די רוימער אין יאָהר 167 פ. קר. און זיינען אַוועקגעפיהרט

געוואָרען אין איטאַליען, האָבען זיך צוריקגעקעהרט נאָך גריכענלאַנד אין 17 יאָהר אַרום נאָר 300. די איבריגע 700 זיינען אַלע אויסגעשטאָרבען אין דער צייט פון זייער געפאַנגענשאַפט. דיזע 300 האָבען נאָך זייער צוריקקעהר אַהיים אַנגעצונדען אַ שרעקליכען האַס געגען די רוימער. עס האָט געפעהלט נאָר אַ קליינע אורזאַך עס זאָל ווערען דאָרט אַן אויפשטאַנד געגען די בעדריקער, און דיזע קליינע אורזאַך האָט ניט לאַנג געלאָזט וואַרטען אויף זיך.

די קאָמאַנדירען פון אכאַאישען בונד זיינען דאַמאָלס געוועזען מענשען, וועלכע האָבען זיך דערשלאָגען צו זייער אַמט דורך בעשטעכונג (כאַבאַר) און זיינען זעלבסט אויך געוועזען געניינט צו נעהמען כאַבאַר. דאַמאָלס איז געוועזען דער קאָמאַנדיר פון דעם אכאַאישען בונד דיאַאוס. וועגען דיזען קאָמאַנדיר האָט מען זיך דערוואוסט, דאָס ער האָט גענומען אַ גרויסע סומע כאַבאַר פון איינעם פון זיינע פריינד דערפאַר, וואָס ער האָט איהם בעפרייט פון אַ סקאַנדאַל-פּראָצעס. וועגען דעם האָט מען אַנגעגעבען אַ קלאַגע אויף איהם. ער האָט צוגעטראַכט אַן עצה, ווי פון דער קלאַגע זיך אויסצודרעהען. ער האָט נעמליך געזוכט אַ מיטעל צו פערדרעהען דעם פּובליקום די קעפּ מיט אַן אַנדער זאַך, אַ וויכטיגערע, אום מען זאָל אַן איהם פערגעסען און עס האָט זיך איהם באַלד געמאַכט אַ געלעגענהייט. די ספּאַרטאַנער האָבען געגען זייער ווילען בעלאַנגט צום אכאַאישען בונד, און האָבען אימער געזוכט אַ געלעגענהייט פון איהם אַרויסצוטרעטען. זיי האָבען אָבער אויסגעווירקט אַ פּריווילעגיע פיר זיך, דאָס קיין ספּאַרטאַנער זאָל ניט זיין פעראַנטוואָרטליך פיר הויך-פעררעט געגען דעם בונד, און זאָל ניט דאַרפען פּראָצעסירט ווערען דערפאַר פון דעם בונד-טריבונאַל. דיאַאוס איז אָבער געוועזען געגען דיזער פּריווילעגיע און האָט ערקלערט, דאָס דער רוימישער סענאַט האָט קיינמאָל זיין הסכמה ניט געגעבען אויף דיזע פּריווילעגיע. דעריבער האָט ער געפאָדערט פון ספּאַרטאַ זי זאָל צו איהם אויסליפערן 24 בירגער, וועלכע זיינען געוועזען בעשולדיגט אין הויך-פעררעט געגען דעם אכאַאישען בונד, אום זיי זאָלען געשטעלט ווערען צום פּראָצעס פאַר דעם בונד-טריבונאַל. די 24 בעשולדיגטע איז עס געלונגען צו ענטלויפען, אָבער מען האָט זיי פעראורטיילט צום טויט אין זייער אָפּוועזענהייט. דער בונד פון איין זייט און ספּאַרטאַ פון דער אַנדערער זייט האָבען וועגען דיזען פאַל מיטגעטיילט דעם רוימישען סענאַט. דיזער האָט די זאַך ניט ענטשידען באַלד, נאָר האָט פערשפּראָכען צו שיקען אַן אונטערזוכונגס-קאָמיסיאָן נאָך גריכענלאַנד. די געשיכטע האָט זיך צו לאַנג געשלעפּט, און די אכאָער האָבען בעשלאָסען מיט געוועהר צו

צווינגען די ספּאַרטאַנער זייער הויכע מאַכט אָנצוערקענען. צוויי יאָהר האָט דער סענאַט געשוויגען און האָט ניט געפאָדערט קיין רעכנונג פון די אַכאָער פיר דיזע גוואַלד־טאַט, ניט פרעגענדיג רוים וועגען דעם. ענדליך האָט דער סענאַט געפונען פיר רעכט, דאָס ספּאַרטאַ זאָל אַרויס פון בונד. דיזעס האָט שרעקליך אויפגערעגט די אַכאָער. דאַמאָלס האָט זיך גראַדע געענדיגט דאָס אַמט־יאָהר פון קאָמאַנדיר פון בונד, און די אַכאָער האָבען בעשלאָסען ערוועהלען פיר דיזע שטעלע דעם בעוואוסטען רוימער־פיינד ק ר י ט אָ ל אַ אָ ס. דיזער האָט אָנגעפאַנגען צו בעליידיגען די רוימער אויף יעדען טריט און שריט, און דער סענאַט האָט דאַמאָלס בעשלאָסען אויפצולעזען דעם אַכאָאישען בונד. צו דיזען צוועק האָבען זיי געשיקט דעם קאָנסול ל ו צ י ו ס מ ו מ מ י ו ס נאָך גריכענלאַנד. אָבער נאָך איידער דער קאָנסול איז אָנגעקומען אין גריכענלאַנד האָט שוין קריטאָלאַאָס געהאַט אַ מפּלה אין דעם שטרייט, וואָס איז פאָרגעקומען צווישען איהם און מעטעללוס'ן, וועלכער איז דאַמאָלס געשטאַנען אין מאַצעדאָניען. קריטאָלאַאָס זעלבסט איז געפאַלען אין יענער שלאַכט און זיין שטעלע האָט פערנומען דיאָאוס. דיזער האָט אַלע מיטלען געברויכט אום זיין אַרמעע מעכטיג צו מאַכען. ער האָט צוזאַמענגענומען די גאַנצע יוגענד, וואָס איז געוועזען פעהיג צום שטרייט, און אויסער דעם האָט ער בעפרייט 12,000 שקלאַפען, וואָס האָבען געוואָלט אין די אַרמעע אַריינטרעטען, און מיט דיזע פריש־געבאַקענע סאָלדאַטען איז ער אַרויסגעטרעטען געגען דעם קאָנסול מוממיוס, וועלכער איז דאַמאָלס אָנגעקומען אין קאָרינטה מיט אַן אַרמעע פון 24,000 גוט געאיבטע, דיסציפּלינירטע סאָלדאַטען. די רוימער האָבען געזיגט און דיאָאוס זעלבסט האָט זיך פערגיפטעט אויס פערצווייפלונג פון זיין נידערלאַגע.

קאָרינטה האָט זיך באַלד אונטערגעגעבען צו די רוימער. די שטאָדט איז צוראַבירט געוואָרען און נאָכדעם האָט מען זי פערברענט. די טייערסטע קונסט־אוצרות זיינען פערניכטעט געוואָרען. איין טייל פון די טייערע קונסט־זאַכען האָט מוממיוס געלאָזט אָפּפיהרען נאָך רוים, דערביי האָט ער אָנגעזאָגט די שיפס־קאַפּיטאַנען, דאָס אויב עס וועט זיך עפּעס פון די קונסט־זאַכען צוברעכען צוליב זייער נאַכלעסיגקייט, וועט ער זיי צווינגען אָפּצומאַכען נייע, די זעלבע. דערפון קען מען פערשטעהן, וויפיעל ער האָט פערשטאַנען אין קונסט־אַרבייט. און באמת איז ער געוועזען אַ גראָביאַן, האָט קיין פערשטאַנד ניט געהאַט פיר קונסט און וויסענשאַפט. נאָך דעם איז גאַנץ גריכענלאַנד געוואָרען אַ טייל פון מאַצעדאָניען, דאָס הייסט זי איז געוואָרען אַ רוימישע פּראָווינץ, און דער לעצטער שטראַהל פון גריכישער פרייהייט איז פערלאָ-

שען געוואָרען. יעצט זיינען די רוימער געוואָרען די פולע הערשער אין גרי־בענלאַנד, אַלע דעמאָקראַטישע פערפאַסונגען זיינען בטל געוואָרען און דאָס גאַנצע לאַנד איז געוואָרען בעלאַסטעט מיט דריקענדע געלט־שטייערן.

### 5) דער דריטער פונישער קריג. (149—146 פ. קר.)

דורך דעם פרידען, וואָס קאַרטהאַגאָ האָט געשלאָסען מיט רוים אין יאָהר 201 פ. קר., איז זי אין קייטען געשמידט געוואָרען. די רוימער האָבען איבער־געגעבען צו מאַסיניססאַ'ן ער זאָל אכטונג געבען אויף אַלץ, וואָס קומט פאָר אין קאַרטהאַגאָ, און דיזער האָט געדינט די רוימער זעהר טריי. לויט די בעדינגונגען פון פרידען צווישען רוים און קאַרטהאַגאָ האָט די לעצטע גע־מוזט צוריקגעבען צו מאַסיניססאַ'ן אַלע לענדער, וועלכע זי האָט פערכאַפּט ביי איהם אָדער ביי זיינע עלטערן. וועגען דעם האָבען זיך זעהר אָפט געמאַכט שטרייטיגקייטען צווישען מאַסיניססאַ'ן און די קאַרטהאַגער. די קאַרטהאַגער פלעגען זעהר אָפט זיך ווענדען מיט אַ קלאַגע אויף מאַסיניססאַ'ן אין רוים, דאָס ער מאַכט אַנגריפען אויף זייערע לענדער, וועלכע האָבען קיינמאָל ניט געהערט צו איהם אָדער צו זיינע עלטערן. די רוימער אָבער האָבען זיך געמאַכט ניט וויסענדיג און וועניג אויפמערקזאַמקייט געשענקט צו זייערע קלאַגעס.

אין יאָהר 157 פ. קר. האָט דער רוימישער סענאַט געשיקט אַ געזאַנד־שאַפט נאָך קאַרטהאַגאָ אום אויף'ן אָרט צו אונטערזוכען אַ קלאַגע פון די קאַרטהאַגער געגען מאַסיניססאַ'ן. צווישען דער געזאַנדטשאַפט האָט זיך גע־פונען קאַטאָ דער עלטערער, פאַר וועלכען די קאַרטהאַגער האָבען בע־וויזען זייער רעכט. מאַסיניססאַ האָט ערקלערט, דאָס ער פערלאָזט זיך אויף די רוימער און ווי זיי וועלען ענטשיידען איז ער צופרידען. די קאַרטהאַגער האָבען גע'טענה'עט, דאָס זייער רעכט איז אַזוי קלאָר, דאָס עס לאָזט גאָר ניט צו קיין שום קאָמפּראָמיס (פּשרה). דיזע עקשנות פון די קאַרטהאַגער האָט שרעקליך אויפגעבראַכט קאַטאָ'ן און פון דאַמאָלס אָן איז ער געוואָרען דער ביטערסטער געגנער פון די קאַרטהאַגער. דערצו האָט געהאָלפען די קנאה, וואָס ער האָט מקנא געוועזן די קאַרטהאַגער דעם גליקליכען און בליהענדען צושטאַנד פון זייער לאַנד. די קאַרטהאַגער האָבען זיך ווירק־ליך מיט אונערמידליכען פלייס צוריק אַרויפגעאַרבייט, דער האַפען האָט ווידער געשווימעלט און געגריבעלט פון מאַסען שיפען, און דאָס גאַנ־צע לאַנד האָט געבליהט ווי אַ גן עדן, און הגם זיי האָבען פערלאָרען דורך דעם קריג מיט די רוימער פיעלע לענדערייען און בעזיצונגען איז דאָך

דער רייכטום און די מאַכט פון דער שטאָדט ניט פערקלענערט געוואָרען. די רוימער, און איבערהויפּט קאַטאָ, האָבען בעשלאָסען דאָס קאַרטהאַגאָ מוז פערניכטעט ווערען, עס זאָל פון איהר קיין זכר ניט בלייבען. קאַטאָ האָט ניט פערפעהלט קיין איין רעדע אין רוים צו ענדיגען מיט די ווערטער: „איבריגענס בין איך פון דער מיינונג, דאָס קאַרטהאַגאָ מוז צושטערט ווערען״. קאַטאָ האָט ווירקליך געהאַט ערפאָלג אין זיין שטרעבען. באַלד נאָך דעם, ווי ער איז געקומען פון דער אויבען־דערמאָהנטער געזאַנדט־שאַפט צוריק נאָך רוים, האָט ער געוואונען פיעלע פון די סענאַטאָרען אויף זיין זייט, וועלכע האָבען איינגעשטימט מיט זיין מיינונג וועגען דעם שיקזאַל פון קאַרטהאַגאָ. מען האָט נאָר געוואַרט אויף אַ געלעגענהייט. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און די געלעגענהייט איז געקומען. אין יאָהר 152 פ. קר. האָט מאַסיניססאַ איבער־אַ־נייס געמאַכט אַן אָנגריף אויף קאַרטהאַגישע טע־ריטאָריע. דיזעס האָט פעראורזאַכט אַ פאָלקס־אויפשטאַנד אין קאַרטהאַגאָ, ווייל די פרעכהייט פון מאַסיניססאַ'ן איז געוואָרען אונערטרעגליך. אַלע אָנ־הענגער פון מאַסיניססאַ'ן זיינען פון שטאָדט פערטריבען געוואָרען, און אפילו די רוימישע געזאַנדטע, וועלכע האָבען זיך דאַמאָלס געפונען אין שטאָדט, זיי־נען מיט'ן לעבען ענטלאָפען און זיך געראַטעט. די קאַרטהאַגער האָבען גע־שיקט געגען מאַסיניססאַ'ן אַן אַרמעע אונטער דער קאָמאַנדע פון האַזדרובאַל'ן, אָבער דיזע אַרמעע איז געווען כמעט אין גאַנצען פערניכטעט פון מאַסיניס־סאַ'ן. דערמיט אָבער האָבען די קאַרטהאַגער צושטערט דעם פרידענס־טראַק־טאַט מיט די רוימער, לויט וועלכען זיי האָבען קיין רעכט ניט געהאַט מיט וועמען עס איז אַ קריג צו פיהרען אָהן דעם ערלויבניס פון די רוימער. עס איז זיי נאָר געבליבען די רוימער צו די פיס צו פאַלען און בעטען אום פערצייהונג. זיי האָבען אַרויסגעטריבען האַזדרובאַל'ן און האָבען געבעטען רוים אום פער־צייהונג. די רוימער האָבען זיי אַרויסגעשיקט געזאַנדטע מיט דער דונקעלער אַנטוואָרט, דאָס די קאַרטהאַגער האָבען מסתמא געוואוסט, וואָס זיי האָבען געטאָן. באַלד האָבען די רוימער געשיקט מיליטער אונטער די קאָנסולען פון יאָהר 149 פ. קר. ק א י ו ס מ אַ ר צ י ו ס צ ע נ ז אָ ר י נ ו ס און מ אַ נ י ו ס מ אַ נ י ל י ו ס מיט דעם בעפעהל קאַרטהאַגאָ צו צו־שטערען.

די קאַרטהאַגער האָבען געשיקט אַ נייע געזאַנדטשאַפט נאָך רוים מיט דער ערקלערונג, דאָס זיי גיבען זיך אין גאַנצען איבער אין די הענט פון די רוימער אויף גנאַדע אָדער אונגנאַדע. דער סענאַט האָט געענטפערט, דאָס זיי זאָלען פריהער פון אַלץ צושיקען צו די קאָנסולען, וועלכע האָבען זיך

דאמאלס געפונען מיט דער ארמעע אין ליליבאאום, 300 פערזאנען פון די פאר-נעהמסטע פאמיליעס פון קארטהאגא אלס משכון, און דאן זאלען זיי פאלגען די ווייטערע בעפעהלען פון די קאנסולען. די קארטהאגער האבען אויך די-זען שווערען אפפער געבראכט. די קאנסולען האבען דאן געפאדערט פון די קארטהאגער זיי זאלען אלע וואפען זייערע איבערגעבען צו די רוימער. די קארטהאגער האבען אויך דיזע פאדערונג ערפילט. 200,000 פאלשטענ-דיגע קריגס-אויסשטאטונגען האבען די בירגער איבערגעגעבען צו די רוי-מער. דאן האבען די קאנסולען געפאדערט פון זיי צו פערלאזען אין גאנ-צען די שטאדט און זיך בעזעצען צוויי מייל ווייט פון ברעג פון ים, ווייל דער בעשלוס פון רוימישען פאלק איז קארטהאגא אין גאנצען צו צו-שטערען. מיט שרעקען האבען די געזאנדטע אויסגעהערט דיזע פאדע-רונג. זיי זיינען געפאלען צו די פיס פון די קאנסולען און האבען געבעטען גנאדע. עס האט אבער קיין זאך ניט געהאלפען. דאס גאנצע קארטהאגישע פאלק האט דאן איינשטימיג בעשלאסען צו קעמפען ביז דעם לעצטען טראָ-פען בלוט און זיך ניט אונטערגעבען צו אזא שענדליכער בעדינגונג. מען האט צוריקגערופען האזדרובאל'ן פון זיין פערבאננונג, און מען האט זיך אנגעפאנגען צוגרייטען צו א פערצווייפעלטען ווידערשטאנד.

די וואפען האבען די קארטהאגער געהאט איבערגעגעבען צו די רוימער. אבער די גאנצע שטאדט איז באלד פערוואנדעלט געווארען אין א גרויסע וואפען-ווערקשטאט. טאג און נאכט האט מען דארט געארבייט, מענער און פרויען האבען אלע אנטייל גענומען אין דיזער ארבייט. די אלע מאטעריא-לען, וועלכע מען האט געברויכט צו דיזער ארבייט, האבען אין קארטהאגא ניט געפעהלט, ווייל זי איז געוועזען א גרויסער וועלט-מארק. אויך האבען דאר-טען ניט געפעהלט קיין געניטע ארבייטער. דערצו איז געוועזען די בעגייס-טערונג פון פאלק זעהר גרויס. מען האט צואווארפען הייזער אום די באלקען צו בענוצען פיר שיפען. אלע סארטען מעטאלען, אלע צירונגען פון גאלד און זילבער האט מען צוזאמענגעטראגען אום דערפון צו מאכען געוועהר. אין די גאסען, אין די טעמפלען, איבעראל האט מען געהאמערט, געהו-בעלט, געשמאלצען און געבויט. עס האט געפעהלט שטריק צו די פייל-לען-בויגענס — האבען די פרויען אפגעשניטען זייערע לאנגע האאר און דערפון געפלאכטען די נעטיגע שטריק צו די בויגענס. אין א גאנץ קורצער צייט איז אלץ, וואס נעטיג איז, פערטיג געווארען. יעדען טאג זיינען פער-טיג געווארען 100 שילדען, 300 שווערדען, 500 שפיס-שטיקער און א מענגע שליידער-מאשינען. מען האט די שקלאפען בעפרייט אום זיי צום שטרייט

צו געווינען. האזדרובאל האָט אויף זיינע אייגענע קאָסטען צוזאַמענגע-שטעלט אַן אַרמעע פון 20,000 מאַן. איהם האָט מען איבערגעגעבען די קאָ-מאַנדע איבער די אַרמעע אין פעלד, און אַן אַנדערען האזדרובאל האָט מען איבערגעגעבען די פערטיידיגונג פון דער שטאָדט.

די קאָנסולען האָבען זיך שטאַרק פערוואונדערט אַלס זיי האָבען דער-הערט, דאָס קאַרטהאַגאַ, וועלכע האָט זיי איבערגעגעבען אַלע וואפען, זיי-



קאַרטהאַגישער קריגס-מאַן.
נאָך אַ שטיין-בילד, וועלכעס מען האָט געפונען אין סיציליען.

נען גרייט צו אַן ערנסטער פערטיידיגונג. זיי האָבען געגלויבט, דאָס זיי וועלען לייכט איינגעהמען קאַרטהאַגאַ, אָבער נאָך דעם, ווי זיי האָבען צוויי מאָהל געשטורמט די שטאָדט אָהן אַ שום ערפאָלג, זיינען זיי געקומען צו דער אי-בערצייגונג, דאָס זיי מוזען אונטערנעהמען אַ רעגעלמעסיגע בעלאַגערונג. דערווייל איז אַוועק דער ערסטער זומער פון יאָהר 149 פ. קר. אָהן עט-

וואָס צו געווינען. אויך אין דעם אַנדערען יאָהר פון דיזען קריג האָבען די רוימער ניט געהאַט קיין שום ערפאָלג. דאַן האָבען די רוימער בעשלאָסען אויפגעבען דערוויילע די בעלאַגערונג פון קאַרטהאַגאָ און זיך נעהמען צו אַנדערע שטעדט, וואָס געהערען צו די קאַרטהאַגער, אָבער אויך אין דעם האָבען זיי קיין ערפאָלג ניט געהאַט, זיי האָבען מיט שאַנדע געמוזט זיך צוריקציהען אויך פון דער בעלאַגערונג פון אַלע אַנדערע שטעדט.

אין רוים האָט מען זיך באַלד אַרומגעזעהן, דאָס לויט די אומשטענדען, וואָס האָבען דאַמאָלס געהערשט אין דער אַרמעע, קענען זיי אויף קיין פאַל ניט רעכנען און ערוואַרטען אַן ערפאָלג. אין דער אַרמעע איז קיין דיסציפּלין ניט געוועזען און די קאָנסולען זיינען געוועזען אונפעהיג או האָבען ניט געוואוסט, ווי צוצוטרעטען צו דער זאַך. דעריבער האָבען זיי ערוועהלט פיר דאָס אַמט פון קאָנסול דעם 37-יעהריגען ס צ י פּ י אָ אָ מ י ל י אַ נ ו ס, דעם עניקעל פון יענעם סציפּיאָ, וועלכער האָט בעזיגט האַנניבאַל'ן, און האָבען איהם איבערגעגעבען צו פיהרען דעם קריג מיט קאַרטהאַגאָ. דערין האָבען זיך די רוימער ווירקליך ניט געאירט. מיט זיין ענערגיע האָט ער וויעדער איינגעפיהרט צווישען די סאָלדאַטען, וואָס זיינען געוועזען צולאָזען און צוגעוועהנט צו רויב און הולטאַיסטוואָ, די נעטיגע דיסציפּלין. דערנאָך האָט ער אונטערגענומען אַן אַנגריף אויף די שטאָדט, און עס האָט איהם ווירקליך אָפּגעגאָלטען איינצונעהמען אַ פאָרשטאָדט פון קאַרטהאַגאָ. אָבער דיזע פאָרשטאָדט איז געוועזען אַזוי צוגראָבען און פערוויסט, דאָס סציפּיאָ האָט ניט געקענט זיך אין איהר פעסטזעצען און מאַכען אַ ריכטיגען אַנגריף אויף די אינערע שטאָדט. ער האָט דעריבער באַלד געמוזט דיזען אָרט אויפגעבען.

דאָך האָט דיזער ערפאָלג די רוימער פיעל נוצען געבראַכט. האַזדרובאַל האָט געמוזט זיין לאַגער צונעהמען פון דער לאַנד-ענגע אום די אינערע שטאָדט צו זיכערן. דאָס האָט געגעבען די רוימער די מעגליכקייט צו מאַכען אַ מויער פון ברעג ביז ברעג, וואָס האָט אָפּגעשניטען קאַרטהאַגאָ פון דעם קאָנטינענט (פעסטלאַנד), און דאָס איז געוועזען דער ערסטער שריט צו פערהונגערן קאַרטהאַגאָ. דאַמאָלס האָבען שוין פיעלע בירגער געזעהן, דאָס דער סוף פון קאַרטהאַגאָ איז נאָהענט.

עס איז געבליבען נאָר דער ים, דורך וועלכען די קאַרטהאַגער האָבען געקענט מאַנכמאַל בעקומען שפּייז פיר זיך, נעמליך ווען אַ שטאַרקער ווינד האָט דורכגעטריבען זייערע שיפען דורך דער רוימישער פלאָטע. אום אויך דיזע מעגליכקייט צו צונעהמען פון די קאַרטהאַגער, האָט סציפּיאָ געמאַכט אַ שטיינערנעם דאַם, וועלכער האָט פערשפּאַרט דעם אַריינגאַנג אין האַפען.

דאמאלס האבען די קארטהאגער זיך גענומען א נייע האפען־מינדונג צו גראָ־בען. מען האט זיך גענומען צו דיזער ריזען־ארבייט בסוד, אזוי דאס די רוימער האבען עס גאר ניט בעמערקט. אין דער זעלבער צייט האבען די קארטהאגער א נייע פלאָטע געשאפען פון אלטען געהילץ. די רוימער זיי־נען אין גרויס שרעק געקומען, דערזעהענדיג דיזע פלאָטע, וועלכע איז בע־שטאנען פון 50 גרויסע שיפען און א גרויסע צאהל קליינע. די רוימער זיי־נען ניט געווען פארבערייט פיר אזא פלאָטע, און די קארטהאגער וואָלטען געווים געהאט א זיג איבער די רוימער, ווען זיי וואָלטען געוואגט באלד צו מאכען אן אנגריף אויף זיי. די קארטהאגער אבער האבען פריהער געמאכט א פראבע־רייזע און ערסט אויף'ן דריטען טאָג האבען זיי בעשלאָסען צו מאכען אן אנגריף. עס איז געקומען צו א שרעקליכער שלאכט, וועלכע האט אבער קיין זיג ניט געבראכט ניט די קארטהאגער, ניט די רוימער. אלס די קארטהאגער זיינען מיט דער פלאָטע צוריקגעקומען צו דער מינדונג (צו זייער האפען), האבען זיך פריהער ארייגעכאפט די קלענערע שיפען און האבען פערצאמט דעם וועג צו די גרויסע שיפען, וועלכע זיינען געבליבען אויסער דער מינדונג. מיט דיזען אומשטאנד האבען זיך די רוימער בענוצט אום צו מאכען א נייעם אנגריף אויף די קארטהאגישע פלאָטע. הגם די קארטהאגער האבען געקעמפט ווי העלדען, זיינען זיי דאך בעזיגט געוואָרען פון די רוימער. דיזע שלאכט איז געווען די לעצטע, וואס די קארטהאגער האבען געוואגט צו מאכען אין מעער.

דאס דריטע יאהר איז אוועקגעגאנגען און די מעכטיגע האנדעל־שטאָדט איז נאך געשטאנען אונבעצוואונגען. האזדרובאל האט ווידער געפרובט אונ־טערהאנדלען מיט'ן פיינד וועגען פרידען. ער האט געוואָלט נאכגעבען אלע פאָדערונגען פון די רוימער, נאר זיי זאָלען איבערלאָזען די שטאָדט און די בירגער. סציפיאָ האט איהם אפגעזאגט. ער האט נאר געוואָלט שענקען דאס לעבען צו האזדרובאל'ן און זיין פאמיליע מיט 10 אנדערע פאמיליעס, וועלכע זיינען געווען נאהענט פערבונדען מיט איהם, די איבריגע זאָלען זיך אונטערגעבען צו די רוימער אויף גנאדע און אונגנאדע. האזדרובאל האט זיך אפגעזאגט פון דיזע בעדינגונגען.

איין פעסטע שטאָדט האט נאך בעזאָרגט קארטהאגא מיט לעבענס־מיטלען. אלס סציפיאָ האט זיך דערוואוסט פון דיזען אָרט, האט ער באלד געשיקט אהין זיינע טרופען און אין א קורצער צייט האט ער די פעסטונג פון יענער שטאָדט בעזיגט. 70,000 מענשען זיינען אומגעקומען און 10,000 זיינען געפאנגען געוואָרען. יעצט האבען די רוימער רוהיג געווארט ביז דער

הונגער וועט מאכען אַן ענד צו קאַרטהאַגאָ. די שרעקליכע הונגער־נויט האָט זיך באַלד בעוויזען. פיעלע האָבען זיך אַליין דאָס לעבען גענומען, פיעלע האָבען זיך איבערגעגעבען צו די רוימער אַלס שקלאַפען, אַנדערע האָבען געשטילט דעם הונגער מיט פערצעהרען טויטע קערפּערס. אין פריהלינג פון יאָהר 146 פ. קר. האָט סציפּיאָ בעשלאָסען צו שטורמען די שטאָדט. זעקס טעג נאָכאַנאַנד האָבען די בירגער געשטריטען אין פערצווייפלונג מיט די רוימער אין די גאַסען פון שטאָדט. ערסט דעם זיבעטען טאָג האָבען זיך די איבריגע בירגער אונטערגעגעבען. פיעלע פון די בירגער זיינען אריינגעלאָפען אין אַ ברענענדיגען טעמפּעל אום דאָרט דעם טויט צו געפינען. האַזדרובאַל האָט געבעטען גנאָדע פון די רוימער און איז גערעטעט געוואָרען, אָבער זיין ווייב האָט איהם פערפלוכט דערפאַר און האָט זיך זעלבסט אין פייער אריינגעוואָרפען. אזוי איז קאַרטהאַגאָ נאָך אַ דריי־יעהריגער בעלאַגערונג פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ באַרג אַש. די רוימער האָבען צואַקערט די שטאָדט און האָבען געהייליגט די ערד צו די אונטער־געטער. דאָס קאַרטהאַגישע לאַנד איז געוואָרען אַ רוימישע פּראָווינץ מיט דער הויפּט־שטאָדט אַטטיקאַ (146 פ. קר.). סציפּיאָ האָט בעקומען דעם עהרען־נאָמען „דער אינגערער אַפריקאַנוס".

## 6) די קריגען נאָך דעם דריטען פּונישען קריג.

ד קריגען אין שפּאַניען. הגם שפּאַניען האָט זיך גערעכענט אַלס אַ רוימישע פּראָווינץ שוין זייט 206 פ. קר., דאָך האָבען זיך געפונען פיעלע לענדערייען אין צפון און אין מערב, וועלכע זיינען נאָך געווען אונאָפּהענגיג און וועלכע זיינען אונטערוואָרפען געוואָרען אונטער די רוימער ערסט נאָך לאַנג־יעהריגע מלחמות. אַנפאַנגס האָבען די רוימער געפונען אין שפּאַניען אַ פריינדליכע אויפנאַהמע, ווייל די שפּאַניער האָבען גערעכענט די רוימער אַלס געגנער פון די קאַרטהאַגער, וועלכע האָבען זיי אָנגעטאָן צרות, און פון וועלכע זיי זיינען גערן געווען פּטור צו ווערען. אָבער נאָך דעם, ווי די קאַרטהאַגער זיינען פערטריבען געוואָרען פון שפּאַניען, האָבען זיך די איינוואוינער איבערצייגט, דאָס זיי האָבען גאָר ניט געוואונען, זיי האָבען נאָר פערביטען איין הערר אויף אַן אַנדערן. און ווירקליך האָבען די רוימישע קריגס־קאָמאַנדירען גרויזאַם בעהאַנדעלט די האַלב־ווילדע איינוואוינער פון שפּאַניען. מעהרסטענס האָבען די רוימער געהאַט צרות פון די לוסיטאַניער. דאָס איז געווען אַ שטאַרקעס פאָלק פון יעגער און פּאַסטוכער, וועלכעס האָט זיך ניט געוואָלט בעשעפטיגען

מיט אקערבוי, און פלעגט בעסער מאכען אפט בעפאלען און רויב־צוגען אויף די רוהיגע נאכבארען. אום אן ענדע צו מאכען צו דיזע רויב־צוגען, האט אין יאהר 151 פ. קר. דער פראָטאָר ס ע ר ו ו י ו ס ס ו ל פ י צ י ו ס ג א ל ב א אונטערגענומען געגען די לוסיטאניער א פעלדצוג. ער האט אבער געהאט א פאלשטענדיגע מפלה פון זיי. דעם נעכסטען יאהר האט ער געשיקט געגען זיי צוויי ארמעען. דאן האבען זיך אייניגע שטאמען אונטער־געגעבען צו די רוימער. גאלבא האט זייער אונטערוואַרפונג נאָר לפּנים אָנ־גענומען. ער האט זיי פארגעשלאגען צו געבען א בעסערעס, מעהר פרוכט־בארעס לאנד צום בעזיץ אנשטאדט דעם, וועלכעס זיי האבען יעצט. פיעלע טויזענדער פון זיי האבען פערלאזען זייערע בערג, אבער אזוי באלד, ווי זיי זיינען ארונטער אין טאל, האט זיי דער פראָטאָר ארומגערינגעלט מיט זיין מיליטער און האט זיי אלע ערמאָרדעט. זעהר ווענינע פון זיי האבען זיך גערעטעט פון דעם בלוט־באד. אונטער די גערעטעטע איז געוועזן ו ו י ר י א־ט ה ו ס, אן איינפאכער פאסטוך און יעגער, ווי אלע זיינע לאנדסלייט, אבער ער האט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין קלוגהייט, מוטיגקייט און פאר־זיכטיגקייט, און איז בעקאנט געוועזן דורך זיינע געוואגטע רויב־צוגען. זיינע ערביטערטע לאנדסלייט האבען איהם ערוועהלט צום אנפיהרער, און ער האט אנגעהויבען מאכען פלענער זיך אפצורעכנען מיט די רוימער. פיער יאהר נאכאנאנד האט ער געפיהרט קליינע מלחמות געגען די רוימער. ער פלעגט פערנארען די רוימער, וועלכע זיינען ניט גוט בעקאנט געוועזן מיט דער געגענד, אין אן ענגען געפעהרליכען אָרט, און דאָרט האט ער זיי אלע צושניטען. ווען די רוימער האבען געשיקט אן ארמעע געגען איהם, פלעגט ער פלוצלונג פערשוואונדען ווערען, אזוי דאס די רוימער האבען ניט גע־וואוסט וואוהין ער איז אוועק, און איז ערשינען אין אן אָרט, וואו מען האט איהם גאר ניט געקענט ערווארטען. איהם האבען די רוימער קיינמאל ניט בעזיגט, און אין אייניגע יאהר האט ער געהערשט פון עברא ביז דעם גוואדאלקיוויר (צוויי בעריהמטע טייכען אין שפאניען). די רוימער האבען אנגעפאנגען צו שיקען מעהר מיליטער מיט טיכטיגערע קאמאנדירען נאך שפאניען, אבער זיי האבען געהאט ווענינג ערפאלג. אויך ק ו ו י נ ט ו ס פ א ב י ו ס מ א ק ס י מ ו ס ס ע ר ו ו י ל י א נ ו ס, דער קאָנסול פון יאהר 142 פ. קר., האט ניט געהאט קיין גרויסען ערפאלג. ער האט אנפאנגס בעזיגט אייניגע בערג־שטאמען, אבער דעם נעכסטען יאהר האט איהם וויריא־טהוס פערנארט אין אן ענגען דורכגאנג, וואו ער האט געקענט די רוימער אין גאנצען פערניכטען. ער האט ערלויבט די רוימער א פרייען דורכצוג נאך

מיט דער בעדינגונג, דאָס זיי וועלען איהם אַנערקענען אַלס קעניג אין לוסיטאַ-ניען און קיינמאָל ניט אָנגרייפען די לוסיטאַניער. פּאַביוס האָט איינגעשטימט אויף דיזע בעדינגונגען. דער סענאַט האָט בעשטעטיגט דעם אָפּמאַך און האָט אָנערקענט די לוסיטאַניער אַלס פריינד פון רוימישען פאָלק. אָבער בסוד האָט דער סענאַט, דיזע פאַלשע, טרייפלאָזע אינסטיטוציאָן, געגעבען אַ בע-פעהל צו דעם קאָנסול פון נעכסטען יאָהר, ק. סערוויליוס צאָפּיאָ, איבער־אַ־נייס אָנפאַנגען קריג מיט די לוסיטאַניער. אָבער די רוימער האָבען ניט געקענט בעזיגען וויריאַטהוס׳ן, הגם ער איז ניט געווען גוט בעוואָ-פענט און ניט צוגעגרייט צו קריג, ווייל ער האָט גערעכענט, דאָס ער האָט ניט וואָס צו פירכטען פאַר רוים נאָך דעם. ווי פרידען איז געשלאָסען געוואָרען. דאָך האָט ער געפּרובּט נאָך אַמאָל פרייוויליג די רוימער פרידען אָנבאָטען. צאָפּיאָ האָט אויפגענומען די דריי געזאַנדטע פון וויריאַטהוס׳ן מיט גרויס פריינדליכקייט, ער האָט אָבער אויך באַלד בעמערקט, דאָס זייער ליבע צו גאָלד איז פיעל שטאַרקער פון זייער פריינדשאַפט און טרייהייט. דורך גרויסע טייערע מתנות און דורך גרויסע הבטחות האָט ער ביי די גע-זאַנדטע גע׳פּועל׳ט, זיי זאָלען וויריאַטהוס׳ן אין שלאָף ערמאָרדען. אַלס די מערדער האָבען אָפּגעטאָן זייער זאַך—זיי האָבען ערמאָרדעט וויריאַטהוס׳ן—זיינען זיי געלאָפען צום קאָנסול ער זאָל מקיים זיין זיין פערשפּרעכען. דיזער האָט זיי אָפּגעשיקט צום רוימישען סענאַט און דאָרט האָט מען זיי אויסגעלאַכט און מען האָט געענטפערט, דאָס אַ בעטריגער איז רעכט צו בע-טריגען. די לוסיטאַניער האָבען זייער העלד שטאַרק בעווייגט און האָבען איהם בעערדיגט מיט גרויס כבוד. 200 פּאָאָר פון די בעסטע פעכטער האָ-בען זיך פרייוויליג געפאָכטען ביז צום טויט צו עהרע פון זייער געליבטען פיהרער. די רוימער האָבען זיך גענומען פערפאָלגען די לוסיטאַניער, וועלכע האָבען געמוזט אַוועקלויפען אין די בערג און זיך דאָרט אויפהאַלטען.

אין צפון־שפּאַניען איז לאַנגזאַם דער קאַמף געגאַנגען ווייטער. די אור-זאַך פון קריג איז דאָרט געווען דער קלייגער אָרט נומאַנטיאַ ביי די דוערא־-קוועלען. אין רוים איז יעצט אריין אין געברויך די מעטהאָדע פיהרען קריג מיט אַלע מעגליכע פאַלשקייטען און בעטרוגען. דיזע מעטהאָדע האָט אויך אָנגענו-מען דער קאָנסול קווינטוס פּאָמפּעיוס רופוס. ער האָט נעמ-ליך מיט די נומאַנטיער אָפּגערעדט מינדליך בעדינגונגען פון פרידען, אויף וועלכע זיי זיינען צוגעשטאַנען. אָבער אויף אַ פּאַפּיער האָט ער דעם אָפּמאַך אויפגעשריבען גאָר אַנדערש און האָט אַוועקגעשיקט צום סענאַט צו בעשטעטיגען. אַלס די בעשטעטיגטע פּונקטען זיינען צוריקגעקומען פון סענאַט.

האט נומאַנטיאַ זיי ניט געוואָלט אָננעהמען. דער קריג האָט ווידער אויס-געבראָכען. דער קאָנסול קאַיוס האָסטיליוס מאַנציִנוס איז געוואָרען ארומגערינגעלט מיט זיין גאַנצער אַרמעע, וועלכע איז געווען דריי מאָל שטאַרקער אין צאָהל ווי די נומאַנטיער, און ער האָט זיך געמוזט אונ-טערגעבען אונטער אַ שענדליכען פרידען אום בעפרייט צו ווערען פון זיין ענ-גען אָרט, וואו ער איז איינגעשלאָסען געוואָרען, און ער האָט בעקומען ערלויב-ניס פון די נומאַנטיער פריי אָפּצוציהען. דער סענאַט אָבער האָט ניט אָנגענו-מען די בעדינגונגען פון פרידען און האָט געשיקט דעם קאָנסול, וואָס האָט אָפּ-געשלאָסען מיט זיי פרידען, אַ געבונדענעם, זיי זאָלען מיט איהם טאָן, וואָס זיי ווילען. די נומאַנטיער אָבער האָבען אַזוי פיעל צרות די רוימער פערשאַפט אין דעם קריג, דאָס די רוימער זיינען געווען געצוואונגען צו שיקען צו די נומאַנטיער דעם בעסטען קריג-קאָמאַנדיר, וואָס איז געווען אין יענער צייט אין רוים, נעמליך סציפּיאָ אַפריקאַנוס, וועלכער איז געקומען נאָך שפּאַניען מיט 60,000 מאַן. נומאַנטיאַ האָט נאָר געהאַט 8,000 מאַן צו פערטיידיגען די שטאָדט. דאָך האָט עס גענומען 18 מאָנאַטען ביז דער גרויסער רוימי-שער העלד, וואָס האָט בעזיגט קאַרטהאַגאָ, האָט איינגענומען נומאַנטיאַ. דער הונגער האָט זיי געצוואונגען זיך אונטערצוגעבען, ווייל סציפּיאָ האָט קיין צופיהר פון שפּייז ניט צוגעלאָזען צו זיי. די בעדינגונגען פון פרידען, וואָס די רוימער האָבען פערלאַנגט, זיינען געווען אַזוי ווילד, אַזוי באַרבאַריש, דאָס די נומאַנטיער האָבען בעסער אונטערגעצונדען די שטאָדט און זיך מיט ווייב און קינדער אין די פלאַמען געוואָרפען, נאָר ניט אַריינצופאַלען אין די הענט פון די רוימער. דער זיגער האָט גאָר ניט געהאַט וואָס מיטצונעהמען צו בע-שענען זיין טריאומף אויסער אַ ביסעל אַש. די רוימישע שריפטשטעלער, וועלכע זיינען געוועהנט די רוימישע פיינד קיין זאַך ניט צו אַנערקענען, האָ-בען ניט ווילענדיג געמוזט צוגעבען, דאָס די נומאַנטיער האָבען פערדינט די עהרע אָנגערופען צו ווערען דאָס מוטיגסטע פאָלק אין דער וועלט.

רוים האָט געהאַט דאָס גליק איינינע לענדער אויף'ן פרידליכען וועג, אָהן קריג, צו נעהמען אין בעזיץ. אַזוי האָט זי געקראָגען פערגאַמוס נאָך דורך אַ צוואה פון אַטטאַלוס דעם 3טען אין יאָהר 133 פ. קר. דיזער אַטטאַלוס איז געווען אַ גרויסער טיראַן. ער האָט אַלע זיינע פערוואַנדטע געלאָזט אומ-ברענגען, ווייל ער האָט צו זיי קיין צוטרויען ניט געהאַט, און האָט פאַר זיין טויט אָפּגעזאָגט דאָס לאַנד צו רוים. פערגאַמוס איז געוואָרען אַ רוימישע פּראָווינץ אונטער דעם נאָמען אַ ז י אַ.

דאָס רוימישע רייך איז פערגרעסערט געוואָרען פון די פּונישע קריגען אָן אין אַ צייט פון 125 יאָהר אויף 25,000 קוואדראט־מיילען, דאָס הייסט, עס איז פערגרעסערט געוואָרען אין 10 מאָל. מיר געפינען פיר ניצליך צו



אַ באַרבאַר טויטעט זיך און זיין פרוי נאָך אַ פערלאָרענער שלאַכט.

געבען אַ קורצען איבערבליק איבער דעם גלענצענדען ערפאָלג, וואָס רוים האָט געהאַט זינט זי איז געגרינדעט געוואָרען.

אָנפאַנגס איז רוים געווען אַן אָפענער אָרט צווישען בערגלאַך, אונטער וועלכע דאָס קלענסטע איז געווען זעהר שטייל (ד. ה. גאָר ניט משופּע),

און דעריבער איז אויף איהם געגרינדעט געוואָרען די בורג אַלס צופלוכטס־-אָרט אין צייט פון קריג. דער קלימאַט איז דאָרט געווען ניט זעהר קיין געזונטער, אַזוי דאָס פון דער נאַטור איז רוים ניט געווען זעהר בעגינסטיגט. אָבער זי איז געשטאַנען אין מיטען איטאַליען, וואו זי האָט געקענט פער־שפּרייטען איהר הערשאַפט אין אַלע טיילען פון דיזען לאַנד. רוים איז גע־לעגען אויף'ן לינקען ברעג פון דעם טייך טיבער, אייניגע שטונדען גאַנג פון זיין מינדונג, ד. ה. פון דעם אָרט, וואו ער גיסט זיך אריין אין ים. דערמיט איז זי זיכער געווען פון א פּלוצלונגען איבערפאַל פון זעע־רויבער אָדער פון אַן אויסלענדישען פיינד, אָבער עס איז איהר ניט שווער געווען צו שיקען איהרע האַנדעל־שיפען אין אַנדערע לענדער און ברייננגען פון דאָרט וואָס זי האָט געברויכט פיר זיך.

מיר ווייסען ווענינ אָדער כמעט גאָר ניט פון די פרידליכע בעציהונגען פון רוים צו אַנדערע פעלקער. די געשיכטע ערצעהלט אונז נאָר פון איהרע קריגען. די ערסטע מלחמות האָט רוים געפיהרט מיט די לאַטינישע שטעדט, מיט אַלבאַ אַן דער שפּיץ. דיזעס איז פאָרגעקומען אין דער ערסטער פעריאָ־דע פון דער רוימישער געשיכטע, אין דער פעריאָדע פון די קעניגען. דער רעזולטאַט פון דיזע קריגען איז געווען, דאָס רוים האָט געקריגען די העגע־מאָניע, די פיהרערשאַפט איבער אַלע לאַטינישע שטעדט. נאָך דעם האָט זיך אָנגעפאַנגען די צווייטע פעריאָדע, די פעריאָדע פון דער רעפובליקאַנישער רעגירונג. דאַן האָט רוים אָנגעפאַנגען צו פיהרען מלחמות מיט די איטאַ־ליענישע פעלקערשאַפטען און מיט די עטרוסקען, וועלכע זיינען געלעגען צו צפון פון רוים. אין דיזער פעריאָדע קען מען ניט אָנצייגען אויף גרויסע קריגס־-קאָמאַנדירען אָדער טיכטיגע שטאַאַטס־מענער. אין אָנפאַנג פון דיזער פעריאָדע איז רוים געשטאַנען צוויי מאָל ביים ברעג פון אַפּגרונד, איין מאָל אין דעם קאַמף מיט פּאָרסענאַ דעם עטרוסקער, און דעם צווייטען מאָל, ווען די גאַלליער זיינען זיי בעפאַלען, אָבער דיזע שטורמס האָבען רוים נאָר געבויגען, ניט געבראָכען. אויסער דיזע צוויי מאָל האָט רוים קיינמאָל ניט געשלאָסען פרידען נאָך אַ נידערלאַגע. אין דיזער פעריאָדע האָט זיך רוים אויסגעצייי־כענט מיט איהר טוגענד, מיט איהרע שענע מדות. אין יענער צייט האָבען זיך געבויגען פאַר רוים די וואָלסקער, די אָקוועך, די פידענאַ און די וועאי, נאָכדעם זיינען אונטערגעוואָרפען געוואָרען די סאַבינער, סאַמניטער אין עטרוריער. נאָכדעם זיינען אויך די גריכישע שטעדט פון דרום־איטאַליען געפאַלען אונטער די הערשאַפט פון רוים. דאַן איז גאַנץ איטאַליען, אויסער גאַלליען אין צפון, געוואָרען אונטערטעניג צו רוים. דאָס איז געווען דער

צושטאנד פון רוים אין יאהר 266 פ. קר., 488 זאהר זינט די שטאדט רוים איז געגרינדעט געווארען.

די לעצטע מלחמות האבען געבראכט א פרעמדען געגנער אויף'ן איטאליענישען באדען. פירהוס האט געצייגט די רוימער, ווי ווייט די מאצעדאניער און די גריכען שטעהען העכער פון זיי אין דער קריגס־קונסט. אבער מיט דער לעקציאן, וואס ער האט זיי געגעבען, האבען זיי זיך אויסגעלערנט ווערען זיינע בעזיגער. נאך דעם איז אויסגעוואקסען פיר זיי א זעהר מעכטיגער געגנער אויסער איטאליען. דיזער געגנער איז געווען קארטהאגא. דיזע געגנער האבען זיי געצוואונגען פיהרען קריג אויף'ן ים, אין אפריקא און אין שפאניען. קארטהאגא איז דאמאלס געווען די איינציגע הערשערין איבער דעם וועסטליכען טייל פון דעם מיטעללענדישען מעער. אום קארטהאגא צו בעהערשען, האט רוים זעלבסט געמוזט ווערען א שטארקע ים־מאכט, האט געמוזט זיך פערשאפען א מעכטיגע פלאטע, וועלכע האט בעדארפט איבערפיהרען איהרע קריגער נאך סיציליען, סארדיניען, שפאניען און אפריקא. צוויי לאנגע קריגען האט רוים געמוזט פיהרען מיט קארטהאגא ביז עס איז איהר געלונגען צו ברעכען איהר שטאלץ, און נאך א דריטען קריג האט רוים זי אין גאנצען פערניכטעט. אין האנניבאל'ן האט רוים געפונען א מעכטיגען געגנער. אזא געגנער האבען זיי אין זייער גאנצען געשיכטליכען לעבען ניט בעגעגענט. כמעט אהן א שום שטיצע פון קארטהאגא האט האנניבאל גאנצע פופצעהן יאהר געפיהרט קריג מיט די רוימער אין דער פרעמד, אויף'ן איטאליענישען באדען. די רוימער האבען געהאט פיעלע נידערלאגעס פון האנניבאל'ן, און אזעלכע, ווי זיי האבען געהאט ביי באננא, האבען זיי קיינמאל אין זייער לעבען אלס פאלק ניט געהאט. אבער די אויסדויער פון די רוימער האט זיי געמאכט פיר זיגער. מיט האנניבאל'ן איז קארטהאגא אויך צו גרונד געגאנגען (146 פ. קר.).

צווישען דעם ערסטען און דעם צווייטען פונישען קריג האט רוים געהאט פיעל צו טאן ביז זי האט איינגענומען די קעלטען און די גאללייער אין צפון־איטאליען. באלד נאך דעם האט זיך רוים גענומען צו גריכענלאנד און האט געהאט פיעל צו טאן ביז עס איז איהר געלונגען בעצווינגען דעם מעכטיגען פיליפ פון מאצעדאניען. לאנג האט עס גענומען, פיעל בלוט איז פערגאסען געווארען אין שפאניען ביז די רוימער האבען זיך דארט בעפעסטיגט און די איבעריער זיינען געווארען אונטערטעניג. נאך דיזע אלע זיגען איז רוים געווארען די אליין־הערשערין אין מערב־טייל פון מיטעללענדישען מעער.

כמעט אין דער זעלבער צייט זיינען די רוימער געוואָרען די הערשער אויך אין דעם מזרח פון מיטעללענדישען מעער. צווישען דעם צווייטען און דעם דריטען פונישען קריג האָבען די רוימער בעזיגט מאַצעדאָניען. זיי זיי־נען אריבערגעגאַנגען דעם העללעספּאָנט, די שמאָלע ים־שטראַס, וואָס טיילט אָפּ אזיען פון אייראָפּאַ, אום צו בעצווינגען דעם סירישען קעניג אַנטיאָכוס דעם גרויסען. א טייל פון קליין־אזיען איז געוואָרען א רוימישע פּראָווינץ און די איבריגע לענדער דאָרט, וואָס האָבען נאָך ניט געהאַט קיין אייגענע פּיר־סטען, זיינען געוועזען געהאָרזאַם צו רוים און האָבען געטאָן אַלץ, וואָס זי האָט פערלאַנגט, גלייך ווי זי וואָלט דאָרט געהערשט. צו דער אונאייניגער, צורי־סענער גריכענלאַנד האָט דער רוימישער סענאַט לאַנג געהאַט א רעספּעקט צו־ליב דער גריכישער גייסטיגער בילדונג. אָבער ענדליך, נעמליך אין דעם זעלבען יאָהר, וואָס קאַרטהאַגאָ איז צושטערט געוואָרען, איז אויך קאָרינטה אונטער־געגאַנגען און מיט איהר איז דער לעצטער שטראַהל פון גריכישער פרייהייט פערלאָשען געוואָרען.

אזוי איז רוים געוואָרען די אַליין־הערשערין אין מיטעללענדישען מעער. ווען עס זיינען נאָך דאָ און דאָרט געבליבען איינציגע קליינע אונאָפּהענגיגע לענדערייען, זיינען זיי אויך ביסלאַכווייז ארונטערגעפאַלען אונטער די רוי־מער, ווען זייער צייט איז געקומען, ווי עס איז געוועזען מיט קרעטאַ, נומידיען, סיריען, פּאָנטוס און ארמעניען.

## די רוימישע קולטור ביז דער צייט פון די פונישע קריגען.

די הויפּט־בעשעפטיגונג פון די רוימער אין פערלויף פון פיעלע יאָהר־הונדערטער איז געוועזען דער אַקערבוי, וועלכען זיי האָבען גערעכענט פיר זעהר אַן עהרנפולע ארבייט. און דעריבער, ווען זיי האָבען איינגענומען א לאַנד, האָבען זיי ניט געזוכט זיך בערייכערן דורך דעם זיג מיט געלט, נאָר זיי פלעגען אָפּנעהמען פון די בעזיגטע א דריטעל פון זייערע פעלדער. די אינ־סטרומענטען, וואָס זיי האָבען געברויכט צו דיזער ארבייט, זיינען געוועזען די זעלבע, ווי ביי די גריכען, נעמליך: די סאָכע, וועלכע איז אין יענע אַלטע צייטען בעשטאַנען פון א קרומען האָלץ, א וואָגען מיט צוויי רעדער, וועלכען זיי פלעגען געברויכען אין דער פעלד־ווירטשאַפט, א וואָגען מיט פיער רעדער צו איבערפיהרען שווערע משאות, א בראָנע, א האַק, א גראָב־אייזען, א סערפּ, פערשיידענע זיפּען און רעשעטעס. זיי פלעגען אַקערן דריי מאָל. די תבואה פון די פעלדער פלעגען זיי אראָפּנעהמען מיט דעם סערפּ און ברייננגען דאָס אין שייער, וואו זיי פלעגען עס דרעשען פון די שטרוי און מעקענע דורך חיות

אָדער דורך אַ דרעש־וואָגען. נאָכדעם פלעגען זיי די תבואה אויסרייניגען אָדער דורכווירפלען מיט אַ שויפעל אָדער מיט אַ גרויסע רעשעטע. מערסטענס פלעגען זיי געברויכען ווייץ און רעטשקע, גערשטען און האָבער פלעגען זיי זעען וועניגער.

די רוימער פלעגען געברויכען אלס שפייז זעהר פיעל גאָרטען־פרוכט, אַלערליי גרינסען און בוימער־פרוכט, בעזונדערס עפעל און בארען. אין די שפעטערע צייטען, ווען דער אַקערבוי איז ביי זיי שוואַכער געוואָרען, האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו קולטיווירען (בעאַרבייטען) וויין. די וויינטרויבען פלעגען זיי אַרונטערנעהמען אין אָקטאָבער. פריהער פון אַלץ פלעגען זיי די טרויבען טרעטען מיט די נאַקעטע פיס אין גרויסע קובלען, נאָכדעם פלעגען זיי



רוימישער בויער. נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

די טרויבען אַריינברייגען אין אַ קעלטער. אַלס דער וויין איז פערטיג געוואָרען, פלעגט מען איהם אין פעסלאַך אַרויפטראָגען אין די אויבערסטע עטאַזשען אין אַ בעזונדער צימער, וואָס איז געווען בעשטימט פיר דיזען צוועק; נאָך דעם, ווי דער וויין איז דאָרט געשטאַנען די נעטיגע צייט, האָט מען איהם צוריק אַריינגעטראָגען אין דעם קעלטער.

אין לאַטיום און קאַמפאַניען איז פון גאַנץ אַלטע צייטען געווען ענטוויקעלט די אויל־קולטור (בעאַרבייטונג פון בוימעל). אוילבערטען פלעגען זיי פלאַנצען אָדער אין בעזונדערע גערטנער, אָדער צווישען די תבואה פעלדער. פיהצוכט איז ביי זיי ניט געווען ענטוויקעלט, זיי האָבען זיך פערשאַפט פון די גרעסערע פיה נאָר אַזוי פיעל, ווי פיעל זיי האָבען געברויכט צו דער אַר-

בייט. עס איז ביי זיי געווען שטארק ענטוויקעלט די צוכט פון שאף, ווייל דערפון פלעגען זיי מאכען גוטע געשעפטען אין האנדעל. בעזונדערס גרויס איז ביי זיי געווען די בינען־צוכט, ווייל זיי פלעגען זעהר פיעל האניג געברויכען ביי זייערע טישען; זיי האבען קיין צוקער ניט געהאט, פלעגען זיי געברויכען האניג צום קאכען, צום באקען און צו פערזיסען די ווייגען.

די האנט־ארבייט האט אין רוים קיין עהרען־ארט ניט פערנומען, דאס האט זיך ביי זיי גערעכענט פיר זעהר א געמיינע, נידריגע בעשעפטיגונג. פיר ארבייט מוז מען דאך בעצאהלען, און דער פרייער רוימער האט ניט געארבייט פיר געלט; דאס האט געפאסט, נאך זייער בעגריף, נאר פיר א שקלאף; דעריבער האט קיין ארבייטער זיך ניט געקענט צושלאגען צו א הויכער רעגירונגס־שטעלע. אפילו א שרייבער האט ניט געקענט בעקומען א רעגירונגס־שטעלע כל זמן ער איז געווען א שרייבער ביי אן אנדער פערזאן פיר געלט. מיט האנט־ארבייט פלעגען זיך ביי זיי בעשעפטיגען אין די אלטע צייטען נאר שקלאפען, פלעבעיער, פרעמדע און קליענטען. די האנדווערקער האבען זיך שוין אין זעהר אלטע צייטען פעראייניגט אין צעכען (ארבייטער־פעראיינען). מען זאגט, דאס דיזע ארדנונג האט נאך דער קעניג נומא איינגעפיהרט. עס איז געווען ביי זיי א צעך פון פלויטען־שפילער (מוזיקאנטען), צעכען פון גאלד־שמידען, פון קופער־שמידען, צימערלייט (סטאליארעס), שטעפער, פארבער, וועבער, שוסטערס א. ד. גל.

נידריגער פון אלע סארטען ארבייט איז ביי די רוימער געווען קוכעריי, נאר נאך דעם, ווי זיי זיינען בעקאנט געווארען דורך די קריגען, וואס זיי האבען געפיהרט מיט סיציליען און גריכענלאנד, מיט די בעסערע שפייזען פון אויסלאנד, האבען זיי מעהר אנגעהויבען צו פערשטעהן דעם ווערט פון דיזער ארבייט און צו שעצען זי. עס האט זיך ביי זיי ענטוויקעלט מיט דער צייט א שרעקליכער לוקסוס אין שפייז־זאכען, איבערהויפט שפעטער אין דער צייט פון די קיסרים.

דער ערסטער בעקער־צעך איז געגרינדעט געווארען אין רוים אין יאהר 171 פ. קר. פריהער פלעגען שקלאפען צומאהלען די תבואה און די שקלאפינס האבען געבאקט אונטער דער אויפזיכט פון די הויז־פרויען. עס זיינען אויך געווען בירגער, וואס האבען זיך בעשעפטיגט מיט קוילען (שלאכטען) שאף און רינדער אום דאס פלייש צום פערקויפען צום עסען. דאס פלייש פלעגען זיי פערקויפען אין קראמען. אבער די גרויסע גוט־בעזיצער פלעגען מעהרסטענס בעציהען פלייש פון זייערע אייגענע גיטער.

די טעפּער פלעגען מאַכען די געטער־בילדער, אָבער דאָס פאָלק האָט באַלד אָנגעהויבען קוקען מיט פעראַכטונג אויף דיזע קונסטלאָזע ארבייט, און מען האָט אָנגעפאַנגען צו ברייננגען געטער־בילדער פון גריכענלאַנד און פון אזיען. עס זיינען געווען פערשיידענע צעכען פון מעטאַל־ארבייט, שום-טערס, גאַרטעל־מאַכערס, שניידערס. אין די גאַנץ אַלטע צייטען האָבען די רוי-מער ניט גענאָלט זייערע בערד. אום 300 יאָהר פ. קר. האָט מען געבראַכט באַרבערס פון סיציליען און דאַמאָלס האָבען זיך רוימער אָנגעפאַנגען צו גאָלען די בערד. מערקווירדיג, דאָס די באַרבער־הייזער זיינען שוין דאַמאָלס געווען אַן אָרט, וואו יונגע לייט פלעגען צוזאַמענקומען צו שמועסען און הערען נייס.

קונסט־ארבייט האָט זיך ביי די רוימער ענטוויקעלט זעהר שפּעט. און אויך דאַן האָבען זיי קיין זעלבשטענדיגעס ניט בעשאַפען, אַלץ איז געווען נאָכגעמאַכט. נאָר אין אַרכיטעקטור האָבען זיי טיילווייז אייגענעס אריינגע-בראַכט. פון מעדיצין האָבען זיי ווייניג געוואוסט. זייערע דאָקטוירים זיי-נען מעהרסטענס גענומען געוואָרען פון גריכענלאַנד. ערסט אין יאָהר 219 פ. קר. ווערט דערמאָהנט אַ רוימישער דאָקטאָר ארכאַגאַטהאָס.

נאָך נידריגער איז ביי די רוימער געשטאַנען די גאַסט־ווירטשאַפט (האָ-טעל־געשעפט), ווייל אַן אַנשטענדיגער רוימער האָט עס געהאַלטען פיר אַ שאַנדע צו געהן אין אַ גאַסט־הויז, און דעריבער זיינען ביי זיי קיין אַנשטענדי-גע גאַסט־הייזער ניט געווען.

די אונטערע באַמטע האָבען געהערט צו דער קלאַס פון האַנדווערקער. די שרייבער פלעגען נאָך אין די ערסטע צייטען זיין נאָר בירגער, און דעריבער איז עס דאָך אייניגערמאַסען געווען אַן עהרען־אַמט. אָבער זינט די שריי-בער האָבען אָנגעפאַנגען קריגען געצאָהלט פיר זייער ארבייט, האָבען זיי מעהר ניט געקענט צוגעלאָזען ווערען צו אַ העכערען אַמט. אָבער דערפאַר האָבען זיי געוואוסט, ווי צו מאַכען פון דיזער בעשעפטיגונג גרויסע רייכטימער. דורך די הענט פון די שרייבער פלעגען דורכגעהן גרויסע סומעס רעגירונגס־געלדער, און זיי האָבען פערשטאַנען דאָס אויסצונוצען מיט אַן אָרענטליכען אָדער ניט אָרענטליכען וועג אום רייך צו ווערען דערפון. די העכערע בעאַמטע האָבען מעהרסטענס געוואוסט פון דיזע רויבערייען, אָבער זיי פלעגען עס פערשווייגען און קוקען דורך די פינגער, איבערהויפּט איז עס געווען דער פאַל אין די פּראָווינצען. מעהרסטענס זיינען די שרייבער געווען אונגעבילדעטע אָדער האַלב־געבילדעטע לייט. אָבער דאָך האָט זיך אין זיי ענטוויקעלט אַ געוויסע אַרט שטאָלץ דערמיט, וואָס זיי, אַלס שטענדיגע בעאַמטע, האָבען

גוט געוואוסט די געזעצען און די בעשלוסען פון סענאט, פיעל בעסער ווי אלע אנדערע בעאמטע, וועלכע זיינען ערוועהלט געווארען נאר אויף איין יאהר.

די פאליציסטען פלעגען זיין נאר בירגער אדער פרייגעלאזענע, אבער קיין שקלאף איז ניט געווען צוגעלאזען צו דיזער שטעלע. די פאליציי־לייט, אדער ווי זיי האבען זיך גערופען אין רוים „ליקטארען", האבען אויסער זייער געהאלט געהאט אויך אנדערע זייטיגע איינקונפטען, בעזונדערס אונטער דער הערשאפט פון געוויסענלאזע שטאטהאלטער אין די פראווינצען. פיעל ערגער געשטעלט פון די ליקטארען זיינען געווען די וויאטארען. דאס איז געווען א קלאס בעאמטע, וואס זייער פליכט איז געווען צו רופען די סענאטארען פון זייערע גיטער צו די זיצונגען אין סענאט, און די בעשלוסען פון פאלק אדער פון סענאט איבער דאס לאנד צו טראגען. דיזער סארט בעאמטע פלעגט גענומען ווערען פון די נידריגסטע בירגער, מעהרסטענס פון פרייגעלא־זענע שקלאפען פון די העכערע בעאמטע. נאך וועניגער געאכטעט איז גע־ווען די בעשעפטיגונג פון פראקאנען אדער אויסרופער. זייער פליכט איז געווען: ארדנונג צו האלטען אין פאלקס־פערזאמלונגען, רופען דאס פאלק צו די געמיינשאפטליכע שפילען, פארלעזען פאר'ן פאלק נייע געזעצען, רו־פען צו לויות א. אנד. דיזע בעשעפטיגונג איז אבער געווען זעהר איינטרעג־ליך. כמעט אלע פראקאנען זיינען געווען פרייגעלאזענע שקלאפען. די דאל־מעטשער, וועלכע מען פלעגט געוועהנליך געבען צו יעדען שטאטהאלטער אין די פראווינצען, האבען זיך גערעכענט פיר געבילדעטע. די דאלמעטשער פלעגט אויך זעהר אפט דער סענאט געברויכען, בעזונדערס ווען עס פלעגען אנקומען אין רוים געזאנדטע פון פרעמדע לענדער.

פיר דעם דינסט אין קריג פלעגען די רוימער קריגען געצאהלט. אין די ערסטע צייטען פלעגען זיי טאן אלץ, וואס בעלאנגט צום קריג־דינסט אויף אייגענע רעכנונג. אין יאהר 406 פ. קר. האט דער סענאט בעשלאסען, דאס די בירגער, וואס דינען אין קריג, זאלען בעקומען געהאלט פון דער שטאאטס־קאסע. מיר ווייסען יעצט ניט גענוי, ווי גרויס דיזער געהאלט איז געווען. אבער דאס ווייסען מיר ריכטיג, דאס דער בעאמטער איבער א ראטע סאלדאטען האט בעקומען צוויי מאל אזוי פיעל געהאלט, ווי א פוס־סאלדאט, און א רייטער האט בעקומען דריי מאל אזוי פיעל. דעם געהאלט פלעגען די סאלדאטען בעקומען אויסגעצאהלט צו ענדע פון יאהר, אדער צו ענדע פון א קריג. וואס די סאלדאטען האבען גערויבט אין שלאכט אדער ביים איינגעהמען א שטאדט, האבען זיי געמוזט איבערגעבען צו די בעאמטע, נאר א קליינעם טייל האבען זיי געהאט דאס רעכט זיך איבערלאזען, אבער

זיי האָבען בעדאַרפט שווערען, דאָס מעהר האָבען זיי ניט גענומען. דאָס געלט פון פערקויפען די געפאַנגענע פלעגט דער שטאַאַט צונעהמען.

די סאָלדאַטען פלעגען זעהר אָפט קריגען גרויסע מתנות פון זייערע קאָמאַנדירען אין דער צייט פון זייערע טריאומף-צוגען. דער געהאַלט פון דעם קריגס-דינסט איז אמת ניט געווען גרויס, אָבער דערפאַר האָבען די סאָלדאַטען גענומען געהאַלט אויך אין דער צייט פון פרידען. דיזעס אָבער האָט זיי אָפּגעוועהנט פון צו טאָן פרידליכע און נוצליכע ארבייט. דערצו האָט זיי אָנגעצויגען דער כבוד, וואָס זיי פלעגען ערהאַלטען פון דער געבילדעטער קלאַס פיר זייער העלדענמוט.

שוישפּילער (אקטיאָרען) בעגעגנען מיר אין רוים נאָך אין מיטען פון פערטען יאָהרהונדערט פ. קר. אָנפאַנגס זיינען זיי געווען נאָר טענצער, וואָס פלעגען טאַנצען צום טאַקט מיט דעם שפּילען אויף דער פלויט, נאָכדעם איז צוגעקומען דערצו זינגען פערזען מיט שפּאַס-מאַכעריי. אין מיטען פון דריטען יאָהרהונדערט פ. קר. זעהען מיר שוין אין רוים א ביהנע מיט קונסטמעסיגע שטיקער. אָנפאַנגס זיינען די שוישפּילער געווען נאָר שקלאַפען אָדער פרייגעלאָזענע שקלאַפען. שפּעטער בעגעגנען מיר שוין אויך גריכישע שוישפּילער. די בעלוינונג פיר דיזען סאָרט ארבייט איז געווען זעהר א מעסיגע, אָבער ווען די שוישפּילער האָבען זיך אויסגעצייכענט, פלעגען זיי בעקומען פון פובליקום עקסטרא געשאַנקען. די שוישפּילער האָבען געהאַט איינגעריכטע שולען, וואו זיי פלעגען געבען אונטעררריכט אין זייער קונסט, און דערפאַר פלעגען זיי בעקומען בעזונדערע געצאָהלט. שלעכטע אקטיאָרען פלעגען זעהר אָפט שלעכט בעהאַנדעלט ווערען פון די צושויער.

אויך די דיכטער זיינען ניט געווען געאַכטעט ביי די רוימער. זיי זיינען מעהרסטענס געווען אויסלענדער, אָרים און פון נידריגער אָפּשטאַמונג. ל י װ י ו ס  א נ ד ר אָ נ י ק ו ס, וועלכער האָט אין יאָהר 240 פ. קר. דאָס ערסטע שוישפּיל אויפגעפיהרט, איז געווען א פרייגעלאָזענער שקלאַף. די פּיעסע האָט ער איבערזעצט פון גריכיש אין לאַטיין. דער ט ר אַ ג י ק ע ר  א ט ט י ו ס, וועלכער האָט געלעבט אין דער ערסטער העלפט פון צווייטען יאָהרהונדערט פ. קר., איז געווען א זוהן פון א פרייגעלאָזענעם שקלאַף. דאָס זעלבע איז אויך געווען דער בעריהמטער ה אָ ר אַ צ י ו ס. אלס שקלאַף און פרייגעלאָזענער האָט צ אָ צ י ל י ו ס  ס ט א צ י ו ס געשריבען זיינע קאָמעדיעס אום 180 פ. קר., און דער אינגערער דיכטער פון זיין צייט ט ע ר ע נ ט י ו ס איז געקומען אין רוים אלס שקלאַף. דער פּאָעט פּ א ק ו ר י ו ס האָט זיך געמוזט בעשעפטיגען מיט מאַלעריי און פּ ל א ו ט ו ס

האָט געמוזט אַרבייטען ביי אַ בעקער אויף אַ האַנט־מיהל אום צו פערדינען זייער ברויט. די דיכטער פלעגען אַמאָל בעקומען עטוואָס שטיצע פון די רייכע, אָבערביים פאָלק האָבען זיי קיין ווערט ניט געהאַט. האָט זיך אָבער ווער עס איז פון די שרייבער פון קאָמעדיעס ערלויבט אָנצוגרייפען אַ פּאָר־נעהמע פּערזאָן פון רוימישען אַדעל איז ער דערפאַר שרעקליך פערפאָלגט געוואָרען. נ אֶ ו ו י ו ס איז אַריינגעפאַלען אין געפענגניס דערפאַר, וואָס ער האָט זיך ערלויבט אָנגרייפען סציפּיאָ אַפריקאַנוס דעם ערסטען, און ווען ער איז אַרויס פון געפענגניס, האָט ער געמוזט זיין פאָטערלאַנד פערלאָזען וועגען אַ נייעם פערברעכען פון דעם סאָרט.

אַ לעהרער האָט ביי די רוימער, אין דער גאַנצער צייט פון דער רעפּובליק, קיין גרויסען ווערט ניט געהאַט, ווייל אַ לעהרער האָט גענומען געצאָהלט פיר זיין אַרבייט, און בעצאָהלטע אַרבייט איז געשטאַנען נידריג אין רוים, ווי מיר האָבען עס שוין פריהער געזעהן. די רוימער, ווי אויך די גריכען, האָבען געקוקט אויף אַ לעהרער מיט דער זעלבער פעראַכטונג ווי אויף אַ שקלאַף. אין אַלגעמיין האָבען זיי פעראַכטעט די בילדונג אָדער די קונסט, וואָס מען האָט געמאַכט אַ געשעפט אום געלט דערפון צו מאַכען. אַזאַ בילדונג אָדער קונסט איז ביי זיי געשטאַנען אויף דער זעלבער שטופע ווי אַ האַנט־ווערק. אויף דיזער מדרגה איז ביי זיי געשטאַנען ניט נאָר דער עלעמענטאַר־לעהרער, נאָר אויך דער העכערער לעהרער, און דריבער פלעגען זיך איבערגעבען צו דער לעהרעריי נאָר מענשען פון דער נידריגער קלאַס. האַלטען אַ שולע איז געווען דאָס לעצטע מיטעל צום פערדינען אויף לעבען. זעהר אָפט פלעגען זיך דערמיט בעשעפטיגען אויסגעדינטע סאָלדאַטען, וועל־כע האָבען ניט געקענט געפינען עטוואָס בעסערעס פיר זיך. די געצאָהלט פיר אונטערריכט איז געווען זעהר אַ קליינע. דער שכר־לימוד פלעגט געצאָהלט ווערען מאָנאַטליך. אויף אַ יום טוב אָדער עפּעס אַן אַנדער פייערליכע גע־לעגענהייט פלעגען די עלטערן געבען צו די לעהרער פון זייערע קינדער מאַנכע מתנות. אָבער דער אונטערריכט פיר געלט האָט זיך ענטוויקעלט אין רוים ערסט נאָך דעם צווייטען פּונישען קריג. דער ערסטער לעהרער, וואָס האָט אָנגעהויבען צו נעהמען געהאַלט פיר זיין אונטערריכט איז געווען אַ פרייגע־לאָזענער שקלאַף מיט'ן נאָמען ס פּ ו ר י ו ס ק אַ ר ו ו י ל י ו ס. בעזונ־דערס פלעגען די רוימער זוכען אַ גריך פיר אַ לעהרער, אָבער אויך דיזע האָ־בען קיין גרויסען כבוד ניט געהאַט פון די רוימער. די גריכישע לעהרער און דאָקטוירים פלעגען זיך אומשלעפּען איבער גאַנץ איטאַליען און זיינען דאַ־מאָלס געווען בעוואוסט אונטער דעם נאָמען „די הונגעריגע גרעקלאַך“. די

רוימער האָבען זיך אין אַלגעמיין געהאַלטען גרויס געגען אַ פאָלק, וואָס איז געווען זיי אונטערוואָרפען, וואָס לעבט אין אָרימקייט און איז נאָך דערצו געצוואונגען זיך צו ערנעהרען דורך זיינע קענטניסען.

דער האַנדעל איז ביי די רוימער ניט געשטאַנען הויך. ער האָט ביי זיי קיין בעזונדערע בעדייטונג ניט געהאַט. עטרוריען איז אין דיזער הינזיכט געשטאַנען פיעל העכער פון רוים. דער עלטסטער האַנדעל אין רוים, ווי אי־בעראַל, איז געווען דער טויש־האַנדעל. די בויערן פלעגען ברייגנען די פּראָ־דוקטען פון זייער ערד־אַרבייט אין שטאָדט און פלעגען בייטען מיט די פאַב־ריקאַנטען אויף זייערע פאַבריק־זאַכען, אָדער מיט די האַנט־ווערקער אויף זיי־ערע אַרבייט־זאַכען. דיזער טויש־האַנדעל פלעגט פאָרקומען אין געוויסע בע־שטימטע טאָג, מארק־טעג. די זאַגע שרייבט צו די איינפיהרונג פון געוויסע מארק־טעג צו סערוויוס טולליוס. עס האָט ניט לאַנג גענומען און די רוימער האָבען פערשפּרייט זייער האַנדעל אין פיעלע שטעדט, וואָס זיינען געשטאַנען ביי די ברעגען פון איטאַליען, איבער די נאָהענטע אינזלען און אַפילו אין צפון־אפריקאַ. אַזוי האָט זיך ענטוויקעלט ביי זיי דער זעע־האַנדעל. רוים האָט שוין אין יאָהר 509 פ. קר. געשלאָסען אַ האַנדעלס־אָפּמאַך מיט קאַר־טהאַגאָ. די רוימער פלעגען ברייגנען אין קארטהאַגאָ זייערע תבואות, אויל און וויין, און פלעגען בעקומען דערפאַר עדעלע מעטאַלען, עדעל־שטיינער און שקלאַפען. פיעל מעהר איז דער האַנדעל פערברייטערט געוואָרען ביי די רוימער אין דער צייט, ווען זיי האָבען איינגענומען לענדער, איבערהויפּט נאָך דער אונטערוואָרפונג פון מאַצעדאָניען, אַזיען און קארטהאַגאָ.

אָבער אויסער די גרויסע סוחרים האָט די קאָמערציעלע קלאַס אין רוים ניט געהאַט קיין גרויסען ווערט און איז געשטאַנען אויף אַ זעהר נידריגער מדרגה. דער קליין־האַנדעל איז פּשוט געווען אַ חרפּה, ווייל עס איז איבעראַל געווען אַן איבערצייגונג, דאָס די קליינע הענדלער בעטריגען די קויפער אין פּרייז, אין וואָג, אין מאָס, און פעלשען די וואַארע, וואָס זיי פערקויפען. דער גייסט פון יענער צייט אין רוים איז געווען, דאָס אַלץ, וואָס אַ מענש פערדינט מיט זיין מיה און זיין אַרבייט, איז געווען שענדליך, שקלאַפיש ; שען און עהרענפול איז געווען אויסצורויבען גאַנצע פּראָווינצען, זיך אויסדרעהען פון דער שטראָף, וואָס דאָס געזעץ האָט בעשטימט פיר אַזעלכע רויבערייען, און נאָכהער צו פיהרען אַן אויסגעלאַסענעם לעבען אין דיזע רייכטימער. צו בע־שעפטיגען זיך מיט קליין־האַנדעל איז געווען אַ שאַנדע, אָבער צו פערלייהען געלט צו שקלאַפען זוי זאָלען זיך בעשעפטיגען מיט'ן קליין־האַנדעל און נעה־מען ביי זיי דערפאַר גרויסע פּראָצענטען, וואוכער, דורך וועלכע יענע זיינען

פעראָרימט געוואָרען און דער גאַנצער פערדינסט זייערער איז געבליבען ביי די שענע מענשען, די קרעדיטאָרען, — דאָס איז געוועזן שען און עדעל. יע, די גאַנצע וועלט-געשיכטע בעווייזט, דאָס עס איז אימער געוועזן עהרענפּולער צו גנב'ענען און רויבען איידער צו אַרבייטען. ערווערבען גרויסע רייכטימער דורך גנבה און גזלה איז געוועזן אַריסטאָקראַטיש, און פערדינען כשר זיין ברויט דורך אַרבייט איז געוועזן אַ שאַנדע, דאָס איז געוועזן שקלאַפּיש.

אויך וועקסעל-געשעפט האָט זיך אין רוים זעהר פריה ענטוויקעלט. די-זעם האָט געפאָדערט דער האַנדעל מיט אויסלאַנד, דורך וועלכען די סוחרים פלעגען בעקומען פערשיידענע געלט-סאָרטען. עס זיינען שוין דאַמאָלס גע-גרינדעט געוואָרען באַנקען, וועלכע פלעגען אָננעהמען דעפּאָזיטען פיר קליינע צינזען און פלעגען פערלייהען דאָס געלט צו סוחרים פיר גרעסערע צינזען. אין רוים פלעגען די באַנקירען נעהמען געוועהנליך 12 פּראָצענט אַ יאָהר און אין די פּראָווינצען 20 פּראָצענט און העכער.

אין די אַלטע צייטען איז קיין געלט ניט געוועזן אין געברויך. שפּעטער האָט מען אָנגענומען פיר אַ פּרייז-מאָס אַ רינד. דערפון נעהמט זיך וואָס אין די אַלטע צייטען איז די געלט-שטראָף געוועזן בעצייכענט און פעסטגעזעצט אין דער צאָהל פון רינדער און שאָף, אַזוי פיעל רינדער אָדער שאָף פיר אַ פער-ברעכען. דאָס לאַטיינישע וואָרט „פּעקוניאַ", וועלכעס בעצייכענט „געלט", שטאַמט פון דעם וואָרט „פּעקוס"—„פיה". שפּעטער האָט מען אָנגעפאַנגען צו געברויכען מעטאַלענע מינצען. די ערסטע מינצען זיינען געוועזן געמישט פון קופּער, צין און בליי. זיי האָבען געהאַט אַ פאָרמע פון אַ דיקען לענגליכען פיער-עק, אויף וועלכען עס איז געוועזן אויסגעפּרעגט (אויסגעשלאָגען) דאָס בילד פון אַ רינד, אַ שאָף אָדער אַ שוויין.

אייגענטליכע מינצען האָבען די רוימער אָנגעפאַנגען צו פּרעגען אין דער צייט פון די דעצעמווירען. די מטבעות זיינען דאַמאָלס געוועזן פון קופּער, קיילעכדיג, און האָבען געוואויגען אַ פונט יעדע. אַזאַ מטבע האָט ביי זיי געהייסען אַ ס, און דיזע מטבע איז ביי זיי געוועזן די איינהייט, נאָך וועלכער זיי האָבען געמאַכט זייערע געלט-חשבונות. פון דאַמאָלס אָן האָ-בען זיי די שטראָפען שוין ניט מעהר גערעכענט אין אָקסען, נאָר אין אַסען: פיר אַזאַ און אַזאַ פערברעכען מוז מען בעצאָהלען אַזוי פיעלע און אַזוי פיעלע אַסען. ביז דעם יאָהר 269 פ. קר. האָט יעדע געמיינדע אין איטאַליען גע-האַט דאָס רעכט צו מאַכען מינצען. פון דיזען יאָהר אָן האָט רוים ביי זיי צוגענומען דיזעס רעכט און האָט געמאַכט רוים אַלס דעם צענטער פיר מאַכען מינצען. נאָר די שטאָדט קאַפּוּאַ האָט נאָך געהאַט דאָס רעכט צו מאַכען

מטבעות, אָבער אונטער דעם נאָמען פון רוים. די נייע מינצען זיינען ארוים־געגעבען געוואָרען אין יאָהר 268 פ. קר. דאמאָלס איז געוואָרען די איינהייט אין דעם מינץ־סיסטעם דער דענאריוס (דינר), וועלכער איז גליין געווען אין ווערט צו 10 אסען. א האלבער דענאר איז געווען א קווינאר, א פערטעל דענאר האט געהייסען ביי זיי סעסטערץ. א דענאר איז געווען אונגעפעהר אזוי פיעל ווי 80 דייטשע פעניגען. די אלטע שווערע מטבעות זיינען זינט דאס נייע מינץ־סיסטעם איז אריין אין געברויך בים־לאכווייז ארוים פון אומגאנג, און ווען אימיצער האט נאך געהאט אזא מטבע, האט מען זי קוים אָנגענומען פיר 8 דייטשע פעניגען, אזוי דאס פיר א דענאר האט מען געמוזט געבען 10 אסען. גאָלדענע מטבעות האָבען די רוימער אָנגעפאנגען צו מאכען נאר זינט דעם צווייטען פונישען קריג. עס זיינען דאמאָלס ביי זיי געווען דריי סאָרטען גאָלדענע מטבעות: פון 20, 40 און 60 סעסטערצען. אָבער גאָלדענע מטבעות אין גרויסען אומגאנג האט ערסט געבראכט יוליוס צאזאר.

**דאס רוימישע לעבען.** צו דער רוימישער פאמיליע האָבען געהערט ניט נאר עלטערן און קינדער, נאר אויך די דינערשאפט און די שקלאפען, ווי עס איז געווען דער מנהג ביי אלע אלטע פעלקער. די פרוי אין דער פא־מיליע איז געשטאנען ביי די רוימער פיעל העכער ווי ביי די גריכען אָדער אין אָריענט (די מזרח־לענדער). אין רוים האט מען ניט געוואוסט פון ער־נידריגען א פרוי צו דער שטופע פון א שקלאף. די מאטראָנע פלעגט אויפ־גענומען ווערען ניט נאר מיט אכטונג, נאר אויך מיט עהרפורכט (יראת הכבוד). אָבער ביי אלעם דעם האט מען גערעכענט פיר אונפאסענד פיר א פרוי זיך צו מישען און אָנטייל נעהמען אין עפענטליכען לעבען. אָבער דערפאר אין איהר הויז, אין איהר פאמיליע, איז זי געווען די הערשערין. איהרע געבאָטען האָבען געמוזט פינקטליך אויסגעפיהרט ווערען. זי איז געווען די הויפט־ערציהערין פון די קינדער, זי איז געווען בעפרייט פון גראָ־בער הייזליכער ארבייט, ווי צ. ב. ארבייטען אויף דער מיהל און קאָכען. דאס פערמעגען, וואס זי האט געבראכט מיט זיך צו דער חתונה איז געווען איהר אייגענטום און זי האט עס אליין פערוואלטעט אָדער זי האט די פערוואלטונג איבערגעגעבען א געשעפטס־פיהרער, ווען עס איז געווען זעהר גרויס.

די רוימער פלעגען זעהר פריה חתונה מאכען זייערע טעכטער. דאס געזעץ האט געפאָדערט, דאס א מיידעל זאל אלט זיין צו דער הייראט ניט וועניגער ווי 12 יאָהר, אָבער עס פלעגען זעהר פיעלע רוימישע מיידלאך היי־ראטען צו 10 אָדער 11 יאָהר. די מעהרצאָהל אָבער פלעגט הייראטען פון

13 ביז 17 יאָהר. די גרעסטע דעה איז שדוכים פלעגען זאָגען די עלטערן. עס פלעגט זעהר אָפט טרעפען, דאָס די עלטערן אַליין האָבען געשלאָסען די שדוכים און האָבען גאָר ניט אָנגעפרעגט ביי די קינדער, חתן־כלה, אויב זיי געפעלען איינער דעם צווייטען. צו שליסען שדוכים איז געווען ביי זיי אַ סאָרט שדכנים. ד פערלאָבונג אָדער תנאים פלעגען געשלאָסען ווערען אין אַנוועזענהייט פון עדות. דער חתן האָט בעדאַרפט צו דער פערלאָבונג געבען דער כלה מתנות. צווישען דיזע מתנות האָבען געמוזט זיין עטוואָס געלט און אַן אייזערנער רינג.

פאַר דער האָכצייט פלעגט די כלה אויסטאָן איהרע מיידעלשע קליידער, און פלעגט אָפּגעבען איהרע שפּילצייג צו די געטער אַ מתנה. די חתונה־קליידער זיינען בעשטאַנען פון אַ פייער־רויטען קאָפּ־טוך, אָדער פון אַ שלייער, וואָס איז געווען לאַנג פון קאָפּ ביז די פיס. אונטער דעם שלייער האָט זי געטראָגען אַ רויט־געלע האָאָר־נעץ (סיאַטקע) מיט אַ קראַנץ בלומען, וואָס זי האָט אַליין אָנגעפליקט, און אַ קלייד ווי אַ טוניק געמאַכט. די חתונה פלעגט געפייערט ווערען מיט פיעלע רעליגיעזע צערעמאָניעס. דער פּאָנטיפעקס מאַקסימוס האָט דאַן מקריב געווען דריי קרבנות: אַן אָקס, אַ שאָף און אַ חזיר. אין דער צייט, וואָס דער פּריסטער האָט געבעטען די געטער פיר דאָס גליק פון חתן־כלה, האָבען זיך די לעצטע געדרעהט אַרום דעם אַלטאַר דריי מאָל פון לינקס צו רעכטס, און די כלה האָט געזאָגט אַ תּפלה צו די שיצענדע גייסטער. דאָס ענדע פון דער פייערונג פון דער חתונה איז געווען, ווען מען האָט די כלה אַוועקגעפיהרט אין די וואוינונג פון חתן. נאָך דער חופּה־מאָהלצייט, וועלכע האָט געמוזט זיין אין דער הויז פון דער כלה׳ס עלטערן, האָט מען אין דעם זעלבען אָבענד אַוועקגע־פיהרט די כלה צום חתן אין הויז מיט געזאַנג מיט דער בעגלייטונג פון אַ פלויט; הינטער דער כלה האָט מען געטראָגען אַ שפּינדעל מיט פלאַקס, אַלס סימבאָל פון הויז־אַרבייט. די פּראָצעסיאָן איז געגאַנגען מיט ברענענדע פאַקלען צו בעלייכטען דעם וועג. באַלד, ווי די כלה איז צוגעקומען צום חתן׳ס הויז, איידער זי איז אַריין אין צימער, האָט זי בעשמירט די טהיר־פּאָסטען מיט אויל און אַרומגעדרעהט די זעלבע מיט וואָלענע בענדלאַך אַלס צייכען, דאָס פון יעצט אָן איז זי צוגעבונדען צו דיזען הויז, וואו זי ער־וואַרטעט אין דער צוקונפט בעשיצט צו זיין.

ווען עס איז געבאָרען געוואָרען אַ קינד, פלעגט די העבאַם אַנידערלעגען דאָס קינד אויף דער ערד. אויב דער פאָטער האָט עס אויפגעהויבען, איז עס געווען אַ סימן, דאָס ער אָנערקענט עס פיר זיין אייגען קינד. דאַן פלעגט ער

מיט דעם קינד'ס פיסלאַך בעריה־רען די ערד און דאָס קינד אי־בערגעבען צו דער מוטער. אין פאַל אָבער, ווען דער פאָטער האָט עס ניט געוואָלט אויפ־הייבען פון דער ערד, האָט מען עס געמוזט ארויסוואַרפען. דאָס זעלבע פלעגט מען טאָן מיט קינדער, וואָס זיינען גע־באָרען געוואָרען צו שוואַך אָדער קאַליקעס און זעהר העסליבע. דיזע קליינע אונגליקליכע בע־שעפניסען פלע־גען מאַנכע אריינ־ווארפען אין טייך און דערטרינקען, אנ־דערע — ארויס־וואַרפען פיר ווילדע חיות, און



חתונה אָפּפער פון אַ שוויין, אַ שאָף און אַן אָקס.

פיעלע פלעגען אנידערלעגען די אונשולדיגע אפּפער אויף'ן פּרוכט־מארק; דארט פלעגען זיך אנדערע אויף זיי דערבארמען און צונעהמען זיי אויף אויסהאָדעווען. דערנאך פלעגען זיי בלייבען די שקלאפען פון זייערע בעלי־טובות. דאס איז געווען געזעצליך. דאס זעלבע שיקזאל האט ערוואַרטעט די קינדער, וואס האבין געהאט דאס אונגליק צו געבארען ווערען אין ניט קיין מזל'דיגע טעג.

האט אבער דער פאטער דאס קינד אויפגעהויבען פון דער ערד, האט מען איבער איהם געמאכט געוויסע רעליגיעזע צערמאָניעס צום 8טען טאג.

געוועהנליך פלעגט די מוטער אליין זויגען דאס קינד. די ערציהונג פון קינדער איז געווען אין גאנצען איבערגעגעבען צו די עלטערן. דער שטאאט האט זיך גאר ניט געמישט דערין. די ערציהונג איז געווען איבער־הויפט פראקטיש. ווען א אינגעל איז געוואקסען עטוואס צו קענען טאן, פלעגט איהם דער פאטער נעהמען אין פעלד לערנען די פעלד־ארבייט און אויך אנדערע ניצליכע ארבייטען. דער פאטער האט איהם גע־לערנט שווימען, רייטען, ווי מיט וואפען צו שטרייטען. באלד האט דער פא־טער גענומען פיהרען זיין קינד אין געזעלשאפט, צו בעזוכען מיט איהם דעם פארום. אויך האט איהם דער פאטער געלערנט די קונסט פון שרייבען, לעזען און רעכנען. אין שפּעטערער צייט האבען די עלטערן אראפּגעווארפען פון זיך דעם יאך פון ערציהען קינדער און האבען דאס איבערגעגעבען צו גריכישע שקלאפען אדער שקלאפינס. אלס די קינדער האבען ערהאלטען זייער ער־ציהונג דירעקט פון די עלטערן, זיינען די קינדער געווען זעהר מאראליש, געזיטעט. אונטער דעם איינפלוס פון די עלטערן זיינען די קינדער געווען זעהר עהרענהאפט, בעשיידען, ערנסט, מעסיג אין אלץ, וואס זייער הארץ האט געגלוסט, און זיי האבען געעהרט אלץ, וואס איז הויך און ערהאבען.

זיין גאנצע ווירקונגסקראפט האט דער פארנעהמער רוימער פערברויכט פיר דעם נוצען פון דעם שטאאט. דעריבער האבען די ערצעהלונגען פון די גרויסע מעשים פון די פריהערדיגע דורות געשפּילט אזא גרויסע ראלע אין דער ערציהונג פון דער רוימישער יוגענד. ביים עסען פלעגט מען האלטען אין איין לויבען די העלדישקייטען פון די בעריהמטע מענער פון דער פאריגער צייט, און דערמיט האט מען אויפגעפלאקערט דעם עהרגייץ פון די יונגע לייט און אין זיי ערוועקט א גייסט צו טאן גרויסע און וויכטיגע זאכען לטובת הכלל. עהנליך איז אויך געווען די ערציהונג פון די מיידלאך.

די ערציהונג אין דעם הויז פון די עלטערן האט געדויערט ביז דער אינגעל האט אויסגעטאן זיינע קינדער־קליידונג, וועלכע איז בעשטאנען פון

א ווייסער טאָגאַ בעברעמט מיט רויטען פורפור, און האָט זיך אָנגעטאָן אין א ווייסע וואָלענע מענער־טאָגאַ. דיזע פול־יעהריגקייט איז אין דער צייט פון דער רעפובליק אָנגעקומען מיט דעם 17טען יאָהר פון די יונגע לייט. די פול־יעהריגקייט פלעגט געפייערט ווערען מיט גרויס פּאַראַד. די ערסטע זאַך פלעגט דער אינגעל אויסטאָן זיינע קינדער־קליידער און אָפּשערען זיינע לאַנגע האָאָר און פלעגט זיי אַנידערלעגען פאַר די הויז־געטער. נאָכדעם פלעגט ער אַוועק מיט זיין פאָטער, זיינע קרובים און פריינד אין פאָרום און זיך פאָרשטעלען דעם פּראָטאָר; פון איהם פלעגט ער געהן מיט גרויס פּאַראַד צום קאַפּיטאָל אום דאָרט זיין נאָמען אריינצושרייבען אין די בירגער־ביכער, אָדער בירגער־ראָלען, און נאָכדעם א קרבן ברייננגען צו די געטער. דאַן האָט מען געמאַכט צו הויז אַ גרויסע סעודה. פון דיזער צייט אָן האָט דער יונגערמאַן געהאַט דאָס רעכט אָנטייל צו נעהמען אין עפענטליכען לעבען פון פאָלק, ער איז דאַן געוואָרען א פאָלשטענדיגער פּאָליטישער מיטגליד פון פאָלק, און איז געוואָרען זעלבשטענדיג אין אַלע הינזיכטען. דאַמאָלס האָט דער יונגערמאַן זיך אויסגעקליבען זיין קאַריערע פיר די צוקונפט. אויב ער האָט זיך געוואָלט ווידמען צום מיליטער־דינסט, האָט ער אַריינגעטראָטען אין א רעגימענט פון א געוויסען און בעוואוסטען קאָמאַנדיר און האָט פּראַקטיש געלערנט די קריגס־קונסט אום מיט דער צייט אָן אָפיציער צו ווערען. אַן אַנדערער האָט זיך דאַן צוגעשריבען אָדער אָנגעשלאָסען צו אַ יוריסט אָדער רעדנער אום דורך דיזע פאַכען צו דינען דעם פאָטערלאַנד. קיין מיליטער־שולען זיינען דאַמאָלס ניט געווען. די נעטיגע איבונג אין פעכטען האָט דער אינגעל בעקומען ביי די גימנאַסטישע שפּילען, וועלכע זיינען געווען א וויכטי־גער טייל פון דער ערציהונג.

די רוימער האָבען ניט געוואוסט פון טראָגען ענגע קליידער. זייער גאַנצע קליידונג איז בעשטאַנען פון צוויי שטיק: די ט ו נ י ק א און די ט אָ ג אַ. די טוניקאַ איז געווען אַ מין העמד פון ווייסען וואָלציינ, וועלכעס מען פלעגט אָנטאָן איבער'ן קאָפּ, און אַזוי פלעגט מען עס אויסטאָן. עס זיינען ביי זיי געווען צוויי סאָרטען טוניקאַס. איין סאָרט איז געווען אָהן ארבעל און האָט געגרייכט נאָר ביז די קני. דיזעס איז געווען דאָס ארבייטס־קלייד צו הויז. די טוניקאַ פלעגען זיי געוועהנליך מיט אַ גאַרטעל ארומבינדען, און אוי־סער דעם הויז האָט ניט געפּאַסט זיך צו צייגען אין אַ הויז־טוניקאַ. אונטער דער הויז־טוניקאַ האָבען זיי אין שפּעטערע צייטען אָנגעהויבען צו טראָגען אַ ס ו ב ו ק ו ל אַ, דאָס איז געווען אַ מין העמד, זעהר עהנליך צו אונזערע העמ־דער מיט לאַנגע ארבעל. די סובוקולאַ פלעגט אויך געמאַכט ווערען פון ווייסען

וואָלצייג. די טוניקאַ פון אַ סענאַטאָר איז געווען בעברעמט מיט אַ ברייטען פּאַס פון פּורפּור, און פון די ריטער — מיט אַ שמאָלען שטרייף.

דאָס אויבער־קלייד איז געווען די טאָגאַ. דאָס איז געווען אַ נאַציאָ־נאַלעס קלייד, וואָס נאָר די רוימער האָבען געטראָגען. אַ טאָגאַ צו טראָגען האָט נאָר אַ בירגער געהאַט דאָס רעכט. אַ שקלאַף אָדער אַ פרעמדער האָט קיין רעכט ניט געהאַט דערצו. אַפילו אַ בירגער, ווען ער איז פערטריבען געוואָרען פון זיין פאָטערלאַנד אין דער פרעמד, האָט ניט געטאָרט מעהר טראָגען קיין טאָגאַ. אין די דערפער אָדער קליינע שטעדטלאַך פלעגט מען זיך ערלויבען ארויסגעהן אין גאַס אין אַ טוניקאַ אַליין. אין רוים אָבער, אָדער אין אַנדערע גרויסע שטעדט, האָט זיך עס געררעכענט פיר אַ בזיון ארויסצוגעהן צווישען לייט אָהן אַ טאָגאַ. אין די עפענט־ליכקייט האָט זיך קיינער ניט געוואַגט צו קו־מען אָהן אַ טאָגאַ. אין דער פאָלקס־פערזאַמ־לונג, אין געריכט, אין טהעאַטער אָדער ביי די פאָלקס־שפּילען איז די טאָגאַ געווען אַ נויטווענדיגקייט. די טאָגאַ איז געווען אַ שטיק טוך פון ווייסען וואָלצייג אונגעפעהר 8 עלען לאַנג און 4 אָדער 5 עלען ברייט. די עקען פון דער טאָגאַ זיינען געווען אָפּגערונדעט, אַזוי דאָס די גאַנצע טאָגאַ האָט געהאַט די פאָרמע פון אַ לענגליכען קרייז. קיין טאַשען האָט די טאָגאַ ניט געהאַט, פון דעסטוועגען, לויט ווי מען פלעגט זי אָנטאָהן, איז געווען אָרט אין איהר וואו צו האַלטען די נעטיגע קליינינ־קייטען, וואָס מען מוז האָבען מיט זיך.


רוימער אין אַ טאָגאַ.

די טאָגאַ פלעגען זיי אָנטאָהן אויף אַזאַ אָרט, דאָס די רעכטע האַנט איז אימער געווען פריי. אין די אַלטע צייטען פלעגען די רוימער טראָגען אַ טאָגאַ אויך ווען זיי זיינען געגאַנגען אין שטרייט, מיט דעם אונטערשייד, דאָס אין דער צייט פון אַ שלאַכט פלעגען זיי אָנטאָהן זי אַזוי, דאָס אויך די לינקע האַנט איז געבליבען פריי. שפּעטער אָבער האָבען זיי פיר קריגער איינגעפיהרט אַן אַנ־דער אויבער־מאַנטעל, און אַזוי איז די טאָגאַ געבליבען נאָר אַ פרידענס־קלייד.

קיין קאָפּ־בעדעקונג האָבען די רוימער ניט געברויכט. אין אַ שלעכטען וועטער פלעגען זיי צודעקען דעם קאָפּ מיט אַן עק פון דער טאָגאַ. נאָר ווען

זיי זיינען ארוים אין וועג, אדער געזעסען אין טהעאטער אונטערן אפענעם הימעל, פלעגען זיי אנטאן א פילצענע מיץ. אויף די פים פלעגען זיי צו הויז טראגען סאנדאלען, נאר אין דער עפענטליכקייט פלעגען זיי טראגען שיך, וועלכע זיינען געווען זעהר פערשיידען אין דער פארמע לויט די פערשיידענע שטאנדען פון די בירגער. צום ביי שפיל: די שיך פון די פאטריציער און הויכע בעאמטע איז געווען פון רויטען לעדער. די סענאטארען האבען גע־טראגען שיך פון שווארצען לעדער מיט פערפוצונג און פערצירונג. די רי־טער האבען אויך געטראגען שיך פון שווארצען לעדער, אבער אהן פערפוצונג. די איבריגע בירגער האבען אויך געטראגען שווארצע שיך, אבער זעהר איינפאכע.


רוימישע מאטראנע.

שוין פון די גאנץ אלטע צייטען איז ביי די רוימער געווען איינגעפיהרט צו טרא־גען אויף'ן פערטען פינגער פון דער לינקער האנט א רינג. דאס פאלק האט געטראגען רינגען פון אייזען, מיט וועלכע זיי האבען געקענט פערזיגלען א בריף און אנדערע זא־כען. נאר די העכערע שטאנדען און די סע־נאטארען און ריטער האבען געהאט דאס רעכט צו טראגען גאלדענע רינגען.

די רוימישע מאטראנעס (דאמען) הא־בען געהאט דריי סארטען קליידער: די טו־ניקא, די סטאלא און די פאללא. די טוניקא איז געווען אן איינפאכעס העמד, אין די אל־טע צייטען אהן ארבעל. איבער די טוניקא פלעגען זיי אנטאן די סטאלא, וועלכע איז געווען דאס זעלבע, וואס א טוניקא, נאר מיט ארבעל. דיזע ארבעל הא־בען בעדעקט נאר א האלבען ארם. די ארבעל זיינען ניט געווען גענעהט, נאר מיט פערשיידענע שפילקעס צוזאמענגעשפילעט. די סטאלא פון א פער־הייראטער פרוי איז געווען דאס זעלבע, וואס די טאגא איז געווען פיר א בירגער. איבער דער סטאלא האבען די מאטראנעס געטראגען אלס אוי־בער־מאנטעל די פאללא. די פאללא און די סטאלא פלעגען געמאכט ווערען פון פערשיידענע שטאפען און פערשיידענע פארבען או פלעגען זיין פערצירט מיט שטיקערייען, גאלד־שטרייפען און פורפור־רויטע איינזאצען.

די שיף פון די פרויען זיינען געווען זעהר עהנליך צו די מענערשע, מיט דעם אונטערשייד, דאָס די פרויען־שיך זיינען געווען שענער פערפּוצט מיט זיידענע אָדער גאָלדענע שטיקערייען. די האָאָר האָבען זיי גאָר ניט געפּוצט; זיי פלעגען זיי נאָר צוקאַמען און מאַכען אַ שייטעל, און די האָאָר זיינען געהאנגען איינפאַך לאַנג אַראָפּ. אַנדערע פלעגען טראָגען אַ האָאָר־נעץ ווי אַ הייבעל. די פרויען האָבען געטראָגען פערשיידענע צירונגען ווי צ. ב. רינגען, אויררינגלאַך, האלז־בענדער, אָרם־בענדער, פאָכערס פון פאַווע־פעדערן אָדער פון גאַנץ דינע הילצערנע שטעקעלאַך.

**עסען און טרינקען.** די רוימער פלעגען געוועהנליך עסען דריי מאָל אַ טאָג — איין הויפּט־מאָהלצייט און צוויי קלענערע. אין דער פריה, איידער מען איז ארויס אין גאַס, פלעגט מען עסען פריהשטיק פון ברויט, קעז, אָליווען און פּרוכט. אום 12 אוהר מיטטאָג האָט מען ווידער אַמאָל עטוואָס איבערגעביסען: אייער, פיש און אויך געטרענק, אָבער דאָס אַלץ האָט מען געגעסען קאַלטערהייד. די הויפּט־מאָהלצייט פלעגט ביי זיי זיין פאַרנאַכט אין דער צייט פון זון־אונטערגאַנג, אָדער עטוואָס שפּעטער. דאָס איז געווען עהנליך צו אונזער מיטטאָג־עסען. דיזע מאָהלצייט איז בעשטאַנען פון אַ פאָרשפּייז און צוויי רייך־געקאָכטע געריכטען, מיט אַ נאָך־שפּייז צו ענדע. אין די פריהערדיגע צייטען האָבען די רוימער ניט געוואוסט פון לוקסוס־שפּייזען. דאָס הויפּט־עסען אין די אַלטע צייטען איז געווען אַ רעטשענע קאַשע. די זעלבע איז ביי דער מיטעלער קלאַס פערבליבען אויך אין די שפּעטערע צייטען ביי דער זייט פון הילזען־פּרוכט: באָב, אַרבעס, א. ד. גל. דורך די קריגען מיט אַנדערע פעלקער זיינען די רוימער בעקאַנט געוואָרען מיט אַ פיינערער קיך.

בעקער־ברויט איז בעקאַנט געוואָרען אין רוים זעהר שפּעט, ערסט אין יאָהר 170 פ. קר. פריהער פלעגט יעדע הויז־פרוי מיט דער הילף פון שקלאַפען און שקלאַפינס אַליין באַקען ברויט. די אָרימע פלעגען עסען גראָבעס קלייען־ברויט, די רייכע פלעגען געברויכען פיינעם ווייצען־ברויט. פלייש פלעגען זיי געברויכען אין די ערסטע צייטען זעהר זעלטען. דיזעס האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו געברויכען ערסט נאָך דעם, ווי זיי האָבען בעזיגט גריכענלאַנד און אַזיען. פון פליישען זיינען ביי זיי געווען מעהר אין געברויך שוויינען־פלייש און האָזען־פלייש. זיי פלעגען אויך געברויכען אַלס שפּייז פערשיידענע פיש און שאַל־טיערען, ווי אויסטערס און דערגלייכען. אַ בעליבטער טייל פון אַ רוימישער מאָהלצייט זיינען געווען פיינע סאָרטען פּרוכט, מיט וועלכע איטאַליען איז געווען, ווי זי איז נאָך יעצט, זעהר רייך.

די הויפּט־געטרענק זיינען געווען וואַסער און וויין. דעם לעצטערען (וויין) פּלעגען זיי ניט טרינקען ריין, נאָר זיי פּלעגען צומישען מיט צוויי־דריטעל אָדער דריי־פערטעל וואַסער. ריינעם וויין טרינקען האָט געהייסען ביי זיי שכרות.

ווען געסט האָבען זיך געפונען ביי דער מאָהלצייט, פּלעגען זיי איינ־אָרדנען די זיצען און דעם טיש מיט אַ בעזונדער אָרדנונג. דער טיש, וועלכער איז אימער געווען אַ פיער־קאַנטיגער, איז געווען ארומגעשטעלט פון דריי זייטען מיט סאָפעס, ביי יעדער זייט דריי סאָפעס פיר דריי פּערזאָן. די פערטע זייט האָט קיין סאָפעס ניט געהאַט אום עס זאָל זיין דער טיש




צייכנונג פון אַ רוימישער טיש־אָרדנונג.

פריי צום צוטראָגען די שפּייז. ביים עסען פּלעגען די רוימער ליגען, ניט זיצען, ווי מיר טהוען עס. יעדערער, וואָס איז געזעסען ביים טיש, האָט געהאַט אַ קיסעלע צו זיין לינקער זייט, אויף וועלכען ער פּלעגט זיך אָנשפּאַרען האַלב־ליגענדיג. דער שענסטער פּלאַץ ביים טיש האָט זיך גערעכענט דער מיטעל־פּלאַץ. דאַן איז געווען דער אַזוי־גענאַנטער „העכסטער“ און ענדליך דער „נידריגסטער“ פּלאַץ.

דער פּלאַץ אין דעם מיטעלען לאַגער, וואָס איז דאָ בעצייכענט מיט נומער 1, האָט זיך גערעכענט פיר דעם שענסטען אָרט ביים טיש. נעבען איהם אויף דעם פּלאַץ 1 פון נידריגסטען לאַגער איז געווען דער זיץ

פון דעם ווירט, נעבען איהם איז געזעסען זיין פרוי און א קינד. ביים עסען פלעגען זיי געברויכען א קלענערעס לעפעל און א גרעסערעס צום אָנ־שעפען זופּ. קיין מעסער און גאָפּעל פלעגען זיי ניט געברויכען, ווייל דער, וואָס פלעגט צוטיילען די חלקים, פלעגט זיי געבען צושניטענע. ביי יעדען טיש האָט קיין זאַלץ ניט געטאָרט פעהלען, ווייל דאָס זאַלץ האָט אויך ביי קיין אָפּפער ניט געפעהלט.

ביי א רייכער סעודה פלעגט מען זיך אָפטמאָל צוהוליען און צו׳שכור׳ן ביז צו אויסגעלאַסענהייט און מען פלעגט אָפט פערברייגגען ביז שפּעט אין דער נאַכט. די געסט פון אזא הוליאַנקע פלעגען זיך געוועהנליך אויס־פּוצען מיט בלומען־קרענץ אַרום די קעפּ. דעם באַדען אין דעם עס־זאַל פלעגט מען בעשיטען מיט בלומען. ביי אזא מין סעודה פלעגען זיי אויסקליי־בען א טרינק־קעניג, וועלכער פלעגט בעזאָרגען די צומישונג פון וויין מיט וואַסער און אויך פלעגט ער בעשטימען די צאָהל כוסות, ווי פיעל יעדערער פון די געסט האָט געמוזט טרינקען. עס איז שוין דאַמאָלס געווען בעוואוסט דער מנהג צו טרינקען און ווינשען איינער דעם אַנדערן געזונדהייט (לחיים).

א וואוינונג ביי די אַלטע רוימער איז בעשטאַנען פון א הויז, א הויף צום הויז און א גאָרטען. דעם צוגאַנג צום הויז האָט געבילדעט דאָס אָ ס ט י ו ם, וואו דער טיר־וועכטער האָט געהאַט א שטיבעל. פון דעם אָסטיום איז מען אריינגעקומען אין ו ו ע ס ט י ב ו ל ו ם, א פאָר־האַלע, וועלכע איז אָפט געווען געבויט מיט זיילען־גענג אָדער קאָלאָנאַדעס. אין דיזע גענג זיינען געוועהנליך געווען אויסגעשטעלט צייכענס פון זיג, סטאַ־טועס א. אַנד. צום וועסטיבולום האָט זיך געשלאָסען דאָס אַ ט ר י ו ם, דער הויפּט־טייל פון הויז. דאָ האָט זיך פערזאַמעלט די פאַמיליע, דאָ האָט מען געקאָכט די שפּייז, געגעסען און געאַרבייט; דאָ איז אויך געשטאַנען דער הויז־הערד אָדער פייער־פּלאַץ, ווי אויך דער אַלטאַר, אויף וועלכען מען האָט געאָפּפערט צו די געטער. קיין קעלערן זיינען אין די רוימישע הייזער דאַמאָלס נאָך ניט געווען. די געביידעס זיינען געווען איין־שטאָקיגע.

מיט דער צייט אָבער, בעזונדערס זינט די רוימער האָבען זיך נעהענטער בעקאַנט מיט די גריכען און זייער לעבען איז געוואָרען פיעל פיינער, איז אויך די וואוינונג ביי די רוימער פיעל פיינער און קאָמפּליצירטער געוואָרען. פיעלע הייזער האָבען געמוזט זיין פיעל־שטאָקיגע, ווייל די שטאָדט האָט גע־האַט זעהר פיעלע אָרימע אַרבייטער און מען האָט געמוזט אויף ווייניג פּלאַץ בעזעצען פיעלע מענשען. עס איז דאַמאָלס געוואָרען א פאָדערונג אויף

הייזער צום פערדינגגען, וועלכע האָבען פערנומען א גרויסען טייל פון דער שטאָדט, הייזער פון דיזען סאָרט זיינען אָפטמאָל געווען זיבען שטאָק הויך.

דאָס ליכט אין די וואוינונגען פלעגט אריינקומען דורך עפנונגען אין דאַך אָדער פון פענסטער, וועלכע פלעגען זיין געוועהנליך פערהאנגען. שפּע-טער האָבען זיי געהאט פענסטער מיט שויבען פון א סאָרט דורכזיכטיגען שטיין, און נאָך שפּעטער האָבען זיי געהאט גלעזערנע שויבען. אין אָבענד פלעגען זיי ברענען פיר בעלייכטונג קין, שפּענער, ליכט פון חלב און פון וואקס, אָדער אויל-לאָמפּען.

געהייצט האָט מען ניט אין געמויערטע אויווענס, נאָר אין אויפגע-שטעלטע קויהלען-בעקענס און טראַנבּארע אויווענס. דאָס מעבעל איז בע-שטאַנען פון ניט פיעלע שטיקער און די סאַמע ניצליכסטע, ווי טישען, שטו-לען, סאָפעס, אלמערס א. ד. גל.

די רעליגיאָן איז ביי די רוימער געווען שטארק צוזאמענגעבונ-דען מיט'ן געזעלשאפטליכען ווי אויך מיט דעם פריוואט-לעבען. די רוימער האָבען פערגעטערט זייערע אוראַלטע העלדען און די פאָטערס פון זייערע שטאַמען. עס איז בעוואוסט, דאָס די רוימער זיינען בעשטאַנען פון 3 שטאַמען. יעדער שטאַם האָט פערעהרט זיין שטאַם-גאָט: די רוימער — דעם יופּיטער, די סאַבינער — דעם קווירינוס און דער דריטער שטאַם — דעם מאַרס. שפּעטער, ווען די אַנדערע צוויי שבטים זיינען אונטערוואָרפען גע-וואָרען פון די רוימער, איז יופּיטער געוואָרען דער הויפּט-גאָט פיר אלע שטאַ-מען. צוזאמען מיט דעם העראָען-קולט, ד. ה. מיט דער פערעהרונג פון די אור-פאָטערס, האָבען זיי אויך פערעהרט די נאטור-קרעפטען, ווי ליכט, פייער, וואַסער און די ערשיינונגען אין הימעל און אויף דער ערד. אויסער די געטער, וואָס האָבען רעפּרעזענטירט די נאטור-קרעפטען, זיינען ביי זיי אויך געווען געטער פון גייסטיגע אייגענשאַפטען — פון גוטס און פון שלעכטס. אין די אלטע צייטען האָבען די רוימער ניט געהאט קיין געטער-בילדער. מען האָט פערעהרט די געטער אונטער געוויסע סימבאָלען. צ. ב. דער סימבאָל פון יופּיטער איז געווען א קיזעלשטיין, דער סימבאָל פון מאַרס איז געווען א סצעפּטער (שרביט מלכות), דאָס פייער איז געווען דער סימבאָל פון דער געטין וועסטא.

א ביסעל שפּעטער האָבען די רוימער אָנגענומען אויך דעם קולט פון די גריכען און פון די אָריענטאלישע לענדער. טאַרקוויניוס איז געווען דער ערסטער, וועלכער האָט פעראייניגט דריי געטער: יופּיטער, יונאָ און מינערווא און האָט פיר זיי אלע געבויט איין טעמפּעל און געמאַכט סטאַטועס

פיר זיי. דיזער טעמפעל איז געווען א נאציאָנאַלעס הייליגטום. דאָס איז געווען דער ערסטער שריט צום העללעניזירען דעם קולט, ד. ה. אָנפאַנגען צו פערעהרען די גריכישע געטער. שפּעטער, אין דער צייט פאַר די פּונישע קריגען, איז שוין געווען איינגעפיהרט אין רוים דער קולט פון אַפּאָללאָ, נעפּטון, פּלוטאָ, דעמעטער, העראַקלעס, הערמעס, מאַגנאַ דעאַ און די קאַס-טאָרען, וועלכע זיינען אַלע געווען גריכישע גאָטהייטען.



**יופּיטער.**

דער גאָט יאַנוס איז געווען ביי די רוימער דער גאָט פון ליכט און פון דער זון. דיזער איז געווען פאַרגעשטעלט מיט צוויי געזיכטער. ער האָט זיך ביי זיי גערעכענט אַלס בעשיצער פון די טויערן פון די שטעדט. אין זייערע געבעטען (תפלות) פּלעגען זיי איהם דערמאָהנען צום ערסטען, ווייל זיי האָבען געגלויבט, דאָס ער איז געווען דער גרינדער פון געטליכען דינסט. זעהר בעריהמט איז געווען דער טעמפּעל, וואָס נומאַ האָט אויפ-

געשטעלט פיר איהם אויף דעם פאָרום. דיזער טעמפעל פלעגט זיין שטענדיג אָפען אין דער צייט פון קריג, אום דאָס פאָלק זאָל קענען בעטען פון איהם גוטע רעזולטאַטען פון דעם אָנגעהענדען קריג.

נאָכדעם איז אַריין אין געברויך דער קולט פון יופיטער, דעם גאָט פון הימעל און רעגירער פון דער וועלט. דאַן איז דער קולט פון ווענוס ארויס פון דער מאָדע. יופיטער האָט זיך גערעכענט אַלס דער גאָט פון בליץ. דע־ריבער האָבען זיי גערעכענט פיר הייליג דעם אָרט, וואָס איז צושטערט גע־


יונאָ.


מינערוואַ.

וואָרען פון אַ בליץ; דאָס האָט זיי איבערצייגט, דאָס דאָ האָט די גאָטהייט זיך ענטדעקט צו זיי און האָט דיזען אָרט אויסגעקליבען פיר זיין וואוין־אָרט, זיין הייליגטום. אויף דיזען אָרט, וואו דער בליץ האָט געטראָפען, האָט מען אויפגעשטעלט אַן אַלטאַר, און מען האָט געאָפּפערט אַ צוויי־יעהריגעם לאַם. יופיטער האָט זיך גערעכענט ביי זיי אַלס בעשיצער פון רוימישען שטאַאַט, איבערהויפּט איז ער מעהר בעקאַנט און פערברייטערט געוואָרען נאָך דעם, ווי דער לאַטינער־בונד איז אונטערגעגאַנגען, און דאַן איז ער בעוואוסט גע־

וואָרען אַלס נאַציאָנאַל־גאָט, און איז געשטעלט געוואָרען אָן דער שפּיץ פון אַלע אַנדערע געטער.

די ווייב פון יופּיטער'ן איז געוועזן יונאָ. זי איז בעקאַנט אַלס די בעשיצערין פון הייראַט און פון הויז־פרויען. מינערוואַ איז געוועזן די געטין פון ערפינדונגס־פעהיגקייט און קונסט־פעהיגקייט, דאָס זעלבע, וואָס ביי די גריכען איז געוועזן די פּאַללאַס אַטהענע. מערקור איז



**ווענוס.**

געוועזן בעקאַנט אַלס דער גאָט פון האַנדעל (דער נאָמען איז פון דעם לאַטיינישען „מערקס" — וואַארע). ווענוס, אָנפאַנגס די גאָרטען־געטין, איז נאָכדעם געשטעלט געוואָרען גלייך מיט דער גריכישער אַפראָדיטאַ, נעפּטון — מיט דעם גריכישען פּאָסיידאָן, וואולקאַן — מיט דעם גריכישען העפאָסטוס, צערעס — מיט דער גריכישער

דעמעטער. די פערעהרונג פון אַ פּ אָ ל ל אָ ' ן, וועלכער האָט ביי די גריכישע פעלקער געשפּילט אַזאַ וויכטיגע ראָלע, איז בעקאַנט געוואָרען אין רוים ערסט אין אָנפאַנג פון דעם צווייטען פּונישען קריג אונטער דעם נאָמען אַ פּ ע ר ט אַ. דער גריכישער גאָט באַקכוס איז אָנגענומען געוואָרען ביי די רוימער אונטער דעם נאָמען ל י ב ע ר. דער גאָט פון דער אונטער-וועלט האָט ביי זיי געהייסען ד י ס, און די געטין פון דער אונטער-וועלט ל י-



אַפּאָללאָ.

ב י ט י נ אַ. די ווייב פון יאַנוס'ן איז געוועזן ד י אַ נ אַ, די לבנה-געטין, וועלכע האָט שפּעטער בעקומען די זעלבע בעדייטונג, וואָס די גריכישע אַר-טעמיס.

די רוימער האָבען אָבער אויך געהאַט געטער, וועלכע זיינען געוועזן פער-עהרט נאָר פון זיי, און האָבען קיין פערוואַנדטשאַפט ניט געהאַט מיט די גרי-

בישע געטער. אויסער יאַנוס'ן, וועלכען מיר האָבען שוין בעשפּראָכען, גע-הערען צו דיזע: ווערטומנוס, טערמינוס, סילוואַנוס, פאַונוס, די פּענאַטען און די לאַרען. ו ו ע ר ט ו מ נ ו ס איז געוועזען דער גאָט פון הערבסט און דעריבער איז אין דיזער צייט געוועזען ביי זיי איינגעריכטעט אַ פייערטאָג צו זיין עהרע—די ווערטומנאַליען. לויט דיזער בעדייטונג פון דעם נאָמען איז ער דער גאָט פון וואַנדלונג, נעמליך פון דער וואַנדלונג, וואָס פרוכטען מאַכען דורך פון אָנפאַנג בליהען ביז זיי ווערען צייטיג. דיזער גאָט האָט נאָך זייער בעגריף געהאַט זיין פערבינדונג מיט יעדער אַרט וואַנדלונג: מיט דעם וועקסעל פון די תקופות פון יאָהר, מיט דער ענדערונג פון די מענשליכע געזינונגען, מיט דעם אויסטויש פון וואַארע (האַנדעל) א. אַנד. זיין ווייב איז געוועזען פּ אָ מ אָ נ אַ, די געטין פון פרוכט.

ט ע ר מ י נ ו ס איז געוועזען דער גאָט פון דער גרענעץ. אונטער זיין שוץ איז געוועזען דער גרענעץ-שטיין, וועלכער איז געוועזען גערעכענט פיר זעהר הייליג. דיזער שטיין איז אַריינגעשטעלט געוואָרען אונטער רעליגיעזע צער-מאָניעס. מען האָט אויסגעגראָבען אַ גרוב, אָנגעצונדען אין איהר אַ פייער, און מען האָט געקוילעט אַ קרבן, אַזוי אַז זיין בלוט זאָל זיך אַריינגיסען אין גרוב, דאַן האָט מען אַריינגעוואָרפען אין גרוב איבער'ן אָפּפער פרוכט, וויה-רויך, אַריינגעגאָסען וויין און האָניג, דאַן האָט מען אַריינגעשטעלט דעם גרע-נעץ-שטיין, איהם געזאַלבט און בעצירט מיט אַ קראַנץ בלומען. דער גרענעץ-גאָט האָט אויך אויף דעם קאַפּיטאָל געהאַט אַ הייליגען שטיין. דיזער שטיין האָט זיך געפונען אין טעמפּעל פון יופּיטער, אום צו צייגען, דאָס דער גאָט טערמינוס מיט זיין גרענעץ-שטיין שטעהט אונטער דעם שוץ פון דעם העכסטען גאָט. די רוימער פלעגען ערצעהלען וועגען דיזען שטיין אין טעמ-פעל פון יופּיטער פאָלגענדע געשיכטע. אַלס טאַרקוויניוס האָט געוואָלט גרינדען דעם טעמפּעל פון יופּיטער, האָט ער אַלע הייליגטימער, וואָס האָ-בען זיך געפונען אויף יענעם אָרט, געהייסען איבערטראָגען אויף אַנדערע ער-טער אונטער פייערליכע צערמאָניעס. דאַמאָלס האָט דער גאָט טערמינוס זיך איינגעשפּאַרט און האָט ניט געוואָלט פערלאָזען זיין אָרט, וויייל די גרענעץ טאָר מען ניט ענדערן און אָפּרוקען, האָט מען דאַמאָלס קיין אַנדער מיטעל ניט געפונען, נאָר מען זאָל דאָס הייליגטום פון טערמינוס אין טעמ-פעל פון יופּיטער אַריינגעהמען, ד. ה. מען זאָל דעם יופּיטער-טעמפּעל שטעלען אויף דעם אָרט פון טערמינוס. דערביי האָט מען געמאַכט אַזוי, דאָס איבער דעם גרענעץ-שטיין זאָל ניט זיין קיין דאַך, וויייל צום גרענעץ-גאָט האָט מען בעדאַרפט אָפּפער ברייננגען נאָר אונטער דעם פרייען הימעל.

ס י ל װ א נ ו ס איז געװען דער גאָט פון װעלדער און גערטנער; ער האָט זיך אויך גערעכענט אַלס דער גאָט פון הערדען (טשערעדעס, סטאַדעס). די בויערן האָבען גערעכענט דעם סילװאַנוס פיר אַ בעזונדערען בעשיצער פון זייער אַרבייט און צו איהם האָבען זיי מתפלל געװען, ער זאָל שיקען אַ ברכה אין זייער אַרבייט. דער בויער האָט געגלויבט, דאָס אַפילו זיין שטיבעל שטעהט אונטער דער השגחה פון סילװאַנוס'ן. מען פלעגט מאַכען דריי ביל-



װיקטאָריאַ (די געטין פון זיג).

דער פון איהם: איינס האָט מען אַריינגעשטעלט אין הויז, דאָס אַנדערע אין מיטען פעלד, און דאָס דריטע האָט מען געשטעלט אויף דער גרענעץ פון דעם לאַנד־אייגענטום. אָבער דיזער גאָט האָט אויך אַ שרעקהאַפטע זייט. די שרעקליכע בילדער, װעלכע אַ װאַנדערער זעהט אָפט אין די גרויסע װעלדער, און די קולות, װאָס ער הערט דאָרט אָפט, קומען פון סילװאַנוס'ן אַרויס. דער גאָט פאַונוס איז אין פיעלע הינזיכטען ענליך צום גאָט סילװאַנוס. אויך

פאונוס איז א גאָט פון פעלדער און וועלדער, ווי אויך פון די פיה, וואָס פאַשען זיך דאָרט. דער פאונוס צייכענט זיך בעזונדערס אוים מיט זיין בעשיצען די הערדען (סטאַדעס) געגען די וועלף, דעריבער ווערט ער אויך בע-צייכענט מיט'ן נאָמען ל ו פ ע ר ק ו ס, ד. ה. דער בעשיצער פון וועלף. אין איין זאַך אונטערשיידט ער זיך פון סילוואנוס'ן, ער איז א גאָט פון נביאות, וועלכער זאָגט פאָרויס די צוקונפט דורך חלומות, רעטזעלהאפטע שטימען און קולות. צו עהרע פון פאונוס'ן איז איינגעריכטעט געווען א פרעהליכער יום טוב, דער 5טער דעצעמבער, אין וועלכען עס האָבען אַנטייל גענומען פאַסטוכער, בויערן און אויך דינער און שקלאַפען. דיזען יום טוב פלעגען זיי פייערן אויף'ן פרייען פעלד.

די רוימער האָבען שטאַרק געגלויבט אין די פערשטאָרבענע גייסטער פון זייערע עלטערן און איבערהויפט פון זייערע שטאַם-פאָטערס. יעדער מענש, יעדער אָרט און יעדער געגענשטאַנד האָט געהאַט אזא מין שוץ-גייסט פון איינעם פון די זעעלען פון זייערע פערשטאָרבענע עלטערן. דיזער גייסט פערבינדעט זיך מיט דעם מענשען אזוי באַלד, ווי ער ווערט געבאָרען, און בלייבט פערבונדען מיט איהם זיין גאַנצען לעבען; ער פרעהט זיך מיט איהם, ער ליידט מיט איהם און נעהמט אַנטייל אין זיין גאַנצען לעבען, און אפילו נאָך זיין טויט פערבלייבט דיזער גייסט אויף זיין קבר. צו דיזע גייסטער גע-הערען בעזונדערס די פענאַטען און די לאַרען. די פ ע נ א ט ע ן זיינען געווען הויז-געטער, וועלכע האָבען בעשיצט די איינהייט און דעם בעשטאַנד פון דער פאַמיליע. זיי פלעגען נעהמען א בעזונדערען אַנטייל אין דעם שיקזאַל פון דער פאַמיליע, וואָס זיי זיינען געווען די שוצגעטער פון איהרע עלטערן. צו דיזע געטער פלעגט יעדע פאַמיליע בריינגען אָפּפער ביי אַלע פאַסירונגען אין לעבען, סיי פרעהליכע סיי טרויעריגע. זייער אַלטאַר איז גע-ווען דער הערד מיט א פייער, וואָס איז קיינמאָל ניט אויסגעלאָשען געוואָרען. ביי דעם אַלטאַר איז די גאַנצע פאַמיליע געווען געשיצט געגען פערפאָלגונגען. אפילו די בעאַמטע פון דער רעגירונג האָבען זיי ניט געקענט טאָן עטוואָס שלעכטעס. די בילדער פון דיזע הויז-געטער זיינען געשטאַנען אין שאַפעס נעבען דעם אַלטאַר, ד. ה. נעבען דעם הערד (פייער-פּלאַץ). זיי האָבען זיך אי-בערהויפט גערעכענט אַלס די שוץ-געטער פון דעם הויז, דעריבער, ווען די פאַמיליע האָט זיך איבערגעקליבען אין אַן אַנדער וואוינונג, האָבען די הויז-געטער מיט זיי ניט אריבערגעצויגען, ווייל זייער פליכט איז צו בעשיצען דאָס הויז. אויך יעדע שטאָדט האָט געהאַט איהר בעזונדערע פאַמיליע פון פענאַטען. די בילדער זייערע פלעגט מען האַלטען אין טעמפעל פון דער

געטין וועסטא. ווייל קיינעם איז ניט געווען ערלויבט צו זעהן די פענאטען אין וועסטא־טעמפעל, האבען פיעלע גאר ניט געגלויבט, דאס זיי געפינען זיך דארט.

עס איז ביי זיי געווען נאך א מין הויז־געטער, וועלכע זיינען געווען די נשמות פון די עלטערן, וואס האבען זיך גערופען די ל א ר ע ן. דיזע האבען זיך אונטערשיידט פון די פענאטען דערמיט, וואס זיי זיינען געווען



צערעס. געפונען אין אסטיא אין 1856.

צוגעבונדען צו די מיטגלידער פון דער פאמיליע און ניט צום הויז. ווען די פאמיליע האט אומגעביטען די וואוינונג פלעגען די לארען מיט זיי מיט־געהן, האבען זיי געגלויבט. זייערע בילדער, וועלכע פלעגען געמאכט ווע־רען פון האלץ אדער פון וואקס, פלעגען אריינגעשטעלט ווערען אין א שאפע נעבען הערד. פון יעדער מאהלצייט פלעגט מען זיי געבען אין קליינע שי־סעלאך פון דער שפייז, וואס מען האט פארבערייט פיר די פאמיליע. ביים

עסען פלעגען זיי עפנען די שאַפע, וואו די לאַרען זיינען געשטאַנען, אום זיי זאָלען קענען אָנטייל נעהמען אין דער מאָהלצייט. אין פייערטעג פלעגט מען זיי אָנטאָן קרענץ אויף די קעפ. דיזע אַרבייט פלעגען דאַרפען טאָן די שקלאַפען, ווייל זייער פליכט איז צו בעדינען דעם הערן ביי זיין לעבען און אויך נאָך זיין טויט. עס זיינען געווען ביי זיי לאַרען, וואָס האָבען געהערט ניט נאָר צו איין פאַמיליע, נאָר צו גאַנצע גאַסען, צו אַ גאַנצער שטאָדט, און אַפילו צו אַ גאַנצען לאַנד. די בילדער פון די לאַרען, וואָס האָבען געהערט צו אַ גאַנצער גאַס, פלעגען שטעהן אויף'ן שייד־וועג, וואו צוויי גאַסען קרייצען זיך. פיר די גאַסען־לאַרען איז געווען בעשטימט אַ בעזונדער פעסט־טאָג אין מאַי, פיר די לאַנד־לאַרען איז געווען אַ בעשטימטער פייערטאָג דעם 23טען דעצעמבער, ווען מען פלעגט ברייגנען צו זיי בעזונדערע אָפּפער. די רוימער האָבען אויך געגלויבט אין די עקסיסטענץ פון שלעכטע בעזע לאַרען. דאָס זיינען געווען זינדיגע נשמות, וועלכע פלעגען אויך נאָך זייער טויט נאָר שאָדען טאָן, איבערהויפּט אין דער נאַכט־צייט.

עס זיינען ביי די רוימער אויך געווען געטער, וועלכע האָבען פּערסאָניפיצירט גוטע מדות און זיטליכע בעגריפען. אַזוי צ. ב. האָבען די געטער אונטער דעם נאָמען פידעס, ד. ה. טרייהייט, אַכטונג געגעבען, דאָס אָפּמאַכען, שבועות, און פערשפרעכונגען פון מענשען זאָלען טריי און ריכטיג ערפילט ווערען. די קאָנקאָרדיאַ איז געווען אַ געטין, וואָס האָט אויפגעפּאַסט אויף דעם פרידען צווישען די בירגער. די יובענטוס, די געטין פון יוגענד, די וויקטאָריאַ, די געטין פון זיג, די ליבערטאַס, די געטין פון פרייהייט. עס איז אויך געווען אַ פּודיציציאַ, אַ געטין פון שעמעדיגקייט אָדער צניעות. זי איז פון די פּאַטריצישע פרויען געוואָרען פערעהרט אַלס פּודיציציאַ פּאַטריציאַ. אַלס די פּאַטריצישע יונגפרוי ווירגיניאַ האָט אין 204 פ. קר. חתונה געהאַט מיט אַ פּלעבעיער, איז זי ניט צוגעלאָזען געוואָרען צו דעם דינסט פון דיזער געטין. אָבער דיזע אָנגעזעהענע רוימערין האָט אויסגעבויט אַ בעזונדערען טעמפּעל פיר די פּודיציציאַ פּלעבעיאַ, צו דעם דינסט פון די פּלעבעיאישע פרויען.

אַלע דיזע געטער און געטינס זיינען געווען אַיינגעטיילט אין דריי גרופּען: הימעל־געטער, ערד־געטער און אונטער־ערדישע געטער. אויסער דעם זיינען די געטער געווען אַיינגעטיילט אין העכערע און נידריגע גאָטהייטען. צו די לעצטע האָבען געהערט די לאַרען און שוץ־גייסטער. שפּעטער האָבען זיך ביי זיי ענטוויקעלט, אונטער דעם גריכישען אַיינפלוס, די צוועלף ראַט־

געבענדע געטער. זייערע בילדער זיינען געשטאַנען אין פאָרום, וואו עס איז געשטאַנען אַ בעזונדער אַלטאַר פיר זיי.

דער געטליכער דינסט איז ביי די רוימער געווען פערבונדען מיט זעהר פיעלע צערעמאָניעס, וועלכע האָבען געמוזט אויסגעפיהרט ווערען זעהר גענוי און פינקטליך. יעדע נייע אונטערנעהמונג אין געזעלשאַפטליכען אָדער פריוואַט־לעבען האָט זיך געמוזט אָנפאַנגען מיט רעליגיעזע צערמאָניעס און קרבנות. די פריסטער האָבען פריהער פון אַלץ געמוזט אויסגעפינען דעם ווילען פון די געטער וועגען דיזער אָדער יענער נייער אונטערנעהמונג, און דערביי האָבען די פריסטער אויך געבעטען די געפּלאַנטע אונטערנעהמונג צו אונטערשטיצען און בעגליקען.

ווי מיר האָבען עס שוין פריהער געשריבען, פלעגען די פריסטער אויסגעפינען דעם ווילען פון די געטער און זייער פערשפּרעכען צו שטיצען די אונטערנעהמונג דורך דאָס פליהען פון פויגלאָך (אוגורען) און דורך בעטראַכטונגען פון די אינגעווייד פון די אָפּפער (האַרוספּיצעס). מען האָט געהאַט נאָך פיעלע אַנדערע סמנים צו בעשטימען דעם רעזולטאַט פון אַן אונטערנעהמונג, ווי צ. ב. די צייכענס פון הימעל, דעם לויף און די שטימען פון פיער־פיסיגע חיות, ווי וועלף און פערד, וואָרנונגען דורך אונגליק־צייכענס, ווי פּלעצליכעס ניסען, אַראָפּפאַלען פון עפּעס אין טעמפּעל ביים געטליכען דינסט, דאָס פאַלען פון אַ חולה־נופל, ווי אויך די צייכענס פון דעם עסען פון היהנער. מען פלעגט די הייליגע היהנער, וואָס מען האָט געהאַלטען ביים טעמפּעל צו דיזען צוועק, גוט אויסהונגערן, נאָכדעם זיי געבען גוטע שפּייז, צו וועלכער זיי האָבען זיך צוגעכאַפּט; ווען עס איז אַרויסגעפאַלען צוריק פון זייער שנאָבעל עטוואָס פון די שפּייז, איז עס געווען אַ צייכען, דאָס די געטער זיינען צופרידען מיט דער נייער אונטערנעהמונג און זי וועט געוויס געלינגען. דאָס נעבען־שטעהענדע בילד שטעלט פאָר אַ שטייג, אין וועלכער עס האָבען זיך געפונען די הייליגע היהנער, וואָס די רוימישע פריסטער (די אוגורען) האָבען דורך זייער עסען נביאות געזאָגט. מען האָט אַפילו די געטער אַ ביסעל אָפּגענאַרט, ווייל מיט דעם אויסהונגערן די היהנער האָט זיך געמוזט טרעפען, דאָס פון אייזלענים זאָל פון דער הוהן׳ס שנאָבעל עטוואָס אַרויספאַלען ביים עסען, דאָך האָט מען דערין געגלויבט. אַזוי איז עס אימער מיט דעם אַבערגלויבען.

**עס איז אויך ווערט צו דערמאָהנען וועגען די סיביללינען־ביכער און וועגען די רוימישע פריסטער, וואָס האָבען געזאָגט נביאות דורך זיי. די זאַגע ערצעהלט וועגען דיזע ביכער פאָלגענדעס. אין דער צייט פון דער**

הערשאפט פון טארקוויניוס איז געקומען נאך רוים אן אלטע פראפעטין און האט אנגעבאטען דעם קעניג צו קויפען צווערסט ניין, דאן זעקס ביכער מיט משלים און נביאות, און האט געפאדערט פיר זיי א געוויסען פרייז, פון וועלכען זי האט ניט געוואלט ארונטערלאזען. דיזעס האט דעם קעניג פערדראסען און ער האט זי גיך אפגעפערטיגט. דעם קעניג האט נעמליך פערדראסען, דאס ווען זי האט איהם געזאגט דעם פרייז פיר ניין ביכער און ער האט ניט איינגעשטימט צו געבען ווי פיעל זי האט געבעטען, האט זי פערברענט דריי און האט פיר די געבליבענע זעקס געפאדערט דעם זעלבען פרייז, וואס זי האט פריהער פערלאנגט פיר די ניין. נאך דעם, ווי דער קעניג האט איהר ענטזאגט האט זי וויעדער פערברענט דריי, אזוי דאס עס זיינען גע-



די הייליגע היהנער.

בליבען נאר דריי פון די אלע ניין ביכער, און פיר די לעצטע דריי האט זי אויך געפאדערט דעם זעלבען פרייז, וואס זי האט פריהער געפאדערט פיר אלע ניין, און ווען דער קעניג וועט איהר ניט געבען דעם פרייז וואס זי פערלאנגט, האט זי געזאגט, וועט זי פערברענען די לעצטע דריי. דאמאלס האט דער קעניג צוזאמענגערופען די פריסטער און וואהרזאגער, און פון זיי האט ער זיך דערוואוסט, דאס די פרוי איז א מ א ל ט ה ע א די סיביללע *). זי האט געוואוינט אין א העהל נעבען נעאפאל. די פריסטער האבען געראטען

*) סיביללען זיינען געווען אין אזיען פרויען, וואס האבען געלעבט אפגעזונדערט פון מענשען און האבען זיך בעשעפטיגט מיט נביאות זאגען.

**דעם קעניג צו קויפען פון איהר די ביכער פון איהרע נביאות, ווייל עס איז** זעהר וויכטיג פיר רוים זיי צו האָבען. דאַן האָט טאַרקוויניוס בעצאָהלט פיר די לעצטע דריי ביכער דעם פּרייז, וואָס די סיביללע האָט געפאָדערט. טאַרקוויניוס האָט די ביכער בעהאַלטען אין אַ געוועלב אונטער דער ערד און האָט בעשטימט פערשיידענע בעאַמטע, זיי זאָלען אכטונג געבען, דאָס די ביכער זאָלען ניט פערדאָרבען אָדער גע'גנב'עט ווערען, און האָט געגעבען אַ בעפעהל, דאָס נאָר דער סענאַט זאָל האָבען דאָס רעכט זיך צו בענוצען מיט דיזע



אַפּאָללאָ-פּריסטער.

ביכער אום עטוואָס וויכטיגעס צו דערגעהן אין געוויסע וויכטיגע אַנגעלעגענהייטען.

עס איז בעשטימט געוואָרען אַ געוויסע קלאַס פּריסטער, וועלכע האָבען בעדאַרפט אכטונג געבען, דאָס די געבאָטען פון די סיביללינען זאָלען אויסגעפיהרט ווערען. פריהער פון אַלץ האָבען די פּריסטער פערלאַנגט, דאָס די אָפּפער, וואָס די ביכער האָבען געפאָדערט, זאָלען ריכטיג געבראַכט ווערען. די ביכער זיינען געווען געשריבען אין גריכיש און די אָפּפער זיינען געווען

נאָך דעם גריכישען קולט (סדר העבודה), דעריבער האָבען דיזע פּריסטער באַלד בעקומען די אויבער־אויפזיכט איבער אַלע קולטען לויט גריכישען מנהג, און ווייל דיזער סאָרט רעליגיאָנס־דינסט האָט זיך אין רוים מעהר און מעהר פערברייטערט, האָבען דיזע פּריסטער זיך פערשאַפט די גרעסטע מאַכט איבער אַלע רעליגיאָנס־זאַכען אין רוים. אין אָנפאַנג איז די צאָהל פון די־זען סאָרט פּריסטער געווען בעשרענקט אויף 2, שפּעטער אָבער האָט מען געפונען פיר נעטיג צו פערגרעסערן זייער צאָהל ביז 15. דיזע פּריסטער האָ־בען פיעל געהאָלפען צו פערשפּרייטען אין רוים די קולטען פון פרעמדע רע־ליגיאָנען, איבערהויפּט דעם אַפּאָללאָ־דינסט. דאָס נעבען־שטעהענדע בילד שטעלט פאָר איינעם פון דיזע 15 אַפּאָללאָ־פּריסטער. דיזער פּריסטער איז



צוג פון אַ רעליגיעזער ברידערשאַפט.

אָנגעטאָן אין אַ גריכישען קלייד מיט אַ קראַנץ פון לאָרבער, וואָס איז גע־וועהנליך געהייליגט צו אַפּאָללאָ'ן, און אָפּפערט ווייהרויך צו דיזען גאָט יעדען מאָרגען, ווען ער זאָגט זיין געבעט צו איהם.

אויסער דיזע פּריסטער־קאָללעגיעס זיינען געווען אין רוים זעהר פיעלע רעליגיעזע חברות און ברידערשאַפטען, פון וועלכע יעדע פלעגט בעזאָרגען דעם קולט פון אַ בעזונדער גאָטהייט. אַזעלכע ברידערשאַפטען האָבען זיך גערופען ביי די רוימער „סאָדאַליטאַטען“. אונטער זיי זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבען בעזאָרגט דעם קולט פון דער גענס, אַנדערע, וואָס האָבען בע־זאָרגט דעם קולט פון די שטאַם־געטער. די וויכטיגסטע ברידערשאַפט פון דיזען סאָרט זיינען געווען די אַקער־ברידער, וועלכע זיינען געווען 12 אין

צאָהל און האָבען געהערט צו די העכסטע שטאַמען. עס איז אויך געווען אַ ברידערשאַפט מיט'ן נאָמען „סאַליער"; זייער פליכט איז געווען צו היטען דעם שילד, וועלכער, ווי זיי האָבען געלויבט, איז אַראָפּגעפאַלען פון הימעל, און וועלכער האָט געהערט צום גאָט מארס. איין מאָל אין יאָהר, אין מאָנאַט מערץ, פלעגען די סאַליער מאַכען רעליגיעזע פּראָצעסיאָנען מיט טענץ און געזענג. דאָס נעבענ־שטעהענדע בילד שטעלט פאָר אַ פּראָצעסיאָן פון אַזאַ ברידערשאַפט, וועלכע אָפּפערט אַ ציג צו דער געטין יונאָ אַקראַאַ. די גרעסטע פיגור אין דעם בילד שטעלט פאָר די געטין, די גרעסערע נאָך איהר די מאַגיסטראַטען און די איבריגע, דאָס פאָלק. עס איז געווען דער מנהג ביי גריכישע קינסטלער צו מאַכען די גרעסטע פון די בילדער נאָך די וויכטיגקייט פון די פּערזאָנען.



אַ פּריסטער גיט איבער די כלי פון ווייהרויך.
נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

אין די אַלטע צייטען פלעגען די רוימער אָפּט אויך אָפּפערן מענשען. מיט דעם בלוט פון אַ פערברעכער פלעגען זיי בעשפּריצען דעם אַלטאַר פון יופּיטער'ן. דער סענאַט האָט דאָס פערבאָטען ערסט אין דעם יאָהר 97 פ. קר. אַנשטאָט מענשען־אָפּפער האָבען זיי דאַן געבראַכט חיות, וועלכע האָבען קיין מום ניט געטאָרט האָבען, און קיין יאָך ניט געטראָגען. די צאָהל פון קרבנות פלעגט אַמאָל זיין זעהר גרויס, אָפטמאָל אין די הונדערטער, איבערהויפּט די שטאַאטס־אָפּפער זיינען אימער געווען זעהר גרויס אין צאָהל. אַ גרויסע צערעמאָניע פלעגט זיין ביי דער אָפּפערונג צו ענדע פון אַ צענזוס (פאָלקס־צעהלונג).

אין די גאַנץ אַלטע צייטען פלעגען די רוימער ברייגגען אָפּפער פון ניט־לעבעדיגע זאַכען, ווי צ. ב. די ערסטע פרוכט פון פעלד (בכורים). דערביי פלעגען זיי גיסען אויף די פרוכט אָפּפער־וויין, ריינעם אָדער געמישטען מיט וואַסער. אויך פלעגען זיי ברייגגען רויך־אָפּפער, געמליך פון ווייהרויך. צו ענדע פון די פייערטעג פלעגט מען מאַכען אַ מאָהלצייט פיר די געטער זעלבסט; מען פלעגט זיי אַנידערזעצען אויף קיסענס און שטעלען פאַר זיי פערשיידענע שפּייזען.

צוזאַמען מיט די אָפּפער פלעגט מען אויך תפלה טאָן צו די געטער ביי אַלע געלעגענהייטען. זיי האָבען געגלויבט, דאָס דורך זייערע תפלות זיינען די געטער געצוואונגען ממלא זיין זייערע בקשות. אין דער צייט פון א גרויסער נויט און אונגליק פלעגט מען איינריכטען עפענטליכע געבעט-טעג.

די קונסט און וויסענשאַפט. די רוימער האָבען ניט געהאַט קיין נייגונג צו קונסט. זיי זיינען געווען נאָר אַ פּראַקטישעס פאָלק. וואָס זיי האָבען אויף דיזען געביט געשאַפען איז נאָר געווען אַ בלאָסע נאָכאַהמונג פון דער גריכישער קונסט. נאָר אין אַרכיטעקטור האָבען זיי אַרויסגעצייגט פיעל זעלבשטענדיגקייט. איבערהויפּט איז ווערט צו דערמאָהנען די גרויס-אַרטיגע מיליטער-שטראַסען און וואַסער-לייטונגען, וואָס די רוימער האָבען שוין אין די אַלטע צייטען געוואוסט צו מאַכען. פון די מיליטער-שטראַסען (שאָסעען) איז די וויא אַפּפּיא די „קעניגין פון אַלע שטראַסען". דיזע מיליטער-שטראַס איז געמאַכט געוואָרען פון אַפּפּיוס קלאַודיוס'ן אין יאָהר 412 פ. קר. און האָט געפיהרט איבער קאַפּוא ביז צום מעער. די רעסטען, וואָס זיינען נאָך איבערגעבליבען אין היינטיגער צייט, צייגען אויף די גרויסקייט פון דעם רוימישען אונטערנעהמונגס-גייסט. די ערסטע בעריהמטע וואַסער-לייטונג פון קלאַודיוס'ן איז געמאַכט געוואָרען אין יאָהר 313 פ. קר. נאָכדעם זיינען געמאַכט געוואָרען נאָך פיעלע אַנדערע וואַסער-לייטונגען אין דיזען סטיל. דאָס זיינען געווען קינסטליכע קאַנאַלען אויף אַ שטרעקע פון מעהרערע מיילען, דורך וועלכע דאָס וואַסער פון אַ קוואַל איז דורכגעפיהרט געוואָרען אין אַ שטאָדט. איבער דעם קוואַל איז געמאַכט געוואָרען אַ קוואַל-הויז, און אין דער שטאָדט איז געווען אויסגעבויט אַ גרויסער וואַסער-האַלטער (רעזערוואואַר) נאָך אַלע רעגלען פון אַרכיטעקטור.

די ליטעראַטור. פון דער גאַנץ אַלטער ליטעראַטור פון די רוימען זיינען אונז געבליבען איינינע ברוכשטיקער פון געזענג, לידער פון פּריסטער, איינינע צויבער-שפּרוכען, אָראַקעל-שפּרוכען און נביאות. וויכטיגער פון דיזע ברוכשטיקער זיינען אָנפאַנגס-טיילען פון דראַמאַס, אונטער וועלכע עס זיינען געווען איינינע, וואָס מען פלעגט פאָרשטעלען מיט מימישע טענץ בעגלייט מיט פלויטען-מוזיק. דיזע פאָרמע האָט זיך ענטוויקעלט מעהר און מעהר, אזוי דאָס אין יאָהר 390 פ. קר. האָט מען שוין איינגעפיהרט אַן עפענטליכע ביהנע, אויף וועלכער פערשיידענע קאָמיקער און פּאַיאַצען פלעגען אַמוזירען דאָס פּובליקום. עס איז געווען ביי זיי נאָך אַ סאָרט קאָמעדיעס, וועלכע זיינען מעהרסטענס געווען איבערזעצט פון אַנדערע שפּראַ-

עגיפּט. היעראָ שריפֿט. | פעניציש.

פעניציש. | גריכיש. עלטערע פאָרמע.

| שפעטערע גריכיש. | לאַטיין. |
| --- | --- |
| Α α | A a |
| Β β | B b |
| Γ γ | C c |
| Δ δ | D d |
| Ε ε | E e |
| Φ φ | F f |
| Γ γ | G g |
| Η η | H h |
| Θ ϑ | |
| Ι ι | I J i j |
| Κ χ | K k |
| Λ λ | L l |
| Μ μ | M m |
| Ν ν | N n |
| | |
| Ο ο Ω ω | O o |
| Π π Ψ ψ | P p |
| | |
| | Q q |
| Ρ ϱ | R r |
| Σ σ | S s |
| Τ τ | T t |

עגיפּטישער אורשפּרונג פון פעניצ. אלף־בית.

פעניצישער אורשפּרונג פון גריכישען און לאַטיינישען אלף־בית.

כען. דער אינהאַלט זייערער איז געווען קאָמישע סצענעס פון קליין־שטעד־טעלדיגען לעבען.

אַן אייגענטליכע ליטעראַטור האָט זיך ביי די רוימער אָנגעפאַנגען צו ענטוויקלען ערסט דאַן, ווען זיי זיינען געקומען אין נאָהענטע בעריהרונג מיט די גריכען. פון דיזער צייט אָן האָט דאָס רוימישע דראַמאַ אָנגעפאַנגען צו נעהמען שטאָף פון דער גריכישער מיטהאָלאָגיע, וועלכע איז וועניג בעקאַנט געווען דעם פאָלק, און דעריבער האָט דאָס עכט רוימישע פאָלקס־דראַמאַ אויפ־געהערט פאָרגעשטעלט צו ווערען אויף דער ביהנע, און פיר דאָס פאָלק האָט



קאָמישע סצענע. נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

מען געמוזט איבערזעצען אייניגע פאָלקס־דראַמאַס פון גריכיש. דער ערסטער קונסט־דיכטער איז געווען ליוויוס אַנדראָניקוס. צום ערסטען איז ער אַרויס מיט אַן איבערזעצונג פון האָמער'ס אָדיססעע. נאָכדעם האָט ער איבערגעזעצט נאָך אייניגע אַנדערע פּיעסען פון גריכיש (אין יאָהר 240 פ. קר.). אויך ק. ע נ ניוס האָט איבערגעזעצט די אָדיססעע פון האָמער אין לאַטייניש און האָט זי בעאַרבייט. דיזע בעאַרבייטונג איז גע־ווען פיעל בעדייטענדער פון דער, וואָס אַנדראָניקוס האָט געמאַכט. מעהר

פון ענניוס׳ן האט זיך אויסגעצייכענט אלס פאעט זיין קוזין פ א ק ו ב י ו ס, אבער פון זיין ארבייט איז אין אונזער צייט גאר ניט פערבליבען.

די קאמעדיע, וועלכע ערשיינט אין איהר ערסטער פארמע אלס נאכ-אהמונג אדער איבערזעצונג פון גריכיש, האט זיך מיט דער צייט גוט ענט-וויקעלט און איז געווארען אריגינעל און זעלבשטענדיג. די בעסטע קא-מעדיעס-שרייבער אין לאטייניש זיינען געוועזן פ ל א ו ט ו ס און ט ע-ר ע נ צ י ו ס. פון דיזע דיכטער האבען מיר נאך יעצט איינינע פאלשטענדיגע קאמישע פיעסען, וואס זיינען אויף דער ביהנע פארגעשטעלט געווארען.

פון ט י ט ו ס מ א ק צ י ו ס פ ל א ו ט ו ס (געבארען 254 פ. קר., געשט. 184) האבען מיר נאך יעצט 20 שטיקער, וועלכע זיינען געשריבען



קאמישע סצענע. נאך אנטיקער פארשטעלונג.

געווארען אונטער דעם איינפלוס פון דעם גריכישען ליטעראט פ י ל ע מ א ן. דער דיאלאג (געשפרעך צווישען פערזאנען) אין דיזע שטיקער איז זעהר לע-בעדיג, די שפראך איז גענומען פון די מיטעלערע און נידריגע קלאסען. די כאראקטערען זיינען געשילדערט זעהר וויציג, אבער א ביסעל איבערטריבען. זעהר כאראקטעריסטיש איז די קאמעדיע „דער גאלד-טאפ". דיזע קאמעדיע שילדערט א געלט-גייץ, וועלכער האט אימער געציטערט איבער זיין גאלד-טאפ און ענדליך האט מען דאס גע׳גנב׳עט פון איהם. פלאוטוס׳עס פיע-סען האבען געדינט אלס שטאף פיר קאמעדיעס, וואס זיינען געשריבען גע-ווארען פון די גרעסטע וועלט-בעריהמטע שרייבער, ווי שעקספיר, **מאליער,**

**לעססינג. די וויכטיגסטע פון אלע זיינע פיעסען איז „די געפאנגענע״, וועל-**
כע שטעלט פאר א זוהן, וואס האט געדינט ביי זיין פאטער אלס שקלאף און דער פאטער האט איהם ניט ערקענט.

פיינער זיינען געוועזן די קאמעדיעס פון פ ו ב ל י ו ס ט ע ר ע נ צ י ו ס א פ ע ר, אבער דערפאר איז אין זיי געוועזן וועניגער נאציאנאל-זין. ער האט אין גאנצען געשריבען 6 קאמעדיעס, וועלכע זיינען אלע ערהאלטען געווארען ביז היינטיגער צייט. זיי זיינען אויך געשריבען געווארען נאך דעם מוסטער פון די גריכישע קאמעדיעס, איבערהויפט אין מענאנדער׳ס סטיל. אלס זיינע בעסטע פיעסען ווערען גערעכענט: „די ברידער״ און „די מיידעל פון אנדראס״. די ערסטע קאמעדיע בעהאנדעלט די פראגע פון קינדער-ערציהונג, אויב זי דארף זיין שטרענג אדער מילד. די צווייטע שטעלט פאר די געשיכטע פון א טאכטער, וואס איז פערלארען געווארען, איז אריינגעפאלען אלס שקלאפין און איז צוריק געפונען געווארען. אין אפער׳ס קאמעדיעס זיינען נימא קיין אי-בערטרייבונגען און צופיעל פאיאצעריי, ווי מיר בע-געגנען אין פלאוטוס׳עס קאמעדיעס. אויך איז די שפראך א פיינערע אין אפער׳ס ווערק. מען האט גע-גלויבט, דאס דער אינגערער סציפיא אפריקאנוס איז גע-ווען זיין מיטארבייטער.



מאקקוס.
(א קאמישער טיפ.)

אויך אפער׳ס שירים זיינען שענער און מיט גרע-סערער פינקטליכקייט אויסגעארבייט. אבער זיין כא-ראקטעריסטיק איז ניט טיף. איבערהויפט זיינען זיינע ווערק וויכטיג דערמיט, וואס ער קריטיקירט די שוואכע, שלעכטע זייט פון פובליקום, און האט אין דאס לעבען שארפער און טיפער אריינגעבליקט.

צוזאמען מיט טערענציוס׳ן און אויך א ביסעל שפעטער נאך איהם האבען געארבייט אין דער זעלבער ריכטונג פיעלע אנדערע קאמיקער, אבער זייערע ווערק זיינען ניט געבליבען ביז היינטיגער צייט. דיזע אלע פיעסען זיינען געווען נאכאהמונגען און זעהר עהנליך צו די ווערק פון די צוויי אויבען-דער-מאהנטע קאמעדיע-שרייבער, און דעריבער האבען די שפעטערע רוימער ניט געפונען פיר נעטיג זיי צו היטען פיר די צוקונפט. דאמאלס זיינען אריין אין דער מאדע די מ י מ ע ן. דאס זיינען געווען קאמעדיעס, וועלכע האבען

דורך מימיק פערשפּאָטעט פּערזאָנען און זייערע האַנדלונגען, וואָס פּערדינען פּעראַכטונג.

די רוימישע פּראָזאַ פון יענער צייט איז בעשטאַנען פון יאָהר=ביכער, בעשרייבונגען פון פאַמיליעס און אַנדערע פערצייכנונגען. עס איז אָבער צו היינטיגער צייט פון דיזע אַלע ווערק קיין זכר ניט געבליבען. עס איז זעהר בעדויערנסווערט, וואָס עס זיינען ניט פערבליבען די 12 טאָפלען, אויף וועלכע עס זיינען געווען פערצייכענט די געזעצען פון די צעהן מענער (דע-צעמווירען). עס איז אויך ניט געבליבען קיין איין עקזעמפּלאַר פון דער זאַמלונג פון פאָרמולאַרען און געזעצען, וואָס גנעיוס פלאַוויוס האָט צוזאַמענ-געשטעלט. די מעהרסטע פון דיזע אַלע דענקמעלער זיינען פערניכטעט גע-וואָרען אין דער גרויסער שרפה, וואָס די גאַלליער האָ-בען אָנגעמאַכט אין יאָהר 389 פ. קר.


אַ קאָמיקער.

ערסט אין דער צייט פון דעם צווייטען פּונישען קריג האָבען די רוימער אָנגעפאַנגען געשיכטליכע בי-כער צו שרייבען, אום די שפּעטערדיגע דורות זאָלען וויסען, וואָס דאָס רוימישע פאָלק האָט אויפגעטאָן פיר זיך און פיר די וועלט. אָבער זייער פּראָזאַ איז דאַמאָלס געווען נאָך זעהר אונענטוויקעלט. דערי-בער זיינען די ערסטע געשיכטליכע ווערק געווען גע-שריבען אין פּערזען. שפּעטער האָבען זיך די אַ נ-נ אַ ל י ס ט ע ן, ד. ה. שרייבער, וואָס האָבען פערציי-כענט יעהרליך אַלעס, וואָס האָט זיך געטראָפען אין דער דאַמאָלס בעקאַנטער וועלט אין פערלויף פון דעם יאָהר. אָבער זייערע ווערק זיינען צו אונז ניט אָנגעקומען. מיר וויסען וועגען דיזע ווערק נאָר דורך די ציטאַטען, וועלכע די אינגערע היס-טאָריקער בריינגען פון זיי. דער עלטעסטער פון די אַננאַליסטען איז ק ו י נ ט ו ס פ אַ ב י ו ס פּ י ק ט אָ ר, וועלכער האָט געלעבט נאָך דעם צווייטען פּונישען קריג. כמעט אין דער זעלבער צייט האָט ל ו צ י ו ס צ י נ צ י ו ס אַ ל י מ ע נ ט ו ס געשריבען די געשיכטע פון רום ביז זיין צייט. דאַן איז פּראָזאַ געווען אַן עהרען=בעשעפטיגונג, וועהרענד פּאָעזיע האָט זיך גערעכענט פיר אַ לוין=אַרבייט און בדחנות. מיט פּראָזאַ האָבען זיך דעריבער בעשעפטיגט מענשען פון הויכען שטאַנד.

עס איז זעהר צו בעדויערן וואָס עס איז פערלאָרען געגאַנגען די היסטאָ-רישע בעשרייבונג פון רום פון מ אַ ר צ י ו ס פּ אָ ר צ י ו ס ק אַ ט אָ

צענזאָריוס. דיזעס ווערק האָט געהאַט אַ גרויסען ווערט, ווייל עס איז געווען צוזאַמענגעשטעלט אויף דעם גרונד פון טיפע פאָרשונגען. דאָס ווערק איז בעשטאַנען פון 7 ביכער, וועלכע האָבען ענטהאַלטען די געשיכטע פון רוים זינט זי איז געגרינדעט געוואָרען ביז דעם יאָהר 149 פ. קר. אַ גוטע געשיכטע פון רוים האָט אויך געשריבען דער גריך פּאָליביוס. דיזער פּאָליביוס איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 202 פ. קר. אין מעגאַלאָפּאָליס, אַר־קאַדיען. ער האָט געהערט צו יענע 1,000 אַכאָער, וועלכע די רוימער האָבען גע־נומען אַלס משכנות נאָך דער ענדונג פון דעם קריג מיט פּערסעאוס'ן אין יאָהר 107 פ. קר., און וועלכע זיינען פערבליבען אין רוים גאַנצע 16 יאָהר. פּאָ־ליביוס האָט געפונען אין הויז פון אַמיליוס פּאוללוס אַ זעהר פריינדליכע אויפנאַהמע, און ער האָט זיך שטאַרק בעפריינדעט מיט סציפּיאָ אַמיליאַנוס, וועלכען ער האָט בעגלייט נאָך אפריקאַ. נאָך דער צושטערונג פון קאַרטהאַ־גאָ, וועלכע ער אַליין האָט בייגעוואוינט, האָט ער זיך גענומען צו בעאַרבייטען זיין געשיכטליכעס ווערק, פיר וועלכעס ער האָט אָנגעזאַמעלט זעהר פיעל וויכטיגען שטאָף. אום זיין ווערק גרינדליך און געוויסענהאַפט צו בעאַרביי־טען האָט ער געפונען פיר נעטיג צו מאַכען אייניגע רייזעס נאָך קליין־אַזיען, עגיפּטען, אויבער־איטאַליען, דרום־גאַלליען און שפּאַניען. איבעראַל האָט ער געמאַכט גענויע פאָרשונגען אום די ריכטיגע וואהרהייט אויסצוגעפינען.

די ווערק פון פּאָליביוס'ן האָבען ענטהאַלטען 40 ביכער. אין דיזע בי־כער האָט ער געגעבען די אַלגעמיינע געשיכטע פון יאָהר 220 ביז 146 פ. קר. דער צוועק פון זיין ווערק איז געווען צו בעווייזען, ווי אַזוי די רוימישע רעגירונג איז געוואָרען אַ וועלט־מאַכט דורך איהר שטאַאַטס־קונסט, דורך איהרע אויסגעצייכענטע איינריכטונגען, דורך איהר ווילענס־קראַפט און דורך דעם פּראַקטישען פערשטאַנד פון איהרע פיהרער. און דעריבער גיט ער אַן עצה אַלע פעלקער זיך צו פעראייניגען מיט רוים, ווייל דאָס איז פיר זיי דאָס בעסטע גליק. פּאָליביוס האָט די פאַקטען אין זיין געשיכטע ניט נאָר געגע־בען, ווי זיי זיינען פאָרגעקומען אין דער ווירקליכקייט איינער נאָך דעם אַנדערען, נאָר ער האָט זיך אויך די מיה געגעבען צו ערקלערען דעם לע־זער דעם צוזאַמענהאַנג פון די פאַקטען, ווי אַזוי די פאַקטען זיינען אַלע אורזאַכען און פאָלגען, ד. ה. דאָס דער אָדער יענער פאַקט איז ניט אַ צופאַל, נאָר ער איז אַ נויטוועגדיגקייט, דאָס ער האָט געמוזט פאָרקומען, ווייל פריהער פון איהם איז פאָרגעקומען אַן אַנדער פאַקט, וועלכער איז גע־ווען די סיבה, די אורזאַך פון דיזען פאַקט. דיזע אַרט געשיכטע־שרייבונג איז בעוואוסט אונטער דעם נאָמען „פּראַגמאַטיזם". די וואונדערבאַרע קלאָרהייט,

מיט וועלכער ער שרייבט זיין געשיכטע, די פּראַקטישע און קלוגע וועלט־ערפאַהרונג, דער געזונטער אורטייל, דער טיפער בליק אין שטאַאַטס־קענט־ניס און קריגס־קונסט, דערצו זיין אונפּאַרטייליכקייט און וואַהרהייטס־ליבע, מאַכען איהם פיר דעם בעסטען געשיכטע־שרייבער פון דער אַלטער וועלט, הגם ער קומט ניט צום זשעניאַלען געשיכטע־שרייבער טהוקידידעס, און הגם עס פעהלט איהם די נאַציאָנאַלע וואַרמקייט.

פון פּאָליביוס'עס ביכער בעזיצען מיר נאָר די ערסטע פינף אין גאַנצען. אין דיזע ביכער געפינען מיר נאָר די איינלייטונג און די געשיכטע פון דער שלאַכט ביי קאַננאָ. פון די איבריגע ביכער זיינען נאָר געבליבען ברוכשטי־קער און אויסצוגען.

פון אַ וויסענשאַפטליכער בעהאַנדלונג פון וועלכען עס איז געגענשטאַנד אין יענער צייט זיינען קוים צו מערקען איניגע שפּורען. אויך די אויסבילדונג פון דער רעדע־קונסט פאַנגט זיך אָן ביי ענדע פון דיזער פּעריאָדע. די רעדע־קונסט האָט מען פריהער גערעכענט פיר אַ טאַלענט, אַ גאַבע פון דער נאַטור. דיזע מיינונג האָט זיך ביי די רוימער געענדערט נאָך דעם, ווי זיי האָ־בען זיך בעקענט מיט גריכישע רעדנער און גריכישע ליטעראַטור. אין יאָהר 115 פ. קר. זיינען געגרינדעט געוואָרען אין רוים שולעס, אין וועלכע מען האָט די צוהערער געלערנט די קונסט און רעגלען פון רעדען. דער ערסטער קונסט־רעדנער אין רוים איז געוועזן קאָרנעליוס צעטהעגוס, נאָך איהם זיינען געוועזן בעריהמטע רעדנער פּאָרציוס קאַטאָ, סציפּיאָ אַפריקאַנוס דער אינגערער און נאָך אַנדערע. אָבער אַ ווירק־ליך בעדייטענדען פּאָרשריט האָט די רעדע־קונסט אין רוים ערסט געמאַכט אין דער פאָלגענדער פּעריאָדע.

די קריגס־קונסט. אין די קריגען, וואָס די רוימער האָבען גע־פיהרט מיט די שכנ'ישע פעלקערשאַפטען, האָט זיך ביי זיי ענטוויקעלט די קריגס־קונסט אַזוי שטאַרק, דאָס זיי זיינען געוואָרען דאָס פעהיגסטע פאָלק פון דער גאַנצער וועלט אין יענער צייט אין דיזער הינזיכט. בעזונדערס האָבען זיי זיך אויסגעצייכענט מיט דער פעהיגקייט צו פּערפאָלקאָמענען זייער קריגס־פיהרונג יעדעס מאָל, ווען זיי איז ענטקעגען געשטאַנען אַ פעהיגערע און בע־סער־געאָרדענטע מאַכט. דאַן האָבען זיי איבערגענומען די מעטאָדע פון זייערע געגנער און זיינען גיכען געווען אין שטאַנד צו מ...טען זיך אין קרעפטען מיט זייערע מעכטיגע געגנער. דערין איז געווען דער גרעסטער טייל פון זייער שטאַרקקייט, און דאָס איז דער גרונד, וואָרום זיי האָבען געקענט

אונטערוואַרפען אונטער זייער מאַכט פעלקער, וואָס זיינען געווען פיעל מעהר ענטוויקעלט פון זיי.

אָנפאַנגס האָט רוים ניט געהאַט קיין געדונגענע סאָלדאַטען. די פליכט פון יעדען בירגער איז געווען צו פערטיידיגען דאָס פאָטערלאַנד. יעדער בירגער האָט געמוזט זיך פערשאַפען די אַלע נעטיגע זאַכען צום קריג. ווי מען גלויבט, איז אין די גאַנץ אַלטע צייטען די רוימישע אַרמעע בעשטאַנען נאָר פון 3,000 פוס-פאָלק, צו 1,000 מאַן פון אַ שבט, און 300 רייטער. אָבער עס האָט ניט לאַנג גענומען און די צאָהל פון די קריגער איז פיעל פערגרעסערט געוואָרען. אַלס די פּלעבעיער האָבען בעקומען בירגער-רעכטען, האָבען זיי אויך אָנגעפאַנגען צו טראָגען די מיליטער-לאַסט, און די צאָהל פון די קריגער איז שטאַרק פערמעהרט געוואָרען. פון דאַמאָלס אָן איז קיין בירגער ניט פריי געווען פון מיליטער-דינסט אויסער די פּראָלעטאַריער. אינגערע לייט זיינען געווען אין קריגס-דינסט פון 15-יעהריגען ביז'ן 45-יעהריגען אַלטער און עלטערע לייט האָבען ביז דעם אַלטער פון 60 יאָהר געדינט ביי דער בעוואַכונג פון שטאָדט. אין דיזער צייט האָט יעדער קריגער געמוזט אַנטייל נעהמען אין 16 און ניט מעהר פון 20 קריגס-צוגען. ערסט אין יאָהר 406 פ. קר. האָט רוים אָנגעפאַנגען צו צאָהלען צו איהרע קריגער געהאַלט, פריהער צו פוס-סאָלדאַטען און נאָכדעם אויך צו די רייטער פון דער אַרמעע.



שיס-פיילען.

די שלאַכט-ליניע פון די רוימער איז בעשטאַנען פון 500 קריגער אין דער לענג. אַזעלכע רייהעס זיינען געווען זעקס. די ערסטע רייהע איז בעשטאַנען פון 500 שווער בעוואַפענטע קריגער; די צווייטע רייהע איז געווען גרינגער בעוואַפענט, ד. ה. זיי האָבען געטראָגען ווייניגער שוץ-וואַפען; די דריטע רייהע—נאָך ווייניגער שוץ-וואַפען. די לעצטע, ד. ה. די זעקסטע רייהע, האָט נאָר געהאַט אַ שפּיז און אַ שילד.

די רייטער זיינען געשטאַנען אין 2 אָפּטיילונגען אויף די ביידע פליגלען. אַזוי איז געבליבען די פאָרמע פון דער שלאַכט־ליניע ביז דער צייט, ווען די גאַלליער האָבען פערברענט רוים. דאַמאָלס האָבען די רוימער אויסגעפונען, דאָס עס איז בעסער די קריגער זאָלען האָבען די מעגליכקייט זיך פריי צו בעוועגען, ניט אין איין וואַנט האַרט איינער נעבען דעם אַנדערען, אַזוי דאָס נאָך דער נייער אָרד־נונג איז געוועזען מעהר פּלאַץ פיר די ענטוויקלונג פון פערזענליכער מוטיגקייט.

ווען עס איז אויסגעקומען די רוימער צו שטרייטען אין אַ בערגיגער געגענד, וואו זיי האָבען ניט געקענט אויסשטעלען די סאָלדאַטען אין אַ לאַנגע ליניע, האָבען זיי די קריגער איינגעטיילט אין קליינע גרופּעס, צו 8 סאָלדאַ־

רוימישער לאַגער.

טען אין פראָנט און 8 טיף, ד. ה. 8 רייהעס צו 8 יעדע. ווען דער אָרט האָט ערלויבט, האָבען זיי צושטעלט 10 מאַן אין פראָנט און 12 מאַן טיף.

יעדען יאָהר פלעגען די רוימער אויפנעהמען 4 לעגיאָנען נייע סאָלדאַ־טען. אַ לעגיאָן איז בעשטאַנען פון 4,200 מאַן. אָבער ווען עס איז נעטיג געוועזען, פלעגט מען נעהמען מעהר לעגיאָנען און די לעגיאָנען האָט מען פער־גרעסערט ביז 6,000 מאַן. נאָך דעם, ווי די איטאַליענישע פעלקערשאַפטען זיינען געוואָרען אונטערוואָרפען אונטער רוים און יעדע פעלקערשאַפט האָט געמוזט צושטעלען אַ געוויסע צאָהל קריגער, איז די צאָהל פון די רוימישע

קריגס־מאַנשאַפט פיעל פערגרעסערט געוואָרען. יעדע לעגיאָן האָט געהאַט 6 פאָלקאָווניקעס (אויבערסטע). יעדער איינער פון דיזע מיליטער־בעאַמטע האָט קאָמאַנדירט די לעגיאָן. די פאָלקאָווניקעס פלעגען בעשטימט ווערען אין זייער אַמט דורך די קאָנסולען, שפּעטער אָבער האָט די פאָלקס־פערזאַמלונג זעלבסט זיי ערוועהלט צו דיזען אַמט.

די רוימער זיינען קיינמאָל ניט אַרוים צו אַ שלאַכט איידער זיי האָבען זיך בעזאָרגט מיט אַ בעפעסטיגטען לאַגער, וועלכער זאָל זיי דינען אַלס פּונקט פיר אַ זיכערען ריקצוג אין פאַל פון נויט. דער לאַגער איז אָנפאַנגס געמאַכט געוואָרען אין דער פאָרמע פון אַ פיער־עק, דערנאָך האָבען זיי אָנגעפאַנגען איהם צו מאַכען רונד. ארום דעם לאַגער פלעגען זיי אַרומגראָבען אַ ברייטען און אַ טיפען גראָבען, דריי מעטער טיף און פיער מעטער ברייט. אויסער דעם גראָבען פלעגען זיי נאָך אַרומרינגלען דעם לאַגער מיט אַ וואַל און איבער דעם וואַל פלעגען זיי אַריינשטעקען שפּיציגע פלעקער. פיער טיילען זיינען געווען אין דעם לאַגער, איינער געגען פיינד, איינער אין דער געגענגעזעצטער זייט, און צוויי אין ביידע זייטען רעכטס און לינקס פון די הויפּט־טהויערן. די פיער טיילען זיינען געווען פעראייניגט דורך צוויי גאַסען, איין גאַס האָט פעראייניגט די צוויי הויפּט־טויערן און איז געווען 16 מעטער ברייט, און די אַנדערע גאַס האָט פעראייניגט די זייטיגע צוויי טויערן און איז געווען שמעלער פון דער הויפּט־גאַס. אויף דעם פּונקט, וואו די גאַסען האָבען זיך געקרייצט, איז געווען אַ גרויסער פּלאַץ, אויף וועלכען עס איז געווען דאָס הויפּט־קוואַרטיר און דער געצעלט פון דעם קוועסטאָר. אין דיזען געצעלט פלעגט מען אויפנעהמען די געזאַנדטע פון פיינד, וועלכע פלעגען אָפט קומען צו אונטערהאַנדלען מיט די רוימער וועגען דעם קריג. אויף דיזען פּלאַץ זיינען אויך געווען געצעלטען פיר די טריבונען, אויך אַלטאַרען פיר אָפּפער. אין דעם אַזוי־גענאַנטען אונטערען טייל פון לאַגער, ד. ה. יענעם טייל, וועלכער איז געלעגען צונעכסט פון דעם הויפּט־אַריינגאַנג, זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרען די טרופּען. דאָס מיליטער איז געווען איינגעאָרדענט אַזוי, דאָס אין מיטען זיינען געווען די רייטער און ביי ביידע זייטען די קריגער פון די בונד־חברים.

די געצעלטען זיינען געווען געמאַכט ווי קליינע שטיבלאַך. זיי זיינען געווען פון לעדער און אַזוי גרויס, דאָס אין יעדען פון זיי האָבען געקענט לאַגערן 10 מאַן און זייער עלסטער. אין ווינטער זיינען דיזע געצעלטען געווען בעדעקט מיט שטרוי אָדער פעלען. די צייט אין לאַגער האָט מען פערבראַכט דורך אַלערליי אַרבייטען. די סאָלדאַטען האָבען געמוזט איבען, שאַ-

פען וואסער, האָלץ, שפייז און אַנדערע נויטווענדיגקייטען. די לעבענסמיט־לען זיינען פיעל בעזאָרגט געוואָרען דורך קויפלייט, וועלכע האָבען מיט די סאָלדאַטען געביטען זייערע סחורות אויף זאַכען, וואָס זיינען אָנגערויבט גע־וואָרען אין צייט פון קריג.

וואָס אַנבעלאַנגט א זעע־מאַכט האָבען די רוימער קיין שטענדיגע פלאָטע ניט געהאַט. זיי פלעגען בויען שיפען נאָר דאַן, ווען זיי איז פאָרגע־שטאַנען א זעע־שלאַכט. מיר געפינען די שפּורען פון א רוימישער פלאָטע ערסט אין יאָהר 309 פ. קר. אין אַלגעמיין האָבען די רוימער ביז דעם יאָהר 260 פ. קר. געוואוסט נאָר לאַסט־שיפען. ערסט אין דיזען יאָהר האָבען זיי איינגעריכטעט א פלאָטע פון 130 שיפען. אָבער נאָך דעם, ווי קאַרטהאַגאָ און קאַרטהאַגאָ זיינען געפאַלען און די רוימער האָבען ניט געהאַט פאַר וועמען צו



רוימישעס טראַנספּאָרט־שיף.

פירכטען פון ים־זייט, איז דער שיפען־פערקעהר ביי זיי געזונקען, ביז די ביר־גער־קריגען און די זעע־רויבער האָבען ווידער ארויסגערופען א געוואַלדיגע נויטווענדיגקייט אין שיפען־פערקעהר און זיי האָבען ווידער אָנגעפאַנגען צו בויען שיפען און גרינדען א גרויסע פלאָטע.

וואָס אַנבעטרעפט גערייכטס־אָרדנונג, איז זי ביי די רוימער געווען פערבונדען מיט דער פערוואַלטונג אָדער רעגירונג. די אויספאָרשונג איז געווען אָפּגעזונדערט פון דעם געריכט, וואָס האָט גע־דאַרפט ארויסגעבען דעם אורטייל. די אויספאָרשונג אָדער אונטערזוכונג פון א פּראָצעס פלעגט מאַכען א רעגירונגס־בעאַמטער, און דעם אורטייל פלעגט ארויסגעבען א ריכטער.

אָנפאַנגס איז די גערי‏כטליכע מאַכט געוועזן נאָר אין די הענט פון קעניג. שפּעטער איז דיזע מאַכט אַריבער צו די קאָנסולען. אין יאָהר 366 פ. קר. האָט מען עס איבערגעגעבען צו צוויי פּראָטאָרען. אַלס הילף צו די פּראָטאָרען האָט מען איינגעריכטעט צוויי גערי‏כטס-הייזער און פיעלע איינצעלנע ריכ-טער. די צוויי גערי‏כטס-הייזער זיינען געמליך געוועזן, ערסטענס, דאָס גע-ריכט פון הונדערט מענער, וועלכעס איז אייגענטליך בעשטאַנען פון 105 מע-נער, צו דריי מענער פון יעדער גענס, און צווייטענס, דאָס געריכט פון 10 מענער, וועלכע האָבען איבערהויפּט געהאַט צו ריכטען שטרייטיגקייטען וועגען אייגענטום. די פּריוואַטע איינצעלנע ריכטער זיינען געוועזן מעהרסטענס סענאַטאָרען, וואָס דער פּראָטאָר פלעגט יעדען יאָהר בעשטימען. נאָך דעם, ווי אַ פּראָצעס איז געוואָרען אונטערזוכט פון מאַגיסטראַט, איז ער איבער-געגעבען געוואָרען צו אַ ריכטער, וואָס איז בעשטימט געוואָרען פיר דעם איינצעלנעם פאַל דורך דעם מאַגיסטראַט מיט דער צושטימונג פוןביידע שטרייטענדע צדדים.

די פערהאַנדלונגען און די טענות ותביעות פון די בעלי-דינים זיינען אָפטער צוגעגאַנגען מיט אַ בעזונדערער צערמאָניע. איינע פון די צערמאָ-ניעס איז געוועזן די האַנט-אַרויפלעגונג. דיזע צערמאָניע איז בעשטאַנען דע-רין, וואָס די שטרייטענדע פּאַרטייען האָבען ביידע געמוזט אַרויפלעגען זייערע הענט אויף דעם געגענשטאַנד, וועגען וועלכען זיי האָבען געהאַט דעם סכסוך, אום דערמיט צו בעצייכנען, דאָס יעדערער ערקלערט דיזען געגענדשטאַנד אַלס זיינעם. ווען דער סכסוך איז אָבער געוועזן וועגען אַ שטיקעל ערד, זיי-נען ביידע פּאַרטייען און דער פּראָטאָר און די עדות געגאַנגען צו יענעם פּלאַץ, וועגען וועלכען די פּאַרטייען האָבען געשטריטען, מען האָט פון דאָרט גענומען אַ שטיקעל ערד און געבראַכט אין געריכטס-הויז, וואו זיי האָבען ביידע אַרויפגעלעגט זייערע הענט אַלס בעווייז, דאָס זיי ביידע פּרעטענדירען אויף יענעם שטיקעל ערד.

אויך די קרימינאַל-פּראָצעסען זיינען אָנפאַנגס געוועזן אויסשליסליך אין די הענט פון קעניג. סערוויוס האָט דיזע איבערגעגעבען צו די צענטוריאַט-קאָמיטיען. עס האָט זיך אָבער מיט דער צייט בעוויזען, דאָס דיזער סאָרט גע-ריכט איז געוועזן צו לאַנגזאַם. דעריבער פלעגט דער סענאַט אָפט בעשטימען אַן אונטערזוכונגס-קאָמיסיאָן מיט דער פולמאַכט אויך צו פיהרען דעם פּראָ-צעס. דיזע קאָמיסיאָנען זיינען מיט דער צייט געוואָרען שטענדיגע גע-ריכטס-הייזער, וועלכע זיינען בעשטאַנען פון סענאַטאָרען מיט איין פּראָטאָר אַלס פּאָרזיצענדען. די אָפּשטימונג איז פאָרגעקומען אין געהיים. יעדער

סענאַטאָר — ריכטער האָט ערהאַלטען דריי שטימצעטלאַך: איינעם צום פער-אורטיילען, איינעם צום פרייזשפּרעכען און איינעם, וואָס גיט קיין אורטייל ניט צוליב מאַנגעל אין בעווייזען.

וואָס די פּערוואַלטונג אַנבעטרעפט, האָבען זיך די רוימער גע-מאַכט אַלס אויפגאַבע צו פעראייניגען אַלע אונטערוואָרפענע פעלקער ניט נאָר אונטער איין פאָרמע פון רעגירונג, נאָר צו אָרגאַניזירען זייער אינערליכעס לע-



ליקטאָרען מיט די ריטער־בינטלאַך און העק.
נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

בען אין איבעראיינשטימונג מיט דעם רוימישען און זייערע געזעצען צופּאַסען צו די רוימישע, אַזוי דאָס מיט דער צייט זאָלען די אַלע אונטערוואָרפענע פעלקער זיך צוזאַמענשמעלצען אין איין רוימישעם פאָלק. דער וואונש איז גע-ווען אַ גאַנץ פיינער, אָבער עס איז געווען אונמעגליך איהם דורכצופיהרען. יע-דעס פאָלק האָט זיך זיינע מנהגים, זיינע טראַדיציאָנען, וועלכע זיינען מיט

דער צייט געוואָרען היילינ ביי איהם, און אָפּגעוועהנען עס פון דיזע מנהגים און טראַדיציאָנען איז פערבונדען מיט גרויס מיה און אָפט בריינגט עס מיט זיך אויפשטאַנדען און בלוט־פערגיסונגען. די רוימישע פּראָווינצען זיינען גע־ווען איינגעטיילט אין פּראָטאָרישע און קאָנסולאַרישע, לויט דעם, פון וועמען זיי זיינען געוואָרען פערוואַלטעט: פון אַ פּראָטאָר אָדער פון אַ קאָנסול. פּראָווינצען, וואָס די רוימער האָבען נאָך אָפט געמוזט קעמפען מיט זיי, זיינען געווען רעגירט אָדער פון איינעם פון די צוויי רוימישע קאָנסולען, אָדער פון אַ בעזונדערן שטאַטהאַלטער אונטער דעם טיטעל פּראָקאָנסול. דער שטאַטהאַלטער איז געווען דער הויפּט־בעאַמטער אין דער פּראָווינץ, וואו ער האָט געהערשט. ער איז געווען דער קאָמאַנדיר פון די טרופּען פון יענער פּראָווינץ און דער אויבער־ריכטער. ער האָט געהאַט דאָס רעכט אימיצען צו פערורטיילען צום טויט אָדער בעגנאַדיגען, און נאָר אַ רוימישער בירגער האָט געקענט פאָדערן, דאָס זיין פּראָצעס זאָל געפיהרט ווערען און ענטשיי־דען ווערען אין רוים זעלבסט.

די אַנדערע בעאַמטע אין דער פּראָווינץ זיינען געווען: ערסטענס, די לעגאַטען, וועלכע זיינען געווען בעשטימט אויף זייערע שטעלעס פון סענאַט. אָבער דער שטאַטהאַלטער האָט אַליין געהאַט דאָס רעכט זיי פּאָרצושלאָגען, און אַלץ, וואָס זיי האָבען געטאָן, האָבען זיי נאָר געקענט טאָן אין נאָמען פון שטאַטהאַלטער; צווייטענס, דער קוועסטאָר, וועלכער האָט פערוואַלטעט די שטייערן און אָפּגאַנגען פון דער פּראָווינץ; דריטענס, אַ גרויסע צאָהל פון שרייבער, רעכנונגס־פיהרער, אויסרופער און פיעלע אַנדערע קלענערע בע־אַמטע.

די פּראָווינציעלע געמיינדעס זיינען געווען זעהר פיעל בעשרענקט אין זייער פרייהייט און זעלבשטענדיגקייט, אָבער די בעשרענקונגען זיינען ניט געווען פיר אַלע פּראָווינצען אין גלייכען מאָס. עס זיינען אויך געווען פרייע שטעדט, וועלכע האָבען געהאַט אַ געוויסע זעלבשטענדיגקייט אין זייער פער־וואַלטונג. אָבער די אונטערטעניגע געמיינדעס זיינען געווען פערפּליכטעט צו צאָהלען שטייער, און זיינען געשטאַנען דירעקט אונטער דעם שטאַטהאַל־טער, וועלכער האָט געהערשט איבער זיי מיט אַן אונבעשרענקטער מאַכט. די געמיינדע־קאַסע איז געוואָרען פערוואַלטעט פון אַ רוימישען בעאַמטען, וועל־כען מען האָט גערופען קוראַטאָר (משגיח). די איבריגע בעאַמטע האָט די גע־מיינדע אַליין ערוועהלט. זיי האָבען אויך געהאַט דאָס רעכט צו גרינדען שטעדט־פעראייניגען און צו האַלטען פּראָווינציאַלע לאַנדטאַגען (פערזאַמלונ־גען) אום זיך צו בעראַטען וועגען זייערע אַנגעלעגענהייטען.

די קאסטען פון דער פערוואלטונג, פערשטעהט זיך, האבען די פראווינ-צען אליין געמוזט טראגען. אויסער דעם האבען זיי נאך געמוזט ליפערן גרויסע סומעס צו דער רוימישער קאסע. די גאנצע ערד פון דער פראווינץ האט זיך גערעכענט פיר דאס אייגענטום פון די רוימער. נאר קליינע טיילען האט מען איבערגעלאזען צו ווענינע פראווינציאלען צום בענוצען פיר א גע-וויסע גרונד-שטייער. די איינגאהמעס, וואס די רוימישע רעגירונג פלעגט ציהען פון די פראווינצען, זיינען געווען זעהר גרויס. דעריבער זיינען די רוימישע בירגער נאך דעם קריג מיט פערסעאוס׳ן געווען גאר פריי פון אלע שטייערן און אפצאהלונגען. די איינקונפטען וואלטען נאך פיעל גרעסער געווען, ווען די שטאטהאלטער וואלטען ניט אויסגעזויגט דעם גאנצען זאפט פון די איינוואוינער. אלע אפגאבען פון דער פראווינץ, ווי צ. ב. די יעהר-ליכע שטייער פיר בענוצען די ערד, די 10 פראצענט פון די תבואות און פרוכט, וואס דער לאנדמאן פלעגט אראפנעהמען פון פעלד, ווי אויך די אלע אנדערע הכנסות פון דער פראווינץ, אפצאהלען פון סחורות, בעצאהלונגען פיר פאשען שאף און רינדער א. ד. גל. — דיזע אלע איינקונפטען פלעגט דער סענאט פערקויפען צו דעם, ווער עס האט מעהר געגעבען דערפאר, און ווייל איין איינצעלנע פערזאן איז ניט אין שטאנד געווען צו געבען דעם סענאט די זיכערע גאראנטיע, דאס די פערשפראכענע סומע וועט ווירקליך איינגע-צאהלט ווערען אין די רוימישע קאסע, פלעגט זיך בילדען א געזעלשאפט, וואס פלעגט אפדינגען פון סענאט די שטייער און אפגאבען, און זי האט בעקומען דאס רעכט מיט דער נעטיגער הילף פון דער רוימישער רעגירונג צו נעהמען פון יעדען פראווינציאל ווי פיעל זי האט געקענט. דיזע שטיי-ער-פעכטער פלעגען פון זייער זייט פערדינגען קלענערע טיילען, שטעדט, שטעדטלאך און דערפער צו קלענערע פעכטער, און אזוי האט זיך געבילדעט א גאנצע ארמעע פון בלוט-זויגער, וואס פלעגען אויסזויגען דעם מארך פון די ביינער פון די ארימע פראווינציאלען. די שטאטהאלטער האבען געהאל-פען די פעכטער צו בערויבען דאס ארימע פאלק. און קיין קלאגע אויף דיזע וואמפירען פאר דעם סענאט האט ניט געהאלפען, ווייל די שטאטהאלטער זיי-נען גרעסטענטיילס געווען פון די סענאטארען, און דיזע האבען ניט געוואלט אן אייגענעם ברודער פעראורטיילען, און מיט דיזען אופן זיינען אלע גרוי-זאמקייטען געבליבען אונבעשטראפט.

די שטייער-פעכטער פלעגען פערלייהען געלט צו די פראווינצען, ווען עס איז געקומען די צייט די שטייערן צו בעצאהלען און זיי האבען ניט גע-האט די נעטיגע סומע. פיר דיזע הלואות פלעגען זיי מאנכמאל נעהמען 100

פּראָצענט! די זעלביגע געשעפטען פּלעגען זיי אויך מאַכען מיט גוטס-בעזיצער און פּיעלע אַנדערע. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, דאָס אין עטליכע צעהנדליג יאָהר איז די פּראָווינץ שרעקליך פּעראָרימט געוואָרען. פּיעלע לענדער זיינען רואינירט געוואָרען אונטער דער לאַסט פון האָבזוכט, פון דעם מסחור מיט עמטער, פאַלשקייט און כאבאר. עס זיינען געווען שטאַטהאַלטער, וואָס פּלעגען שליסען קאָנטראַקטען מיט רויבער-באַנדעס יענע צו שטיצען, אום פון זיי צו בעקומען אַ טייל פון זייערע רויבערייען. דער יעניגער, וואָס האָט ניט געקענט גרייכען צו ווערען שטאַטהאַלטער, איז געוואָרען אַ „פרייער געזאַנדטער", דאָס הייסט ער האָט געקראָגען דורך אַ גוטען פריינד די ערלויבנים פון סענאַט צו פאָהרען איבער דער רוימישער אימפּעריע, איבער אַלע רוימישע פּראָווינצען, צו בעקאַנט מאַכען אַ נייעם בעשלוס פון סענאַט וועגען וואָס עס איז. דיזער האָט זיך ערקלערט אַלס אַ שליח מיוחד פון סענאַט, און האָט אויף דעם סמך געריסען די הויט פון ווּעמען ער האָט נאָר געקענט און האָט געזאַמעלט געלט יאָהרען לאַנג איבער'ן גאַנצען לאַנד. אפילו שקלאַפען פון וויכטיגע מענשען אין רוים פּלעגען אָפט ארומפאָהרען איבער'ן לאַנד צו מאַכען געלט, און מען האָט זיי געמוזט צופריעדען שטעלען אום צו געווינען די פריינדשאַפט פון זייערע איינפלוסרייכע בעלי-בתים. מיט דיזען אופן האָט מען זיך אין רוים צוזאַמענגעקליבען אונגעהייערע רייכטימער.

די גרויסע רייכטימער האָבען געענדערט דעם גאַנצען כאַראַקטער פון רוימישען פאָלק. די רעגעלמעסיגע איינקונפטען פון דער רוימישער קאַסע זיינען געוואָרען אַזוי גרויס, דאָס עס זיינען ניט נאָר געדעקט געוואָרען אַלע קאָסטען פון שטאַאט, נאָר עס פּלעגט נאָך איבערבלייבען אין קאַסע 726,000 פונט זילבער און 92 טויזענד פונט גאָלד יעהרליך. אויסער דעם פּלעגען אריינקומען אין קאַסע 775,000 פונט זילבער אויסערגעוועהנליכע הכנסות. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס די רוימער זיינען דאַמאָלס געווען אין שטאַנד אויפצושטעלען אַזעלכע טייערע געביידעס און בויען אַזעלכע גרויסאַרטיגע שאָסעען. דיזען רייכטום פון רוים האָט מען אויך צו פערדאַנקען די גרויסע ווערק, וואָס ל ו צ י י ו ס ו ו אַ ל ע ר י ו ס פ ל אַ ק ק ו ס האָט אויסגעפיהרט צוזאַמען מיט דעם אויבענגענאַנטען קאַטאָ. זיי האָבען נעמליך גערייניגט די אונטער-ערדישע קאַנאַלען פון רוים, זיי האָבען אויסגעטריקענט די זומפּיגע פּלעצער אין שטאָדט און האָבען דיזע ערטער אויסגעפּלאַסטערט; זיי האָבען דורכגעפיהרט אַ שאָסע דורך די זומפען פון טערראַצינאַ און האָבען אָפּגערייניגט אַ גרויסען בארג, וועלכער איז געלעגען אין מיטען וועג פון

דיזען שאָסעע. בעזונדערס איז ווערט צו דערמאָהנען די באַזיליקאַ, אָדער דאָס גערימטס־הויז, וואָס קאַטאָ האָט אויסגעבויט. צו דיזען סאָרט בנינים געהערען אויך די רואינעס פון דער באַזילקא פון פּאָסטוס.

אָבער פיעל גרעסער זיינען געווען די רייכטימער, וואָס האָבען זיך אָנ־געזאַמעלט אין די הענט פון איינצעלנע רוימישע פאַמיליעס. די רייכע פאַ־מיליעס האָבען אַלע געפיהרט אַ פירסטליכעס לעבען. זייערע געוועהנליכע וואוינונגען האָבען זיי פערוואַנדעלט אין פירסטליכע פּאַלאַצען און האָבען זיי



רוימישע בריק אויף דעם וועג נאָך אָסטיאַ.

אָנגעפילט מיט די טייערסטע אַנטיקען, מיט די גרעסטע מערקווירדיגקייטען פון פערשיידענע לענדער. זייער רייכעס געטריידע־לאַנד האָבען זיי פער־וואַנדעלט אין פּאַרקען, גערטנער, פיש־טייכען און קינסטליכע זעען. דערצו האָבען זיי געהאַט גאַנצע מחנות מיט שקלאַפען. דאָס ערגסטע דערביי איז געווען, וואָס די רייכע פלעגען פערוועדען מאַסען געלט צו פערשאַפען דעם רוימישען פעבעל אַלערליי שפּיעלען, וואָס זיי האָבען אַזוי שטאַרק ליב געהאַט, און דערמיט האָבען זיי אימער געהאַט דאָס פאָלק אויף זייער זייט, און האָ־

בען דורך דעם אויסגעפיהרט אַלץ, וואָס זיי האָבען געוואָלט אין דער רעגי-רונג, און דערגרייכט צו די העכסטע שטעלעס. די שפּילען, וועלכע די רייכע האָבען פערשאַפט צום פעבעל, זיינען ניט געווען בעלעהרענד, האָבען ניט געווירקט אויסצובעסערן די זיטען פון פאָלק, זיי האָבען נאָר צופרידען געשטעלט די גראָבע און ווילדע געפיהלען פון די צושויער. מאָרד און גרויזאַמקייט זיינען געווען די בעסטע פערגניגענס פון פאָלק. איבערהויפּט האָבען פערדערבענד געווירקט די גלאַדיאַטאָר־שפּילען.

ד י ג ל אַ ד י אַ ט אָ ר ־ ק אַ מ פּ ע ן זיינען געווען בעליבט ביי אַלע קלאַסען פון רוימישען פאָלק. דיזע שפּילען שטאַמען פון די עטרוסקער, ביי וועלכע זיי זיינען געווען איינגעפיהרט אַלס צערעמאָניע ביי קבורות. דאָס ערסטע גלאַדיאַטאָר־שפּיל איז פאָרגעקומען אין רוים אין יאָהר 264 פ. קר. דאַמאָלס האָבען די ברידער מארקוס און דעצימוס ברוטוס געגעבען גלאַדיאַטאָר־שפּילען צו עהרע פון זייער פערשטאָרבענעם פאָטער. אין יאָהר 216 האָבען די זיהן פון אֶמיליוס לעפּידוס געשטעלט 22 פּאָאָר גלאַדיטאָרען, וועלכע האָבען געקעמפּט דריי טעג נאָכאַנאַנד לכבוד דער קבורה און דער נשמה פון זייער פאָטער. מיט דער צייט האָבען די גלאַדיאַטאָר־שפּילען פערלאָרען זייער רעליגיעזען כאַראַקטער און זיינען נאָר געבליבען אַ געגענשטאַנד פון איינפאַכען פערגניגען. די רוימער האָבען עס בעטראַכט פיר אַן אויסגעצייכענטעס מיטעל צום פערשטאַרקען דעם קריגערישען גייסט; זיי האָבען געגלויבט, דאָס ווען דאָס פאָלק וועט זיך צוגעוועהנען צו זעהן די טוידט־אַנגסטען פון די שקלאַפען, וועלכע וועהרען זיך פיר זייער לעבען, וועט עס פערהאַרטען דאָס האַרץ פון דעם סאָלדאַט אין מלחמה געגען יעדען געפיהל פון רחמנות. זייער ריכטיגע אויסבילדונג האָבען די גלאַדיאַטאָר־שפּילען דערגרייכט ערסט אין די לעצטע צייטען פון דער רעפּובליק. דאַמאָלס איז געוואָרען אַ מנהג ביי אַלע געלעגענהייטען, בעזונדערס ווען מאַגיסטראַטס־פּערזאָנען זיינען אריינגעטראָטען אין אַמט, צו געבען אַ גלאַדיאַטאָר־שפּיל צו אַמוזירען דאָס פּובליקום.

אויך האָט מען אין רוים געהאַט טיער־קאַמפען. דיזע זיינען איינגעפיהרט געוואָרען פון פולוויוס נאָביליאָר אין יאָהר 186 פ. קר. זיי זיינען מעהרסטענס געגאַנגען צוזאַמען מיט די גלאַדיאַטאָר־שפּילען, נעמליך אַזוי, דאָס פאַר מיטטאָג פלעגט מען געבען די טיער־קאַמפען און נאָך מיטטאָג די פעכטער־שפּילען. אויך די טיער־קאַמפען זיינען געוואָרען אימער גלענצענדער און טייערער. מען פלעגט פון אַלע פּראָווינצען פון דער רוימישער אימפּעריע אויפטרייבען פערשיידענע ווילדע חיות און האַלטען זיי אין רוים



רואינען פון דער באַזיליקאַ פון פּאַסטום.

צו דיזען צוועק. די חיות פלעגען אדער קעמפען צווישען זיך אדער מען האט ענטקעגען זיי געשטעלט א שקלאף צו פעכטען זיי. מען פלעגט זעהר אפט ארייגלאזען צו די ווילדע חיות אויף די ארענא אין צירק אויך מענשען, וואס זיינען פעראורטיילט געווארען צום טויט.

די טיער־קעמפער און די גלאדיאטארען פלעגט מען נעהמען פון שקלא-פען, פון קריגס־געפאנגענע און פון פערברעכער. זיי זיינען געווען איינגע-טיילט אין פאמיליעס, אן דער שפיץ פון יעדער פאמיליע איז געשטאנען א פעכט־מייסטער, וועלכער האט זיי געלערנט די קונסט צו פעכטען, און מען פלעגט זיי פערקויפען אדער פערדינגען פיר א פעסט־שפיל. די פעכטער זיי-נען געווען פון פערשיידענע סארטען, לויט די וואפען, מיט וועלכע זיי האבען געפאכטען. אייניגע האבען געהאט מיט זיך נאר א נעץ און א גאפעל מיט דריי ציינער. דעם נעץ פלעגען זייווארפען דעם געגנער איבער'ן קאפ און מיט דעם גאפעל פלעגען זיי איהם טויטען. אנדערע האבען געברויכט אין קאמף א שווערד מיט א שילד. נאך דעם, ווי די קעמפער זיינען געבראכט געווארען מיט גרויס פאראד און פייערליכקייט אויף די ארענא אין צירק, פלעגט דער פעכט־מייסטער זיי צושטעלען פאארוויז. די איינלייטונג צום קאמף זיינען געווען פאלשע געפעכטען. נאר ווען די טראמפעט האט גע-געבען דעם צייכען, האט זיך אנגעפאנגען דער בלוטיגער קאמף. אויב דער גלאדיאטאר איז פערוואונדעט געווארען, פלעגט ער בעטען ביים פאלק גנאדע דורך אויפהייבען זיין האנט און ארויסשטעלען זיין צייגע־פינגער. ווען דאס פאלק האט איהם געגעבען די גנאדע, האט עס בעדארפט צייגען א פויסט מיט דעם גראבען פינגער פערשלאסען אין פויסט. ווען עס האט אבער אויך געשטרעקט אן אפענע האנט, איז עס געווען א צייכען, דאס עס גיט איהם קיין גנאדע ניט. אן אויסגעדינטער גוטער גלאדיאטאר פלעגט בעקומען פון פובליקום א פעכטער־שטעקען אלס צייכען פון גוטען דינסט, און דערמיט איז ער אויך אין גאנצען בעפרייט געווארען פון זיין געפעהרליכער ארבייט.

אויף די יעהרליכע שטאאטס־שפילען האבען די אדילען, ווען זיי זיינען אריינגעטראטען אין זייער אמט, פערשוועגדט גרויסע סומעס געלט, ווייל דאס געלט, וואס דער שטאאט פלעגט געוועהנליך אסיגנירען פיר דיזען צוועק, איז ווענינ געווען אום דאס פאלק צופרידען צו שטעלען. אנפאנגס, אין די אלטע צייטען, פלעגען די שפילען דויערן נאר א טייל פון טאג; שפעטער פלעגען זיי פערנעהמען דעם גאנצען טאג און נאך שפעטער האט מען די נאכט אויך צוגעצויגען דערצו. דער צוג פון די גלאדיאטארען האט זיך אנ-געפאנגען מיט גרויס פאראד פון קאפיטאל און האט זיך געצויגען ביז אין

ציִרק. אין פראָנט פון צוג זיינען געפאָהרען יונגע רייטער, נאָך זיי זיינען געגאַנגען רייט־וואָגענס געשפּאַנט מיט צוויי און מיט פיער פערד, נאָך דיזע זיינען געגאַנגען די קעמפּער, טענצער אין רויטע טוניקעס, כאָהרען פון זינגער און שפּילער א. אַנד. דער הויפּט־טייל פון דיזער פראָצעסיאָן איז געוועזען דער אָפּפער־צוג, אין וועלכען מען האָט געפיהרט די בעפּוצטע אָפּפער־טיערען, אין דער בעגלייטונג פון דריי הייליגע וואָגענס, וועלכע זיינען געוועהנליך געצויגען געוואָרען פון ווילדע טיערען, ווי העלפאַנדען, לייבען א. אַנד. נאָכדעם זיינען געגאַנגען אין דער פּראָצעסיאָן די בעאַמטע אין פייערליכע קליידער. ווי דער צוג איז אַריין אין ציִרק, האָט זיך גלייך אָנגעפאַנגען די וועטיאָגעריי מיט וואָגענס אָדער אָהן וואָגענס.


גלאַדיאַטאָר.
נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

די קוטשערס אין די וואָגענס זיינען געוועזען שקלאַפען. די יאָגעריי איז געוועהנליך בעשטאַנען אין 7 מאָל אַרומלויפען אַרום די ספּינאַ (זעה ווייטער), וועלכע איז געשטאַנען אין מיטען ציִרק. מאַנכמאָל איז די וועט געוועזען אויף אַרומלויפען ביז 10 און אויך ביז 24 מאָל. דער זיגער האָט בעקומען א פּאַלם־צווייג און איז דורכגעגאַנגען דורך א טריאומף־טויער. אויך דער קוטשער פון דעם זיגער האָט בעקומען גרויסע געשאַנקען. ווען די פעסט־שפּילען האָבען זיך געענדיגט האָט מען געמאַכט פיר דאָס פאָלק א טראַקטאַמענט, וועלכער פלעגט אָפּט קאָסטען אַזעלכע אונגעהייערע סומעס געלט, דאָס די רעגירונג האָט געמוזט אַרויסגעבען געזעצען צו בעשרענקען דיזע פערשווענדערייען.

ווייטער ווערט דאָ געגעבען א בילד פון דעם געביידע, אין וועלכען עס זיינען פאָרגעקומען די שפּילען פון דעם ציִרקוס. צ י ר ק ו ס בעדייט א פריִיען פלאַכען פלאַץ, אַרום וועלכען עס געפינען זיך ריסטאַוואַניעס און זיץ־בענק פיר די צושויער. דער בעדייטענדסטער פון דיזע געביידעס איז דער צ י ר ק ו ס מ א ג נ ו ס, וועלכער איז געבויט געוואָרען פון דעם עלטערן טאַרקוויניוס אין דעם טאָל צווישען דעם אווענטינוס און דעם פּאַלאַטינוס (רוימישע בערג). דיזער ציִרקוס איז געוועזען 640 מעטער לאַנג און 130 מעטער ברייט. איבער זיין ריכטיגען מיטען איז געוועזען א נידריגע געמויערטע וואַנט,

אויף וועלכער עס זיינען געשטאַנען פערשיידענע זיילען, אָבעליסקען, געטער־בילדער און קליינע הייליגטימער. דיזע וואַנט האָט ביים פאָלק געטראָגען דעם נאָמען „ספינאַ".

אין די צייטען פון יוליוס צעזאַר איז דער צירק איבערגעמאַכט געוואָרען. אַנשטאָט וואָס פריהער איז ער געווען געמאַכט פון האָלץ, איז ער שפּעטער געמאַכט געוואָרען פון שטיין. די צאָהל פון זיץ־ערטער אין צירק איז דאַמאָלס געווען אַ פערטעל מיליאָן. די זיצען זיינען געמאַכט געווען ווי אַ גאַלעריע, איינע איבער דער אַנדערער. שפּעטער זיינען צוגעקומען נאָך איניגע צירקען אין רוים: דער צירק פון פלאַמיניוס אויף דעם מאַרס־פעלד,




גלאַדיאַטאָרען־קאַמף. נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

דער צירק פון מאַקסענציוס'ן און דער צירק פון האַדריאַנוס'ן. אָבער דיזע אַלע צירקען זיינען געווען אויסער דער שטאָדט.

די פאָרנעהמע מענשען אין רוים האָבען געזוכט אַ ביסעל צו פערעדעלען די גראָבע געפיהלען, וואָס די גלאַדיאַטאָר־שפּילען האָבען ענטוויקעלט אין פאָלק, דורך סצענישע פאָרשטעלונגען. אָבער דיזע בעמיהונגען זיינען געווען כמעט אָהן אַ שום ערפאָלג. דאָס פאָלק האָט בעסער געליבט די גלאַדיאַטאָר־שפּילען און די פערד־געיעגען. די טהעאַטער־געביידעס זיינען אָנפאַנגס אויך געווען פון האָלץ, אויך די ביהנע איז געווען אַ הילצערנע. אין יאָהר 174 פ. קר. האָבען די צענזאָרען אויסגעבויט אַ שטיינערנע ביהנע. ערסט פּאָמ־

פעיום האָט אויסגעבויט אַ שטיינערנעם טהעאַטער. די אַמפיטהעאַטערן געהערען צו אַ שפּעטערער צייט.

דער רעזולטאַט פון דיזע גלאַדיאַטאָר־שפּילען און דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען איז געווען, דאָס דאָס רוימישע פאָלק איז געוואָרען פויל, האָט פיינד געקריגען אַרבייט, און האָט זיך צוגעוועהנט לעבען אויף פרעמדע רעכנונג. צוזאַמען מיט דעם האָט אויך געליטען דאָס פאַמיליען־לעבען, וועלכעס איז פריהער געשטאַנען ביי די רוימער אויף זעהר אַ הויכער שטופע. עס איז נאָך אַפילו געווען אין רוים אַ היבשע צאָהל מענשען, וואָס האָבען זיך אַלע מיה גענעבען אָפּצוהאַלטען דאָס פאָלק פון אַזאַ סאָרט לעבען. אָבער דער גייסט פון דער צייט איז געווען שטאַרקער פון זייערע שטרעבונגען, און




גלאַדיאַטאָרען־קאַמף. נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

זיי האָבען ענדליך געמוזט אויפגעבען די האָפנונג צו ווירקען אויף דאָס פאָלק אין דיזער הינזיכט.

**צו דיזער קלאַס מענשען, וואָס האָבען פיעלעס געטאָן צו פערבעסערן** די זיטען פון פאָלק, האָט געהערט מ אַ ר ק ו ס פּ אָ ר צ י ו ס ק אַ ט אָ, וועלכער האָט זיך פערשאַפט אַ גרויסען נאָמען מיט דעם, וואָס ער האָט געקעמפט געגן די נייע פערדאָרבענהייט פון די זיטען, און האָט אַלע מיטלען אָנגעווענדט צוריקצוקעהרען דאָס פאָלק צו די אַלטע רוימישע איינפאַכע מנהגים. קאַטאָ איז געבאָרען געוואָרען אין טוסקולום אין יאָהר 234 פ. קר. אין דער יוגענד האָט ער זיך בעשפטיגט מיט אַקערבוי. דיזע בעשעפטיגונג

האָט ענטוויקעלט אין איהם אַ ליבע צו אַן איינפאַכען מאָראַלישען לעבען. ער האָט זיך אויסגעצייכענט אין דעם קריג מיט האַנניבאַל'ן. דאַן האָט ער ענטוויקעלט אין זיך אַ רעדנער־טאַלאַנט, איז געוואָרען אַ טיכטיגער שטאַאטס־מאַן און מען האָט איהם געמאַכט פיר אַ שטאַטהאַלטער. אַלס אַזעלכער האָט ער אָנגעווענדט פיעל מיה אָפּצושאַפען די אונגעהייערע צינזען, וואָס די רוימישע וואוכערער פלעגען נעהמען פון די אָרימע לייט, וועלכע זיינען געוועזן געצוואונגען צו באָרגען געלט פון זיי. הגם ער האָט ניט געשטאַמט



אַ לויף־וואָגען מיט פיער פערד. נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

פון אַ בעוואוסטער פאַמיליע, איז ער דאָך אין יאָהר 195 פ. קר. ערוועהלט געוואָרען אַלס קאָנסול, און נאָך דעם איז ער געוואָרען שטאַטהאַלטער אין שפּאַניען. דאָרט האָט ער פיעל געהאָלפען צו בעזיגען דאָס גאַנצע לאַנד. מיט רעכט האָט ער געקענט זאָגען וועגען זיך, דאָס ער האָט מעהר שטעדט איינגענומען אין שפּאַניען אַלס די טעג, וואָס ער האָט דאָרט פערבראַכט. אויך אין דעם קריג מיט אַנטיאָכוס'ן פון סיריען האָט ער זיך פיעל עהרע פער־שאַפט. ער האָט פיעל אַגיטירט פיר די צושטערונג פון קאַרטהאַגאָ. אַלע

זיינע רעדעס האָט ער געענדיגט מיט די ווערטער: „איבריגענס מיין איך, דאָס קאַרטהאַגאָ מוז צושטערט ווערען".

אָבער מעהר פון אַלץ איז ער בעריהמט געוואָרען דורך זיין איינפלוס אויף די אינערע פערהעלטניסען פון רוים. ערסטענס האָט ער געאַרבייט דורכצופיהרען געזעצען געגען לוקסוס. די פרויען פלעגען אַזוי פיעל געלט פערשווענדען אויף צירונג, דאָס עס איז געוואָרען אונערטרעגליך. דורך קאַטאָ'ס ווירקונג איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אַ געזעץ, דאָס קיין פרוי זאָל ניט טראָגען אויף זיך גאָלד מעהר אַלס איין אונץ און קיין קאָלירטעס קלייד אָנטאָן אויף זיך. די פרויען האָבען וועגען דעם געמאַכט אַן אויפשטאַנד



וועט-לויף אויף וואָגענס. נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

אין יאָהר 195 פ. קר. זיי זיינען בעפאַלען די פאָלקס-טריבונען, קאָנסולען, פאָלקס-פערזאַמלונגען און האָבען געפאָדערט די אָפּשאַפונג פון דיזע געזעצען. זיי האָבען זיך צוריקגעצויגען פון זייערע מענער און האָבען מיט זיי ניט געוואָלט לעבען ביז מען וועט ניט אָפּשאַפען דיזע געזעצען. אַלע בעמיהונגען פון קאַטאָ צו ווירקען געגען דיזען אויפשטאַנד האָבען ניט געהאָלפען. קאַטאָ האָט אַרויפגעלעגט גרויסע שטייער פיר טראָגען צופיעל צירונג, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען.

דיזיע שטרעבונגען האָבען פיעל אונטערגעגראָבען קאַטאָ'ס פּאָפּולאַריטעט ביים פאָלק, און דעריבער איז ער ביי די וואַהלען פון צענזאָר-אַמט אין

יאָהר 184 פ. קר. שיער דורכגעפאַלען. נעגען זיין ערוועהלונג, פערשטעהט זיך, האָבען געארבייט די גרויסע פאָרנעהמע פאַמיליעס. אָבער ניט אַכטענ־דיג אויף די אַלע בעמיהונגען פון די רייכע איז עס איהם דאָך געלונגען ערוועהלט צו ווערען אין צענזאָר־אַמט. מיט דער קראַפט פון דיזען הויכען אַמט האָט ער געגרייכט דעם סענאַט און די ריטערשאַפט פון פערדאָרבענע מיטגלידער. ער איז אָבער צו ווייט געגאַנגען אין זיין רעגירונג, און דערי־בער האָט ער געקריגען זעהר פיעלע פיינד אין פאָלק. אַזוי האָט ער צ. ב. אַ געוויסען מאַנליוס געשטריכען פון דער ריטער־ליסט דערפאַר, וואָס ער האָט געקוסט זיין פרוי אין געגענוואַרט פון זיין עלטערער טאָכטער. ער האָט בעפוילען אַראָפּצוּוואַרפען די געביידעס, וואָס די רייכע האָבען אויס־געבויט אויף דעם גרונד, וואָס האָט געהערט צום שטאַאַט; ער האָט גוט אַכטונג געגעבען אויף די קאָנטראַקטאָרען, וואָס האָבען זיך אונטערגענומען אויסצובויען עפענטליכע געביידעס, דאָס זיי זאָלען קיין שום שווינדעל ניט מאַכען אין דער זאַך. ער האָט פערגרעסערט די איינקונפטען פון די אָפּ־גאַבען פון די פּראָווינצען פיעל מעהר ווי זיי זיינען געווען פריהער, ווען די פּעכטער האָבען אויסגעזויגען דעם מאַרך פון די איינוואוינער און דער שטאַאַט האָט דערפון ווייניג גענאָסען. אָבער זיינע געגנער האָבען אויך ניט געשוויגען. זיי האָבען איהם פערפאָלגט ווי ווייט זיי האָבען געקענט: זיי האָבען דורכגעפיהרט דורך'ן סענאַט, דאָס די קאָנטראַקטען, וואָס ער האָט געשלאָסען מיט איינינע קאָנטראַקטאָרען צו בויען עפענטליכע גע־ביידעס, זאָלען ניט אָנערקענט ווערען, דאָס ער זאָל פיר דיזעס געשטעלט ווערען פאַר'ן געריכט און בעצאָהלען שטראָף. דאָס פאָלק אָבער האָט גע־האַלטען מיט איהם און איז איהם געווען זעהר דאַנקבאַר פיר זיין שפּאָר־זאַמקייט און פיר זיין אָפּהיטען די אינטערעסען פון פאָלק און פון שטאַאַט. קאַטאָ איז פון די אַלע פערפאָלגונגען ניט אָפּגעשראָקען געוואָרען. ער האָט פאַר'ן געריכט ווייניג מורא געהאַט. 50 מאָל איז ער געווען אָנגעקלאָגט אין געריכט און איז קיין איין מאָל ניט געווען בעשטראָפט, ווייל ער האָט אימער בעוויזען זיין אונשולד און פיעל מאָל איז ער נאָך ארויסגעטרעטען אַלס אָנקלעגער.

קאַטאָ איז אויך געווען אַ שטאַרקער געגנער פון גריכישען איינפלוס אויף די רוימער. אין יאָהר 155 פ. קר. איז געקומען אַ געזאַנדטשאַפט פון גריכענלאַנד נאָך רוים. די געזאַנדטשאַפט איז בעשטאַנען פון פילאָזאָפען. קאַטאָ האָט אָנגעווענדט אַלע כחות, דאָס די געזאַנדטשאַפט זאָל פון רוים ענטלאַסען ווערען, ווייל ער האָט מורא געהאַט, דאָס זיי וועלען האָבען אַ

שלעכטען איינפלוס אויף די רוימישע זיטען. ער האָט מיט זיין בייסענדען וויץ געקריטיקירט די גריכיש־אזיאַטישע פערדאָרבענהייט. ער פלעגט זאָגען, דאָס די גריכישע פילאָזאָפיע און ליטעראַטור זיינען פיר רוים פיעל געפעהרליכער אלס דער גרעסטער פיינד איהרער, אלס קאַרטהאַגאָ. ער איז געווען אַ רוימער פון אַלטען סטיל אין פולען זין פון וואָרט. ער איז געווען איינפאַך, שטרענג געגען זיך זעלבסט, אַן אויסגעצייכענטער הויז־פאַטער און אַ גוטער ווירט. ווען ער איז געווען שטאַטהאַלטער אין סאַר־דיניען, האָט ער זיך ניט ערלויבט אפילו די פערגניגענס, צו וועלכע ער איז געווען בערעכטיגט געזעצליך. ער פלעגט זעהר אָפט געהן צו פוס פון



אַמפיטהעאַטער און צירקוס אין רוים.

איין אָרט צום אַנדערן און פלעגט נעהמען מיט זיך ניט מעהר ווי איין בעדינטען.

צו זיינע שכנים און בעקאַנטע איז ער געווען זעהר גאַסטפריינדליך. ער פלעגט זעהר אָפט פיר זיי מאַכען מאָהלצייטען און פלעגט פערברייגגען אָפטמאָל גאַנצע נעכט מיט זיינע געסט. אָבער וויין פלעגט ער זעהר ווייניג געברויכען ביי דיזע געלעגענהייטען, און פלעגט אויך די געסט ניט דערלאָזען צו פיעל טרינקען. ער האָט איינגעפיהרט אויף זיין גוט אַלגעמיינע גע־זעלשאַפטליכע מאָהלצייטען צוזאַמען מיט זיינע קליענטען, ווי עס איז גע־ווען דער מנהג ביי די אַלטע רוימער. ער איז געווען זעהר אַבערגלויביש

און האָט געגלויבט אין פערשיידענע פעררייידעניסען, בעשווערונגען געגען חיות און אנדערע נאַרישקייטען.

אָבער מיט אַלע זיינע אָנשטרענגונגען אָפּצוהאַלטען די געזעלשאַפט פון לוקסוס און שווענדעריי האָט קאַטאָ ניט געקענט געהן געגען דעם שטראָם פון דער צייט, וועלכער האָט זיך אריינגעריסען אין געזעלשאַפטליכען, ווי אין פּריוואַט־לעבען, הגם קאַטאָ האָט געהאַט אויף זיין זייט אַ גרויסען טייל גוט־בעזיצער, וואָס האָבען געהאַלטען מיט איהם. עס האָט זיך יעדען גע־וואָלט ארויסרייסען זיך פון אָרימקייט און געניסען אַ רייכעס לעבען מיט אַלע זיינע פערגניגענס, און געגען דיזען וואונש האָט קיין זאַך ניט געהאָלפען עפּעס צו טאָן. דער סוף איז געווען, דאָס קאַטאָ זעלבסט איז בעזיגט געוואָ־רען פון דעם שטראָם פון דער צייט און האָט זיך אַליין אָנגעהויבען צו פיהרען רייך מיט לוקסוס, און האָט אויף דער עלטער זעלבסט אָנגעפאַנגען צו שטו־דירען די גריכישע ליטעראַטור, וועלכע ער האָט אַזוי פיעל פערהאַסט און פערפאָלגט אין זיין יוגענד. ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, דאָס רוים אַלס וועלט־מאַכט קען יעצט ניט בלייבען ביי איהרע אַלטע זיטען.

קאַטאָ האָט ניט דערלעבט צו זעהן די מפּלה פון קאַרטהאַגאָ, אַזוי ווי ער האָט געהאָפט זיין גאַנצעס לעבען. ער איז געשטאָרבען אין יאָהר 149 פ. קר. אין אַלטער פון 85 יאָהר.


מאַרקוס פּאָרציוס קאַטאָ.

עס בלייבט אונז איבער נאָך צו זאָגען איי־ניגע ווערטער וועגען די ניי־געבילדעטע קלאַ־סען אין דעם רוימישען פאָלק צו ענדע פון די־זער פּעריאָדע. נאָר צוויי קלאַסען פון פאָלק האָ־בען געהאַט די מעגליכקייט זיך צו בעררייכערן און זיך פערשאַפען גרויסע אייגענטימער, נעמ־ליך דער ריטער־שטאַנד אין דער סענאַטאָרען־שטאַנד. דער סענאַט פלעגט ערגענצט ווערען נאָר פון די קורולישע אֶדילען. לויט דעם געזעץ פון יאָהר 180 פ. קר. האָט אַ סענאַטאָר פון זיי גע־קענט ערוועהלט ווערען ניט פריהער פון דעם אַלטער פון 37 יאָהר, אַ פּראָטאָר ניט פריהער פון 40 און אַ קאָנסול ניט פריהער פון 43 יאָהר. אום צו בעקומען די רעכטען ערוועהלט צו ווערען אין איינעם פון די העכסטע עמטער פון שטאַאַט, האָט מען געמוזט זעהר פיעל געלט פערשווענדען אין דער צייט פון די 7 גרויסע פעסט־שפּילען צו פערשאַפען דעם פאָלק גענוג טיער־

קאַמפען און פעכטער־קאַמפען. דעריבער האָט געקענט פּרעטענדירען אויף א הויכע שטעלע נאָר א פּערזאָן פון א גאַנץ רייכער פאַמיליע. מיט דיזען אופן האָט זיך געבילדעט אין רוים א סאָרט אדעל, וועלכען מען האָט געקענט בעצייכנען מיט׳ן נאָמען „אַמטס־אַדעל״. דיזער אַמטס־אַדעל איז געווען א מין ירושה. זעהר זעלטען האָט געקריגען א הויכעס אַמט א מאַן, וואָס האָט ניט געהערט צו דיזען אדעל, ווי קאַטאָ צום ביישפּיל.

דער צווייטער שטאַנד, וואָס האָט דאַמאָלס געשפּילט א גרויסע ראָלע אין דער רוימישער רעגירונג, איז געווען דער ריטער־שטאַנד. צו דיזען שטאַנד האָט געקענט געהערען נאָר א מענש, וואָס האָט בעזעסען אַן אייגענטום פון ניט וועניגער אַלס 400,000 סעסטערצען. דיזע קלאַס איז בעשטאנען פון מענשען, וועלכע האָבען אַלע מיטלען געברויכט אום רייך צו ווערען. דאָס בעסטע און לייכטעסטע מיטעל אום צו דערגרייכען די נעטיגע סומע איז געווען צו רייסען אונגעהייער גרויסע פּראָצענטען אין דער פּראָווינץ. די געוועהנליכע מאָס פון פּראָצענט איז געווען 12, אָבער זי איז אויך זעהר אָפט געשטיגען ביז 24 און אויך ביז 36. די ריטער האָבען זיך פעראייניגט אין קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפטען, וועלכע האָבען אין זייערע הענט אריינגעכאַפּט די אַרענדעס פון די שטייערן און זיי האָבען קיינעם ניט צוגעלאָזען צו דיזען געשעפט. זיי זיינען אויך געווען די קאָנטראַקטאָרען ביי אַלע וויכטיגע אונטערנעהמונגען פון שטאַאַט, זיי זיינען געווען די באַנקירען, וועלכע פלעגען אויסלייהען פיר גרויסע פּראָצענטען צו די פּראָווינצען די סומעס, וואָס יענע האָבען בעדאַרפט האָבען אום צו בעצאָהלען די שטייער צו די צאָהל־פעכטער. מיט דיזען אופן האָט זיך אין זייערע הענט אָנגעקליבען דאָס גאַנצע באַארע געלט. עס פערשטעהט זיך, דאָס זיי האָבען געהאַט א זעהר גרויסען איינפלוס אויף׳ן שטאַאַט און אויף די רעגירונג. אין זייערע הענט איז געווען דער שיקזאַל פון רוימישען פאָלק. דיזע ריטער־קאַפּיטאַליסטען זיינען געשטאַנען אין מיטען צווישען דער אַריסטאָקראַטיע און דעם פאָלק, און זיי האָבען געגעבען די ענטשיידונג פיר דאָס פאָלק אָדער פיר די אַריסטאָקראַטיע, ווי עס האָט זיי בעסער געפּאַסט צו זייערע אינטערעסען. קורץ, זייער לאַגע איז געווען זעהר ענליך צו דער לאַגע פון די באַנקירען און פאַבריקאַנטען אין אונזער היינטיגער צייט.

אַנדערס איז געווען ביי די סענאַטאָרען און דעם אַדעל־שטאַנד. דאָס געזעץ פון קלאַודיוס׳ן אין יאָהר 218 פ. קר. האָט זיי פערוועהרט צו בויען גרויסע שיפען און צו טרייבען האַנדעל איבער׳ן ים. דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס זיי האָבען זייער געלט אריינגעלעגט אין גרונד־אייגענטום.

איטאַליען האָט זעהר פיעל געליטען פון די בעשטענדיגע מלחמות. פיעלע גרויסע שטיקער לאַנד זיינען וויסט געוואָרען אין דער צייט פון דעם צווייטען פונישען קריג. פיעלע לענדערייען האָט די רוימישע רעגירונג צו-גענומען און געמאַכט פיר שטאַאטס-אייגענטום דערפאַר, וואָס זייערע בע-זיצער זיינען געוואָרען אַנהענגער פון האַנניבאַל'ן. דיזע אַלע לענדערייען האָבען די רוימישע אַדעלליים אָפּגעקויפט. דערפון האָבען זיך געבילדעט אונגעהייערע פּריוואַט-גיטער, וועלכע קענען פערגליכען ווערען מיט היינטי-גע גראַפשאַפטען און פירסטענטימער. נאָך ערגער איז געוועזען דאָס, וואָס דעם זעלבען שיקזאַל איז אונטערגעוואָרפען געוואָרען די ערד פון די בויערן. הגם די פריהערדיגע שולדען און וואוכער-געזעצען זיינען פיעל מילדער גע-וואָרען דורך די בעמיהונגען פון די פאָלקס-טריבונען, האָבען דאָך די קלאַגעס געגען וואוכער וויעדער אָנגעהויבען צו ווערען זעהר אָפט זינט דער רייכ-טום האָט זיך אין רוים שטאַרק פערמעהרט. די שטענדיגע מלחמות מיט זייערע גרויסע הוצאות האָבען פעראָרימט די בויערן, זיי האָבען קיין מזומן קיינמאָל ניט געהאַט און זיינען געוועזען געצוואונגען צו באָרגען געלט פון די רייכע, וועלכע האָבען פון זיי געשונדען די הויט דורך גרויסע צינזען, און דאָס געזעץ האָט זיי דערפאַר ניט בעשטראָפט, ווייל זיי האָבען געוואוסט ווי אַרומצוגעהן דאָס געזעץ, ווי צו מאַכען זייער רויבעריי געזעצליך.

די לאַגע פון דער בויערן-קלאַס האָט זיך נאָך פערערגערט דערמיט, וואָס די גרויסע און רייכע גוט-בעזיצער פלעגען בעאַרבייטען זייערע פעלדער דורך זייערע שקלאַפען, און ווען די שקלאַפען זיינען ניט גענוג געוועזען צו בעאַר-בייטען זייער גאַנצעס לאַנד, פלעגען זיי עס פערוואַנדלען אין וויין-גערטנער אָדער אין פיהצוכט-פלעצער, צו פאַשען אויף זיי שאָף און רינדער, און האָ-בען עס ניט אָפּגעגעבען אין פאַכט צו די בויערן. דער רעזולטאַט דערפון איז געוועזען, דאָס די מיטעלע קלאַס איז געוואָרען אימער אָרימער און אָרימער, זיי האָבען אפילו ניט געקענט בעקומען קיין ארבייט אין די פאַבריקען, ווייל די רייכע פאַבריקאַנטען האָבען דאָרט אָנגעשטעלט זייערע אייגענע שקלאַפען. דאָס גאַנצע רוימישע פאָלק האָט זיך דאַמאָלס איינגעטיילט אין צוויי קלאַ-סען: אין אָרימע און אין רייכע. דיביידע קלאַסען זיינען געוועזען זעהר פיינדליך איינע צו דער אַנדערער. דער קליינער גוט-בעזיצער, דער קליין-בירגער, איז אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרען, און דיזער איז אין אמת'ן געוועזען די מאַכט פון פאָלק. דער אָרימער טייל פון פאָלק האָט מעהר-סטענס געהונגערט און האָט זיך פערקויפט אַלס ווערקצייג צו די רייכע, וועל-כע האָבען דורך זיי דורכגעפיהרט אַלץ, וואָס זיי האָבען געוואָלט.

די רוימישע פערפאססונג איז אפילו מעהר און מעהר דעמאקראטיש גע־וואָרען. שוין אין יאָהר 312 פ. קר. האָט אפפיוס קלאודיוס דורכגעפיהרט א געזעץ, לויט וועלכען עס האבען בעקומען שטימרעכט ניט נאָר גוט־בעזיצער, נאָר אויך אזעלכע, וועלכע האָבען קיין גרונד ניט געהאט, נאָר האָבען גע־האט וועלכעס עס איז בעוועגליכעס פערמעגען (מטלטלין אָדער געלט). דורך דיזעס געזעץ האָבען בעקומען שטימרעכט אויך קויפלייט, פרייגעלאָזענע, אר־בייטער א. אז. וו. עס פערשטעהט זיך, דאָס זיי האָבען אויך געמוזט אָנ־טייל נעהמען אין מיליטער־דינסט. שפעטער אָבער, נעמליך אין יאָהר 304 פ. קר., האָט דער צענזאָר ק. פ א ב י ו ס ר ו ל ל י א נ ו ס אפגעשוואכט דיזעס געזעץ און עס געענדערט אין דעם זין, דאָס די נייע בירגער, וועלכע האָ־בען גרונד־איינענטום ווייניגער פון 6,500 מארק ווערט, זאָלען געהערען צו די 4 שטעדטישע טריבוס, וועלכע האָבען געהאט ווייניגער רעכטען אין די צענטוריאל־קאָמיטיען. מיט דיזען נייעם געזעץ זיינען זעהר פיעלע צופרי־דען געוועזען און האָבען רולליאנוס'ן געגעבען דערפאר דעם ביינאָמען „מאקסי־מוס" (דער גרעסטער).

אין גיכען אָבער האָט וויעדער אויסגעבראָכען קריג צווישען די פאר־טייען אין רוים. אין יאָהר 287 פ. קר. האָט דאָס אָרימע פאָלק אונטער זיי־נע פיהרער אויסגעוואנדערט פון רוים אויף דעם יאניקולום און האָבען גע־וואָלט דאָרט גרינדען א בעזונדערע געמיינדע. דער סענאט האָט דאן בע־שטימט א דיקטאטאָר אין דער פערזאָן פון ק ו ו י נ ט ו ס ה א ר ט ע נ־ס י ו ס, און דיזען איז עס געלונגען צו מאכען שלום צווישען דיביידע פיינד־ליכע פארטייען דורך דעם, וואָס ער האָט געשאפען א געזעץ, דאָס דער בע־שלוס פון די פלעבעיער האָט די קראפט פון א געזעץ אָהן דער צושטימונג פון דעם סענאט.

פון דאמאָלס אָן איז די דעמאָקראטישע פערפאססונג אימער מעהר און מעהר געשטיגען אין קראפט. אָבער אין גרונד גענומען האָט ניט דאָס פאָלק געהערשט אין רוים, און ניט די בעאמטע, וועלכע פלעגען ערוועהלט ווערען בלויז אויף איין יאָהר, נאָר דער סענאט, וועלכער פלעגט ערוועהלט ווע־רען פיר דאָס גאנצע לעבען. דער סענאט, ווי בעוואוסט, פלעגט ערוועהלט ווע־רען פון די גרויסע בעאמטע, וועלכע פלעגען אימער ערוועהלט ווערען פון די אדעללייט פון רוים. דער סענאט האָט אימער געהאלטען מיט די אדעללייט, וואָס האָבען איינגעשלונגען אלץ, וואָס די רוימישע זיגען האָבען אריינגע־בראכט. דאָס פאָלק איז געוואָרען אימער אָרימער און אָרימער, און דיזעס האָט געמוזט פיהרען צו א גענצליכען אויסברוך.

## ו. אינערליכע קאמפען ביז צום אונטערגאנג פון דער רעפובליק.
(133 ביז 31 פ. קר.)

### 1) די אונרוהען פון די גראקכען.

די פיינדשאפט פון די פארטייען אין רוים האט דערגרייכט אזא שטופע, דאס אין דער צייט, וואס רוים האט דערלאנגט דעם העכסטען סטאפעל פון גליק, ווען קארטהאגא איז געפאלען און גריכענלאנד און מאצעדאניען זיינען געווארען רוימישע פראווינצען, האבען די גרויסע לייט אנגעפאנגען צו פירכטען פאר דעם צושטאנד פון רוים זעלבסט. מען האט ערווארט אן אפענע רעוואלוציאן, ווייל קיין אנדערען אויסוועג האבען די גרויסע מענער פון רוים ניט פארויסגעזעהן אין דעם אונפערמיידליכען קאמף מיט דער הערשענדער קלאס אין דעם שטאאט. צו פערמיידען די פארשטעהענדע געפאהר האבען זיך די מיה געגעבען סציפיא אפריקאנוס דער אינגערער און זיין פריינד קאיוס לאליוס.

צו דיזע קרייזען האבען אויך געהערט די ברידער ט י ב ע ר י ו ס און ג א י ו ס ס ע מ פ ר א נ י ו ס ג ר א ק כ ו ס. די פאמיליע גראקכוס האט געהערט צו די פארנעהמסטע פלעבעיאישע פאמיליעס. דיזע פאמיליע האט זינט 100 יאהר פערנומען די העכסטע עמטער אין דער רעפובליק. דיזע צוויי ברידער זיינען פון זייער מוטער'ס זייט געווען די עניקלאך פון דעם גרויסען קארנעליוס סציפיא אפריקאנוס. נאך זייער פאטער'ס טויט האבען זיי ערהאלטען פון זייער בעריהמטער מוטער קארנעליא און צוויי גריכישע לעהרער אן אויסגעצייכענטע ערציהונג. די הויכהערציגע רוימערין האט גע-זוכט איהרע קינדער צו בעגייסטערן פיר אלץ, וואס איז גרויס און ערהאבען. און ווירקליך האבען דיזע איהרע קינדער געשיינט צו ערפילען איהר שטאלצע האפנונג. איין מאל איז געקומען צו קארנעליא איהרע א פריינדין און האט געוואלט זעהן איהרע טייערסטע צירונג, האט קארנעליא יענע צוגעפיהרט צו איהרע שלאפענדיגע קינדער און האט צו איהר געזאגט: „דאס איז מיין טייערסטע צירונג". אלס טיבעריוס גראקכוס איז אלט געווען נאר 16 יאהר האט ער זיך שוין אויסגעצייכענט ביי קארטהאגא (147 פ. קר.), און 10 יאהר שפעטער איז ער שוין געווען אין דעם אמט פון קוואסטאר אין דער בעגלייטונג פון מאנצינוס אין דעם קריג מיט שפאניען. דאמאלס האט ער די רוימער ארויסגעראטעוועט פון זעהר א געפעהרליכער לאגע. דאס רוימישע מיליטער איז געווען איינגעשלאסען פון די נומאנטיער און טי-בעריוס האט עס געוואוסט, ווי אזוי די רוימער פון דארט צו רעטען, נאר זייער געפעק האבען זיי צוריקגעלאזען.

גראַקכוס האָט זיך געמאַכט די אויפגאַבע פון זיין לעבען דורכצופיהרען רעפאָרמעס אין בעטרעף פון גרונד-געזעץ און צו דיזען צוועק האָט ער געזוכט צו קריגען דאָס אַמט פון פאָלקס-טריבון פיר דאָס יאָהר 133 פ. קר. צו דיזער אויפגאַבע האָט איהם געפיהרט זיין רייזע נאָך עטרוירען, וואו ער האָט גע-פונען פערוויסטעטע פעלדער אין די ערטער, וואָס זיינען אַמאָל געווען אין אַ בליהענדען צושטאַנד; דיזעס האָט איהם איבערצייגט, וואָס פיר אַן אונ-גליק פיר דאָס גאַנצע לאַנד און פיר דאָס גאַנצע פאָלק עס זיינען די גרויסע גוט-בעזיצער, און ער האָט בעשלאָסען צו מאַכען רעפאָרמעס אין בעציהונג



**קאָרנעליאַ און איהרע קינדער.**

פון גרונד-בעזיץ. זיין פּראָיעקט איז געווען צו פערטיילען דורך גורל די גרויסע אונבעאַקערטע פעלדער צווישען דער מיטעלער קלאַס, צו 30 מאָר-גען פיר יעדע פאַמיליע, ניט אַלס אייגענטום, נאָר אַלס פאַכט-ערבשאַפט פון דור צו דור. אַלס ער איז אַרויס מיט דיזען פּלאַן פיר דאָס פאָלק, איז ער גלייך ערוועהלט געוואָרען אַלס פאָלקס-טריבון. די ביזהעריגע גוט-בע-זיצער האָבען געמעגט פערהאַלטען פיר זיך ניט מעהר פון 1,000 מאָרגעס פעלד.

„די ווילדע חיות, וואָס געפינען זיך אין איטאַליען", האָט גראַקכוס אויסגעשריען אין איינער פון זיינע רעדעס וועגען זיינע רעפאָרמעס אין דיזען געגענשטאַנד, „האָבען זייערע נאָרעס, יעדע חיה ווייס איהר ווינקעל, נאָר די יעניגע, וועלכע קעמפּפען און שטאַרבען פיר איטאַליען, קענען נאָר רעכנען אויף ליכט און לופט, זיי מוזען זיין נע ונד מיט זייערע ווייבער און זייערע קינדער איבער'ן גאַנצען לאַנד, ניט האָבענדיג ערגעץ אַ שטיקעל מקום מנוחה פיר זיך. די קריגס־קאָמאַנדירען זאָגען ליגען, ווען זיי ערמונטערן די סאָלדאַטען אין צייט פון קריג זיך מוסר נפש זיין אום צו בעשיצען געגען דעם פיינד די הייליגע קברים פון זייערע עלטערן, ווייל די מעהרסטע פון די סאָלדאַטען ווייסען גאָר ניט, וואו זיינען די קברים פון זייערע עלטערן. זיי מוזען נאָר פערגיסען זייער בלוט אום צו פערשאַפען רייכטימער פיר אַ געוויסע קלאַס. די רוימער הייסען די הערען פון דער וועלט, אין אמת'ן האָבען זיי קיין שפּאַן ערד־אייגענטום".

דאָס פאָלק האָט בעגעגענט מיט גרויס ענטהוזיאַזם דיזע גלענצענדע רעדע פון טיבעריוס גראַקכוס. אָבער דער סענאַט האָט געוואונען איין טריבון פיר די אינטערעסען פון די גרויסע גוט־בעזיצער. דיזער טריבון מיט'ן נאָמען אָ ק ט אַ װ י ו ס האָט שטאַרק געגען טיבעריוס'ן געאַרבייט און האָט איהם געשטערט זיין פּלאַן צו פערווירקליכען. טיבעריוס האָט בעשלאָסען צו מאַכען אַ פערצווייפעלטען שריט, הגם דיזער שריט איז געווען געגען דער פערפאַסונג. ער האָט נעמליך געלאָזט דאָס פאָלק אָפּשטימען אויב אַ טריבון, וואָס אַרבייט געגען די אינטערעסען פון פאָלק, האָט דאָס רעכט צו פערבלייבען אין זיין אַמט. דאָס פאָלק האָט אָפּגעשטימט געגען אָקטאַוויוס'ן, האָט איהם אַראָפּגעזעצט פון זיין אַמט, און דער פאָרשלאַג פון טיבעריוס גראַקכוס איז געוואָרען אַ געזעץ. מען האָט באַלד ערוועהלט אַ קאָמיטע, וועלכעס זאָל דורכפיהרען דאָס געזעץ אין דער פּראַקטיק. די מיטגלידער פון דעם קאָמיטע זיינען געווען טיבעריוס, זיין ברודער און זיין שווער. דיזעס האָט שרעקליך ערביטערט די אַריסטאָקראַטיע, וועלכע האָט אַלץ געטאָן אום צו שטערען די זאַך זאָל ניט צו ווירקליכקייט קומען.

אַזוי איז אַוועק כמעט דאָס גאַנצע יאָהר און דאָס געזעץ איז ניט דורכגעפיהרט געוואָרען אין דער פּראַקטיק. גראַקכוס האָט אָנגעהויבען מורא צו האָבען, דאָס ווען אַן אַנדער טריבון וועט ערוועהלט ווערען אויף זיין אָרט, וועט זיין גאַנצע מיה פערפאַלען זיין. דעריבער האָט ער אָנגעפאַנגען צו אַרבייטען, דאָס ער זאָל ערוועהלט ווערען אַלס פאָלקס־טריבון אויף פיר דאָס נעכסטע יאָהר. אום דאָס פאָלק צו געווינען אויף זיין זייט פיר

די וואַהלען, האָט ער געמאַכט אַ פאָרשלאַג, דאָס די רייכטימער, וואָס רוים האָט געקריגען פון אַטטאַלוס דעם קעניג פון פערגאַמום, זאָל מען צוטיילען צווישען די יעניגע, וואָס וועלען לויט גורל ערהאַלטען די געוויסע צאָהל מאָרגעם לאַנד, לויט דעם נייעם געזעץ, אום זיי זאָלען האָבען צו קויפען די נעטיגע אינסטרומענטען און פיה, און צו בויען די נעטיגע געביידעס אויף זייערע נייע גיטער. אין דער זעלבער צייט האָט ער געוואָלט פאָרשלאָגען נייע געזעצען, ווי צ. ב. מאַכען קירצער די צייט פון מיליטער־דינסט און אויפנעהמען איטאַליענישע בונד־חברים אַלס רוימישע בירגער. דיזעס האָט נאָך מעהר אויפגעפלאַקערט דעם האַס פון זיינע געגנער. מען האָט אָנגעפאַנגען איהם צו בעשולדיגען, דאָס ער וויל די פערפאַסונג אָפּשאַפען און זעלבסט קעניג ווערען.

צום אונגליק איז דער טאָג פון וואַהל אויסגעפאַלען אין זעהר אַ שלעכטיר צייט פיר גראַקכוס'ן, אין שניט־צייט, ווען די פעלד־אַרבייטען האָבען אָפּגעהאַלטען פיעלע פון זיינע אָנהענגער צו קומען צו די וואַהלען. עס זיינען ארויסגעקומען גרויסע צאַנקערייען צווישען גראַקכוס'עס אָנהענגער און זיינע געגנער און צוליב דעם האָט די וואַהל געמוזט אָפּגעלעגט ווערען אויף אַ טאָג שפּעטער. דעם צווייטען טאָג האָבען זיינע אָנהענגער איהם אַרומגעווינגעלט אום צו בעשיצען איהם פון מערדער, ווייל עס איז אַרויס אַ קלאַנג, דאָס עס איז בעשלאָסען געוואָרען איהם צו טויטען. די אַריסטאָקראַטען האָבען געטאָן אַלץ, וואָס איז מעגליך, אום די וואַהלען צו שטערען. די אונרוהען און דער טומעל זיינען געוואָרען אַלע מאָל שטאַרקער און שטורמישער. אויך אין סענאַט האָט שטאַרק געשטורמט. מען האָט אַרויסגעלאָזען אַ קלאַנג, דאָס גראַקכוס וויל די רעפּובליק אומוואַרפען און זיך אַלס דיקטאַטאָר אָדער אַלס קעניג ערקלערען. גראַקכוס האָט געזעהן, דאָס די געפאַהר וואַקסט פון מינוט צו מינוט, האָט ער מיט פינגער אויף זיין קאָפּ געצייגט, אום זיינע אָנהענגער צו געבען אַ צייכען, דאָס זיין לעבען איז אין געפאַהר. אָבער זיינע געגנער האָבען עס אַנדערש פערשטאַנען, אָדער האָבען עס געוואָלט אַנדערש פערשטעהן. זיי האָבען אויסגעשריען, דאָס גראַקכוס פערלאַנגט מען זאָל איהם קרוינען פיר אַ קעניג. דאָס האָט באַלד די פערזאַמעלטע שרעקליך אָנגעצונדען. סציפּיאָ נאַזיקאַ האָט אויפגעפאָדערט די פערזאַמלונג די רעפּובליק צו שיצען און דעם טיראַן צו שטירצען. דער קאָנסול מוציוס סצאָוואָלאַ האָט זיך געשטעלט דאַגעגען און האָט ערקלערט, דאָס ער וועט קיין גוואַלדטאַטען ניט צולאָזען; ער וועט ניט דערלאָזען, דאָס אַ רוימישער בירגער זאָל אָהן אַ פּראָצעס ערמאָרדעט ווערען. אָבער סציפּיאָ

נאזיקא האָט אויסגעשריען, דאָס דער קאָנסול איז פאַלש דעם שטאַאט, און ווער עס איז טריי דעם שטאַאט זאָל צושטעהן צו איהם און דעם טיראַן גראַקכוס אַנידערלעגען. עס איז באַלד צו איהם צוגעשטאַנען גראַקכוס'עס געגנער און מען האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו איהם. עס איז געוואָרען אַ שטרייט צווישען ביידע פּאַרטייען. גראַקכוס האָט זיך געוואָלט רעטען און ענטלויפען, אָבער ער איז געטויט געוואָרען פון איינעם פון זיינע געגנער, מיט איהם זיינען געפאַלען 300 פון זיינע אַנהענגער. די קערפּערס פון די הרוגים האָט מען ביי נאַכט אַריינגעוואָרפען אין דעם טייך טיבער. גאַיוס, דער ברודער פון טיבעריוס'ן, האָט געבעטען מען זאָל איהם אָפּגעבען זיין ברודער'ס קערפּער, אום ער זאָל איהם מקבר זיין ווי געהעריג איז, אָבער מען האָט עס איהם ענטזאָגט. ערסטענס איז דער האַס פון די אַריסטאָקראַטען צו טי-בעריוס'ן געוועזן זעהר גרויס, צווייטענס האָבען זיי מורא געהאַט, ווען דאָס פאָלק וועט דערזעהן דעם טויטען קערפּער פון זייער וואָהלטעטער, וועט זיך אין זיי ערוועקען אַ געפיהל פון ראַכע און עס וועט ווערען אַן אויפשטאַנד. די רייכע האָבען נאָך דערמיט ניט געשטילט זייער צאָרן. זיי האָבען פיעלע פון זיינע אַנהענגער פון לאַנד פערטריבען און די מעהר געפעהרליכע האָבען זיי ערמאָרדעט. צווישען די לעצטע איז אויך געוועזן דער רעדנער דיאָפאַנעס. איינעם אַ געוויסען גאַיוס ווילליוס האָט מען פערשטעקט אין אַ זעהר ענגען אָרט, אַריינגעלאָזען צו איהם גיפטיגע שלאַנגען, און געמאַטערט צום טויט. די סענאַטאָרען האָבען זיך גאָר ניט געשעמט מיט דיזע מערדערייען, אין געגענטייל, זיי האָבען זיך נאָך בעריהמט דערמיט, ווי מיט אַ גערעכטער העלדענטאַט.

דאָס אַקער־געזעץ איז אָבער געבליבען אין קראַפט, ניט אַכטענדיג דע-רויף, וואָס דער דורכפיהרער פון דיזען געזעץ איז ערמאָרדעט געוואָרען. די קאָמיסיאָן האָט מיט גרויס ענערגיע פאָרטגעזעצט איהר אַרבייט. זי האָט געפאָדערט פון יעדען, ווער עס ווייס פון שטאַאטס־לאַנד, וואָס איז פערכאַפּט געוואָרען דורך וועלכען עס איז אַדעלמאַן אָדער אַנדערן רייכען מאַן, זאָל מעלדען דער קאָמיסיאָן, וועלכע וועט נעהמען געזעצליכע שריט אָפּצונעהמען דאָס גערויבטע פון דעם רויבער און עס צוטיילען צווישען די אָרימע בירגער, וועלכע האָבען ניט קיין ערד־אייגענטום. די קאָמיסיאָן האָט זיך ערנסט גענו-מען צו רעווידירען די אַלטע ביכער וועגען גרונד־אייגענטום, אום צו זעהן, אז די גיטער, וועלכע האָבען געהערט צום שטאַאט און זיינען ניט געזעצליך פערכאַפּט געוואָרען דורך די רייכע אַריסטאָקראַטען, זאָלען צוטיילט ווערען צווישען די אָרימע בירגער לויט געזעץ. עס פערשטעהט זיך, דאָס די רייכע

האָבען מיט אַלע קרעפטען געאַרבייט געגען דער קאָמיסיאָן, וועלכע זיי פּלע-גען בעליידיגען ביי יעדען צופאַל. מען האָט די קאָמיסיאָן בעשולדיגט, דאָס זי רויבט פּשוט אוועק פּריוואַט־אייגענטום. די שטערונגען זיינען געוועזען אַזוי גרויס, דאָס די פּערטיילונג פון לאַנד איז געוואָרען שווערער און האָט ענדליך אין גאַנצען אויפגעהערט. אויף דעם פאָרשלאַג פון סציפּיאָ אַפריקאַנוס האָט מען ביי דער קאָמיסיאָן צוגענומען דאָס רעכט צו געבען ענטשיידונגען וועגען לאַנד־אייגענטום. סציפּיאָ איז באַלד ערמאָרדעט גע-וואָרען דורך אַ פערשווערונג פון פּאַפּיריוס קאַרבאָ, אַ מיטגליד פון דער קאָמיסיאָן. אָבער די רעפאָרם־פּאַרטיי האָט קיין פאָרטשריט ניט געמאַכט ביז גאַיוס גראַקכוס האָט אין דער זאַך געבראַכט אַ ענדערונג.

גאַיוס סעמפּראָניוס גראַקכוס איז געוועזען מיט ניין יאָהר אינגער פון זיין ברודער טיבעריוס. ער איז געווע אַ זעהר טאַלענט-פולער שטאַאַטסמאַן. ער האָט בעזעסען אַלע נעטיגע אייגענשאַפטען, וואָס אַ פעהיגער שטאַאַטסמאַן דאַרף בעזיצען. אונגעאַכטעט וואָס ער איז געווען זעהר יונג, האָט מען איהם ערוועהלט אין דער קאָמיסיאָן פון דער ערד־פּער-טיילונג. דאָס פאָלק האָט איהם בעצייכענט אַלס רעכער (גואל הדם) פון זיין ערמאָרדעטען ברודער און אַלס דער, וועלכער דאַרף ענדיגען וואָס זיין ברודער האָט אָנגעפאַנגען. דער סענאַט האָט גוט פערשטאַנען, ווי ווייט געפעהרליך ער איז פיר זיי און פיר די רייכע פּאַרטיי, און האָט איהם געגע-בען אַ שטעלע אַלס קוועסטאָר אין סאַרדיניען, אום איהם ווייט צו האַלטען פון רוים. מען האָט איהם ניט אָפּגעלאָזען פון סאַרדיניען אַפילו נאָך דעם, ווי זיין אמט האָט זיך דאָרט געענדיגט. אָבער דאָס האָט איהם ניט אָפּגע-האַלטען צו קומען אין רוים אויף זיין אייגענע פעראַנטוואָרטליכקייט.

אין יאָהר 123 פ. קר. איז יר ערוועהלט געוואָרען צום פאָלקס־טריבון. ער האָט גוט פערשטאַנען, וואָס פיר אַ שווערע פליכט ער האָט אויף זיך גע-נומען און וואָס פיר אַ געפעהרליכער קאַמף איהם שטעהט דאָ פאָר. ער האָט קלאָר פאָרויסגעזעהן, דאָס אָהן אַ רעוואָלוציאָן קען זיך דער קאַמף ניט ענדיגען. אום זיך פיעלע אָנהעננער צו פערשאַפען, האָט ער גלייך אין אָנפאַנג, ווי ער האָט די שטעלע בעטרעטען, דורכגעפיהרט אַ גאַנצע רייהע פון געזעצען צו פערבעסערן די לאַגע פון דער אָרימער קלאַס. איינס פון זיינע ערסטע געזעצען איז געווען, דאָס די רעגירונג זאָל יעדען רוימישען ביר-גער, וואָס קומט אין די הויפּט־שטאָדט, יעדען מאָנאַט אַרויסגעבען פון די שטאַאַטליכע ברויט־מאַגאַזינען אַ בעשטימטע מאָס געטריידע צו זעהר ביליגע פּרייזען. נאָך דעם האָט ער אויפגעלעבט דאָס אַקער־געזעץ, און האָט באַלד

אוועקגעשיקט 6,000 קאָלאָניסטען פון די רוימישע בירגער און פון די בונד־חברים נאָך קארטהאגא, וואו יעדער האָט בעקומען גענוג ערד זיך און זיין פאמיליע צו בעזאָרגען מיט אַלץ, וואָס איז נעטיג צום לעבען. ער האָט דורכגעפיהרט א געזעץ, לויט וועלכען די צייט פון מיליטער־דינסט איז קירצער גע־וואָרען. ער האָט דורכגעפיהרט נאָך איין געזעץ, דאָס קיין רוימישע בירגער קען ניט פעראורטיילט ווערען צום טויט אָדער צום פערטרייבען פון פאָטער־לאַנד, סיידען דורך דאָס פאָלק זעלבסט. דיזע געזעצען האָבען איהם פער־שאפט א גרויסע פּאָפּולאריטעט. קיינער האָט ניט געהאט דעם מוט זיך געגען איהם צו שטעלען. ער פלעגט בערייזען שטעדט און לענדער אונער דער שוץ־וואך פון אַן אונגעהייערער מאסע פראָלעטאריער.

אַלס קלוגער פּאָליטיקער האָט ער פערשטאַנען, דאָס פיר זיינע צוועקע איז זעהר וויכטיג, אַז צווישען זיינע געגנער זאָל ניט זיין קיין אחדות. ער האָט אַלץ, וואָס מעגליך איז געטאָן אום צוצורייסען די אמטס־אריסטאָקראטיע מיט דער געלט־אריסטאָקראטיע, און דיזעביידע מיט די ריטער. צו דיזען צוועק האָט ער דורכגעפיהרט א געזעץ, דאָס די געשוואָרענע ריכטער זאָלען ניט גענומען ווערען פון די סענאטאָרען, ווי עס איז געוועזען פריהער, נאָר פון די ריטער. דערמיט האָט ער אויסגעפיהרט, דאָס די ריטער זיינען איבער־געגאנגען אויף די זייט פון פאָלק געגען דעם סענאט און דער אריסטאָקראטיע. אין יאָהר 122 פ. קר. האָט ער דורכגעפיהרט א געזעץ, דאָס א טריבון קען אין זיין אמט נאָך איינינגע מאָל ערוועהלט ווערען. נאָך דעם האָט ער געזאָלט דורכפיהרען א געזעץ, דאָס די לאטינער זאָלען בעקומען גלייכע בירגער־רעכטען מיט די רוימער, און די אַנדערע איטאַליענישע בונד־חברים זאָלען בעקומען די זעלבע רעכטען, וועלכע די לאַטינער האָבען פריהער געהאַט. אָבער די רוימישע בירגער זיינען געוועזען געגען דיזען פאָרשלאַג און ער איז דורכגעפאַלען. ווי אָרים און אונגליקליך דאָס רוימישע פאָלק פון די נידריגע שיכטען איז געוועזען, האָט זיך איהם דאָך געוואָלט הערשען איבער אַנדערע, און דעריבער האָט דאָס פאָלק ניט געוואָלט שטימען פיר דעם פאָרשלאַג פון גראַקכוס'ן. דיזע צוריקווייזונג פון פאָלק האָט זעהר פיעל געשאַדעט צו זיין פּאָפּולאריטעט, און ער איז ביי זיך אַליין געוועזען אזוי געפאַלען, דאָס ער האָט שוין מעהר ניט געהאט דעם מוט צו מאַכען פאָרשלאַגען וועגען נייע געזעצען. אויסער דעם האָט די סענאט־פּארטיי זיך פערבונדען מיט דעם טריבון ליוויוס דרוזוס, וועלכער האָט בעסער פון גראַקכוס'ן געקענט שמייכלען דעם פאָלק, און האָט געוואוסט שענערע פּלאַנען פון געזעצען פאָרצושלאָגען, הגם עס איז פון זיי גאָר ניט געוואָרען. צוליב דעם איז גראַקכוס אין זעהר א קור־

צע צייט אַראָפּ פון דער סצענע און איז גיך פערגעסען געוואָרען ביים פאָלק. אזוי דאָס ווען ער האָט זיך צוריקגעקעהרט נאָך רוים פון דער קאָלאָניע יונאָניאַ, וועלכע ער האָט געגרינדעט אויף דעם באָדען פון קאַרטהאַגאָ, האָט איהם דאָס פאָלק אין גאַנצען פערגעסען, און האָט ערוועהלט אין אמט פון קאָנסול זיין ביטערסטען געגנער ל. אָפּימיוס.

דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס גראַקכוס האָט זיך צוריקגעצויגען פון עפענטליכען לעבען און האָט זיך געפיהרט זיין פריוואַט־לעבען גאַנץ רוהיג.



די גראַקכישע אונרוהען.

אָבער אין זומער פון דעם יאָהר 121 פ. קר. האָט דער סענאַט אָנגעפאַנגען אָפּשאַפען איינס נאָך דעם אַנדערען די געזעצען, וואָס ער האָט איינגעפיהרט, און האָט אויך אָנגעפאַנגען זיך צו מישען און מאַכען נייע אָרדנונגען אין

דער קאָלאָניע יונאָניא אין קארטהאַגאַ, וועלכע ער האָט געגרינדעט. דאַן איז ער ווידער אַרוים אין די עפענטליכקייט. צוזאַמען מיט פולוויוס פלאַקקוס האָט ער צונויפגערופען דאָס פאָלק אויף דעם קאַפּיטאָל אום צו אַרבייטען געגען די מיוחסים. ביי דער ערעפנונג פון דער פערזאַמלונג האָט זיך אַ ליקטאָר (אַ מין פּאָליציסט) ערלויבט גראָבע בעהאַנדלונג פון די פערזאַמעלטע. דאָס האָט שטאַרק אויפגערעגט די מאַסע, וואָס איז אָהן דעם אויך געווען שטאַרק ערביטערט געגען דער רעגירונג און געגען די רייכע, און האָט פעראורזאַכט אַ שרעקליכע בעוועגונג אין פאָלק. גראַקכוס מיט אַ גרויסער מחנה רעוואָלוציאָנערען זיינען געגאַנגען צום אַווענטינוס, אָן אַלטע פעסטונג פון דער פאָלקס-פּאַרטיי אין דער צייט פון בירגער-קריגען, און אָפּימיוס, וועלכען דער סענאַט האָט בעשטימט אַלס דיקטאַטאָר, האָט צוזאַמענגענומען מיליטערישע טרופּען אין קאַפּיטאָל. אויף דעם צווייטען טאָג האָט דער קאָנסול געפאָדערט פון די דעמאָקראַטען, וועלכע האָבען זיך דערווייל פערשטאַרקט דורך בעוואַפענטע שקלאַפען, זיי זאָלען זיך אונטערגעבען. די דעמאָקראַטען האָבען עס באַלד ענטזאַגט און דער קאָנסול האָט געמאַכט אַן אָנגריף. עס איז געוואָרען אַ בלוטיגער שטרייט, אין וועלכען די דעמאָקראַטען זיינען בעזיגט געוואָרען. פאַביוס פלאַקקוס האָט זיך בעהאַלטען, אָבער מען האָט איהם געפונען און ערמאָרדעט. גראַקכוס איז ענטלאָפען, נאָר די סאָלדאַטען פון קאָנסול האָבען איהם נאָכגעיאָגט, און אַלס ער האָט דערזעהן, דאָס עס איז איהם אונמעגליך זיך צו רעטען, האָט ער געהייסען זיינעם אַ שקלאַף ער זאָל איהם טויטען (121 פ. קר.). זיין קאָפּ האָט מען געבראַכט צום דיקטאַטאָר אָפּימיוס, און דיזער האָט בעצאָהלט מיט דעם געוויכט פון דעם קאָפּ אין גאָלד. צוזאַמען מיט גראַקכוס'ן זיינען געפאַלען נאָהענט פון 250 פון זיינע אָנהענגער, פון וועלכע מען האָט אַ טייל אַרונטערגעוואָרפען פון טאַרפּעאישען פעלז. אייניגע טויזענד פון די דעמאָקראַטען זיינען געפאַנגען געוואָרען און אין געפענגניס אַריינגעוואָרפען געוואָרען, וואו זיי זיינען אַלע צושטאָרבען פון הונגער און פון יסורים. צום אָנדענקען פון דיזען בלוטיגען זיג האָט דער סענאַט געלאָזט אויפבויען אַלס מאָנומענט אַ טעמפּעל צו דער געטין קאָנקאָרדיא (די געטין פון פרידען). דאָס הייסט פון זיך אַליין שפּאַס געמאַכט.

אַזאַ סוף האָבען געהאַט צוויי פון די בעסטע און עדעלסטע מענער אין רוים. זעלבסט זייערע ביטערסטע פיינד האָבען געגען זיי קיין פעהלער ניט געקענט אויסזעצען, אויסער די בעשולדיגונג, דאָס זיי האָבען ניט געמיינט די טובה פון פאָלק, נאָר זייערע אייגענע אינטערעסען, דאָס זיי האָבען געוואָלט

ווערען קעניגען איבער'ן פאָלק. אָבער זייער מוט האָט פעראורזאַכט דאָס ענדע פון דער רוימישער רעפּובליק. דאָס פאָלק האָט ניט פערשטאַנען צו שעצע: דיזע צוויי גרויסע מענער. זייער גרויסע און וויכטיגע ארבייט פיר דאָס פאָלק איז אונטערגעגאַנגען צוזאַמען מיט זייער טויט.

דער אַדעל האָט דיזען זיג אויסגענוצט ווי ווייט מעגליך צו זיינע אינ- טערעסען. די ערסטע זאַך האָט מען זיך גענומען צוריק אָפּרופען דאָס פערהאַסטע אַקער-געזעץ. אין יאָהר 119 פ. קר. האָט מען אָפּגעשאַפט דאָס פערטיילונגס-אַמט, און די יעניגע, וואָס האָבען בעקומען צוגעטיילט לאַנד, האָט מען מיט גרויסע און שווערע אָפּצאָהלונגען בעלעסטיגט. אין יאָהר 111 האָט מען די ערד צוריק צום שטאַאט אומגעקעהרט און דער בעזיצער איז בעטראַכט געוואָרען נאָר אַלס פּאַכטער.

דאָס איז נאָך ניט גענוג געווען פיר די רוימישע אַריסטאָקראַטיע. זיי האָבען אָנגעפאַנגען אָפּצושאַפען די לעצטע הינדערניסען, וואָס זיינען גע- שטאַנען אין וועג פון זייער בערייכערונג. עס האָט עקסיסטירט אַ געזעץ, דאָס די בויערן האָבען קיין רעכט ניט צו פערקויפען די ערד, וואָס זיי בע- ארבייטען. דיזעס געזעץ האָט געשטערט די אַריסטאָקראַטען צו פערכאַפּען דאָס לאַנד אין זייערע הענט, ווי זיי וואָלטען געוואָלט. דעריבער האָבען זיי פיעלע קרעפטען אָנגעווענדט דיזעס געזעץ אָפּצושאַפען. דאָס איז זיי געלונגען און דער רעזולטאַט פון דעם איז געווען, דאָס זיי האָבען אין אַ קורצער צייט אָפּגעקויפט דעם גרעסטען טייל ערד פון די נייע בירגער, אַזוי דאָס די גאַנצע ערד איז אַריינגעפאַלען אין די הענט נאָר פון 2,000 רייכע פאַמיליעס. אַזאַ קאָנצענטרירונג, אַזאַ אָנזאַמלונג פון אייגענטום אין ווענינע הענט איז פיעללייכט די איינציגע אין דער וועלט-געשיכטע.

די מאַסע פון פאָלק איז פעראָרימט געוואָרען און די שלעכטע פאָלגען דערפון האָבען זיך באַלד אָנגעפאַנגען אַרויסצוצייגען. דאָס ערסטע האָט דאָס מיליטער בעקומען אַן אַנדערען כאַראַקטער. דער קריגער איז ניט גע- גאַנגען אין שטרייט מיט דער ענערגיע צו פערטיידיגען זיין לאַנד, ווייל ער האָט קיין אייגען לאַנד מעהר ניט געהאַט. דאָס מיליטער איז געוואָרען אַן איינפאַכער אינסטרומענט אין די הענט פון יעדען, ווער עס האָט געשטרעבט די פרייהייט צו אונטערדריקען. הגם דאָס האָבען אַלע קלאָר געזעהן, האָט קיינער ניט געוואָלט עטוואָס טאָן אָפּצושאַפען דיזען איבעל צוליב זיינע איי- גענע אינטערעסען. דיזע לאַגע צו ענדערן האָבען זיי געמוזט ברייננגען גרויסע אָפּפער, און דאָס האָבען זיי ניט געוואָלט.

דער אדעל איז יעצט בעפרייט געוואָרען פון יעדער געפאהר פון דער דעמאָקראַטיע און די גאַנצע הערשאַפט איז געווען אין זיינע הענט. דאָס האָט זיך דייטליך אַרויסגעוויזען אין דעם קריג מיט יוגורטהא.

2) דער קריג מיט יוגורטהא. (122—106 פ. קר.)

דאָס קעניגרייך נומידיען (אין אפריקא) האָט זיך געפונען צווישען דעם טייך מאַלעשאַטהע ביז צו דער גרויסער סירטע. אין מזרח־זייט האָט עס זיך געגרענעצט מיט צירענע, אין מערב־זייט מיט מאַוריטאַניען און אין דרום־זייט מיט דער וויסטע. מיציפּסאַ, דער זוהן פון מאַסיניססאַ, האָט צוטיילט פאַר זיין טויט דאָס לאַנד צווישען זיינע צוויי זיהן אַדהערבאַל און היעמפּסאַל און זיין פּלימעניק יוגורטהאַ, וועלכען ער האָט צוגענומען פיר אַ זוהן. דיזער איז געווען אַ זעהר טאַלענטפולער יונגער מאַן, ער איז אָבער געווען זעהר האַבזיכטיג און פאַלש. ביי דער צוטיילונג פון דעם קעניגרייך האָט זיך שוין אָנגעפאַנגען אַ קריג צווישען די יורשים. יוגורטהאַ האָט געדונגען מערדער, וועלכע האָבען ערמאָרדעט היעמפּסאַל׳ן, נאָך דעם האָט ער פערטריבען אַדהערבאַל׳ן און האָט יענעם טייל לאַנד פעראייניגט מיט זיין טייל. אַדהערבאַל איז געקומען נאָך רוים, אום דאָרט צו געפינען גערעכטיגקייט געגען זיין קוזין יוגורטהאַ, ווייל מאַסיניססאַ האָט איבערגעגעבען זיין מדינה אונטער דעם שוץ פון רוימישען סענאַט. דער סענאַט האָט געאָרדענט אַ נייע צוטיילונג פון מאַסיניססאַ׳ס קעניגרייך. צו דיזען צוועק האָט דער סענאַט געשיקט אַ קאָמיסיאָן, וועלכע האָט בעדאַרפט די זאַך דורכפיהרען. אָן דער שפּיץ פון דיזער קאָמיסיאָן איז געשטאַנען אָפּימיוס, דער געגנער פון גראַקכוס׳ן. יוגורטהאַ האָט גוט פערשטאַנען מיט וועמען ער האָט צו טאָן, אַז בעשטעכונג (שוחד) וועט די זאַך גוט מאַכען, ווי ער ווינשט. און ער האָט ווירקליך ביי דער צוטיילונג בעקומען די בעסערע העלפט. ער איז אָבער דערמיט ניט צופרידען געווען. ער האָט געוואָלט דאָס גאַנצע לאַנד האָבען. ער האָט מיט גוואַלד געזוכט אָפּצונעהמען ביי אַדהערבאַל׳ן זיין טייל. עס איז פון רוים אָנגעקומען צו איהם אַ פערזאָג, ער זאָל זיך ניט ערלויבען דאָס צו טאָן, אָבער ער האָט אויף קיין זאַך ניט געאַכטעט און האָט פאָרטגעזעצט זיין פּלאַן. ער האָט בעלאַגערט אַדהערבאַל׳ן אין זיין הויפּטשטאָדט צירטאַ און האָט איהם געצוואונגען זיך אונטערצוגעבען, הגם געזאַנדטע זיינען געקומען פון רוים צו שיצען די שטאָדט (112 פ. קר.). ער האָט ערמאָרדעט אַדהערבאַל׳ן, אויסגעה׳רג׳עט אַלע איינוואוינער פון דער הויפּטשטאָדט צירטאַ, אפילו די רוימישע בירגער, וואָס

האָבען זיך געפונען אין שטאָדט, האָט ער ניט געלאָזען זיך רעטען און האָט אַלעמען ערמאָרדעט.

אויף די פאָדערונג פון אַ פאָלקס־טריבון האָט רוים ערקלערט קריג גע־גען יוגורטהאַ׳ן. דער אָנפיהרער פון דער רוימישער אַרמעע אין דיזען קריג איז געווען דער קאָנסול לוציוס קאַלפורניוס בעסטיאַ, וועלכער האָט אין ערסטען יאָהר געפיהרט דעם קריג מיט גרויס ערפאָלג. יוגורטהאַ אָבער האָט פערשטאַנען צו געברויכען זיין געוועהנליכען מיטעל און האָט זיך גענומען שיטען גאָלד מיט פולע הענט. מען האָט געשווינט געשלאָסען שלום און יו־גורטהאַ האָט זיך כלומר׳סט אונטערגעגעבען. ער האָט באַלד בעקומען זיין רייך צוריק, נאָר ער האָט געהאַט צו צאָהלען צו די רוימער אַ געוויסע סומע געלט, וועלכע איז פיר יוגורטהאַ׳ן געווען ניט צו שווער. דאָס רוימישע פאָלק איז אָבער געווען זעהר ערביטערט געגען דיזען פרידען. לויט דער פאָדערונג פון פאָלקס־טריבון מעממיוס האָט יוגורטהאַ געמוזט ערשיינען אין רוים אָפּגעבען דין וחשבון אויף אַלע זיינע מעשים. יוגורטהאַ איז געקומען אין רוים, אָבער דאָ האָט איהם די בעשטעכונג געהאָלפען און דער סענאַט האָט איהם צורוה געלאָזען. יוגורטהאַ איז נאָכדעם נאָך פיעל פרעכער געוואָרען, אַזוי דאָס ער האָט ניט מורא געהאַט צו ערמאָרדען אין מיטען גאַס אין רוים זיין קוזין מאַססיוואַ, וועלכער האָט אויך געהאַט פרעטענזיעס אויף׳ן נומידישען טראָן. דאָס פאָלק איז געוואָרען שרעקליך אויפגעבראַכט אויף יוגורטהאַ׳ן פיר די־זע פרעכע מאָרדטאַט און יוגורטהאַ האָט געמוזט ענטלויפען אום זיין לעבען צו רעטען. אוועקפאָהרענדיג פון רוים האָט ער געזאָגט: „די פערקויפטע נשמות (די פיהרער) וועלען נאָך אַ מאָל די שטאָדט פערקויפען, ווען זיי וועלען נאָר קריגען דעם ריכטיגען קונה!”

עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ נייער קריג מיט יוגורטהאַ׳ן. די וואַפען זיינען, ווי געוועהנליך, געווען בעשטעכונג (כאַבאַר). דער קאָנסול ספו־ריוס פאָסטומיוס אַלבינוס האָט געפיהרט דעם קריג זעהר שוואַך, אָהן שום ענערגיע און דיסציפּלין. דעם קאָנסול׳ס ברודער אַוליס האָט געליטען אַ שרעקליכע נידערלאַגע אין דער שלאַכט מיט יוגורטהאַ׳ן אין יאָהר 109 פ. קר. יעצט האָט דאָס פאָלק די אויגען געעפענט און האָט דערזעהן וואָס דאָ טוט זיך. מען האָט אַרויסגעטריבען פון לאַנד פיר בעשטעכונג פאָל־גענדע לייט: קאַלפורניוס בעסטיאַ, ספוריוס אַלבינוס און לוציוס אָפּימיוס. דאַן האָט מען געשיקט נאָך אַפריקאַ דעם אַריסטאָקראַט קווינטוס צאָציליוס מעטעללוס, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין ריינעם געוויסען און עהרליכען כאַראַקטער. ער האָט באַלד בעזיגט

יוגורטהא'ן ביים טייך מוטהול, און האָט איהם געצוואונגען צו זוכען הילף געגען די רוימער ביי זיין שוויגער־פאָטער דעם קעניג באָקכוס פון מאוריטאניען. דיזער האָט זיך אָנגענומען פיר זיין שוויגער־זוהן יוגורטהא, און אין יאָהר 107 האָבען זיךביידע קעניגען געגומען צו שטורמען די שטאָדט צירטא. דאָרט האָט זיי בעגעגענט מעטעללוס. אָבער איידער די שלאַכט האָט זיך אָנגעפאַנגען, האָט מעטעללוס ערפאהרען, דאָס די שטעלע פון הויפט־קאָמאַנדיר איבער דער ארמעע איז איבערגעגעבען געוואָרען פון סענאט צו זיין געגנער גאיוס מאריוס.

דיזע ענדערונג איז געווען א גרויסער זיג פון דער פאָלקס־פארטיי געגען די אריסטאָקראטען. מאריוס האָט געשטאמט פון זעהר א נידריגער פאמיליע. ער איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 56 פ. קר. אין דאָרף צערעאטא, ביי ארפינום. דיזער דאָרף טראָגט נאָך עד היום זיין נאָמען: קאסא־מארע, ד. ה. מאריוס'עס היים. זיין פאָטער איז געווען אן אָרימער טאָג־לעהנער. ער האָט זיך אויפגעהאָדעוועט ביים אקער, ביי דער סאָכע. אין זיין פריהער יוגענד איז ער אריינגעטראָטען אין מיליטער־דינסט. אין יאָהר 134 פ. קר. האָט ער זיך אויסגעצייכענט אין דעם נומאַנטינישען קריג אונטער סציפיאָ אפריקאנוס. אין יאָהר 119 פ. קר. איז ער ערוועהלט גע־וואָרען צום פאָלקס־טריבון. אין יאָהר 115 פ. קר. איז ער ערוועהלט געוואָ־רען אלס פּראָטאָר אין שפּאַניען. וואָס זיין פּערזאָן אָנבעטרעפט, איז ער געווען אונגעבילדעט אין קונסט און וויסענשאפטען, אָבער דערפאר האָט ער אויסגעצייכענט פערשטאנען די קריגס־קונסט. א שטאאטסמאן איז ער געווען א שלעכטער, דאָס האָט ער בעוויזען מיט זיין שפּעטערער טעטיגקייט.

אין יאָהר 107 פ. קר. האָט מאריוס אלע זיינע קרעפטען אָנגעווענדעט מען זאָל איהם ערוועהלען אלס קאָנסול. ביז יעצט איז נאָך ניט פאָרגעקומען אין דער געשיכטע פון רוים, דאָס א מאן פון נידריגען שטאנד, ווי מאריוס איז געווען, זאָל ערוועהלט ווערען אלס קאָנסול. ער איז דאמאָלס געווען אין שפּאַ־ניען אונטער מעטעללוס'ן. דיזער האָט איהם מיט שפּאָט געגעבען זיין ערלויב־ניס צו געהן נאָך רוים אום צו לויפען פיר דאָס אמט פון קאָנסול. אין רוים האָט ער געוואונען די צונייגונג פון פאָלק און האָט אָפּגעשוואַכט דעם איינ־פלוס פון מעטעללוס'ן דערמיט, וואָס ער האָט איהם בעשולדיגט, דאָס ער פער־לענגערט און פערשלעפּט דעם קריג אין שפּאַניען מיט אבזיכט. ער האָט געוואונען דעם צוטרויען פון פאָלק אויך דערמיט, וואָס ער האָט פערשפּראָכען צו ברייננען יוגורטהא'ן אין רוים א לעבעדיגען אָדער א טויטען, און האָט דערביי געשימפּט אויף די אריסטאָקראטען מיט זייער סיסטעם פון כאבאר.

דאס פאלק האט איהם ערוועהלט צום קאנסול־אמט און האט איהם איבער־
גענעבען די אויבער־קאמאנדע איבער דער ארמעע אין דעם קריג מיט יו־
גורטהא'ן אין אפריקא אנשטאט מעטעללוס'ן. מאריוס האט נאך מיט איין
זאך געוואונען די ליבע פון פאלק. ער האט אין דער נעכסטער וואהל פון
קריגס־לייט אנגענומען אלס סאלדאטען אויך די ארימסטע בירגער, וועל־
כע זיינען פריהער ניט צוגעלאזען געווארען צום מיליטער־דינסט. דיזעס
איז געוועזען א זעהר וויכטיגער שריט, וועלכער האט איהם פערשאפט די
מעגליכקייט צו פיהרען דעם קריג מיט מעהר ערפאלג. ער האט איינגענומען
קאפסא און א בערג־פעסטונג, אין וועלכער יוגורטהא האט געהאלטען זיי־
נע אוצרות. אין יאהר 107 פ׳ קר׳ זיינען יוגורטהא און זיין שוועהר באקכוס
איהם בעפאלען, אבער מאריוס האט זיי צוריקגעשטויסען. ענדליך האט



קאיוס מאריוס.

ער בעשלאסען צו געברויכען געגען יוגורטהא'ן די זעלבע וואפען, וועלכע ער
האט געברויכט געגען רוים, נעמליך בעשטעכונג. ער האט געשיקט דעם
קוועסטאר לוציוס קארנעליוס סוללא צו באקכוס'ן, יוגורטהא'ס שוועהר, מיט
א גרויסער סומע געלט און דערצו האט ער איהם פערשפראכען די פריינד־
שאפט פון רוים, ווען ער וועט ערמארדען זיין איידים יוגורטהא'ן, אדער לעבע־
דיגערהייד איבערגעבען איהם צו איהם, מאריוס'ן, אין די הענט. באקכוס האט
אנגענומען דעם פארשלאג פון מאריוס'ן, האט פערנארט יוגורטהא'ן אין אן
ארט, וואו ער האט איהם געפאנגען און אין קייטען געשמידט צוזאמען מיט
זיינע קינדער, און האט זיי געבראכט אין רוימישען לאגער. דערמיט האט
זיך דער קריג מיט יוגורטהא'ן געענדיגט אין יאהר 106 פ. קר. צוויי יאהר
שפעטער האט יוגורטהא מיט זיינע צוויי זיהן געדינט אלס צירונג צו דעם

טריאומף, וואָס מען האָט געמאַכט מאַריוס'ן, ווען ער איז געקומען צוריק פון דעם קריג מיט יוגורטהאַ'ן נאָך רוים. יוגורטהאַ איז אריינגעוואָרפען גע-וואָרען אין די אונטער־ערדישע געפענגנים פון רוים, וואו ער איז פון הונגער געשטאָרבען אין יאָהר 104 פ. קר. דער מערב־טייל פון יוגורטהאַ'ס רייך איז צוגעגעבען געוואָרען צו מאַוריטאַניען און דער רעסט צו יוגורטהאַ'ס שטיף-ברודער גאַודאַ.

### 3) דער צימברישער קריג. (113—101 פ. קר.)

אין דער זעלבער צייט, ווען דער יוגורטהישער קריג האָט מיט העלפע פאַרבען בעלויכטען די פערדאָרבענהייט פון דער רוימישער רעגירונג, האָט זיך אין צפון אָנגעהויבען צו ווייזען אַ געפאַהר, וועלכע איז אָנפאַנגס געווען אונבעדייטענד, אָבער איז באַלד געוואָרען אַ ריזיגע געפאַהר. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שטרייט אויף לעבען און טויט צווישען די רוימער און די גער-מאַנישע פעלקער, אַ שטרייט, וועלכער האָט זיך געמוזט ענדיגען מיט דעם אונטערגאַנג פון איינעם פון די שטרייטענדע. דער קאַמף האָט געדויערט פיעלע הונדערט יאָהר. אָנפאַנגס האָט נאָך די רוימישע רעפובליק געהאַט גענוג קרעפטען די באַרבאַרען צוריקצושלאָגען. אָבער דאָס איז נאָר גע-ווען אַ פאָרשפיל צו אַ גוואַלדיגען פעלקער־דראַמאַ, וועלכעס האָט זיך גע-ענדיגט מיט דעם פאַל פון דער רוימישער אימפעריע.

דער צפון־טייל פון אייראָפּאַ און דער מיטעלער טייל זיינען דאַמאָלס געווען בעזעצט פון צוויי גרויסע פעלקער, די קעלטען און די גערמאַנען. די קעלטען האָבען בעזעסען די לענדער פון דרום־דייטשלאַנד, וואָס גרענעצט זיך מיט גאַלליען און מיט דעם אַטלאַנטישען מעער. די בעוואוינער פון מי-טעלען און צפון'דיגען דייטשלאַנד זיינען געווען די גערמאַנען. איין פאָלק פון די גערמאַנען, נעמליך די צימברען, וועלכע זיינען געזעסען ביים נאָרד-זעע און אָסט־זעע (באַלטישען מעער), האָבען שוין אין די זעהר פריהע צייטען פערלאָזען זייער וואוינאָרט און געוואַנדערט אין די דונאַי־געגענדען, וואו די קעלטען זיינען דאַמאָלס געזעסען. מיר ווייסען יעצט ניט, וואָס איז געווען די אורזאַך, וואָס האָט זיי געצוואונגען פערלאָזען זייערע ערטער און זוכען אַנדערע לענדער — אַ שטאַרקע איבערשוועמונג פון די ימים, אָדער מאַנגעל אין שפייז. וואַנדערנדיג צווישען די קעלטען האָבען זיך פיעלע קליינע קעלטישע שטאַמען אָן זיי אָנגעשלאָסען, ווי עס בעווייזען די נעמען פון פיעלע פון זייערע אָנפיהרער, וועלכע זיינען פון קעלטישער אָפּשטאַמונג. זייערע וואָפען זיינען בעשטאַנען פון אַ וואַרף־שפיז, אַ שווערד, אַ שמאָלען

שילד און א העלם פון קופער. די פרויען מיט זייערע קינדער פלעגען נאָכ־פאָהרען נאָך זיי, ווען זיי זיינען אין שטרייט געגאנגען.

די רוימער האָבען גערריקט די קעלטען אין צוויי ריכטונגען. עס זיינען געזעסען קעלטען אין די לענדער צווישען איטאליען און שפאניען. פון דיזע לענדער האָבען די רוימער זיי געוואָלט ארויסשטויסען אום עס זאָל קיין אנדער פאָלק ניט אָפטיילען שפאניען פון איטאליען. פון דער אנדערער זייט איטאליען צו מזרח זיינען אויך געזעסען קעלטען, וועלכע האָבען געשטערט די פעראייניגונג פון איטאליען מיט מאצעדאָניען. אָבער דאָ האָבען די רוימער בעגעגענט א שטארקען פיינד, די צימברען.

די צימברען בעגעגנען מיר צום ערסטען מאָל אין דער רוימישער געשיכטע אין יאָהר 113 פ. קר., ווען זיי זיינען בעפאלען דעם רוימישען קאָנסול ק נ ע י ו ס פ א פ י ר י ו ס ק א ר ב א אין די אלפען־בערג און האָבען איהם בעזיגט. אָבער ניט אכטענדיג אויף זייער זיג, האָבען זיי ניט געוואגט צו געהן אין איטאליען צו די רוימער, נאָר זיינען אוועק צו די גאליער. דאָרט האָבען זיי געבושעוועט פיער יאָהר און האָבען געדראָהעט צו בעפאלען די רוימישע פראָווינץ. די רוימישע טרופען, וואָס האָבען זיי געוואָלט ארויסשטופען פון יענער געגענד, זיינען אלע מאָל בעזיגט געוואָרען פון זיי. א זעהר בלוטיגע שלאכט איז פאָרגעקומען צווישען די רוימער און די צימברען אין יאָהר 105 פ. קר. דאן האָט דער קאָנסול גאיוס מאלליוס מאקסימוס געליטען פון זיי א שרעקליכע נידערלאגע. איבער 100,000 רוימער זיינען געפאלען אין יענער שלאכט. איטאליען האָט דאמאָלס אָנגעפאנגען צו ציטערן פאר אן אָנפאל פון די בארבארען פון צפון. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען מאריוס האָט בעזיגט יוגורטהא'ן. דאָס רוימישע פאָלק האָט דאמאָלס ערוועהלט מאריוס'ן צום קאָנסול־אמט אויך פיר דאָס יאָהר 104 פ. קר. און האָט איהם אויך איבערגעגעבען די הויפט־קאָמאנדע איבער דער ארמעע מיט דער האָפנונג, דאָס עס וועט איהם געלינגען די צימברען צו בעזיגען, ווי עס איז איהם געלונגען צו מאכען אן ענד צו דעם קריג מיט יוגורטהא'ן. די רוימער האָבען שוין פערלאָרען זייער צוטרויען צו די קאָמאנדירען פון דער אריסטאָקראטיע. דער האס צו די רוימישע אדעללייט איז געוואָרען אזוי שטארק, דאָס זיי להכעיס האָבען זיי ערוועהלט מאריוס'ן אלס קאָנסול פינף מאָל נאָכאנאנד, הגם דאָס איז געווען געגען דעם געזעץ. דאָס איז געווען די אנטוואָרט פון דער דעמאָקראטיע אויף די האנדלונג פון דעם אדעל אין דער צייט פון דעם קריג מיט יוגורטהא'ן און אויף די בעשטעכונגען, וואָס זיי האָבען גענומען פון פיינד און פערקויפט די אינטערעסען פון פאָטערלאנד.

אַלס מאַריוס איז אָנגעקומען אין גאַלליען האָט ער געפונען, דאָס די צימברען האָבען שוין גאַלליען פערלאָזען און זיינען אוועק נאָך שפּאַניען. דאָרט האָבען זיי צוויי יאָהר נאָכאַנאַנד געקעמפּט מיט די איינוואוינער. ענד־ליך האָבען זיי זיך פעראייניגט מיט זייערע שטאַם־פערוואַנדטע, מיט די טײ־טאָנען, אום צוזאַמען איטאַליען צו בעפאַלען. צו דיזען צוועק האָבען זיי זיך צוטיילט אין צוויי גרופּעס, פון וועלכע איינע, נעמליך די צימברען, זיינען אריבער דעם רהיין אום דורך די דורכגענג אין די מזרח־אַלפּען אין איטאַליען אריינצודרינגען, און די אַנדערע גרופּע, די טײטאָנען, זאָלען דורך די דורכ־גענג אין מערב־אַלפּען בעפאַלען איטאַליען. אין פערלויף פון דיזער צייט האָט מאַריוס געשטרעבט צו איין ציל — איינפיהרען אין דער רוימישער אַר־מעע די נעטיגע דיסציפּלין און געוועהנען זי צום אָנבליק פון די באַרבאַרען. דערצו האָט ער געמאַכט אַ קליינע רעפאָרמע אין דער אַרמעע, וועלכע איז זעהר וויכטיג געוועזען. אָנשטאָט דעם, וואָס פריהער זיינען די לעגיאָנען גע־ווען איינגעטיילט אין 30 שוואַכע מאַניפּעלן (ראָטעס פון 60), האָט ער זיי איינגעטיילט אין 10 שטאַרקע קאָהאָרטען (אָפּטיילונגען פון 300—600 מאַן); דערמיט האָט ער זיי פערשאַפט גרעסערע און שטאַרקערע ווידערשטאַנדס־קראַפט אין דער צייט, ווען די טײטאָנען אָדער די צימברען וועלען אויף זיי אָנפאַלען. דאַן האָט ער זיין לאַגער בעגרינדעט ביי דער מינדונג פון דעם טייך איזערע, וויל דאָרט האָבען זיך אָנגעפאַנגען די וועגען, וואָס האָבען געפיהרט נאָך איטאַליען.

אַלס די באַרבאַרען האָבען אין יאָהר 102 פ. קר. געוואָלט דורכגעהן די אַלפּען און בעפאַלען איטאַליען, האָט זיי מאַריוס דעם וועג פערשטעלט. די באַרבאַרען האָבען אָנגענומען אַן אַנדער מאַרשרוט דורך דעם טייך רהאָנע. מאַריוס האָט זיי פערפאָלגט ביז נאָך אַקוואַ סעקסטיאַ. דאָרט האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שרעקליכע שלאַכט צווישען די ביידע אַרמעען — דער רוימישער און דער גערמאַנישער. דער רעזולטאַט פון דער שלאַכט איז געווען, דאָס די גערמאַנען זיינען כמעט אין גאַנצען פערניכטעט געוואָרען. צוויי טעג האָט געדויערט די שרעקליכע שלאַכט. מעהר אַלס 90,000 מאַן זיי־נען געפאַנגען געוואָרען דורך די רוימער זעלבסט, אויך דער טײטאָנישער קאָ־מאַנדיר טײטאָבאָך איז אַריינגעפאַלען אַ געפאַנגענער צו די רוימער אין די הענט. מען קען זיך שוין פאָרשטעלען, ווי גרויס עס איז געווען די צאָהל פון הרוגים אין דיזער שלאַכט, ווען אַזוי פיעלע זיינען געפאַנגען געוואָרען. באַלד נאָך דעם זיג איז מאַריוס אוועק אין איטאַליען, וואו די צימברען האָבען דעם אַנדערען קאָנסול ביז איבער דעם טייך פּאָ אָפּגעטריבען צוריק. ער האָט זיך

פעראייניגט מיט זיין קאָללעגע דעם צווייטען קאָנסול און האָט געהאַט אין יאָהר 101 פ. קר. אַן אונגעווהנליך גלענצענדען זיג. אַ האַלבע מיליאָן מענשען זיינען דאַמאָלס דורך די רוימער ענטוועדער אומגעקומען אָדער געפאַנגען געוואָרען.

4) די סאָציאַלע פראַגע, די רעפאָרמע פון דרוזוס'ן.

די אויסערע געפאַהר, פאַר וועלכע רוים האָט זיך אַזוי שטארק געשראָקען, איז אַריבער, אָבער דערפאַר האָבען זיך אָנגעפאַנגען אין רוים נייע אי-



בעפאַל פון די צימבערען אויף רוים.

נערע אונרוהען, וועלכע האָבען רוים געדראָהעט מיט אַ פיעל גרעסערער געפאַהר. ווי נאָר עס זיינען שטיל געוואָרען די מלחמות מיט אַנדערע פעלקער, איז ווידער אַרויפגעשוואומען די אַלטע סאָציאַלע פראַגע, וועלכע די גראַק-

כען האָבען שוין לאַנג ערוועקט, און דאָס פּאָלק האָט געפאָדערט איהר לעזונג. יעצט איז ווירקליך געקומען די צייט דיזע וויכטיגע פראַגע צו לעזען. דער סענאַט איז געווען בעוואוסט אַלס אַ באַנדע כאַבאַרניקעס. דיזעם האָט צוגעגעבען מוט און קראַפט צו דער פּאָלקס־פּאַרטיי אָפען אַרויסצוטרעטען געגען זיי. דאָס פּאָלק האָט אָפּגענומען פון דעם סענאַט פיעלע רעכטען און האָט אייניגע פון זיינע מיטגלידער אָנגעגריפען. אָבער די פּאָלקס־פּאַרטיי איז אויך ניט בעסער געווען פון די אַדעללייט. אויך די פיהרער פון דיזער פּאַרטיי זיינען געווען עהרגייציגע און פערקויפטע נשמות. וואָס פיר אַ נוצען איז געווען פיר דעם שטאַאַט, וואָס דער בעסטער מאַן פון יענער צייט, מאַריוס, איז געווען אויף דער זייט פון פּאָלק, ווען דאָס פּאָלק האָט ניט געוואוסט ווי צו בענוצען די קראַפט, וואָס ער האָט איהם פערשאַפט. דאָס פּאָלק איז נאָר געווען אַן אינסטרומענט אין די הענט פון די רעדעל־פיהרער, וועלכע זיינען געווען אַזוי פערדאָרבען ווי די אַדעללייט זעלבסט.

אום ערוועהלט צו ווערען צום קאָנסול־אַמט צום זעקסטען מאָל האָט זיך מאַריוס פערבונדען מיט די צוויי פּאָלקס־מענער פון יענער צייט, מיט גאַיוס סערוויליוס גלאַוציאַ און לוציוס אַפּפּולעיוס סאַטורנינוס. פון דיזע צוויי פּאָלקס־מענער האָט דער ערסטער געוואָלט ערוועהלט ווערען אַלס פּראָטאָר און דער צווייטער האָט געוואָלט נאָך אַ מאָל ערוועהלט ווערען אַלס פּאָלקס־טריבון. אום זיין ציל צו דערגרייכען האָט סאַטורנינוס אין יאָהר 103 פ. קר. דורכגעפיהרט צוויי געזעצען. דאָס ערסטע איז געווען אַ געזעץ פיר אַלטע סאָלדאַטען, דאָס יעדער פון זיי זאָל בעקומען 100 מאָרגעס לאַנד אין אַפריקאַ פון דער ערד, וואָס געהערט צו דער רוימישער רעגירונג. דאָס צווייטע געזעץ איז געווען לטובת דער אָרימער קלאַס אין אַלגעמיין, נעמליך, דאָס דער פרייז פון געטריידע פיר אָרימע זאָל אַראָפּגעזעצט ווערען פון זעקס מיט אַ דריטעל אַס אויף פינף־זעקסטעל אַס. ער האָט אויך געפאָדערט מען זאָל געבען ערד צו מאַריוס'עס סאָלדאַטען, וועלכע ווי מיר האָבען פריהער געזעהן, זיינען בעשטאַנען מעהרסטענס פון די פּלעבעיער, אין אַלע פּראָווינצען, וואָס האָבען געהערט צו די רוימער אין פערשיידענע לענדער. מאַריוס זעלבסט האָט פיעל געהאָלפען דיזעם געזעץ דורכצופיהרען. סאַטורנינוס האָט געפאָדערט פון סענאַט דיזע געזעצען אין פערלויף פון 5 טעג צו בעשטעטיגען. ער האָט ניט געפאָדערט די צושטימונג פון סענאַט צו דיזע געזעצען, ווייל ווי עס איז שוין לאַנג בעשלאָסען געוואָרען, האָט דאָס פּאָלק געהאַט דאָס רעכט דורכצופיהרען געזעצען אָהן דער צושטימונג פון סענאַט.

די געזעצען זיינען דורכגעגאַנגען אין אַ זעהר שטירמישער זיצונג, ווייל זיי האָבען געהאַט זעהר פיעלע געגנער. דאַן האָט מען געפאָדערט פון יעדען סענאַטאָר, דאָס ער זאָל אַ שבועה געבען דיזע געזעצען געוויסענהאַפט צו ערפילען און קיין זאַך ניט טאָן, וואָס זאָל שאַדען דיזען בעשלוס פון פאָלק. אַלע סענאַטאָרען האָבען געשוואָרען, אויסער איינער — דאָס איז געווען דער פאָלקס-פיינד מעטעללוס. ער איז דערפאַר ארויסגעטריבען געוואָרען פון איטאַליען.

דורך דיזע געזעצען, וואָס סאַטורנינוס און גלאַוציאַ האָבען דורכגעפיהרט פיר די טובה פון פאָלק, האָבען זיי געהאָפט, אַז דאָס פאָלק וועט זיי העלפען דערגרייכען זייער וואונש צו בעקומען די עמטער, צו וועלכע זיי האָבען גע-שטרעבט. זיי האָבען זיך אויך פערשאַפט פיעלע בעוואַפענטע מענער פון ביר-גער און פון פרייגעלאַזענע פיר דעם פאַל, ווען עס וועט נעטיג זיין צו געברוי-כען מאַכט. גלאַוציאַ איז אָבער ביי דער וואהל דורכגעפאַלען. אום זיך צו העל-פען האָבען זיי בעשלאָסען איינעם פון די ערוועהלטע, נעמליך, גאַיוס מעמ-מיוס, צו ערמאָרדען. דאַן האָבען זיי ביידע בעשלאָסען צו פערכאַפען דעם קאַ-פיטאָל. דיזער שריט האָט אָבער צושטערט אַלע זייערע פּלענער. דער סענאַט האָט צוריק בעקומען זיין פריהערדיגע ווירדע און זיינע פריהערדיגע רעכטען אום צוזאַמען מיט'ן קאָנסול צו זיין אין שטאַנד דעם שטאַאט צו רעטען פון אונטערגאַנג. מאַריוס איז געווען געצוואונגען אין גאַנצען זיך ענטזאַגען פון זיין פּאַרטיי און אַלע פריהערדיגע פערבינדונגען מיט איהר צורייסען. אויף דעם פאָרום איז פאָרגעקומען אַן עפענטליכע שלאַכט. סאַטורנינוס און גלאַוציאַ האָבען זיך געמוזט צוריקציהען אין קאַפּיטאָל. דאָרט זיינען זיי בעלאַגערט געוואָרען און אין אַ קורצער צייט זיינען זיי דורך הונגער געצוואונ-גען געווען זיך אונטערצוגעבען. גלאַוציאַ איז באַלד ערמאָרדעט געוואָרען און סאַטורנינוס'ן האָט מאַריוס אין געפענגניס אריינגעוואָרפען מיט דעם צוועק צו געבען איהם די מעגליכקייט צו ענטלויפען. די אַדעלליט האָבען פער-שטאַנען מאַריוס'עס אבזיכט, און דעריבער האָבען זיי געשטורמט דאָס גע-פענגניס, האָבען אראָפּגעריסען דעם דאַך און האָבען סאַטורנינוס'ן פערשטיי-ניגט צום טויט פיר דעם אויפשטאַנד, וואָס ער האָט אָנגעמאַכט.

די אַריסטאָקראַטיע האָט זיך מיט דיזען צופאַל בענוצט פיר איהרע אינטערעסען. די פרייד פון איין סענאַטאָר איז אַזוי גרויס געווען, דאָס ער האָט דעם קאָפּ פון דעם ערמאָרדעטען געהייסען פאַר איהם טראָגען און שטע-לען אויף'ן טיש ביי יעדער פערזאַמלונג אין אַ פייערטאָג. די פערפאָלגונגען געגען זייערע פיינד זיינען געווען צו גרויזאַם. איין טריבון האָבען זיי פון

לאנד ארויסגעשיקט, ווייל ער האָט ביי זיך אין הויז אויפגעשטעלט א סטאַ-טוע פון סאַטורנינוס׳ן. איין פּראָטאָר האָבען זיי אויך פון לאנד פערטריבען, ווייל ער האָט זיך ערלויבט צו פערטיידיגען מיט א פּאָאָר גוטע ווערטער דעם פערהאַסטען סאַטורנינוס׳ן. זיי האָבען צוריקגערופען פון זיין פערבאַנונג מע-טעללוס׳ן, וועלכער איז געוועזען דער ביטערסטער פיינד פון מאַריוס׳ן. דיזער האָט פערלאָרען זיין גאַנצען איינפלוס און ווערט ביים פאָלק. ער איז גע-וואָרען אזוי פערהאַסט און פערלאָזען פון אַלעמען, דאָס ער איז געוועזען גע-צוואונגען צו פערלאָזען רוים און זיך בעזעצען אין דער פּראָווינץ אזיען.

באַלד נאָך דעם האָט דער סענאַט אָפּגעשאַפט די געזעצען, וואָס סאַטור-נינוס האָט דורכגעפיהרט. דער סענאַט האָט דאַן געשאַפען א געזעץ, לויט וועלכען יעדער נייער פאָרשלאַג וועגען א געזעץ מוז פריהער מיט 17 טעג בעקאַנט געמאַכט ווערען איידער מען נעהמט איהם צום אָפּשטימען. ווייטער האָט מען פון יעצט אָן ניט געטאָרט פאָרברייננגען פאַר דער פאָלקס־פערזאַמ-לונג מעהרערע געזעץ־פּראָיעקטען צו גלייכער צייט.

עס האָבען אמת צווישען די אַדעללייט זיך דאַמאָלס געפונען מענשען, וואָס האָבען פערשטאַנען די נויטווענדיגקייט פון רעפאָרמעס אין שטאַאַט און זיינען געווען פּאַטריאָטיש גענוג די נעטיגע אָפּפער צו ברייננגען. אָן דער שפּיץ פון אַזעלכע עהרליכע מענער איז געשטאַנען מ א ר ק ו ס ל י - וו י ו ס ד ר ו ז ו ס , א מאַן מיט א גרויסען געפיהל פיר יושר און מיט עדעלע געזינונגען. ער האָט געשטרעבט אַלע פּאַרטייען צופרידען צו שטעלען, און דאָס איז געוועזען דער הויפּט־פעהלער אין זיין שטרעבען. ער האָט זיך דורך דעם קיין פריינד ניט געקענט מאַכען, און זיינע עהרליכע בעמיהונגען האָבען קיין ערפאָלג ניט געהאַט, ווי דאָס איז געוועהנליך דער פאַל ביי פּאָליטישע פערמיטלונגען און אויסגלייכונגען. ער האָט דעם סענאַט זיין פריהערדיגע ווירדע צוריקגעקעהרט מיט דעם, וואָס ער האָט די סענאַטאָרען צוריקגעגעבען דאָס רעכט צו משפּט׳ן דאָס פאָלק, און אום דאָס געריכטס־וועזען זאָל ניט ליי-דען, דאָס יעדער פּראָצעס זאָל פערהאַנדעלט ווערען צו דער רעכטער צייט און ניט פערלענגערט ווערען, האָט ער צוגעגעבען נאָך 300 סענאַטאָרען פון דעם ריטער־שטאַנד. אין דער זעלבער צייט האָט ער פאָרגעשלאָגען א געזעץ, דאָס מען זאָל פערמעהרען די אויסטיילונג פון געטריידע צווישען די אָרימע און מען זאָל אויך פערנאַנדערטיילען די רעגירונגס־ערד, וואָס איז נאָך ניט פער-טיילט געוואָרען און וואָס געפינט זיך נאָך אין גרויסע שטרעקעס אין סיציליען און אין איטאַליען.

מיט דיזע פּראָיעקטען אָבער האָט דרוזוס קיין פּארטיי ניט געקענט צו־פרידען שטעלען און אַלע זיינען ארויס געגען איהם אין קאַמף. דאָך האָט ער אַלע קרעפטען אָנגעווענדט דיזע געזעצען דורכצופיהרען, ער האָט אָבער גע־מוזט אין דעם טאָג פון אָפּשטימונג וועגען זיינע געזעצען איין קאָנסול אין געפענגניס האַלטען, ער זאָל איהם ניט שטערען. אָבער אפילו נאָך דעם, ווי די געזעצען זיינען אָפּגעשטימט געוואָרען, זיינען דער צווייטער קאָנסול און דער סענאַט ארויס געגען זיי און האָבען אָנגעווענדט אַלע קרעפטען זיי אָפּ־צושאַפען. דרוזוס האָט געפּרובט צוציהען אויף זיין זייט די איטאַלישע בונד־חברים אום זיי זאָלען איהם שטיצען אין דורכפיהרען זיינע פּראָיעקטען. ער האָט צו דיזען צוועק אָנגעהויבען צו פאָדערן פיר די איטאַלישע בונד־חברים גלייכע בירגער־רעכטען מיט די רוימער. אָבער דיזעס האָט זעהר פיעל געשאַדט צו זיין פּאָפּולאַריטעט, ווייל אַפילו די אָרימסטע רוימישע בירגער האָבען זיך געפיהלט פיעל העכער פון אַלע אַנדערע רוימישע בונד־חברים, און האָבען עס געהאַלטען פיר אַ שרעקליכע ערנידריגונג פיר זיך גלייך געשטעלט צו ווערען מיט אַנדערע פעלקער. דער רעזולטאַט פון דיזען פאָרשלאַג פון דרוזוס'ן איז געווען, דאָס מען האָט איהם ערמאָרדעט אין דער צייט, ווען ער איז געגאַנגען פון מארק אַ היים. באַלד נאָך זיין טויט האָט דער סענאַט אָפּגעשאַפט אַלע געזעצען, וואָס ער האָט דורכגעפיהרט. פיעלע פון זיינע פריינד, וועלכע האָבען איהם געהאָלפען זיינע פּראָיעקטען דורכפיהרען, זיינען פון איטאַליען ארויסגעטריבען געוואָרען.

### 5) דער קריג צווישען די רוימער און זייערע בונד־חברים.

דער טויט פון דרוזוס'ן איז געווען אַ סיגנאַל צו אַ שרעקליכען בירגער־קריג, אזאַ בירגער־קריג, וואָס רוים האָט נאָך אין איהר געשיכטע נאָך קיין־מאָל ניט געזעהן זיין גלייכען. די רוימישע בונד־חברים אין איטאַליען האָבען בעשלאָסען אראָפּצוואַרפען פון זיך דעם פערהאַסטען יאָך פון די רוימער. אין רוים אָבער האָט מען ניט געוואָלט וויסען פון געבען די בונד־חברים בירגער־רעכטען צוגלייך מיט די רוימער. דער טריבון וואַריוס האָט דורכגעפיהרט אַ געזעץ, דאָס יעדערער, וואָס וועט פּראָפּאַגאַנדירען וועגען גלייכע רעכטען פיר די בונד־חברים, זאָל בעשטראָפט ווערען. דערמיט האָבען די רוימער געזוכט אָפּצונעהמען יעדע האָפנונג פון די בונד־חברים ווען עס איז צו בעקומען גלייכע בירגער־רעכטען מיט די רוימער. אויף זייער מאַ־טעריעלע לאַגע האָבען די איטאַלישע בונד־חברים זיך ניט געהאַט צו בע־קלאָגען, אָבער אין פּאָליטישער הינזיכט זיינען זיי געווען זעהר געדריקט.

זיי האָבען קיין רעכט ניט געהאט מיט וועלכען עס איז פאָלק שליסען א בונד אָדער פיהרען קריג. זיי האָבען קיין רעכט ניט געהאט וועלכען עס איז אַנ־טייל צו נעהמען אין דער אַלגעמיינער רעגירונג פון שטאאט. זעהר אָפט פלעגט רוים זיך אריינמישען אין זייערע אינערליכע פערוואלטונגען און צודריקען און בעשרענקען זיי. דער ליקטאָר מיט זיין האק האָט געוועלטיגט איבער די בונד־חברים פריי און אונבעשטראָפט. איין רוימישער קאָנסול האָט זיך א מאָל ערלויבט צו שמייסען דעם ערסטען בעאמטען אין א שטאָדט אין קאמ־פאניא דערפאר, וואָס יענער האָט זיך פערשפעטיגט פערטיג צו מאכען דאָס שטאָדט־באָד פיר זיין ווייב. די שטרענגע אַלטע מיליטערישע דיסציפלין, וועלכע איז פיר די רוימער אָפגעשאפט געוואָרען, איז געבליבען אין קראפט פיר די בונד־חברים. די גרויזאמע פאָדערונגען פון מיליטער־דינסט, וועלכער האָט בעלעסטיגט די גאנצע יוגענד פון די בונד־חברים יעדעס יאָהר אָהן אָן אויפהער, דאָס אַלץ האָט געשיינט צו בלייבען אויף אימער נאָך דעם, ווי דרוזוס איז ערמאָרדעט געוואָרען. ווען וועלכער עס איז פון די בונד־חברים האָט זיך ערלויבט אָן אויפשטאנד צו מאכען און פאָדערן מעהר רעכטען אָדער גלייכבערעכטיגונג, איז זיין שטאָדט אָדער פאָלק געוואָרען בלוטיג בע־שטראָפט. די בונד־חברים זיינען נאָך מעהר ערביטערט געוואָרען וועגען דעם אונרעכט, וואָס רוים טוט זיי, זעהענדיג ווי די רעגירונג אין רוים ווערט מעהר און מעהר פערדאָרבען, און ווי דיזע פערדאָרבענע פערקויפטע נשמות הער־שען איבער זיי מיט א שרעקליכער דעספּאָטישער האנט.

זינט דעם טויט פון דרוזוס'ן איז די ערביטערונג פון די בונד־חברים געוואָרען שטארקער און אָפענער. עס האָט אפילו אויסגעזעהן שטיל צו זיין, אָבער דאָס איז געווען די שטילקייט פאר א שטורם. אין אסקולום האָבען זיך דאמאָלס געמאכט אונרוהען. דער פּראָטאָר סערוויליוס האָט באַלד געאיילט אָהין איינשטילען די אונרוהען. אין טהעאטער האָט ער דאָ געהאַלטען א גיפ־טיגע רעדע געגען די בירגער און האָט זיי געדראָהעט מיט שטרענגע שטראָ־פען. זיין רעדע האָט שרעקליך אויפגערייצט די בירגער פון אסקולום. זיי זיי־נען בעפאַלען דעם פּראָטאָר מיט זיינע לייט. די מורא פון די ליקטאָרען מיט זייערע העק האָט זיי ניט אָפּגעשראָקען און זיי האָבען זיי אַלעמען ערמאָר־דעט צוזאמען מיט אַלע רוימער, וואָס האָבען זיך געפונען אין אסקולום. דעם גאנצען ווינטער האָבען זיך די בונד־חברים אָפען פאָרבערייטעט צו אַן אויפ־שטאנד און האָבען זיך ענערגיש בעוואפענט. אַן דער שפּיץ פון גאנצען אויפ־שטאנד איז געשטאנען דאָס בויערן־פאָלק, די מארזער, מיט זייער פיהרער ק ו י נ ט ו ס ס י ל אָ. מיט זיי צוזאמען זיינען אויפגעשטאנען אַלע סאבעל־

לישע פעלקער. דיזער אַלע פעלקער האָבען זיך ענטזאָגט צו געהאָרכען די רוי־
מער און זייערע בעפעהלען אויסצופיהרען. כמעט אַלע פעלקערשאַפטען פון
מיטען און דרום־איטאַליען האָבען זיך צוגעשלאָסען צו די בערג־פעלקער פון די
אַברוצצען, און באַלד איז גאַנץ איטאַליען געשטאַנען אין אַ שרעקליכען אויפ־
שטאַנד. די אַלע פעלקער, וואָס האָבען גענומען אַנטייל אין דעם אויפשטאַנד,
האָבען געשלאָסען אַ בונד אונטער דער פיהרונג פון דעם קלוגען סילאָ און האָ־
בען אָנגענומען אַ פערפאַסונג, וועלכע איז געווען זעהר ענליך צו דער רוימי־
שער. זיי האָבען ערוועהלט די שטאָדט קאָרפיניום אין דעם לאַנד פון די פעליג־
ניער אַלס זייער הויפּטשטאָדט פון דעם גאַנצען בונד, און די נייע הויפּשטאָדט



רואינען פון דעם טהעאַטער פון אַסקולום.

האָבען זיי אַ נאָמען געגעבען איטאַליקאַ. די הויפּט־רעגירונג איז איבערגע־
געבען געוואָרען צו אַ סענאַט פון 500 מיטגלידער, צו צוויי קאָנסולען און
צוועלף פּראָטאָרען. די פערפאַסונג האָט פאָרגעשריבען, דאָס די געזעצען
זאָלען ניט בעשטעטיגט ווערען דורך פערטרעטער פון פאָלק, נאָר פון פאָלק
זעלבסט. איטאַליקאַ איז געוואָרען אַ געגען־רוים, נאָר מיט די זעלבע גרונד־

לאַגען און איינריכטונגען. איהר שטרעבונג איז געווען ניט נאָר גלייך מיט רוים געשטעלט צו זיין, נאָר פיעל מעהר, רוים צו פערניכטען און ווערען איהר יורש'טע.

די רוימער האָבען זיך שטאַרק דערשראָקען פאַר דיזען אויפשטאַנד. זיי האָבען אין איהם געזעהען דעם שרעקליכסטען פיינד פון רוים און פון דעם גאַנצען רוימישען וועלט־שטאַאט. די רוימער האָבען זיך אָנגעטאָן אין טרויער־קליידער, האָבען אויפגעהערט צו משפט'ן און צו בעשטראָפען פיר פערראַט געגען דעם פאַטערלאַנד און דער רעגירונג. מען האָט נאָר איין זאַך אין זינען געהאַט, און דאָס איז געווען — צו פערגרעסערען די טרופען סאָלדאַטען. קעלטען, נומידען און פרייגעלאָזענע זיינען צוזאַמענגערופען און בעוואפענט געוואָרען. קריגס־פלענער זיינען געווען צוויי — איינער אין צפון, געגען די פעלקער, וואָס האָבען גערעדט די לאַטיינישע שפּראַך, און איינער אין דרום געגען די פעלקער, וואָס האָבען געשפּראָכען די סאַבעללישע שפּראַך. דער קאָמאַנדיר איבער די צפון'דיגע טרופען איז געווען דער רוימישער קאָנסול פּובליוס רוטיליוס לופּוס, איבער די דרום'דיגע טרופען — לוציוס יוליוס צעזאַר.

אין פריהלינג פון דעם יאָהר 90 פ. קר. איז דער קאָנסול רוטיליוס לופּוס מיט זיינע טרופען צוגעקומען צום מאַרזישען גרענעץ, און ענטקעגען איהם אויף יענער זייט טייך טאָלענוס איז געשטאַנען דאָס מיליטער פון די מאַרזער. אין דיזען שטרייט האָט מאַריוס פרייוויליג אויך אָנטייל גענומען. דער קאָנסול האָט בעשלאָסען אַריבערגעהן דעם טייך אום דעם פיינד אָנצוגרייפען. מאַריוס האָט איהם געראַטען דאָס ניט צו טאָן. דער קאָנסול האָט זיין ראַט ניט געפאָלגט און האָט געהייסען די טרופען איבערגעהן דעם טייך. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, דאָס די רוימער האָבען געליטען אַ שרעקליכע נידערלאַגע. דאַגעגען האָט מאַריוס בעזיגט דעם פיינדליכען לאַגער און האָט אויפגעזאַמעלט די צושפּרייטע קריגער פון קאָנסול'ס טרופען, וואָס האָבען זיך געראַטעוועט דורך ענטלויפען. אויך אין קאַמפּאַניען האָט יוליוס צעזאַר ניט געקענט רעטען די וויכטיגע שטאָדט נאָלא, וועלכע איז איבערגעגאַנגען צו די בונד־חברים. די געפאַהר פיר רוים איז געוואָרען מעהר און מעהר יעדען טאָג. דאָס געלט איז אויסגעגאַנגען. אויך קריגער האָבען אָנגעהויבען צו פעהלען. צו אַלעם דעם איז געקומען אַ ידיעה, דאָס דער אויפשטאַנד האָט זיך פערשפּרייט אויך אין עטרוריען און אין אומבריען. די צייטען, ווען די סענאַטאָרען זיינען געווען אַ פערזאַמלונג פון העלדען, ווען האַנניבאַל האָט בעזיגט די רוימישע לעגיאָנען איינע נאָך דער אַנדערער, און דער סענאַט

האָט דעם מוט ניט פערלאָרען — דיזע צייטען זיינען פאָראיבער. יעצט האָט דער סענאַט קיין מוט ניט געהאַט און קיין עצה ניט געפונען, ווי זיך פון דעם פאָרשטעהענדען אונגליק ארויסצופּלאָנטערן. עס איז בעשלאָסען געוואָרען אָנצופאַנגען אונטערהאַנדלונגען מיט די בונד־חברים, ווי וויים דער כבוד פון רוים ערלויבט עס.

דער קאָנסול צאָזאר האָט געמאַכט אַ פּאָרשלאַג (אין יאָהר 89 פ. קר.), דאָס די יעניגע בונד־חברים, וואָס זיינען געבליבען טריי צו רוים זאָלען בע־קומען פולע בירגער־רעכטען גלייך מיט די רוימער. דיזעס געזעץ האָט גע־ווירקט, דאָס די לאַטינער, עטרוסקער און אומבריער זיינען ניט צוגעשטאַנען צו די פעלקערשאַפטען, וואָס האָבען געמאַכט דעם אויפשטאַנד געגען רוים. דאָס געזעץ האָט זיך פערברייטערט אויך אויף די, וועלכע האָבען אויסגע־דריקט זייער חרטה און האָבען זיך צוריק אונטערגעגעבען אונטער רוים. דאָס האָט פיעלע פון די בונד־חברים צוריקגעקעהרט צו רוים און אָפּגעצויגען פון די רעבעלען. אפילו יעדער איינציגער פון די פעלקערשאַפטען, וואָס האָבען געמאַכט דעם אויפשטאַנד, האָט בעקומען ערלויבנים אין צוויי מאָנאַטען צייט צו קומען און פערלאַנגען בירגער־רעכט. דורך דיזעס געזעץ האָבען פיעלע פון די בונד־חברים אַוועקגעלעגט די וואַפען און זיינען צוגעשטאַנען צו די רוימער. נאָר סאַמניום, לוקאַניען און די שטעדט נאָלאַ און ווענוזיאַ האָבען ניט אויפגעהערט צו רעוואָלטירען.

אין פריהלינג פון יאָהר 89 פ. קר. האָט פּאָמפּעיוס סטראַבאָ, דער ערפאַה־רענער קריגס־קאָמאַנדיר, ערהאַלטען די אויבער־קאָמאַנדע איבער די טרופּען, וואָס זיינען געשטאַנען אין צפון־איטאַליען. ער האָט בעלאַגערט אַסקולום און האָט געצוואונגען די פּיצענישע חיל צו אַ שלאַכט. סטראַבאָ האָט אפילו געוואונען די שלאַכט, אָבער פיעלע פון די בעזיגטע האָבען זיך געראַטעוועט צו־ריק אין שטאָדט און ער איז געצוואונגען געווען צו אָנפאַנגען אַ בעלאַגערונג, וועלכע האָט געפאָדערט אַ סך צייט. ענדליך האָט ער דורך הונגער געצוואונגען די בעלאַגערטע זיך אונטערצוגעבען. נאָך דיזען זיג האָט סטראַבאָ אונטער־וואָרפען די איבריגע בונד־חברים. אויך די שטאָלצע איטאַליקאַ האָט זיך געמוזט אונטערגעבען.

רוים, האָט עס געהייסען, האָט געזיגט. אָבער די בונד־חברים זיינען נאָך ניט אין גאַנצען געווען צופרידען, ווייל זיי זיינען נאָך ניט אריינגענומען גע־וואָרען אין אַלע טריבוס (שטאַמען) און האָבען זיך נאָך ניט גערעכענט פיר פולע רוימישע בירגער. דעריבער האָט סולפּיציוס רופוס, אַ מאַן פון אַ פאָרנעהמער פאַמיליע, מיט גרויס רייכטום און מיט אַ מערקווירדיגער

רעדע־קראפט, געמאכט א פארשלאג, דאס אלע נייע בירגער סיי פון די בונד־חברים, סיי פון פריינעלאזענע, זאלען אריינגענומען ווערען אין אלע טריבוס אהן אויסנאהמע, אזוי דאס זיי זאלען אלס פולע רוימישע בירגער גע-רעכענט ווערען. קוים האט זיך דער אויפשטאנד פון די בונד־חברים א ביסעל בערוהיגט, האט דער רוימישער הימעל זיך ווידער פערוואלקענט מיט נייע שרעקען. דאס איז דער מיטהראדאטישער קריג. דיזער קריג האט אויפגעטרייסעלט דעם גאנצען אריענט און האט אויך אויף די אינערליכע פערהעלטניסען פון רוים א גרויסע ווירקונג געהאט.

געגען דעם פארשלאג פון סולפיציוס רופוס האט דער קאנסול לוציוס קארנעליוס סוללא מיט זיין גאנצער מאכט פראטעסטירט און זיך אלע מיה געגעבען ניט דערלאזען, דיזער פארשלאג זאל ווערען א געזעץ. ווען דער מיטהרידאטישער קריג האט אויסגעבראכען און סוללא האט בעקו-מען די מאכט איבער דער ארמעע, האט סולפיציוס מורא געהאט, דאס ער וועט מיט דער הילף פון דער ארמעע דעם פארשלאג פערווארפען, דעריבער האט ער, סולפיציוס, געזוכט זיך צו פערבינדען מיט מאריוס׳ן, וועלכער איז אין דער צייט פון זיין פריוואט־לעבען געווארען מעהר און מעהר ערביטערט. מאריוס איז קיינמאל קיין גוטער שטאאטסמען ניט געוועזן, אויך אין דעם קריג מיט די בונד־חברים האט ער ניט פיעל עהרע פערדינט. דעריבער האט זיך איהם יעצט שטארק געוואלט ווערען דער אויבער־קאמאנדיר איבער דער ארמעע אין דעם מיטהראדאטישען קריג. דערפאר האט ער מיט פערגניגען בעגעגענט די פעראייניגונג מיט סולפיציוס׳ן, וועלכער האט אויך געהאט א בעדייטונג אין דער דעמאקראטיע.

נאך איידער סולפיציוס האט געמאכט דעם פארשלאג וועגען די נייע ביר-גער האט ער געפונען פיר ניצליך און צוועקמעסיג זיך צו פערבינדען מיט דער פאלקס־פארטיי, ווייל די אריסטאקראטיע, צו וועלכער ער האט געהערט, האט איהם געהאסט פיר זיינע דעמאקראטישע אידעען. ער האט אויף זיך ארויפ-געצויגען דעם האס פון סענאט דערפאר, וואס ער האט געמאכט א פארשלאג, דאס יעדער סענאטאר, וואס איז שולדיג 2,000 דענארען (1,600 מארק) זאל זיין אמט פערלירען. זיין אבזיכט דערביי איז געוועזן, די עהרע און ווירדע פון סענאט הויך צו שטעלען. אין יענער צייט אבער זיינען פיעלע פאמיליעס פון די סענאטארען, צוליב זייער לעבען אין צופיעל לוקסוס, פעראריימט גע-ווארען און זיינען געווען פערזונקען אין שולדען. ווען דיזער פארשלאג זאל דורכגעפיהרט ווערען, וואלטען פיעלע סענאטארען זייערע עמטער פער-לארען. דיזער פארשלאג האט דעריבער ערוועקט א שטארקען האס אין די

הערצער פון דער אַריסטאָקראַטיע צו סולפּיציוס׳ן. ער האָט זיך פעראיי-ניגט מיט דער פאָלקס־פּאַרטיי און אַרומגערינגעלט מיט בעוואפענטע פּראָלע-טאַריער און מיט אַ געגען־סענאַט פון 600 מענער האָט ער בעהערשט דעם פאָרום און די שטאָדט. אום נאָך אויך דאָס צוטרויען פון די אונטער־קלאַסען פון פאָלק צו געווינען, האָט ער זיך פעראייניגט מיט מאַריוס׳ן, ווייל זיין נאָ-מען איז געווען געאַכטעט ביים איינפאַכען פאָלק.

מאַריוס האָט דורך זיין פעראייניגונג מיט סולפּיציוס׳ן ווירקליך זיין צוועק דערגרייכט. סולפּיציוס האָט מיט זיין איינפלוס געווירקט, דאָס מען זאָל די קאָמאַנדע איבער דאָ ם מיליטער צונעהמען פון סוללאַ׳ן און איבערגע-בען צו מאַריוס׳ן מיט דעם טיטעל פּראָקאָנסול. סוללאַ איז שוין געשטאַנען מיט אַן אַרמעע ביי נאָלאַ און קאַמפּאַניען. ווען ער האָט דערהערט דעם בעשלוס אין רוים, דאָס מען זאָל דעם בעפעהל איבער דער אַרמעע איבערגעבען צו מאַריוס׳ן, האָט ער בעשלאָסען ניט איבערצוגעבען זיין מאַכט. ער האָט די סאָלדאַטען איינגערעדט, דאָס זיי זאָלען פערלאַנגען מען זאָל זיי ברייננגען נאָך רוים, אום זיי זאָלען ביי מאַריוס׳ן די מאַכט מיט גוואַלד אָפּנעהמען. עס האָט יעצט צום ערסטען מאָל געטראָפען אין דער רוימישער געשיכטע, דאָס אַ רוימישע אַרמעע זאָל געהן נאָך רוים מיט אַ פיינדליכער אַבזיכט. זיי האָבען געשטורמט די שטאָדט. מאַריוס מיט זיינע אָנהענגער האָבען געמוזט ענטלויפען. סולפּיציוס איז ערמאָרדעט געוואָרען אין רוים און מאַריוס האָט זיך אונטער פיעלע געפאַהרען ענדליך געראַטעט אויף אַ קליינער אינזעל צער-צינאַ.

מיר געפינען פיר נעטיג אויף דיזען אָרט צו זאָגען אַ פּאָאַר ווערטער איבער סוללאַ׳ן. ער איז געבאָרען געוואָרען אין רוים אין יאָהר 138 פ. קר. פון אַן אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע, וועלכע איז אָבער געווען אָרים. ער איז שפּעטער געקומען צו רייכטום דורך אַ ירושה פון אַ ווייטען קרוב. אין זיין יוגענד האָט ער זיך אַ ביסעל בעשעפטיגט מיט ליטעראַטור, אָבער מעהר-סטענס האָט ער פערבראַכט זיין לעבען אין לייכטזיניגע פערגניגענס. אין דעם קריג מיט יוגורטהאַ׳ן האָט ער געדינט אַלס קוואָסטאָר אונטער מאַריוס׳ן. אין דיזען קריג האָט ער פיעל געהאָלפען צום זיג דערמיט, וואָס ער האָט גע-מאַכט, אַז באָקכוס, דער קעניג פון מאַוריטאַניען, זאָל זיין שוויגער־זוהן (יוגורטהאַ) איבערגעבען צו די רוימער. אין יאָהר 93 פ. קר. איז ער געוואָ-רען פּראָטאָר און אין פאָלגענדען יאָהר פּראָ־פּראָטאָר אין סיציליען. אין דעם קריג מיט די בונד־חברים האָט ער זיך פיעל מעהר עהרע פערשאַפט אַלס מאַ-ריוס. דאָס האָט פערשטאַרקט די קנאה צווישען דיזע צוויי מענער, וועלכע

האָט זיך שוין אין דעם קריג מיט יוגורטהאַ אָנגעפאַנגען. דיזע צוויי קאָנקו-רענטען זיינען געווען פערשיידען איינער פון דעם אַנדערען אין זייערע נאַטורען. מאַריוס איז געווען אַ גראָבער סאָלדאַט, סוללאַ איז געווען ניט נאָר אַ פעהיגער קריגס-קאָמאַנדיר נאָר אויך אַ זעהר פעהיגער שטאַאַטסמאַן. ער איז געווען הויך געבילדעט און האָט געהאַט אַ געשמאַק צו קונסט, ווי די מעהרסטע אַריסטאָקראַטען פון זיין צייט, ער האָט אָבער געהאַט אין זיך אויך זייער פערדאָרבענהייט און נייגונג צו אַן אויסגעלאַסענעם לעבען.

הגם סוללאַ האָט בעזיגט זיין געגען-פּאַרטיי, זיינען די קאָנסול-וואַהלען פון דעם יאָהר 87 פ. קר. אויסגעפאַלען ניט נאָך זיין וואונש. די סענאַט-פּאַרטיי האָט נאָר איין קאָנסול ערוועהלט, קנעיוס אָקטאַוויוס, דער אַנדערער קאָנסול לוציוס ציננאַ איז געווען אַ דעמאָקראַט. פון דיזען דעמאָקראַטישען קאָנסול האָט סוללאַ גענומען אַ שבועה, דאָס ער וועט קיין זאַך ניט טאָן אום אָפּצושוואַכען די סענאַט-פּאַרטיי. נאָך דעם איז סוללאַ אַוועק אין אָריענט און האָט געלאָזען אין איטאַליען אונטער דעם בע-פעהל פון קווינטוס מעטעללוס פּיוס אַן אַרמעע, אום גענצ-ליך אונטערצוּוואַרפען די איבריגע בונד-חברים.

מעטעללוס האָט זיין אויפגאַבע שנעל ערפילט. נאָך אין דעם זעלבען יאָהר (88 פ. קר.) האָט ער אונטערדריקט דעם אויפשטאַנד פון די איבריגע בונד-חברים. דער רעזולטאַט פון דעם געווינס, וואָס די בונד-חברים האָבען געוואונען מיט זייער אויפשטאַנד, איז געווען זעהר אַן אונבעדייטענדער. דאָס פולע בירגער-רעכט, וואָס די בונד-חברים האָבען אויסגעקעמפט פון די רוי-מער, האָט אין דער פּראַקטיק זעהר ווייניג פון זיי געגעבען פּאָליטישע רעכטען, בעזונדערס שטימרעכט. די רוימער האָבען ניט געהאַט קיין רעפּרעזענטאַ-טיוו-פערפאַסונג, ד. ה. אַ קאָנסטיטוציאָן, אין וועלכער אויך די וויטעסטע בירגער זאָלען קענען פערטרעטען זיין דורך דעלעגאַטען, נאָר עס איז געבלי-בען די אַלטע אָרדנונג פון דער אור-פערזאַמלונג. מיט דעם שטימרעכט האָבען זיך געקענט בענוצען נאָר די בירגער, וואָס האָבען זיך פּערזענליך געפונען אין דער צייט פון די וואַהלען אין רוים. מיט דעם נייעם שטימרעכט האָבען זיך צום מעהרסטען בענוצט נאָר זעהר אָרימע פון די נייע בירגער, וועלכע פלע-גען אַלע מיטלען אָנווענדען אום אין דער צייט פון די וואַהלען צו זיין אין רוים און דאָרט מאַכען געשעפט מיט זייער שטימרעכט, דורך וואָס זיי האָבען ער-נידריגט דעם ווערט און רעספּעקט פון די נייע בירגער.

**אין פּאָליטישער הינזיכט איז רוים געבליבען כמעט ביים אַלטען און אין פּאָליטישער בעציהונג האָבען די שטענדיגע מלחמות פערורזאַכט אַלגעמיינע**

פעראַרימונג און פערשולדונג, ווייל די בירגער האָבען געמוזט טראָגען די שווערע קאָסטען. עס האָבען זיך ווידער אָנגעהויבען רייסערייען צווישען בעלי חובות און קרעדיטאָרען, ווי אין די פריהערדיגע צייטען.

די געלט־אַריסטאָקראַטיע, די ריטער, האָבען אָהן רחמנות געשונדען די הויט מיט גרויסע צינזען פון די אָרימע בעלי־חובות. דאָס פאָלק האָט ווידער אָנגעהויבען פאָדערן נייע שולד־געזעצען און געזעצליכע פערניכטונג פון אַלע פאָדערונגען פון די קרעדיטאָרען. אָבער די אַלע בעמיהונגען פון פאָלק זיינען געווען אומזיסט. עס האָט עקסיסטירט אַן אַלטעס געזעץ, וועלכעס מען האָט זעהר זעלטען אָנגעווענדט אין דער פּראַקטיק, — דאָס דער ריכטער האָט דאָס רעכט צו מילדערן און גרינגער מאַכען דאָס הארטע און שטרענגע געזעץ



קאָרנעליוס סוללאַ.

וועגען צינזען אום דעם בעל־חוב לייכטער צו מאַכען. דער שטאָדט־פּראָטאָר אַזעלליאָ האָט זיך געוואָלט בענוצען מיט דיזען געזעץ אום אויסצוהעלפען די בעלי־חובות, האָבען איהם די אַריסטאָקראַטען ערמאָרדעט. מערקווירדיג איז, דאָס דיזער גוטער מענש איז ערמאָרדעט געוואָרען אין דער צייט, ווען ער האָט געהאַלטען רעליגיאָנס־דינסט. אויך איז וועגען דיזען מאָרד גאָר קיין אונטערזוכונג ניט געמאַכט געוואָרען.

## 6) דער ערסטער מיטהראַדאַטישער קריג. (88—84 פ. קר.)

**מיטהראַדאַטעס דער 4טער עאופּאַטאָר, קעניג פון** פּאָנטוס, איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 132 פ. קר. פון פאָטער'ס צד האָט ער געשטאַמט פון פּערסישען קעניג דאַריוס היסטאַספּעס, און פון דער מו-

טער׳ס צד האָט ער געשטאַמט פון די סעלעאוקידען, די סירישע קעניגען. אין סינאָפּע, דער הויפּטשטאָדט פון פּאָנטוס, האָט ער בעקומען אַן אויסגעצייכענטע ערציהונג. ער האָט געהאַט פון דער נאַטור גרויסע גייסטיגע פעהיגקייטען און האָט אַ הויכע בילדונג. ער האָט גערעדט ניט ווענינער ווי 22 שפּראַכען, איבערהויפּט פון די דאָזיגע, וועלכע זיינע אונטערטאַנען אין פערשיידענע טיילען פון זיין לאַנד האָבען געשפּראָכען. ער האָט אימער געהאַט אַרום זיך גריכישע געשיכטע־שרייבער און פילאָזאָפען. אָבער ניט אַכטענדיג אויף אַלע זיינע מעלות איז ער געווען אַ גרויזאַמער טיראַן און זיטענלאָזער דעספּאָט אַפילו צו זיינע אייגענע נאָהענטע קרובים. ער איז געווען אין היגזיכט פון זיינע זיטען אַ רויהער, גראָבער באַרבאַר.

אַלס זיין פאָטער איז געשטאָרבען איז ער נאָך געווען זעהר יונג, און ער האָט געהאַט איבער זיך איינינע אַפּוטרופּסים (אָפּעקונעם) פון די אַדעללייט. דיזע זיינע אַפּוטרופּסים האָבען געזוכט מיטלען, ווי איהם פון וועג אָפּצוראַמען, אָבער עס איז זיי ניט געלונגען. דער רוימישער סענאַט האָט זיך בענוצט מיט זיין מינדער־יעהריגקייט אום אָפּצורייסען פון איהם גרויס־פריגיען, אַ לאַנד, וואָס זיי האָבען געגעבען צו זיין פאָטער פיר געוויסע דינסטען צום רוימישען פאָלק. דיזעס האָט געמאַכט דעם יונגען פירסט פיר אַ געשוואָרענעם פיינד צו די רוימער. און ווי ער האָט בעשטיגען דעם טראָן, האָט ער שוין געפּאַסט אַ פּלאַן קריג געגען רוים צו פיהרען, און דאָס האָט ער ניט אויפגעהערט צו טאָן די גאַנצע צייט פון זיין לעבען.

אַלס פאָרבערייטונג צו דיזען קריג האָט ער פריהער פון אַלץ אונטערוואָרפען אונטער זיין מאַכט דאָס באָספּאָראַנישע רייך אין די סטעפּען־געגענדען פון קרים. נאָך דעם האָט ער געשלאָסען אַ בונד מיט טיגראַנעס׳ן, דעם קעניג פון קליין־אַרמעניען, און האָט איהם געגעבען זיין טאָכטער פיר אַ פרוי. ער האָט אויך געוואונען אַ גרויסען איינפלוס אויף פּאַפלאַגאָניען און קאַפּפּאַדאָציען דערמיט, וואָס ער האָט געהאָלפען דאָרט אויף׳ן טראָן אַרויפצוזעצען אַזעלכע קעניגען, וואָס זיינען איהם איבערגעבען. זיין אַרמעע איז בעשטאַנען פון 52,000 פוס־געהער און 40,000 רייטער. זיין פלאָטע האָט געצעהלט 300 פּאַנטישע דעק־שיפען. דעם ערסטען קריג מיט רוים האָט ער געפיהרט צוליב די סקיטהען, וועלכע האָבען גערופען די רוימער צו הילף אין זייער שטרייט מיט איהם. לוציוס קאָרנעליוס סוללאַ, וועלכער איז דאַמאָלס געווען פּראָ־פּראָטאָר אין סיציליען, האָט איהם געצוואונגען צוריק אָפּגעבען צו רוים קאַפּפּאַדאָציען, און ער האָט איהם אויך געצוואונגען ער זאָל צוריק אומקעהרען די סקיטהישע פיהרער צו זייערע שטעלעס, פון וועלכע ער

האָט זיי אַרונטערגעזעצט. אָבער קוים האָט סוללאַ מיט זיינע טרופּען פער-לאָזען אַזיען, האָט דער קעניג פון גרויס-אַרמעניען ווידער אָפּגענומען קאַפּ-פּאַדאָציען, און לויט דעם פערלאַנג פון מיטהראַדאַטעס'ן האָט דער קעניג פון גרויס אַרמעניען אָנערקענט אַלס דעם טראָן-פאָלגער פון ביטהיניען דעם אינגערען ברודער פון ניקאָמעדעס דעם 3טען.

די רוימער, צו וועלכע קאַפּפּאַדאָציען און ביטהיניען האָבען זיך געווענדט פיר הילף, האָבען געשיקט דעם געוועזענעם קאָנסול א ק ו י ל י ו ס און האָבען דורך איהם געווירקט אויף ניקאָמעדעס דעם 3טען ער זאָל אַרויס אין קריג מיט מיטהראַדאַטעס'ן. ניקאָמעדעס איז אָבער אין דעם קריג געשלאָגען געוואָרען. אויך די רוימישע קאָמאַנדירען האָבען געליטען נידערלאַגעם. כמעט גאַנץ קליין-אַזיען האָט מיטהראַדאַטעס בעזיגט. פיעלע פון די גריכישע שטעדט אין קליין-אַזיען זיינען צוגעשטאַנען צו איהם. פער'שכור'ט פון נצחון האָט מיטהראַדאַטעס געגעבען פולע פרייהייט זיין ראַכע-געפיהל. דעם געוועזענעם קאָנסול אקוויליום האָט מיטהראַדאַטעס געהייסען פיהרען אויף אַן עזעל איבער גאַנץ קליין-אַזיען צו מאַכען שפּאָט פון איהם. ענדליך האָט מען איהם געגאָסען צושמאָלצענע בליי אין מויל, אַלס שפּאָט פיר זיין האַבזוכט און זיין געלט-גייץ. נאָך דעם האָט מיטהראַדאַטעס אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל צו אַלע זיינע שטאַטהאַלטער אין איין טאָג אויסצוטויטען אַלע רוימער, וואָס האָבען זיך געפונען אין קליין-אַזיען. אין יענעם טאָג זיינען ערמאָרדעט געוואָרען 80,000 רוימער, מענער און פרויען.

אום צו געבען זיין קריג מיט די רוימער אַ כאַראַקטער פון אַ בעפריי-אונגס-קריג און דערמיט צו געווינען די גריכען אויף זיין זייט, האָט ער גע-שיקט זיין קריגס-קאָמאַנדיר ארכעלאַוס נאָך גריכענלאַנד און זיין פלאָטע האָט בעזעצט די אינזלען אכאַאַ, דעלאָס און אַנדערע. דאָ איז אָנגעקומען סוללאַ מיט 30,000 מאַן (אין יאָהר 87 פ. קר.). נאָך אַ לאַנגער בעלאַגערונג האָט סוללאַ איינגענומען אַטהען, ארכעלאַוס האָט געמוזט אָפּטרעטען און איז געשלאָגען געוואָרען פון סוללאַ'ן ביי כאָראָנעאַ. אין יאָהר 85 פ. קר. איז מיטהראַדאַטעס'עס חיל גענצליך געשלאָגען געוואָרען פון סוללאַ'ן ביי אָר-כאָמענעס.

אין דיזער צייט איז מאַריוס אין רוים ניט געבליבען רוהיג. ווי מיר האָבען שוין פריהער ערצעהלט, האָט ער מיט דער הילף פון פּובליוס רופוס, וועלכער האָט דורכגעפיהרט אַ געזעץ, דאָס די נייע בירגער זאָלען אַריינגע-נומען ווערען אין אַלע טריבוס (שבטים) צוגלייך מיט די רוימער, געבראַכט דערצו, דאָס דער סענאַט האָט צוגענומען די הערשאַפט איבער די טרופּען פון

סולא׳ן און האָט דיזע איבערגעגעבען צום קאָנסול וואַלעריוס פלאַקקוס. דיזער האָט בעגעגענט סולא׳ן ביי די אַטהרים־בערג מיט צוויי לעגיאָנען. אָבער זיינע סאָלדאַטען האָבען ניט געוואָלט קעמפען מיט זייערע ברידער און לאַנדס־לייט, און ער האָט געמוזט אַוועקציהען מיט זיינע טרופּען נאָך כאַלצעדאָן. דאָ האָבען ביידע לעגיאָנען געמאַכט אַן אויפשטאַנד געגען פלאַקקוס׳ן און האָבען איהם ערמאָרדעט. אויף זיין אָרט איז ערוועהלט געוואָרען דער מוטי־גער גאַיוס פלאַוויוס פימבריא (אין יאָהר 84 פ. קר.). דיזער האָט בעזיגט דעם יונגען מיטהראַדאַטעס, דעם זוהן פון פאָנטישען קעניג, און האָט איהם געצוואונגען צו ענטלויפען פון פערגאַמום, וועלכעס ער האָט געמאַכט פיר זיין נייע רעזידענץ. אין דער זעלבער צייט איז די פאָנ־טישע פלאָטע בעזיגט געוואָרען פון דער רוימישער.

דאַמאָלס האָט מיטהראַדאַטעס אָנגעפאַנגען אונטערהאַנדלען מיט סול־לא׳ן וועגען פרידען. אָבער, ווייל ער האָט ניט געוואָלט נאָכגעבען די פאָדערונ־גען פון רוים, נעמליך צו איבערגעבען צו רוים די פלאָטע צוזאַמען מיט פּאַפלא־גאָניען, איז סולא אַריבער דעם באָספּאָרוס און האָט איהם געצוואונגען נאָכ־געבען די פאָדערונגען. ער האָט נעמליך געמוזט אַרויסגעבען 70 קריג־שיפען, צאָהלען 2,000 טאַלענטען און זיך ענטזאָגען פון אַלע איינגענומענע ערטער. נאָכדעם האָט זיך סולא געווענדט געגען פימבריא׳ן. פימבריא׳ס סאָלדאַטען האָבען ניט געוואָלט שטרייטען געגען סולא׳ן און זיינען איבערגעגאַנגען צו איהם. פימבריא האָט אין פערצווייפלונג זיך דאָס לעבען גענומען.

דאַן האָט סולא זיך גענומען אָרדנען די פערהעלטניסען אין קליין־אַזיען. ער האָט געגעבען אַ בעפעהל, דאָס די איינוואוינער זאָלען איינצאָהלען די אַלע שטייערן, וואָס מיטהראַדאַטעס האָט זיי געשענקט אויף פינף יאָהר. דאָס האָט אויסגעמאַכט אַ סומע פון 20,000 טאַלענטען אָדער 22 מיליאָן דאָלאַר. דיזער בעפעהל האָט פערניכטעט דעם וואוילשטאַנד פון גאַנ־צען לאַנד, און אַפילו די בעמיטעלטע פאַמיליעס זיינען געשטירצט געוואָ־רען אין גרויס עלענד. דערצו נאָך איז דאָס פאָלק אויסגעזויגען געוואָרען פון די וואוכערער. די געמיינדעס אָבער, וועלכע זיינען טריי געבליבען צו די רוימער, זיינען רייך בעלוינט געוואָרען; אַזוי, צום ביישפּיל, האָבען די רהאָדיער בעקומען צוריק אַ טייל פון זייערע שיפען.

### 7) דער בירגער־קריג צווישען מאַריוס׳ן און סולא׳ן.

סולא האָט זיך געאיילט צו שליסען פריידען מיט מיטהראַדאַטעס׳ן, ווייל די אומשטענדען אין איטאַליען האָבען געפאָדערט זיין צוריקקומען אין

רוים. באלד ווי סוללא איז אָפּגעפאָהרען אין אָריענט, האָט לוציוס קאָרנעליוס צייננא זיך געגומען בענייען די געזעצען פון סולאָפיציוס׳ן וועגען געבען די נייע בירגער און די פריי־געלאָזענע גלייכע רעכטען מיט די אַלטע רוימישע בירגער. גרויסע מאַסען פון די נייע בירגער האָבען געשטראָמט נאָך רוים אום צו שטימען פיר דעזעם געזעץ. עס איז פאָרגעקומען אַ בלוטיגער שטרייט אין די גאַסען צווישען די פאַרטייען. די שלאַכט האָט זיך געענדיגט דערמיט, דאָס דער קאָנסול צייננא איז אַראָפּגעזעצט געוואָרען פון זיין אַמט, און איז צוזאַמען מיט פיעלע פון זיינע אָנהענגער פערטריבען געוואָרען פון שטאָדט פון דער אַריסטאָקראַטיע. צווישען די, וואָס זיינען פערטריבען געוואָרען, האָט זיך אויך געפונען דער עדעלער דעמאָקראַטען־פיהרער סערטאָריוס. מיט אַ געפיהל פון ראַכע איז ער געקומען נאָך נאָלא, וואו עס איז געשטאַנען אַן אַרמעע צו שטרייטען געגען די בונד־חברים. דאָ האָט ער געזאַמעלט אַ גרויסע צאָהל אונצופרידענע צווישען די נייע בירגער פון די בונד־חברים און שקלאַפען, וועלכע ער האָט בעגייסטערט מיט זיינע הבטחות צו פערשאַפען זיי פולע פרייהייט, און איז געקומען מיט זיי נאָך רוים. דאָ האָט ער זיך בעגעגענט מיט מאַריוס׳ן, וועלכער איז געקומען פון אַפריקאַ מיט אַן אַרמעע פון בעפרייטע שקלאַפען, און זיי האָבען זיך ביידע פעראייניגט און האָבען בעלאַגערט רוים.

אין אַ קורצער צייט זיינען די איינוואוינער פון רוים געווען געצוואונגען דורך פעסט און מחלוקת זיך אונטערצוגעבען צו די בעלאַגערער. די קאָמאַנדירען קווינטוס מעטעללוס פיאוס און גנעיוס פאָמפּעיוס סטראַבאָ, וועלכע דער סענאַט האָט גערופען צו רעטען רוים, האָבען גאָר ניט געקענט העלפען. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שרעקליכע שלאַכט אין שטאָדט. פינף טעג און פינף נעכט נאָכאַנאַנד האָבען די בירגער געמאָרדעט איינער דעם אַנדערן. אין דעם איבריגען טייל פון איטאַליען האָט די בלוט־יאַגד געדויערט מאָנאַטען לאַנג. די פאָרנעהמסטע אַריסטאָקראַטען, די וויכטיגסטע סענאַטאָרען און קאָנסולען, ווי קנעיוס אָקטאַוויוס און קווינטוס לוטאַציוס קאַטולוס, זיינען געוועזן אונטער די אָפּפער פון מאַריוס׳עס ראַכע. צייננאַ און מאַריוס האָבען יעצט געהערשט אין רוים אונבעשרענקט, און האָבען געקענט לייכט ערוועהלט ווערען צום קאָנסול־אַמט פיר דאָס יאָהר 87 פ. קר., אָבער מאַריוס איז געשטאָרבען אויף דעם 18טען טאָג פון זיין 7טען קאָנסולאַט, ווי עס האָט איהם, ווי מען ערצעהלט, אַ וואָהרזאָגערין אין זיינע יונגע יאָהרען פאָרויסגעזאָגט. די לעצטע שרעקליכע אָנשטרענגונג צוזאַמען מיט דער מורא פאַר סוללאַ׳ס ראַכע, האָבען איהם בערויבט זיין רוה, און אום די שלעכטע געדאַנקען אַרוים-

צוטרייבען, האָט ער זיך איבערגעגעבען צו שכרות. פון דעם אונגאָרמאַלען לעבען איז ער קערפערליך רואינירט געוואָרען. ער האָט בעקומען אַ שרעק-ליכען נערוועןֿפיבער, פון וועלכען ער איז געשטאָרבען אויף דעם 7טען טאָג פון דער קראַנקהייט אין דעם אַלטער פון מעהר אַלס 70 יאָהר (86 פ. קר.).

אויף דער שטעלע פון מאַריוס'ן איז אריינגעטרעטען פ ל א ק ק ו ס, וועלכער האָט אויך איבערגענומען דעם אויבערֿבעפעהל געגען מיטהריאַדאַ-טעס'ן. ציננאַ איז געבליבען אין רוים און האָט רעגירט אַלס זעלבסט הער-שער. צוויי יאָהר האָט ער געפיהרט דאָס קאָנסולֿאַמט. זיין הויפּטֿשטיצע זיינען געווען די בונדֿחברים. ווען ער האָט דערהערט, דאָס סוללאַ איז בע-רייט צו קומען צוריק נאָך רוים, האָט ער בעשלאָסען איהם צו בעגעגנען אין גריכענלאַנד און פערפיהרען אַ שטרייט מיט איהם, אָבער זיינע אייגענע טרו-פּען האָבען זיך ענטזאַגט צו שטרייטען מיט זייערע ברידער און לאַנדסלייט, און האָבען איהם ערמאָרדעט אין אַנקאָנאַ.

סוללאַ איז אָנגעקומען אין איטאַליען אין פריהלינג פון יאָהר 83 פּ. קר. אונטערשטיצט פון פיעלע אריסטאָקראַטען. ער האָט פיר זיך געהאַט אַ שווע-רע אויפגאַבע — צו בעזיגען די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי און די איטאַליענישע בונדֿחברים. נאָך דעם, ווי ער האָט בעצוואונגען פּיצענום, האָט איהם קנעיוס פּאָמפּעיוס סטראַבאָ צוגעפיהרט 3 נייע לעגיאָנען אַלס הילפסֿטרופּען. דיביידע קאָנסולען פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי האָבען ניט געהאַט גענוג קראַפט געגען סוללאַ'ן ארויסצוטרעטען און איהם בעזיגען. פון די צוויי אַר-מעען אונטער דער הערשאַפט פון די צוויי קאָנסולען איז איינע אין גאַנצען געשלאָגען געוואָרען אין קאַמפּאַניען, און די אַנדערע איז איבערגעגאַנגען צו סוללאַ'ן. אויך די קאָנסולען פון יאָהר 82 פּ. קר., פּ א פּ י ר י ו ס ק א ר ב אָ און ג א י ו ס מ א ר י ו ס, דער אַדאָפּטירטער זוהן פון מאַריוס'ן, דעם בעזיגער פון די צימברען, האָבען אויך קיין בעסערען ערפאָלג ניט געהאַט. קאַרבאָ איז פערטריבען געוואָרען פון עטרוירען און איז ענטלאָפען אויף אַן אינזעל נעבען די ברעגען פון אַפריקאַ, און מאַריוס האָט געהאַט אַ שרעקליכע נידערלאַגע ביי ס א ק ר י פּ אָ ר ט ו ס און האָט זיך געמוזט צוריקציהען נאָך פּראַענעסטע, וואו סוללאַ האָט איהם בעלאַגערט. איין שטאַרקע אַרמעע פון די בונדֿחברים האָט מאַרשירט נאָך רוים, אָבער סוללאַ האָט די אַרמעע בעגעגענט ביים קאָללינישען טויער פון רוים און האָט די אַרמעע גענצליך בעזיגט. דריי טעג נאָך דעם זיג האָט מען אַ גרויסע צאָהל פון די געפאַנגענע ערמאָרדעט אויף'ן מאַרסֿפעלד. מאַריוס איז ענדליך געקומען צו דער אי-בערצייגונג, דאָס ער האָט ניט צו האָפען עס זאָל איהם צוקומען פון ערגעץ-

וואו הילף צו פרענעסטע, וואו ער איז געווען בעלאַגערט, און האָט זיך פון פערצווייפלונג דאָס לעבען גענומען. די שטאָדט איז איינגענומען געוואָרען און סוללא האָט אַלע איינוואוינער ערמאָרדעט. די פעסטונג האָט ער צו־שטערט. מען קען נאָך יעצט זעהן די רואינען פון יענער פעסטונג. אויף א גרויסען טייל פון יענע אַלטע חורבות איז יעצט אויסגעבויט די שטאָדט פּאַלעסטרינאַ. דאָס נעבענשטעהענדע בילד, וועלכעס איז א קאָפּיע פון אַ טעמפּעל אין פּרענעסטע, צייגט וואָס פיר א גרויסאַרטיגע געביידעס עס האָ־בען זיך דאַמאָלס געפונען אין יענער שטאָדט.

סוללא האָט פערפאָלגט זיינע געגנער אויך אויסער איטאַליען. זיין איי־דים קנעיוס פּאָמפּעיוס האָט ער געשיקט נאָך סיציליען, וואו ער האָט מאַרקוס פּערפּעננאַ געצוואונגען צו ענטלויפען נאָך שפּאַניען. דאַן איז פּאָמפּעיוס געקומען נאָך אַפריקאַ און האָט דאָרט בעזיגט נאָך אייניגע פון סוללאַ'ס שונאים. פּאָמפּעיוס האָט זיך צוריקגעקעהרט פון שלאַכט־פעלד מיט גרויס כבוד. זיין שווער סוללא האָט איהם פּאָרבערייט א רייכען טריאומף און ער האָט געקריגען דעם טיטעל „דער גרויסער”.

סוללא איז בעשטימט געוואָרען אַלס דיקטאַטאָר אויף אַן אונבעשטימטע צייט אום נעטיגע נייע געזעצען צו שאַפען און אָרדנונג צו מאַכען אין דעם שטאַאט און אין דער שטאָדט. ער איז געווען א מאָנאַרך, וועלכער האָט גע־הערשט איבער'ן פאָלק אָהן א גרענעץ, און האָט געטאָן, וואָס ער האָט גע־וואָלט, ניט פערגעגענדיג ביי וועמען עס איז. אָבער מען מוז איהם געבען זיין רעכט, דאָס ער האָט זיין מאַכט ניט געברויכט פיר אייגענע אינטערעסען, ער האָט נאָר אין אויסזיכט געהאַט די אינטערעסען פון דער אַריסטאָקראַטישער פּאַרטיי, צו וועלכער ער האָט געהערט מיט לייב און זעעל. ער איז געווען ענט־שלאָסען צו פערפעסטיגען די לאַגע פון זיין פּאַרטיי און צו דיזען צוועק האָט ער גרויזאַם פערפאָלגט זיינע געגנער. אין א קורצער צייט האָט ער אַרויסגע־שטעלט א ליסטע פון מענער, וועלכע זאָלען זיין בערויבט פון אַלע רעכטען און זייער פערמעגען זאָל קאָנפיסיקירט ווערען פיר דעם שטאַאט. די ליסטע האָט ענטהאַלטען 4,700 פּערזאָן, אונטער וועלכע עס זיינען געווען 40 סענאַ־טאָרען און 1,600 ריטער. 350 מיליאָן סעסטערעצען (איבער 15 מיליאָן דאָל־לאַר) האָבען בעטראָפען די קאָנפיסקירטע גיטער פון די בערויבטע פון זייערע בירגער־רעכטען. ווער עס האָט ערמאָרדעט איינעם פון די, וואָס זיינען געווען פערצייכענט אין דער ליסטע, דאָט בעקומען א גרויסע געלט־בעלוינונג; דאַגעגען, ווער עס האָט געהאָלפען אַזאַ פּערזאָן צו ענטלויפען, אָדער האָט איהם ביי זיך בעהאַלטען, דער האָט בעקומען די זעלבע שטראָף, ווי די פּערזאָן

פון דער שווארצער ליסטע. דאָס האָט געמאַכט אַ שרעקליכע ווירקונג אויף די גאַנצע רוימישע געזעלשאַפט. די שקלאַפען האָבען געהאַט דאָס רעכט צו ער-מאָרדען זייער הערר, ווען ער איז געווען איינער פון דער ליסטע. די באַנדען פון פריינדשאַפט, אַפילו די פאַמיליען-באַנדען זיינען צוריסען געוואָרען. על-טערן זיינען ניט זיכער געווען פון זייערע אייגענע קינדער. דער האַס געגען דער פיינדליכער פּאַרטיי האָט זיך פערברייטערט אַפילו אויף די טויטע. מען האָט אויפגעגראָבען מאַריוס'עס קבר און זיין אַש האָט מען אין טייך אריינגע-וואָרפען, זיינע זיג-צייכענס האָט מען צושטערט. מאַריוס'עס אַדאָפּטירטער נעפע (פּלימעניק), מאַריוס גראַטידיאַנוס, אַ זעהר בעליבטער פּראָטאָר ביים פאָלק, האָט סוללאַ צום טויט פערמאַטערט.

אַ סענאַטאָר האָט געפרעגט סוללאַ'ן: „ווען וועט עס נעהמען אַן ענדע צו מאָרדען רוימישע בירגער?" און סוללאַ האָט דערויף קאַלטבלוטיג געענט-פערט: „איך וויים אַליין ניט", און באַלד דאַרויף האָט ער געלאָזט בעקאַנט מאַכען אַ נייע ליסטע פון בירגער, וואָס זאָלען ערמאָרדעט ווערען. דיזע שטראָף האָט ער פערברייטערט ניט נאָר אויף איינעצלנע פּערזאָנען אין רוים, נאָר אויך אויף גאַנצע שטעדט און מדינות. האָט ער בעזיגט אַ שטאָדט פון די בונד-חברים, האָט ער געהייסען פערניכטען אַלע מענשען אָהן אַ שום אויס-נאַהמע, יונג און אַלט, מענער און פרויען. אַפילו נאָך דעם קריג האָט ער געהייסען פון פיעלע געמיינדעס אָפּנעהמען זייער האָב און גוטס, זייערע פעלדער און גערטנער. מעהר פון אַלע אַנדערע און גרויזאַמער פון פיעלע אַנדערע האָט ער בעשטראָפט און ראַבע גענומען פון די סאַמניטער און לוקאַניער. ער האָט אין זייערע שטעדט געשיקט בעוואָפענטע רויבער-באַנדעס און זיי געגעבען ערלויבנים צו מאָרדען, רויבען, ברעכען ווי פיעל זייער הארץ האָט געלוסט, אַזוי דאָס גאַנצע געגענדען מיט אַ גרויסער רייכער בעפעלקערונג זיינען אין גאַנצען פערוויסט געוואָרען. סוללאַ האָט זיך ניט בענוגענט מיט בעשטראָפען זיינע געגנער, ער האָט אויך זייערע קינדער בעשטראָפט דערמיט, וואָס ער האָט פון זיי צוגענומען דאָס רעכט אַן עפענטליכעס אַמט צו קריגען. די קינדער פון די סענאַטאָרען, וואָס זיינען בערויבט געוואָרען פון זייערע מענשליכע רעכטען, האָבען געמוזט טראָגען די שווערע לאַסט פון זייער שטאַנד און ניט האָבען קיין רעכט צו ירש'ענען דאָס פערמעגען פון זייערע עלטערן אָדער וועלכעס עס איז עפענט-ליכעס אַמט צו קריגען.

נאָך דעם, ווי סוללאַ האָט זיינע געגנער פערניכטעט, האָט ער זיך אַ לייב-גוואַרדיע פערשאַפט צו היטען זיין פּערזאָן. די שקלאַפען פון די ער-

מאָרדעטע געגנער האָט ער בעפרייט. די צאָהל זייערע האָט בעטראָפען מעהר פון צעהן טויזענד, און דיזע האָט ער פעראייניגט אונטער דעם נאָמען „קאָרנעליער". די סאָלדאטען, וואָס האָבען איהם טריי געדינט, האָט ער געשענקט ערד און גיטער אין עטרוריען, סאמניום און לוקאניען. אזעלכע סאָלדאטען זיינען געוועזען איבער 120,000. דאָס איז געוועזען דאָס ערסטע ביישפיעל פון מיליטערישע קאָלאָניעס, אום צו פערזאָרגען אויסגעדינטע סאָלדאטען.

די וויכטיגסטע אויפגאַבע, וואָס סולל'א האָט זיך געשטעלט, איז געוועזען צו ברייגגען צוריק די צושטענדען, וואָס האָבען געהערשט אין רוים איידער די גראַקכען האָט געמאַכט די פערהאַסטע ענדערונגען. צו דיזען צוועק האָט ער פערשטאַרקט די מאַכט פון סענאַט און האָט געזוכט פעסטצושטעלען אַ שטאַרקע רעגירונגס־מאַכט. ער האָט אָפּגענומען די מאַכט פון די נייע בירגער צו מאַכען און צו שטימען איבער נייע געזעצען. אויך די פאָלקס־טריבונען האָבען נאָך דער נייער פערפאַסונג פערלאָרען דאָס רעכט פאָרצושלאָגען געזעצען און העכערע עמטער צו בעקליידען.

סולל'א האָט פערגרעסערט די צאָהל פון סענאַטאָרען ביז 600. דיזע ניינען ערוועהלט געוואָרען פון ריטער־שטאַנד און פון בעאַמטע פון דעם מיליטער, וועלכעס איז געוועזען אונטער זיין קאָמאַנדע. דאָס נייע געזעץ האָט געלויטעט, דאָס אַלע פריהעריגע קוועסטאָרען זיינען געוואָרען מיטגלידער פון סענאַט. געזעצען פיר דאָס פאָלק האָבען נאָר דאַן געקענט פאָרגעשלאָגען ווערען, ווען דער סענאַט האָט עס ערלויבט. די פינאַנצען פון שטאַאט זיינען געוועזען אויסשליסליך אין די הענט פון סענאַט. אויך דאָס געריכטס־וועזען האָט סולל'א צוגענומען פון די ריטער און האָט עס איבערגעגעבען צום סענאַט. דיזע אָרדנונג האָט צוגענומען פון די ריטער יעדע פּאָליטישע בעדייטונג. צו די ביזהער עקסיסטירענדע געריכטס־ערטער זיינען צוגעקומען נייע צווייגען: אַ געריכט צו משפּט'ן מאָרדטאַטען, אַ געריכט צו משפּט'ן פיר מאַכען פאַלשע מינצען, אַ געריכט צו משפּט'ן פיר פאַלשע צוואות און פאַלש עדות־זאָגען. די ציוויל געריכטען זיינען אָפּגעשיידט געוואָרען פון די קרימינאַל־געריכטען. מערקווירדיג, דאָס סולל'א האָט אָפּגעשאַפט די טויט־שטראָף פון פּאָליטישע פערברעכער, הגם ער האָט פיעלע טויזענדע געלאָזט הינריכטען נאָר דערפאַר, וואָס זיי זיינען געוועזען זיינע פּאָליטישע געגנער.

אום צו הינדערן אָליגאַרכישע שטרעבונגען, האָט סולל'א אַרויסגעגעבען אַ געזעץ, דאָס ווען איינער האָט אָפּגעדינט די בעשטימטע צייט פון זיין אַמט, קען ער בעקליידען אַן אַנדער אַמט ניט פריהער פון צוויי יאָהר נאָך דעם, ווי ער האָט זיין שטעלע פערלאָזען, אין דעם זעלבען אַמט אָבער קען ער

ערוועהלט ווערען ניט פריהער פון 10 יאָהר צייט, זינט ער האָט געענדיגט זיין פריהעריגעס אַמט. דער אויבער־בעפעהל אין קריג האָט גאָר ניט געהאַט צו טאָן מיט די בירגערליכע אַנגעלעגענהייטען. די קאָנסולען האָבען נאָר גע-האַט צו טאָן מיט דער פערוואַלטונג און די פּראָטאָרען אַליין האָבען געהאַט צו זאָגען אויף דאָס געריכטס־וועזען. ער האָט אויך שטאַרק פערקלענערט די מאַכט פון די צענזאָרען. זיי האָבען פערלאָרען דאָס רעכט סענאַטאָרען צו ערוועהלען און אראָפּצוזעצען. די צאָהל פון פּראָטאָרען האָט ער פערגרעסערט ביז 8 און די קוועסטאָרען ביז 20, די פּראָ־קאָנסולען און די פּראָ־פּראָטאָרען האָבען בעקומען שטעלעס אין די פּראָווינצען ניט פון סענאַט, נאָר על פּי גורל. דאָך האָט דער סענאַט געהאַלטען די אויסלענדישע אַנגעלעגענהייטען אין זיינע הענט, ווייל די וואַהל פון די אויסלענדישע בעאַמטע איז געווען אין זיין מאַכט. די איטאַלישע געמיינדעס האָבען בעקומען שטעדטישע פערפאַסונגען עהנליך צו דער רוימישער.

דאָס גאַנצע שטרעבען פון דער פערפאַסונג פון סולאַ'ן האָט געצילט דערצו, דאָס די אַריסטאָקראַטיע זאָל צוריק בעקומען די מאַכט, וואָס זי האָט געהאַט אין די אַלטע צייטען. ער האָט אָבער דיזעס ציל ניט דערגרייכט. ער איז ניט געווען דער מאַן, וואָס זאָל זיין אין שטאַנד איבערצומאַכען דעם שטאַאַט און דאָס פאָלק און צו פיהרען עס אויף דעם וועג, וואָס ער האָט געמאַכט. דער גייסט פון דער צייט איז געווען, אַז דאָס פאָלק זאָל און מוז אַליין זיין דער בעל דעה פון זיינע אייגענע אינטערעסען. איין איינצעל-נער מאַן איז ניט אין שטאַנד געווען עס אויסצואוואָרצלען פון די הערצער און פון די מוחות פון פאָלק. ער האָט נאָר געקענט אָפּהאַלטען די פערווירק-ליכונג פון דיזער אידעע אויף אַ קורצע צייט, אָבער ער האָט ניט געקענט זי אין גאַנצען דערשטיקען. די אונטערדריקטע קלאַסען האָבען קיין אורזאַך ניט געהאַט צו בעוואונדערן סולאַ'ס גרויסקייט, דען אין גרונד גענומען האָט סולאַ גאָר ניט געשאַפען, ער האָט נאָר פערניכטעט און צושטערט, וואָס מענשען מיט געוויסען, מענשען מיט עדעלע הערצער האָבען מיט זייער לע-בען געשאַפען פיר די אָרימע קלאַסען פון פאָלק. די אידעאַלען פון סולאַ'ן זיי-נען געווען דעם אַדעל און דעם סענאַט צו בעקליידען מיט דער העכסטער אױ-טאָריטעט, און דאָס פאָלק זאָל בלינד נאָכגעהן וואוהין דיזע וועלען עס פיהרען.

סולאַ האָט אָבער אַ גרויסען טעות געהאַט אין סענאַט. דיזער איז שוין פּשוט ניט אין שטאַנד געווען צו רעגירען דאָס פאָלק און צו בעהערשען עס. דאָס האָט ער מיט זיינע פריינד קלאָר בעוויזען. זיין אויסגעלאַסענעס לעבען, ווי אויך דאָס אויסגעלאַסענע לעבען פון דעם אַדעל האָט פערדאָרבען די זיטען

פון דער אַריסטאָקראַטיע, וועלכע האָט פערלאָרען דעם לעצטען רעספּעקט אין די אויגען פון פאָלק און האָט בעשאַפען אַ באָדען פיר די אָליגאַרכיע. און ווירקליך האָבען די פריינד פון סוללאַ׳ן, ווי ליקוללוס, פּאָמפּעיוס, קראַססוס, מעטעללוס און אַנדערע געבילדעט אַ מין אָליגאַרכיע.

נאָך דעם, ווי סוללאַ האָט, ווי ער האָט געדענקט, דערגרייכט זיין ציל, האָט ער אַליין איבערגעגעבען דאָס דיקטאַטאָר־אַמט פרייוויליג. עס איז צו בעוואונדערן דעם מוט און דעם שטאַרקען כאַראַקטער פון סוללאַ׳ן פרייוויליג איבערצוגעבען די דיקטאַטור־מאַכט, וועלכע האָט איהם געשיצט פון זיינע טויזענדע און טויזענדע פיינד, וואָס האָבען געזוכט פון איהם ראַכע צו נעהמען פיר די טויזענדע מאָרד־טאַטען, וואָס ער האָט בעגאַנגען. ער האָט אפילו גע-געבען צו וויסען, דאָס ער איז בערייט יעדען אָפּצוגעבען רעכענשאַפט פיר



סוללאַ זאָגט זיך אָפּ פון אַמט.

אַלע זיינע מעשים, אָבער קיינער האָט עס פון איהם ניט געפאָדערט און ער האָט פון דעסטוועגען אָפּגעלאָזען זיין לייב־גוואַרדיע, און איז געגאַנגען זעהר אָפט צווישען די מאַסען און קיינער האָט ניט געוואַגט איהם אָנצוגרייפען. ער האָט זיך אין גאַנצען צוריקגעצויגען פון שטאַאַטס־לעבען און האָט זיך

בעזעצט אין זיין גוט נעבען פּוטעאָלי אַלס אַ פּריוואַט־מאַן. דאָס אוננאָרמאַלע לעבען, וואָס ער האָט געפיהרט, האָט אין גאַנצען צושטערט זיין געזונד און ער איז געשטאָרבען אַ יאָהר נאָך דעם, ווי ער האָט זיך ענטזאַגט פון זיין דיקטאַטור. ער האָט אַליין בעשריבען די וויכטיגסטע פּאַסירונגען פון זיין לעבען. מיט דיזער בעשרייבונג האָט זיך דער גרויסער היסטאָריקער פּלוטאַרך בעדינט ביים פערפערטיגען די אויספיהרליכע ביאָגראַפיע פון איהם.

מיט סוללאַ'ס טויט איז אַ גרויסער טייל פון זיין ארבייט אונטערגעגאַנגען. דער קאַמף צווישען די פּאַרטייען האָט ווידער און נאָך מיט מעהר פייער אויסגעבראָכען. דער זיג איז אַ מאָל געווען ביי דיזען צד און אַ מאָל ביי יענעם צד. דאָס איבערגעוויכט צו דיזער אָדער צו יענער זייט האָט נאָר דאָס מיליטער געקענט געבען. ביז יענער צייט איז דאָס מיליטער ניט געווען קיין בעזונדערע מאַכט אין דער פּאָליטיק פון די אינערליכע אַנגעלעגענהייטען, ערסטענס, ווייל עס איז בעשטאַנען פון צוויי פערשיידענע עלעמענטען — פון רוימישע בירגער און פון בונד־חברים, און צווייטענס, ווייל באַלד נאָך דעם קריג האָט מען דאָס מיליטער אָפּגעלאָזען. די צייטען אָבער האָבען זיך געענדערט. מען האָט אָנגעהויבען צו ברויכען דעם סאָלדאַט אין אַלע צייטען, אַפילו אין צייט פון פרידען, מען האָט איהם געברויכט אום צו האַלטען אָרדנונג אין די פּראָווינצען און אַפילו אין איטאַליען זעלבסט. דיזער אומשטאַנד האָט שטאַרק געווירקט אויף דעם כאַראַקטער פון דעם סאָלדאַט. ער איז אָפּגעריסען געוואָרען אויף אימער פון זיין פעלד און האָט זיך צוגעוועהנט צו אַן אַנדער סאָרט לעבען, צו דעם סאָלדאַטסקען לעבען. דעם סאָלדאַט, דעם פּויער, איז נאָר געבליבען די אונניצליכע ווינטער־צייט. זיין גוט איז אין ווערט אַרונטער מעהר און מעהר, ער האָט געמוזט זיך פערשולדיגען, און די שולדען האָבען ענדליך דאָס גאַנצע גוט פערשלונגען. מיט דער צייט איז דער פּויערשער שטאַנד כמעט אין גאַנצען פערשוואונדען, און צוזאַמען מיט דעם איז זעהר קליין געוואָרען די קלאַס מענשען, וואָס זיינען פעהיג געווען צו טראָגען געוועהר. מען האָט געמוזט צונעהמען אין די אַרמעע יעדען, ווער עס האָט זיך געמעלדעט און איז געווען קרעפטיג גענוג. די פּראָלעטאַריער זיינען אין גרויסע מאַסען אַריין אין די אַרמעע. דער בירגער־סאָלדאַט איז פערשוואונדען און אויף זיין אָרט איז געוואָרען אַ פּראָפעסיאָנעלער סאָלדאַט, וואָס האָט קיין זאַך ניט געוואוסט, און ניט געוואָלט וויסען אויסער זיין שטאַנד. מיט דיזען סאָלדאַט איז דער קריגס־קאָמאַנדיר געוואָרען אַ נייע מאַכט אין לאַנד. דער פּראָפעסיאָנעלער סאָלדאַט האָט קיינעם ניט געוואוסט אויסער זיין קאָמאַנדיר. פון איהם איז געווען אָפּהענגיג זיין יעצט און זיין צוקונפט. דער

רעזולטאַט פון דיזער אָרדנונג איז געוועזן, דאָס די גרויסע רוימישע וועלט־מלוכה איז געוואָרען אין גאַנצען אָפּהענגיג פון דעם חיל־פיהרער און פון זיינע סאָלדאַטען. יעדער פערשטענדיגער מענש, אַפילו ניט קיין נביא, האָט געקענט פאָרויסזעהן, דאָס דיזע ענדערונג וועט מאַכען אַן ענדע צו דער רעפובליק, דאָס אין רוים וועט מיט דער צייט אויפשטעהן אַ זעלבסט־הערשער. מאַריוס און סוללאַ זיינען געוועזן די ערסטע צו צייגען, דאָס אין רוים הערשט מעהר ניט דאָס פאָלק, נאָר עס הערשט דער ווילען פון אַן איין איינציגען מיליטער־קאָמאַנדיר. פון דאַמאָלס אָן האָבען אָנגעהויבען צו פיהרען די געשיכטע פון רוים איינצעלנע פּערזאָנען מיט אַ שטאַרקען ווילען און אַן אייזערנעם כאַראַקטער. יעצט קומט אַרויף אויף די ביהנע פון דער רוימישער געשיכטע דער בעריהמטער קריגס־קאָמאַנדיר פּאָמפּעיוס.

## 8) די צייט פון פּאָמפּעיוס'ן.

די פאָלקס־פּאַרטיי האָט זיך פיר קיין פאַל ניט געקענט צופרידען שטעלען מיט דער נייער פערפאַסונג פון סוללאַ'ן. באַלד אין דעם יאָהר פון סוללאַ'ס טויט (78 פ. קר.) האָט דער קאָנסול אָ מ י ל י ו ס ל ע פּ י ד ו ס גענומען מאַכען ענדערונגען אין סוללאַ'ס פערפאַסונג. ער האָט פערלאַנגט מען זאָל צוריק איינפיהרען די פאָלקס־טריבונען, און דאָס מען זאָל צוריקרופען די אַלע, וואָס סוללאַ האָט פון לאַנד אַרויסגעטריבען, און מען זאָל זיי צוריקגעבען וואָס די רעגירונג האָט קאָנפיסקירט. לעפּידוס האָט געהאַט הינטער זיך אַ שטאַרקע פּאַרטיי, איבערהויפּט אַלע די, וועלכע האָבען געליטען פון סוללאַ'ס פערפאָלגונגען. אויך פיעלע פון די אַדעליגע, וועלכע זיינען רואינירט געוואָרען פון סוללאַ'ס גרויזאַמקייטען, האָבען זיך צוגעשלאָסען צו דער פאָלקס־פּאַרטיי מיט דער האָפנונג אויף דיזען וועג זייערע אומשטענדען צו פערבעסערן. רעכנענדיג אויף דיזע שטיצע, האָט לעפּידוס זיך אין געהיים פערזאָרגט מיט אַ מיליטערישער מאַכט און איז פּלוצלינג אַרויס געגען רוים. אָבער דער אַנדערער קאָנסול, זיין קאָלעגע ק ו ו י נ ט ו ס ל ו ט אַ צ י ו ס ק אַ ט ו ל ו ס, אונטערשטיצט פון פּאָמפּעיוס'ן, האָט איהם צוריקגעשטויסען. לעפּידוס איז ענטלאָפען נאָך סאַרדיניען און דאָרט איז ער באַלד געשטאָרבען.

די טרופּען פון לעפּידוס'ן זיינען אַוועק נאָך שפּאַניען און דאָרט האָבען זיי זיך פעראייניגט מיט ס ע ר ט אָ ר י ו ס'ן, וועלכער איז פריהער געוועזן שטאַטהאַלטער אין שפּאַניען און איז אַרויסגעטריבען געוואָרען פון דעם אַמט, ווייל ער איז געוועזן פון מאַריוס'עס אָנהענגער. ער האָט זיך אַ צייט

לאַנג אויפגעהאַלטען אויף דעם צפון־ברעג פון אַפריקאַ, ביז ער איז ענדליך אין יאָהר 80 פ. קר. גערופען געוואָרען פון די לוסיטאַניער צוריקצוקומען נאָך שפּאַניען. ער איז צו זיי צוגעשטאַנען, ניט אַזוי פיעל אום זיך צו רעטען פון זיין נע ונד לעבען, ווי צוליב דעם ערנסטען געדאַנק צו דינען דעם פאָלק מיט וואָס מעגליך איז. צו דיזען צוועק האָט ער פערפאַסט אַ פּלאַן צו גרינדען אַן אייגענעם שטאַאַט, וועלכער זאָל זיין אַ דעמאָקראַטישע רוים אין פולען זין פון דעם וואָרט. ער האָט זיך אָנגענומען ביי די לוסיטאַנער צו זיין אַ קריגס־קאָמאַנדיר, אום מיט זייער הילף צו קעמפען געגען רוים. פון די לוסיטאַנער רעקרוטען, וואָס ער אַליין האָט אויסגעקליבען, האָט ער געבילדעט אַן אַרמעע נאָך דער רוימישער אַרט, אונטער עכט רוימישע בעאַמטע, און מיט דיזע סאָלדאַטען איז עס איהם גלונגען צו שלאָגען אַלע טרופּען, וואָס רוים האָט געשיקט געגען איהם. די קעלטען האָבען מיט בעגייסטערונג געקעמפט אונטער זיין פלאַג. זיין פּערזענליכקייט אַליין האָט זיי בעצויבערט. ער איז געווען ניט נאָר אַ טיכטיגער קריגס־מאַן און אַ קלוגער שטאַאַטסמאַן, נאָר ער איז אויך געווען פול מיט עהרענגעפיהל און וואַהרע ליבע צום פאָטערלאַנד, אייגענשאַפטען וואָס זיינען געווען אין יענער צייט פון פערדאָרבענהייט זעהר זעלטען. ער האָט אַלע קרעפטען אָנגעווענדט צו פערגרעסערן זיין אַרמעע און צוציהען צו איהם נייע קרעפטען. ער האָט זיך פערבונדען זעלבסט מיט די זעע־רויבער, און האָט אָנגעפאַנגען אונטערהאַנדלען מיט'ן קעניג מיטהראַדאַטעס. ער האָט געגרינדעט אַ נייעם סענאַט פון די פערשיקטע אָנהענגער פון מאַריוס'ן. דיזען סענאַט, וועלכער איז אויך בעשטאַנען פון 300 מיטגלידער ווי דער סענאַט אין רוים, האָט ער גערעכענט אַריינברייגנען אין רוים, און דעם יעצטיגען, וואָס אין רוים, אָפּשאַפען און אַרויסטרייבען. אין אָסקאַ, אַראַגאָניען, האָט ער געגרינדעט אַ שולע פיר די פאָרנעהמע שפּאַנישע קינדער, וואו די קינדער האָבען געלערנט גריכיש און לאַטייניש.

רוים האָט געשיקט געגען איהם טרופּען אונטער דער פיהרערשאַפט פון סוללאַ'ס קאָמאַנדירען, אָבער זיי זיינען אַלע פון איהם בעזיגט געוואָרען. דער סענאַט אין רוים האָט געפונען פיר גוט צו שיקען געגען איהם אין שפּאַניען דעם יונגען פּאָמפּעיוס מיט דער מאַכט פון אַ פּראָ־קאָנסול, הגם ער איז נאָך געווען צו יונג צו פערנעהמען אַזאַ שטעלע און דאָס געזעץ האָט עס אויך ניט ערלויבט. אָבער אויך פּאָמפּעיוס האָט אָנפאַנגס גאָר ניט געקענט מאַכען געגען סערטאָריוס'ן. שפּעטער האָט זיך פּאָמפּעיוס פעראייניגט מיט קווינטוס מעטעללוס פּיוס, וועלכער איז דאַמאָלס געווען שטאַטהאַלטער אין יענער זייט שפּאַניען, און מיט זיין הילף האָט ער בעזיגט סערטאָריוס'ן.

וועלכער איז געווען געצוואונגען זיך צוריקציהען אין די געגענד פון דעם טייך עברא. אָבער דיזער זיג האָט געהאַט אַ קליינע ווירקונג אויף סערטאָ-ריוס'ן און די רוימישע פיהרער האָבען אָנגעהויבען געברויכען געגען איהם גע-מיינע מיטלען: בעשטעכונגען, געהיימע מערדערייען א. ד. גל. די רוימישע קאָמאַנדירען האָבען אָנגעמאַכט אַ פערשווערונג אין זיין אייגענעם לאַנד און ביי אַ מאָהלצייט אין אָסקאַ איז סערטאָריוס ערמאָרדעט געוואָרען אין יאָהר 72 פ. קר.



פאָמפּעיוס.

דורך דיזען גרויסען און וויכטיגען ערפאָלג איז פאָמפּעיוס געוואָרען איינער פון די ערסטע און גרעסטע מענער אין רוים. אַלס אָנהענגער פון סוללאַ'ן האָט ער נאָך אין זיינע גאַנץ יונגע יאָהרען געקריגען אַ גרויסען נאָמען און האָט געהאַט אַ גרויסען ווערט אין סענאַט. אַלס ער איז אַלט געוואָרען 20 יאָהר האָט דאָס גליק שוין צו איהם זיך פריינדליך געוויזען. שוין אין דיזען יונגען אַלטער האָט מען איהם גערופען „פאָמפּעיוס דער גרויסער". ער איז ווירקליך געווען אַ זעהר העלדישער סאָלדאַט, און האָט אימער געקעמפט מיט'ן גרעסטען גליק. אָבער נאָר דאָס גליק האָט איהם געשפּילט, וואָרום אין גרונד גענומען האָט ער זיך ניט אויסגעצייכענט

מיט א גרויסען גייסט. אויך אלס שטאאטסמאן האט איהם געפעהלט דער נעטיגער שארפער בליק. ער איז געווען זעהר פארזיכטיג, אבער דיזעס האט איהם געמאכט אונזיכער און אונפעהיג צו ווערען דער פיהער פון א פאלי- טישער פארטיי. עס זיינען געווען צייטען, וואס די קעניגליכע קרוין איז גע- לעגען צו זיינע פיס, אבער ער האט ניט געהאט דעם מוט זי אויפצוהייבען און אנטאן, די גליקליכע מאמענטען זיינען אוועק און ער האט ניט געוואוסט ווי זיך מיט זיי ווי צו בענוצען. איין זאך מוז מען צוגעבען, דאס ער האט גע- פיהרט אן ארענטליכעס לעבען, אזוי דאס עס איז ניט געווען אין זיין לעבען עטוואס שלעכטעס, פיר וואס מען האט איהם געקענט פארווארפען.

**דער שקלאפען-קריג** (73—71 פ. קר.). אין דער רוימישער גע- שיכטע זיינען ניט ווייניג בלעטער געשריבען מיט בלוט. אבער די געשיכטע פון דעם שקלאפען-קריג טרעפט איבער אלע אנדערע בלוטיגע בעגעבענהייטען. דורך דעם שקלאפען-קריג איז דער רוימישער שטאאט שיער געקומען צום אונטערגאנג. ביז יעצט האבען מיר איבערגעגעבען די קאמפען און שטריי- טיגקייטען צווישען די פרייע בירגער פון פערשיידענע פארטייען. הונדערטע יאהרען האבען די פלעבעיער געשטריטען מיט די פאטריציער פיר זייערע רעכ- טען, יאהרען לאנג האט געדויערט דער קאמף צווישען די בלוטיגע וואוכערער און די אויסגעזויגטע, פעראָרימטע שולדנער, צווישען דעם רייכען גוטס- בעזיצער און דעם קליינעם אקערמאן, דעם פויער, צווישען די בונד-חברים און דעם רוימישען בירגער — דאס אלץ זיינען געווען קאמפען און שטרייטיג- קייטען צווישען פרייע. די אלע שטרייטיגקייטען צווישען די פרייע הא- בען מעהר אדער ווייניגער געהאט אן ערפאלג, די שטרייטענדע געדריקטע קלאס האט פיעל אדער ווייניג פיר זיך אויסגעווירקט צו פערבעסערן איהר לאגע. נאר די אונגליקליכע שקלאפען זיינען געבליבען אין זייער לאגע אהן שום האפנונג אויף פערבעסערונג. מען האט זיי ניט בעטראכט אלס מענשען, וואס פיהלען זייערע שמערצען, נאר אלס א זאך, א חפץ, אלס אן אייגענטומס- ארטיקעל, וואס האט ניט קיין רעכטען. אפילו די גרויסע פאלקס-פריינד הא- בען גאר ניט געפונען פיר רעכט זיך אנצונעהמען פיר די שקלאפען און פער- בעסערן זייער לאגע.

די לאנגע אונאויפהערליכע מלחמות האבען געבראכט דערצו, דאס אי- טאליען איז פול געווארען מיט שקלאפען. זעהר א גרויסע צאהל פון זיי זיינען געווען קריגס-געפאנגענע, וואס האבען פריהער אין זייער לאנד פער- נומען א הויכען וויכטיגען ארט אין דער געמיינדע און האבען געשטאמט פון הויכען אדעל. די צאהל פון שקלאפען אין איטאליען איז געווארען אזוי

גרויס, דאָס די רוימער האָבען אָנגעהויבען שטאַרק מורא האָבען פאַר זיי. סענעקאַ דערצעהלט, דאָס איין מאָל האָט מען פאָרגעשלאָגען אין סענאַט אַ געזעץ, דאָס די שקלאַפען זאָלען טראָגען אַנדערע קליידער ווי די בירגער, דערויף האָט איין סענאַטאָר געענטפערט: „אונגליקליך וועט זיין רוים, ווען די שקלאַפען וועלען זיך דערוויסען ווי גרויס זייער צאָהל איז און ווי שטאַרק זיי קענען זיין, ווען זיי וועלען זיך פעראייניגען". און דיזע בע־מערקונג האָט ווירקליך אָפגעהאַלטען דעם סענאַט פון דורכצופיהרען די־זעם געזעץ. עס זיינען געוועזען רוימער, וואָס האָבען געהאַט איבער 20,000



אַ שקלאַף, וועלכען מען שמייסט.
נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

אַרבייטענדער שקלאַף אין קייטען.
נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

שקלאַפען. דער רוימישער היסטאָריקער טאַציטוס ערצעהלט, דאָס אין איין הויז האָט מען גע'הרג'עט 4,000 שקלאַפען מיט איין מאָל דערפאַר, וואָס זיי האָבען ניט געשטערט די ערמאָרדונג פון זייער הערר. אַזעלכע פעלען זיי־נען געוועזען זעהר אָפטע ערשיינונגען. מען פלעגט ערמאָרדען אַלע שקלאַפען, וואָס זיינען געוועזען אין אַ הויז, אין וועלכען אַ מאָרד איז געשעהן, און מען האָט קיין אונטערזוכונג ניט געמאַכט צו וויסען, ווער עס איז אין דעם געוועזען דער שולדיגער.

אין דער צייט, ווען רוים איז געוואָרען אַ קייזערטום און האָט געהאַט 60 מיליאָן פרייע, האָט זי געהאַט 120 מיליאָן שקלאַפען. די אורזאַך, וואָרום די צאָהל פון שקלאַפען אין רוים איז געוועזן אַזוי גרויס, איז אַן עקאָנאָמישע. פריהער פלעגט דער פויער אַליין מיט זיינע קינדער בעאַר־בייטען דאָס שטיקעל ערד, וואָס איז געווען זיין אייגענטום. ווען ער האָט געהאַט אַ פּאָאַר שקלאַפען צו העלפען איהם אין זיין אַרבייט זיינען זיי געווען גערעכענט אַלס מיטגלידער פון דער פאַמיליע, און זיינען בעהאַנדעלט געוואָרען אַלס אַזעלכע. זיי פלעגען זיצען ביים טיש צום עסען צוזאַמען מיט דער גאַנצער פאַמיליע, זייערע קינדער פלעגען זיך שפּילען צוזאַמען מיט די קינדער פון דעם הערר פון הויז, זיי האָבען גענאָסען כמעט די זעלבע ערציהונג, וואָס די פרייע, און דעריבער איז זייער לאַגע ניט געווען אַזוי אונגליקליך און טרויעריג. גאַנץ אַנדערס איז עס געוואָרען אַלס די ערד איז איבערגעגאַנגען צו גרויסע גוטס־בעזיצער. יעצט איז די ערד בע־אַרבייט געוואָרען כמעט אויסשליסליך פון שקלאַפען. די שקלאַפען־אַרבייט האָט געמאַכט ניט נעטיג די אַרבייט פון די פרייע. דאָס זעלבע איז געווען אין דער אינדוסטריע, וועלכע האָט זיך אויך געפונען אין די הענט פון גרויסע קאַפּיטאַליסטען, וועלכע האָבען ליבער געאַרבייט מיט שקלאַפען איי־דער מיט פרייע אַרבייטער. די גאַנצע קולטור אין אַלטערטום איז געווען אָפּהענגיג פון שקלאַפען, ווי אין היינטיגער צייט פון די פרייע אַרבייטער. דער שקלאַף האָט דאַמאַלס בעשאַפען אַלע גיטער, האָט פּראָדוצירט אַלע וואַארען, און אַליין איז ער געווען אויסגעשלאָסען פון אַלץ צו געניסען — די זעלבע געשיכטע, ווי עס איז אין היינטיגע צייטען מיט דעם פרייען אַר־בייטער.

אָבער אויסער וואָס מען האָט געברויכט פיעלע שקלאַפען צו דער אַר־בייט, האָט מען זעהר פיעלע בענוצט פיר געגענשטענדען פון לוקסוס. עס זיינען געווען שקלאַפען הויז־פערוואַלטער, טויער־היטער, דינער צו אויפנעה־מען געסט, בעזונדערע דינער פיר עס־געשיר, בעזונדערע פיר טרינק־געשיר, פיר קליידער, פיר קונסט־זאַמלונגען, קאַמער־דינער און פערשיידענע קאָך־מייסטערס. די רוימער פון יענער צייט האָבען זיך געפּוילט אפילו צו גע־ברויכען זייערע מוחות צו טראַכטען עטוואָס, און האָבען דיזעס אויך איבער־געגעבען צו די שקלאַפען. דער רוימער האָט אַליין ניט געשריבען, נאָר ער פלעגט דיקטירען צום סעקרעטער, און יענער האָט געשריבען. דער שקלאַף האָט געמוזט לעזען פיר זיין הערר און מאַכען פיר איהם די נעטיגע נאָטיצען און אויסצוגען. דער שקלאַף האָט בעדאַרפט דערמאָהנען זיין הערר, ווען ער

דאַרף נעהמען אַ באַד, ווען ער זאָל געהן צום טיש עסען א. ד. גל. דער שקלאַף איז געוועזן אַ מין זייגער, ער האָט געמוזט וויסען געגוי די צייט, ווי שפּעט עס איז, און דעם הערר צו יעדער צייט זאָגען, ווען ער האָט געוואָלט וויסען. סענע־קאַ ערצעהלט, דאָס צווישען זיינע פריינד זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבען זיך געפוילט צו נעהמען די מיה צו וויסען, אויב ער איז הונגעריג; איינער פון זיינע בעקאַנטע האָט געפרעגט: אויב ער זיצט שוין, נאָך דעם, ווי מען האָט איהם פון וואַגע אַרויסגענומען און אין אַ שטוהל אַריינגעזעצט. ווען זיי פלעגען אַרוים אין גאַס, פלעגען זיי אַרויסשיקען פאָרויס שקלאַפּען צו וויסען, אויב אויף דעם וועג, אויף וועלכען זיי געהען, איז פאַרהאַנען אַ העכערער אָדער אַ נידריגערער אָרט, וואו זיי וועלען זיך מוזען אויפהייבען אָדער אַרונטערגעהן. אויך וואָס עס האָט זיי געפעהלט אין בילדונג האָט דער שקלאַף געמוזט אויספילען. סענעקאַ ערצעהלט, דאָס אַ רייכער מאַן אין זיין צייט, מיט׳ן נאָמען קלאַודיוס סאַבינוס, האָט געוואָלט מען זאָל איהם רעכנען פיר אַ געבילדעטען מאַן, הגם ער איז געווען אונוויסענד. ער האָט געהייסען איינעם פון זיינע שקלאַפּען אויסלערנען אויף אויסווענינ דעם גאַנצען האָמער, אַן אַנדערער האָט געמוזט אויסלערנען העזיאָד א. אז. וו. און ווען געסט זיינען געווען ביי איהם אין הויז, האָבען די שקלאַפּען געמוזט געבען איהם שטעהן און איהם פאָרזאָגען איינינע פּאַסענדע פערזען און ער האָט געשטאָלצירט דערמיט.

דיזע אונגעהייערע פאָדערונגען אויף מענשען־מאַטעריאַל האָט בעשאַ־פען אַ גרויסען שקלאַפּען־האַנדעל. די שקלאַפּען־הענדלער פלעגען נאָכ־געהן מיט די רוימער אין זייערע קריגען און פלעגען ביי זיי אָפּקויפען די קריגס־געפאַנגענע און זיי פלעגען זיי ברייננען צו די גרויסע פונקטען פון שקלאַפּען־פערקויף, ווי צ. ב. דעלאָס, טירוס (צור), קאַרטהאַגאָ א. אנד. די צאָהל פון די קריגס־געפאַנגענע איז אימער געווען זעהר גרויס. עס זיינען געווען שלאַכטען, פון וועלכע די רוימער האָבען געהאַט 50,000 געפאַנגענע, 60,000, אמאָל 90,000 און אפילו 100,000 געפאַנגענע, וואָס זיינען פער־קויפט געוואָרען פיר שקלאַפּען.

אויף׳ן מאַרק־פּלאַץ פלעגט מען די געפאַנגענע אוועקשטעלען אויף אַ הויכען אָרט, וואָס איז ספּעציעל פיר דיזען צוועק געמאַכט געוואָרען. יע־דער שקלאַף האָט געטראַגען אויף זיין האַלז אַ צעטעל, אין וועלכען עס איז געווען בעצייכענט זיין פאָטערלאַנד, זיינע יאָהרען, זיינע פעהיגקייטען, זיי־נע קענטניסען, אָדער זיינע פעהלערן. דער פּרייז פון די שקלאַפּען איז גע־ווען זעהר פערשיידען. קריגס־געפאַנגענע פלעגען זיך שעצען פון 200 ביז

400 מארק, לוקסוס־שקלאפען, ווי געבילדעטע גריכען, פלעגען קאסטען 5 אָדער 6 מאָל טייערער. מען האָט אמאָל בעצאָהלט פיר אזא שקלאף 140,000 מארק. דער מסחור פון שקלאפען איז געווען זעהר גרויס. אין דעלאָס פלע-גען זיך אָפט אין איין טאָג פערקויפען 10,000 שקלאפען.



**שקלאפען־בייטש.**

נאָך אַ מאָדעל, וואָס מען האָט געפונען אין הערקולאנעאום.

די לאגע פון די שקלאפען אין רוים איז געווען פיעל ערגער ווי אין גריכענ-לאנד. דאָס לעבען פון א שקלאף אין רוים איז געווען א רייהע פון ליידען אָהן אן אויפהער. אויסער וואָס זיי זיינען געווען אָפגעריסען פון זייער פאָטערלאנד און פון זייערע פאמיליעס, זיינען זיי געווען אויס-געזעצט צו אַלערליי ליידען, קערפערליכע און גייסטיגע, אָהן א שום שולד פון זייער זייט, נאָר צוליב דעם קאפריז פון זייער הערר. יעדע מינוט האָט זיי גע-דראָהעט דער טויט. ווען די געשיכטע פון רוים וואָלט זיין געשריבען פון שקלאפען, וואָלט זי אנדערם אויסגעזעהן. וואָס וואָלט געבליבען פון זייער ענערגיע, פון זייער פאָטערלאנד־ליבע, פון זייער בעגייסטערונג? די ווע-ניגע ליכט־פונקטען פון רוימישען לעבען וואָלטען אין גאנצען פערשוואונ-דען נעגען די שווארצע שאנד־פלעקען פון שקלאפעריי, מיט וועלכע דער נאָ-מען רוים איז בעשמוצט. אין דער גאנצער וועלט־געשיכטע, דאכט זיך, וואָלט ניט געווען קיין בלאט, וואָס זאָל זיין אָנגעפילט מיט מעהר געמיינ-הייט, גראָבקייט, גרויזאמקייט און אייגעננוציגקייט. אָבער קיין ווערטער זיינען ניט אין שטאנד אזוי געטרי און ריכטיג צו שילדערן די רוימער אין זייער בעצוג צו די שקלאפען, ווי די נאקעטע ווירקליכקייט.

דער שקלאף אין רוים איז ניט בעטראכט געוואָרען אלס א לעבעדי-געם וועזען, נאָר אלס א זאך, א חפץ. א רוימישער יוריסט האָט געזאָגט: „שקלאפעריי איז דאָס זעלבע וואָס דער טויט". דער שקלאף איז בירגער-ליך טויט, ער האָט קיין רעכטען, ער מוז נאָר דינען דעם הערר און צופרידען שטעלען זיינע קאפריזען. דער שקלאף האָט קיין רעכט ניט געהאט אי-מיצען פאר'ן געריכט פערקלאָגען. זעהר זעלטען האָט מען דעם שקלאף צו-געלאָזען צום געריכט צו זאָגען עדות געגען זיין הערר, און דאָס האָט מען נאָר דאן ערלויבט, ווען עס איז קיין אנדער מיטעל ניט געווען צו בעקומען די נעטיגע בעווייזען. מיר האָבען שוין פריהער דערמאָהנט, דאָס דער שקלאף האָט קיין רעכט ניט געהאט צו בעזיצען וועלכעס איז אייגענטום. אויסער

די שקלאפען, וואס האבען געהערט צו דער רעגירונג, וועלכע האבען יע גע-מעגט האבען עטוואס אייגענטום, אבער אויך דיזע האבען קיין רעכט ניט געהאט איבערצולאזען אלס ירושה מעהר ווי א העלפט פון זייער פערמעגען.

די הערשאפט פון דעם הערר איבער זיין שקלאף איז געווען אונבע-שרענקט ביז אין דער צייט פון די קיסרים. דער הערר האט געהאט רעכט צו טאן מיט זיין שקלאף וואס ער האט געוואלט, אפילו צו טויטען איהם. אויך די, וואס האבען גערעכענט פיר א מאראלישע פליכט צו בעשיצען דעם שקלאף, זיינען ווייטער ניט געגאנגען ווי היינטיגע בעשיצער פון טיערען (חברה צער בעלי חיים). עס זיינען געווען הערען, וואס ווען דער שקלאף האט אונגערן צובראכען א כלי, האבען זיי איהם אריינגעווארפען אין ים, פיש זאלען איהם אויפעסען. דער קלענסטער פעהלער פון א שקלאף, א ווארט פון איהם, וואס דעם הערר איז ניט געווען געפעלען, אן ארבייט, וואס איז געמאכט געווארען ניט ווי עס געהערט צו זיין, האט געבראכט דעם אונגליקליכען שקלאף די גרויזאמסטע שטראף. שמייץ מיט ריטער, קלעפ מיט שטעקענס, שמיעדען אין קייטען און אריינווארפען אין טיעפע גריבער אונטער דער ערד צו טאן דארט שווערע ארבייט, דאס אלץ איז געווען א זעהר געוועהנליכע שטראף פיר א שקלאף. מאטערן א שקלאף איז געווען אן אלטעגליכע ערשיינונג.

אפילו די פארנעהמסטע דאמען פלעגען זיך ערלויבען טיראניש בע-האנדלען די שקלאפען. פיעלע אריסטאקראטקעס, ווען זיי האבען געפרא-וועט זייער טואלעט, פלעגען האלטען ביי זיך א גאנץ לאנגע שפילקע, אום זי אריינצושטעכען אין לייב פון דער אונגליקליכער שקלאפין, ווען זי האט איהר מיט א קלייניגקייט ניט צוגעטראפען.

אין הינזיכט פון בעהאנדלונג קענען די שקלאפען אייגעטיילט ווערען אין צוויי קלאסען: הויז-שקלאפען און פעלד-שקלאפען. די ערסטע זיינען פיעל בעסער בעהאנדעלט געווארען איידער די צווייטע. די פעלד-שקלאפען פלעגען ארבייטען אין פעלד די פיס-געשמידט אין קייטען איינער צו דעם אנדערן, די נאכט האבען זיי פערבראכט אין א פייכטער לאך אלע צוזא-מען. די שפייז פלעגט מען זיי ארויסגעבען מיט א געוויסען מאס און אויף א געוויסע צייט — פון 3 ביז 5 שעפעל געטריידע און פון 8 ביז 24 ליטער וויין אויף א מאנאט פיר יעדע פערזאן. די קליידער זיינען בעשטאנען פון 2 שטיק — א העמד אהן ארבעל און א גראבען מאנטעל. אויף די פיס האבען זיי געטראגען הילצערנע שיך. אלס וואוינונג האט זיי געדינט אן ענגער פינסטערער קעלער.

מאַנכע געבילדעטע שקלאַפען, האָבען געקריגען אַ גוטע בעהאַנדלונג און זיינען געווען געליבט און געשעצט פון זייערע הערען, כמעט ווי אַ מיט-גליד פון דער פאַמיליע. אָבער דאָס איז געווען אַ זעלטענהייט.

ווען אַ שקלאַף האָט זיך ערלויבט צו ענטלויפען פון זיין אונטער־ער-דישען געפענגנים און פון דער קנוטע פון זיין טיראַנישען הערר האָט מען איהם נאָכגעיאָגט ווי אַ ווילדעס טיער ביז מען האָט איהם געכאַפּט. אַזאַ שקלאַף, וואָס האָט געפּרובּט זיך רעטען, איז לייכט געווען צו ערקענען אָן זיין אָפּגעשראָרענעם קאָפּ, אָן די סמנים, וואָס די קנוטע האָט געלאָזען אויף זיין לייב, אָן די צייכענס פון די קייטען אויף זיינע פיס, ווי אויך אָן די איינגעברענטע אויפשריפט אויף זיין שטערן. געוועהנליך האָט מען אַזאַ קנעכט, נאָך דעם, ווי מען האָט איהם געפּאַקט, מערדערליך בעשטראָפט און פערשיקט צו ארבייטען אין די מינעס אָדער אין די מיהלען. „דאָ“, זאָגט דיאָדאָרוס סיקולוס, „עקסיסטירט קיין מיטלייד; קראַנקע, קאַליקעס, שוואַ-כע פרויען און אַלטע — אַלע ארבייטען אונטער אַ שטענדיגער קנוטע ביז זיי פאַלען טויט“. אַלס אַפּוליוס האָט אַמאָל בעזוכט אַזאַ מיהל, האָט ער אויסגעשריען: „גרויסער גאָט! וואָס פיר אונגליקליכע בעשעפּניסען זיינען די, וואָס ארבייטען דאָ! זייער הויט בלאָס ווי ביי מתים און בעדעקט מיט סנאַרעס פון דער קנוטע. אויף יעדען'ס שטערן איז איינגעברענט אַ ציי-כען, אויף דעם פוס איז אַ קייטען־רינג, די האָאָר געשאָרען אויף אַ זייט. קליידער האָבען זיי ניט. עס גיט ניט אין דער וועלט עפּעס, וואָס זאָל זיין העסליכער ווי דיזע אונגליקליכע!“. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס אַזוי פיעלע שקלאַפען פלעגען בעגעהן זעלבסטמאָרד, אָדער פלעגען ענטלויפען פון זייערע טיראַנישע הערען. ענטלויפען אָדער בעגעהן זעלבסטמאָרד איז ביי שקלאַפען פאָרגעקומען אַזוי אָפט, דאָס מען האָט געפונען פיר נעטיג צו מאַכען אַ געזעץ, דאָס ווען איינער האָט געקויפט אַ שקלאַף, וואָס האָט גע-וואָלט בעגעהן זעלבסטמאָרד אָדער איז שוין איינמאָל ענטלאָפען, און דער פערקויפער האָט ניט געגעבען צו וויסען וועגען דעם ביים פערקויפען, האָט דער קונה דאָס רעכט צו פאָדערן צוריק דאָס געלט, וואָס ער האָט בעצאָהלט.

די רוימער האָבען קיינמאָל ניט געזאָרגט פיר אַלטע, שוואַכע, קראַנקע שקלאַפען. דיזע פלעגען זיי אַריבערברייגגען אין עסקולאַפּען־טעמפּעל, וואָס איז געווען אויף אַן אינזעל פון דעם טיבער, און מען האָט זיי דאָרט געלאָזען. אויב זיי וועלען דאָ שטאַרבען אָדער געגעזען ווערען — דאָס האָט מען אי-בערגעלאָזען צו די געטער.

דער שקלאף האט גאר ניט געהאט, אויף וואס ער האט געקענט האפען אויף דער עלטער, קיין פריינד, פון וועלכען ער האט געקענט ערווארטען הילף אדער שוץ. די פרוי און קינדער, וואס ער האט געהאט, זיינען ניט געווען זיינע אייגנע, נאר זיי האבען געהערט צום הערר. די רעגעל וועגען שקלאפען איז געווען: צו רעדען צו זיי וועניג, אום זיי אין רעספעקט צו האלטען; צו בעהאנדלען זיי ווי ווילדע חיות, צו מאכען זיי דורך שמיץ פיעל מאל שקלאפישער ווי זיי זיינען.

רוה-טעג האבען די שקלאפען געהאט נאר 3 אין יאהר, די סאטורנאליען (פון 17 ביז 19טען דעצעמבער). די שקלאפינס האבען געהאט נאך איין רוה-טאג אין יאהר, דען 1טען מערץ.

דער רעזולטאט פון דיזער אונמענשליכער בעהאנדלונג איז געווען, דאס די שקלאפען האבען פערלארען יעדע געדולד און אין פערצווייפלונג האבען זיי אנגעהויבען צו מאכען אפטע זעהר בלוטיגע איופשטאנדען. דער ערסטער אונז בעקאנטער אויפשטאנד פון שקלאפען אין דער רוימישער געשיכטע איז געווען אין יאהר 419 פ. קר. אבער פיעל געפעהרליכער און בלוטיגער איז געווען דער אויפשטאנד פון די שקלאפען אין דער צייט פון קאטא'ן. מיט צוויי יאהר שפעטער איז פארגעקומען א צווייטער אויפשטאנד צווישען די עטרוסקישע שקלאפען. דיזער אויפשטאנד איז געווען אזוי ערנסט, דאס מען האט געמוזט שיקען א גאנצע לעגיאן מיליטער צו בערוהיגען איהם. אין יאהר 185 פ. קר. האט לוציוס פאסטהומיוס אונטערדריקט אין טארענט א גרויסען אויפשטאנד פון שקלאפען, וועלכער איז געווען זעהר ווייט און ברייט פערשפרייט.

דער ריכטיגער שקלאפען-קריג האט אויסגעבראכען אין יאהר 135 פ. קר. אין סיציליען און פון דאנען האט ער זיך פערשפרייט איבער גאנץ איטאליען. ווייל די סיציליער זיינען זעהר רייך געווארען, האבען זיי געהאט די מעגליכקייט פיעלע שקלאפען צו פערשאפען. דיזע אלע פלעגט מען מיט אייגנע-ברענטע צייכענס בראנדמארקען. די אינגערע שקלאפען פלעגט מען גע-ברויכען אלס פאסטוכער און די עלטערע פיר אנדערע צוועקען. מען האט זיי בעהאנדעלט זעהר גראב און הארט. זייער שפייז און זייער קליידונג איז געווען די ערגסטע און די בילינסטע. זיי האבען אימער געליטען מאנ-געל אין די נעטיגסטע זאכען. דיזעס האט זיי געטריבען צו רויבען וואו זיי האבען נאר געהאט די מעגליכקייט. אנפאנגס פלעגען זיי בערויבען נאר די בויערן, די קליינע גוטס-בעזיצער. די גרויסע גוטס-בעזיצער האבען פון שנאה צו די רוימישע ריטער דיזע רויבער אונטערשטיצט און געשטערט די

פראָטאָרען זיי צו בעשטראָפען. זיי זיינען געווען צו קורצזיכטיג צו זעהן
די פאָלגען פון אזא אוננאָרמאַלען צושטאַנד פון א סאָציאַלען לעבען.

עס האָט ניט לאַנג גענומען און די שקלאַפען האָבען געמאַכט א שרעק-
ליכען אויפשטאַנד. די אורזאַך פון דיזען אויפשטאַנד איז געווען דער גרוי-
סער רייכער אָבער זיטענלאָזער גרונד־בעזיצער דאַמאָפילוס אין עננאַ. זיין בע-
האַנדלונג פון די שקלאַפען איז געווען שרעקליך און גרויזאַם. ווען די שקלאַפען
האָבען געהאַט דעם מוט צו בעטען פון איהם קליידונג, פלעגען זיי גרויזאַם בע-
שטראָפט ווערען מיט דער קנוט. דאָס זעלבע האָט געטאָן זיין פרוי מעגאַללים
מיט איהרע קנעכט. די שקלאַפען האָבען שוין מעהר ניט געקענט איבערטראָ-
גען די נויט, זיי האָבען זיך צוזאַמענגענומען און זיינען אַלע ענטלאָפען פון
זייער מערדערישען בעדריקער. אָן דער שפּיץ פון דיזער גרויסער מחנה איז גע-
שטאַנען איינער א געוועזענער שקלאַף מיט'ן נאָמען עאונוס, וועלכער האָט
דורך שווינדעל זיך ערוואָרבען א נאָמען פון א נביא און וואָהרזאָגער. אי-
בערהויפּט האָט געשפּילט א גרויסע ראָלע אין דיזען אויפשטאַנד דער רעלי-
גיעזער פאַנאַטיזמוס.

עאונוס האָט גוט פערשטאַנען די קונסט, ווי דיזע מאַסע צו בעגייס-
טערן. ער האָט זיי פערזיכערט, דאָס די געטער זיינען בערייט זיי צו העל-
פען אין דיזער אונטערנעהמונג. הגם אָנפאַנגס איז די מאַסע בעשטאַנען
נאָר פון 400 שקלאַפען, האָט ער דאָך בעשלאָסען ניט צו וואַרטען אויף א
גרעסערע צאָהל און האָט זיי באַלד געפיהרט נאָך עננאַ. דאָרט האָבען זיי
באַלד אָנגעפאַנגען צו רויבען און צו מאָרדען. זיי האָבען קליינע קינדער אָפּ-
געריסען פון זייערע מוטער'ס בריסט און האָבען זיי צושמעטערט פאַר זיי-
ערע אויגען אויף'ן באָדען. עס איז זיי ניט געווען צו פערדענקען פיר אזאַ
בעהאַנדלונג. מען האָט זיי דאָך בעהאַנדעלט ווי ווילדע בעסטיעס, האָבען
זיי אויך געהאַנדעלט ווי ווילדע בעסטיעס. דאַמאָפילוס האָט זיך בעהאַל-
טען, אָבער זיי האָבען איהם אויפגעזוכט און ערמאָרדעט, און די שקלאַפען
האָבען זיין פרוי מעגאַללים פון א הויכען פעלז אַראָפּגעשליידערט. אָבער
ווי ווילד זיי זיינען דאַמאָלס געוואָרען האָבען זיי דאָך געהאַט אין זיך אזוי
פיעל געוויסען און דאַנקבאַרקייט צו שאַנעווען די טאָכטער פון דאַמאָפי-
לוס'ן, ווייל זי האָט צו זיי איינינע מאָל געצייגט מיטלייד. זיי האָבען איהר
געצייגט די גרעסטע עהרפורכט און מען האָט איהר אונטער א זיכערער וואַך
געשיקט צו איהרע פערוואַנדטע אין קאַטאַנאַ.

צו דער זעלבער צייט האָט זיך געמאַכט אַן אויפשטאַנד אויך אין אַג-
ריגענט. 5,000 מאַן האָבען זיך פעראייניגט מיט די שקלאַפען פון עננאַ און

האָבען ערוועהלט אַלס זייער אָנפיהרער עאונוס אַלס קעניג אונטער דעם נאָ-מען אַנטיאָכוס. דיזער האָט זיך ארומגעטראָגען מיט'ן פּלאַן צו גרינדען א מלוכה אין סיציליען. ער האָט געבילדעט אַ סענאַט פון קלוגע מענער אונ-טער דער לייטונג פון דעם געבילדעטען גריך אכאַאוס. ער האָט געגרינדעט אַ וואָפען-לאַגער, אין וועלכען עס זיינען צוגעקומען פון אַלע זייטען מעהר און מעהר ענטלאָפענע שקלאַפען. אין אַ צייט פון עטליכע מאָנאַטען האָ-בען זיך צוזאַמענגעקליבען צו איהם 70,000 מאַן.



אַ שקלאַף, וועלכער ענטלויפט צו אַן אַלטאַר צו רעטען זיך.
נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

די רוימער האָבען אין סיציליען אָנגעהויבען צו האָבען שרעקליכע מפּלות. איין פּראַטאָר נאָך דעם אַנדערען, אַפילו אַ קאָנסול מיט אַ גרויסער אַרמעע, האָבען געליטען שרעקליכע נידערלאַגעס. די שקלאַפען האָבען גע-קעמפט מיט אַ זעלטענעם מוט. דאָס געפיהל פון ראַכע פון איין זייט און די האָפנונג צו קריגען פרייהייט פון דער אַנדערער זייט, האָט זיי בעגייסטערט אויף דער העכסטער שטופע און האָט זיי צוגעגעבען אונגעוועהנ-ליכען מוט, וועלכער איז געוועזען בעזונדערס שטאַרק, ווייל עס איז געוועזען דער מוט פון פערצווייפלונג. זיי האָבען געהאַט נאָר איין וועג — זיעג אָדער טויט. זיי האָבען אויסער זייערע קייטען ניט געהאַט וואָס צו פער-לירען.

די שקלאַפען האָבען איינגענומען עננאַ, וואו עס האָבען זיך ענדליך צו-זאַמענגעקליבען איבער 200,000 מאַן, וועלכע האָבען פערברייטערט שרע-קען איבער גאַנץ סיציליען און האָבען ערמונטערט צום אויפשטאַנד זייערע

לײדענדע ברידער אין פיעלע געגענדען פון איטאַליען. עס זײנען פאָרגעקומען אויפשטאַנדען אין דעלאָס, אין אַטטיקאַ, אין קאַמפּאַניען, אין לאַטיום. צום גליק פון די רוימער האָבען די שקלאַפען אין איטאַליען ניט געהאַט די מעגליכקייט זיך צו פעראייניגען מיט זייערע ברידער אין סיציליען, ווייל דער ים האָט זיי אָפּגעטיילט און זיי האָבען קיין שיפען ניט געהאַט. די הערשענדע קלאַס האָט דאַמאָלס געלאַרמט געגען די שקלאַפען פיר זייערע באַרבאַרישע האַנדלונגען געגען זייערע אָפּפער די רוימישע בירגער, וואָס זיינען אַריינגעפאַלען אין זייערע הענט. זיי האָבען דערביי פערגעסען, אַז דאָס, וואָס די שקלאַפען האָבען געטאָן, איז ניט געווען קיין מיליאָנסטער טייל פון דעם, וואָס זיי האָבען אויסגעליטען פון זייערע טיראַנישע הערען.

אין יאָהר 133 פ. קר. האָט זיך דער מזל פון קריג אומגעדרעהט צו די רוימער. דער קאָנסול ק א ל פ ו ר נ י ו ס פ י ז א האָט איינגענומען מעססינאַ. זיין נאָכפאָלגער רופיליוס האָט איינגענומען טאַוראָמעניום, וועלכעס איז פון הונגער געווען געצוואונגען זיך אונטערצוגעבען. דער הונגער איז דאָרט צוליב דער בעלאַגערונג אַזוי גרויס געווען, דאָס די שקלאַפען האָבען געמוזט שטילען זייער הונגער מיט די טויטע קערפּערס פון זייערע ווייבער און קינדער. אויסער דעם הונגער האָט נאָך דער פערראַט געהאָלפען צום איינגעהמען די שטאָדט. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט דער אונטערגעבונג פון דער שטאָדט עננאַ. צוליב פערראַט האָט עאונוס געמוזט פערלאָזען די שטאָדט צוזאַמען מיט זיינע אָנהענגער און זיך פערבאָרגען אין אַ בערגיגער געגענד. די שקלאַפען זיינען צולאָפען און עס זיינען פערבליבען אייניגע באַנדעס אין די בערג. אַלע, וואָס זיינען אַריינגעפאַלען צו די רוימער, זיינען ערמאָרדעט געוואָרען אונטער גרויסע פייניגונגען. עאונוס זעלבסט מיט אייניגע פון זיינע אָנהענגער זיינען אַריינגעפאַלען אין די הענט פון די רוימער און האָט געענדיגט זיין לעבען אין געפענגניס. דערמיט האָט זיך געענדיגט דער אויפשטאַנד פון די שקלאַפען.

נאָך דעם, ווי סיציליען איז פריי געוואָרען פון שקלאַפען-אויפשטאַנד, האָט מען זיך גענומען אין איטאַליען צו דערשטיקען יעדען פונק פון אויפשטאַנד אין אַנדערע ערטער. אין מינטורנאָ האָט מען 450 שקלאַפען געקרייציגט, אין סינועססאַ 4,000 ערמאָרדעט, אין רוים האָט מען 150 שקלאַפען, וואָס האָבען אַגיטירט צו אַן אויפשטאַנד, פעראורטיילט צום טויט. אין די בערג-מינעס האָבען זיך צובונטעוועט איבער 1,000 שקלאַפען, האָבען ערמאָרדעט זייערע אויפזעהער און האָבען אַריינגעכאַפּט אין זייערע הענט די פעסטונג סוניום. פון דאָ האָבען זיי אונטערגענומען אייניגע צוגען אויף

אַטטיקאַ ביז ענדליך דער בירגערמייסטער העראַקליטוס האָט זיי פערניכטעט. אויך אין מאַצעדאָניען האָבען די שקלאַפען, וואָס האָבען געארבייט אין די בערג־מינעס, זיך צובונטעוועט און עס האָט פיעל מיה און בלוט געקאָסט ביז מען האָט זיי איינגעשטילט.

מיט דרייסיג יאָהר שפּעטער האָבען די שקלאַפען אין סיציליען נאָך אַמאָל געפּרובט צורייסען די קייטען פון זייער קנעכטשאַפט. אין נוצעריאַ און אין קאַפּואַ האָט מען ענטדעקט אַ פערשווערונג פון שקלאַפען און מען האָט זי באַלד דערשטיקט. אויך אַ רוימישער ריטער מיט'ן נאָמען וועט־טיוס האָט געמאַכט אַ פערשווערונג און האָט די שקלאַפען געברויכט צו זיי־נע צוועקען. דיזער ריטער איז געווען אַ גרויסער בעל־חוב. אום צו ווערען פריי פון זיינע חובות האָט ער בעוואַפּענט זיינע שקלאַפען און האָט ערמאָר־דעט זיינע בעלי חובות; נאָכדעם האָט ער זיך אָנגעטאָן אין אַ פּורפּור־מאַנ־טעל ווי אַ קעניג, און אויף'ן קאָפּ אַרויפגעזעצט אַ קרוין און האָט אויפגערו־פען אַלע שקלאַפען אין קאַמפּאַניען צו אַן אויפשטאַנד. ער האָט שוין געהאַט אָנגעזאַמעלט 3,500 שקלאַפען, האָט איהם אָבער איינער פון זיינע לייט פערראַטען, און אום ניט אין די הענט פון פּראָטאָר לוקוללוס אַריינצופאַלען האָט ער זיך אַליין דאָס לעבען גענומען.

גלייך נאָכדעם האָט זיך אין סיציליען געמאַכט אַ נייער אויפשטאַנד. די אורזאַך פון דעם אויפשטאַנד איז געווען פאָלגענדע. אין יאָהר 103 פ. קר. האָט דער סענאַט מאַריוס'ן געגעבען אַ פולמאַכט צוזאַמענצושטעלען אַן אַר־מעע געגען די צימברען, פון די רוימישע בונד־חברים. די אַזיאַטישע פירסטען האָבען זיך בענוצט מיט דיזער געלעגענהייט צו פאָדערן פון רוים מען זאָל זיי צוריקגעבען די אונטערטאַנען, וועלכע די רוימער האָבען פריהער פון זיי מיט גוואַלד געפאַנגען און פערקויפט פיר שקלאַפען. דער סענאַט האָט געגעבען אַ בעפעהל צוערסט בעפרייען די שקלאַפען, וואָס זיינען געווען פון די ביטהיניער קריגס־געפאַנגענע. עס האָט זיך גלייך געבילדעט אַ טריבונאַל צו דיזען צוועק און אין אייניגע טעג האָבען 800 ביטהיניער שקלאַפען בעקומען זייער פרייהייט. ווייל די מעהרסטע שקלאַפען זיינען געווען פון קליין־אַזיען, האָט זיך פערשפּרייט אַ קלאַנג, דאָס אַלע שקלאַפען ווערען בעפרייט. אָבער די גרויסע גוטס־בעזיצער האָבען באַלד געשטערט די אונטערזוכונג, דאָס טריבונאַל איז געשלאָסען געוואָרען, און די אַלע שקלאַפען, וואָס זיינען געקומען אין סיראַקוז צו ערהאַלטען זייער פרייהייט, האָט מען בעפוילען צוריקקעהרען זיך צו זייערע הערען.

דאָס איז געווען אַ סיגנאַל פיר אַ נייעם אויפשטאַנד. די שקלאַפען האָבען צופעליגערווייז בעקומען געוועהר פון עננא און האָבען זיך בעוואַפענט. זיי האָבען ערוועהלט אַ געוויסען ס א ל ו ו י ו ס אַלס זייער אָנפיהרער. עס האָט זיך באַלד אונטער זיין פלאַג געבילדעט אַן אַרמעע פון 20,000 רייטער. די שקלאַפען פון דער אומגעגענד פון סעגעסטא און ליליבאָעום האָבען זיך געשטעלט אונטער דער קאָמאַנדע פון אַטהעניאָ פון ציליציען, וועלכער האָט זיך אָנגעגעבען פאַר אַ גרויסען שטערנזעהער. דיזער איז געווען אַן אַלטער הויפט־מאַן פון אַ רויבער־באַנדע, וועלכען די רוימער האָבען געפונען און פערקויפט פיר אַ שקלאַף. פון די לייט, וואָס זיינען געקומען צו איהם, האָט ער צוגענומען צו מיליטער־דינסט נאָר שטאַרקע און געאיבטע; די אַנדערע, וואָס האָבען ניט געטויגט צום מיליטער־דינסט, האָט ער געשיקט צו בעאַרבייטען די פעלדער, ווייל, ווי די שטערן ווייזען איהם, איז ער בעשטימט צו זיין קעניג, און דעריבער מוז ער שוינען די פּראָדוקטען פון לאַנד.

די ביידע קאָמאַנדירען אַטהעניאָ און סאַלוויוס האָבען זיך פעראייניגט. אַטהעניאָ האָט אָנערקענט די אויטאָריטעט פון סאַלוויוס'ן, וועלכער האָט זיך געלאָזט רופען קעניג טריפאָן, און האָט זיך אין טריאָקאָלא געלאָזט אויפבויען אַ פּאַלאַץ. ווען לוקוללוס איז געקומען אין סיציליען מיט 14,000 מאַן, האָט אַטהעניאָ פעראייניגט זיינע טרופּען מיט די טרופּען פון סאַלוויוס'ן, וועלכער האָט בעפוילען, דאָס די שקלאַפען זאָלען באַלד אָנפאַנגען אַ שטרייט מיט די רוימער, הגם זיי זיינען געווען אין צאָהל פיעל מעהר פון די שקלאַפען, און יעדער האָט געקענט פאָרויסזעהן, דאָס זיי וועלען פערלירען די שלאַכט. אַטהעניאָ האָט מיט זיין אַמט און העלדישקייט ערמונטערט די שקלאַפען און זיי האָבען העלדיש געשטריטען געגען די רוימער. ווי אָבער אַטהעניאָ איז געפאַלען, האָבען זיי גלייך גענומען לויפען פון שלאַכט־פעלד. 20,000 מאַן זיינען געפאַלען אין יענער שלאַכט. סאַלוויוס האָט זיך געראַטעט און איז ענטלאָפען נאָך טריאָקאָלא. לוקוללוס האָט בעלאַגערט די שטאָדט, וואו סאַלוויוס האָט זיך פערשלאָסען. אָבער אַלס ער האָט ערהערט, דאָס אין רוים איז מען ניט צופרידען מיט איהם און מען האָט געשיקט אויף זיין שטעלע סערוויליוס'ן, האָט ער אויפגעגעבען די בעלאַגערונג, האָט צולאָזען די סאָלדאַטען און האָט פערברענט דאָס גאַנצע מאַטעריאַל, וואָס ער האָט פאָרבערייט צו דער בעלאַגערונג. דיזע ביידע רוימישע קאָמאַנדירען האָט מען נאָכדעם בעשולדיגט אין נעהמען כאַבאַר פון די שקלאַפען, און דעריבער

האָט מען אין רויםביידען פעראורטיילט צו פערבאַנונג (אַרויסשיקען פון לאַנד).

דער סענאַט האָט געמוזט שיקען געגען די שקלאַפען אַן אַרמעע אונטער די פיהרערשאַפט פון אַ קאָנסול. דער קאָנסול מ א ר י ו ס א ק ו ו י ל י ו ס האָט געמאַכט אַן ענדע צו דיזען אויפשטאַנד. ער האָט שנעל בעזיגט אַטהעניאָ'ן. אַקווילִיוס האָט איהם מיט זיין אייגענער האַנט אין אַ צוויי־קאַמף (דועל) געטויטעט. די איבריגע שקלאַפען זיינען געפאַנגען געוואָרען און נאָך רוים אַוועקגעשיקט געוואָרען, אום זיי צו בענוצען אין טיער־קאַמפען. די שקלאַפען אָבער האָבען זיך איינער דעם אַנדערען אויף די עפענטליכע אַלטאַרען געטויטעט.

אין די ביידע שקלאַפען־אויפשטאַנדען זיינען אומגעקומען, ווי מאַנכע בעהויפטען, איבער אַ מיליאָן שקלאַפען. דער רעזולטאַט פון די אויפשטאַנדען איז געווען, דאָס זיי האָבען נאָך מעהר פון פריהער געליטען פון פערשיידענע פערפאָלגונגען און גרויזאַמקייטען. עס איז זיי פערבאָטען געוואָרען צו טראָגען וועלכע עס איז וואַפען. ווער עס האָט איבערגעטראָטען דיזען פערבאָט איז בעשטראָפט געוואָרען מיט'ן טויט. אייניגע צעהנדליג יאָהר זיינען אַוועק אָהן אויפשטאַנדען. אָבער אין יאָהר 73 פ. קר. איז אויסגעבראָכען אַ נייער שקלאַפען־אויפשטאַנד, וועלכער האָט איבערגעשטיגען אַלע אויפשטאַנדען, וואָס זיינען ביז אַהער פאָרגעקומען. די אורזאַך פון דיזען אויפשטאַנד איז געווען דאָס ענטלויפען פון אייניגע גלאַדיאַטאָרען (שווערד־געכטער).

אין דער פעכטער־שולע פון אַ געוויסען לענטולוס אין קאַפּוּאַ האָבען 200 גלאַדיאַטאָרען בעשלאָסען צו ענטלויפען. די זאַך איז אָבער בעוואוסט געוואָרען איידער עס איז זיי געלונגען דורכצופיהרען דעם פּלאַן, און נאָר 70 פון זיי זיינען ענטלאָפען. גליקליכערוויז איז זיי אין די הענט אריינגעפאַלען אַ וואָגען מיט גלאַדיאַטאָרען־וואַפען, און מיט דער הילף פון דיזע וואַפען איז זיי געלונגען צו פערטרייבען די רוימישע סאָלדאַטען, וואָס מען האָט געשיקט געגען זיי. דיזער פאַקט האָט זיי באַלד געמאַכט אַ נאָמען פיר זעהר מוטיגע העלדען און אין אַ קורצער צייט האָט זיך צו זיי צוגעשאַרט אַ גרויסע מחנה פון אָקסען־טרייבער און פאַסטוכער פון דער גאַנצער אומגעגענד. דיזעס מאָל האָבען זיי געהאַט אַ זעהר מוטיגען און פאָרזיכטיגען אָנפיהרער, אַ געוויסען ס פּ א ר ט א ק ו ס פון טהראַציען. ספּאַרטאַקוס איז געווען אַ פעהיגערער קאָמאַנדיר אַלס דער פּראָטאָר פּ ו ב ל י ו ס ו ו אַ ר י נ י ו ס, וועלכען די רוימער האָבען געשיקט געגען איהם. אַפילו ווען

ער האָט געהאַט דעם גרעסטען ערפאָלג אין אַ שלאַכט, האָט ער זיך ניט גע-לאָזט נארען און מיינען, דאָס ער וועט בעזיגען די רוימער. ער האָט נאָר געשטרעבט דערצו, ער זאָל די שקלאַפען איבערטראנספאָרטירען איבער די אַלפּען און ברייגגען זיי צוריק צו זייער היים, ווייל די מעהרסטע פון זיי זיי-נען געוועזן פון גאַלליען און טהראַציען. די מאסע אָבער האָט ניט געוואָלט איינשטימען מיט זיין פּלאַן. זייערע הערצער זיינען געוועזן פול מיט ראַכע געגען זייערע בעדריקער. דעריבער האָבען זיי נאָר געשטרעבט צו ברענען און מאָרדען און צו פאנגען רוימער און זיי צווינגען צו גלאַדיאַטאָרישע פעכ-טערייען אום אָפּצוצאָהלען זיי מיט דער זעלבער מטבע, מיט וועלכער די רוימער האָבען זיי געצאָהלט. און דעריבער, ווען ספּאַרטאַקוס האָט צו זיי גערעדט וועגען נעהמען זייער מאַרשרוט צו צפון, האָבען זיי ניט געוואָלט הערען.

אָנפאנגס האָט דער סענאַט זיך געשעמט צו שיקען רוימישע לעגיאָנען געגען לומפּיגע שקלאַפען. אָבער ענדליך האָט ער זיך איבערצייגט, דאָס ער האָט צו טאָן מיט אַ מעכטיגען שונא, און ער האָט בעשלאָסען ערנסט צו קעמפען געגען ספּאַרטאַקוס׳ן. דיזער האָט אין אַ קורצער צייט פיעלע שטעדט פערניכטעט און פערוואַנדעלט אין אַש; צווישען דיזע זיינען אויך געוועזן די בעריהמטע שטעדט נאָלאַ און מעטאַפּאָנטום. די פעסטונג טהוריום האָט ספּאַרטאַקוס בעצוואונגען און זי געמאַכט פיר זיין וואפען-פּלאַץ מיט אַ גרויסען אַרסענאַל. ער האָט געמאַכט אַן אויפרוף צו אַלע שקלאַפען פון איטאַליען, און אין אַ קורצער צייט האָט זיך צוזאַמענגעקליבען אונטער זיין פלאַג אַן אַרמעע פון 100,000 מאַן. דער סענאַט האָט דאַן ארויסגעשיקט צוויי רוימישע אַרמעען אונטער דער קאָמאַנדע פון די קאָנסולען (אין יאָהר 72 פ. קר.). דער שרעק פאַר ספּאַרטאַקוס׳ן איז אַזוי גרויס געוועזן, דאָס אין יאָהר 71 פ. קר. האָט קיינער ניט געוואָלט זיך נאָמינירען פיר דאָס קאָנסול-אַמט און נעהמען אויף זיך די געפאַהר צו שטרייטען מיט דיזען העלד, הגם עס איז דעם קאַנדידאַט פאָרגעשטאַנען גרויסע עהרע אין פאַל פון נצחון.

ענדליך האָט קראַססוס, דער אונטער-קאָמאַנדיר פון סוללאַ׳ן, בעשלאָ-סען אָנצונעהמען דאָס שווערע אַמט. פריהער פון אַלץ האָט ער געמאַכט אַ לאַנגען וואַל פון 7 מייל און האָט דערמיט אָפּגעשלאָסען די שקלאַפען, וואָס האָבען זיך פערזאַמעלט אין ברוטטיום, זיי זאָלען ניט קענען האָבען קיין קאָמוניקאַציאָן מיט דער איבריגער איטאַליען. אין דיזען אָרט איז פאָרגע-קומען אַ שרעקליכער בלוטיגער קאַמף. 12,000 פון פיינד זיינען געפאַלען אויף דעם שלאַכט-פעלד. נאָך דיזער נידערלאַגע האָט זיך ספּאַרטאַקוס צו-

ריקגעצויגען צום געבירג פון פעטעליום, אבער קראססוס האט איהם ניט אפ-געלאזען און האט איהם פערפאלגט. דא איז עס איהם געלונגען מאכען א פלוצלינגען אנגריף אויף די רוימער און זיי צוריקיאגען. אבער דיזער ער-פאלג איז געוועזען אן אונגליק פיר די שקלאפען. זיי האבען אנגעהויבען צו פיעל צו רעכנען אויף זייער מאכט, האבען קיין שלאכט ניט געוואלט אויס-מיידען, און האבען אויפגעהערט צו פאלגען זייער פיהרער. אבער אויך ספארטאקוס האט עס יעצט געפונען פיר נעטיג אין א שלאכט מיט די רוימער ארייינצוטרעטען. איידער די שלאכט האט זיך אנגעפאנגען האט ער געטויט



ספארטאקוס'עס טויט.

זיין פערד, און האט געזאגט דערביי: „וועל איך בעזיגען, וועל איך האבען פיעלע גוטע פערד, וועל איך בעזיגט ווערען, דאן ברויך איך גאר קיין פערד ניט.” דאן איז ער דער ערסטער אריינגעלאפען אין די שלאכט. ער האט גע-וואלט קראססוס'ן טויטען. אבער ער איז באלד דערשטאכען געווארען און איז געפאלען טויט.

זעהר ווייניג זיינען פערבליבען פון די שקלאפען. יעצט האבען זיי בע-שלאסען צו נעהמען זייער מארשרוט צו צפון, אריבערצוגעהען איבער די אל-

פען און זיך צוריקקעהרען צו זייער פאטערלאנד, ווי זייער פיהרער ספאר-טאקוס האט געפלאנט. אבער עס איז גוועזן צו שפעט. פאמפעיוס האט זיך גראדע אומגעקעהרט פון שפאניען און האט זיי בעגעגענט אויף זייער וועג צו צפון און האט זיי אלע, 5,000 אין צאהל, אוועקגעלעגט. ספארטאקוס האט אין דיזען קריג געהאנדעלט פיעל מענשליכער ווי די רוימער. אין רהעגיום האט מען געפונען 3,000 רוימישע געפאנגענע, וואס ספארטאקוס האט ניט דערלאזען זיי צו ערמארדען. גאנץ אנדערס האט דער רוימישער סענאט געהאנדעלט. ער האט קיין מיטלייד ניט געהאט מיט די אונגליקליכע שקלא-פען, וואס זייער איינציגער פערברעכען איז בעשטאנען דאריין, וואס זיי הא-בען געוואלט געניסען מענשליכע פרייהייט. 6,000 שקלאפען זיינען גע-קרייציגט געווארען אויף דעם וועג צווישען קאפוא און רוים. די זיגער זיי-נען פארבייגעגאנגען מיט פריידען-געזאנג דורך די אלע תליות און קיינער האט אפילו א זיפץ ניט געטאן אויף די ליידען פון אזוי פיעלע אונגליקליכע. ווי ווייט גרויס דער שרעק פאר ספארטאקוס'ן איז גוועזן אין איטאליען, קען מען אורטיילען דערפון, וואס די מוטערס פלעגען שרעקען זייערע קינדער מיט די ווערטער: „ספארטאקוס געהט!"

## דאס קאנסולאט פון פאמפעיוס און קראססוס.

פאמפעיוס איז יעצט געשטאנען אויף דער שפיץ פון זיין גליק. זיבען יאהר איז ער געוועזן אוועק פון רוים. דאס פאלק האט פיעל געהערט פון זיינע נצחונות, און האט איהם געגעבען דעם טיטעל „דער אונבעזיגבארער העלד". יעצט הא-בען זיי איהם ערוואַרט מיט אונגעדולד. דעם 31טען דעצעמבער פון יאהר 71 פ. קר. האט ער געפייערט א זעהר גלענצענדען טריאומף. קראססוס האט נאר געהאט איינע אוואציעס. ער האט אפילו געשטריטען געגען 100,000 שקלא-פען, אבער דער שטאלץ פון רוים האט ניט ערלויבט צו צייגען דער וועלט, דאס דער זיג איבער די שקלאפען איז אזוי וויכטיג פיר זיי, דאס זיי פרעהען זיך שטארק מיט דעם. אין פאלגענדען יאהר האט יעדער פון ביידע קאמאנ-דירען, פאמפעיוס און קראססוס, געוואלט ערוועהלט ווערען אלס קאנ-סול. פאמפעיוס האט נאך ביז יעצט קיין אמט ניט געהאט, אויך איז ער צו יונג געוועזן דאס קאנסול-אמט צו בעקליידען. דער סענאט איז געוועזן געגען פאמפעיוס'ן. די סענאטארען האבען געקענט צו גוט די עהרגייץ פון פאמ-פעיוס'ן און זיינע געפעהרליכע פלענער. פאמפעיוס האט גוט געוואוסט, דאס דער סענאט איז איהם געגען, און האט זיך דעריבער געווענדט צו דער פאלקס-פארטיי, הגם ער איז געוועזן א שטרענגער אריסטאקראט. דאס פאלק האט געוואוסט פון זיינע העלדענטאטען און האט איהם פערגעטערט. דאס

האָט קראַססוס גוט פערשטאַנען און דעריבער האָט ער פריהער איידער ער האָט אָנגעפאַנגען צו זוכען ביים פאָלק צונייגונג צו ערוועהלען איהם אלס קאָנסול, געפרעגט ביי פּאָמפּעיוס'ן, אויב ער איז איינשטימיג איהם אלס מיט־קאָנסול צו האָבען. פּאָמפּעיוס איז צופרידען געווען צו האָבען קראַססוס'ן אלס קאָללעגע און זייביידע זיינען ערוועהלט געוואָרען אלס קאָנסולען פיר דאָס יאָהר 70 פ. קר.

פאַר דער וואהל האָט פּאָמפּעיוס פערשפּראָכען דאָס פאָלק צו נאָכגעבען איינינע פאָדערונגען און האָט ווירקליך געהאַלטען וואָרט. ער האָט צוריקגעגעבען די פאָלקס־טריבונען זייער פריהערדיגע מאַכט, און האָט די צענזאָרען איבער־אַ־נייס געגעבען די קראַפט אויסצושליסען פון סענאַט מיטגלידער, וואָס זיינען ניט ווערט פיר וועלכעס עס איז פערברעכען אָדער שלעכטע אויפפיהרונג צו בעקליידען אַזאַ אַמט. אויך צו די שטעלען פון געשוואָרענע ריכטער האָט ער דאָס פאָלק מעהר צוגעלאָזען, ווי עס איז צוגעלאָזען געוואָרען פריהער. דיזע אַלע ענדערונגען פיר דאָס וואויל פון פאָלק האָט איהם אַזוי פּאָפּולער געמאַכט ביי דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, דאָס עס איז איהם זעהר לייכט געווען ווערען אַליין הערשער אין רוים. אָבער ווען עס איז געקומען דער פּאַסענדער מאָמענט דיזעס צו פערווירקליכען, האָט ער ניט געהאַט דעם נעטיגען מוט דערצו און האָט מורא געהאַט פאַר די פאָלגען דערפון. ער האָט צולאָזען זיינע סאָלדאַטען, האָט איבערגעגעבען זיין אַמט, האָט זיך צוריקגעצויגען פון דעם עפענטליכען לעבען, און האָט זיך איבערגעגעבען צו אַ רוהיגען פּריוואַט־לעבען, וואהרשיינליך מיט דער האָפנונג, דאָס מען וועט איהם אין גיכען צוריקרופען. און ער האָט זיך ווירקליך ניט גענאַרט מיט זיינע האָפנונגען.

ד ע ר ק ר י ג פ ו ן ד י ז ע ע ־ ר ו י ב ע ר (67 פ. קר.). די רוימער האָבען פערנאַכלעסיגט די ים־מאַכט זינט זיי האָבען בעזיגט קאַרטהאַגאָ און דעריבער זיינען זיי שוואַכער געוואָרען אויף'ן ים. זיי האָבען גערעכענט, דאָס יעצט, נאָך קאַרטהאַגאָ'ס פאַל, איז מעהר ניט צו פירכטען פאַר אַ ים־שונא, ווייל אַלע לענדער ארום מיטעללענדישען מעער זיינען געווען אונטערוואָרפען אונטער די רוימער. אָבער אָנשטאָט קאַרטהאַגאָ און קאָרינטה האָט זיך אַ נייע מאַכט בעוויזען אויף'ן ים, דאָס זיינען געווען זעע־רויבער. זייערע הויפּט־פּונקטען זיינען געווען: ליציען, פּאַמפיליען און ציליציען. קיינמאָל האָט די זעע־רויבעריי ניט געבליהט אַזוי ווי דאַמאָלס. רייכע לייט, וואָס זיינען פעראָרימט געוואָרען, פערטריבענע פון זייער לאַנד, ענטלאָפענע שקלאַפען, אַריסטאָקראַטען, וואָס האָבען געהאַט אויף זיך פיעלע חובות,

אָדער געפאַלענע קויפליים — דיזע אַלע סאָרטען זיינען געוואָרען פּיראַטען (ים־רויבער) אום צו פערבעסערן זייער צושטאַנד. דאָס גאַנצע מיטעללענדישע מעער איז געוואָרען אונזיכער צוליב די פּיראַטען. דער גאַנצער צופיהר פון לעבענס־מיטלען פלעגט אריינפאַלען אין די הענט פון די זעע־רויבער. דעם רעסט פון דער רוימישער פלאָטע האָבען די פּיראַטען פערכאַפּט. פיעלע האַפען־שטעדט פלעגען אָפטער בערויבט ווערען און זיינען מאַנכמאָל דורך פייער פערניכטעט געוואָרען. דער פּראָטאָר, וואָס איז געווען געזעצט פון די רוימער צו בעשיצען די האַפען־שטעדט, פלעגט מאַכען מיט די פּיראַטען יד אחת און צוזאַמען מיט זיי בערויבען די איינוואוינער. אייניגע האָבען דאָס געלט, וואָס די רעגירונג האָט זיי געגעבען צו בעשיצען די שטעדט פון פּיראַטען, פערברויכט פיר זיך זעלבסט. די פּיראַטען פלעגען אָפט כאַפּען געפאַנגען אַ גרויסען אריסטאָקראַט און רוים האָט געמוזט צאָהלען שווערע געלט אום איהם אויסצוקויפען. אזוי זיינען צ. ב. יוליוס צאָזאר און קלאודיוס אריינגעפאַלען צו די זעע־רויבער און מען האָט פיר זיי געמוזט געבען גרוים אויסקויף־געלט. אייניגע צעהנדליג יאָהר האָבען די פּיראַטען בעהערשט דאָס מיטעללענדישע מעער פון גריכענלאַנד ביז די עגיפּטישע וואַסערן.

דער קאָנסול סערוויליוס וואַציא האָט אַפילו אין די יאָהרען פון 78 ביז 75 פ. קר. די פּיראַטען געשלאָגען אין אַ זעע־שטרייט און האָט צושמעטערט זייער פעסטונג אין פּאַמפיליען, אָבער ער האָט זיי פערניכטעט. זיי האָבען זיך נאָר איבערגעקליבען אין אַנדערע וואַסערן אַרום דער אינזעל קרעטאַ. דער פּראָטאָר מאַרקוס אַנטאָניוס האָט פון זיי געכאַפּט אַ מפּלה און איז אין גאַנצען פון זיי געשלאָגען געוואָרען. קווינטוס צאָציליוס מעטעללוס האָט פון זיי אָפּגענומען די אינזעל קרעטאַ, אָבער דערמיט האָט ער זייער מאַכט ניט געבראָכען. אין געגענטייל, זיי זיינען נאָך פרעכער געוואָרען נאָך דיזען פערלוסט. זיי האָבען געשטערט דעם האַנדעל אין אַלע האַפען־שטעדט, וואָס זיינען געווען אונטער רוים'ס שוץ.

צו קעמפען געגען דיזער פּלאָג האָט פּאָמפּעיוס אַליין געשיינט צו זיין דער פּאַסענדסטער מאַן. דער פאָלקס־טריבון גאַבינִיוס האָט געמאַכט אַ פאָרשלאַג, דאָס מען זאָל פּאָמפּעיוס'ן איבערגעבען די קאָמאַנדע איבער דעם מיטעללענדישען מעער מיט דער פולער מאַכט צו טאָן אַלץ, וואָס ער וועט געפינען פיר נעטיג, אום צו מאַכען אַן ענד צו די רויבערייען; דיזע מאַכט זאָל איהם געגעבען ווערען אויף דריי יאָהר און מען זאָל איהם געבען אַן אַרמעע פון 120,000 פוס־געהער, 4,000 רייטער, 500 שיפען, 25 אונטער־קאָ-

מאנדירען מיט פּראָטאָרישע עמטער, און אויסער דעם אַלעם זאָל מען איהם בעזאָרגען מיט 27 מיליאָן מארק געלט. דער סענאַט איז געווען געגען דיזען פּאָרשלאַג, ווייל ער האָט געפונען, דאָס עס איז געפעהרליך פיר די רעפּובליק צו איבערגעבען אַן איינצעלנעם מענשען אַזא גרויסע מאַכט מיט אַזוי פיעל געלט־מיטלען אויף אַזא לאַנגע צייט. אָבער גאַביניוס האָט געהאַט דאָס פאָלק אויף זיין זייט און ער האָט זיין פּאָרשלאַג דורכגעפיהרט.

פּאָמפּעיוס האָט זיין אויפגאַבע גלענצענד ערפילט. ער האָט איינגע־טיילט דאָס געביט, וואו מען האָט איהם איבערגעגעבען צו אויסריינינגען די פּיראַטען, אין דרייצעהן בעצירקען, אין יעדען בעצירק האָט ער אריינגעזעצט



רוימישעס קריג־שיף.

אַן אונטער־קאָמאַנדיר און האָט יעדען געגעבען אַ שטרענגען בעפעהל צו פאַנגען אַלע פּיראַטען־שיפען אין זיין געגענד. אין אַ קורצער צייט פון 40 טעג איז עס איהם געלונגען אָפּצוריינינגען פון פּיראַטען דעם מערב־טייל פון מיטטעללענדישען מעער, אַזוי דאָס דער צופיהר פון געטריידע צו רוים איז געוואָרען פריי און זיכער. נאָכדעם האָט ער די אַלע רויבער אין מזרח־טייל פון מיטטעללענדישען מעער צוזאַמענגעטריבען, האָט זיי געצוואונגען צו אַ שלאַכט, אין וועלכער ער האָט זיי אין גאַנצען בעזיגט. די אונטערוואָר־פענע פּיראַטען האָט ער געגעבען קאָלאָניעס אין מיטען לאַנד און זיי זיינען געוואָרען רוהיגע אַקערבויער.

פּאָמפּעיוס איז נאָך געווען בעשעפטיגט אין ציליציען צו מאַכען דאָרט נעטיגע אָרדנונגען. דערווייל האָט אויסגעבראָכען אַ נייער קריג מיט מיטהראַדאַטעס'ן און פּאָמפּעיוס האָט בעקומען די אויבער־קאָמאַנדע איבער דער אַרמעע אויך מיט אַן אונבעשרענקטער מאַכט.

דער דריטער מיטהראַדאַטישער קריג (74—64 פ. קר.). איידער מיר פאַנגען אָן די געשיכטע פון דעם דריטען מיטהראַדאַטישען קריג, געפינען מיר פיר נעטיג צו זאָגען נאָך אַ פּאָאָר ווערטער וועגען דעם צווייטען. דער לעגאַט (געזאַנדטער) לוציוס ליציניוס מורענאַ, וועלכען סוללאַ האָט איבערגעלאָזען אין אַזיען אַלס פּראָ־פּראָטאָר, האָט אָנגעפאַנגען אַ קריג מיט מיטהראַדאַטעס'ן. אַלס אורזאַך האָט ער אָנגעגעבען, דאָס מיטהראַדאַטעס האָט ניט איבערגעגעבען קאַפּפּאַדאָציען צום דאָרטיגען קעניג, ווי רוים האָט עס געפאָדערט. די גרונד־אורזאַך אָבער איז געווען די גיריגקייט נאָך רייכטום און רויב. מיטהראַדאַטעס איז געווען געצוואונגען צו קעמפען און מורענאַ האָט געכאַפּט אַ מפּלה; אָבער ער האָט זיך מיט דיזען זיג ניט בענוצט און האָט קאַפּפּאַדאָציען איבערגעגעבען צו וועמען רוים האָט געהייסען.

שפּעטער האָט מיטהראַדאַטעס זיך פערשאַפט אַ גרויסאַרטיגע גוט דיסציפּלינירטע אַרמעע, וועלכע איז בעשטאַנען פון 100,000 פוס־סאָלדאַטען און 16,000 רייטער, דערצו האָט ער נאָך ערהאַלטען אייניגע שיפען פון די זעע־רויבער, און מיט דיזע קרעפטען האָט ער אָנגעפאַנגען אַ שטרייט מיט רוים. אָנפאַנגס איז איהם גוט געגאַנגען. ער האָט בעזיגט דעם קאָנסול קאָטטאַ און האָט בעלאַגערט די פעסטונג ציציקוס, וועלכע איז געבליבען טריי צו די רוימער. אָבער דאָ האָט איהם דער קאָנסול לוקוללוס זיין גאַנצע אַרמעע פערניכטעט. אין יאָהר 72 פ. קר. האָט מיטהראַדאַטעס געהאַט נאָך אַ שרעקליכע נידערלאַגע, און ער האָט געמוזט ענטלויפען צו זיין איידים, דעם קעניג טיגראַנעס פון אַרמעניען. די רוימער האָבען געפאָדערט פון טיגראַנעס'ן ער זאָל זיין שוועהר אַרויסגעבען. דיזער האָט עס אָבער ניט געוואָלט טאָן. דאַן איז לוקוללוס מיט זיין אַרמעע געגאַנגען נאָך אַרמעניען טיגאַרנעס'ן צו בעשטראָפען. ביי טיגראַנאָצערטאַ האָט לוקוללוס בעזיגט דעם קעניג פון פּאָנטוס אין יאָהר 69 פ. קר. אַלס אָבער ער האָט געוואָלט ווייטער אין אַרמעניען אריינדרינגען, האָבען זיינע סאָלדאַטען זיך ענטזאַגט צו געהן, ווייל עס איז זיי אויסגעקומען צו געהן איבער הויכע בערג בעדעקט מיט שנעע. זיי האָבען בעשלאָסען זיך צוריקקעהרען נאָך זייער היים. גראָדע זיינען אין דער אַרמעע געווען סאָלדאַטען, וואָס האָבען געדינט אונטער פלאַק-

קוס'ן און פימבריאַ'ן, וועלכע זיינען געוועזן בעוואוסטע בונטאָווששיקעס. לוקוללוס האָט זיך געמוזט צוריקציהען נאָך קליין־אזיען. דער סוף פון דיזען פעלד־צוג איז געוועזן, דאָס פּאָנטוס און אַרמעניען זיינען ווידער אָפּגע־פאַלען פון די רוימער, און דער פעלד־צוג האָט זיי קיין גוטע רעזולטאַטע! ניט געבראַכט.

דיזער ניט געלונגענער פעלד־צוג האָט צוגעגעבען קראַפט צו לוקוללוס'עס געגנער אין רוים האָט איהם אַרונטערגעזעצט פון זיין שטעלע אַלס קריגס־קאָמאַנדיר. זיינע פיינד זיינען מעהרסטענס געוועזן פון די ריטער. זייער האַס צו איהם איז איבערהויפּט געוועזן דערפאַר, וואָס ער האָט זייענדיג אין קליין־אזיען אָפּגעשאַפט די גרויסע פּראָצענטען, וואָס דאָס פאָלק האָט געמוזט צאָהלען צו די שטאַטהאַלטער פיר די גרויסע שטייער און שטראָפען, וואָס סוללאַ האָט אויף זיי אַרויפגעלעגט, און וועלכע זיי זיינען אין קיין פאַל ניט געוועזן אין שטאַנד צו צאָהלען. און ווייל דיזע שטאַטהאַלטער און אַנדערע בעאַמטע זיינען געוועזן אַלע פון דעם ריטער־שטאַנד, דעריבער זיינען זיי אַזוי שטאַרק אויפגעבראַכט געוועזן אויף לוקוללוס'ן, און האָבען געטאָן אַלץ, וואָס מעגליך איז, איהם צו שטירצען, און האָבען איבערגעגעבען די פיהרונג פון דעם קריג צום קאָנסול מ אַ נ י ו ס אַ צ י ל י ו ס ג ל אַ ב ר י אָ (67 פ. קר.).

גלאַבריאָ איז באַלד געוואָרען דער שטאַטהאַלטער פון קליין־אזיען, ער האָט אָבער געהאַלטען פיר שווער און געפעהרליך גלייך דעם קריג אָנצופאַנגען אין די לענדער פון דעם טייך אייפראַט (פּרת). דעריבער האָט דער טריבון גאַיוס מאַניליוס געמאַכט דעם פּאָרשלאַג, מען זאָל איבערגעבען צו פּאָמפּע־יוס'ן די קאָמאַנדע איבער דער אַרמעע, וואָס איז געשיקט געוואָרען געגען מיטהראַדאַטעס'ן. דורך דעם גליקליכען אויסגאַנג פון דעם קריג מיט די זעעי־רויבער און דורך ציצעראָ'ס גלענצענדע רעדע איז דער פּאָרשלאַג אָנגענומען געוואָרען און פּאָמפּעיוס האָט ערהאַלטען דעם בעפעהל צו איבערנעהמען די קאָמאַנדע איבער דאָס מיליטער, וואָס איז געוועזן בעשטימט צו קעמפען גע־גען מיטהראַדאַטעס'ן, דעם קעניג פון פּאָנטוס.

פּאָמפּעיוס'ן איז ניט שווער געוועזן דעם זיג איבער מיטהראַדאַטעס'ן צו געווינען. מיטהראַדאַטעס האָט געהאַט די מעגליכקייט אַרויסצושטעלען גע־גען די רוימער אַ מאַכט פון ניט מעהר אַלס 33,000 מאַן. פּאָמפּעיוס איז בעפאַלען דיזע מאַכט אין איין נאַכט און האָט זי כמעט אין גאַנצען פערניכ־טעט. שפּעטער האָט פּאָמפּעיוס אין דיזען אָרט געגרינדעט די שטאָדט נ י ק אָ פּ אָ ל י ס. נאָך דיזער מפּלה האָט מיטהראַדאַטעס שוין מעהר ניט געוואַגט אַריינצוגעהן אין אַ קאַמף מיט די רוימער. ער איז גלייך נאָך דעם

זיך ענטלאָפען נאָך ארמעניען, אָבער האָט זיך צוריקגעצויגען פון דאָרט אין דעם אינערען טייל פון באָספּאָראַנישען רייך, ווייל ער האָט געהערט, דאָס טיגראַנעס האָט פערשפּראָכען אַ גרויסע בעלוינונג צו דעם, וואָס וועט איהם ברייגנגען זיין (מיטהראַדאַטעס׳עס) קאָפּ. פּאָמפּעיוס האָט ניט געוואָלט זיך יאָגען נאָך מיטהראַדאַטעס׳ן, און האָט זיך געווענדעט געגען טיגראַנעס׳ן. דיזער אָבער האָט זיך פרייווילליג אונטערגעגעבען צו די רוימער, ווייל ער האָט מורא געהאַט, דאָס זיין זוהן וועט איהם אַוועקשטויסען פון טראָן מיט דער הילף פון די רוימער. די בעדינגונגען, וואָס די רוימער האָבען פאָרגעשלאָגען אום פרידען צו שליסען, זיינען געווען הארט פיר טיגראַנעס׳ן. ער האָט געמוזט צאָהלען די רוימער 6,000 טאַלענטען קריגס־קאָסטען און זיך ענטזאָגען פון אַלע איינגענומענע ערטער, אויסער ארמעניען.

יעצט האָט זיך פּאָמפּעיוס גענומען צו פערפאָלגען מיטהראַדאַטעס׳ן. ער איז געגאַנגען ביז די קאַווקאַזישע בערג, אָבער דאָ האָט ער געמוזט אויפגעבען זיין פּלאַן. מיטהראַדאַטעס האָט אָנגעפאַנגען אין דער שטאָדט פּאַנטיקאַ־פּאַאום מאַכען שטאַרקע פּאָרבערייטונגען צו מלחמה. אָבער זיינע אונטער־טאַנען זיינען שוין מיד געוואָרען פון דעם לאַנגען קריג און האָבען ניט גע־וואָלט מעהר שלאָגען זיך, אפילו זיין אייגענער ליבלינגס־זוהן פּ אַ ר נ אַ־צ ע ס איז אויפגעשטאַנען געגען איהם. די שטאָדט פּאַנטיקאַפּאַאום, וואו מיטהראַדאַטעס האָט אָנגעהויבען צו מאַכען זיינע פּאָרבערייטונגען צום קריג, האָט זיך פעראייניגט מיט די רעבעלען. מיטהראַדאַטעס איז געוואָרען געפאַנ־גען פון זיינע אייגענע סאָלדאַטען, און ער איז געווען געצוואונגען צו בעטען גנאַדע פון זיין אייגענעם זוהן. דיזער אָבער האָט דאָס איהם ענטזאָגט, און ער איז געווען געצוואונגען צו טרינקען דעם בעכער מיט גיפט, ווי ער האָט פריהער זיינע פרויען געגעבען גיפט (63 פ. קר.). מיטהראַדאַטעס׳עס מוט און ווילענס־קראַפט איז צו בעוואונדערן. אפילו אין דער צייט, ווען ער איז גע־ווען געצוואונגען צו ענטלויפען פון די רוימער, האָט ער זיך אומגעטראָגען מיט אַ פּלאַן רוים צו פערניכטען. אָבער די אומשטענדען פון יענער צייט זיי־נען געווען געגען אַזעלכע פּלענער. קליין־אַזיען האָט זיך געמוזט אונטערוואַר־פען אונטער די רוימישע מאַכט.

פּ אָ מ פּ ע י ו ס א י ן ס י ר י ע ן (64—62 פ. קר.). אַלס פּאָמפּעיוס האָט זיך פון קאַווקאַז צוריקגעקעהרט נאָך פּאָנטוס, אום צו מאַכען אָרדנונג אין סיריען, וואו די פערהעלטניסען זיינען געווען זעהר פערפּלאָנטערט צוליב די שטרייטען אין קליין־אַזיען. אין סיריען האָט דאַמאָלס געהערשט אַ נ ט י אָ־כ ו ס אַ ז י אַ ט י ק ו ס. זיין מאַכט איז אָבער געווען נאָר אַ פאַלשער גלאַנץ,

ווייל די ווירקליכע הערשער אין דעם לאַנד זיינען געווזען די אידען, די בעדו-אינען און די אַראַבישע נאָבאַטעער. אויסער דעם האָבען פיעלע פון די הער-שאַפטען פון סירישען רייך זיך בעטייליגט אין דעם שטרייט צווישען דעם קעניג טיגראַנעס פון אַרמעניען און די רוימער. און דאָס איז אויך די אורזאַך, ווארום פּאָמפּעיוס האָט זיך אַריינגעמישט אין די סירישע אָנגעלעגענהייטען. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, דאָס פּאָמפּעיוס האָט גאַנץ סיריען פער-וואַנדעלט אין אַ רוימישע פּראָווינץ. ער האָט פעראייניגט פּאָנטוס מיט ביטהיניען און זיי פערוואַנדעלט אין אַ רוימישע פּראָווינץ. אייניגע קע-ניגרייכען אָבער האָט ער געלאָזט עקסיסטירען אַלס בעזונדערע הערשאַפטען, ווי קאַפּפּאַדאָציען, גאַלאַטיען, אייניגע פּריסטער־הערשאַפטען און פריי-שטעדט.

מערקווירדיג איז, דאָס ווען אַלע פעלקער פון סיריען און קליין־אזיען האָבען זיך אונטערוואָרפען אונטער די רוימער אָהן יעדען ווידערשטאַנד, האָבען זיך די אידען פיר קיין פאַל ניט געוואָלט אונטערוואַרפען אונטער דעם רוימישען יאָך. צווישען די אידען אין פּאַלעסטינאַ זיינען דאַמאָלס געווען צוויי פּאַרטייען: די צ ד ו ק י ם און די פ ר ו ש י ם. אין דער צייט, ווען פּאָמפּעיוס איז געווען אין סיריען, איז געווען אַ שטרייט צווישען צוויי ברידער פון די מאַקאַבעער, הירקאַנוס און אַריסטאָבולוס. די פּרושים האָ-בען געוואָלט, דאָס הירקאַנוס, דער עלטערער ברודער, זאָל זיין קעניג, און די צדוקים האָבען בעסער געוואָלט האָבען דעם אינגערען אַריסטאָבולוס אַלס קעניג. דיביידע פּאַרטייען האָבען זיך געווענדעט צו פּאָמפּעיוס'ן ער זאָל די זאַך אונטערזוכען און אַרויסגעבען זיין אורטייל. פּאָמפּעיוס האָט אַרויס-געגעבען זיין אורטייל, דאָס הירקאַנוס, דער עלטערער, זאָל בלייבען קעניג. די צדוקים זיינען אָבער ניט צופרידען געווען מיט פּאָמפּעיוס'עס אורטייל און האָבען געמאַכט אַן אויפשטאַנד אין ירושלים. דאָס האָט געצוואונגען פּאָמ-פּעיוס'ן צו בעלאַגערן ירושלים פיר צוויי חדשים, ביז ער האָט בעזיגט די שטאָדט און אַרויפגעזעצט הירקאַנוס'ן אויף'ן טראָן אַלס אַ פירסט אָפּ-הענגיג פון רוים. דערביי האָט ער צושטערט די מויערן פון ירושלים, און האָט אַ גרויסען טייל פון פּאַלעסטינאַ אָפּגענומען פון די אידען און צוגע-געבען צו סיריען, וועלכע איז שוין געווען דאַמאָלס אַ רוימישע פּראָווינץ.

אזוי זיינען אַלע געפּאַהרען, פאַר וועלכע רוים האָט געהאַט צו פירכטען, אַריבער אָהן צופיעל אָנשטרענגונג פון איהר זייט. דאָס גליק איז געווען וואָס אַלע שטערונגען האָט רוים ניט בעדאַרפט אָפּראַמען מיט איין מאָל, נאָר אייניציגווייז. דער קריג מיט מיטהראַדאַטעס'ן און מיט די זעע־רויבער

האט פערגרעסערט די רוימישע אימפעריע. כמעט גאנץ מערב־אזיען ביז דעם טייך אייפראט איז געווען אונטערוואָרפען אונטער רוימישע הערשאפט.

די פערשווערונג פון קאטילינא׳ן. אין דעם זעלבען יאָהר, ווען פאמפעיוס האט בעזיגט כמעט גאנץ מערב־אזיען, האט זיך אין רוים זעלבסט אָנגעפאנגען אונטער דער אריסטאָקראטישער פארטיי א בעוועגונג, וועלכע האט געשיינט צו זיין זעהר געפעהרליך פיר די רוימישע פערפאסונג, פיר די רעפובליק און פיר די גאנצע אימפעריע. מיר האבען שוין פריהער דערמאָהנט, ווי ווייט דער לוקסוס האט זיך פערברייטערט אין די רוימישע אריסטאָקראטישע פאמיליעס. דורך זייער שווענדעריי זיינען זייערע שולדען געוואקסען צו אזעלכע גרויסע סומעס, וואס עס איז שווער זיך פאָרצושטעלען. אזוי, צום ביישפיל, ווערט בעריכטעט, דאס דער בעריהמטער גאיוס יוליוס צעזאר האט זיך פערשולדיגט אויף 39 מיליאָן מארק, פון וועלכע ער האט א גרויסען טייל אויסגעגעבען אויף פערשיידענע פערגניגענס, וואס ער האט פערשאפט דעם פאָלק, אום צו געווינען זייער צונייגונג. אונטער די דאָזיגע פערגניגעגס איז אויך געווען דאס פעכטען. ער האט ארויסגעשטעלט 320 פאָאר פעכטער אין גילדערנע ריסטונגען. מארקוס אמיליוס סקאורוס דער אינגערער האט אויסגעבויט פיר דאס פאָלק א טהעאטער פיר 60,000 צושויער מיט 360 מארמאָרנע זיילען, מיט 3,000 בראָנזענע סטאטועס. אפילו די קלייניגקייטען אין דעם טהעאטער, וואס זיינען כמעט אין גאנצען איבריג געווען און האבען כמעט צו גאָרניט געדינט, האבען בעטראָפען איבער 171,000 מארק. דיזעס טהעאטער איז געווען בעשטימט נאָר פיר די צייט, וואס דער גרינדער איז געווען אין אמט. נאָכדעם האט מען דאס גאנצע געביי ארונטערגעוואָרפען.

עס פערשטעהט זיך פון זעלבסט, דאס זעהר ווענינע פאמיליעס אין רוים זיינען געווען אין שטאנד צו שווענדען אזוי פיעל געלט פיר אזעלכע צוועקען. און ווען די אומשטענדען האבען געפאָדערט פון אנדערע ניט אזעלכע רייכע פאמיליעס צו מאכען גרויסע אויסגאבען פיר דאס פאָלק מיט דעם צוועק דורך דעם ערוועהלט צו ווערען צו א גרויסען אמט, ווי דאס אמט פון שטאטהאלטער אָדער קריגס־קאָמאנדיר, האבען זיי געמוזט זיך פערשולדיגען. אָבער זייערע שולדען זיינען געווען אזוי אונגעהייער גרויס, דאס אלע זייערע רויבערייען און געלט־אויספרעסונגען אין דער קורצער צייט פון זייער אמט האבען זיי ניט געקענט דעקען. דיזער אויפשטאנד האט ארויסגערופען דאס געזעץ פון רופוס׳ן, דאס דער יעניגער אדעלמאן, וואס האט אויף זיך מעהר פון 2,000 דענארען חובות, האט קיין רעכט ניט ערוועהלט צו ווערען צום סענא-

טאַר־אַמט. אום זיך צו בעפרייען פון זייערע שולדען האָבען זיי זיך ניט געשעמט דורכפיהרען א געזעץ, דאָס דריי־פערטל פון זייערע שולדען זאָלאָען אָפּגעמעקט ווערען, אזוי דאָס זיי זאָלען נאָר צאָהלען 25 פּראָצענט, דאָס הייסט א פערטל פון זייערע שולדען. דיזער טרויעריגער אומשטאַנד איז עס געווען די אורזאַך, וואָס האָט אַרויסגערופען די „פערשווערונג פון קאַטאַלינאַ׳ן".

קאַטילינאַ איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 102 פ. קר. פון א פּאַט-ריצישער פאַמיליע. זיין יוגענד האָט ער פערבראַכט אין אַלערליי אויס-געלאַסענהייטען און הולטייסטוואָס. זיין גאַנצעס פערמעגען האָט ער גיך גע׳פּטר׳ט, און האָט באַלד אָנגעהויבען צו מאַכען שולדען, וועלכע האָבען אין א קורצער צייט דערגרייכט אַזאַ שטופע, דאָס, ווי שלאָסער דריקט זיך אויס, ער האָט מעהר מורא געהאַט פאַר זיינע גלויביגער (קרעדיטאָרען) אַלס פאַר די ריכטער און פאַר דעם שטאַאַט. דעריבער איז ער געווען איינער פון די בעסטע און אייפריגסטע צוהעלפער פון סוללאַ׳ן ביי דער קאָנפיסקי-רונג פון די רייכטימער און פערטרייבונג פון רייכע בירגער, אונטער וועלכע עס האָבען זיך געפונען פיעלע, וואָס זיינען געווען קאַטילינאַ׳ס גלויביגע. אין יאָהר 68 פ. קר. איז ער ערוועהלט געוואָרען פּראָטאָר, און אין יאָהר 67 האָט ער בעקומען די פּראָווינץ אַפריקאַ צום רעגירען און האָט באַלד דאָרט אָנגעפאַנגען אזוי אונפערשעמט צו רויבען, דאָס די איינוואוינער האָבען עס ניט געקענט מעהר אַריבערטראָגען און האָבען אַריינגעבראַכט א קלאַגע אויף איהם אין סענאַט. דיזע קלאַגע האָט איהם געהינדערט צו ערוועהלט ווערען אין יאָהר 64 צום קאָנסול־אַמט. דאַמאַלס האָט ער זיך אין געהיים פערבונדען מיט נאָך אַזעלכע שאַרלאַטאַנעס ווי ער, מיט דעם צוועק צו ערמאָרדען די ערוועהלטע קאָנסולען און אַליין ווערען קאָנסול מיט דער מאַכט פון מיליטער. זיין אונטערנעהמען איז איהם אָבער ניט געלונגען. דאַן האָט ער אַלע מיטלען אָנגעווענדט צו ערוועהלט ווערען אַלס קאָנסול אין יאָהר 63. אָבער ער איז אויך דאַן דורכגעפאַלען. און דעריבער האָט ער בעשלאָסען מאַכען א פערשווערונג אומצושטירצען די גאַנצע רוי-מישע עקסיסטירענדע רעגירונג און ווערען זעלבסט־הערשער אין רוים. דער גרויסער היסטאָריקער מאָממזען רעכענט, דאָס אין דיזער פערשווערונג האָט אויך יוליוס צעזאַר געהאַט א געוויסען אַנטייל. זיין צוועק דערביי איז גע-ווען אומצושטירצען זיין שטאַרקען פיינד פּאָמפּעיוס׳ן און אויך די מאַכט פון סענאַט צו פערניכטען, אום ער זאָל נאָכדעם קענען אַריינכאַפּען אין זיינע הענט די לייצעס פון דער רעגירונג. די מיטהעלפער פון קאַטילי-

נא'ן האָבען געהאַט זייערע אייגענע אינטערעסען אין אויסזיכט, נעמליך — זיך צו בעפרייען פון זייערע אונגעהייערע שולדען דורך קאָנפיסקירען די רייכטימער פון די רייכע בירגער. „עס האָבען זיך געפונען גענוג לייט", זאָגט מאָממזען, „אַפילו פון דער גרויסער אַריסטאָקראַטיע, וואָס האָבען נאָר געוואַרט אויף אַ סיגנאַל אום צו בעפאַלען די בירגערליכע געזעלשאַפט, ווי אַ רויבער־באַנדע, אום דורך רויב צוריקצוקריגען די פערשווענדעטע פער־מעגענס".

די צאָהל פון די מיטגלידער פון דעם געהיימען בונד איז געווען איבער 400. אויסער דעם האָט ער געהאַט אָנהענגער אין פיעלע שטעדט פון אי־טאַליען. אויך האָט דער בונד געקענט רעכנען אויף דעם אָנטייל פון פיעלע פון דער אויסגעלאַסענער יוגענד, ווייל אַ גרויסער טייל פון זיי איז געווען איינגעטונקט אין שולדען. צום גליק פון רוים האָט זיך ציצעראָ, וועלכער איז דאַמאָלס געווען קאָנסול, זיך דערוואוסט פון דער פערשווערונג. ער האָט זיך דערוואוסט, דאָס קאַטילינאַ האָט אויסגעאַרבייט אַ פּלאַן די שטאָדט רוים אין פערשיידענע טיילען אונטערצוצינדען, די פּאָרנעהמסטע סענאַטאָ־רען ערמאָרדען און דאַן ווערען זעלבסטהערשער מיט דער הילף פון דעם מי־ליטער, וואָס זיין מיטהעלפער מאַנליוס, אַ געוועזענער פעלד־קאָמאַנדיר אונטער סוללאַ'ן, האָט אין עטרוריען געזאַמעלט פיר דיזען צוועק. פריהער פון אַלעס האָט קאַטילינאַ בעשלאָסען צו ערמאָרדען דעם קאָנסול ציצעראָ, וועלכער איז געווען זיין גרעסטער פיינד. ציצעראָ האָט זיך וועגען דעם דער־וואוסט אין דער צייט, און איז געווען גענוג פאָרזיכטיג. ער האָט בערופען אַ ספּעציעלע זיצונג פון די סענאַטאָרען און האָט זיי קלאָר געמאַכט, וואָס דאָ פּלאַנעוועט זיך. דערביי האָט ער געהאַלטען אַ שטורמדיגע רעדע, פון וועלכער קאַטילינאַ איז געוואָרען אַזוי אויפגעציטערט, דאָס ער איז ענט־לאָפען פון רוים און איז אַוועק אין לאַגער פון מאַנליוס'ן.

דאַן האָט ציצעראָ גענומען שטרענגע מיטלען דעם בונד צו דערשטי־קען. ער האָט בעקומען ריכטיגע בעווייזען געגען פיעלע פון די פערשווערער, וואָס זיינען נאָך געווען אין שטאָדט, און האָט דעם סענאַט איבערצייגט דער פערשווערונג פון קאַטילינאַ'ן אומצושטירצען די יעצטיגע רעגירונג. אונ־טער די פערשווערער, וואָס זיינען געווען אין שטאָדט, זיינען אויך געווען ל ע נ ט ו ל ו ס און צ ע ט ה ע ג ו ס, צוויי הויפּט רעדעלפיהרער פון דעם בונד. דיזע זיינען באַלד אַרעסטירט געוואָרען און זיינען צום טויט פעראורטיילט געוואָרען, ווייל די בעווייזען געגען זיי זיינען געווען זעהר קלאָר. די הינריכטונג פון די צוויי רעדעלפיהרער האָט געהאַט אַ גרויסע

ווירקונג אויף די פערשווערער, און אפילו דאס מיליטער, וואס איז געזא-מעלט געווען אין עטרוריען צו דעם צוועק, האט אנגעהויבען צו פערנאנדער-געהן און עס איז געבליבען דערפון א זעהר קליינע צאהל. מיט דיזען רעסט פון מיליטער האט קאטילינא געוואלט אריבער אין גאלליען, אבער איז באלד פערשפארט געווארען פון דער רוימישער ארמעע אין אן ענגען טאל, וואס איז געווען ארומגערינגעלט מיט הויכע בערג. דארט איז ער געצוואונגען געווען צו שטרייטען מיט די רוימער און זיין ביסעל חיל איז אין גאנצען פערניכטעט געווארען. קאטילינא זעלבסט האט זיך אריינגעווארפען אין גאנצען פייער פון קאמף אום דערשאסען צו ווערען און ניט אריינפאלען לעבעדיגערהייד אין די הענט פון שונא, און ער איז געפאלען אין דיזער שלאכט.

אין א קורצער צייט נאך דעם, ווי די פערשווערונג אין רוים איז איינגע-שטילט געווארען, איז פאמפעיוס צוריקגעקומען פון זיין פעלד־צוג. זיין נא-מען איז אזוי גרויס געווען, דאס אלע פארטייען האבען איהם געוואלט האבען אויף זייער זייט. פאמפעיוס האט אבער ניט געקענט בעשליסען, צו וועלכער פארטיי ער זאל זיך אנשליסען, און דעריבער זיינען אלע פאר-טייען געבליבען אונפריינדליך צו איהם, און מעהר פון אלע די סענאטארען־פארטיי. עס איז געווען לייכט צו זעהן, דאס ער שטרעבט צו ווערען אליין הערשער, און עס וואלט איהם געוויס ניט שווער געווען דאס צו דערגריי-כען, ווען ער וואלט געווען געהאנדעלט מעהר ענטשלאסען. ווענינגסטענס האבען פיעלע גערעכענט, דאס ער וועט בלייבען ביי זיין שטעלע אלס מי-ליטער־קאמאנדיר. ער האט אבער אנדערש געהאנדעלט. ווי ער איז נאר אין איטאליען אנגעקומען, האט ער באלד דאס מיליטער פערנאנדערגעלא-זען; ער האט נאר געבעטען די כיזלדאטען צוריקקומען נאך רוים אנטייל נעהמען אין זיין טריאומף־צוג. אלס דער סענאט האט זיך דערוואוסט, דאס פאמפעיוס האט דאס מיליטער פערנאנדערגעלאזען, האט ער פריי אפ-געאטעמט, האט פערלארען די מורא, וואס ער האט געהאט פאר פאמפע-יוס'ן, און באלד האט דער הערשזיכטיגער פאמפעיוס דערפיהלט ווי אהנמעכ-טיג ער איז.

די הויפט־געגנער פון פאמפעיוס'ן זיינען געווען, אויסער קראססוס'ן און לוקוללוס'ן, מארקוס טולליוס ציצערא און מארקוס פארציוס קאטא. ציצערא איז געבארען געווארען אין יאהר 106 פ. קר. אויף א לאנד־גוט אין ארפינום. זיינע עלטערן האבען געהערט צו אנגעזעהענע ריטער־פאמיליעס. אין זיין פריהעסטער יוגענד איז ער צו-

זאַמען מיט זיין ברודער קווינטוס געקומען אין רוים, וואו ער האָט זיך פערפאָלקאָמט, אונטער דער לייטונג פון גריכישע געלעהרטע, אין דער רעדע־קונסט. אַ ביסעל שפעטער האָט ער געשטודירט יוריספּרודענץ אונטער דער לייטונג פון פּאָנטיפעקס (כהן גדול) און פילאָזאָפיע אונטער דעם עפּיקורעער פּאַדרוס און דעם סטאָאיקער דיאָדאָטוס. די רעדעס, וואָס ער האָט געהאַל־טען צום פערטיידיגען פּובליוס קווינטוס און אַ יאָהר שפּעטער אין דעם פּראָצעס פון סעקסטוס ראָסציוס פון אַמעריאַ, האָבען איהם אַ גרויסען נאָ־מען געמאַכט. זיין איבערגעבענהייט צום שטודירען האָט איהם זעהר אָפּ־געשוואַכט און ער האָט געמוזט אונטערנעהמען אַ רייזע נאָך אַטהען. דאָ האָט ער זיך בעפריינדעט מיט טיטוס פּאָמפּאָניוס אַטטיקוס, האָט געהערט אייניגע פילאָזאָפען, און איז נאָכדעם געגאַנגען נאָך רהאָדוס (אַן אינזעל אין גריכענלאַנד). דאָרט האָט ער גענומען אונטעררינכט ביי אַ סטאָאיקער און ביים בעריהמטען רעדנער מאָלאָן. אין יאָהר 75 פ. קר. איז ער ערוועהלט געוואָרען קוועסטאָר אין סיציליען. אום צו געווינען די פריינדשאַפט פון פּאָמפּעיוס׳ן, האָט ער פערטיידיגט דעם פּאָרשלאַג פון מאַנליוס׳ן, וועגען וועלכען מיר האָבען פריהער גערעדט. זיין אויפטרעטען געגען דער פערשווערונג פון קאַטילינאַ׳ן האָט איהם פערשאַפט די ליבע פון פאָלק, און ער איז דריבער אין יאָהר 63 פ. קר. ערוועהלט געוואָרען אַלס קאָנסול מיט גרויס עהרע. די אונטערדריקונג פון קאַטילינישען אויפשטאַנד האָט איהם פערשאַפט דעם נאָמען „דער פאָטער פון פאָטערלאַנד". אָבער אין דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי האָט ער געהאַט זעהר פיעלע געגנער. דיזע פּאַר־טיי האָט איהם ניט געקענט פערצייהען, וואָס ער האָט היגגעריכטעט פינף אָנהענגער פון קאַטילינאַ׳ן, ניט פרעגענדיג די שטימע פון פאָלק. מיט דיזען האַס פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי האָט זיך פּאָמפּעיוס בעדינט אום פּטור צו ווערען פון דעם פערהאַסטען פערטרעטער פון דער סענאַטס־פּאַרטיי, פון ציצעראָ׳ן.



טולליוס ציצעראָ.

מאַרקוס פּאָרציוס קאַטאָ איז געווען אַן אור־עניקעל פון דעם בעוואוסטען קאַטאָ צענזאָריוס, און ער איז געווען, ווי זיין זיידע, אַ מענש מיט אַ האַרטען, שטרענגען כאַראַקטער. ער איז געווען זעהר בעגייס־

טערט מיט דער לעהרע פון דער פילאָזאָפיע פון די סטאָאיקער, און מיט זיין זיטליכען ערנסטען לעבען האָט ער זיך אַלע מיה געגעבען צו פער־ווירקליכען די פּרינציפּען פון דיזער לעהרע. אונפעהיג צו פערשטעהן דעם גאַנג פון דער געשיכטע אין זיין לאַנד, האָט ער מיט אַלע כחות זיך פעסט־געהאַלטען אָן די זינקענדע רוימישע רעפּובליק. די רעפּובליקאַנישע פריי־הייט איז געווען זיין העכסטער פּאָליטישער אידעאַל. ער איז אָבער געווען



לוקוללוס.

אַזוי בלינד, דאָס ער האָט ניט געזעהן, דאָס די רוימישע פערפאַסונג ענט־האַלט שוין אין זיך אַלע סמנים פון אַ מאָנאַרכיע.

מעהר פיינדליך צו פּאָמפּעיוס׳ן איז געווען לוקוללוס, וועלכער האָט געמוזט איבערגעבען זיין אַמט אַלס קאָמאַנדיר צו פּאָמפּעיוס׳ן אין דער צייט פון דעם קריג מיט מיטהראַדאַטעס׳ן. אַלס לוקוללוס האָט זיך צוריק־

געקעהרט אין רוים האָט ער זיך אין גאַנצען ענטזאַגט פון עפענטליכען פּאָ-ליטישען לעבען און האָט זיך איבערגעגעבען צום פּריוואַט-לעבען און צו געניסען די פרוכט פון זיין אונגעהייערען רייכטום. נאָך דער איינגעהמונג פון ט י ג ר א נ א צ ע ר ט א האָט ער אַזוי פיעלע אוצרות בעקומען, דאָס ער האָט געקענט פאַרטזעצען דעם קריג אָהן אַ שום הילף פון שטאַאט. ער האָט געפיהרט אַזאַ רייכעס לעבען, דאָס קיינער האָט איהם ניט געקענט איבערשטייגען. אין רוים האָט לוקוללוס אויף זיין רעכנונג געמאַכט אַזעל-כע טייערע, רייכע גערטנער און פּאַרקען, וועלכע אַפילו די גערטנער און פּאַרקען פון די שפּעטערדיגע קעניגען אין רוים האָבען ניט געקענט אי-בערשטייגען. זיינע פּאַלאַצען זיינען געווען בעצירט מיט די טייערסטע געמעלדעס. אויף זיינע מאָהלצייטען האָט ער אַזוי פיעל געלט פערשווענדעט, דאָס זיי האָבען געדינט פיר אַ ביי שפּיל פון פערשווענדעריי. די טייערסטע און זעלטענסטע מאכלים פון דער גאַנצער וועלט זיינען געווען אימער ביי לוקוללוס'עס טיש. מען האָט געמאַכט ספּעציעלע טייכען און קאַנאַלען אום דאָרט צו האַלטען די טייערסטע פישען, וואָס מען האָט געברויכט צו זיי-נע מאָהלצייטען. ער האָט פיעלע פרוכטען איינגעפיהרט אין אייראָפּאַ, וועלכע זיינען ביי איהם ניט געוואַקסען דאָ, אום צו געברויכען זיי צו זיין קיך, ווי צום ביישפּיל קאַרשען (וויינשעל) און אַנדערע פרוכטען, וועלכע האָבען געוואַקסען נאָר אין קליין-אַזיען.

אין גרונד גענומען האָבען אַלע געגנער פון פּאָמפּעיוס'ן וועניג, זעהר וועניג געקענט טאָן געגען איהם. ניט קאַטאָ מיט זיינע פּעראַלטעטע, אונ-פּראַקטישע רעפּובליקאַנישע געזינונגען, ניט ציצעראָ, וועלכער האָט נאָר געקענט שען רעדען, אָבער האָט זעהר וועניג פערשטאַנען ווי צו האַנדלען, אויך ניט קראַססוס און לוקוללוס, וועלכע האָבען זיך דורך ספּעקולאַציאָן גע-שאַפען גרויסע רייכטימער און דורך דעם אויך אַ גרויסען איינפלוס, האָבען געקענט שאַדען די פּאָפּולאַריטעט פון פּאָמפּעיוס'ן. אָבער דאָך האָבען זיי מיט זייערע פעראייניגטע קרעפטען פיעל געווירקט, דאָס ער זאָל ניט קענען דערגרייכען זיין ציל צו ווערען זעלבסטהערשער. פּאָמפּעיוס האָט אַזוי פיעל גערעכענט אויף זיין פּאָפּולאַריטעט, דאָס ער האָט געהאָפט צו ווערען זעלבסט-הערשער אָהן דער הילף פון מיליטער. אָבער ער האָט זיך באַלד איבערצייגט, דאָס ער האָט געהאַט אַ גרויסען טעות אין דעם. ער האָט דאַן בעשלאָסען צו מאַכען נייע פערבינדונגען. דאָ האָט ער אָבער בעגעגענט אַ נייעם זעהר שטאַרקען קאָנקורענט. דיזער קאָנקורענט איז געווען דער מעכטיגער י ו ל י ו ס צ אַ ז א ר.

## 8) די צייט פון יוליוס צאזאר.

גאיוס יוליוס צאזאר, וועלכער איז געוועזן דער גרעסטער זשעניע צווי-שען אלע רוימישע קריגס־קאמאנדירען און שטאאטסמענער, איז געבארען גע-וואָרען אין יאהר 99 פ. קר. אין רוים, פון א זעהר פארנעהמער אלטער פאט-ריצישער פאמיליע. זיין יוגענד האט ער פערבראכט צוגלייך מיט אלע יונגע מענשען פון רייכען שטאנד פון יענער צייט. „אויך ער", זאגט



גאיוס יוליוס צאזאר.

מאממזען, „האט געטרונקען פון בעכער פון דעם מאָדע־לעבען דעם שוים צוזאמען מיט די העפען (הייוועז). ער האט זיך געפוצט נאך דער לעצטער מאָדע, האט געשריבען פערזען, האט רעציטירט און דעקלאמירט, און אי-בערהויפט האט ער פערשטאנען די קונסט פון יענער צייט צו בארגען גרויסע סומעס געלט צו פערשווענדען און קיינמאל ניט בעצאהלען. דאך איז זיין קערפער אימער געוועזן פריש, זיין גייסט און זיינע געפיהלען אימער לע-

בעדיג. אין פעכטען האָט איהם קיינער ניט געקענט איבערטרעפען. **ער איז** אויך געווען אַ זעלטענער שווימער. דיזע קונסט האָט איהם אַ מאָל געראַטעט זיין לעבען ביי אַלעקסאַנדריען. די אונגעוועהנליכע שנעלקייט, מיט וועלכער ער פלעגט אימער בעוועגען דאָס מיליטער, וואָס איז געווען אונטער זיין קאָ-מאַנדע, האָט יעדען ערשטוינט. אין דיזער הינזיכט איז ער געווען אַ גרויסער קאָנטראַסט צו פּאָמפּעיוס'ן, וועלכער פלעגט מאַכען זיינע בעוועגונגען זעהר לאַנגזאַם. אויך זיין גייסט איז געווען אונגעוועהנליך. זיין געדעכטניס איז געווען אונפערגלייכליך. ער איז געווען אין שטאַנד פערשיידענע גע-שעפטען צו פיהרען און צו פערהאַנדלען אין דער זעלבער צייט און איינדרינ-גען אין אַלע איינצעלהייטען פון יעדען געשעפט בעזונדער".

אויך האָט איהם ניט געפעהלט קיין הארץ. צו זיין מוטער אורעליאַ און צו זיין טאָכטער יוליאַ האָט ער אימער געצייגט די ריינסטע פערעהרונג און די עהרליכסטע צונייגונג. ער איז געווען אַ גרויסער פיינד פון אידעאַליזם און פאַנטאַזיעס. אין זיין יוגענד האָט ער ליב געהאַט לידער, וויין און ליבע, אָבער דיזע זאַכען האָבען ניט אַריינגעדרונגען ביז אין זיין אינערליכעם וועזען. צאָזאַר איז געווען דורכאויס אַ רעאַליסט (ד. ה. ער האָט אָנגענומען זאַכען, ווי זיי זיינען) און אַ שכל-מענש. אָבער ווי קלוג ער האָט געפּלאַנט זיינע אונטערנעהמונגען און ווי פערנינפטיג ער האָט בעטראַכט אַלע מעגלי-קייטען, האָט ער דאָך געפיהלט, דאָס אין אַלע זאַכען אין דער וועלט מוז דאָס גליק, ד. ה. דער צופאַל, טאָן דאָס בעסטע, און דעריבער האָט ער זיך זעהר אָפט פערטרויט דעם שיקזאַל און מיט גרוים גלייכגילטיגקייט זיין פער-זאָן געשטעלט אין שפּיל.

ביז 30 יאָהר האָט צאָזאַר געפיהרט אַ לעבען זעהר עהנליך צום לעבען פון אַלע אריסטאָקראַטען פון זיין צייט. ער האָט געהערט צו דער פּאַרטיי פון מאַריוס'ן און דעריבער האָט ער אין דער צייט, ווען סוללאַ האָט אָנגע-פאַנגען צו פערפאָלגען דיזע פּאַרטיי, פערלאָזען רוים און האָט אָנטייל גע-נומען אין דעם שטרייט פון סערוויליוס'ן געגען די איסאַוריער. נאָך סול-לאַ'ס טויט האָט ער זיך אומגעקעהרט אין רוים. ער האָט זיך אָבער דאַ-מאָלס נאָך ניט גענוג זיכער געפיהלט פון סוללאַ'ס פּאַרטיי, און האָט דערי-בער ווייעדער פערלאָזען רוים און איז געקומען נאָך אַזיען. אויף דיזע רייזע האָט ער בעזוכט די אינזעל רהאָדוס, וואו ער האָט זיך פערפאָלקאָמט אין דער רעדנער-קונסט ביי דעם בעריהמטען רעדנער מאָלאָן. דאָס שיף, אויף וועלכען ער איז געפאָהרען, איז אַריינגעפאַלען צו די זעע-רויבער און ער האָט געמוזט בעצאָהלען 50 טאַלענטען אויסלעז-געלט. ער האָט זיך אָבער

שפּעטער מיט זיי אָפּגערעכענט און האָט זיי געבראַכט אונטער זיין מאַכט. אַלס ער איז צוריקגעקומען אין רוים האָט ער אָנגעפאַנגען די אַמט־קאַריערע. ווי נאָר ער האָט בעקומען עטוואָס מאַכט אין זיינע הענט, האָט ער באַלד געהייסען צוריק אויפשטעלען די סטאַטוע פון מאַריוס'ן, וועלכע סוללאַ האָט אומגעשטירצט. דערמיט האָט ער עפענטליך געצייגט זיין צונייגונג צו דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

אין יאָהר 60 פ. קר. האָט צעזאַר בעקומען די שטעלע פון פּראָ־פּראָ־טאָר און די פערוואַלטונג פון דעם יענזייטיגען שפּאַניען. דאָ האָט ער זיך אַזוי בערייכערט, דאָס ער איז אין שטאַנד געווען צו בעצאָהלען זיינע גרויסע שולדען און עס איז איהם נאָך פיעל געלט איבערגעבליבען. ער האָט זיך דאָ אַליין אויסגעצייכענט מיט זיין זיג איבער די לוסיטאַניער און האָט בעקומען דאָס ערסטע מאָל דעם לאָרבער־קראַנץ. אין נעכסטען יאָהר, אַלס ער איז געקומען נאָך רוים, האָט מען איהם געוואָלט מאַכען אַ טריאומף־צוג, אָבער ער האָט זיך ענטזאַגט דערפון. אַזוי האָט איהם געפּאַסט, אום עס זאָל איהם לייכטער זיין צו קריגען דאָס אַמט פון קאָנסול, און פון דיזען אַמט צו דערגרייכען זיין וואונש צו ווערען זעלבסטהערשער. ער איז ווירקליך ערוועהלט געוואָרען צום אַמט פון קאָנסול. זיין מיט־קאָנסול איז געווען ביבולוס, אַ גאַנץ אונפעהיגער מענש. צעזאַר האָט געקענט דעריבער הערשען אַליין אָהן שום שטערונג פון זיין מיט־קאָנסול. זיין קאָנסולאַט האָט מען דאַמאָלס וויציג בעצייכענט אַלס דאָס קאָנסולאַט פון גאַיוס יוליוס און פון צעזאַר (צוויי קאָנסולען אין איין פּערזאָן).

דאָס נעכסטע ציל, צו וועלכען צעזאַר האָט געשטרעבט, איז געווען, ער זאָל בעקומען די מאַכט איבער דאָס מיליטער אויף אַ לאַנגע צייט. דיזעס, האָט ער גוט פערשטאַנען, קען ער אַנדערש ניט דערגרייכען סיידען ער זאָל זיך פערבינדען מיט פּאָמפּעיוס'ן. די פּאָלקס־פּאַרטיי איז אפילו געווען אויף זיין זייט, אָבער דאָס האָט יעדער געקענט זעהן און פערשטעהן, דאָס נעבען פּאָמפּעיוס'ן קען ער שפּילען נאָר אַ צווייטע ראָלע. איהם איז עס ווירקליך געלונגען צו געווינען פּאָמפּעיוס'ן צו אַרבייטען מיט איהם צוזאַמען פיר געוויסע צוועקען. פּאָמפּעיוס איז צו איהם צוגעשטאַנען, ווייל ער האָט געהאָפּט אייניגע זאַכען צו דערגרייכען, אין וועלכע צעזאַר האָט איהם צוגעזאָגט זיין הילף. ווייל אָבער צו דערגרייכען זייערע צוועקען האָבען זיי בעדאַרפט האָבען זעהר גרויסע סומעס געלט, ערסטענס אום צו האַלטען אין אָפּהענגיגקייט די פּאָלקס־פיהרער, און צווייטענס אום די סענאַטאָרען אויף זייער זייט צו געווינען, האָבען זיי געפונען פיר נעטיג צוציהען צו זייער

בונד אויף דעם רייכען קראססוס, און איהם פערשפרעכען צו טיילען די הער-שאפט צוגלייך מיט צאַזאר'ן און פאַמפּעיוס'ן. אין יאָהר 60 פ. קר. איז געשלאָסען געוואָרען דער ערסטער טריאומוויראַט, ד. ה. דער בונד פון דריי מענער: פּאַמפּעיוס, צאַזאר און קראססוס. עס פערשטעהט זיך פון זעלבסט, דאָס דיזער בונד איז ניט בעשטעטיגט געוואָרען ניט פון שטאַאט ניט פון געזעץ. עס איז איינפאַך געווען אַ געהיימע פערבינדונג צווישען די דריי מענער, וועלכע האָבען איינער דעם אַנדערען פערשפּראָכען שטיצע אין פאַל ווען עס וועט נעטיג זיין. אַלס די רוימער האָבען עטוואָס דערשמעקט פון דיזען געהיימען בונד, האָט עס די מעהר פערשטענדיגע פון זיי די אויגען געעפענט אויף די צוקונפט פון רוים. ווארראָ האָט דעם טריאומוויראַט בע-טיטעלט מיט דעם נאָמען: „די דרייקעפּיגע שרעקליכע חיה", ציצעראָ האָט איהם אַ נאָמען געגעבען: „דער בונד פון די טיראַנען". אָבער די מאַכט פון דיזע דריי פּערזאָנען איז געווען אַזוי גרויס, דאָס זיי האָבען קיין מורא ניט געהאַט פאַר אַלע זייערע געגנער. ניט קאַטאָ מיט זיינע רעפּובליקאַנישע אידעאַלען, ניט ציצעראָ מיט זיין וואונדערבאַרער רעדנערס-קראַפט האָבען געקענט עטוואָס טאָן צו שאַדען דיזען טריאומוויראַט. די רעפּובליק האָט דעריבער געמוזט פאַלען, ווי באַלד איינער פון די דריי וועט בעקומען זיין איבערגעוויכט איבער די אַנדע-רע צוויי. דאָס צאַזאר וועט זיין דער איינער, וואָס וועט קריגען דאָס איבער-געוויכט איבער די אַנדערע צוויי פון בונד, איז לייכט געווען פאָרויסצו-זעהן, ווייל דיזער איז געווען פיעל העכער אין פערשטאַנד און אויך אין אַנדערע הינזיכטען פון די איבריגע.

אָנפאַנגס איז דער בונד געגרינדעט געוואָרען ניט אום צו דערגרייכען די מאָנאַרכישע מאַכט, נאָר יעדער פון דעם בונד האָט געהאַט זיינע פער-זענליכע אינטערעסען, וועלכע ער האָט געוואָלט דערגרייכען מיט דער הילף פון זיינע חברים. קראססוס האָט געזוכט רייכטום, צאַזאר האָט געוואָלט בע-קומען די מאַכט איבער דער אַרמעע אויף אַ לאַנגע צייט און אויף אַ לענ-גערען טערמין אַ שטאַטהאַלטער-שטעלע; פּאַמפּעיוס האָט נאָר פערלאַנגט דורכפיהרען, דאָס דער סענאַט זאָל בעשטעטיגען די איינריכטונגען, וואָס ער האָט איינגעפיהרט אין אַזיען, און דאָס מען זאָל פערטיילען שטיקער ערד אין אַזיען פון די לענדער, וואָס ער האָט דאָרט איינגענומען, צו זיינע סאָלדאַ-טען, וואָס האָבען געדינט אונטער זיין קאָמאַנדע און האָבען איינגענומען יענע לענדער. אום צו צייגען דעם רוימישען פאָלק, דאָס ער האָט ניט אין אויסזיכט זיינע אייגענע אינטערעסען, האָט צאַזאר פאָרגעשלאָגען אייניגע געזעצען, וועלכע פּאַמפּעיוס האָט געוואונשען דורכצופיהרען. דער ערסטער פאָרשלאַג

איז געווען, דאָס מען זאָל צוטיילען צו 26,000 אָרימע בירגער, איבערהויפּט צו די געוועזענע סאָלדאַטען אין דער אַרמעע פון פּאָמפּעיוס׳ן, שטיקער ערד פון דעם לאַנד, וואָס געהערט צום שטאַאַט אין איטאַליען אַרום קאַפּוּאַ, ווי אויך צו בעשטעטיגען די איינאָרדנונגען, וואָס פּאָמפּעיוס האָט געמאַכט אין אַזיען אין דיזער הינזיכט. דער אַנדערער פאָרשלאַג איז געווען, דאָס מען זאָל די שטייער־פּעכטער אין אַזיען אַרונטערנעהמען אַ דריטעל פון דער סו־מע, וואָס זיי זיינען געווען פערפּליכטעט צו צאָהלען צו דער רוימישער רע־גירונג פיר דאָס רעכט צו זאַמלען די שטייערן און אָפּצאָהלונגען פון יענע איינוואוינער. דער סענאַט איז געווען געגען אַלע פאָרשלאָגען פון צאַזאַר׳ן און בעזונדערס האָט ער מיט גרויס פייער געקעמפּט געגען דיזע פאָרשלאַגען. קאַטאָ האָט מיט זיין אייפער און זיינע שאַרפע ווערטער צאַזאַר׳ן פון געדולד אַרויסגעבראַכט, און דיזער האָט בעפוילען מען זאָל קאַטאָ׳ן אין געפענגניס אַוועקפיהרען. דאַן האָבען זיך אייניגע סענאַטאָרען אויפגעהויבען און האָ־בען געזאָגט, דאָס זיי ווילען צוזאַמען מיט קאַטאָ׳ן געהען אין געפענגניס, ווייל זיי זיינען דורכאויס איינפערשטאַנען מיט איהם אין דיזער פראַגע. צאַזאַר האָט געפונען פיר נעטיג נאָכצוגעבען אין דיזען מאָמענט, אָבער ווירק־ליך נאָר פיר איין מאָמענט. געגען דער רוימישער פערפאַסונג (קאָנסטיטו־ציאָן) האָט צאַזאַר בעשלאָסען ניט צו אַכטען אויף דעם בעשלוס פון סענאַט און האָט די זאַך פאָרגעבראַכט פאַר די פאָלקס־פערזאַמלונג. דאָס איז גע־ווען דאָס ערסטע ביישפּיל פון דיזען סאָרט אין דער רוימישער געשיכטע און דיזעס האָט קלאָר געוויזען, דאָס צאַזאַר האָט ווענינ אַכטונג פיר די געזעצען פון רוים, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַ פראַגע, וואָס איז געגען זיין וואונש. אין דער פאָלקס־פערזאַמלונג איז דער פאָרשלאַג דורכגעגאַנגען מיט אַ גרויסער מאַיאָריטעט, ווייל די געוועזענע סאָלדאַטען פון פּאָמפּעיוס׳ן האָבען געשטימט פיר איהם. הגם דער צווייטער קאָנסול, ביבולוס, וועלכער האָט פערטרעטען די סענאַט־פּאַרטיי אין דיזער פערזאַמלונג, איז געווען געגען דעם.

נאָך דעם יאָהר פון צאַזאַר׳ס קאָנסולאַט האָט ער ערהאַלטען פון סע־נאַט די שטעלע פון אַן אויפזעהער איבער שאָסעען און וועלדער, אָנשטאָט וואָס אַנדערע קאָנסולען פלעגען בעקומען שטעלעס פון שטאַטהאַלטער. דאָס האָט דער סענאַט געטאָן אום זיך נוקם צו זיין אָן איהם פיר די בע־ליידיגונג, וואָס ער האָט פערשאַפט דעם סענאַט מיט די פאָרשלאַגען, וועל־כע ער האָט דורכגעפיהרט מיט דער הילף פון דער פאָלקס־פערזאַמלונג גע־גען דעם געזעץ און געגען דעם ווילען פון סענאַט. צאַזאַר אָבער איז ניט גע־

ווען דער מאַן, וואָס זאָל זיך לאָזען שפּייען אין פּנים. ער האָט אין דיזען פאַל גענומען די זעלבע מיטלען און דעם זעלבען וועג, וועלכע ער האָט שוין איינמאָל מיט ערפאָלג בענוצט. ער האָט נעמליך פעררופען אַ פאָלקס־פערזאמלונג און האָט דורכגעפיהרט, דאָס מען האָט איהם בעשטימט אַלס שטאטהאַלטער אין די פּראָווינצען פון אויבער־איטאַליען און איללירִיען. דיזע פּראָווינצען האָט איהם די פאָלקספערזאמלונג איבערגעגעבען צו רעגירען אויף פינף יאָהר געגען דעם געזעץ, וועלכעס האָט געפאָדערט, דאָס די שטאטהאַלטער זאָלען נאָר אויף איין יאָהר בעשטימט ווערען. דער סענאַט איז געווען אָהנמעכטיג עטוואָס צו טאָן דאַגעגען. און דעריבער אַלס צאָזאַר האָט פערלאַנגט, מען זאָל איהם איבערגעבען אַ צווייטע פּראָווינץ צום פערוואַלטען, האָט דער סענאַט זיך געאיילט איהם זיין וואונש נאָכצוגעבען, אום ניט צו דערלאָזען ער זאָל דאָס דורכפיהרען דורך די פאָלקספערזאמלונג און דערמיט אונטערגראָבען די אויטאָריטעט פון סענאַט. דערביי האָט דער סענאַט געהאַט אַן אויסזיכט צו פּטור ווערען פון איהם אין רוים, ווייל ער, דער סענאַט, האָט געהאַלטען פיר בעסער איהם צו האַלטען ווייטער פון רוים, וואו ער איז געווען צו געפעהרליך פיר די סענאַט־פּאַרטיי. די שטאטהאַלטערשאַפט אין גאַלליען האָט איהם פערשאַפט דאָס, צו וואָס ער האָט געשטרעבט, נעמליך: בעריהמטהייט און סאָלדאַטען.

איידער צאָזאַר האָט פערלאָזען רוים. האָט דער טריאומוויראַט געזאָרגט דאַפיר, דאָס אַלע זייערע געגנער אין דער סענאַט־פּאַרטיי זאָלען ערווייטערט ווערען פון רוים. זיי האָבען צו דיזען צוועק בענוצט פּ ו ב ל י ו ס ק ל אָ ד י ו ס, וועלכער איז אַדאָפּטירט געוואָרען פון אַ פּלעבעאישער פאַמיליע, און האָט דעריבער געהאַט די מעגליכקייט און דאָס רעכט צו ערוועהלט ווערען אַלס פאָלקס־טריבון. דיזער קלאָדיוס איז געווען אַ שרעקליכער שונא פון ציצעראָ'ן, דערפאַר, וואָס דיזער האָט איהם אַ מאָל פערפאָלגט פיר מחלל זיין דעם הייליגען פרויען־יום־טוב, וועלכער איז געווען בעוואוסט אונטער דעם נאָמען „דער יום טוב פון די גוטע געטער". דעריבער האָט קלאָדיוס גערן אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון צאָזאַר'ן אָנצואווענדען אַלע מיטלען ציצעראָ'ן פון רוים צו פערטרייבען. אַלס פאָלקס־טריבון האָט קלאָדיוס געמאַכט אַ פאָרשלאַג, דאָס יעדער בעאַמטער, וואָס וועט פעראורטיילען אַ רוימישען בירגער צום טויט אָהן דער צושטימונג פון פאָלק, זאָל אַלע זיינע בירגער־רעכטען פערלירען, זיינע גיטער זאָלען קאָנפיסקירט ווערען און ער זעלבסט זאָל פון לאַנד פערטריבען ווערען. מיט דיזען פאָרשלאַג האָט ער נאָר געצילט געגען ציצעראָ'ן, וועלכער האָט פעראורטיילט צום

טויט פינף מענשען, וואָס זיינען געווען פערמישט אין קאַטילינאַ'ס פער־שווערונג, נאָר מיט דער איינשטימונג פון סענאַט, אָהן בעראַטונג מיט דעם פאָלק. ווייל קלאָדיוס האָט זיך בעליבט געמאַכט ביים פאָלק דורך געזעצען, וועלכע ער האָט דורכגעפיהרט צום בעסטען פון דער דעמאָקראַטישער פאַר־טיי און פון דער אָרימער קלאַס, דעריבער איז איהם אויך ניט שווער געווען דורכפיהרען דאָס געזעץ, וועלכעס איז געווען געריכטעט געגען ציצעראָ'ן. דער „פאָטער פון פאָטערלאַנד" האָט געמוזט פערלאָזען זיין פאָטערלאַנד און געהן אין גלות נאָך טהעססאַלאָניק, און זיין פאַלען צו די פיס פון פאָמפּעיוס'ן און בעטען איהם וועגען שוץ האָבען איהם ניט געהאָלפען. ער איז פערטריבען געוואָרען אין גלות און זיין הויז און גוט זיינען צושטערט געוואָרען.

אויך פון קאַטאָ'ן האָט מען זיך לייכט בעפרייט, ווייל ער איז געווען פון די הויפּט־געגנער פון טריאומוויראַט. מען האָט איהם געגעבען אַ זעהר ניט בכבוד'ע בעשעפטיגונג. נעמליך: איינצונעהמען פון קעניגרייך ציפּערן די איינקונפטען, וואָס דער קעניג פון דיזער אינזעל האָט איבערגעלאָזען אין זיין צוואה צו די רוימער.

פאָמפּעיוס האָט זיך באַלד אַרומגעזעהן, דאָס קלאָודיוס'עס מאַכט איז געוואָרען צו שטאַרק און געפעהרליך פיר דעם טריאומוויראַט. ער איז געוואָרען דער גאַנצער הערר אין רוים. די ברייטע שיכטען פון פאָלק, אַר־בייטער און פרייגעלאָזענע, האָבען בעטראַכט דעם מוטיגען טריבון אלס זייער רעטער פון זייער געדריקטער לאַגע. קלאָדיוס האָט זיך אַרומגערינגעלט מיט אַ בעוואַפענטער מאַכט און איז אַזוי מעכטיג געוואָרען, דאָס דער סענאַט האָט גאָר ניט געקענט טאָן געגען אַלע זיינע שטרעבונגען. דער סענאַט האָט געמוזט קוקען און שווייגען, ווי די טריבונען רויבען. ער האָט געמוזט בעשטעטיגען פיר עמטער די פּערזאָנען, וואָס די טריבונען האָבען ער־וועהלט, און צושטימען צו די רעכטען, וואָס זיי האָבען אימער מעהר און מעהר צוגעטיילט צו זייערע אָנהענגער. פאָמפּעיוס האָט זיך יעצט איבער־ציינגט, דאָס קלאָודיוס, דורך וועלכען'ס קראַפט ער האָט געהאָפט זיין ציל צו דערגרייכען, איז יעצט פיעל שטאַרקער פון איהם. אַלס דער יונ־גער טיגראַנעס האָט געקויפט פון קלאָדיוס'ן זיין פרייהייט פיר אַ געוויסע סומע געלט, האָט פאָמפּעיוס געגעבען בעפעהלען צום פּראָטאָר איבער־אַ־נייס צו פאַנגען טיגראַנעס'ן און ברייגגען איהם צוריק נאָך רוים. דאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שטרייט צווישען דעם פּראָטאָר און קלאָדיוס'ן, און דער פּראָטאָר איז בעזיגט געוואָרען. דאָס האָט געמאַכט אַן אָפענע שנאה צווי־

שען פּאָמפּעיוס'ן און קלאָדיוס'ן, און יענע האָבען אָנגעהויבען מורא צו האָ-
בען אין אָפענע פלעצער צו ערשיינען. פּאָמפּעיוס'עם הויז איז געווען איי-
ניגע מאָל בעלאַגערט פון קלאָדיוס'עם אָנהענגער מיט דעם צוועק איהם צו
ערמאָרדען.

אָבער אַלס קלאָדיוס האָט זיך אויפגעהויבען געגען צאַזאַר'ן און האָט
געוואָלט אָפּשאַפען די געזעצען, וואָס דיזער האָט דורכגעפיהרט, האָט דער
טריאומווירואַט בעשלאָסען מיט אַלע קרעפטען צו אַרבייטען געגען איהם און
זיי איז עס געלונגען צו ווירקען, דאָס ער זאָל מעהר ניט ערוועהלט ווערען
אַלס טריבון. ציצעראָ'ס פריינד האָבען דאַמאָלס געפּרובט מאַכען אַ פּאָר-
שלאַג מען זאָל איהם צוריקרופען פון זיין פערבאַנונג, אָבער קלאָדיוס האָט
אויך דאַן, ווען ער איז געוואָרען אויס טריבון, געהאַט די מאַכט מיט דער
הילף פון זיינע בעוואַפענטע באַנדעס, ניט דערלאָזען דעם צוריקקעהר פון
ציצעראָ'ן. דער נייער טריבון, וואָס איז ערוועהלט געוואָרען אָנשטאָט קלאָ-
דיוס'ן, אַ נ נ י ו ס מ י ל אָ, האָט געמאַכט נאָך אַמאָל דעם פאָרשלאַג
אין דער פאָלקס-פערזאַמלונג, מען זאָל ציצעראָ'ן צוריקרופען פון זיין פער-
באַנונג, אָבער עס איז געוואָרען דאַמאָלס אַ שטאַרקער שטרייט אין דער
פאָלקס-פּאַרטיי זעלבסט. איין טריבון איז ערשלאָגען געוואָרען און פיעלע
אַנדערע זיינען פערוואונדעט און געטויט געוואָרען. ענדליך האָט פּאָמפּעיוס
אויך איינגעשטימט, מען זאָל ציצעראָ'ן צוריקרופען, און דאַמאָלס האָט די
פאָלקספערזאַמלונג בעשלאָסען איהם ערלויבען צו קומען אין רוים. אָבער
נאָכדעם איז דיזעס געוואָרען אַ נייע קוועלע פון אונרוהען, וועלכע האָבען
דער רעפּובליק פיעל שאָדען געבראַכט.

פּאָמפּעיוס האָט זיך לעכערליך געמאַכט מיט זיין אויפפיהרונג אין די-
זער צייט פון אונרוהען. ער איז אַמאָל געווען אויף דער זייט פון די אַריס-
טאָקראַטען און אַמאָל אויף דער זייט פון די דעמאָקראַטען. ער האָט קיין
מאָל ניט געטאָן אַ גאַנצע זאַך, ער האָט זיך ניט געהאַלטען, ווי צאַזאַר, ביי
אַ געוויסען פעסטען פּלאַן, נאָר ער האָט זיך געוואָרפען פון איין זייט אויף
די אַנדערע. דערפון האָט זיין אָנזעהן און אויטאָריטעט זעהר פיעל געלי-
טען. אום זיין נאָמען צוריק אויפצוהייבען, האָט ער בעשלאָסען צוזאַמען
מיט קראַססוס'ן ערוועהלט צו ווערען צום קאָנסולאַט פון יאָהר 65 פ. קר.,
אום דאַן פון דאָס ניי צו קריגען פּראָווינצען און טרופּען. צאַזאַר האָט זיי
געהאָלפען צו דערגרייכען זייער ציל, ווייל ער האָט נאָך געברויכט מעהר
צייט זיין מאַכט צו בעפעסטיגען, אום זיין ציעל צו דערגרייכען. אַלע דריי
מענער פון טריאומווירואַט האָבען זיך פערזאַמעלט אין ל ו ק ק אַ, אין עטרו-

ריען, זיי האָבען דאָ בעניײט זייער בונד און האָבען בעשלאָסען, דאָס צאַזאר זאָל פערבלייבען אויף נאָך פינף יאָהר שטאטהאלטער אין גאַלליען, און צו פּאָמפּעיוס׳ן און קראַססוס׳ן איז דאָן פערשפּראָכען געוואָרען די פערוואַלטונג פון רייכע פּראָווינצען.

ציצעראָ און פיעלע אַנדערע סענאַטאָרען האָבען גוט פערשטאַנען און האָבען קלאָר געזעהן, וואָס דער סוף וועט דערפון זיין, אָבער זיי האָבען אויפגעגעבען די האָפנונג צו זיין אין שטאַנד עטוואָס צו טאָן געגען דעם טריאומוויראַט. פּאָמפּעיוס און קראַססוס זיינען אונגעשטערט ערוועהלט געוואָרען אַלס קאָנסולען פיר דאָס יאָהר 55 פ. קר. און זיי האָבען ערהאַלטען די געווינשטע פּראָווינצען צום רעגירען. פּאָמפּעיוס האָט ערהאַלטען שפּאַניען און אַפריקאַ, קראַססוס האָט ערהאַלטען די רייכע סיריען און עגיפּטען. אויסער דעם האָט מען זיי איבערגעגעבען דעם אויבערבעפעהל אויף דאָס מיליטער פיר די פּראָווינצען אויף גאַנצע פינף יאָהר. די צאָהל פון די טרופּען, וואָס מען האָט זיי פערשפּראָכען צו געבען, איז ניט געווען בעשטימט, דיזע האָט געמעגט זיין אַזוי גרויס, ווי זיי וועלען געפינען פיר נעטיג צו זייערע צוועקען. דערביי איז אָבער קיין צייט ניט בעשטימט געוואָרען, ווען די טרופּען זאָלען פערלאָזען איטאַליען און זיי פאָלגען צו זייערע בעשטימטע ערטער. אויך צאַזאר האָט ערהאַלטען די געווינשטע פערלענגערונג פון זיין אויבערבעפעהלס־אַמט. די אַלע, וואָס זיינען געוועזן געגען דיזער בעשטימונג, זיינען פערטריבען געוואָרען פון דער פערזאַמלונג.

נאָך דעם, ווי דאָס יאָהר פון קאָנסולאַט־אַמט האָט זיך געענדיגט, איז קראַססוס אַוועק אין זיין פּראָווינץ. פּאָמפּעיוס אָבער איז פערבליבען אין רוים אום דאָ צו שטעהען אָן דער שפּיץ פון דער רעגירונג, און די געשעפטען אין דער פּראָווינץ האָט ער דורך לעגאַטען (געזאַנדטע) בעזאָרגט. אַזוי באַלד, ווי קראַססוס איז געקומען אין סיריען, האָט ער אָנגעפאַנגען אַ קריג מיט די פּאַרטהיער, ווייל זיי האָבען זיך געוויזען פיינדליך צו רוים. ער האָט גערעכענט, דאָס עס וועט איהם לייכט אָנקומען פון דיזען קריג צו געווינען רוהם און רייכטום, אָבער ער האָט אַ גרויסען טעות געהאַט, ווייל ער האָט ניט געקענט דעם כאַראַקטער פון דעם פיינד. ער האָט אפילו אייניגע טעמפּלען בערויבט און איז אַריבער דעם טייך אייפראַט, אָבער ביי ק א ר ר ה אָ האָט ער געכאַפּט אַ מיאוס׳ע מפּלה. דער יונגער קראַססוס, דער זוהן פון דעם טריאומוויר, איז אַרומגערינגעלט געוואָרען פון פיינד, און אַלס ער האָט זיך געזעהן אָפּגעשניטען פון דער הויפּט־אַרמעע, האָט ער זיך אַליין דאָס לעבען גענומען, אום ניט אַריינצופאַלען אין די הענט פון פיינד. קראַס-

סוף דער טריאומוויר האָט אָנגעפאַנגען צוריקטרעטען פון סיריען. ער איז אָבער אויף׳ן וועג ערמאָרדעט געוואָרען צוזאַמען מיט זיינע בעגלייטער. נאָר אַ פערטעל פון זיין אַרמעע האָט זיך גערעטעט.

דער קריג אין גאַלליען (58—51 פ. קר.). צעזאַר האָט מיט קלוגער בערעכנונג פערלאַנגט מען זאָל איהם געבען די פּראָווינץ גאַלליען. אין רוים האָט מען גערעכענט, דאָס צעזאַר איז ניט פעהיג קריג צו פיהרען, האָט ער געברויכט אַ פּראָווינץ, וועלכע זאָל איהם עהרע פערשאַפען, און אַר-



דרואידען־פרויען טאַנצען אַרום אַ מענהיר (מצבה).

מעע, וועלכע זאָל איהם פערגעטערן, און לאַנד פיר נייע קאָלאָניעס אום אַהין אָפּצוציהען פון רוים די ברוטלאָזע מאַסע. דאָס אַלץ האָט איהם די פּראָווינץ גאַלליען פערשפּראָכען צו פערשאַפען. דערצו האָבען זיך די אומשטענדען אין דער צייט, ווען צעזאַר איז אין גאַלליען אָנגעקומען, אַזוי געמאַכט, דאָס ער איז געצוואונגען געווען צו מאַכען אַן ענדע צו די אָנפאַלען פון די גערמאַני-שע פעלקערשאַפטען אויף די רוימישע פּראָווינצען, צו מאַכען דעם טייך רהיין

פיר דעם פעסטען גרענעץ צווישען גאַלליען און דייטשלאַנד און אַזוי גאַנץ גאַלליען איינצונעהמען.

אין גאַלליען האָבען דאַמאָלס געוואוינט די קעלטען. די געשיכטע פון דיזען פאָלק איז זעהר דונקעל, זייער פערגאַנגענהייט איז כמעט ווי גאָר ניט בעוואוסט. זיי האָבען געלעבט, ווי אַלע אַנדערע אור־פעלקער, ניט אַלס איין נאַציאָן, נאָר זיי זיינען געווען איינגעטיילט אין בעזונדערע שבטים. אָן דער שפּיץ פון יעדען שבט איז געשטאַנען אַ מין קעניג אָדער ריכטער; נעבען דעם קעניג אָדער ריכטער איז געווען די פאָלקס־פערזאַמלונג אָדער דער ראַט פון די פאַטערס פון די שבטים.



רייהען פון מענהירען ביי קאַרנאַק.

אין צאָזאַר'ס צייטען איז ביי די גאַלליער שוין געווען ענטוויקעלט אַן אַריסטאָקראַטיע אָדער שטאַם־אַדעל. די רעליגיאָנס־פאָרשטעהער פון די קעלטען, אָדער זייערע פּריסטער, זיינען געווען בעוואוסט אונטער דעם נאָמען „דרואידען”. דיזע דרואידען זיינען מעהרסטענס אויך געווען זייערע ריכטער. זייערע שטראָפען זיינען געוועהנליך געווען גייסטליכע, ווי צום ביי שפּיל אויסשליסען פון רעליגיאָנס־דינסט. עס זיינען אויך געווען ד ר ו א י ד ע נ ־

פ ר ו י ע ן, אָדער, ווי מען האָט זיי אויך אָנגערופען, „קלוגע פרויען", וועלכע האָבען פעררי‌כט בעזונדערע רעליגיעזע צערעמאָניעס.

ביי די גאַלליער איז געווען אַ מנהג אויפצושטעלען לענגליכע פעלזענ־שטיינער, ווי זיילען. דיזע געפינען זיך נאָך היינט אין פערשיידענע ערטער אין פראַנקרייך און זיינען בעוואוסט אונטער דעם נאָמען „מענהירס" (לאַנ־גע שטיינער). זיי ווייזען אויס, ווי דריי־ אָדער פיער־עקיגע אָבעליסקען. אי־בערהויפּט האָט מען זיי געברויכט אַלס גראַב־מאָמנומענטען (מצבות). מען געפינט זיי אָבער אויך אין פרייען פעלד אָדער אין וואַלד, אמאָל אין גרופּען און אמאָל אין לאַנגע רייהעס. אויף דעם פעלד פון ק אַ ר נ אַ ק (אין דעפּאַרטעמענט מאָרביהאַן אין פראַנקרייך) געפינען זיך 11,000 מענהירען אין 20 רייהעס. עס זיינען געווען מענהירען געמאַכט אין קרייזען, אין מיטען פון וועלכע עס פלעגען פאָרקומען זייערע פערזאַמלונגען. עס געפי־נען זיך מענהירען פון 19 מעטער הויך און 5 מעטער ברייט. עס איז צו שטוינען, ווי די מענשען אין יענער צייט האָבען געהאַט די מעגליכקייט, אָהן יעדען הילפס־מיטעל צו איבערטראַנספּאָרטירען אזעלכע גרויסע מאַסען, צוזאַמענצוברייננען אזוי פיעלע מענהירען אין איין פּלאַץ.

לויט צעזאַר'ס שילדערונג פון זייער כאַראַקטער, זיינען די קעלטען גע־ווען זעהר גרויסע בעלי מחלוקת, פלעגען ווערען גיך אויפגערעגט, אָבער דער כעס אין זיי איז גיך איבערגעגאַנגען. זיי זיינען אויך געווען זעהר שטאָלץ און צו יעדער צייט פערטיג צום קריג. זיי זיינען געווען זעהר שאַרפזי־ניג מיט אַ נאַטירליכען געזונדען פערשטאַנד און אַ גרויסען מוט. זיי זיינען פון דער נאַטור געווען פול מיט ריטערליכען גייסט. זייערע קליידער זיינען געווען פערשיידענע פיעל־פאַרביגע לייב־רעק, איבער וועלכע זיי פלע־גען טראָגען אַ גאַרטעל פון גאָלד אָדער זילבער, הויזען און אַן אויבערמאַנטעל, וועלכער איז געווען פערשיידען נאָך די צייטען פון יאָהר; אויסער דעם פלע־גען זיי טראָגען זעהר פיעל צירונג, ווי גאָלדענע האַלזבענדער, בראַסלעטען, רינגען א. אז. וו.

די וואַפען זייערע זיינען געווען אַ שמאָלער לאַנגער שילד, וועלכער איז אימער געווען געפאַרבט אין פערשיידענע קאָלירען, אַן אייזערנער העלם מיט בילדער פון אַ טיגער אָדער מיט הערנער, און אַן אייזערנער אָדער פון דראָהט געפלאָכטענער פּאַנצער. דערצו האָבען זיי געטראָגען לאַנגע שווערדען ווי אויך ברייטע און קורצע שפּיזען. זיי פלעגען אויך געברויכען פייל און בוי־גען און אַנדערע אזעלכע וואַפען. צום ליבסטען פלעגען זיי קעמפפען ריי־טענדיג אויף פערד, איבערהויפּט איז עס געווען דער געברויך פון די אדעל־

לייט. דיזע האָבען ליב געהאַט בעסער דעם איינצעל־קאַמף, און פלעגען זעהר אָפט אַרויסרופען פון פיינדליכען לאַגער מוטיגע קעמפער צו קעמפען מיט זיי. די קעפּ פון די דער׳הרג׳עטע פיינד פלעגען זיי אָנהענגען אויף די פערד, און די קליידער און וואָפען פון די געפאַלענע שטרייטער פון פיינד פלעגען זיי אויפהענגען אויף די טויערן פון זייערע קעניגליכע הויפען אָדער שטעדט. אין ערסטען אָנגריף פלעגען די קעלטען זיין שרעקליך, עס איז כמעט געווען אונמעגליך זיי צו בעזיגען. דעריבער האָבען די רוימער אימער זיך די מיה געגעבען און געברויכט אַלערליי שפּיצלאַך און מיטלען, דאָס די



גאַללישער בית הקברות.

קעלטען זאָלען אויסאיבען זייער ערסטע היץ און מוט אויף עטוואָס אַנ־דערס, נאָכדעם פלעגען זיי אָנהייבען מיט זיי צו שטרייטען.

אין צאַזאַר׳ס צייטען זיינען די קעלטען שוין געווען געבונדען אין שטאַם־גרופּעס. עס זיינען געווען איבערהויפּט דריי מעכטיגע פעראייניגונ־גען פון שבטים ביי זיי אין גאַלליען, נעמליך: אין צפון די בעלגיער, אין מערב די אַרמאָריקאַנישע פעלקער, און אין מיטען לאַנד די אַדוער און סעק־וואַנער. צאַזאַר האָט גרויסע נוצען פיר זיך געצויגען דערפון, וואָס די גער־מאַנען און די העלוועטיער האָבען זעהר געדריקט די גאַלליער. די העל־

וועטיער, וועלכע זיינען געווען געדריקט פון די גערמאַנען, האָבען פערלאָ-
זען זייער היים און זיינען אריבער אין גאַלליען, אום דאָרט זיך א היים צו
פערשאַפען. מעהר פון 350,000 מענשען זיינען געקומען נאָך גאַלליען. די
גאַלליער האָבען זיך געווענדט צו צאָזאַר'ן אום הילף געגען די העלוועטיער,
וועלכע האָבען זיי ענג געמאַכט. צאָזאַר האָט זיי בעזיגט, און נאָך א שרעק-
ליכען בלוט-באָד האָט ער זיי צוריק פעריאָגט נאָך זייער היים, און דיזער
זיג האָט איהם געגעבען דאָס רעכט און די מעגליכקייט זיך אין גאַלליען צו
בעפעסטיגען. דאָס איז געווען אין יאָהר 58 פ. קר.

באַלד נאָך דעם האָט צאָזאַר געהאַט אַן אַנדער צופאַל צו בעשיצען די
גאַלליער פון א נייעם אַנגריף. די גערמאַנען אונטער זייער אַנפיהרער א ר י-
אָ ו י ס ט האָבען שטאַרק געדריקט די גאַלליער און האָבען ביי זיין אָפּגענו-
מען א גרויסען טייל פון זייער לאַנד. די גאַלליער האָבען זיך געווענדט צו
צאָזאַר'ן אום הילף און ער האָט די גערמאַנען פערטריבען פון גאַלליען.

צאָזאַר האָט דאַן בעשלאָסען צו ווינטערן מיט זיינע טרופען צווישען די
גאַללישע שטאַמען אונטער דעם אויסרעד, דאָס ער וויל זיי שיצען געגען
די גערמאַנען און אויך אום פעסטצושטעלען דעם פרידען צווישען די איינ-
צעלנע שטאַמען פון די גאַלליער זעלבסט. אין אמת'ן אָבער האָט ער געוואָלט
די רוימישע הערשאַפט אויסברייטען און פערשטאַרקען אין גאַלליען. די גאַל-
ליער האָבען עס אָבער פערשטאַנען און האָבען ארויסגעטרעטען געגען צאָ-
זאַר'ן מיט געוועהר אום צו צווינגען איהם צו פערלאָזען זייער לאַנד. צום
ערסטען זיינען ארויס געגען איהם די בעלגיער. זיי האָבען צוזאַמענגעבראַכט
אַן אַרמעע פון 300,000 מאַן. צאָזאַר האָט געזעהן, דאָס ער קען געגען
אַזא גרויסע אַרמעע ניט ארויס, האָט ער זיך בעפעסטיגט אין זיין לאַגער
ביז די גרויסע מחנה איז מיד געוואָרען וואַרטענדיג און האָט זיך אומגע-
קעהרט אַהיים. עס איז נאָר געבליבען א קליינער טייל פון זיי און מיט דיזע
האָט שוין צאָזאַר געהאַט א לייכטע אַרבייט. ער האָט זיי בעזיגט אין
איינציגע שלאַכטען.

ד ע צ י מ ו ס ב ר ו ט ו ס, צאָזאַר'ס א לעגאַט, איז ארויס אין שטרייט
מיט די גאַלליער, וואָס האָבען געוואוינט אין ברעטאַן. דיזע אָבער האָ-
בען געהאַט זעהר פיעלע בונד-חברים און האָבען זיך גוט פערטיידיגט אויף
דער יבשה און אויף'ן ים. זיי זיינען געווען זעהר געשיקטע זעע-לייט
און האָבען געהאַט אויסגעצייכענטע שיפען, דאָך האָבען די רוימער גע-
וואוסט, ווי זיי צו בעזיגען. די גאַלליער פון ברעטאַן האָבען זיך העלדיש
פערטיידיגט און זיינען געווען האַרטנעקיג זיך ניט אונטערצוגעבען. דיזעם

האט זעהר שטארק פערדראסען צאזאר'ן, און דעריבער, ווען ער האט זיי בעזיגט, האט ער זיי גרויזאם בעשטראפט. אלע מיטגלידער פון דעם פאלקס-ראט האט ער הינגעריכטעט און כמעט דעם גאנצען שבט האט ער פערקויפט פיר שקלאפען.

אן אנדער לעגאט פון צאזאר'ן, פובליוס ליציניוס קראססוס, דער זוהן פון דעם טריאומוויר קראססוס, האט אונטערגעווארפען אונטער די רוימי-שע הערשאפט די גאלליער, וואס האבען געוואוינט צווישען דעם טייך גאראנ-נע אין די פירענאען-בערג, און אזוי איז אין פערלויף פון 3 יאהר אונטער-



גאללישע געזאנדטע גיבען זייער שבועה אויף די פעלד-צייכענס.

ווארפען געווארען אונטער רוים גאנץ גאלליען. דאמאלס האט צאזאר גע-פאסט דעם פלאן צו מאכען אן ענדע צו דעם שטענדיגען אנפאלען פון די גערמאנען, און האט געמאכט דעם טייך רהיין פיר דעם גרענעץ צווישען רוים און גערמאניען. ער האט אונטערדריקט צוויי גערמאנישע שטאמען, וועל-כע האבען געוואלט איבערגעהן דעם רהיין און זיך בעזעצען אין גאלליען. ער איז פלוצלינג בעפאלען זיי און האט פערניכטעט אלע, וואס זיינען איהם אין די הענט אריינגעפאלען פון דיזע גערמאנישע שבטים. דאן איז ער אליין

אַריבער דעם רהיין און האָט אַריינגעדרונגען אין די גערמאַנישע אור־וועל־דער. ער איז דאָרט פערבליבען נאָר 18 טאָג אום די דייטשע פעלקער אָנ־צושרעקען.

צאַזאַר האָט אויך אונטערגענומען אַ פעלד־צוג נאָך בריטאַנניען. ער האָט אָבער באַלד געבאַפּט זיך צוריקקעהרען, ווייל זיין פלאָטע האָט זעהר פיעל געליטען פון אַ שטורם. אין נעכסטען יאָהר, נעמליך, איז 54 פ. קר., האָט צאַזאַר אונטערגענומען אַ צווייטען פעלד־צוג נאָך בריטאַנניען, אָבער אָהן אַ בעדייטענדען ערפאָלג. דער מוטיגער הויפּטלינג פון די בריטאַנניער קאַסיוועללאַונוס האָט זיך העלדיש פערטיידיגט געגען צאַזאַר׳ס אָנפאַל, און נאָך דעם, ווי איינינע קלענערע געביטען האָבען זיך אונטערגע־געבען, איז צאַזאַר געווען געצוואונגען זיך צוריקציהען אין גאַלליען. דער שוואַכער ערפאָלג, וואָס צאַזאַר׳ס פעלד־צוג האָט געהאַט אין בריטאַנניען, האָט ערמונטערט די גאַלליער און האָט זיי געגעבען האָפנונג זיי זאָלען צוריק דערלאַנגען זייערע פריהערדיגע פרייהייט. מען האָט זיך אָנגעפאַנגען צו־גרייטען צו אַ נייעם אויפשטאַנד. דעם סיגנאַל צום אויפשטאַנד האָט גע־געבען די הינריכטונג פון אַ גאַללישען פיהרער דומנאָריקס, וועל־כער איז ענטלאָפען פון דער רוימישער אַרמעע. די גאַלליער האָבען דאַן אָנגעגריפען די רוימער אונטער זייער פיהרער אַמביאָריקס. זיי האָ־בען אַרויסגענאַרט צוויי לעגאַטען פון רוימישען לאַגער און האָבען זיי מיט זייערע סאָלדאַטען גענצליך פערניכטעט. זיי האָבען געוואָלט ווייטער איינ־דרינגען, אָבער דער לעגאַט ציצעראָ, דעם בעריהמטען רעדנער׳ס ברודער, האָט זיי ניט דערלאָזען, ביז צאַזאַר איז אָנגעלאָפען פון דרום־גאַלליען און האָט דעם אויפשטאַנד איינגעשטילט. די ראַכע פון די רוימער איז געווען שרעק־ליך און אונמענשליך.

דיזע שטרענגקייט אָבער האָט ניט אָנגעשראָקען די גאַלליער. אין גע־גענטייל, זי האָט אין זיי אויפגעפלאַקערט אַ שרעקליכען האַס צו די רוימער און עס האָט זיך אָנגעהויבען פערשפּרייטען אַן אַלגעמיינער אויפשטאַנד אין גאַנץ גאַלליען. דער פיהרער פון דעם אויפשטאַנד איז געווען איינער מיט׳ן נאָמען ווערצינגעטאָריקס, אַ מאַן, וואָס איז גוט בעקאַנט געווען מיט דער רוימישער קריגס־קונסט, און איז דעריבער אין שטאַנד געווען זעהר פיעל שאַדען די רוימער אָנצומאַכען. הגם צאַזאַר האָט איהם איינגע־שלאָסען אין דער פעסטונג גערגאָוויאַ, האָט ער אַזוי שטאַרק געגען יעדען שטורם פון די רוימער געקעמפט, דאָס די רוימער זיינען ענדליך געווען געצוואונגען אין זייער אַלטע פּראָווינץ זיך צוריקצוקעהרען. דאָס איז געווען די

ערסטע מפּלה, וואָס צאַזאַר האָט געליטען זינט ער איז געוואָרען אַ קריגסמאַן. אָבער נאָך דיזער מפּלה האָט זיך צאַזאַר פעראייניגט מיט די טרופּען פון זיין




גאַללישע וואפען און כלים.

לעגאַט ל א ב י ע נ ו ס און האָט די גאַלליער בעלאַגערט אין אַ פעסטונג, און אַלע שטורמס, וואָס זיי האָבען געמאַכט געגען די רוימער, האָבען זיי גאָר ניט געהאָלפען.

ענדליך האָט די גאַלליער דער הונגער געצוואונגען די שטאָדט איבער-צוגעבען צו די רוימער. דער אָנפיהרער פון דעם אויפשטאַנד, ווערצינגעטאָריקס, האָט ערקלערט דעם קריגס־ראַט, דאָס ער איז בערייט מען זאָל איהם דעם פיינד איבערגעבען, זיי זאָלען מיט איהם טאָן, וואָס זיי ווילען, אום דערמיט צו רעטען דאָס גאַנצע פאָלק פון פערניכטונג. דער ראַט האָט אָנגענומען דעם גרויסאַרטיגען פרייוויליגען אָפּפער פון דעם גרויסען מאַן. אין פולער פאָרמע, רייטענדיג אויף זיין פערד, איז ער צוגעריטען צו צעזאַר'ן, און האָט זיין וואַפען צו צעזאַר'ס פיס אַנידערגעלעגט. פינף יאָהר שפּעטער האָט דיזער בראַוועד העלד געדינט אַלס צירונג ביי צעזאַר'ן אין דעם טריאומף, וואָס מען האָט איהם געמאַכט, אַלס ער האָט זיך צוריקגעקעהרט נאָך רוים, און ער איז געוואָרען געשלעפּט איבער אַלע גאַסען פון רוים און ענדליך הינגעריכטעט אַלס אַ פעררעטער צו דער רוימיישער נאַציאָן. אַזעלכע עדעלע כאַראַקטערען זיינען אַ גרויסע זעלטענהייט אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט, און בעזונדערס אין אַ פאָלק, וואָס האַלט ביים אונטערגעהן. אָבער דערפאַר איז גאָר ניט זעלטען, דאָס אַזעלכע וואַהרע אַריסטאָקראַטען פון מענשליכען געשלעכט זאָלען אַזוי בעהאַנדעלט ווערען, אַפילו אין היינטיגער צייט, וואָס שטאָלצירט אַזוי מי ט איהר ציוויליזאַציאָן. מיט דעם פאַל פון דיזען גרויסען מאַן, וועלכער האָט זיין לעבען געאָפּפערט אום צו פעראייניגען אַלע גאַללישע שטאַמען און זיי פערשאַפען זייער פרייהייט און זייער זעלבשטענדיגקייט, האָט זיך געענדיגט יעדע האָפנונג ווען עס איז פריי צו ווערען פון רוימישען יאָך. באַלד איז אויך איינגענומען געוואָרען די לעצטע פעסטונג, וואו די גאַלליער האָבען זיך פערשלאָסען, און לויט דעם בעפעהל פון צעזאַר'ן האָט מען אָפּגעהאַקט די גאַלליער אין דער פעסטונג זייערע רעכטע הענט.

נאָך דעם, ווי צעזאַר האָט די גאַלליער גענצליך אונטערוואָרפען, האָט ער אָנגעפאַנגען צו בעווייזען זיין מילדקייט און גוטסקייט, האָט אָנגעפאַנגען איינצופיהרען אָרדנונג אין לאַנד און דערמיט צו געוועהנען די גאַלליער צו דער רוימישער הערשאַפט. פיעלע האָבען ערהאַלטען בירגער־רעכט. די הויפּטלינגען פון זייערע שבטים האָבען געקריגען אַ פריינדליכע בעהאַנדלונג. די רוימישע שפּראַך איז געוואָרען היימיש, רוימישע געזעצען האָבען פערנומען דעם אָרט פון זייערע נאַציאָנאַלע געזעצען, און רוימישע מינצען זיינען געוואָרען גאַנגבאַר אין גאַנץ גאַלליען. ענדליך איז אויך די רעליגיאָן פון די דרואידען אונטערגעגאַנגען, און די רוימישע געטער זיינען געוואָרען פּאָפּולער. דאָס איז געווען זעהר וויכטיג פיר די פעראייניגונג פון די גאַל-

ליער מיט די רוימער, ווייל די דרואידען האבען אימער אויפגעהאלטען דעם נאציאנאלען שטאלץ און פערברייטערט האס און פעראכטונג צו אלץ, וואס איז פרעמד. יעצט איז קיין זאך ניט מעהר געשטאנען אין וועג צו ראמאני- זירען די גאלליער. די רוימישע קולטור איז דארט געווארען היימיש. די- זער פאקט איז זעהר וויכטיג פיר די געשיכטע פון איירא‎פא, ווייל פון גאל- ליען האט זיך אנגעהויבען צו פערשפרייטען העכערע בילדונג איבער אלע לענדער פון אייראפא.

די לאגע אין רוים. ווי מיר האבען שוין פריהער ערצעהלט, איז פאמפעיוס פערבליבען אין רוים אום צו שטעהן דארט אן דער שפיץ פון דער רעגירונג, און די פערוואלטונג איבער זיינע פראווינצען האט ער איבערגע- געגעבען צו לעגאטען. פריהער פון אלץ האט ער געשלאסען שלום מיט קלא- דיוס'ן. ער האט רעכט געמאכט קלאדיוס'עס אונרוהען, ווייל ער האט גע- וואלט בייגען דעם סענאט, וועלכער איז אימער געווען געגען די טריאומווירען. זיין אנטייל אין די וואהלען, אין וועלכע קלאדיוס איז געווען קאנדידאט פיר פראטאר און זיין געגנער פיר קאנסול, האט געבראכט דערצו, דאס אין אנ- פאנג פון יאהר 52 פ. קר. איז רוים געבליבען אהן א קאנסול און אהן א פראטאר, ווייל מען האט זיך פיר קיין פאל ניט געקענט פעראייניגען. גע- ענדיגט האבען זיך די אונרוהען דערמיט, וואס קלאדיוס איז ערמארדעט גע- ווארען. דיזער פאקט האט געהאט א גרויסען איינפלוס אויף פאמפעיוס'עס צוקונפט און אויף זיין שטעלונג אין רוים.

דעם 16טען יאנואר פון יאהר 52 פ. קר. האט זיך קלאדיוס צופעליגער- ווייז בעגעגענט מיט זיין געגנער מילא אויף דער אפפישער גאס. צווישען דיביידע געגנער איז באלד אויסגעבראכען א בלוטיגער קאמף, אין וועלכען קלאדיוס איז פערוואונדעט געווארען. מען האט איהם אריינגענומען אין א גאסט-הויז אום איהם די נעטיגע הילף צו פערשאפען. מילא האט דורך זיינע לייט איהם מיט גוואלד פון גאסטהויז ארויסגעשלעפט און האט איהם געטויט. דיזער מארד האט אין רוים געמאכט א שרעקליכען אויפרוהר. דאס פאלק האט אוועקגעטראגען דעם טויטען קערפער אין די קוריע און האט אונטערגעצונדען דאס גאסטהויז, וועלכעס איז אין גאנצען פערברענט גע- ווארען.

אויך איינינע הייזער נעבען דעם ראטהויז זיינען פערברענט געווארען. דאס צוהיצטע פאלק האט געוואלט אויך מילא'ס הויז פערברענען. מיט גרויס מיה איז עס געלונגען מילא'ס אנהענגער דאס הויז צו רעטען. פאמפעיוס האט גאר ניט געטאן אום די אונרוהען איינצושטילען. ער איז צופרידען גע-

ווען דערמיט, אום „אין אונרייגעם וואסער פיש צו כאפען". דער רעזול-טאט דערפון איז געווען, דאס אויך אין דעם נעכסטען יאהר איז קיין קאנ-סול ניט ערוועהלט געווארען. דאס פאלק האט געפאדערט מיט גרויס לארם מען זאל פאמפעיוס'ן אלס דיקטאטאר ערוועהלען, און דער סענאט איז גע-ווען געצוואונגען איהם צו ערוועהלען אלס קאנסול אליין אהן א קאללעגע צו איהם.

פאמפעיוס האט יעצט ווידער געקריגען אן אונבעשרענקטע מאכט. דיזע מאכט האט ער בענוצט אום מילא'ן צו אונטערדריקען און ארדנונגען אין רוים איינצופיהרען. צו דערגרייכען דיזען ציל האט איהם זעהר פיעל געהאלפען די אריסטאקראטישע פארטיי, און דעריבער האט ער זיך אין גאנצען איבערגעגעבען צו די אינטערעסען פון דיזער פארטיי. פון דיזער פארטיי האט ער ערווארט, דאס זי וועט איהם העלפען צו דערגרייכען דאס העכסטע אמט אין רוים. אויסער דעם האט ער געהאפט, דאס מיט דער הילף פון דער אריסטאקראטישער פארטיי וועט ער אין שטאנד זיין אויפצו-האלטען זיין אויטאריטעט און זיין מאכט געגען די פאפולאריטעט פון זיין קאנקורענט, יוליוס צעזאר. אבער דערמיט האט ער אין גאנצען אנגעווארען די שטיצע פון פאלק, וועלכע איז אין גאנצען אריבער אויף צעזאר'ס זייט.

דורך דעם, וואס פאמפעיוס איז אין גאנצען אריבער אויף די זייט פון דער אריסטאקראטיע, איז געווארען א שטארקע שפאלטונג צווישען די ביידע טריאומווירען. די שפאלטונג איז נאך שטארקער געווארען צוליב דעם, וואס די סענאטס-פארטיי האט אנגעהויבען ארויסגעבען מאסרעגלען געגען צעזאר'ן. פאמפעיוס האט דערביי געשפילט די ראלע פון אן אונשול-דיגען, אזוי ווי ער האט דערין קיין אנטייל ניט געהאט. צעזאר אבער האט גוט פערשטאנען די לאגע, און האט גאנץ רוהיג בעטראכט, וואס ער האט דא צו טאן, און האט געזוכט וואס מעהר נייע אנהענגער זיך צו פערשאפען. פריהער פון אלץ האט ער געזעהן, דאס די מיליטערישע מאכט, וואס איז געווען אונטער זיין קאמאנדע און וועלכע איז פיעל אפגעשוואכט געווארען אין דער צייט פון דעם קריג מיט די גאלליער, זאל ווידער ווערען ווי פרי-הער, און האט דעריבער געפאדערט נאך סאלדאטען. דערביי האט ער גע-פאדערט, דאס מען זאל זיינע סאלדאטען פערדאפלען דעם געהאלט. דער-מיט האט ער געוואונען די פולע איבערגעבענהייט און טרייהייט פון דער אר-מעע, וואס איז געווען אונטער איהם. ער האט אויך געשיקט זעהר פיעל געלט פון גאלליען נאך רוים, און האט אויף זיין רעכנונג געלאזען אויפשטעלען אונגעהייערע געביידעס, אויף וועלכע עס האבען געארבייט זעהר פיעלע ארביי-

טער פון די אָרימע קלאַסען און האָבען דערביי גוט פערדינט. צאָזאר האָט אויך דורך בעשטעכונג (כאַבאַר) געוואָלט פּיעלע אָנהענגער אויף זיין זייט געווינען, אונטער דיזע זיינען אויך געווען זיינע העפטיגע געגנער **לוציוס אָמיליוס פּאַוללוס** און **גאַיוס סקריבאָניוס קוריאָ**. דער צווייטער איז געווען אַ זעהר געניאַלער רעדנער און האָט מיט דיפּלאָמאַטישער קונסט געפיהרט צאָזאר'ס זאַך און זיינע אינטערעסען אין סענאַט, אַזוי דאָס צאָזאר זעלבסט האָט גאָר ניט געברויכט עטוואָס צו טאָן אין דיזע אַנגעלעגענהייטען. עס האָט זיך אָהן איהם געטאָן וואָס ער האָט פערלאַנגט.

נאָך איידער די צייט פון זיין שטאַטהאַלטערשאַפט אין גאַלליען האָט זיך געענדיגט האָט צאָזאר געוואָלט וויסען, אויב מען וועט איהם ערוועהלען צום קאָנסול אין יאָהר 48 פ. קר., ווי מען האָט איהם פערשפּראָכען אין לוקקאַ. ער האָט אָנגעפאַנגען צו טאָן וועגען דעם ניט זייענדיג אין רוים. פּאָמפּעיוס האָט אָבער דורכגעפיהרט אַ געזעץ, דאָס קיינער האָט קיין רעכט ניט ערוועהלט צו ווערען אַלס קאָנסול, ווען ער איז ניט אַנוועזענד אין רוים. אויסער דעם האָט פּאָמפּעיוס דורך דעם קאָנסול מאַרצעללוס געמאַכט אַ פאָרשלאַג אין סענאַט, צאָזאר זאָל זיין קאָמאַנדע אָוועקלעגען און די פּראָווינץ גאַלליען איבערגעבען. אויך האָט ער געפאָדערט פון צאָזאר'ן צוויי לעגיאָנען פיר די מלחמה מיט די פּאַרטהיער.

אַ גאַנץ יאָהר האָבען זיך געצויגען די פערהאַנדלונגען וועגען דיזען פאָרשלאַג, ביז ענדליך דער סענאַט האָט בעשלאָסען צו פאָדערן, דאָס פּאָמפּעיוס און צאָזאר זאָלען ביידע זייערע עמטער אָוועקלעגען. דאַמאָלס האָט דער סענאַט אַרויסגעלאָזען אַ קלאַנג, דאָס צאָזאר געהט מיט זיינע לעגיאָנען צו שטורמען אויף רוים. דער קאָנסול מעטעללוס האָט דאַן פערלאַנגט פון סענאַט מען זאָל פּאָמפּעיוס'ן איבערגעבען דעם בעפעהל די רעפּובליק צו בעשיצען. קוריאָ האָט מיט אַלע קרעפטען געאַרבייט געגען דעם פאָרשלאַג, אָבער ער האָט גאָר ניט אויסגעפיהרט. פּאָמפּעיוס האָט באַלד זיך גענומען צו זאַמלען די גאַנצע מיליטערישע מאַכט פון איטאַליען. צאָזאר האָט געשריבען אַ בריעף צום סענאַט, אין וועלכען ער האָט זיך פערענטפערט אויף זיין האַנדלונג, אָבער דער סענאַט האָט זיין פערענטפערונג ניט אָנגענומען, ווייל די פּאַרטיי פון פּאָמפּעיוס'ן האָט ניט דערלאָזען צו קיין פערגלייך מיט צאָזאר'ן. זעהר וועניגע רעדנער האָבען געראַטען מען זאָל די זאַך בעסער איבערלאָזען און ניט מאַכען קיין איבעראיילטען שריט. דער סענאַט האָט ענדליך געפאַסט דעם בעשלוס צו פאָדערן פון צאָזאר'ן ער זאָל צום

בעשטימטען טאָג זיין אַרמעע אָפּלאָזען און די שטאַטהאַלטערשאַפט אַני-דערלעגען. און אין פאַל ער וועט עס ניט טאָן, זאָל ער ערקלערט ווערען אַלס א פעררעטער פון פאָטערלאַנד. די פאָלקס-טריבונען מאַרקוס אַנטאָניוס און קאַססיוס האָבען פּראָטעסטירט געגען דיזען בעשלוס, אָבער מען האָט זיי ניט געהערט, הגם לויט דעם געזעץ האָבען זיי געהאַט דאָס רעכט צו מאַכען אונגילטיג דעם בעשלוס פון סענאַט. פּאָמפּעיוס'עס סאָלדאַטען האָבען גע-וואָלט טויט שלאָגען די ביידע פאָלקסטריבונען צוזאַמען מיט קוריאָ'ן, דער-פאַר, וואָס זיי זיינען געווען געגען אַרונטערוואַרפען צאַזאַר'ן. זיי האָבען זיך געמוזט רעטען און ענטלויפען פון שטאָדט. זיי זיינען געלאָפען צו צאָ-זאַר'ן איהם אויפמונטערן זיך אָנצונעהמען פיר די טריבונען, וואָס זיינען גע-ווען אין געפאַהר, און צו רעטען די דעמאָקראַטיע פון אונטערגאַנג.

דער סענאַט האָט בעאויפטראַגט פּאָמפּעיוס'ן מיט די איבריגע בע-אַמטע צו טאָן אַלץ מיט אַן אונבעשרענקטער מאַכט אום די רעפּובליק צו רעטען. צאָזאַר האָט ניט לאַנג געוואַרט און האָט אָנגעפאַנגען א שטרייט (אין יאָהר 49 פ. קר.) נאָך איידער פּאָמפּעיוס איז געווען פאַרבערייט צום קריג. צאָזאַר האָט איבערטראַנספּאָרטירט זיין מיליטער פון יענער זייט גאַלליען צו דרום-זייט פון גאַלליען, וואָס איז געווען נעהענטער צו רוים, און האָט זיך מיט זיינע סאָלדאַטען אָפּגעשטעלט אין ראַווננאַ. דאָ האָט ער אויפגערופען זיינע סאָלדאַטען און האָט פאַר זיי געהאַלטען א פייערדיגע רעדע, אין וועלכער ער האָט זיי דערמאָהנט זיין פערגאַנגענהייט און זיין בע-האַנדלען די סאָלדאַטען, וואָס זיינען געווען אונטער זיין פיהרערשאַפט, ווי ער האָט אימער געקעמפט מיט אַלע געגנער און פאָלקס-פיינד פיר די טובה פון דעם לאַנד און פיר פרייהייט, ווי ער האָט מיט געפאַהר פון זיין לע-בען רוים פערשאַפט זיג איבער זיג, און האָט דערמיט פערגרעסערט דעם כבוד און די מאַכט פון רוים. ער האָט זיינע סאָלדאַטען ערקלערט, ווי גראָב און אונגערעכט דער סענאַט האָט איהם בעהאַנדעלט, ווען ער האָט פּאָמפּעיוס'ן בעשאָטען מיט עהרע, הגם פּאָמפּעיוס האָט פיר דאָס פאָטערלאַנד גאָר ניט געטאָן, ער איז געזעסען ווי א לעדיג-געהער אין רוים און האָט גע-זאַמעלט מיליאָנען פון די פּראָווינצען, איבער וועלכע ער האָט געהערשט ניט אָנקוקענדיג זיי. ער האָט זיי אין דיזער רעדע אויפגעוויזען, ווי דער סענאַט האָט דאָס פאָלק בערויבט פון דער פרייהייט און דעם ביסעל רעכטען, וואָס עס האָט געקריגען מיט גרויס מיה און פיעל בלוט אין א רייהע פון פיעלע, פיעלע יאָהרען. די פאָלקס-פערזאַמלונגען האָט דער סענאַט אָפּגעשאַפט. **די** פאָלקס-טריבונען, וועלכע זיינען אימער געווען זיכער פון אָנגריף, האָט מען

געוואַלט ערמאָרדען און זיי זיינען געצוואונגען געווען צו ענטלויפען פון רוים.
צו ענדע פון דער רעדע האָט ער אויפגעפאָדערט די סאָלדאַטען און די אָנ-
פיהרער מיט'ן שווערד אין האַנט צו פערטיידיגען די רעכטען פון פאָלק, צו
בעשיצען די מאַכט פון די פאָלקס־טריבונען. די סאָלדאַטען צוזאַמען מיט
זייערע בעאַמטע האָבען איהם דאַרויף געענטפערט מיט אַ הייליגער שבועה,
דאָס זיי וועלען געהען וואוהין ער וועט זיי פיהרען, דאָס זיי וועלען טאָן וואָס
ער וועט זיי הייסען. זיי זיינען אַזוי בעגייסטערט געוואָרען, דאָס זיי זיינען
בערייטוויליג געווען קיין געהאַלט פון איהם ניט צו פערלאַנגען ביז דער קריג
וועט זיך ענדיגען. צעזאַר האָט זיך אויף אַ קורצע ווײַלע פערטראַכט, דאַן
האָט ער אויסגעשריען: „די זאַך איז בעשלאָסען — דער רוביקאָן מוז איבער-
געטראָטען ווערען!" דער רוביקאָן איז אַ קליינער טייך, וועלכער איז געווען
דער גרענעץ צווישען רוים און דער פּראָווינץ גאַלליען, אין וועלכער צעזאַר
איז געווען דער שטאַטהאַלטער. דאָס געזעץ האָט געפאָדערט פון שטאַט-
האַלטער ניט צו איבערטרעטען דעם רוביקאָן מיט מיליטער. אָבער דאָ האָט
צעזאַר בעשלאָסען אָנצופאַנגען אַ שטרייט מיט רוים, און אַריבערגעהן דעם
רוביקאָן מיט מיליטער געגען רוים.

ווען מען האָט דערהערט אין רוים, דאָס צעזאַר געהט מיט זיין חיל
געגען רוים, זיינען אַלע פערציטערט געוואָרען. אין רוים האָבען זיי קיין אַר-
מעע ניט צוזאַמענגעשטעלט און די סאָלדאַטען, וועלכע זיינען דאָרט געווען,
זיינען כמעט אַלע אַריבער אויף צעזאַר'ס זייט. דערצו זיינען געווען די
סאָלדאַטען, וואָס האָבען געדינט אונטער דער קאָמאַנדע פון פּאָמפּעיוס'ן,
זעהר שוואַכע, ווייניג ערפאַהרענע קריגער. צעזאַר'ס אַרמעע, וועלכע איז
בעשטאַנען פון 50,000 מאַן, און זעהר טיכטיגע רייטער פון די גערמאַנען
זיינען געווען אויסערוועהלטע העלדישע און בעגייסטערטע קריגער, וועלכע
זיינען געווען בערייט מיט לייב און זעעל נאָכצוגעהען נאָך זייערע פיהרער.
אָבער אויך פּאָמפּעיוס האָט געהאַט גרויסע און וויכטיגע מיטלען צום קריג.
אין די אַלע פּראָווינצען, וועלכע זיינען געווען אונטער זיין הערשאַפט, זיי-
נען געווען אָנגעשטעלט שטאַטהאַלטער, וואָס זיינען געווען איהם איבער-
געבען. צעזאַר איז אָבער זעהר שנעל געגאַנגען צו דער אַרבייט. נאָך איי-
דער פּאָמפּעיוס האָט געהאַט צייט צוזאַמענצורופען זיינע קרעפטען, האָט
שוין צעזאַר איינגענומען קאָרפיניום, און מיט זיין מילדער בעהאַנדלונג פון
די איינוואוינער האָט ער זיי באַלד געוואונען אויף זיין זייט. יעצט האָט
פּאָמפּעיוס בעשלאָסען איטאַליען צו פערלאָזען, און דעם קריג נאָך גריכענ-

לאנד צו פערשלעפען, און פון דארט אנפאנגען צו שטורמען איטאליען, ווייל די גאנצע פלאטע איז געוועזן אין די הענט פון סענאט.

צאזאר האט גוט פערשטאנען, וואס פאמפעיוס'עס פלאן איז, און דעריבער האט ער זיך געאיילט צו קומען אין ברונדיזיום, וואו פאמפעיוס האט בעשלאסען איבערצושיפען זיינע סאלדאטען נאך גריכענלאנד, אבער ער איז צו שפעט געקומען אהין. פאמפעיוס איז שוין געוועזען מיט זיינע סאלדאטען אין די שיפען. אין צוויי מאנאטען צייט איז צאזאר אליין געבליבען הערשער אין איטאליען. צאזאר האט יעצט גערעכענט פיר נעטיג צו בערוהיגען דאס פאלק, ווייל פיעלע האבען מורא געהאט, עס וועט זיך יעצט וויעדערהאלען די שרעקליכע צייט פון מאריוס'ן און סוללא'ן. פריהער פון אלע האט ער געזעהען פערהיטען רוים פון די שרעקען פון אן אויפשטאנד. דאן האט ער געפאסט א פלאן, ווי שפאניען אפצושניידען פון פעראייניגען זיך מיט פאמפעיוס'ן. אלס ער איז אנגעקומען אין רוים, האט ער באלד פערכאפט די שטאאטס-קאסע, וועלכע פאמפעיוס האט אין איילענים פערגעסען מיטצונעהמען אדער אין א זיכערען ארט צו בעהאלטען, ער האט דעם סענאט צוריקגעגעבען זיין מאכט און האט בערוהיגט די בעפעלקערונג וועגען זיינע אנזיכטען. באלד נאך דעם איז ער געקומען נאך שפאניען, אום דארט די פאמפעיאנישע פארטיי צו שטירצען. די פעסטונג מאססיליא, וואוהין זיין שרעקליכער פיינד לוציוס דאמיטיוס אהענאבארבוס איז ענטלאפען און האט זיך דארט פערשלאסען, האט ער איבערגעגעבען צו זיינע לעגאטען, זיי זאלען זי בעלאגערן, און אליין האט ער בעזעצט די פירענאען-פאסען (ד. ה. די דורכגענג דורך די פירענאאישע בערג). דארט איז פארגעקומען א בלוטיגע שלאכט צווישען צאזאר'ן און פאמפעיוס'עס קאמאנדירען, וועלכע זיינען ביי אילערדא געשלאגען געווארען. אויך דא האט צאזאר געהאנדעלט זעהר מילד. די פיהרער האט ער ערלויבט צו געהן צו זייער פארטיי און די קריגער האט ער געגעבען א ברירה: אדער איבערצוגעהן צו איהם, אדער אפגעבען די וואפען און געהן אהיים, און האט זיי ניט געצוואונגען צו קיין זאך.

אומקעהרענדיג זיך צוריק פון שפאניען האט זיך צאזאר גענומען צו מאססיליא, וועלכע איז געוועזן בעלאגערט פון זיינע לעגאטען דעצימוס ברוטוס, און גאיוס טרעבאניוס. דיזע שטאדט איז געוועזן בעלאגערט פון צוויי זייטען: פון ים און פון דער יבשה. נאך א נידערלאגע אויף'ן ים, האט זיך די שטאדט ענדליך געמוזט אונטערגעבען. די בעדינגונגען זיינען געווען זעהר מילדע. זיי האבען געדארפט איבערגעבען צום בעזיגער זייערע

וואפען און זייערע שיפען און זיי האָבען פערלאָרען א טייל פון זייער לאַנד און פון זייערע רעכטען. דער לעגאט קוריאָ האָט די פּאָמפּעיאַנער אויך פון סיציליען פערטריבען, און האָט איבערגעשיפט זיין ארמעע נאָך אפריקא. דאָ אָבער האָט ער געליטען א שרעקליכע נידערלאַגע פון נומי־דישען קעניג יובא. קוריאָ זעלבסט האָט זיין לעבען פערלאָרען אין דיזער שלאכט. אויך אין איללירישן זיינען די פּאָמפּעיאַנער געבליבען די זיגער.

דעם גאַנצען זומען פון יאָהר 49 פ. קר. האָט פּאָמפּעיוס פּאָרבערייט אַן ארמעע צו קעמפען מיט צעזאר׳ן. ער האָט אַנגעזאַמעלט 11 לעגיאָנען מיליטער, 7,000 רייטער און א פלאָטע פון 500 שיפען. דערצו האָט מען איבערגעגעבען אין זיינע הענט א זעהר רייכע קאַסע מיט געלט צום פיהרען דעם קריג. די אַלע קרעפטען האָט ער צוזאמענגעבראַכט אויף דעם ברעג פון עפּירוס, און האָט געמאַכט זיין הויפּט־לאַגער אין דער עבענע פון דיר־רהאכיום. ווען צעזאר איז צוריקגעקומען פון שפּאַניען נאָך רוים, האָט ער פּאָרגעשלאָגען זיין קאַנדידאַטור אַלס קאָנסול פיר דאָס יאָהר 48 פ. קר. און ער איז ערוועהלט געוואָרען. דאַן האָט ער פּעראייניגט זיינע טרופּען אין ברונדיזיום. מיט גרויס מיה האָט ער דאָ צוזאמענגעבראַכט א פלאָטע, און צו דער גרויסער פערוואונדערונג פון די פיינד האָט ער געלאַנדעט זיינע סאָלדאַטען אויף דעם אַקראָצעראוּנישען ברעג, וואוהין זיין אונטער־קאָמאַנדיר מארקוס אַנטאָניוס האָט איהם צוגעבראַכט נאָך 4 לעגיאָנען און 800 ריי־טער. צעזאר׳ס לאַגע איז געווען א פערצווייפעלטע. די פלאָטע פון פּאָמ־פּעיוס׳ן איז געווען אַזוי פיעל מעכטיגער און גרעסער פון זיינער, דאָס עס איז גאָר ניט געווען צו דענקען אַרויס אין א שטרייט מיט איהר. פון צופיה־רען נאָך סאָלדאַטען און שפּייז האָט קיין רעד ניט געקענט זיין, ווייל פּאָמ־פּעיוס האָט אָפּגעשניטען אַלע וועגען פיר צעזאר׳ן. פּאָמפּעיוס האָט נאָר גע־ברויכט צו פערלענגערן דעם קריג ביז צעזאר וועט מעהר ניט קענען פיהרען קיין מלחמה צוליב מאַנגעל אין שפּייז. צעזאר איז געווען געצוואונגען צו פערלאָזען דעם אָרט און זיך צוריקציהען אין אינלאַנד פון איטאַליען, בע־זונדערס נאָך דעם, ווי ער האָט געהאַט א נידערלאַגע ביי דירהאכיום. די אריסטאָקראַטישע פּאַרטיי האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן פון שמחה. זייער שטאָלץ האָט דאַן גאָר ניט געוואוסט קיין גרענעץ. זיי האָבען גערעכענט, דאָס יעצט איז יעדע געפאַהר אַריבער. זיי האָבען שוין אָנגעפאַנגען צו מאַ־כען פלענער, ווי צו נעהמען פון דער פאָלקס־פּאַרטיי א ראַכע, וואָס זאָל מיט איהרע שרעקען און גרויזאַמקייטען איבערטרעפען די מערדערייען און גוואַלד־טאַטען פון סוללא׳ן. זעלבסט ציצעראָ האָט זיך אויסגעדריקט וועגען

פּאָמפּעיוס'עס סאָלדאַטען און זיין גאַנצער פּאַרטיי מיט פאָלגענדע ווערטער: „זיי זיינען אין קריג רויבעריש און אין זייערע רעדעס אַזוי ווילד, דאָס עס שרעקט מיר און עס שוידערט מיר פון זייערע נצחונות".

נאָך דעם זיג איבער צעזאַר'ן האָט פּאָמפּעיוס זיך ניט גענומען צו ברייני-גען איטאַליען אונטער זיין מאַכט, נאָר ער האָט נאָכגעיאָגט צעזאַר'ן ביז דער שטאָדט פאַרזאַלוס. אייגענטליך האָט ער עס ניט געוואָלט, נאָר זיינע אָנהענגער האָבען איהם געצוואונגען דערצו. ער האָט עס געמוזט נאָכגעבען, ווייל ער איז ניט מעהר הערשער געווען אין זיין לאַגער. דאָ האָט געהערשט ניט איינער, נאָר אַ גאַנצער רעגימענט פון אַריסטאָקראַטען. דיזע האָבען גערעכענט אויף זייער פיעל גרעסערע קריגס-מאַכט אַלס צעזאַר'ס. זיי האָבען געהאַט אַן אַרמעע פון 47,000 פוס-סאָלדאַטען און 7,000 רייטער און צעזאַר האָט נאָר געהאַט 20,000 מאַן.

דעם 9טען אויגוסט פון יאָהר 48 פ. קר. האָט זיך אָנגעפאַנגען די אונ-גליקליכע שלאַכט. פּאָמפּעיוס האָט זיין מיליטער איבערגעפיהרט איבער אַ קליינעם טייך. זיינע רייטער האָבען באַלד אָנגעגריפען צעזאַר'ס שוואַ-כערע סאָלדאַטען און האָבען זיי געשלאָגען. צעזאַר האָט עס פאָרויסגעזעהן, און אַלס די פּאָמפּעיאַנישע רייטער האָבען ווייטער געדרונגען האָט צעזאַר אַרויסגעשטעלט געגען זיי 2,000 אויסגעצייכענטע לעגיאָנס-סאָלדאַטען. די-זע האָבען זיך אַ וואָרף געטאָן מיט אַזאַ שטורם, דאָס די רייטער זיינען באַלד צוריקגעלאָפען אין אונאָרדנונג. צעזאַר האָט זיך באַלד בענוצט מיט דעם ערפאָלג און האָט גלייך בעפוילען, דאָס די רעזערווע טרופען זאָלען מאַכען אַן אָנגריף. די לעגיאָנס-סאָלדאַטען זיינען געווען פיעל טיכטיגער פון די סאָלדאַטען, וואָס פּאָמפּעיוס האָט צוזאַמענגעקליבען, און די סאָלדאַטען זיי-נען צוריק איבער'ן טייך אַריבער. הגם קיין גרויסען פערלוסט האָט פּאָמפּעיוס ניט געליטען, האָט איהם צעזאַר'ס קליינער זיג אָפּגעשראָקען, און ער האָט בעשלאָסען די זאַך אויפצוגעבען. ער איז אַוועק צום ברעג אום אין אַ שיף זיך אַריינצוזעצען.

די אַרמעע האָט בעשלאָסען פאָרטצוזעצען דעם קאַמף אָהן אַ פיהרער. אָבער צעזאַר האָט זי באַלד אַרומגערינגעלט און אויף דעם אַנדערען טאָג האָ-בען 20,000 מאַן געמוזט די וואַפען אַנידערלעגען. אין דעם טאָג פון דער שלאַכט האָבען די פּאָמפּעיאַנער פערלאָרען 15,000 מאַן אין געפאַנגענע און טויטע. די גאַנצע מפּלה איז געווען דער רעזולטאַט פון פּאָמפּעיוס'עס ענט-לויפען. עס איז שווער צו וויסען, וואָס האָט געטריבען פּאָמפּעיוס'ן צו פער-לאָזען דעם שלאַכט-פעלד. מען רעכענט, דאָס עס איז איהם איבערדריסיג

געוואָרען צו זיין אַ שפּיל־צייג אין די הענט פון זיין פּאַרטיי, וועלכע האָט פון איהם יעדע אויטאָריטעט צוגענומען, און ער איז געווען ביי זיי אין די הענט. יעצט איז זיין אינטערעס אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרען. עס איז נאָר געוואָרען דער אינטערעס פון דער פּאַרטיי, פיר וועלכע ער האָט גאָר קיינמאָל ניט געוואָלט קעמפען; זיין ציל און זיין שטרעבען זיינען געווען גאָר אַנדערע, ווי דאָס ציל און שטרעבען פון זיין פּאַרטיי.

צאָזאַר'ס זיג ביי פאַרזאַלוס אין יאָהר 48 פ. קר. האָט געפיהרט דער־צו, דאָס דער גאַנצער מזרח איז איבערגעגאַנגען אויף זיין זייט. פּאָמפּעיוס



ערמאָרדונג פון פּאָמפּעיוס'ן.

איז פערשטעלטערהייד אנטלאָפען נאָך לעסבאָס, האָט דאָרט גענומען זיין ווייב און זיין זוהן און איז אַוועק מיט זיי נאָך עגיפּטען. דאָ האָבען דאַ־מאָלס געהערשט דער צעהן־יעהריגער פּ ט אָ ל ע מ אָ א ו ס ד ע ר 12 ט ע ר ד י אָ נ י ס ו ס און זיין שוועסטער ק ל ע אָ פּ אַ ט ר אַ. דער יונגער הערשער און זיין שוועסטער האָבען זיך שטענדיג געקריגט. אום צו געווי־נען צאָזאַר'ס גונסט, ער זאָל איהם העלפען זיך בעפרייען פון זיין שוועס־טער, האָט ער פּאָמפּעיוס'ן ניט פריינדליך אויפגענומען, און האָט געגעבען אַ בעפעהל איהם צו טויטען באַלד ווי ער וועט אָנקומען אין עגיפּטען. אַלס

פּאָמפּעיוס איז געווען נאָהענט צום לאַנדען, האָט פּטאָלעמאָאוס אַרויסגעשיקט געגען איהם דעם עגיפּטישען אויבער־קאָמאַנדיר מיט צוויי רוימישע אָפּי-צערען. איינער פון זיי האָט בעגריסט פּאָמפּעיוס'ן און האָט איהם איינגע-לאַדען אין זיין שיף אַריבערצוגעהן, מיט דעם אויסרעד, אַז דאָס שיף, אין וועלכען פּאָמפּעיוס איז אָנגעקומען, איז געווען צו גרויס עס זאָל קענען צום לאַנד צוקומען. די לייט, וואָס זיינען געקומען מיט פּאָמפּעיוס'ן, האָבען געהאַט אַ חשד אויף דעם און האָבען איהם געוואָרנט. ער האָט ווירקליך אויך אָנגעהויבען מורא צו האָבען, אָבער ער האָט געפאַסט מוט און איז אַריבער אין דאָס קליינע שיפעל. ווען דאָס שיפעל איז שוין געווען ביים ברעג, האָט דער אויבער־קאָמאַנדיר געפרעגט איינעם פון די אָפיצערען: „קען איך דיך רעכנען פיר אַ קריגס־קאַמעראַד?" דער אָפיצער האָט זיך שטום פערנייגט מיט'ן קאָפּ, און דאַן האָט דער קאָמאַנדיר גענומען אַ בלאַט און האָט אויף איהם אויפגע-שריבען דעם פערלאַנג פון עגיפּטישען קעניג. ווי זיי זיינען צוגעקומען צום לאַנד און פּאָמפּעיוס האָט זיך אויפגעהויבען אום אַרויסצוגעהן פון שיף, האָט איינער איהם אַריינגעשטאָכען פון הינטען אַ שפּיז, און אויך די איבריגע צוויי זיינען איהם בעפאַלען. פּאָמפּעיוס האָט איינגעוויקעלט זיין געזיכט אין זיין טאָגאַ און איז באַלד אַנידערגעפאַלען. זיין קערפּער האָבען די מער-דער אַרויסגעוואָרפען פיר די רויב־טיערען. אַזוי איז געשטאָרבען אין דעם 58טען יאָהר פון זיין לעבען דער מאַן, וואָס האָט 35 יאָהר בעקליידט דאָס אַמט פון אַ רוימישען קריגס־קאָמאַנדיר, דעם 29טען סעפּטעמבער, 43 פ. קר.

נאָך פּאָמפּעיוס'עס טויט האָבען זיינע צוויי זיהן ס ע ק ס ט ו ס און ק נ ע י ו ס זיך צוגעגרייט צו פאָדערן פיר זיך זייער פאָטער'ס שטעלע, אַזוי ווי זייער פאָטער וואָלט געווען אַ מאָנאַרך. צעזאַר האָט געהאַט נאָכגע-יאָגט פּאָמפּעיוס'ן ביז עגיפּטען און איז אָנגעקומען אין אַלעקסאַנדריען. דאָ האָט ער זיך דערוואוסט פון דעם טויט פון זיין געגנער. דיזע נאַכריכט האָט איהם זיין הערץ צובראָכען און ער האָט זיך מיט טרערען בעגאָסען. ער האָט די מערדער קיין בעלאָהנונג ניט געגעבען פיר זייער אַרבייט, ווי זיי האָבען ערוואַרט. צעזאַר האָט אָנגעזאָגט דעם יונגען קעניג פּטאָלעמאָאוס און זיין שוועסטער, זיי זאָלען אויפהערען זיך קריגען און האָט פון זיי געפאָדערט איינצוצאָהלען די שטייערן, וואָס עגיפּטען איז שולדיג צו רוים. אין דעם קריג צווישען פּטאָלעמאָאוס'ן און זיין שוועסטער קלעאָפּאַטראַ האָט ער זיך אַריינגעמישט און האָט געוואָלט מאַכען אַ ענד צו דעם און געבען דעם פאָרצוג צו דער שעהנער יונגער קלעאָפּאַטראַ. דאָס האָט אויפגעבראַכט די אָנהענגער פון פּטאָלעמאָאוס'ן און זיי האָבען געמאַכט אַן אויפשטאַנד. צעזאַר

האט דאן געהאט זעהר ווענינ מיליטער, נים מעהר ווי 4,000 סאלדאטען. דערצו האט די פארטיי פון פאמפעיוס׳ן ווידער געזאמעלט קרעפטען און צאזאר׳ן האט דאן געדראהעט א גרויסע געפאהר. צום גליק זיינען איהם אנגעקומען פרישע קרעפטען פון קליין־אזיען און ער האט דעם אויפשטאנד דערשטיקט. דער יונגער פטאלעמאאוס איז ענטלאפען אין א שיף אויף דעם נילוס, אבער ער איז דערטרונקען געווארען. צאזאר האט איבערגעגעבען די רעגירונג צו קלעאפאטרא׳ן און איהר קליינעם ברודער פטאלעמאאוס דעם 13טען.

דער קריג געגען פארנאצעס׳ן (47 פ. קר.). פארנאצעס, דער זוהן און נאכפאלגער פון מיטהראדאטעס׳ן, האט זיך בענוצט מיט דער שלאכט ביי פארזאלוס און האט אפגעגעבען פאמפעיוס׳עס פארטיי אייניגע לאנד־שטריכען אין קליין־אזיען, אויך קליין־ארמעניען און דאס פאנטישע רייך. אבער באלד ווי צאזאר האט אין עגיפטען געמאכט ארדנונג איז ער אוועק נאך קליין־אזיען און האט פארנאצעס׳ן געשלאגען ביי צעלא (47 פ. קר.). דער גאנצער קריג האט נאר 5 טעג געדויערט. וועגען זיין ערפאלג האט ער געשיקט צום סענאט דעם בעריהמטען רעפארט פון די דריי ווערטער: Veni, vidi ,vici! (געקומען, געזעהן, געזיגט).

די מלחמות מיט די פאמפעיאנער אין אפריקא און שפאניען (46—45 פ. קר.). די סאלדאטען, וואס זיינען איבערגעבליבען פון פאמפעיוס׳עס ארמעע נאך דעם קריג און נאך דער מפלה ביי פארזאלוס, האבען זיך ווידער צוזאמענגעקליבען אונטער דער פיהרערשאפט פון פאמפעיוס׳עס אנהענגער: לאביענוס, אפראניוס, פארציוס קאטא און אנדערע. זייער ארמעע איז בעשטאנען פון 14 לעגיאנען און 1,600 רייטער. צו דיזער ארמעע איז צוגעשטאנען דער נומידישער קעניג יובא מיט זיינע אויסגעצייכענטע רייטער, מיט העלפאנדען און 55 שיפען. צאזאר האט זיך דאן געאיילט צוריק אין רוים צו קומען, ווייל דארט האבען זיך ווידער אנגעפאנגען אונרוהען און גאס־שטרייטען. דיזע אונרוהען זיינען מיט גרוים בלוטפערגיסונג און מיט גרויס מיה אונטערדריקט געווארען. נאך געפעהרליכער זיינען געווארען די בונטען אונטער די סאלדאטען. אלס זיי האבען דערהערט, דאס מען וויל זיי שיקען נאך אפריקא צו קעמפען מיט די פאמפעיאנער, האבען זיי אנגעפאנגען צו פאדערן בעלוינונג פיר די אלע ליידען און אונגעהייערע אנשטרענגונגען אין די פריהערדיגע קריגען. קיין בעפעהל האבען די סאלדאטען ניט געוואלט פאלגען, און האבען אנגעזאגט, דאס זיי זיינען בערייט צו רויבען און מארדען. דאמאלס איז צאזאר אונערשראקען גע-

קומען צו די סאָלדאַטען, און אַלס זיי האָבען מיט לאַרם געפאָדערט מען זאָל זיי בעפרייען פון מיליטער־דינסט, האָט ער אויסגערופען: „בירגער, איהר זייט פרייגעלאָזען!“ דאָס וואָרט „בירגער“ אַנשטאַט דעם וואָרט „סאָל־דאַטען“ האָט אויף די אויפגערעגטע געווירקט ווי אַ צויבער. זיי האָבען אונטער דעם פערשטאַנען, דאָס זיי וועלען אויסגעשלאָסען ווערען פון טרי־אומף־צוג, וועלכער איז זיי פאַרגעשטאַנען. זיי האָבען באַלד געבעטען פער־ציהונג ביי צאָזאַר'ן און האָבען גלייך אויפגעגעבען דעם בונט.

ווי נאָר ער האָט איינגעשטילט דעם בונט פון די סאָלדאַטען, האָט ער אַוועקגעשיקט זעקס לעגיאָנען נאָך אַפריקאַ און האָט זיך בעפעסטיגט אין קליין־לעפּטיס. דאָ האָט ער אויפגערייצט די מאַוריטאַנישע קעניגען באָק־כוס אין יאָל און באָגוד אין טינגיס, זיי זאָלען מאַכען אַן אָנפאַל אויף נומידיען. דערמיט האָט ער געצוואונגען דעם קעניג יובאַ צו ברייננגען צוריק אַ טייל פון זיינע מיליטערישע קרעפטען, וואָס זיינען גע־ווען צוזאַמען מיט די פּאָמפּעיאַנער, אום צו בעשיצען זיין אייגנע מדינה געגען דעם אָנפאַל פון באָקכוס'ן און באָגוד'ן. דערוויל האָט ער בעקומען מעהר סאָלדאַטען אין זיין אַרמעע, און אום צו מאַכען די רייטער פון די פּאָמ־פּעיאַנער אונשעדליך פיר איהם, האָט ער זיי פערנאַרט אין אַ בערגיגע גע־גענד אַרום טהאַפּסוס, וואו רייטער קענען גאָר ניט אויפטאָן, און דאָ האָט ער געהאַט אַ פאָלשטענדיגען זיג איבער די פּאָמפּעיאַנער. אין דיזען קאַמף האָט צאָזאַר נאָר 50 מאַן פערלאָרען, און פון די פּאָמפּעיאַנער זיי־נען געפאַלען אויף דעם שלאַכטפעלד 10,000 מאַן. פיעלע פון די פּאָמפּעיאַ־נער האָבען נאָך דער מפּלה זיך אַליין דאָס לעבען גענומען. אַלס די בירגער פון אוטיקאַ, וואו קאַטאָ איז געווען דער הערשער, האָבען זיך אונטערגעגע־בען צו צאָזאַר'ן, האָט קאַטאָ ניט געקענט איבערטראָגען די שאַנדע. ער האָט דורכגעלעזען פּלאַטאָ'ס פילאָזאָפישעס ווערק „פּאַדאָן“ איבער די אונשטערב־ליכקייט פון דער זעעלע (השארת הנפש) און האָט זיך נאָכדעם אויף זיין שווערד אַרויפגעוואָרפען און איז געשטאָרבען. אויך יובאַ און פּעטרעיוס האָבען זיך זעלבסט געטויט, מעטעללוס סציפּיאָ האָט זיך אין ים אַריינ־געוואָרפען, און אַפראַניוס איז ערמאָרדעט געוואָרען דורך סיטטיוס'ן.

דאָס נומידישע רייך איז דאַמאַלס צוטיילט געוואָרען. דעם מזרח־טייל האָט צאָזאַר איבערגעגעבען צו באָקכוס'ן, און דער מערב־טייל איז צוגעגעבען געוואָרען צו דער רוימישער פּראָווינץ „אַפריקאַ“ אונטער דעם נאָמען: נייע־אַפריקאַ.

מיט דעם זיג אין אפריקא האָט זיך דער קריג מיט די פּאָמפּעיאַנער נאָך ניט געענדיגט. ווארום און לאַביענוס האָבען זיך גערעטעט נאָך שפּאַניען. צאַזאר איז געקומען אהין איבער די אַלפּען־ און פּירענאֶען־בערג. ביי מונדאַ איז פאָרגעקומען אַ שרעקליכע שלאַכט צווישען דיביידע ארמעען. ביים ערסטען אָנגריף איז צאַזאר שרעקליך געשלאָגען געוואָרען. צאַזאר האָט געמוזט זיין לעבען איינשטעלען אום צו שטארקען דעם מוט פון זיינע סאָלדאַטען. ער איז אראָפּגעשפּרונגען פון זיין פערד, האָט אראָפּגענומען דעם העלם פון קאָפּ אום מען זאָל איהם דערקענען, און האָט זיך אריינגעוואָרפען צווישען



קאַסטעללום (בעפעסטיגטער אָרט פון רוימישע סאָלדאַטען).
נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

די סאָלדאַטען, וואָס האָבען אָנגעפאַנגען ענטלויפען פון שלאַכטפעלד. דאַן האָט ער זיך אַליין מיט׳ן שווערד אין האַנט געלאָזען צום פיינד, זאָגענדיג צו די סאָלדאַטען: „ווילט איהר אייער קאָמאַנדע איבערגעבען צו אַ אינגעל (ד. ה. צום יונגען פּאָמפּעיוס׳ן) ?“ דיזע ווערטער האָבען שטארק געווירקט אויף די סאָלדאַטען און זיי האָבען מיט אַן אונגעוועהנליכען מוט זיך גענומען שטרייטען מיט די פּאָמפּעיאַנער. דער רעזולטאַט איז געווען אַ גלענצענדער. 20,000 מאַן פון די פּאָמפּעיאַנער זיינען געפאַלען אויף׳ן שלאַכט-

פעלד, אונטער זיי זיינען אויך געווען וואַרוס, לאַביענוס און פיעלע אַנדערע פון רוימישען אַדעל. פּאָמפּעיוס (דער יונגער) איז געפאַלען אויף'ן וועג ביי זיין ענטלויפען. סעקסטוס (דער צווייטער זוהן פון דעם ערמאָרדעטען פּאָמפּעיוס'ן) האָט זיך גערעטעט און איז פערבליבען אַרום שפּאַניען, וואו ער איז געוואָרען אַ זעע־רויבער.

צ אֶ ז א ר ' ס ש ט א א ט ס ־ פ ע ר ו ו א ל ט ו נ ג א ו ן ז י י ן ט ו י ט (44 פ. קר.). צאָזאר איז געבליבען זעלבסטהערשער אין רוים. קיין געגנער אין אָפענעם פעלד איז מעהר ניט געווען געגען איהם. דער גייסט פון דער רעפּובּליק איז געקומען צו אַן ענד און עס האָט זיך אָנגעהויבען דאָס קייזערטום. אויף דעם ערסטען בליק שיינט עס, דאָס אין דיזער גרויסער וויכטיגער ענדערונג איז צאָזאר אַליין געווען דער הויפּט־שולדיגער. דאָס וואָלט געווען אַ צו גרויסע איבערשעצונג פון צאָזאר'ס פּערזאָן. קיין איינציגע פּערזאָן, מעג זי זיין די גרעסטע און מעכטיגסטע אין דער וועלט, קען ניט האָבען אַזא גוואַלטיגען איינפלוס אויף אַ גאַנצעם פאָלק. די וואָהרע אורזאַך, וועלכע מאַכט אַ פאָלק צו זיין דאָס וואָס עס איז, ליגט ניט אין איינציגע פּערזאָנען, מעגען זיי זיין די גרעסטע אין דער וועלט, נאָר אין פאָלק זעלבסט. עס איז זעהר פאַלש צו רעכנען אַלס די הויפּט־אורזאַכען פון אַזעלכע ענדרונגען אין פאָלק איינצעלנע פּערזאָנען. דאָס איז אַ פאַלשער פּערזאָנען־קולטוס (פערגעטערונג פון מענשען). אַלע מענשען, אויך די גרעסטע זשעניען, זיינען נאָר אַ פּראָדוקט פון דער צייט.

די גרויסע בעגאַבטע מענשען פון אַ פאָלק פערשטעהען אַם בעסטען די פאָדערונגען פון דער צייט, די בעדערפניסען פון פאָלק, און די פערהעלטניסען, אין וועלכע דאָס פאָלק געפינט זיך. און זיי זעהען דעם וועג, אויף וועלכען די געזעלשאַפט האָט אָנגעפאַנגען צו געהן, זיי פערשטעהען און בעגרייפען מעהר און בעסער די אידעען, וועלכע ליגען אין די צייט־פערהעלטניסען און זיי גיבען דיזע אידעען אַ בעשטימטע פאָרמע. די אורזאַך, וואָרום זעהר אָפט ווערען די אָנשויאונגען פון גרויסע מענשען ניט אָנערקענט, איז, דאָס די פערהעלטניסען, דורך וועלכע יענע אָנשויאונגען צייגען זיך אַרוים, זיינען נאָך ניט גענוג ענטוויקעלט, אַזוי דאָס דער געוועהנליכער מענש זאָל זיי אַרויסזעהן און בעגרייפען; אָבער אין שפּעטערער צייט, ווען די פערהעלטניסען האָבען זיך מעהר ענטוויקעלט און זיינען געוואָרען אַזוי בולט, דאָס אויך דער געוועהנליכער מענש האָט אָנגעפאַנגען זיי אַרויסצוזעהן, פאַנגט מען אָן צו פערשטעהן די גרויסקייט פון אַזעלכע דענקער און מען שעצט זייער טיפען בליק אין די אומשטענדען פון דער צייט. דערפון קענען מיר

לייכט מאַכען דעם שלום, דאָס נייע אידעען און נייע רעפאָרמעס ליגען ניט אין די גרויסע מענער, וועלכע האָבען אויסגעדריקט דיזע אידעען אָדער פאָרמעס, נאָר אין דעם געזעלשאַפטליכען צושטאַנד פון דער עפּאָכע. איינציגע פערזאָנען האָבען קיינמאָל ניט בעשטימט דעם ענטוויקלונגס־גאַנג פון גאַנצע פעלקער.

דער געדאַנק, וואָס מיר האָבען נאָר וואָס אויסגעדריקט,איז נאָך מעהר גילטיג אין בעצוג אויף שטאַאטסמענער. עס איז ניט געווען קיין גרויסער שטאַאטסמאַן אין דער וועלט, וועלכער האָט געגעבען אַ בעשטימטען וועג צו אַ גאַנצען שטאַאט און האָט איהם נאָך זיינע געדאַנקען און זיין פערשטאַנד געפיהרט אויף דיזען וועג. אַן איינצעלנער מענש קען אָפטער דורכפיהרען זיינע אידעען און זיינע וואונשען, ווען ער האָט אויף זיין זייט אַ געוויסע פאַרטיי, וואָס דענקט און פיהלט ווי ער. און אַזוי געהט עס אין דער גאַנצער וועלט־געשיכטע. די איינציגע מענשען, וועלכע האָבען געשפּילט אַ ראָלע אין אַ געוויסער צייט, זיינען נאָר געווען די אָרגאַנען, די ווערקצייג פון געוויסע פאַרטייען, דורך וועלכע זיי האָבען זייערע צילען דערגרייכט. די פיהרער, די שטאַאטסמענער מיינען, דאָס זיי זיינען די פיהרער פון פאָלק אין זייער צייט, אין גרונד גענומען ווערען זיי גאָר געפיהרט פון די אומשטענדען און פאָדערונגען פון דער צייט.

אויך צעזאַר איז ניט געווען די ווירקליכע אורזאַך, וואָס די רעפּובליקאַנישע פאָרמע פון רוים האָט אויסגעשפּילט איהר ראָלע און האָט געמאַכט פּלאַץ פיר דאָס קייזערטום. ער איז נאָר געווען אַ פערטרעטער פון דער פאָלקס־פאַרטיי און איהרע סאָציאַלע אינטערעסען. מיר האָבען אין קורצע ווערטער שוין פריהער געשילדערט, ווי די מיטעל־קלאַס פון רוימישען פאָלק איז צוגרונד געגאַנגען. די ערסטע און בעדייטענדסטע אורזאַך פון איהר אונטערגאַנג זיינען געווען די אונאויפהערליכע קריגען, אין וועלכע רוים איז פערוויקעלט געוואָרען. די מעהרסטע פעהיגע בויערן זיינען אימער געווען אין פעלד־צוגען פערנומען, די ווירטשאַפט איז דעריבער צום גרעסטען טייל צוגרונד געגאַנגען, די פאַמיליע איז געווען געצוואונגען זיך צו פערשולדיגען און צאָהלען גרויסע צינזען. די נאַטור־פּראָדוקטען זיינען וועניגער געוואָרען און די געלט־בעדערפניסען שטאַרקער און דרינגענדער. דיזעס האָט דעם בויער רואינירט, און דערמיט די גאַנצע מיטעל־קלאַס פערניכטעט.

נאָך איין אומשטאַנד האָט געווירקט אויף די מיטעל־קלאַס און געפיהרט צו איהר אונטערגאַנג. עס איז בעוואוסט, דאָס דער באָדען, וועלכער ווערט בעאַרבייט פיר געטריידע, ווערט אַלע מאָל שוואַכער און קען ניט ארויסגע-

בען די זעלבע מאָס תבואה. א פאמיליע, וואָס האָט געהאט גענוג ערד צו פּראָדוצירען גענוג געטריידע פיר אַלע מיטגלידער, מוז נאָך פערלויף פון א געוויסער צייט צוקויפען מעהר ערד אום צו קענען עקסיסטירען. ווען דער בויער האָט אָבער ניט געהאט די מעגליכקייט צו קויפען מעהר ערד, איז ער געווען געצוואונגען זיין ערד צו פערקויפען, און אליין אוועקגעהן צום גרויסען גוטס־בעזיצער צו ארבייטען אַלס טאָג־לוינער (שכיר יום). דיזער גרויסער גוטס־בעזיצער האָט געפונען פיר איהם בעסער צו פערוואנדלען זיי־נע געטריידע־פעלדער אין פאשע־פּלעצער פיר פיהצוכט, ווייל דאָס האָט זיך בעסער בעצאָהלט, לויט די נידריגע פרייזען דאמאָלס אויף געטריידע און די הויכע פרייזען אויף פלייש. צוליב דעם האָט אויך דער טאָג־לוינער ווידער וועניגער ארבייט אין זיין פאך בעקומען און האָט געמוזט ארונטערלאָזען פון זיין פרייז.

צוליב דיזע אורזאכען איז די מיטעל־קלאַס אָדער דער בויערן־שטאנד כמעט אין גאנצען אונטערגעגאנגען. דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס דער אונטערשייד צווישען דער רייכער און דער אָרימער קלאַס איז געוואָרען אונ־געהייער גרויס. אויף איין זייט איז געווען די אונגעהייער רייכע קלאַס מיט איהר פערשווענדערישען הולטייסקען און זיטענלאָזען לעבען, אויף דער אַנדערער זייט — די שרעקליכע אָרימקייט, וועלכע האָט ענטוויקעלט פויל־קייט, אונטערטעניגקייט און א נייגונג צו בעטלען, צו זיין א פאראזיט. אין די־זען צושטאנד איז געווען די גאנצע אונגעהייערע מאַסע פון רוימישען פאָלק אין יענער צייט. די בעפעלקערונג איז אימער מעהר און מעהר געוואקסען. אין דער צייט פון קייזערטום האָבען זיך אין רוים געפונען איבער צוויי מיליאָן מענשען, צווישען וועלכע עס זיינען געווען מעהר ווי די העלפט שקלאַפען.

די אָרימע מאַסען פון גאַנץ איטאַליען און פון אַנדערע פּראָווינצען האָ־בען זיך געצויגען אין רוים, ווייל דאָ איז געווען אַן אָרט, וואו מען האָט גע־קענט לייכט זיין א פאראזיט, און מען האָט דאָ ניט בעדארפט ארבייטען. מען האָט געקענט לעבען און אין טהעאטער געהן אויף די רעכנונג פון אַנדערע, פון דער רעגירונג אָדער דער רייכער קלאַס, וועלכע האָבען דורך די אונגעהייע־רע מאַסען פאראזיטען אויסגעפיהרט אַלע זייערע וואונשען, ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען ערוועהלט צו ווערען צו א געוויסען אַמט און מען האָט געברויכט פיעלע שטימען פון פאָלק. עס איז שווער געווען זיך פאָרצושטע־לען, וואָס פיר אונגעהייערע סומעס מען פלעגט אויסגעבען אום דיזע מאַסע פוילענצער און לעדיגגעהער צו פערשאַפען אַלע זיינע בעדערפניסען, אפילו טהעאטער־שפּילען, צירקען און אַנדערע סאָרטען פערגניגענס, וועלכע דער

רוימישער בירגער האָט ליב געהאַט צו געניסען. די ריזיגע מאַסען געטריידע, וועלכע די פּראָווינצען פלעגען צושטעלען אין רוים, פלעגען צוטיילט ווערען צו דער מאַסע לעדיגגעהער אָדער גאַנץ אומזיסט, אָדער פיר שפּאָט נידריגע פּרייזען. נאָך דער בעשטימונג פון פּאָמפּעיוס'ן האָט רוים געהאַט צו טיילען יעהרליך פיר 9 מיליאָן מאַרק ברויט צו דער אַרבייטסלאָזער מאַסע. דאָס אָבער האָט באַלד זיך בעוויזען צו ווענינ. עס האָט גאָר געפאָדערט 13 מיליאָן מאַרק. מען האָט שפּעטער אָנגעפאַנגען צו געבען פלייש און ברויט אָנשטאָט געטריידע.

ווער עס האָט ניט געהאַט די מעגליכקייט זיך אין רוים צושלאָגען צו ווערען אַ פּאַראַזיט, דער האָט געהאַט די שאַנסען אין די אַרמעע אַריינ-צוגעהן. מיר האָבען עס שוין פריהער געזעהן, ווי אין דער צייט פון מאַ-ריוס'ן זיינען אייננעפיהרט געוואָרען אין רוים סאָלדאַטען (ד. ה. געדונגע-נע קריגער) אָנשטאָט די פריהערדיגע בירגער-קריגער. די טרופּען האָ-בען יעצט מעהר ניט געדינט דעם שטאַאַט, נאָר דעם קאָמאַנדיר. אין דער אַרמעע האָבען פון דאַמאָלס אָן געדינט ניט נאָר בירגער, נאָר אויך שקלאַפען און גלאַדיאַטאָרען. דער געהאַלט פון די סאָלדאַטען איז געוועזן זעהר אָנ-ציהענד, מען האָט געקענט האָבען שענע פּרנסה פון מיליטער-דינסט. אויסער דעם געהאַלט פלעגען די סאָלדאַטען ביי געוויסע געלעגענהייטען אויך קריגען פערשיידענע געשענקען.

אָבער דער סאָלדאַט האָט אין זיך ניט געהאַט דעם גייסט, וואָס דער בירגער. איהם האָט געפעהלט די בעגייסטערונג, די פּאַטערלאַנדס-ליבע, וואָס דער בירגער האָט געהאַט. ער האָט ניט געהאַט וואָס צו בעשיצען אַלס זיין אייגענטום, ווייל ער האָט גאָר ניט געהאַט. דיזער אומשטאַנד האָט געהאַט אַ גרויסע בעדייטונג אין דער געשיכטע פון רוים. דער קריגס-קאָמאַנדיר האָט נאָר געדאַרפט די סאָלדאַטען זאָלען צופרידען זיין מיט איהם, און דיזע ברויט-לאָזע מאַסע איז ניט שווער געוועזן צו געווינען. דאָס אָרימע פאָלק אָדער די פּראָלעטאַריער האָבען נאָר פון אַ מעכטיגען קאָמאַנדיר געקענט עטוואָס ער-וואַרטען פיר זייערע נוצען. פון סענאַט אָדער פון דער אַריסטאָקראַטישער פּאַרטיי האָט דאָס פאָלק אויף זעהר ווענינ סאָציאַלע רעפאָרמען געקענט רעכ-נען. אַ קאָמאַנדיר, וואָס האָט געוואָלט ווערען זעלבסטהערשער, האָט פון די אַריסטאָקראַטען קיינמאָל ניט געקענט ערוואַרטען וועלכע עס איז שטיצע צו דערגרייכען זיין וואונש. פּאָמפּעיוס האָט פריהער געגלויבט, אַז ער וועט דערגרייכען זיין ציל צו ווערען אַליין-הערשער אין רוים מיט דער הילף פון די אַריסטאָקראַטען. אָבער ער האָט זיך באַלד אַרומגעזעהן אין זיין טעות.

צאָזאר האָט זיין זאך בעסער פערשטאַנען. ער האָט בעגריפען, דאָס אום צו בעקומען די אויבערמאַכט אין רוים, מוז ער געבען דאָס איבערגעוויכט צו דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און דער בעזיצלאָזער מאַסע. די אַריסטאָ-קראַטיע מוז שטענדיג זיין אין מורא פאַר דעם פאָלק. די בעדריקטע פּראָלע-טאַריער האָבען אויך גוט פערשטאַנען, דאָס פון דער אַריסטאָקראַטיע, וועל-כע מאַכט געזעצען זיך צו בערייכערן און צו הערשען און דאָס פאָלק צו דריי-קען, קענען זיי קיין גוטס ניט ערוואַרטען. וואָס עס זאָל ניט זיין, קען זיי אונטער אַ זעלבסטהערשער ניט ערגער זיין ווי יעצט און זיי קענען נאָך האָפען אויף בעסערס. דעריבער זיינען זיי בערייט געווען מיט אַלע קרעפטען צו העלפען צאָזאר'ן צו ווערען אַליין=הערשער.

עס פערשטעהט זיך פון זעלבסט, דאָס צאָזאר האָט געהאַלטען מיט'ן פאָלק, וועלכעס האָט איהם געהאָלפען אַליין=הערשער צו ווערען. די שפּע-טערע קיסרים האָבען שוין געמוזט שטיצען די רייכע געגען די אָרימע. דאָס צאָזאר האָט ווירקליך פיעל געטאָן פיר דאָס פאָלק, זעהט מען קלאָר פון פאָל-גענדע אָרדנונגען זיינע. ער האָט דער אָרימער מאַסע געשאַפען אייגענטום מיט דעם, וואָס ער האָט געמאַכט זעהר פיעלע קאָלאָניעס פון זיי אין גאַל-ליען און אפריקאַ, וואו ער האָט אַ גרויסען טייל פון זיי געגעבען גענוג לאַנד און די נעטיגע ווירטשאַפט אום צו קענען זיך ערנעהרען. פיעלע פון זיי האָט ער פערשאַפט ארבייט מיט דעם, וואָס ער האָט פיעלע זומפּיגע ערטער געמאַכט טרוקען, פיעלע שאָסעען געמאַכט, פיעלע גרויסע רעגירונגס=געביי-דעס אויפגעשטעלט. דאָס אַלץ האָט דעם אָרימען פאָלק געגעבען בעשעפ-טיגונג און מיטלען צום לעבען. ער האָט דורכגעפיהרט אַ געזעץ, לויט וועלכען די גרויסע גוט=בעזיצער קענען ניט בעשעפטיגען נאָר שקלאַפען אויף צו בעאַרבייטען זייערע פעלדער, נאָר זיי מוזען בעשעפטיגען ביי דעם וועניג-סטענס אַ דריטעל פרייע אַרבייטער.

ער האָט אויך פיעלעס געטאָן צו פערבעסערן די לאַגע פון די אָרימע קלאַסען פון פאָלק דורך זיינע געזעצען וועגען שולדען. ער האָט בעפוילען, דאָס די חובות, וואָס די אָרימע זיינען שולדיג, זאָלען קיין צינזען ניט טראָגען אויף זיך, און די צינזען, וואָס דער שולדנער האָט שוין איינגעצאָהלט, זאָלען פון חוב אַרונטערגענומען ווערען ; דאָס די פערזאָן פון שולדנער זאָל ניט זיין פעראַנטוואָרטליך פיר דעם חוב, נאָר זיין אייגענטום, אַזוי דאָס דער קרעדיטאָר האָט מעהר קיין רעכט ניט געהאַט צו פערשקלאַפען דעם שולדנער אין פאַל, ווען ער האָט קיין אייגענטום ניט געהאַט. די לאָגיק פון פריהער-דיגען געזעץ איז געווען, דאָס אַזוי ווי דער שולדנער האָט פיר דאָס געלט

פון חוב געקויפט שפייז, פון וועלכער דער קערפער פון שולדנער איז בעשטא־
נען, דעריבער געהערט דער קערפער צום קרעדיטאָר*). — אָבער לאָמיר
זיך אומקעהרען צו אונזער געשיכטע.



סטאַטוע פון יוליוס צעזאַר.

צעזאַר׳ס אונגעהייערער ערפאָלג אין זיינע לעצטע שטרייטען און אין
זיין אונטערדריקען די פאָמפעיאַנישע פּארטיי האָט געמאַכט אַן אונגעהייערען
איינדרוק אויף דאָס פאָלק, און מען האָט איהם בעשאָטען מיט אונגעוועהנלי־

*) איינס פון די רוימישע געזעצען וועגען שולדנער פאַר דער צייט פון דיזען
פעלד־צוג איז געווען, דאָס אין פאַל עס זיינען דאָ מעהרערע גלויביגער, זאָלען זיי דעם
שולדנער צושניידען אין שטיקער.

בער עהרע. דער סענאט האט איהם ערקלערט אלס האלב־גאט נאך פאר דעם קריג מיט שפאניען. יעצט האט מען געמאכט זיין סטאטוע מיט דער אויפשריפט: „צו דעם הייליגען", מען האט איהם געגעבען דאס רעכט מינצען צו מאכען מיט זיין בילד דערויף, און דעם טיטעל „אימפעראטאר" צו טראגען. דער סענאט האט אויך פעראנשטאלטעט אין זיין עהרע א דאנק־פעסט פון 40 טעג. דער סענאט צוזאמען מיט דער גאנצער אריסאקראטיע האט געזוכט איהם עהרע און פערגניגען צו פערשאפען, אזוי ווייט, דאס צאזאר זעלבסט האט עס געפונען פיר צופיעל, און האט זיך פון אייניגע עהרען אליין ענטזאגט. אזוי צ. ב. האט ער זיך ענטזאגט פון דער פריווילעגיע א לייב־וואך צו האבען.

די טריאומפען, וואס מען האט פערשאפט צאזאר'ן זיינען געווען אונגעוועהנליך גלענצענד. צאזאר איז געפאהרען אין א קארעטע געשפאנט מיט ווייסע פערד, בעגלייט פון 72 ליקטארען. צווישען די געפאנגענע, וועלכע האבען בעגלייט דעם וואגען, האבען זיך געפונען די עגיפטישע פרינצעסין ארסינאע און א זוהן פון קעניג יובא. צו בעפוצען דעם טריאומף־צוג האט מען געטראגען 2,882 גאלדענע קראנצען, וועלכע האבען געוואויגען 20,414 פונט און האבען געקאסט 264 מיליאנען מארק. די כלים, אין וועלכע און אויף וועלכע דיזע אלע קאסטבארקייטען, ווי אויך פערשיידענע סטאטועס פון די בעזיגטע לענדער און שטעדט, זיינען געטראגען געווארען, זיינען געמאכט געווארען פון שילד־קרעט און די טייערסטע שטאפען און די זעלטענסטע האלצען.

נאך דעם, ווי דער טריאומף־צוג איז געווען צו ענדע, האט מען געגרייט 20,000 טישען פיר 200,000 פערזאן מיט די בעסטע שפייזען און געטרענק. 150,000 בירגער האבען בעקומען יעדער 10 פונט בוימעל, 6 מאדיען (איבער 50 ליטער) געטריידע, און בארעס געלט פיר דיזע מאסע מענשען איבער 10½ מיליאן מארק. יעדען סאלדאט האט צאזאר געשענקט 4,000 מארק, יעדען קליינעם בעאמטען אין דער ארמעע 8,000 מארק און יעדען קריגס־טריבון 16,000 מארק. די עלטערע סאלדאטען האבען בעקומען יעדער א שטיק לאנד אלס אייגענטום. צום ענדע פון דעם גרויסען יום־טוב האט מען איינגעריכטעט גלענצענדע צירקוס־שפילען, אין וועלכע עס זיינען ערשינען 400 לייבען, 20 העלפאנדען און 800 מאן צו פעכטען מיט דיזע געפעהרליכע טיערען. ער האט אויך געגעבען א ים־געפעכט. צו דיזען צוועק האט ער אויסגעבויט א ריזיגען וואסער־באסיין, אין וועלכען מען האט געצייגט דעם פאלק היסטאריש בעריהמטע וואסער־שלאכטען.

שוין נאָך דעם פעלד־צוג אין אַפריקאַ האָט צאַזאַר ערהאַלטען די דיק־טאַטור אויף 10 יאָהר און דאָס אַמט פון צענזאָר אויף 3 יאָהר. אַלס ער איז צוריקגעקומען פון שפּאַניען האָט איהם דער סענאַט איבערגעגעבען דיזע עמטער צוזאַמען מיט דער ווירדע פון אויבער־פּריסטער (כהן גדול) אויף זיין גאַנצעם לעבען. מען האָט איהם אויך איבערגעגעבען דאָס רעכט צו ענט־שיידען איבער קריג און פרידען, איבער פערטיילונג פון די פּראָווינצען, אי־



קאַססיוס.

בער דאָס לעבען און דעם טויט פון זיינע געגנער, די פּאָמפּעיאַנער; מען האָט איהם אויך איבערגעגעבען דאָס רעכט צו בעשטימען די בעאַמטע און בעשטע־טיגען זיי אין זייערע עמטער; מיט איין וואָרט, מען האָט איהם איבערגע־געבען די גאַנצע מאַכט פון א זעלבסטהערשער. צאַזאַר האָט ווירקליך שפּע־טער בעוויזען, דאָס ער וויים זיך ווי צו בענוצען מיט זיין מאַכט. ער האָט אי־בעראַל געגעבען צו פיהלען זיין קעניגליכע אויטאָריטעט און האָט זיך מיט

פעראכטונג געצייגט צו די רעפובליקאנישע פארמעס. פריהער האט ער געגע־בען צו פערשטעהן, דאס ער וויל האבען די פולע מאכט אלס אליין־הער־שער אום ארדנונג אין לאנד איינצופיהרען, און ווען ער האט דיזער מאכט בעקומען, האט ער איינגעריכטעט א ווירקליכע מאנארכיע.

דער סענאט האט אונטער צעזאר'ן אין גאנצען פערלארען זיין זעלב־שטענדיגקייט. ער האט נאך געמוזט בעשטעטיגען אלע פאדערונגען פון דעם אימפעראטאר. זעהר אפט האט צעזאר גאר ניט געפונען פיר נעטיג צו נעהמען ביים סענאט זיין צושטימונג און האט דורכגעפיהרט זיינע פראיעק־טען מיט זיין אייגענער מאכט. אום דעם סענאט נאך מעהר אפצושוואכען, האט צעזאר די צאהל פון זיינע מיטגלידער פערגרעסערט ביז 900 און האט איהם אנגעפילט מיט מענער אהן רעפוטאאציע און אהן פערמעגען. פיר גע־ריכטס־סעקרעטארען האט מען בעשטימט מענשען, וואס האבען קיין ידיעה ניט געהאט אין געריכטס־זאכען, און אין די פערעפענטליכטע בעשלוסען האט מען אנגעגעבען די שטימען פון סענאטארען, וועלכע זיינען צו דער צייט פון דער אפשטימונג וועגען א געוויסער פראגע געווען הונדערטער מיילען ווייט פון רוים.

אויך די איבריגע רעפובליקאנישע עמטער האט צעזאר ארונטערגעבראכט צו א זעהר נידריגער שטופע. זיי האבען פערלארען זייער וויכטיגע בעדיי־טונג און זיינען געווארען נאר פוסטע עהרען־טיטלען. צעזאר האט איינגע־פיהרט צו געבען מענשען א טיטעל פון אן אמט, וועלכעס ער האט אין דער פראקטיק גאר ניט בעטראכטען. ער האט איין מאל, אלס א קאנסול איז גע־שטארבען דעם לעצטען טאג פון זיין אמט, געהייסען אויסקלייבען א קאנסול אויף עטליכע שטונדען צו ענדיגען דעם פערשטארבענעם'ס טערמין. דערמיט האט ער שרעקליך ערנידריגט די ווירדע פון דיזען וויכטיגען אמט.

אום די וויכטיגקייט פון קאנסול־אמט מעהר ארונטערצוּװארפען, האט ער פערקירצט די צייט פון דיזען אמט אויף צוויי מאנאטען. מיט דיזער ארדנונג האט ער געגעבען די מעגליכקייט צו פיעלע מענשען צו דערגרייכען דיזען עהרען־טיטעל, און צוזאמען מיט דעם אויך אפגעשוואכט דעם גאנ־צען ווערט און גלאנץ, וועלכען דיזעס אמט האט געהאט. צו דיזען צוועק האט ער אויך די צאהל פון קוואסטארען פערגרעסערט אויף 40. וויכטיגער איז געווען דאס אמט פון פרעפעקט, ווייל דיזער האט פערטרעטען דעם אימפעראטאר אין דער צייט, ווען ער איז געווען אוועק. די פינאנצען און מיליטער זיינען אין גאנצען געווען אפהענגיג פון צעזאר'ן זעלבסט. דאס איז אויך געווען א גוטער בעוויז פון זיין פראקטישען פערשטאנד. הגם

די פּראָווינצען פלעגען נאָך יעצט אויך אָפּגעגעבען ווערען צו געוועזענע קאָנסולען, ווי פריהער, האָט צאָזאר זיך ערלויבט איבערצוגעבען דיזעס וויכ-טיגע אַמט צו פּערזאָנען, וועלכע האָבען קיינמאָל ניט בעקליידט דאָס אַמט פון קאָנסול. אַזעלכע שטאַטהאַלטער זיינען געוועזען אַכט אין צאָהל. אָבער די בעאַמטע פון די פּראָווינצען האָט ער בעשרענקט אין זייער מאַכט. ער האָט ניט דערלאָזען די פריהערדיגע רויבערייען פון די שטאַטהאַלטער און שטייער-פּעכטער. די שווערע אָפּגאַבען האָט ער פיעל פערקלענערט און



רוימישער לעגיאָנאַר (סאָלדאַט פון א לעגיאָן).

ערלייכטערט. ער האָט אין גאַנצען אָפּגעשאַפט דאָס סיסטעם פון שטייער-פּעכטער; ער האָט איינגעפיהרט, דאָס די שטייערן זאָלען אָהן פערמיטלער געצאָהלט ווערען צום שטאַאט.

ער האָט אויך שטרענגע געזעצען געגען לוקסוס ארויסגעגעבען: געגען איבערטריבענע קליידער-פּראַכט, אונגעהייער רייכע פּאַלאַצען און מאָנומענ-טען אויף קברים, ווי אויך געגען אונפערהייראַטען לעבען. אָבער דיזע געזעצען

האָבען קיין ערפאָלג ניט געהאַט. ווען די זיטען זיינען שוין אַזוי פערדאָרבען געוואָרען האָבען פּאָליציי־מיטלען גאָר ניט געקענט העלפען זיי צו פערבעסערן.

איינע פון צעזאַר׳ס וויכטיגע איינריכטונגען איז די פערבעסערונג פון קאַלענדער. די רוימער האָבען אין די אור־אַלטע צייטען גערעכענט זייער צייט נאָך דעם אַלבאַנישען קאַלענדער, נאָך וועלכען אַ יאָהר איז געווען איינ־געטיילט אין 10 חדשים, וואָס האָבען ענטהאַלטען 304 טעג. אין דער צייט פון נומאַ פּאָמפּיליוס האָבען זיי אָנגענומען דאָס לבנה־יאָהר פון 355 טעג, און אום אויסצוגלייכען דאָס לבנה־יאָהר מיט דעם זונען־יאָהר האָבען זיי אַלע צוויי יאָהר צוגעגעבען אַן עבור־חודש אַמאָל פון 22 און אַ מאָל פון 23 טעג. דיזען עבור־חודש פלעגען זיי צוגעבען נאָך דעם 23טען פון מאָנאַט פעברואַר. עס פלעגען זיך אָבער זעהר אָפט מאַכען דערביי פערפּלאָנטערניסען, ווייל די צוגעבונג פון אַן עבור־חודש איז געווען אין די הענט פון די פּריסטער און דיזע פלעגען עס זעהר אָפט טאָן ניט ווען מען האָט עס בעדאַרפט, נאָר ווען עס איז גוט געווען פיר צאָהל־פעכטער צו מאַכען דאָס יאָהר לענגער אָדער קירצער. צוליב דיזער אונרעגעלמעסיגקייט איז מיט דער צייט דער אונטער־שייד צווישען דעם זונען־יאָהר און זייער קאַלענדער־יאָהר געוואָרען 67 טעג, און די גאַנצע צייט־רעכנונג איז צוליב דעם פערפּלאָנטערט געוואָרען. אום דיזעם אָפּצוהעלפען האָט צעזאַר איבערגעגעבען דעם אַלעקסאַנדרינישען גע־לעהרטען ס אָ ס י ג ע נ ע ס אויפצושטעלען אַ נייעם קאַלענדער, און ע׳ האָט אַליין געשריבען אַן אָפּהאַנדלונג איבער דיזען געגענשטאַנד. ער האָט בעשטימט, אַז דאָס יאָהר 46 פ. קר., וועלכעס האָט שוין געהאַט אַן עבור־חודש, זאָל פערלענגערט ווערען מיט 67 טעג, אַזוי דאָס דיזעס יאָהר האָט ענטהאַל־טען 445 טעג (לבנה־יאָהר 355 טעג, עבור־חודש 23 טעג, צוגאָב 67 טעג, צוזאַמען 445 טעג). פון דאַמאָלס אָן האָט מען גערעכענט אין אַ יאָהר 365¼ טעג, אַזוי דאָס דריי יאָהר האָבען ענטהאַלטען צו 365 טעג און דאָס פערטע יאָהר — 366 טעג, ווייל פון די 4 פערטעל איז געוואָרען אַ טאָג. דיזער קאַלענדער איז בעוואוסט אונטער דעם נאָמען דער י ו ל י אַ נ י ש ע ר, נאָך צעזאַר׳ס ערסטען נאָמען י ו ל י ו ס. נאָך דיזען קאַלענדער האָבען כמעט אַלע קריסטליכע פעלקער פון מערב־אייראָפּאַ גערעכענט זייער צייט ביז דעם יאָהר 1582 נ. קר. אין דיזען יאָהר איז דער קאַלענדער ווידער אי־בערגעמאַכט געוואָרען, ווייל די רעכנונג, דאָס אַ יאָהר ענטהאַלט 365 טעג מיט 6 שטונדען, איז אויך ניט זעהר גענוי. דער פּאַפּסט גרעגאָריוס דער 8טער האָט עס אויסגעגליכען מיט דעם ריכטיגען זונען־יאָהר. דערפון נעהמט זיך

דער אונטערשייד צווישען דעם קאַלענדער פון רוסלאַנד און דעם קאַלענדער פון מערב־אייראָפּאַ, וועלכער בעשטעהט יעצט אין 13 טעג.

צאַזאַר האָט געפּלאַנעוועט נאָך איינינע וויכטיגע פערבעסערונגען איינ־צופיהרען, אונטער אַנדערע אַן אַלגעמיינעס געזעץ־בוך ארויסצוגעבען און א ריכטיגע געאָגראַפישע קאַרטע פון דער רוימישער אימפּעריע. אָבער אוי־סער דיזע האָט ער אויך געפּאַסט משוגע'נע פּלענער. ער האָט בעשלאָסען צו אונטערוואַרפען די דאַציער ביי דעם טייך דונאַי, און האָט בעשלאָסען אונטערצונעהמען א פעלד־צוג דורך די צפון־לענדער פון אייראָפּאַ און אַזיען. עס איז שווער יעצט צו וויסען, וואָס האָט איהם געטריבען דערצו. אויב ער האָט מורא געהאַט, דאָס דער לאַנגער פרידען וועט שאַדען זיין אויטאָרי־טעט, אָדער ער האָט געוואָלט ציינען וואונדער דער דאַמאָלסדיגער וועלט מיט זיין אונטערנעהמונגס־גייסט — דאָס איז שווער יעצט צו בעהויפּטען. ווייל דער צוג האָט בעדאַרפט געדויערן איינינע יאָהר, האָט צאַזאַר דעריבער גע־פונען פיר נעטיג צו בעשטימען קאָנסולען און פּראָטאָרען פיר איינינע יאָהר פאָרויס. דריי מענער האָט ער געוואָלט לאָזען אין רוים פיר די צייט, וואָס ער איז אוועק, זיי זאָלען זיין זיינע שטעל־פערטרעטער. דריי מענער האָט ער ערוועהלט אַזעלכע, וועלכע זיינען גוט בעקאַנט געווען דורך זייער אויסגע־לאַסענהייט און גוואַלד־טאַטען, אַזוי אַז דאָס פּאָלק האָט געקענט פון זיי ערוואַרטען דאָס שרעקליכסטע. אָבער דיזעס איז איהם ניט געלונגען.

די סענאַטס־פּאַרטיי איז שוין לאַנג ניט צופרידען געווען מיט צאַזאַר'ס אָרדנונגען. און עס איז קיין וואונדער ניט. די אַלע מאַסרעגלען פון צאַ־זאַר'ן זיינען געווען ניט צו גונסטען פון די אַריסטאָקראַטען. די מאַכט פון סענאַט איז געווען געבראָכען. די סאָלדאַטען זיינען געווען איבערגעבען צום אימפּעראַטאָר, און די אַריסטאָקראַטיע האָט געציטערט פאַר זיי, די רויבעריי אין די פּראָווינצען, וועלכע איז געווען דער בעסטער מיטעל פיר זיי זיך צו בערייכערן, איז פיר זיי אונמעגליך געוואָרען. די פּאָלקס־פּאַר־טיי האָט גענאָסען דעם פולען צוטרויען און ליבע פון צאַזאַר'ן, די פּראָ־לעטאַריער זיינען געווען פערזאָרגט מיט ברויט, מיט אַרבייט און שפּילען. עס איז וואָהר, דאָס צאַזאַר האָט די רעכטען פון פּאָלק פיעל פערשמעלערט, ער האָט די פּאָלקס־פערזאַמלונגען צוזאַמענגערופען ניט אום צו פערהאַנד־לען זיינע פּאָרשלאַגען, נאָר אום צו בעשטעטיגען זיי, אָבער דערפאַר האָט ער פיעל פערבעסערט די מאַטעריעלע לאַגע פון פּאָלק, און דאָס איז געווען גענוג אום די צונייגונג פון פּאָלק צו געווינען, און ער האָט דאָס ווירקליך געוואונען.

דאָס אַלץ האָט שטאַרק ערביטערט די סענאַטס־פּאַרטיי. דער אַלטער רעפּובליקאַנישער גייסט האָט ווידער אויפגעלעבט אין פיעלע הערצער פון די אַריסטאָקראַטען. עס האָט זיך געמאַכט אַ געהיימע פערשווערונג פון 60 פּערזאָן, וועלכע האָבען בעשלאָסען צאַזאר'ן פון וועג אַפּצוראַמען און צוריק־שטעלען די אַלטע רעפּובליקאַנישע אָרדנונג. דיזע מענער זיינען צום מעהר־סטען געוועזען אַזעלכע, וואָס צאַזאר האָט זיי געגעבען הויכע שטעלעס, און האָט זיי גערעכענט פיר זיינע טרייעסטע פריינד. אָן דער שפּיץ פון דיזער פערשווערונג זיינען געשטאַנען: מ אַ ר ק ו ס ב ר ו ט ו ס, ג אַ י ו ס ק אַ ס ס י ו ס, ד ע צ י מ ו ס ב ר ו ט ו ס, פּ ו ב ל י ו ס ק אַ ס ק אַ און אַנדערע.


מאַרקוס יוניוס ברוטוס.

די פערשוואָרענע האָבען לאַנג ניט גע־קענט זיך פעראייניגען וועגען דער צייט, ווען זיי זאָלען זייער פּלאַן דורכפיהרען, און וועגען דעם אָרט, וואו עס זאָל געשעהן. ענד־ליך האָט צאַזאר זעלבסט זיי פערשאַפט די מעגליכקייט זייער ענטשלוס דורכצופיהרען. צאַזאר'ן איז ווענינ געוועזען צו זיין דער אַליין־הערשער אין רוים. ער האָט געוואָלט אויך האָבען דעם טיטעל קעניג און זיין קאָפּ בעפּוצען מיט אַ קרוין. ער האָט אָבער מורא געהאַט דאָס אויף זיינע ליפּען צו ברענגען, ווייל שוין מעהר פון 550 יאָהר, דאָס דער נאָ־מען קעניג אין רוים איז געוועזען אַ שרעקלי־כעס וואָרט, און האָט ערוועקט האַס און פער־אַכטונג אין אַלע הערצער. איינמאָל האָט מען ביי נאַכט זיין סטאַטוע מיט אַ קרוין אויף'ן קאָפּ בעפּוצט, און אייניגע שמייכלער פון פאָלק האָבען איהם אַלס קעניג בעגריסט. אַלס די שמייכלער זיינען געוואָרען געפאַנ־גען פון פאָלקס־טריבונען, האָט צאַזאר די טריבונען פון זייערע שטעלען ארונטערגעזעצט, מיט דעם אויסרעד, דאָס זיי האָבען עס אַליין בכיוון געטאָן אום איהם חושד צו זיין, דאָס ער שטרעבט אַ מאָנאַרך צו ווע־רען. אָן אַנדער מאָל אין אַ פעסט־טאָג האָט איהם אַנטאָניוס דערלאַנגט אַ קרוין. אַלס צאַזאר האָט אָבער געזעהן, ווי דאָס פאָלק איז אויפגע־רעגט געוואָרען דערפון, האָט ער גענומען די קרוין און אַנגעטאָן אויף'ן קאָפּ פון יופּיטער'ן אין קאַפּיטאָל, און האָט דערביי געזאָגט, דאָס דיזעס

געהערט צו איהם, צו יופּיטערן, ווייל ער איז דער איינציגער קעניג פון די רוימער.

ענדליך האָבען זיך די פּריסטער גענומען איהם אַלס קעניג צו ערקלע-רען. מען האָט געפונען אין די סיביללינישע ביכער אַ נבואה, דאָס די פּאַרטהער, מיט וועלכע די רוימער האָבען לאַנג געפיהרט אַ שטרייט און האָ-בען זיי ניט געקענט אונטערוואַרפען, קענען נאָר בעזיגט ווערען פון אַ קע-ניג. דער סענאַט איז שוין געווען בערייט צו געבען צעזאַר'ן דעם טיטעל קעניג איבער די לענדער פון דער רוימישער אימפּעריע, אויסער איטאַליען. דאַמאָלס האָבען די פערשוואָרענע בעשלאָסען ניט מעהר צו וואַרטען. מען



יוליוס צעזאַר אויף דעם וועג צום סענאַט.

האָט ערצעהלט, דאָס צעזאַר האָט געהאַט וואָרנונגען און פאָרצייכענס פון זיין טויט. מען ערצעהלט, דאָס זיין פרוי קאַלפורניא האָט מיט אַ נאַכט פריהער געהאַט שרעקליכע חלומות, און זי האָט איהם דעריבער דעם גאַנצען טאָג פון הויז ניט געוואָלט אַרויסלאָזען, ווייל דאָס הארץ האָט איהר אַן אונ-גליק פאָרויסגעזאָגט. אויך דער פּריסטער, וואָס האָט פיר איהם דעם טאָג אַן אָפּפער געבראַכט, האָט איהם געזאָגט, דאָס די איינגעווייד פון דעם אָפּפער ציינגען אויף אַן אונגליק. הגם ער האָט דעם סענאַט צוזאַמענגערופען אויף דיזען טאָג אום די זאַך פון זיין קרוינונג צו בעשליסען, האָט ער דאָך געגעבען

א בעפעהל צו אַנטאָניוס'ן דעם סענאַט פערנאַנדערצולאָזען. אָבער דעצימוס ברוטוס, איינער פון זיינע בעסטע פריינד, איז געקומען צו צאָזאר'ן און האָט איהם געגעבען צו פערשטעהן, דאָס עס איז זעהר בעליידיגענד פיר'ן סענאַט אַזאַ מין האַנדלונג פון זיין זייט, און האָט איהם דערביי געמאַכט ביטערע פאָרווירפען, דאָס ער איז אַ פייגלינג (טרוס). צאָזאר האָט זיך געלאָזט איי־בערערעדען פון זיין פאַלשען פריינד און איז אַוועק אין סענאַט. אויף'ן וועג האָט איהם אַן אונבעקאַנטער מאַן איבערגעגעבען אַ שריפט און האָט איהם געוואַרנט ניט צו געהן אין סענאַט, אָבער ער האָט אַפילו ניט געלייענט די שריפט. אויך זיין פרוי קאַלפורניאַ האָט איהם מיט טרערען אין די אויגען געבעטען, ער זאָל ניט געהן דעם טאָג אין סענאַט און זי האָט איהם פיר זיין טאָגאַ אָנגעכאַפּט און ניט געלאָזען איהם געהן, אָבער ברוטוס האָט איהם ביי דער האַנט גענומען און האָט איהם אַוועקגעפיהרט.

באַלד ווי צאָזאר איז אַריין אין סענאַט איז טיליוס ציסבער אַרויסגעטראָטען און האָט געבעטען מען זאָל זיין פערשיקטען ברודער צוריק־קעהרען פון פערבאַנונג. אַלס צאָזאר האָט זיין ביטע ענטזאַגט, זיינען באַלד די איבריגע פערשוואָרענע אַרויסגעטרעטען אום די ביטע צו אונטערשטיצען. באַלד האָט ציסבער פון צאָזאר'ן די טאָגאַ אַראָפּגעריסען און קאַסקאַ האָט איהם אַ שפּיז אין נאַקען אַריינגעשטאָכען. אָבער ער האָט איהם נאָר לייכט פערוואונדעט. צאָזאר האָט זיך צו איהם אומגעקעהרט, האָט איהם געכאַפּט ביי דער האַנט און האָט אויסגעשריען: „פערפלוכטער קאַסקאַ, וואָס טוסט דו?" באַלד זיינען אַלע פערשוואָרענע צוגעלאָפען צו איהם, האָבען איהם געשטאָכען פון אַלע זייטען מיט שפּיזען אין ברוסט און אין געזיכט. אַלס ער האָט צווישען די פערשוואָרענע בעמערקט זיין פריינד ברוטוס, האָט ער אויסגעשריען: „אויך דו, מיין זוהן ברוטוס?" און איז אַנידערגעפאַלען נעבען דער סטאַטוע פון פּאָמפּעיוס'ן נאָך דעם, ווי ער האָט ערהאַלטען 23 וואונדען פון די פערשוואָרענע. די סענאַטאָרען האָבען מיט שרעק צוגעזעהן די מאָרד־טאַט, אָבער זיי האָבען קיין וואָרט וועגען דעם ניט געזאָגט, קיין איינער האָט ניט געפּרובט צאָזאר'ן צו הילף קומען, און זיינען אַלע פון זאַאַל אַרויסגעלאָפען.

### 9) די צייט פון אַנטאָניוס און אָקטאַוויאַנוס (44—30 פ. קר.).

די פערשוואָרענע האָבען מיט דער ערמאָרדונג פון צאָזאר'ן זייער ציל ניט דערגרייכט, ווייל זיי האָבען געלאָזען אַ לעבעדיגען דעם הערשזיכטיגען אַנטאָניוס'ן. עס האָבען זיך אַפילו געפונען איניגע, וואָס האָבען געוואָלט

צאַזאר'ס ליבלינג פון וועג אַפּראַמען, אָבער ניט אַלע האָבען איינגעשטימט דערצו, צוליב פערשיידענע אורזאַכען, און אַנטאָניוס איז געבליבען לעבען, און דאָס האָט געקאָסט רוים פיעלע טייכען בלוט.

נאָך דער ערמאָרדונג פון צאַזאר'ן זיינען די פערשוואָרענע געקומען אויף'ן מארק מיט זייערע פערבלוטיגטע שווערדען און שפּיזען און האָבען



מ. אַנטאָניוס.

דאָס פאָלק אויפגערופען צו פרייהייט. די מאַסע איז אָבער געבליבען שטום און גלייכגילטיג צו דער גאַנצער בלוטיגער געשיכטע. די פערשוואָרענע האָבען זיך געווענדעט צום קאַפּיטאָל, און דאָרט איז בעשלאָסען געוואָרען אויפצורופען דעם סענאַט און זיך בעראַטען, וואָס איז יעצט געבליבען צו טאָן.

ווייל אָבער דאָס געזעץ האָט געפאָדערט, דאָס נאָר א קאָנסול אָדער א טרי-
בון זאָל דעם סענאַט צוזאַמענרופען, האָט מען זיך געווענדט צו אַנטאָניוס'ן,
אַלס קאָנסול, ער זאָל דעם סענאַט אויפרופען. דערמיט האָבען די פערשוואָ-
רענע זייער גאַנצע זאַך פערדאָרבען.

אַנטאָניוס האָט באַלד בעמערקט, דאָס זיינע געגנער זיינען ראַטלאָז,
זיי ווייסען ניט וואָס צו טאָן. ער האָט גלייך בעשלאָסען אַנצונעהמען די
זעלבע פּאָליטיק פון צאָזאר'ן און ווערען אַליין-הערשער. ער האָט פערכאַפּט
צאָזאר'ס פּאַפּירען, זיין פּריוואַט-פערמעגען און די אוצרות פון דעם טעמפּעל
פון דער געטין אָפּס, צוזאַמען א סומע פון 130—150 מיליאָן מארק, און
האָט באַלד געדונגען מאַרקוס אָמיליוס לעפּידוס מיט א לעגיאָן מיליטער אין
שטאָדט. דאַן האָט ער בערופען דעם סענאַט פיר דעם 17טען מערץ. דאָ
האָט ער געשטעלט די פראַגע, אויב דער סענאַט אָנערקענט די ערמאָרדונג פון
צאָזאר'ן אַלס א רעכטמעסיגע טאַט. ציצעראָ האָט דאַן פאָרגעשלאָגען, דאָס
מען זאָל די מערדער געבען אַן אַמנעסטיע (ד. ה. מען זאָל זיי מוחל זיין),
און זיין פאָרשלאָג איז געוואָרען אָנגענומען. דאַן האָט אַנטאָניוס געפאָדערט,
דאָס דער סענאַט זאָל בעשטעטיגען אַלע צאָזאר'ס בעפעהלען און בעשטימונ-
גען. דער סענאַט האָט עס בעוויליגט. אַנטאָניוס האָט דיזען בעשלוס פון
סענאַט אויך אָנגעווענדט אויף צאָזאר'ס בעשטימונגען, וואָס זיינען נאָך ביז
דאַן ניט בעקאַנט געוואָרען, נאָר זיינען געווען אין זיינע איבערגעלאָזענע
פּאַפּירען.

דערמיט האָט אַנטאָניוס זיך בענוצט אום די רעוואָלוציאָן צו דערשטי-
קען און פאָרטזעצען צאָזאר'ס שטרעבונגען, און ווען ער האָט זיך אָנפאַנגס
געצייגט אַלס בעשיצער פון דער רעפּובליק, איז עס געווען בלויז פערשטעלט.
דיזעס האָט ער קלאָר ארויסגעוויזען אין איינינע טעג שפּעטער, אַלס מען
האָט געפּייערט צאָזאר'ס קבורה. ער האָט געהייסען מען זאָל צאָזאר'ס קער-
פּער ברייגנען אויף'ן פאָרום, און האָט דערביי געהאַלטען זיין בעריהמטע
רעדע, וועלכע שעקספּיר האָט אַזוי מייסטערהאַפט אין זיין דראַמאַ „יוליוס
צאָזאר" איבערגעגעבען. מיט גלאַנצענדע פאַרבען האָט ער געשילדערט די
קריגס-טאַטען פון דעם אונבעזיגבאַרען אימפּעראַטאָר און זיין פריינגעביגקייט
צום פאָלק. דאַן האָט ער פערעפענטליכט צאָזאר'ס צוואה, אין וועלכער דער
ערמאָרדעטער האָט איבערגעגעבען דעם פאָלק אַלע זיינע גערטנער, וואָס זיי-
נען געלעגען אויף יענער זייט פון דעם טייך טיבער, און אויסער דעם יעדען
בירגער צו 60 מארק מזומן. ענדליך האָט ער צואוויקעלט פאַר'ן פאָלק די
דורכגעשטאָכענע מיט בלוט פערפלעקטע צאָזאר'ס קליידער, און אום דעם

איינדרוק נאָך שטאַרקער צו מאַכען, האָט ער ארויסגעשטעלט א וואַקס־בילד פון דעם ערמאָרדעטען, מיט די 23 וואונדען, וועלכע די מערדער האָבען איהם געמאַכט.

די פייערדיגע רעדע מיט דעם שרעקליכען בילד האָט אויפגערייצט די פאָלקס־מאַסע. דאָס פאָלק האָט געכאַפּט אַלעס, וואָס איז איהם געוועזען ביים האַנט, האָט עס אָנגעצונדען און האָט זיך געלאָזען איבער די גאַסען פון רוים צו די הייזער פון די פערשוואָרענע, אום זיי אָנצוצינדען און פערברענען. די מערדער זיינען צולאָפען. איין טריבון, וועלכען די מאַסע האָט אָנגענומען אַלס איינעם פון די מערדער איז אויף שטיקער צוריסען געוואָרען.

אנטאָניוס האָט גוט פערשטאַנען צו וואָס דיזעס קען פיהרען, און האָט געוואוסט, ווי אויסצונוצען דיזען מאָמענט פיר איהם. ער האָט פון סענאַט ערהאַלטען די ערלויבניס זיך מיט א לייב־גוואַרדיע צו בעשיצען, און האָט זיך בענוצט מיט צאָזאַר׳ס פּאַפּירען, וועלכע ער האָט געפעלשט פיעל זיין האַרץ האָט געלוסט, דורכצופיהרען פיעלע בעשטימונגען, וועלכע האָבען גוט געפּאַסט צו זיין צוועק — אַליין־הערשער צו ווערען, און איז געוואָרען דער אויבער־הערר איבער אַלע עהרען־עמטער און שטעלעס. ער האָט פערנאַנדערגעגעבען זעהר פיעלע שטאַאַטס־גיטער און שטעלעס, אונטער דעם אויסרעד, דאָס אזוי איז געווען צאָזאַר׳ס וואונש, אָבער אין גרונד גענומען האָט ער עס זעלבסט געטאָן אום אונגעהייערע סומעס געלט איינצונעהמען. דער סענאַט האָט ניט געוואַגט עטוואָס דאַגעגען צו טאָן אָדער צו זאָגען. אנטאָניוס האָט דורך די בעשטימונג פון פאָלק, אָהן דער צושטימונג פון סענאַט, ערהאַלטען די פּראָווינצען אין גאַלליען מיט 4 לעגיאָנען, וועלכע זיינען פון צאָזאַר׳ן בעשטימט געוואָרען פיר ברוטוס׳ן זיין מערדער. אנטאָניוס איז געוואָרען אויבער־הערשער אין רוים אָהן א שום ווידערשטאַנד. פּלוצלינג אָבער איז ערשינען אויף דער סצענע ג א י ו ס י ו ל י ו ס צ אָ ז א ר אָ ק ט א ו ו י א נ ו ס.

אָקטאַוויאַנוס איז געבאָרען געוואָרען דעם 23טען סעפּטעמבער פון יאָהר 63 פ. קר. ער איז געווען דער זוהן פון גאַיוס אָקטאַוויאַנוס, שטאַט־האַלטער פון מאַצעדאָניען. זיין מוטער איז געווען א ט י א, א טאָכטער פון צאָזאַר׳ס שוועסטער יוליא. יוליוס צאָזאַר איז אַלזאָ געווען זיינער אַן עלטער־פעטער. אונטער דער השגחה פון זיין מוטער און איהר צווייטען מאַן פיליפּפּוס האָט אָקטאַוויאַנוס גענאָסען א גוטע ערציהונג. צאָזאַר האָט איהם זעהר ליב בעקומען, און ווייל ער האָט קיין קינדער ניט געהאַט, האָט ער געמאַכט אָקטאַוויאַנוס׳ן פיר זיין יורש. אין דער צייט, ווען צאָזאַר איז ער־

מאָרדעט געוואָרען, איז אָקטאַוויאַנוס געווען אין אַפּאָללאָניאַ, אין עפּירוס, אום זיך צו ענטוויקלען אין דער רעדע־קונסט אונטער דער לייטונג פון זיין לעהרער אַפּאָללאָדאָר. אלס ער האָט בעקומען די נאַכריכט פון צעזאַר'ס טויט, איז ער באַלד אוועק נאָך רוים אום די ירושה פון צעזאַר'ן צו ערהאַלטען.

אַנטאָניוס האָט זיך גיך איבערצייגט, דאָס דער 19־יעהריגער אָקטאַוויאַנוס איז פיעל שלויער פון איהם. אָקטאַוויאַנוס האָט ערסטענס פערלאַנגט מען זאָל איהם געבען די ירושה פון זיין אַדאָפּטיר־פאָטער. אַנטאָניוס האָט שוין אַ גרויסען טייל פון צעזאַר'ס פערמעגען פערשוועגדעט און ער איז געווען געצוואונגען צו אויסצאָהלען צו אָקטאַוויאַנוס'ן די ירושה פון זיין אייגענעם פערמעגען. דאָס האָט פיעל געשאַדעט צו אַנטאָניוס'עס נאָמען און רעפּוטאַציאָן. ציצעראָ, וועלכער איז דאַמאָלס געווען דער הויפּט פון דער אַריסטאָקראַטישער פּאַרטיי, האָט זעהר ליב געקריגען אָקטאַוויאַנוס'ן, און דאָס האָט אָקטאַוויאַנוס'ן געמאַכט פיר אַ געפעהרליכען געגנער פון אַנטאָניוס'ן. אָנפאַנגס זיינען דיזעביידע געווען בעפריינדעט, און אָקטאַוויאַנוס האָט געהאָלפען אַנטאָניוס'ן צו ערהאַלטען די פּראָווינץ אויבער־איטאַליען, אָבער באַלד נאָך דעם האָט אָקטאַוויאַנוס אויפגעבונטעוועט די טרופּען פון אַנטאָניוס'ן געגען איהם און האָט זיי צו זיך צוגעצויגען. דערצו האָט איהם פיעל געהאָלפען זיין נאָמען צעזאַר. אין דער זעלבער צייט האָט ציצעראָ געהאַלטען זיינע בעריהמטע צוויי רעדעס, פון וועלכע איינע האָט געמאַכט אַ געוואַלדיגען איינדרוק. אין דיזע רעדעס האָט ער געמאַכט אַ שרעקליכען אָנגריף אויף אַנטאָניוס'ן. דיזער אָנגריף האָט שרעקליך אויפגעבראַכט אַנטאָניוס'ן און ער האָט בעשלאָסען צו מאַכען מיט זיינע 4 לעגיאָנען פון מאַצעדאָניען אַן אָנפאַל אויף רוים. אָבער צוויי לעגיאָנען האָבען זיך גלייך איבערגעגעבען צו אָקטאַוויאַנוס'ן און די איבריגע דריי האָבען זיך ענטזאַגט איהם צו פאָלגען. אַנטאָניוס איז געווען געצוואונגען מיט די איבריגע פון זיינע טרופּען אוועקצוגעהן אין זיין פּראָווינץ אויבער־איטאַליען, אום פון דאָרט אַרויסצוטרייבען דעצימוס ברוטוס'ן, דעם פיהרער פון די פערשוואָרענע.

דיזעס איז אָבער געשעהן געגען דעם אויסערליכען בעשלוס פון סענאַט. ציצעראָ האָט דער סענאַט מיט זיינע פייערדיגע רעדעס ערמונטערט צו נעהמען ענערגישע מיטלען געגען איהם. ער איז צוריק גערופען געוואָרען פון גאַלליען, און אלס ער האָט ניט געוואָלט פאָלגען דעם בעפעהל, איז ער ערקלערט געוואָרען פיר אַ פיינד פון פאָטערלאַנד. מען האָט דאַן געשיקט געגען איהם צוויי אַרמעען אונטער דער אָנפיהרונג פון די צוויי קאָנסולען

אַולוס הירציוס און גאַיוס וויביוס פּאַנסאַ. אויך אָקטאַוויאַנוס איז אַרויס געגען איהם צוזאַמען מיט די קאָנסולען אָן דער שפּיץ פון זיינע פינף לעגיאָנען, וועלכע ער האָט צוזאַמענגעשטעלט פון צאָ־זאַר׳ס און זיינע מאַצעדאָנישע סאָלדאַטען. אין אייניגע טעג האָבען זיך ביידע אַרמעען בעגעגענט ביי מוטינאַ (דעם היינטיגען מאָדענאַ) און אַ שלאַכט איז פאָרגעקומען צווישען זיי. אַנטאָניוס האָט געהאַט אַ מפּלה. ער



אָקטאַוויאַנוס.

זעלבסט איז ענטלאָפען אין גאַלליען, וואָס ליגט איבער יענער זייט פון די אַלפּען צו צפון.

אין דער שלאַכט ביי מוטינאַ זיינען ביידע קאָנסולען געפאַלען. דער סע־נאַט האָט איבערגעגעבען די הערשאַפט איבער די אַרמעען פון די קאָנסולען ניט צו אָקטאַוויוס׳ן, ווי דיזער האָט ערוואַרט, נאָר צו דעצימוס ברוטוס׳ן. דאָס

האָט אָקטאַוויאַנוס'ן פערדראָסען אין צווייען. ערסטענס איז עס פיר איהם גע-
ווען אַ פּערזענליכע בעליידיגונג, וואָס מען האָט געגעבען ברוטוס'ן אַ פּאָרצוג
געגען איהם; צווייטענס האָט דער סענאַט דערמיט אָפען בעוויזען, דאָס ער
איז זעהר צופרידען מיט דער ערמאָרדונג פון צעזאַר'ן, ווייל ער האָט מיט
עהרע בעשאָטען דעם הויפּט־מערדער. ברוטוס האָט ערהאַלטען די שטאַטהאַל-
טערשאַפט פון מאַצעדאָניען, גריכענלאַנד און איללירייען, קאַססיוס האָט ער-
האַלטען סיריען, און אָקטאַוויאַנוס האָט גאָר ניט ערהאַלטען. אַלס ער האָט
געפאָדערט אַ טריאומף, האָט מען איהם גראָב ענטזאַגט. מען איז נאָך
ווייטער געגאַנגען: מען האָט בעשלאָסען אַלע געזעצען, וואָס צעזאַר האָט
דורכגעפיהרט, אָבצושאַפען, אום אויסצושליסען יעדע ערינערונג וועגען צע-
זאַר'ן. אָקטאַוויאַנוס האָט יעצט בעשלאָסען צו ארבייטען געגען דער רע-
פובליקאַנישער פּאַרטיי, פיר וועלכע ער האָט אזוי פיעל געטאָן אין דער
צייט פון די אונרוהען, און מיט אַכט לעגיאָנען, וועלכע האָבען געדינט אונ-
טער צעזאַר'ן און האָבען געדענקט דעם גוטען בעריהמטען און געליבטען
קריגס־קאָמאַנדיר, איז ער אריין אין רוים און האָט געצוואונגען דעם סע-
נאַט איהם אַלס קאָנסול צו ערוועהלען, הגם ער איז נאָך קיין 20 יאָהר ניט
אַלט געווען, דאָס אַלטער, וואָס איז נעטיג פיר יעדעס אמט. דאַן האָט ער
מבטל געווען די אמנעסטיע (בעגנאַדיגונג), וואָס דער סענאַט האָט געגעבען
צעזאַר'ס מערדער, און האָט אָנגעפאַנגען אַ פּראָצעס אין געריכט געגען זיי.
דערצו האָט ער געפונען ניצליך פיר איהם יעצט צו שליסען פרידען מיט
אַנטאָניוס'ן, וועלכער איז געווען אַן אויסגעצייכענטער קריגס־קאָמאַנדיר.

אַנטאָניוס און אָקטאַוויאַנוס מיט זייערע לעגיאָנען זיינען צונויפגעקו-
מען ארום באָנאָניא (באָלאָניא). צוויי טעג האָט געדויערט די פערהאַנדלונג,
ביז זיי זיינען ענדליך געקומען צו אַ בעשלוס צו גרינדען אַ צווייטען טרי-
אומוויראט (דריי־בונד) פון אַנטאָניוס'ן, אָקטאַוויאַנוס'ן און לעפּידוס'ן (אָק-
טאָבער, 43 פ. קר.). דער צוועק פון דיזען טריאומוויראט איז געווען, ווי
זיי האָבען עס פאַר דער וועלט ערקלערט, איינצופיהרען אָרדנונג אין רוים און
צו בעשטראָפען די מערדער פון צעזאַר'ן. דיזער טריאומוויראט איז ניט
געווען, ווי דער ערסטער, אַ געהיימער בונד פון דריי מעכטיגע מענער, נאָר אַ
נייעס שטאַאטס־אַמט. אום זייערע צוועקען צו דערגרייכען, האָבען די טרי-
אומווירען צוטיילט דעם גאַנצען מערב־טייל פון דער רוימישער אימפּעריע
צווישען זיך, ווי פאָלגט: אַנטאָניוס זאָל הערשען אין גאַנץ גאַלליען פון
ביידע זייטען אַלפּען־בערג, אָקטאַוויאַנוס אין אפריקא, סיציליען און סאַר-
דיניען און לעפּידוס אין שפּאַניען. די לעגיאָנען האָט מען פערשפּראָכען

דערווייל צו געבען דעם זעלבען געהאַלט, וואָס זיי האָבען ביז יעצט ערהאַל-
טען, אָבער שפּעטער זאָל מען זיי שענקען אכטצעהן פון די שעהנסטע שטעדט
אין איטאַליען אַלס בעלוינונג פיר זייער טרייען דינסט.

נאָך דעם, ווי דער בונד צווישען די דריי מענער איז געשלאָסען געוואָ-
רען, האָבען זיי זיך גענומען צו פערפאָלגען פון דעם רוימישען אַדעל יעדען,
וועלכער איז געווען פערהאַסט צו איינעם פון די טריאומווירען. צו דיזען
צוועק האָבען זיי בעשלאָסען צו געברויכען די זעלבע מיטלען, וואָס סוללאַ
האָט געברויכט: פערבאַנען, קאָנפיסקירען דאָס אייגענטום און בערויבען
פון אַלע בירגער־רעכטען. מען האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ צעטעל פון פער-
זאָנען, וועלכע, ווי די טריאומווירען האָבען בעהויפּטעט, זיינען שעדליך פיר
די רעפּובליק, און וועלכע זיינען די הויפּט־אורזאַך פון די אונאָרדנונגען.


לעפּידוס.

אין דעם צעטעל זיינען געווען אויסגערעכענט 300 סענאַטאָרען און 2,000 ריטער, צווישען דיזע אויך נאָהענטע קרובים פון די טריאום-ווירען און גוטע פריינד זייערע. אזוי האָט אָק-טאַוויאַנוס אריינגעשטעלט אין ליסט דעם בע-ריהמטען רעדנער און זיין גוטען פריינד דעם סענאַטאָר ציצעראָ; אַנטאָניוס האָט אריינגע-שטעלט אין ליסט זיין אייגענעם אָנקעל און לעפּידוס זיין ברודער. דיזע טאַקטיק האָט גע-האַט צוויי צוועקען: צו בעפרייען זיך פון איינ-פלוסרייכע פּערזאָנען און זיך צו בערייכערן מיט זייער האָב און גוטס. האָט איינער געהאַט אַ גרויס פערמעגען, אַ שענעם הויז, אָדער אַ רייכעס לאַנד־גוט, איז דאָס געווען גענוג אום איהם אויך די ליסט ארויפצושטעלען. עס האָבען זיך צוריקגע-קעהרט די מורא'דיגע טעג פון סוללאַ'ס שרעקליכער צייט. יעדעס מענש-ליכע געפיהל האָט פערשטומט, עס האָבען געהערשט געמיינהייט און פער-ראַט פון העסליכסטען סאָרט. גאָר קיין וואונדער ניט! ווי דען אַנדערס האָט עס געקענט זיין, ווען מען האָט ניט וועניגער ווי 25,000 דענאַרען (איבער 20,000 מאַרק) געגעבען אַלס בעלוינונג צו יעדען פרייען בירגער און 10,000 דענאַרען (8,000 מאַרק) מיט פרייהייט צו יעדען שקלאַף, וואָס האָט גע-בראַכט דעם קאָפּ פון די פערצייכענטע אין דער ליסט.

דאָך האָבען ניט געפעהלט קיין מענשען מיט עדלע, עהרליכע געווי-סענס, וואָס זיינען געווען גרייט צו אָפּפערן אָפּט זייער לעבען אום צו בע-

שיצען די אונגליקליכע קרבנות פון די פערפאָלגונגען פון די טריאומווירען. אַזעלכע עדעלע זעעלען האָבען זיך אויך געפונען אונטער די שקלאַפען. עס זיינען פאָרגעקומען ביישפּילען, וואו שקלאַפען האָבען זיך געלאָזען מאַטערן צום טויט און האָבען ניט געוואָלט אויסזאָגען, וואו זייערע הערען האָבען זיך בעהאַלטען פון די פערפאָלגונגען פון די טריאומווירען.

אַלס ביישפּיל קען אָנגעפיהרט ווערען דאָס שיקזאַל פון ציצעראָ'ן, וועלכער איז געוועזן פון די ערסטע אָפּפער פון דער טיראַניי פון די טריאומווירען. ציצעראָ מיט זיין ברודער קווינטוס האָבען זיך אין יענער צייט געפונען אויף זייער גוט ביי טוסקולום. אַלס ער האָט בעקומען די נאַכריכט, דאָס ער איז אויף דער ליסט פון די, וואָס זיינען בערויבט פון אַלע בירגער-רעכטען, איז ער אויסער זיך געוואָרען פון שרעק. ווען ער האָט זיך פון ערסטען אַיינדרוק אַ ביסעל בערוהיגט, האָט ער בעשלאָסען צוזאַמען מיט זיין ברודער נאָך מאַצעדאָניען צו ענטלויפען. זיי האָט אָבער געפעהלט דאָס נעטיגע געלט צו דער רייזע. דאָ האָט קווינטוס בעשלאָסען זיך פערשטעלען און אַריינ'גנב'ענען זיך אין רוים אום דאָרט געלט צו שאַפען. אָבער ווי נאָר ער איז אין זיין הויז אַריין, האָבען שפּיאָנען באַלד געגעבען צו וויסען, וועמען מען האָט בעדאַרפט, און מערדער זיינען געשיקט געוואָרען צו ערמאָרדען קווינטוס'ן. דער זוהן פון קווינטוס'ן האָט בעהאַלטען דעם פאָטער, און האָט פערזיכערט די מערדער, דאָס ער ווייס ניט וואו ער געפינט זיך. מען האָט איהם שרעקליך געפּייניגט, ער האָט פון גרויסע יסורים געשריען און געקרעכצט, ער האָט אָבער ניט געוואָלט אויסזאָגען, וואו זיין פאָטער איז בעהאַלטען. אַלס דער פאָטער האָט דערהערט די קריכצען און געשרייען פון זיין זוהן, האָט ער ניט געקענט מעהר פערבלייבען אין זיין בעהעלטניס. ער איז אַרויס צו די מערדער און זיך איבערגעגעבען אין זייערע הענט אום דעם זוהן צו רעטען. אָבער די מערדער האָבען ביידען, דעם פאָטער מיט'ן זוהן צוזאַמען, ערמאָרדעט.

ציצעראָ האָט זיך דערוואוסט פון דעם סוף פון זיין ברודער מיט זיין זוהן, און איז אַרומגעגאַנגען אויף דעם ברעג פון וואַסער אָהן אַ ראַט און אָהן מוט, ניט וויסענדיג וואָס צו טאָן. ענדליך איז ער אַריין אין אַ שיף און איז אַוועק. אָבער ער איז באַלד קראַנק געוואָרען מיט זעע-קראַנקהייט און האָט געמוזט פון שיף אַרונטערגעהן אויף זיין לאַנד-גוט ביי פאָרמיאָ. ער האָט פערלאָרען יעדע האָפנונג זיך צו רעטען פון די פערפאָלגונגען פון אָקטאַוויאַנוס'ן. און ווירקליך האָט איהם באַלד דעריאָגט דער קריגס-טריבון פ א - פ י ל י ו כ ל אָ נ אַ ס, וועמען ער האָט אַמאָל פערטיידיגט פאַר'ן געריכט,

און האָט איהם ערמאָרדעט. זיין קאָפּ האָט דער מערדער געבראַכט צו אַנ־טאָניוס׳ן, וועלכער האָט איהם בעצאָהלט פיר די ארבייט מיט גאָלד אַזוי פיעל ווי פיעל דער קאָפּ האָט געוואויגען. אַנטאָניוס האָט דעם קאָפּ אויף זיין טיש אַרויפגעשטעלט, און זיין פרוי פולוויאַ האָט זיין צונג מיט גליהענדע נאָדלען אוים ראַכע געשטאָכען. שפּעטער האָט אַנטאָניוס דעם קאָפּ אויף די רעדנער־ביהנע אַרויפגעשטעלט, פון וועלכער ציצעראָ פלעגט זיינע רע־דעם האַלטען.

אַזוי האָבען די טריאומווירען אָפּגעראַמט פון וועג אַלע, וואָס זיי האָט זיך אויסגעוויזען געפעהרליך פיר זייער צוועק. מענשען מיט טאַלענט, מיט רייכטום, מיט אַ נאָמען — דיזע אַלע זיינען פיר די טריאומווירען געווען געפעהרליך, און דיזע האָבען זיי מיט אַלע מיטלען פערניכטעט און אויסגע־ראָטעט. גאַנצע רייהען פון עדעלע פאַמיליעס זיינען אויסגעשלאַכטעט גע־וואָרען, אַזוי דאָס אין דער קייזער־צייט איז פון זיי קיין זכר ניט געבליבען און זייערע נעמען זיינען פון דער געשיכטע פערשוואונדען געוואָרען. מיט דיזע פאַמיליעס איז אויך פערשוואונדען געוואָרען דער וואהרער גייסט פון דער רעפּובּליקאַנישער רוים מיט אַלע איהרע געוואוינהייטען און עראינערונ־גען. נאָך דעם ווי די צייט פון מאָרדען איז אַריבער, ווייל עס איז שוין ניט געווען פון דער געגען־פּאַרטיי וועמען צו מאָרדען, האָט זיך אָנגעפאַנגען די צייט פון געלט־אויספּרעסונגען. פון דיזער מכה זיינען אויך פרויען ניט געווען פערשוינט. מעהר פון 14,000 פרויען זיינען בערויבט געוואָרען פון זייערע גיטער.

**דער דריטער בירגער־קריג** (42 פ. קר.). נאָך דעם, ווי די טריאומווירען האָבען געענדיגט זייער טייפלישע ארבייט אין רוים, זיינען צוויי פון זיי, נעמליך אָקטאַוויאַנוס און אַנטאָניוס, געגאַנגען נאָך די מזרח־לענדער פון דער רוימישער אימפּעריע, ווייל די רעפּובּליקאַנישע פּאַרטיי איז נאָך דאָרט געשטאַנען זעהר פעסט. מאַרקוס ברוטוס און גאַיוס קאַססיוס האָבען זיך בעזעצט אין די פּראָווינצען מאַצעדאָניען און סיריען, וואָס דער סענאַט האָט זיי איבערגעלאָזען צו פערוואַלטען, און האָבען אָנגעפאַנגען צו־זאַמענצושטעלען אַן אַרמעע. ביי פיליפּפּי אין מאַצעדאָניען האָבען זיך ביי־דע אַרמעען בעגעגענט. אָנפאַנגס האָבען די רעפּובּליקאַנער געקעמפט מיט גליק. נאָר דער לינקער פליגעל פון די רעפּובּליקאַנער, וואו קאַססיוס האָט געקאָמאַנדעוועט, האָט געהאַט אַ נידערלאַגע. דורך אַ מיספערשטענדניס האָט קאַססיוס געמיינט, דאָס אויך ברוטוס איז געשלאָגען געוואָרען, און צו־ליב דיזען טעות איז ער געקומען אין פערצווייפלונג און האָט זיך אַליין

דאָס לעבען גענומען. 20 טעג נאָך דער ערסטער שלאַכט האָבען איהם די אָפיצערען פון דער אַרמעע און אַנדערע געצוואונגען די שלאַכט צו בענייען. אין דיזער שלאַכט אָבער האָט ער געכאַפּט אַ מפּלה, און דערמיט האָט די זאַך פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי אין גאַנצען פערלאָרען. ברוטוס האָט זיך גענומען דאָס לעבען און איהם האָבען נאָכגעטאָן פיעלע רוימער, וואָס זיינען געוועזען געזאַנגען גלייך מיט איהם. אויך זיין ווייב, אַן עכטע טאָכטער פון קאטאָ'ן, האָט ניט געקענט איבערלעבען דעם פאַל פון דער רעפּובליק און האָט זיך דאָס לעבען גענומען, אום ניט צו זעהן מיט איהרע אויגען, ווי די רעפּובליק איז געשטירצט.

דער גרעסטער טייל פון די בעזיגטע סאָלדאַטען זיינען איבערגעגאַנגען צו די טריאומווירען. נאָר מ א ק ס י מ ו ס פ אָ מ פּ ע י ו ס האָט גע-רעטעט אַ ביסעל סאָלדאַטען און איז אַוועק מיט זיי נאָך סיציליען און די בענאַכבאַרטע אינזלען, און האָט זיך אַלס זיין אויפגאַבע געמאַכט איטאַליען צו שאַדען מיט זיין פלאָטע, ווען און וואו ער האָט נאָר געהאַט די מעגליכקייט דאָס צו טאָן.

ווייל די מזרח־פּראָווינצען האָבען געהאָלפען די רעפּובליקאַנער געגען די טריאומווירען, האָט אַנטאָניוס געהאַט אַן אורזאַך זיי צו וועלען בע-שטראָפען. די בירגער פון יענע לענדער האָבען זעהר מורא געהאַט פאַר אַנ-טאָניוס'ן און האָבען אַלע קרעפטען אָנגעווענדט איהם צופרידען צו שטעלען. מען האָט איהם אויפגענומען מיט גרויס פּאַראַד, פערשאַפט אַלערליי פער-גניגענס און נאָכגעגעבען אַלע זיינע תאוות. אָבער דאָס אַלץ האָט ניט גערע-טעט דאָס לאַנד פון אונגעהייערע געלט־אויספּרעסונגען.

אַלס אַנטאָניוס האָט זיך גענומען אָפּרעכנען מיט דער שטאָדט טאַר-סוס, איז געקומען צו איהם די קעניגין קלעאָפּאַטראַ אום זיך צו פערענט-פערן דאַפיר, וואָס איהר שטאַטהאַלטער אין ציפּערן האָט אונטערשטיצט אַנטאָניוס'עס געגנער, קאַססיוס'ן. ווייל אָבער זי האָט גוט געוואוסט זיין שטאַרקע איבערגעגעבענהייט צו פערשיידענע תאוות און אויסגעלאַסענהיי-טען, איז זי צו איהם ניט געקומען אַלס שולדיגע, נאָר אַלס געטין אַפראָדיטע, אום דעם גאָט דיאָניסוס צו בעזוכען. זי איז אָנגעקומען צו איהם אויף אַ שיף, וואָס איז אין גאַנצען געווען בעגולדעט, מיט זילבערנע רודערן (וועסלעס) און מיט פּורפּורנע זעגלען. אינגלאַך און מיידלאַך אָנגעטאָן ווי געטער־קינדער האָבען געשטייערט דאָס שיף. איהר בעט איז געשטאַנען אונטער אַ באַלדאַכין (חופּה) און איז געווען אַרומגערינגעלט מיט ליבעס־געטער. זי זעלבסט איז געלעגען מיט גרויס חן און אונגעוועהנליכער שענהייט אין דעם בעט גע-

קליידט אלס די ווענוס, די געטין פון שענהייט. פיעלע מענשען זיינען געקומען צו זעהן דיזען פראכטפולען צוג, און אלע האבען אין איין קול אויסגעשריען: „אפראדיטע קומט בעזוכען דיאניסוס'ן"! זי האט זיך ווירקליך ניט פערדרעכנט. איהר נאטירליכע שענהייט, וועלכע זי האט געוואוסט נאך צו פערגרעסערן דורך איהרע גראציעזע בעוועגונגען, דורך איהר וויץ און גייסט אין געשפרעך, האט געמאכט אויף אנטאניוס'ן אן אונגעוועהנליכען איינדרוק. שוין צאזאר איז געווען בעצויבערט מיט דער שענהייט פון דיזער פרוי. ער איז צוליב איהר פערבליבען אין עגיפטען איניגע מאנאטען נאך דעם, ווי דער קריג איז שוין געווען צו ענד. ער פלעגט פערברייננגען מיט איהר לוסטיגע נעכט און פייערטעג, ער פלעגט מיט איהר אפט מאכען רייזעס איבער'ן נילוס. זי איז איינמאל אויך אין רוים צו איהם געקומען, וואו די וויכטיגסטע סענאטארען האבען איהר' עהרע פערשאפט. עס פערשטעהט זיך, דאס אנטאניוס האט ניט געקענט זיין שלעכט צו איהר אדער בייז זיין אויף איהר. און דיזע בעגעגנונג האט געהאט א גרויסען איינפלוס אויף אנטאניוס'עס שיקזאל. קלעאפאטרא איז געווען די הויפט-אורזאך פון זיין אונטערגאנג, וויל צוליב איהר האט ער אלץ פערלאזען און קיין זאך ניט געטאן. הגם די לאגע אין איטאליען און די אנגריפען פון די פארטהער אויף די רוימישע פראווינצען אין אזיען האבען געפאדערט זיין גאנצע ענערגיע און טעטיגקייט, האט ער קיין זאך ניט אין זינען געהאט און האט זיך אין גאנצען איבערגעגעבען צו זיין ליידענשאפט און איז פערבליבען נעבען איהר אין עגיפטען.

ד ע ר פ ע ר ו ז י נ י ש ע ר ק ר י ג (41 פ. קר.). אקטאוויאנוס איז, לויט די טריאומווירען האבען צווישען זיך אפגערעדט, צוריק נאך איטאליען געגאנגען. דארט האט ער געפונען די פערהעלטניסען זעהר פערדרעהט און פערפלאנטערט. זיי האבען פערשפראכען זייערע לעגיאנען צו פערטיילען שטעדט און לענדער, ווי מיר האבען עס פריהער ערצעהלט. יעצט אלס זיי האבען אנגעפאנגען צו פערווירקליכען זייער הבטחה, און האבען גענומען פיעלע גוטס-בעזיצער מיט געוואלד פון זייערע גיטער ארויסצוטרייבען און דיזע צו זייערע סאלדאטען איבערגעבען, איז געווארען א שרעקליכער אויפשטאנד. אן דער שפיץ פון דיזען אויפשטאנד זיינען געשטאנען פולוויא, די ערהגייציגע פרוי פון אנטאניוס'ן, און איהר שוואגער לוציוס. אזוי ווי אנטאניוס זעלבסט איז ניט געווען אין איטאליען דאמאלס, האבען דיזע צוויי, פולוויא און לוציוס, פרעטענדירט צו זיין זיינע פערטרעטער און האבען אין זיין נאמען געגעבען זייער צושטימונג ביי דער צוטיילונג פון די שטעדט און

לענדער צו די לעגיאָנען. דערמיט האָבען זיי בעצוועקט צוויי זאכען. ער־שטענס האָבען זיי געמיינט דורך דעם צו צווינגען אַנטאָניוס'ן צו פערלאָזען עגיפּטען און קומען צוריק נאָך איטאַליען, צווייטענס האָבען זיי ניט געוואָלט ד'ערלאָזען, דאָס אָקטאַוויאַנוס זאָל קריגען צופיעל מאַכט דורך זיין איינפלוס ביים פערטיילען. אָקטאַוויאַנוס האָט זיי אָבער ניט צוגעלאָזען צו דער אַר־בייט, און דעריבער האָבען זיי זיך אַנגעשלאָסען צו די אונצופרידענע. לוציוס האָט צוזאַמענגעקליבען אַ גרויסע אַרמעע, אָבער אָקטאַוויאַנוס האָט איהם בעזיגט און ער האָט זיך געמוזט פערשליסען אין דער בערג־פעסטונג פּ ע ־ ר ו ז י אַ. ער איז בעלאַגערט געוואָרען פון אָקטאַוויאַנוס'ן און האָט זיך אין אַ קורצער צייט אונטערגעגעבען, ווייל דער הונגער האָט איהם דערצו געצוואונגען. ער האָט ערהאַלטען פרייען אָפּצוג, און פולוויאַ איז געווען געצוואונגען נאָך גריכענלאַנד צו ענטלויפען, וואו זי איז באַלד פון אַ קראַנק־הייט געשטאָרבען.

אַנטאָניוס האָט אָנגעהויבען שטאַרק מורא צו האָבען, דאָס ער וועט זיין גאַנצען איינפלוס פערלירען, אויב ער וועט מעהר אין עגיפּטען פערבליי־בען. אַלס ער האָט זיך דערוואוּסט, דאָס זיין ווייב איז ענטלאָפען פון מורא פאַר אָקטאַוויאַנוס'ן, האָט ער זיך פעראייניגט מיט ד אָ מ י צ י ו ס אַ ה ע נ אָ ב אַ ר ב ו ס'ן, וועלכער האָט געהאַט אונטער זיין קאָמאַנדע אַן אַרמעע מיט אַ פלאָטע, און האָט אויך סעקסטוס פּאָמפּעיוס'ן צו זיך צו־געצויגען. דערווייל איז פולוויאַ געשטאָרבען און דאָס האָט געמאַכט, דאָס די פיינד זיינען שלום געוואָרען. אַנטאָניוס האָט נאָך געהייראַט די שוועס־טער פון אָקטאַוויאַנוס'ן, און עס איז פאָרגעקומען אַ צוטיילונג פון דעם רייך, נעמליך: אַנטאָניוס האָט בעקומען דעם גאַנצען מזרח־טייל צו מזרח פון סקאָדראַ און עפּירוס, און אָקטאַוויאַנוס איז געבליבען פערוואַלטער איבער די וועסטליכע לענדער. לעפּידוס'ן האָבען זיי אַפריקאַ איבערגעגעבען. אויסער דעם האָבען זיי בעשלאָסען, דאָס אַנטאָניוס זאָל פיהרען דעם קריג געגען די פּאַרטהער, וועלכע האָבען אָנגעהויבען ווידער צו מאַכען אָנפאַלען אויף די רוימישע פּראָווינצען אין אַזיען, און אָקטאַוויאַנוס זאָל זיך אָפּרעכ־נען מיט סעקסטוס פּאָמפּעיוס'ן. דיזער לעצטער איז געווען מעהר געפעהר־ליך פיר רוים מיט זיין מאַכט, וואָס ער האָט געקריגען איבער'ן ים. מיט זיינע שיפען האָט ער אָנגעפאַנגען צו בעפאַלען די רוימישע פּאָרטען און צו פּלינדערען זיי, און וואָס נאָך ערגער איז — ער האָט אָפּגעשניטען דעם גאַנ־צען צופיהר פון תבואה פון סיציליען אין רוים. דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס די אָרימע קלאַס אין רוים, וועלכע האָט געפיהרט געטריידע פון דער

פּראָווינץ, איז געבליבען ברויטלאָז. דער רעזולטאַט פון דיזען אומשטאַנד איז געווען, דאָס ווען אָקטאַוויאַנוס און אַנטאָניוס האָבען זיך אומגעקעהרט אין רוים האָבען זיי קיין טריאומף־אויפנאַהמע ניט געהאַט. די הונגעריגע מאַסע האָט געוואָלט אָקטאַוויאַנוס'ן ערמאָרדען, נאָר מיט דער הילף פון אַנטאָניוס'ן איז ער געדעטעט געוואָרען פון טויט. דאָס האָט געצוואונגען די צוויי טריאומווירען, אָקטאַוויאַנוס'ן און אַנטאָניוס'ן, צו שליסען פרידען מיט סעקסטוס פּאָמפּעיוס. לויט דיזען פרידען האָט פּאָמפּעיוס ערהאַלטען צום פערוואַלטען אַלס שטאַטהאַלטער די אינזלען סיציליען, סאַרדיניען און די פּראָווינץ אַכאַיאַ, דערביי האָט ער זיך פערפליכטעט פּרייצוקלאָזען דעם ים־פערקעהר מיט איטאַליען, און אויסער דעם צו ליפערן אין רוים אַ געוויסע מאַסע געטריידע.


אַגריפּפּאַ.

אויך איז מיט דיזען פרידען געזיכערט געוואָרען אַן אַמנעסטיע (בעגנאַדיגונג) צו אַלע פערטריבענע רעפּובליקאַנער, וואָס האָבען זיך פעראייניגט מיט פּאָמפּעיוס'ן. נאָר צאָזאר'ס מערדער זיינען פון דיזער אַמנעסטיע אויסגעשלאָסען געוואָרען.

אָבער לײדער האָבעןביידע צדדים ניט געהאַלטען דעם אָפּמאַך, און דעריבער זיינען אין רוים באַלד נייע אונרוהען אויסגעבראָכען. די אומשטענדען האָבען געפיהרט דערצו, מען זאָל אַ נייעם קאַמף געגען פּאָמפּעיוס'ן אָנפאַנגען. אָקטאַוויאַנוס האָט געלאָזט בויען אַ נייע פלאָטע, וועלכע האָט אָנפאַנגס נאָר ניט געקענט טאָן געגען פּאָמפּעיוס'ן, אָבער אַלס דער טיכטיגער העלד און ים־פאָהרער מאַרקוס וויפּסאַניוס אַגריפּפּאַ האָט די פלאָטע אונטער זיין מאַכט גענומען, האָט פּאָמפּעיוס אין איין יאָהר, נעמליך אין 36 פ. קר., צוויי שרעקליכע נידערלאַגעס געליטען. ער האָט געמוזט ענטלויפען מיט דעם רעסט פון זיין פלאָטע נאָך אַזיען, אום דאָרט זיך אונטערצוגעבען צו אַנטאָניוס'ן, פון וועמען ער האָט געהאָפט בעגנאַדיגט צו ווערען. אָבער זיין האָפנונג איז ניט ערפילט געוואָרען. ער איז פון אַנטאָניוס'עס לעגאַט (געזאַנדטען) אין מילעט ערמאָרדעט געוואָרען. לעפּידוס, וועלכער האָט אין דיזען קריג אַנטייל גענומען, האָט געזוכט פיר זיך נוצען צו ציהען פון דעם זיג. ער האָט נעמליך געוואָלט בלייבען הערשער אָדער שטאַטהאַלטער אין

סיציליען אָנשטאָט פּאָמפּעיוס'ן און ער האָט געהאַט שוין פערכאַפּט מיט זיין מיליטער סיציליען. אָבער אָקטאַוויאַנוס האָט געוואוסט, ווי אזוי צו אָפּציהען פון לעפּידוס'ן אַלע זיינע טרופּען אויף זיין זייט. לעפּידוס איז געוועזן געצוואונגען אין טרויער־קליידער צו בעטען אום פערצייהונג. אָקטאַוויאַנוס האָט איהם פערצייהעט, אָבער ער האָט פון איהם צוגענומען דאָס אַמט פון טריאומוויר און האָט איהם בעקליידט מיט דעם אַמט פון אַ פּאָנטיפעקס מאַקסימוס (אויבער־פּריסטער, כהן גדול). אַזוי איז די לעצטע מאַכט פון די רעפּובליקאַנער אין סיציליען פערניכטעט געוואָרען, און דער דריטער טריאומוויר לעפּידוס איז אַראָפּ פון דער סצענע אָהן שום בלוט־פערגיסונג, און האָט איבערגעלאָזען די גאַנצע הערשאַפט צו אָקטאַוויאַנוס'ן און אַנטאָניוס'ן. יעצט איז די פראַגע איינפאַכער געוואָרען: ווער זאָל בלייבען אַליין־הערשער, אָקטאַוויאַנוס אָדער אַנטאָניוס?

## 10) דער קריג צווישען אַנטאָניוס'ן און אָקטאַוויאַנוס'ן (31 פ. קר.).

אין יאָהר 35 פ. קר. איז אַנטאָניוס געגאַנגען נאָך סיריען, פון דאַנען האָט ער געוואָלט אונטערנעהמען אַ פעלד־צוג נאָך פּאַרטהיען און מעדיען, אָבער קלעאָפּאַטראַ האָט איהם צוריקגערופען פון דאָרטען. דיזעס האָט איהם זעהר פיעל געשאַדעט צו זיין נאָמען און זיין ווירדע. אין יאָהר 32 פ. קר. האָט ער אַריינגעבראַכט אַ קלאַגע געגען אָקטאַוויאַנוס'ן, דאָס ער בעגעהט זיך מיט די רוימישע פּראָווינצען ווי מיט זיין אייגענטום, דאָס ער האָט אָפּגענומען דריי פּראָווינצען פון סעקסטוס פּאָמפּעיוס'ן און לעפּידוס'ן און האָט זיך אַליין געמאַכט דאָרט פיר שטאַהאַלטער. אום זיין געגנער אָקטאַוויאַנוס'ן אין פערלעגענהייט צו ברייגגען, האָט ער געגעבען צו וויסען דעם סענאַט, דאָס ער איז בעריים פון דעם הויכען אַמט פון טריאומוויראַט זיך אָפּצוזאָגען. אָקטאַוויאַנוס האָט פון זיין זייט אַריינגעבראַכט אַ קלאַגע געגען אַנטאָניוס'ן, און האָט געזוכט אַלערליי מיטלען די עהרע און ווירדע פון אַנטאָניוס'ן אין די אויגען פון פאָלק צו ערנידריגען. אַלס אַנטאָניוס האָט געשיקט צו זיין פרוי, דער שוועסטער פון אָקטאַוויאַנוס'ן, אַ שיידונג (גט), איז אָקטאַוויאַנוס אָפען אַרויס געגען איהם און אַ קריג האָט צווישען די צוויי טריאומווירען אויסגעבראָכען. אָקטאַוויאַנוס האָט געוואוסט דעם סענאַט און דאָס פאָלק אַזוי אויפצוהעצען געגען אַנטאָניוס'ן, דאָס מען האָט איהם ערקלערט אַלס פיינד פון פאָטערלאַנד, און מען האָט אויך ערקלערט קריג דער שענער קלעאָפּאַטראַ.

הגם אָקטאַוויאַנוס איז געוואָרען זיין אָפענער געגנער, האָט ער דאָך ניט געוואָלט איהם פלוצלינג בעפאַלען, ווייל ער איז ניט געווען פאָרבערייט צו א קריג. ער האָט ניט געוואָלט בענוצען דעם ווינטער פיר פאָרבערייטונגען צו א קאַמף מיט אָקטאַוויאַנוס'ן, און איז געבליבען דעם גאַנצען ווינטער מיט זיינע טרופען אין אַכאַיא, און האָט געלעבט א גוטען טאָג און זיך ניט געקימערט וועגען קיין זאַך. עס איז עס געקומען זיין זומער פון יאָהר 31 פ. קר. צום קאַמף. די ביידע אַרמעען האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען נעבען דעם אַקראָצעראָנישען פאָרגעבירג. אַנטאָניוס'עס פלאָטע איז בעשטאַנען פון 500 טורם־שיפען, 100,000 פוס־סאָלדאַטען און 12,000 רייטער. די מיליטערישע קרעפטען פון אָקטאַוויאַנוס'ן זיינען געווען פיעל קלענער. נאָך איידער די שלאַכט האָט זיך אָנגעהויבען, זיינען אַנטאָניוס'עס רייטער בעפאַלען געוואָרען פון אָקטאַוויאַנוס'עס חיל און אַנטאָניוס איז שיער אין געפאַנגענשאַפט געקומען. דאָס האָט געבראַכט דערצו, דאָס איינינגע פון די מיליטער־פיהרער זיינען אָפגעפאַלען פון איהם. איבערהויפט האָט זיי שרעקליך געערגערט, וואָס קלעאָפאַטראַ האָט זיך געפונען אין לאַגער. דעם 2טען סעפט. האָבען ביידע געגנער אויסגעפאָכטען אַן ענטשיידענדע שלאַכט. ביי אַקציום זיינען די פיינדליכע פלאָטעס איינע די אַנדערע בעפאַלען. אויף אָקטאַוויאַנוס'עס זייט האָט ווידער אַגריפפאַ אָנגענומען די אויבער־קאָמאַנדע. לאַנג איז דער שטרייט ניט געווען ענטשידען, קיינער האָט ניט געזיגט. פלוצלינג איז קלעאָפאַטראַ ענטלאָפען — זי האָט אָנגעהויבען מורא האָבען פאַר דעם רעזולטאַט פון דער שלאַכט. אַנטאָניוס'עס ליידענשאַפט צו איהר האָט אַלעס איבערגעוואויגען און ער איז געלאָפען נאָך איהר. אַגריפפאַ'ן איז יעצט געווען שווער צו בעזיגען. די פלאָטע פון אָקטאַוויאַנוס'ן איז אין פלאַמען אונטערגעגאַנגען. זיבען טעג האָט די אַרמעע געוואַרט אויף אַנטאָניוס'עס צוריקקעהר, דאַן איז זי איבער צו אָקטאַוויאַנוס'ן.

אין פאָלגענדען יאָהר איז אָקטאַוויאַנוס אַוועק מיט זיין אַרמעע נאָך עגיפטען אום זיין פיינד אַנטאָניוס ווייטער צו פערפאָלגען. אַנטאָניוס האָט אָנגעפאַנגען צו אונטערהאַנדלען מיט אָקטאַוויאַנוס'ן וועגען מאַכען שלום. דיזער לעצטער האָט ניט געוואָלט הערען וועגען פרידען, ווייל ער איז געווען זיכער, אַז ער וועט זיין פיינד אין גאַנצען בעזיגען. אויך קלעאָפאַטראַ האָט זיך געווענדט צו אָקטאַוויאַנוס'ן מיט פערשיידענע פאָרשלאַגען, אונטער וועלכע זי האָט איהם געגעבען אָנצוהערענים, דאָס זי איז בערייט איהר ליבהאָבער אַנטאָניוס צו פערביטען אויף איהם, אָקטאַוויאַנוס'ן. אָבער דיזער האָט איהר געגעבען צו וויסען, דאָס אויב זי וויל רעטען איהר טראָן, זאָל זי

איבערליפערן צו איהם אנטאָניוס'ן א טויטען אָדער א לעבעדיגען. קלעאָ-פּאַטרא האָט באַלד בעשלאָסען נאָכצוגעבען זיין וואונש. ווייל אָבער זי האָט ניט געהאַט דעם פולען צוטרויען צו איהם, און זי האָט געמיינט, אז אָקטאַוויאַנוס דענקט איהרע גרויסע רייכטימער צו רויבען, האָט זי זיך מיט איהרע גרויסע רייכטימער בעהאַלטען אין א פּיראַמידע (קברים־געביידע) און נאָכהער האָט זי צו די רוימער איבערגעגעבען פּעלוזיום, דעם שליסעל פון עגיפּטען, אַזוי דאָס אָקטאַוויאַנוס האָט אונגעשטערט און לייכט געקענט קומען אין אַלעקסאַנדריען. דאָרט איז פאָרגעקומען א קאַמף צווישען די ביידע געגנער. דעם ערסטען טאָג איז אַפּילו אַנטאָניוס געוועזען דער זיגער, אָבער דעם צווייטען טאָג האָט קלעאָפּאַטרא געהאָלפען, דאָס די פלאָטע און די רייטער זאָלען איבערגעהן צו אָקטאַוויאַנוס'ן און דאָס פוס־פאָלק האָט געהאַט א נידערלאַגע.

אַנטאָניוס איז ענטלאָפען אין שטאָדט. דאָ האָט ער דורך א שליח מיוחד בעקומען א ידיעה, דאָס קלעאָפּאַטרא האָט זיך דאָס לעבען גענומען. דיזע נאָכריכט האָט איהם אין פערצווייפלונג געבראַכט, און ער האָט זיך אליין געוואָלט טויטען מיט זיין שווערד, אָבער די וואונד איז ניט געוועזען שטאַרק גענוג ער זאָל פון איהר באַלד שטאַרבען. דערווייל האָט ער בעקו-מען נאָך א ידיעה, דאָס קלעאָפּאַטרא לעבט נאָך. ער האָט געבעטען מען זאָל איהם ברייננען צו איהר אום ער זאָל שטאַרבען אין איהרע אָרמס. מען האָט איהם מיט שטריק אַרויפגעצויגען צו איהר אין די העכסטע טיילען פון דער פּיראַמידע, און ער האָט זיין לעצטען אָטהעם אויסגעהויכט אין די אָרמס פון זיין געליבטער קלעאָפּאַטרא.

אין דעם זעלבען טאָג איז אָקטאַוויאַנוס אריין אין אַלעקסאַנדריען. קלע-אָפּאַטרא האָט געבעטען ביים זיגער זיך צו זעהן מיט איהם. דיזעס איז איהר בעוויליגט געוואָרען. זי האָט געפּרובּט ווירקען אויף איהם מיט איהר שענ-הייט. אָקטאַוויאַנוס אָבער איז געבליבען קאַלט. אום זי זאָל ניט דינען אלס א צירונג צו זיין טריאומף, האָט זי זיך גענומען דאָס לעבען דורך גיפט, וואָס זי האָט אימער געהאַט ביי זיך אין א העפט־נאָדעל. מען האָט זי בעגראָבען נעבען אַנטאָניוס'ן, ווי זי האָט געוואונשען.

עגיפּטען איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין א רוימישע פּראָווינץ און האָט זיך געפיהרט נאָך די רוימישע געזעצען. אָקטאַוויאַנוס זעלבסט האָט בע-שטימט א שטאַטהאַלטער אין עגיפּטען. דאָס איז געוועזען א מיטעל צו קענען בעסער אויסזויגען און בערויבען עגיפּטען. אָקטאַוויאַנוס האָט געברויכט זעהר פיעל געלט אום זיינע הערשער־פּלענער אין רוים דורכצופיהרען, און דיזע

סומעס האָבען די אונגליקליכע עגיפטער געמוזט שאַפען. קלעאָפּאַטראַ׳ס גרוי-
סע רייכטימער און רייכע אוצרות האָט אָקטאַוויאַנוס באַלד צוגענומען, אָבער
דאָס איז איהם ווענינ געווען. ער האָט דעריבער געפאָדערט, דאָס יעדער
בירגער זאָל איהם געבען אַלס שטייער צוויי דריטעל פון זייערע פערמעגענס.
דיזע סומעס האָבען איהם געגעבען די מעגליכקייט צו זיין זעהר ליבעראַל צו
די נידריגע קלאַסען פון פאָלק אין רוים, אויסשיטען אויף זיי אונגעהייערע




קלעאָפּאַטראַ׳ס טויט. נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

סומעס, אום דערמיט זייער גונסט צו געווינען. ביי דעם טריאומף, וועלכער
האָט געדויערט דריי טעג, האָט יעדער סאָלדאַט בעקומען 200 מאַרק, און
יעדער אָרימער בירגער האָט בעקומען 80 מאַרק. די אַלטע סאָלדאַטען האָ-
בען בעקומען גרונד־אייגענטום, און די בירגער, פון וועלכע מען האָט דאָס
גרונד־אייגענטום אָפּגענומען, האָבען בעקומען געצאָהלט דערפאַר; אויסער דעם

האָט ער פערשאַפט דער מאַסע אָרימע ארבייטער בעשעפטיגונג, מיט דעם, וואָס ער האָט אונטערגענומען גרויסע געביידעס צו בויען, און האָט זיי אויך פערשאַפט פערשיידענע שפּילען אום אויך צו בעפרידיגען זייער לוסט צו צייט־פערטרייב.

קורץ, עס האָט זיך ווידערהאָלט דאָס זעלבע שפּיל, ווי ביי יוליוס צאָ־זאַר'ן. אָקטאַוויאַנוס האָט די גאַנצע שטאַאַטס־מאַכט צו זיך געצויגען, נאָר ער איז געווען פיעל פאָרזיכטיגער און שלויער. ער איז איבערהויפּט פון דער נאַטור געווען זעהר פאָרזיכטיג, פּלאַנמעסיג און פּראַקטיש. צו דערגרייכען זיין ציל האָט ער אַלע מיטלען געברויכט. ער האָט זיך ניט געשראָקען צו געברויכען אַלערליי גוואַלד־טאַטען און גרויזאַמקייטען. אזוי צ. ב. האָט ער געהייסען ערמאָרדען צאָזאַריאָן'ען, א זוהן פון צאָזאַר'ן און קלעאָפּאַטראַ'ן, ווי אויך די קינדער פון אַנטאָניוס'ן פו דער ערסטער פרוי. צו זיינע פּאָליטישע צוועקען פלעגט ער זעהר אָפט געברויכען חניפה און פאַלשקייט. ער האָט פערשטאַנען ווען און וואו צו שפּילען די ראָלע פון עהרליכקייט און צו צייגען, ווי ווייט ניט איינגעננוציג ער איז. איהם האָט געפּאַסט צו זיין ראָלע און צו זיין ציל צו זאָגען צום סענאַט, דאָס ער וויל פון זיך אראָפּוואַרפען די לאַסט פון דעם דיקטאַטאָר־אַמט און טריאומוויר־אַמט און ער איז צופרידען מיט דעם קאָנסול־אַמט אַליין. דער סענאַט אָבער, אום איהם צו חנפ'ענען, האָט איהם דריגענד געבעטען, ער זאָל פערבלייבען אין זיין אַמט אין דער צייט, ווען דאָס גאַנצע לאַנד נעטיגט זיך אַזוי שטאַרק אין זיין ענערגישער הילף, וועלכע ער האָט געצייגט, אום רוהע צו פערשאַפען אין לאַנד, ווייל אָהן איהם איז דאָס פאָטערלאַנד אין געפאַהר צו גרונד צו געהן. ער האָט זיך לאַנג געלאָזט בעטען, ביז ער האָט ענדליך איינגעשטימט צו פערבלייבען אין זיין אַמט אַלס דיקטאַטאָר און טריאומוויר.

דעם סענאַט האָט ער אימער בעוויזען דעם גרעסטען רעספּעקט. דאָס האָט איהם אויך געפּאַסט צו זיין ראָלע. ער האָט דערפאַר אָבער ערהאַלטען דאָס רעכט די מיטגלידער פון סענאַט, וועלכע זיינען איהם ניט געווען געפע־לען, ארויסצושטויסען, און אָנשטאַט זיי בעשטימען אַנדערע נאָך זיין וואונש, ווי אויך צו פערגרעסערן די צאָהל פון די מיטגלידער פון סענאַט ווי איהם וועט געפעלען זיין. מיט דיזער מאַכט האָט ער זיך בענוצט אום די גונסט פון די אַריסטאָקראַטען צו געווינען. ער האָט נעמליך אַלע סענאַטאָרען פון די פריינעלאָזענע, וואָס האָבען געקריגען דאָס אַמט פון סענאַטאָר אין די צייטען פון צאָזאַר'ן און אַנטאָניוס'ן, פון סענאַט אַרויסגעשטופּט. ער האָט זיך געלאָזט רופען „דער ערסטער סענאַטאָר". און דערמיט האָט

ער דעם פאָלק פערבלענדעט די אויגען צו מיינען, דאָס די רעפּובליק עק־סיסטירט נאָך. לאַנגזאַם, אָבער זיכער, האָט ער דערגרייכט זיין ציל, ביז ענדליך אין 27 פ. קר. איז ער בעשטימט געוואָרען אַלס לעבענסלענגלי־כער אימפּעראַטאָר מיט דער אויבערמאַכט איבער דאָס מיליטער... דער־מיט איז ער גענזעציך אָנערקענט געוואָרען אַלס אַליין־הערשער, א מאַכט, וועלכע ער האָט אייגענטליך פּראַקטיש שוין געהאַט פריהער, זינט דעם יאָהר 30 פ. קר.

## ח. רוים אונטער די קיסרים.

(30 פ. קר. ביז 476 נ. קר.)

### 1) צעזאַר אָקטאַוויאַנוס אוגוסטוס (30 פ. קר. ביז 14 נ. קר.).

אָקטאַוויאַנוס האָט ענדליך געקריגען די גאַנצע פּאָליטישע און רעלי־גיעזע אויבערמאַכט אין זיינע הענט. צום טיטעל אימפּעראַטאָר האָט מען איהם צוגעגעבען דעם טיטעל אוגוסטוס, ד. ה. דער ערהאַבענער, דער ליכטיגער. דיזען טיטעל האָבען שפּעטער אויך אַלע קיסרים נאָך איהם ער־האַלטען. ניט פיעל שפּעטער האָט מען צו זיין גרעסער מאַכט נאָך צוגעגע־בען די מאַכט פון א טריבון. דיזעס אַמט האָט געגעבען אין זיינע הענט די מאַכט איבער אַלע בירגערליכע רעכטען; עס האָט איהם געגעבען די מאַכט צו פּראָטעסטירען געגען אַלעס, וואָס איהם געפעלט ניט און צו פער־וואַרפען עס, און די מאַכט צו בעגנאַדיגען וועמען ער האָט געוואָלט, קיינעם ניט פערגענדיג. דיזע מאַכט איז געווען אַזוי וויכטיג, דאָס אוגוסטוס, ווי אויך זיינע נאָכפאָלגער, פלעגען רעכנען זייערע רעגירונגס־יאָהרען ניט פון דעם טאָג, וואָס זיי האָבען ערהאַלטען דעם טיטעל קאָנסול, צענזאָר, פאָטער פון פאָטערלאַנד א. אַז. וו., נאָר פון דעם טאָג, וואָס זיי האָבען ערהאַלטען דעם טיטעל פאָלקס־טריבון.

וואָס אָנבעטרעפט די פערפאַסונג (קאָנסטיטוציאָן), זיינען די רעפּוב־ליקאַנישע פאָרמעס געבליבען אויך אין דער צייט פון די קיסרים, אָבער זייער אינהאַלט איז פערניכטעט געוואָרען. איבערהויפּט איז עס צו בעמערקען אין דעם אַמט פון סענאַט, וועלכער איז געוואָרען אַן איינפאַכע מאַשין אום די בעפעהלען פון הערשער צו געבען א געזעצליכען פּנים. די מיטגלידער פון דיזער קערפּערשאַפט זיינען געווען אויסשליסליך צום קייזער איבערגעגע־בען און פון איהם אַליין אָפּהענגיג. די צאָהל פון סענאַטאָרען איז בעשטימט געוואָרען אויף 600. זיי פלעגט דער קיסר בערופען נאָר צוויי מאָל אין מאָ־נאַט. זיי האָבען נאָר געהאַט צו ענטשיידען איבער זאַכען, וועלכע זיינען

פריהער פערהאַנדעלט געוואָרען אין קייזערליכען ראַט. אַוגוסטוס האָט אָבער פערשטאַנען, ווי ווייט נעטיג עס איז צו האָבען די עהרע און די אַכטונג פון סענאַט אין די אויגען פון פאָלק, און דעריבער האָט ער איהם פערשאַפט גרעסערע עהרען־רעכטען, ווי ער האָט ביז דאַמאָלס געהאַט. אין די טהעאַטערן און עפענטליכע שפּילען האָט ער די ערסטע זיץ־ערטער בעשטימט פיר די סענאַטאָרען. זייערע זיהן און נאָהענטע קרובים האָט ער געגעבען מעהר רעכטען פון אַלע אַנדערע און האָט זיי אויסגעצייכענט אין פיעלע אַנדערע הינזיכטען. ער האָט אויך געמאַכט די סענאַטאָר־שטעלע וועניגער צוגענגליך: ער האָט געמאַכט אַ געזעץ, דאָס אום ערוועהלט צו ווערען אין סענאַט מוז מען האָבען אַ פערמעגען ניט וועניגער פון 240,000 מאַרק. דער קייזערליכער ראַט איז בעשטאַנען פון די בעסטע סענאַטאָרען. די מיטגלידער פון קייזערליכען ראַט פלעגען ערוועהלט ווערען אַלע זעקס מאָנאַטען. די וויכטיגסטע ראַטגעבער פון אַוגוסטוס'ן זיינען געווען: וויפּסאַניוס אַגריפּפּאַ, גאַיוס ציִלניוס מאַצענאַס און מאַרקוס וואַלעריוס מעססאַלאַ.

אין דער צייט פון די קיסרים זיינען צוגעקומען צוויי וויכטיגע בעאַמטע: דער שטאָדט־פּרעפעקט און דער קאָמאַנדיר פון דער קייזערליכער לייב־גוואַרדיע. דער ערסטער איז געווען וואָס ביי אונז היינט איז אַ פּאָליציי־מייסטער; ער האָט אָבער געהאַט דערצו נאָך פיעלע אַנדערע אויפגאַבעס, וועלכע די פריהערדיגע רעפּובליקאַנישע שטאָדט־בעאַמטע האָבען בעזאָרגט. ער איז געווען אַ ריכטער. אויסער דעם האָט ער געהאַט דאָס רעכט אַ בירגער פון שטאָדט אָדער פון לאַנד אַרויסצושיקען. שפּעטער איז געוואָרען נאָך וויכטיגער די שטעלע פון קאָמאַנדיר פון דער קייזערליכער לייב־גוואַרדיע. פאַר דיזער מאַכט האָבען שפּעטער די קיסרים זעלבסט אָנגעהויבען מורא צו האָבען. אַוגוסטוס האָט דיזע שטעלע איבערגעגעבען ניט צו איינעם נאָר צו צוויי מענער פון ריטער־שטאַנד. אויך די שטעלע פון דעם בעאַמטען איבער די פערטיילונג פון געטריידע צום פאָלק איז געוואָרען מיט דער צייט זעהר וויכטיג. די פאָלקס־פערזאַמלונגען, אין גענענטייל, האָבען אָנגעהויבען צו זינקען מעהר און מעהר אין זייער בעדייטונג. מען האָט פון זיי כמעט אַלע רעכטען צוגענומען. מען האָט זיי איבערגעלאָזען דאָס רעכט צו בעשטעטיגען די וויכטיגע סענאַט־בעשלוסען און די וואַהל פון בעאַמטע. אָבער אויך אין דיזער לעצטער זאַך האָט דער קייזער געהאַט דאָס רעכט קאַנדידאַטען פאָרצושלאָגען, איבערהויפּט פיר גרויסע עמטער. דאָס געריכט איבער ציוויל־זאַכען איז פער-

בליבען ווי פריהער. דאָס קרימינאַל־געריכט איז געבליבען, ווי פריהער, אין סענאַט, אויסער אין זאַכען, וואָס האָבען געהערט צום שטאָדט־פּרע־פעקט. די העכסטע ענטשיידונג פון א שווערען וויכטיגען און פערפּלאָנ־



אַוגוסטוס אַלס פּאָנטיפעקס מאַקסימוס (כהן גדול).

טערטען פּראָצעס האָט געהערט צו אַוגוסטוס'ן זעלבסט, וועלכער פלעגט אין געוויסע פאַלען אליין אָנטייל נעהמען אין די געריכטס־פערהאַנדלונגען, און

האָט אין אַלגעמיין גוט אכטונג געגעבען, דאָס די געריכטען און זייערע בע-
שלוסען זאָלען זיין העכסט געוויסענהאַפט און פּינקטליך.

אַלס אימפּעראַטאָר האָט אויגוסטוס געהאַט צו זאָגען איבער אַלע פּראָ-
ווינצען. אייניגע פּראָווינצען זיינען זיינע געשטאַנען דירעקט אונטער זיין
מאַכט. איבערהויפּט זיינען עס געווען די פּראָווינצען, אין וועלכע טרופּען
מיליטער האָבען געמוזט שטעהן שטענדיג, ווייל זיי פלעגען אָפט בעפאַלען ווע-
רען פון די נאַכבאַרשאַפטליכע פעלקער. צו אַזעלכע פּראָווינצען האָבען גע-
הערט: סיריען, יענע זייט פון שפּאַניען, לוסיטאַניען, גאַלליען און איללירי-
קום. אין דיזע פּראָווינצען פלעגט דער קייזער אַליין בעשטימען שטאַטהאַלטער.
אין די איבריגע פּראָווינצען פלעגט דער סענאַט בעשטימען די שטאַטהאַלטער,
אָבער אויך דיזע זיינען געשטאַנען אונטער דער אויבערהערשאַפט פון קייזער.
די אַלע בעאַמטע פון דער פּראָווינץ האָבען בעקומען אַ פעסטען געהאַלט,
וועלכער האָט געגעבען גענוג צו פיהרען אַן אַנשטענדיגעם לעבען, אום זיי זאָ-
לען ניט געצוואונגען זיין צו דריקען די בירגער און אויסזויגען פון זיי געלט.
איבערהויפּט זיינען די פּראָווינצען צופרידען געווען מיט דער נייער אָרדנונג
פון דער רעגירונג, ווייל מען האָט אויפגעהערט צו ציהען פון זיי און בעשווע-
רען זיי מיט אַלערליי סאָרטען בעדריקונגען. דער רעזולטאַט דערפון איז גע-
ווען, דאָס די איינקונפטען אין דער רעגירונגס־קאַסע זיינען געוואָרען פיעל
גרעסער. די רעגירונג האָט יעצט געהאַט גענוג מיטלען און די מעגליכקייט צו
אויסגעבען פיעל געלט צו בויען זיכערע וועגען, בריקען און שאָסען איבער
דער גאַנצער אימפּעריע, און דערפון איז דער האַנדעל שטאַרק פערברייטערט
געוואָרען. דאָס האָט געבראַכט דערצו, דאָס דער וואוילשטאַנד פון פאָלק איז
פערגרעסערט געוואָרען און דער רייכטום האָט גיך און שטאַרק געוואַקסען
אין לאַנד.

די היסטאָריקער פון יענער צייט האָבען בעשריבען די לאַגע פון לאַנד
אונטער אַגוסטוס'עס הערשאַפט מיט זעהר ליכטיגע פאַרבען. און ווירקליך,
ווען מען זאָל בעטראַכטען די אונגעהייערע סומעס, וואָס די רעגירונג האָט
דאַמאָלס אויסגעגעבען צו שטיצען די אָרימע קלאַס פון פאָלק, מוזען מיר קו-
מען צום שלוס, דאָס דער רייכטום פון לאַנד איז געווען זעהר גרויס. יעדער
אָרימער מאַן אין דער הויפּט־שטאָדט האָט בעקומען ביז 400 סעסטערציעס
יעהרליך און איבער 320,000 לייט פלעגען בעקומען אומזיסט ברויט. אויך
די שפּילען, וואָס די רעגירונג האָט פערשאַפט דעם אָרימען פאָלק, זיינען גע-
ווען אַ בעווייז פון דעם גוטען מאַטעריעלען צושטאַנד פון יענער צייט. אום
דעם פאָלק צו פערשאַפען אַן אונגעוועהנליכעם פערגניגען, האָט ער געלאָזען

אויסגראַבען אַ זעהר גרויסען זעע (אַזעראַ) און האָט פאַרגעשטעלט אַ שיפס־קאַמף. מען קען זיך פאָרשטעלען, וואָס פיר אונגעהייערע סומעס דיזע אַלע זאַכען האָבען געפאָדערט. אָבער פון וואַנען האָבען זיך גענומען דיזע אַלע גרויסע סומעס? ווי גרויס האָבען געמוזט זיין די שטייערן און די אָפּצאָהלונגען, דאָס מען זאָל האָבען די מעגליכקייט אַזעלכע גרויסע אויסגאַבען צו מאַכען?

ווענען דעם שווייגען אונזערע היסטאָריקער. עס האָט דאָך געהערשט אָרדנונג אין רוים. ווענען דיזען כאַרט אָרדנונג האָט שוין מ אַ נ ט ע ס ק י ע טרעפליך בעמערקט: „ווען איינער כאַפּט אריין די אַליין־הערשאַפט אין אַ פרייען לאַנד, רופט מען אַלץ, וואָס קען בעפעסטיגען די אונבעגרענעצטע מאַכט, „אָרדנונג", און אַלץ, וואָס פיהרט צו דער פרייהייט פון יעדען אינדיווידואום, רופט מען „אונאָרדנונג". די אַלע עהרגייציגע מענער, ווי פּאָמפּעיוס, קראַססוס און צעזאַר, האָבען פריהער אַליין געשאַפען אונאָרדנונג, זיי האָבען דורכגעפיהרט, דאָס אַלע שטאַאַטס־פערברעכענס זאָלען בלייבען אונבעשטראָפט, אַלץ, וואָס קען אויפהאַלטען זיטען־פערדאָרבענהייט, זאָל אָנהאַלטען, זיי האָבען איינגעוועהנט בעאַמטע צו נעהמען כאַבאַר, האָבען געלאָזען מאַכען אַלערליי שווינדלעריייען ביי די וואַהלען ביז עס זיינען ערוועהלט געוואָרען לייט, וואָס האָבען האַרמאָנירט מיט זיי און זייערע אונגערעכטע שטרעבונגען — מיט איין וואָרט, זיי האָבען זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין אונרעכט אום צו פערניכטען די מאַכט פון פאָלק. אַלס אוגוסטוס איז געוואָרען הערשער האָט ער זיך גענומען שאַפען אָרדנונג אין לאַנד, אום דאָס פאָלק זאָל גלויבען, דאָס נאָר די הערשאַפט פון אַן איינציגען קען אָרדנונג האַלטען אין לאַנד און עס גליקליך מאַכען.

אויך די פינאַנץ־פערטיילונג האָט אוגוסטוס גענומען אין זיינע הענט. אין אַלע פּראָווינצען האָבען די שטייער־בעאַמטע געזאַמעלט די אָפּצאָהלונגען און שטייערן און האָבען די סומעס גלייך צו איהם צוגעשיקט. ביז איהם איז אין רוים געווען נאָר איין קאַסע, די שטאַאַטס־קאַסע; אוגוסטוס האָט בעשאַפען נאָך איין קאַסע, די קייזערליכע קאַסע, וועלכע איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען פ י ס ק ו ס. אין די שטאַאַטס־קאַסע פלעגען אריינקומען געלדער און שטייערן פון די פּראָווינצען, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער דעם סענאַט. אין די קייזערליכע קאַסע פלעגען אריינקומען אַלע געלדער און אָפּצאָהלונגען פון די פּראָווינצען, וואָס זיינען געשטאַנען דירעקט אונטער דעם קייזער'ס פערוואַלטונג. פון דעם פיסקוס פלעגט מען אויסהאַלטען דאָס מיליטער, די שטראַסען און שאָסעען, פון דער אַנדערער קאַסע פלעגט מען

נעהמען געלט צו דעקען די רעגירונגס־קאָסטען, אָבער זעהר אָפט פלעגט מען פון דיזער קאַסע נעהמען געלט צום פיסקוס, ווייל די איינקונפטען פון פיס־קוס זיינען אָפט ניט גענוג געווען צו דעקען אַלע אויסגאַבען, וואָס מען האָט גענומען פון פיסקוס. דאָס רעכט צו מאַכען מינצען (מטבעות) האָבען ביי־דע, דער קייזער און דער סענאַט, געהאַט זינט דעם יאָהר 27 פ. קר., אָבער פון דעם יאָהר 15 פ. קר. און ווייטער האָט דער קייזער דיזעס רעכט בעהאַל־טען פיר זיך אַליין. דעם סענאַט איז נאָר געבליבען דאָס רעכט צו שטעמפּלען מטבעות פון קופּער.

האָבענדיג דערגרייכט זיין הערשאַפט נאָר דורך מיליטער, האָט אוגוס־טוס געגלויבט זי אויך צו קענען אויפהאַלטען נאָר דורך מיליטערישע מאַכט. דעריבער האָט ער זיינע סאָלדאַטען ניט פערנאַנדערגעלאָזען אפילו אין צייט פון פרידען, און האָט איינגעאָרדענט אַ שטענדיגע אַרמעע. אין דיזער שטענ־דיגער אַרמעע איז נאָר אַ קליינער טייל סאָלדאַטען געווען פון די רוימער, די מעהרסטע פון זיי זיינען געווען פון דער פּראָווינץ. די אַרמעע פון אוגוס־טוס'ן איז בעשטאַנען פון 250,000 מאַן, וועלכע זיינען געווען איינגעטיילט אין 25 לעגיאָנען. די אַרמעע איז געשטאַנען צום גרעסטען טייל אין די פּראָווינצען, איבערהויפּט אין די פעסטונגען ביי די גרענצען, נאָר 9 קאָהאָר־טען (פּאָלקען), יעדער פון 1,000 מאַן, זיינען געשטאַנען אין איטאַליען ניט ווייט פון רוים. אָן דער שפּיץ פון יעדער לעגיאָן איז געשטאַנען אַ בעאַמ־טער, וועלכער איז גענומען געוואָרען פון די סענאַטאָרען. אונטער דיזען בע־אַמטען, וועלכער איז געווען בעוואוסט אונטער דעם נאָמען „לעגאַט", זיינען געווען אַנדערע מיליטער־בעאַמטע, קריגס־טריבונען, וועלכע זיינען גענומען געוואָרען פון ריטער־שטאַנד.

די 9 קאָהאָרטען, וועלכע מיר האָבען אויבען דערמאָהנט, האָבען געביל־דעט די קייזערליכע גוואַרדיע. 3 פון דיזע קאָהאָרטען זיינען אימער גע־שטאַנען אין רוים זעלבסט אין די קוואַרטירען פון די בירגער. מיט דיזער אָרדנונג האָט אוגוסטוס, ווי אויך זיינע נאָכפאָלגער, געהאַט אין זייער מאַכט אַ שטיצע אין פאַל פון אַ רעוואָלוציאָן. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, דאָס דער קייזער איז געווען אימער גינסטיג צו דיזע קאָהאָרטען און האָט מעהר און מעהר פערגרעסערט זייער צאָהל. אָבער די שפּעטערע געשיכטע האָט געצייגט, דאָס דיזע וואַפען האָבען זיך זעהר אָפט געגען קייזער זעלבסט אומגעקעהרט.

די קריגען, וועלכע אוגוסטוס האָט שפּעטער אונטערגענומען, האָבען גע־האַט דעם צוועק צו פערטיידיגען די גרענצען און אין זיכערהייט צו האַל־

טען דאָס לאַנד, ווייל דער קייזער איז געווען זעהר פרידליך. אין זיין צייט איז דער טעמפּעל פון גאָט „יאַנוס" געווען דאָס ערסטע מאָל צוגעשלאָסען נאָך דעם, ווי ער איז פיעלע יאָהרען געווען אָפען *). אין יאָהר 27 פ. קר. האָט אוגוסטוס געפיהרט אַ גליקליכען קריג מיט די באַסטאַרנער און מאָזיער, פעלקער, וואָס זיינען געזעסען ביי דעם אונטערען טייל פון דעם טייך דונאַי, און אַ ביסעל שפּעטער האָט ער אונטערוואָרפען אונטער זיין מאַכט די סאַלאַססער, און דערמיט האָט ער זיכער געמאַכט דעם האַנדעל איבער די וועגען, וואָס האָבען געפיהרט איבער די אַלפּען־בערג. אויך די קאַנטאַברער און די אַסטוריער זיינען אונטערוואָרפען געוואָרען. דאַגעגען האָט דער פעלד־צוג, וואָס דער עגיפּטישער שטאַט־האַלטער האָט אונטערגענומען אין דאָס אינערע אַראַביען, געהאַט אַ זעהר בּיטערען סוף, אָבער דער צוג געגען עטהיאָפּיען האָט געהאַט אַ גוטען ערפאָלג. אויך די פּאַרטהער האָבען ענדליך אָנגעהויבען מורא צו האָבען פאַר דער מאַכט פון די רוימער. אַלס אוגוסטוס האָט אונטערגענומען אַ רונד־רייזע דורך דעם אָריענט (די מזרח־לענדער), האָט צו איהם דער קעניג פון די פּאַר־טהער אָפּגעשיקט אויף די אינזעל סאַמאָס, וואו דער קייזערליכער הויף איז דאַמאָלס געווען, די אַלע געפאַנגענע, וואָס די פּאַרטהער האָבען גענומען פון די רוימער אין די פריהערדיגע מלחמות.

וויכטיגער זיינען געווען די קריגען, וואָס דעם קייזער'ס שטיפזיהן, טי־בעריוס און דרוזוס, האָבען געפיהרט אין די דונאַי־לענדער ראָטיען, ווינדע־ליציען און נאָריקום. בשעת די פעלקערשאַפטען אין דיזע לענדער זיינען אונטערוואָרפען געוואָרען, זיינען די פערהעלטניסען אין גערמאַניען פיעל שווערינער געוואָרען. די קריגען האָבען דאָרט לאַנג געדויערט, און דער ער־פאָלג האָט זיך אָפט געביטען, אַמאָל איז ער געווען אויף דער זייט פון די רוימער און אַמאָל אויף דער זייט פון די גערמאַנען. אַ זאַגע ערצעהלט, דאָס ווען דרוזוס האָט געוואָלט איבערגעהן דעם טייך אום צו מאַכען אַן אָנפאַל אויף די גערמאַנען, איז איהם ענטקעגען געקומען אַ ריזיגע פרוי און האָט איהם געזאָגט: „וואוהין ווילסט דו געהן, דורסטיגער דרוזוס? דער שיקזאַל פערוועהרט דיר אַלע דיזע לענדער צו בעטרעטען. קעהר זיך אום, וואָרום עס איז נאָהענט דאָס ענדע פון דיינע טאַטען און פון דיין לעבען". דורך דיזע ערשיינונג האָט דרוזוס צוריקגעקעהרט. נאָך דעם טויט פון דרוזוס'ן איז

---

*) דער טעמפּעל פון יאַנוס איז אין צייט פון מלחמה געווען אָפען און אין צייט פון פרידען געשלאָסען.

טיבעריוס געוואָרען דער אויבער־קאָמאַנדיר. ער האָט שוין אין יאָהר 12 פ. קר. אונטערדריקט אַן אויפשטאַנד אין פּאַננאָניען. אָבער דיזעם לאַנד צו-זאַמען מיט דאַלמאַציען האָט געמאַכט אַ נייעם אויפשטאַנד, און טיבעריוס איז געווען געצוואונגען צו שליסען אַ זעהר אונגינסטיגען פרידען מיט די מ אַ ר ק אָ מ אַ נ ע ן אין יאָהר 8 פ. קר. די מאַרקאָמאַנען זיינען געווען אַ גרויסע פעלקער, וואָס האָבען געשלאָסען צווישען זיך אַ בונד. דיזע פעלקער האָבען בעזעסען די לענדער צווישען דעם דונאַי און דער עלבע און האָבען געהאַט אַן אַרמעע פון 70,000 פוס־סאָלדאַטען און 4,000 רייטער. באַלד נאָך דעם איז פערניכטעט געוואָרען די רוימישע אַרמעע אונטער דער פיהרונג פון דעם קאָמאַנדיר ק ו ו י נ ט י ל י ו ס ו ו אַ ר ו ס אין אַ קאַמף מיט דעם בערוסקישען פיהרער אַ ר מ י נ י ו ס. דאָס איז גראַדע פאָרגעקומען אין אַ צייט, ווען אַוגוסטוס האָט גערעכענט, דאָס גאַנץ מערב־גערמאַניען איז שוין אונטערוואָרפען אונטער דער מאַכט פון די רוימער, און איז שוין געווען גרייט צו רעכנען דיזען טייל פון גערמאַניען אַלס אַ רוימישע פּראָווינץ און דאָרט די רוימישע געזעצען איינפיהרען. ס אַ ג ע ס ט, דער שוועהר פון אַרמי-ניוס'ן, האָט געוואָרנט וואַרוס'ן, ער זאָל ניט אָנפאַנגען מיט דעם העלדישען פיהרער פון די בערוסקער (אַרמיניוס'ן). וואַרוס האָט בכיוון געמאַכט דאָרט אַן אויפשטאַנד, און נאָך דעם אום איינצושטילען דעם אויפשטאַנד האָט ער געשיקט 3 לעגיאָנען מיט איינינע הילפס־טרופּען אין ט ע אַ ו ט אָ - ב ו ר ג ע ר וואַלד צו פיהרען אַ קריג מיט אַרמיניוס'ן. דאָ האָט איהם אַרמיניוס אין דריי טעג אַזוי צושלאָגען, דאָס נאָר וועניגע פון דער רוימישער אַרמעע האָבען זיך גערעטעט. פיעלע זיינען געפאַנגען געוואָרען, אַנדערע זיי-נען פערקויפט געוואָרען אַלס שקלאַפען אָדער זיינען אויסגעשלאַכטעט גע-וואָרען אויף די אַלטאַרען צו די געטער. דאָס שלאַכט־פעלד איז געבליבען עד היום אַלס דענקמאַל פיר דעם העלד, וואָס האָט בעפרייט דייטשלאַנד פון דעם יאָך פון די רוימער.

די נידערלאַגע איז געווען אַזוי שרעקליך, דאָס אַוגוסטוס האָט אָנגעהוי-בען מורא צו האָבען פיר דעם בעשטאַנד פון דער אימפּעריע. מען ערצעהלט, דאָס אַוגוסטוס האָט איינינע מאָל שפּעטער אויסגעשריען: ״וואַרוס, וואַרוס, גיב מיר צוריק מיינע לעגיאָנען!״ ער האָט געשיקט טיבעריוס'ן צום רהיין, און יענער האָט דאָרט געזאַמעלט אַ נייע אַרמעע, אָבער ער האָט ניט גע-וואַגט דעם רהיין אַריבערגעהן צו שטרייטען מיט די גערמאַנען.

פון יענער צייט אָן האָט אַוגוסטוס זיך צוריקגעצויגען פון דער עפענט-ליכקייט, און האָט איבערגעלאָזען פיעלע שטאַאַטס־געשעפטען צו טיבעריוס'ן.

אַלס טיבעריוס איז אין יאָהר 14 פ. קר. געגאַנגען נאָך איללירִיען, האָט איהם דער קייזער בעגלייט ביז בענעווענט. אויף דער צוריקרייזע איז דער קיי- זער געשטאָרבען אין דער שטאָדט נאָלאַ אין דעם מאָנאַט, וועלכער טראָגט זיין נאָמען, אין אויגוסט. ער איז אַלט געוועזן 76 יאָהר אַלס ער איז גע- שטאָרבען, און האָט רעגירט אַלס אַליין־הערשער 45 יאָהר. פאַר זיין טויט האָט ער געהייסען מען זאָל איהם געבען אַ שפּיגעל. ער האָט צורעכט געמאַכט זיינע האָאָר און האָט געפרעגט די אַנוועזענדע: „האָב איך מיין ראָלע גוט




**דרוזוס ביי דער עלבע.**

געשפּילט?" אַלס זיי האָבען איהם געענטפערט „יע", האָט ער געזאָגט צו זיי: „יעצט פּאַטשט בראַוואָ, מיין ראָלע איז צו ענדע".

אויגוסטוס האָט זיך זעהר שטאַרק בעמיהט זיינע טראָן־פאָלגער וועניג- סטענס פיר די נעכסטע צייט צו זיכערען. עס איז פיר איהם געוועזן אַ שווע- רע אויפגאַבע, ווייל ער האָט קיין אייגענע נאָכפאָלגער ניט געלאָזען. ער איז געוועזן דריי מאָל פערהייראַט. פון זיין צווייטער פרוי האָט ער געהאַט אַ טאָכטער יוליאַ, און זיין דריטע פרוי האָט איהם געבראַכט צוויי זיהן,

ט י ב ע ר י ו ס און ד ר ו ז ו ס, וועלכע זיינע געווען זיינע בעסטע קריגס־קאָמאַנדירען. זיין טאָכטער יוליאַ האָט געהאַט פון איהר צווייטען מאַן אַ ג ר י פּ פּ אַ פּ אָ ס ט ו מ ו ס דריי זיהן. אַלס אוגוסטוס האָט צום דריטען מאָל געהייראַט און קיין קינדער פון דיזער הייראַט ניט דערלעבט, האָט זיין צווייטע פרוי ליוויאַ געשטרעבט צו פערשאַפען דעם טראָן צו איהרע קינדער פון ערסטען מאַן. איהר וואונש איז ערפילט געוואָרען. זיין טאָכטער יוליאַ האָט ער פערשיקט אויף די אינזעל פּ אַ נ ד אַ ט אַ ר י אַ, צוליב איהר אויסגעלאַסענעם לעבען. דאָרט איז זי באַלד נאָך אוגוסטוס'עס טויט געשטאָרבען. איינער פון איהרע זיהן איז געשטאָרבען אין יאָהר 5 נ. קר. אויף אַ רייזע נאָך שפּאַניען. אַ אַנדערער זוהן איהרער איז געשטאָרבען 2 יאָהר שפּעטער אין ליציען. מען זאָגט, דאָס דיזעביידע זיינען געשטאָרבען פון גיפט, וואָס ליוויאַ האָט זיי אייגגעגעבען. דעם דריטען זוהן יוליאַ'ס האָט ליוויאַ געלאָזט לעבען, ווייל ער איז ניט געפעהרליך געווען פיר איהרע קינדער. זי האָט איהם אַוועקגעשיקט אויף די אינזעל פּלאַנאַזיאַ ביים ליגורישען ברעג. ליוויאַ האָט איהר צוועק דערגרייכט. טיבעריוס איז אַדאָפּטירט געוואָרען פון אוגוסטוס'ן אַלס זוהן און ער איז געוואָרען טראָן־פאָלגער. דרוזוס איז נאָך פריהער געשטאָרבען אין גערמאַניען.

## 2) די רוימישע קולטור אין דער צייט פון אוגוסטוס'ן.

אוגוסטוס האָט זעהר פיעל געהאָלפען צו פערשפּרייטען און ענטוויקלען קונסט און וויסענשאַפט. מיר געפינען דעריבער פיר נעטיג אויף דיזער שטעלע צו אונטערברעכען דעם גאַנג פון דער געשיכטע אום צו שילדערן דאָס קולטור־לעבען פון יענער צייט. דערביי וועלען מיר אויך בעריהרען די צייט נאָך די פּונישע מלחמות און נאָך דעם ערסטען קייזער.

ד י ב ו י ־ ק ו נ ס ט. די שענסטע ענטוויקלונג צייגט די בוי־קונסט פון דער צייט פון צעזאַר'ן, ווען עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען צו בויען די וויכטיגסטע געביידעס אין רוים, וועלכע אוגוסטוס האָט פערענדיגט. אוגוסטוס האָט מיט רעכט געזאָגט, דאָס ער האָט געפונען רוים אַ ציגעל־שטאָדט און האָט זי פערלאָזען אַלס מאַרמאָר־שטאָדט. רוים האָט ווירקליך אונטער איהם געקראָגען אַ נייעם פּנים. איבערהויפּט איז דאָס ריכטיג אין בעטרעף פון דעם נייעם שטאָדט־פּערטעל, וואָס אוגוסטוס האָט צוגעבויט. די אַלטע שטאָדט האָט פערלאָרען איהר אונרעגעלמעסיגעס אויסזעהן ערסט נאָך דעם, ווי נעראָ האָט זי פערברענט. דאַמאָלס האָבען די נייע געביידען בעקומען אַ שענערעם אויסזעהן און די גאַסען זיינען געוואָרען פיעל שענער און רעגעלמעסי-

גער. נאָך שפּעטער האָט רוים בעקומען אַ גלענצענדעס קאַפּיטאָל און אַ פּרעכ-
טיגעס פאָרום, וואָס איז ווירקליך געווען צו בעוואונדערן. אויך אין די פּראָ-
ווינצען האָבען זיך אָנגעפאַנגען צו בויען אין דער צייט פון די קיסרים גרויס-
אַרטיגע געביידעס און פּרעכטיגע שטעדט. אונטער אַוגוסטוס'ן האָט מען
אין פּאָלאַ אויסגעבויט אַ פּרעכטיגען טעמפּעל, וועלכען מען האָט געווידמעט
צו דיזען קייזער. אין נימעס האָט מען אויסגעבויט אַ זעהר שענעם טעמ-
פּעל אין קאָרינטהישען סטיל, וועלכער עקסיסטירט נאָך היינט און ווערט
בענוצט אַלס אַ מוזעאום פון זעהר פיעלע אַלטערטימער.



**אויבערסטער טייל פון דעם פּאַנטהעאָן אין רוים.**

דער סטיל פון אַרכיטעקטור אין דיזער צייט האָט ניט אָנגענומען קיין
בעדייטענדע ענדערונגען און איז פערבליבען ביז האדריאַן'ס צייט אויף דער
זעלבער הויך. אָבער צו ענדע פון צווייטען יאָהרהונדערט האָט דער גע-
שמאַק פון קונסט אין דיזען צווייג אָנגעפאַנגען צו זינקען. די וויכטיגסטע
געביידעס פון יענער צייט זיינען די טעמפּלען פון וועניס, קאָנקאָרדיאַ און
ראָמאַ, דאָס פּ אַ נ ט ה ע אָ ן און דאָס ק אָ ל אָ ס ס ע א ו ם. דאָס פּאַנ-
טהעאָן איז געענדיגט געוואָרען אין יאָהר 27 פ. קר. אין דיזער מערקווירדי-

נער געביידע דריקט זיך אויס די גאַנצע מאַכט פון רוימישען פאָלקס־גייסט. ביים אריינגאַנג איז געשטאַנען די סטאַטוע פון צעזאַר'ן און נעבען איהר די סטאַטועס פון ווענוס און מארס. דער קופּאָל איז געוועזען אַ וואונדער־בוי, ער האָט אויסגעוויזען ווי אַ וואהרער הימעל־געוועלב.

צו די שענסטע געביידעס פון אַלטען רוים געהערט דער קאָנקאָרדיאַ־טעמפּעל. פון דעם קאָלאָססעאום זיינען נאָר רואינען איבערגעבליבען, אָבער דיזע רואינען ערוועקען אין אונז פערוואונדערונג. דאָס קאָלאָססעאום איז דאָס גרויסאַרטיגסטע פון אַלע רוימישע אַמפיטהעאַטערן, ד. ה. רונדע געביי־דעס, וועלכע זיינען געוועזען בעשטימט פיר טיער־קאַמפּען און מענשען־קאַמ־פען. דער ערפינדער פון דיזען סאָרט געביידעס איז געוועזען סקריבאָניוס קוריאָ. דער רוימישער שריפטשטעלער פּליניוס ערצעהלט, דאָס ער (סקרי־באָניוס) האָט געבויט צוויי גרויסע טהעאַטערן פון האָלץ, וועלכע ער האָט דורך בעוועגליכע צאַפּענס (קלינעס, שטיפטען) געקענט מאַכען ווייט אָדער נאָהענט איינס פון אַנדערען. אז ער האָט געוואָלט האָט ער פוןביידע גע־ביידעס געמאַכט איין גרויסעס טהעאַטער אָדער צירק פיר גלאַדיאַטאָרען־געפעכטען.

פיער יאָהר שפּעטער נאָך דעם, ווי קוריאָ האָט זיינע אַמפיטהעאַטערן אויסגעבויט, האָט צעזאַר אויפגעשטעלט אַ געביידע פיר פעכטער־שפּילען און טיער־קאַמפּען אין דעם זעלבען סטיל ווי קוריאָ'ס אַמפיטהעאַטערן. די־זע געביידע, הגם זי איז געוועזען אַ הילצערנע, איז זי דאָך געוועזען אַ פּראַכטפו־לער בנין. אָבער באַלד האָבען אַנדערע אָנגעפאַנגען צו בויען שטיינערנע אַמ־פיטהעאַטערן. דאָס ערסטע האָט זיך אָנגעהויבען צו בויען אין דער צייט פון אוגוסטוס'ן. דאָס קאָלאָססעאום האָט וועספּאַסיאַן אָנגעפאַנגען צו בויען און טיטוס האָט עס געענדיגט. אָנפאַנגס האָט עס געהייסען דאָס פלאַוויאַנישע אַמפיטהעאַטער, נאָך דעם נאָמען פון דער פאַמיליע פלאַוויוס, פון וועלכער וועספּאַסיאַן און טיטוס האָבען געשטאַמט. פיער עטאַזשען זיינען געוועזען אין קאָלאָססעאום, וועלכע אַלע צוזאַמען זיינען געוועזען 48½ מעטער הויך.

די אויסערע ווענט פון קאָלאָססעאום זיינען געוועזען געבויט פון גלאַט געהאַקטע קוואַדראַט־שטיינער. די אינערליכע ווענט זיינען געוועזען פון ציי־געל. אין מיטעלאַלטער האָט מען דאָס קאָלאָססעאום פערוואַנדעלט אין אַ קאַסטעל (שלאָס), און הגם מען האָט פון איהם געשלעפּט מאַטעריאַל צו איינינע גרויסע פּאַלאַצען, וואָס האָבען זיך געבויט אין רוים, איז עס דאָך איז גרונד נאָך ניט בעשעדיגט געוואָרען.

צו די גרויסארטיגע אונגעוועהנליכע געבייען זיינען געווען גערעכענט די בעדער, אָדער די ט ה ע ר מ ע ן. אָנפאַנגס זיינען זיי געווען געמאַכט פיר פּריוואַט־געברויך. די בעדער זיינען אַלע מאָל פערבעסערט געוואָרען און זיינען געוואָרען פון די גרעסטע נויטוועגדיגקייטען פון רוימישען פאָלק, אַזוי דאָס זיי האָבען אין קיין אָרט ניט געטאָרט פעהלען. מערקווירדיג פון אַלע זיי-נען געווען די בעדער פון אַגריפּפּאַ'ן און פון נעראָ'ן, ווי אויך פון קאַראַקאַל-לאַ'ן. אין די קייזערליכע בעדער האָט זיך אויך געפונען אַ שווים־טייך פיר 3,000 שווימער, אַן אונגעהייערע צאָהל פון וואַנעס, גרויסע צימערן פיר גימ-נאַסטיק, אויך זאַלען פיר אונטערהאַלטונג און פיר וויסענשאַפטליכע פאָרלע-זונגען, ביבליאָטהעקען, בילדער־גאַלערייען, האַלען פיר שפּאַציער־גענג און פיר פיעלע אַנדערע פערגניגענס.

די גראַבמעלער (קברים־געביידעס) פון די רוימער זיינען טיילס געווען אונטער דער ערד, טיילס איבער דער ערד, מיט זעהר פערשיידענע פאָרמעס אין אַרכיטעקטור. אייניגע פון זיי האָבען געטראָגען דעם נאָמען „קאָלומ-באַריום" ד. ה. טויבען־הויז, ווייל זיי זיינען געווען געמאַכט ווי הייזער פיר טויבען.

פון די פערבליבענע גראַבמעלער, וואָס זיינען געווען געבויט איבער דער ערד, זיינען די מערקווירדיגסטע: דאָס גראַבמאָל פון די סערוויליער ביי רוים, און דאָס גראַבמאָל פון צאַציליאַ מעטעללאַ אין רוים זעלבסט.

זעהר מערקווירדיג איז דאָס גראַבמאָל, וועלכעס אויגוסטוס האָט געמאַכט פיר זיך און זיין פאַמיליע. די געביידע איז געווען אַזוי גרויס, דאָס מען האָט געקענט אין איהר אַ טהעאַטער איינריכטען.

מיט הונדערט יאָהר שפּעטער איז דיזע געביידע געוואָרען ניט גענוג פיר די קייזערליכע פאַמיליעס, און דעריבער האָט האַדריאַן אויסגעבויט אַ נייע געביידע, עהנליך צו דער, וואָס אויגוסטוס האָט געמאַכט. אין דיזער נייער האַדריאַנישער געביידע האָט מען בעהאַלטען די רוימישע קיסרים, מיט זייערע פאַמיליעס פון האַדריאַן'ען אָן.

אויך קליינע פּיראַמידעס האָבען די רוימישע אַדעללייט געמאַכט אַלס קברים־געביידעס. בעקאַנט איז די פּיראַמידע פון צעסטיוס'ן, וואָס איז גע-מאַכט געוואָרען אין דער צייט פון אויגוסטוס'ן. די פּיראַמידע איז געווען 39 מעטער הויך. פון אויסוועניג איז זי געווען בעדעקט מיט ווייסע מאַר-מאָר־טאַפּלען. די קברים־קאַמערן זיינען זעהר קליין. די פּיראַמידע איז גע-וועזן בעצירט אַרום מיט זיילען און סטאַטועס. דיזע פּיראַמידע האָבען די יורשים פון צעסטיוס'ן אויסגעבויט אין צייט פון 330 טעג, ווי זיין צוואה



א טייל פון דעם פארום ראמאנום אין רוים.

אין פארדערגרונד רעכטס קאנקארדיא-טעמפעל, לינקס סעווערוס-געביידע. אין הינטערגרונד רעכטס טעמפעל פון סאטורן, לינקס טעמפעל פון וועספאסיאנוס'ן.

האָט געפאָדערט. אַן אַנדערע פּיראַמידע, וואָס האָט געדינט אַלס קברים־געביידע, איז די פּיראַמידע פון **עורי זאַצעס** דעם בעקער. **זי איז געמאַכט** ליוטער פון שטיינער, וועלכע **האָבען די פאָרמע** פון געטריידע־מאָסען.

זעהר **ע**הנליך צו די קברים־געביידעס **זיינען די** עהרען־מאָנומענטען. **עס איז כמעט** שווער צו אונטערשיידען צווישען **זיי. עס** זיינען געוועזען ביי די



אַנזיכט. דורכשניט.

טראַיאַנוס־זייל אין רוים.

רוימער צוויי סאָרטען עהרען־מאָנומענטען: עהרען־זיילען און טריאומף־בויגענס. צו בענוצען די זיילען האָבען די רוימער געלערנט פון די גריכען. די עלטסטע דענק־זייל אין רוים איז געוועזען די, וועלכע איז געשטעלט געוואָרען אויף דעם פאָרום אין יאָהר 261 פ. קר. צום אָנדענקען פון דעם ים־זיג פון דואיליוס'ן. **זעהר** מערקווירדיג און שען זיינען די עהרען־זיילען, וועלכע זיי־

נען בעדעקט מיט בילדער, וואָס שטעלען פאָר די טאַטען פון די העלדען, צו וועמעס עהרען די זיילען זיינען געשטעלט געוואָרען. צו דעם סאָרט עהרען־זיילען געהערט די זייל, וואָס דער קייזער טראַיאַן האָט אויפגעשטעלט אויף'ן פאָרום. די בילדער אויף דיזער זייל שטעלען פאָר פיעלע סצענעס פון די פעלד־צוגען פון טראַיאַן'ען געגען די דאַציער.

זעהר עהנליך צו דער טראַיאַנישער זייל איז די זייל, וואָס דער סענאַט און דאָס פאָלק האָבען אויפגעשטעלט צו עהרע פון מאַרקוס אורעליוס, הגם אין שענקייט האָט זי זיך ניט געקענט פערגלייכען מיט דער טראַיאַן־זייל.




**טריאומף־בויגען פון טיטוס'ן.**

די טריאומף־בויגענס שיינען צו זיין אַ רוימישע ערפינדונג. **אין די** לעצטע צייטען פון דער רעפובליק האָבען זיך שוין געפונען אַזעלכע געביי־דעס, אָבער ביז היינטיגער צייט איז נאָר פערבליבען דיזער סאָרט געביידעס פון דער צייט פון די קיסרים. דער שענסטער און בעדייטענדסטער טריאומף־בויגען איז דער ט י ט ו ס ־ ב ו י ג ע ן אין רוים. אין דער הויף דער־

לאַנגט ער 15 מיט צוויי פינפטעל מעטער, און זיין ברייט איז ער 13½ מע-טער. אונטער די בילדער אויף דיזער געביידע איז פאַרגעשטעלט די בייטע (שלל), וואָס טיטוס האָט גענומען אין ירושלים נאָך דעם, ווי ער האָט זי צושטערט, ווי צום ביי שפיל די מנורה פון בית המקדש און אַנדערע כלים. זעהר פיעל פּראַכט און גלאַנץ האָבען די רוימער צוגעגעבען צו זייערע גע-ריכטס-אַנשטאַלטען.

גאַנץ בעזונדערס האָט זיך אויסגעצייכענט דער גייסט פון רוימישען פאָלק אין ניצליכע געביידעס. זייער אויסגעצייכענטער בוי פון שטראַסען, זיי-ערע גרויסאַרטיגע שאָסעען, האָבען געפיהרט דערצו, דאָס זיי זאָלען זיך ערנסט נעהמען צו בריקען-בוי. די קונסט צו מאַכען גרויסע שטאַרקע געוועלבען האָט זיי געגעבען די מעגליכקייט צו מאַכען בריקען איבער זעהר ברייטע טייכען. דיזע געביידעס זיינען געווען אַזוי פעסט, דאָס פיעלע פון זיי זיי-נען ניט נאָר פערבליבען ביז היינט, נאָר זיי ווערען נאָך בענוצט. פון די פערבליבענע רוימישע בריקען זיינען בעריהמט די בריק פון א ר מ י נ י ו ם (היינט ר י מ י נ י), וועלכע אויגוסטוס האָט געבויט, און די אֶ ל י ש ע בריק, וועלכע איז איינע פון די גרעסטע און וואונדערליכסטע אַרבייטען פון די אַלטע רוימער. די אֶלישע בריק איז געמאַכט געוואָרען פון קייזער ה א ד ר י א ן איבער'ן טיבער, אום עס זאָל מעגליך זיין צו געהן צו זיין קבר. דיזע בריק איז כמעט 11 מעטער ברייט. פון דיזער ברייט איז פיער און דריי פערטעל מעטער געווען בעשטימט פיר פערד און וועגען, און זעקס און אַ פינפ-טעל פיר בירגער צו געהן צו פוס.

ווען ה י ר ט רעדט וועגען די פּאַרצייטיגע רוימישע בריקען זאָגט ער: „די אַלטע רוימער ווערען מיט רעכט בעטראַכט אַלס די גרעסטע קינסטלער אין דיזער זאַך; קיין פאָלק אין דער וועלט האָט זיי נאָך ניט אי-בערגעשטיגען אין בריקען בויען. אויך די גריכען האָבען גרויסע גבורות און קענטניס אין דיזער זאַך בעוויזען, אָבער אין פערגלייך מיט די רוימער שטעהען זיי פיעל נידריגער. די גריכען האָבען געזוכט העלפען דער נאַטור אין דיזער הינזיכט. זיי האָבען נאַטירליכע בוכטען (ערטער, וואו דער ים רייסט זיך אריין אין דער יבשה) אָדער פאַרשפּרונגען (וואו די יבשה געהט אריין מיט אַ שפּיץ אין ים), געזוכט צו זיכערן דורך בויען דאָס-געביידעס. די רוימער אָבער האָבען די נאַטור אַנגעגריפען און זי געצוואונגען צו מאַ-כען און צו שאַפען דאָס, וואָס זיי האָבען געוואָלט, און ווען די נאַ-טור האָט זיי ענטזאָגט אין זייער אונטערנעהמונג, האָבען זיי מיט זייער געוואַלדיגער וויללענס-קראַפט אַליין בעשאַפען, און האָבען דורכגעפיהרט

וואָס זיי האָבען געוואָלט. זעהר אָפט האָבען זיי בעשאַפען פאַרשפּרונגען אין ים און האַפענס, וואו עס איז גאָר ניט געווען אפילו אַ זכר דערפון. זיי האָבען געמאַכט דאַם־געבייען און אַנקער־פּלעצער. זיי האָבען אפילו בעשאַפען נייע אינזלען אין ים אום צו בעשיצען דעם נייעם האַפען געגען די שטורמס פון ים און זיינע פערפלייצונגען.



רוימישער געריכטס־זאַל.

דיזעס איז געווען דער פאַל צום ביי שפּיל ביי דעם האַפען צ ע נ ט ו מ־צ ע ל אַ (היינט ט ש י ו ו י ט אַ ו ו ע ק ק י אַ). אַזאַ זאָרט אינזעל האָבען זיי געמאַכט אויך פאַר דעם אריינגאַנג אין דעם האַפען פון אָסטיאַ. דיזעס איז געמאַכט געוואָרען אונטער דער רעגירונג פון קלאַודיוס'ן, וועלכע האָט זיך אין אַלגעמיינעם אויסגעצייכענט מיט ריזען־געביידעס. די אַרבייט, ווי אַזוי די אינזעל איז געמאַכט געוואָרען, איז געווען זעהר אָריגינעל. אויף

א גרויסען שיף האָט מען אויסגעבויט דריי אונגעהייער גרויסע זיילען פון זעהר גרויסע און שווערע שטיינער, און נאָכדעם האָט מען דאָס שיף צוזאַמען מיט די זיילען געלאָזט זינקען אין ים. צווישען די דריי זיילען האָבען זיי אָנגעשאָטען פּוצצאָלאַן־ערד, דיזער סאָרט ערד ווערט האַרט און פערשטיי־נערט, ווען ער קומט אין בעריהרונג מיט וואַסער. דאָס איז געווען דער קערן, דער יסוד פון דער נייער אינזעל, וואָס זיי האָבען געוואָלט מאַכען. דיזער האַ־פען האָט אויך געהאַט א לייכט־טורם, וועלכער איז געווען אַזוי בעריהמט מיט זיין גרויסער ליכטיגקייט ווי דער לייכט־טורם אין אַלעקסאַנדריען.

זיי האָבען פיעל געוויכט געלעגט אויף די שוץ־געביידעס, ווי עס איז געווען צו ערוואַרטען פון א פאָלק, וואָס איז געווען אַזוי גענייגט צו מלחמות, ווי די רוימער זיינען געווען. נאָך דעם פוּנישען קריג זיינען די מויערן פון רוים געווען צושטערט, אָבער זיי האָבען זיי ניט צוריק אויפגעבויט, ווייל זיי האָבען ניט געהאַט פאַר וועמען מורא צו האָבען. אָבער ווען די גער־מאַנען זיינען אַרויף אויף די סצענע און האָבען אָנגעפאַנגען ערנסט צו בעאונרוהיגען רוים, האָבען זיי איבער־אַ־ניים געמאַכט א שטאַרקע שוץ־מויער אַרום דער שטאָדט. די מויער איז געבויט געוואָרען דורך דעם קייזער אַ ו ר ע ל י אַ ן. די מויער איז געווען כמעט 16 קילאָמעטער לאַנג און 16 מעטער ברייט און האָט ענטהאַלטען 381 טורמס.

וועגען דער רוימישער ס ק ו ל פּ ט ו ר (בילדהויער־קונסט) האָבען מיר ניט פיעל צו זאָגען, ווייל די רוימער האָבען אויף דיזען געביט קיין נייס ניט געשאַפען. זיי האָבען נאָר נאָכגעמאַכט די גריכען דערין. אָבער דאָס מוז מען צוגעבען, דאָס די רוימער האָבען עס נאָכגעאַהמט מיט גרויס פער־שטאַנד און געשמאַק, אַזוי דאָס די גריכישע סקולפּטור האָט ביי זיי בעקו־מען אַן אייגענטליכען כאַראַקטער. די רוימישע קונסט איז געווען מעהר רע־אַליסטיש און די גריכישע איז געווען מעהר אידעאַליסטיש. די בילדער פון לעבען האָבען די רוימער אויפגענומען שאַרפער, נעהענטער צו דער נאַ־טור, צו דער ווירקליכקייט.

אונטער טראַיאַן'ען האָט די רוימישע קונסט דערגרייכט איהר העכסטע שטופע. דער בעסטער סקולפּטאָר פון יענער צייט איז געווען אַ פּ אָ ל ל אָ - ד אָ ר ו ס פון דמשק. שפּעטער האָט מען איהם פון לאַנד פערטריבען און נאָך דעם געטויטעט דערפאַר, וואָס ער האָט זיך ערלויבט צו קריטיקירען דעם וועגוס־טעמפּעל, וואָס האַדריאַן האָט אויסגעבויט. אויסגעצייכענטע ארבייטען זיינען די סטאַטועס פון אויגוסטוס'ן אין וואַטיקאַן, פון באַלבוס'ן אין נעאַפּעל, און די סטאַטוע פון דער עלטערער אַגריפּפּינאַ. אויך די געטער־בילדער, וואָס

זיי האָבען געמאַכט, זיינען געווען קונסט־ארבייטען. אויך דאָס בילד פון דעם בעריהמטען בּאָרגעסישען פעכטער איז אַן עכטע קונסט־אַרבייט.

אין דער צייט פון האדריאַן׳ען האָט די גריכישע קונסט דערלאַנגט אַ הויכע שטופע אין רוים. דאָ האָט זיך אויסגעבילדעט אַ נייער אידעאַל צו מאַכען דאָס בילד פון א נ ט י נ א ו ס ׳ ן. דיזער איז געווען אַן אונגעוועהנליך שענער אינגעל פון ביטהיניען. האדריאַן האָט איהם שטאַרק געליבט, און ער פלעגט איהם שטענדיג מיטנעהמען אויף זיינע רייזעס. די קונסט פון יענער צייט האָט זיך גרויס מיה געגעבען זיין געשטאַלט ריכטיג ארויסצוברייננגען. עס האָט זיך דאַמאָלס פערברייטערט אַ מענגע סטאַטועס, ביוסטען און מינצען מיט דיזען בילד. פיעלע פון דיזע בילדער זיי־



די עלטערע אַגריפּפּינאַ.

נען נאָך ביז אונזער צייט פערבליבען, און שטעלען פאָר ביישפּילען פון ווירקליכער קונסט. די בעריהמטעסטע ווערק פון דיזען סאָרט איז די קאָלאָסאַלע סטאַטוע פון אַנטינאָוס׳ן, וואָס געפינט זיך נאָך יעצט אין וואַטיקאַן. די קונסט אין דער צייט פון האַדריאַן׳ען איז אין אַלגעמיין געווען אַ נאָכאַהמונג פון דער גריכישער, אָהן עטוואָס אייגענעס, רוימישעס.

נאָך דעם טויט פון אַדריאַן׳ען האָבען אין דער קונסט ווידער אָנגעהויבען צו ערשיינען רוימישע כאַראַקטער־צוגען. זי האָט אָבער אָנגעפאַנגען צו זינקען און איז אין גאַנצען געפאַלען. דאָס איינציגע, וואָס האָט וועלכען עס איז ווערט, איז זייער פּאָרטרעט־אַרבייט פון יענער צייט. אין אַלגעמיין איז

די קונסט אין רוים געווען מעהרסטענס א לוקסוס, ניט א זעעלען־בעדירפֿניס. דער רייכער רוימער האט געוואלט צייגען דער וועלט, דאס איהם פעהלט קיין זאך ניט, און דאס ער פערשטעהט קונסט, אבער אין גרונד גענומען האט ער וועניג פערשטאנען דעם גייסט פון דער קונסט. איבער דער רוימישער מאלער־קונסט איז שווער עטוואס כאראקטעריסטישעס צו זאגען, ווייל עס זיינען ניט געבליבען קיין רוימישע געמעלדעס, וואס מען זאל קענען פון זיי אורטיילען איבער דעם צושטאנד פון דיזער קונסט ביי זיי. הגם עס ווערען דערמאהנט גרויסע קינסטלער אין מאלעריי פון יענער צייט אויך פון די רוימער.

די ליטעראטור. גאנץ אנדערש איז עס געווען מיט דער ליטעראטור. שוין אין דער לעצטער צייט פון דער רעפובליק איז דער געשמאק פיר ליטעראטור געווען שטארק ענטוויקעלט צווישען דער רוימישער אריסטאקראטיע. אין דיזען קרייז האט מען פיעל געלעזען צו אלע צייטען. מען פלעגט לעזען אויך אויף דער רייזע און אפילו אויף די פעלד־צוגען. אין דער צייט פון די קיסרים האט זיך די לוסט צום לעזען נאך מעהר פערשטארקט. די אונטערהאלטונג אין א געזעלשאפט איז איבערהויפט געווען וועגען ליטעראטור. אפילו ביים עסען האט מען זעהר אפט געלעזען גוטע ליטעראטור פון די גריכען. עס פלעגען זעהר אפט פארטראגען געגעבען ווערען וועגען ליטעראטור, אין דיזע פארטראגען האבען אימער געהאט זעהר פיעלע צוהערער. די בעדערפניס צו לעזען איז געווען אזוי שטארק ענטוויקעלט, דאס אוגוסטוס האט געפונען פיר נעטיג צו גרינדען אן עפענטליכע ביבליאטהעק פיר דאס פאלק מיט א גרויסער זאמלונג פון אלערליי ביכער. די קיסרים נאך אוגוסטוס'ן האבען דאס זעלבע געטאן. מיט דער צייט אבער האט די שטיצע, וואס די קיסרים און די רייכע לייט האבען פערשאפט דער ליטעראטור, געהאט א שרעקליכען איינפלוס אויף איהר. די שרייבער האבען צו פיעל געשמייכעלט און גע'חנפ'עט די קיסרים און די רייכע לייט, וואס האבען זיי געשטיצט. די ליטעראטור איז געווארען א מיטעל צו קריגען געלט, די קונסט איז געווארען א בייזאך. דעריבער האט דאס פאלק קיין אינטערעס ניט געהאט פיר די נייע ליטעראטור און האט בעסער געלעזען די ביכער פון דער אלטער צייט, הגם זיי זיינען געווען הארט און שווער צו פערשטעהן.

דער איינציגער גרויסער עפיקער (פאעט, וואס שרייבט היסטארישע העלדען־געדיכטען) פון יענער צייט איז ווירגיל. זיין פולער נאמען איז. פובליוס ווירגיליוס מארא. ער איז געבארען געווארען אין יאהר 70 פ. קר. אין אנדעס ביי מאנטוא. ער האט גע'ירש'עט

פון זיין פאַטער א קליינעם לאַנד־גוט. פון דיזען גוט האָט מען איהם ארויס־געטריבען בשעת אָקטאַוויאַנוס האָט צוטיילט צו זיינע אַלטע סאָלדאַטען פער־שיידענע גיטער. ער האָט עס אָבער גיך צוריק בעקומען. ער איז געשטאָר־בען אין יאָהר 19 פ. קר., ווען ער איז געפאָהרען צוריק פון זיין רייזע נאָך גריכענלאַנד. לויט זיין וואונש איז ער בעגראָבען געוואָרען ביי נעאַפעל, ביים וועג פון פוטעאָלי. זיין קבר קען מען נאָך יעצט זעהן דאָרט.



דער באָרגעסישער פעכטער.

ווירגיל איז ניט געווען קיין עכטער פּאָעט. ער פלעגט זעלטען שאַפען עטוואָס זעלבשטענדיגעס. ער האָט אימער געמוזט האָבען צו זיין שאַפען א מוסטער, א פאָרבילד. דער כבוד, וואָס מען האָט איהם געגעבען ביי זיין לעבען, האָט נאָך זיין טויט נאָך מעהר געשטיגען. אין מיטעלאַלטער האָט מען איהם גאָר פערגעטערט. אין דער נייער צייט איז מען צו איהם קעלטער געוואָרען. מען לויבט יעצט נאָר זיין געשליפענעם סטיל און די

ריינהייט פון דער שפּראַך. דיזעס איז איבערהויפּט צו בעמערקען אין זיין אֶ נ ע א י ד ע. אין דיזען ווערק איז צו בעמערקען אַלע מעלות און אַלע חסרונות פון דיזען שרייבער. די אֶנעאידע בעשרייבט די רייזע פון אֶנעאַס פון טראָיאַ נאָך רוים און די גרינדונג פון רוים. די אֶנעאידע פיר די רוימער איז דאָס זעלבע וואָס האָמער׳ס איליאַדע און אָדיססעע פיר די גריכען. אָבער עס איז דאָ אַן אונגעהייער גרויסער אונטערשייד צווישען די אונשטערבליכע ווערק פון האָמער׳ן און דעם געקינצעלטען סטיל פון ווירגיל׳ן. אין דער אֶנעאידע בעגעגענט מען אייניגע ערטער געשריבען אין אַ הויכען פּאָעטישען סטיל, וואו עס וואָלט בעסער געפּאַסט אַן איינפאַכע, נאַטירליכע, ניט קיין אָנגעבלאָזענע שפּראַך. עס זיינען דאָ אין דער אֶנעאידע שטעלעס, וועלכע רופען אַרויס אַ שמייכעל מיט זייער אָנגעבלאָזענעם סטיל. דאָס וואָרט „גוואַלטיג" געברויכט ער ניט ווענינער ווי 152 מאָל אין דיזען ווערק, און דיזעס שוואַכט אָפּ די ווירקונג פון דעם אינהאַלט.

דעם זעלבען פעהלער איז צו בעמערקען אין זיינע אידילעס, די „בוקאָליקאַ", וועלכע זיינען אַ נאָכאַהמונג פון טהעאָקריט׳ן. דאָס נאַטורלעבען, וואָס איז דער הויפּט=כאַראַקטער און אינהאַלט פון אידילעס, איז ביי ווירגיל׳ן געפּוצט, געקינצעלט, בילדער פון זיין פאַנטאַזיע, ניט קאָפּיעס פון דער נאַטור. פיעל בעסער זיינען די „געאָרגיקאַ", 4 ביכער איבער ערד=אַרבייט. דיזע ביכער בעהאַנדלען אַגריקולטור, פלאַנצונג פון ביימער און פיה=צוכט, ווי אויך די ערציהונג פון בינען. אויך אין די געאָרגיקאַ איז אָפטער די בעשרייבונג צו לאַנגווייליג און צו לאַנג, אָבער די פיינהייט פון דער שפּראַך און די פאָרמע פון ערקלערונג פערגיטיגען דיזע חסרונות.

פיעל העכער פון דעם עפּאָס (העלדען=געדיכט) איז ביי דעם רוימער געשטאַנען די לירישע פּאָעזיע. צו שרייבען לידער איז ביי די רוימער געווען אַ טייל פון אַלגעמיינער בילדונג. דער ערסטער ווירקליך גרויסע ליריקער איז געווען ביי די רוימער ג אַ י ו ס ו ו אַ ל ע ר י ו ס ק אַ ט ו ל ל ו ס. וועגען זיין לעבען ווייסען מיר זעהר וועניג. ער איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 86 פ. קר. אין ווערָאָנאַ און איז געשטאָרבען אין יאָהר 57 פ. קר. די פאַמיליע זיינע איז געווען זעהר אָנגעזעהן און פערמעגליך. די עלטערן האָבען איהם געגעבען די מעגליכקייט צו פיהרען אין רוים אַן אַנשטענדיגעם לעבען. זיינע לידער זיינען דורכגעדרונגען מיט וואַהרען געפיהל. אין דיזער הינזיכט איז קיין רוימישער פּאָעט ניט געווען גלייך מיט איהם. דער אויסדרוק פון זיינע ליידען איז אַן עכטער, ניט קיין געקינסטעלטער. זיינען געדיכטען זיינען מעהרסטענס ליבע=לידער. זיי אַלע זיינען געווענדט

צו אַ געוויסער לעסביאַ, אַ דאַמע פון אַ הויכער געזעלשאַפט. ער האָט זי לאַנג שטערבליך געליבט, ביז זי האָט אָנערקענט, דאָס זי איז זיין ליבע ניט ווערט.

דער צווייטער גרויסער רוימישער ליריקער איז געוועזן קוויִנטוס האָראַציוס פלאַקקוס. ער איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 65 פ. קר. אין ווענוזיאַ, וואָס אין אַפּוליען. צוזאַמען מיט פיעלע



ווירגיל.

אַנדערע יונגע לייט איז ער אַריין אין די רייהען פון די קריגער, וועלכע האָבען געמאַכט זייער אויפגאַבע צו שטרייטען פיר די זינקענדע רעפּובליק. אָבער אין דער שלאַכט ביי פיליפּפּי איז ער ענטלאָפען און איז צוריק אין רוים געקומען. דאָרט האָט ער געפונען זעהר טרויעריגע אומשטענדען. זיין פאָטער איז געשטאָרבען און דאָס קליינע לאַנד־גוט, וואָס איז געבליבען נאָך זיין טויט, האָט מען צוגענומען. די נויט האָט איהם געצוואונגען זיך צו

בעשעפטיגען מיט שרייבען לידער און דערפון זיך ערנעהרען. דאָס האָט גע-פיהרט דערצו, דאָס ווירגיל איז געוואָרען זיין פריינד. דיזע פריינדשאַפט איז געוועז זעהר וויכטיג פיר איהם, ווייל דורך ווירגיל'ן איז ער בעקאַנט געוואָרען מיט מאָצענאַס'ן, וועלכער האָט איהם זעהר ליב בעקומען און האָט איהם געשענקט א לאַנד-גוט, וועלכעס איז בעקאַנט מיט דעם נאָמען „ס א ב י-נ ו ם". דיזעס לאַנד-גוט האָט געזיכערט זיין עקסיסטענץ און ער איז געוועז אין שטאַנד זיך אין גאַנצען איבערגעבען צו דער דיכט-קונסט און צום שטודיום פון פילאָזאָפיע. לידער איז האָראַציוס פלוצלינג געשטאָרבען אין יאָהר 8 פ. קר.

ווי האָראַציוס זעלבסט ערצעהלט, זיינען די פליגלען פון זיין פאָעזיע שטאַרק בעשניטען געוואָרען פון דער נידערלאַגע ביי פיליפּפּי. דאָך איז צו בעמערקען פון אַלע זיינע דיכטונגען א קלאָרען שאַרפען גייסט און א ריינעס רוהיגעס הערץ, וועלכעס קיינע אומשטענדען פון לעבען זיינען ניט אין שטאַנד געוועזען צו מאַכען טריב. ער האָט געהאַט די מעלה, וואָס ער האָט זיך זעלבסט גוט געקענט און האָט גוט געוואוסט, ווי בעשרענקט דאָס מענשלי-כע וויסען איז. ער פלעגט זעהר אָפט רעדען וועגען זיך זעלבסט מיט הומאָר און איראָניע, און דעריבער איז ער אַזוי בעליבט ביי אַלע, וואָס שטודירען די אַלטע רוימישע ליטע-ראַטור.



האָראַציוס.

צוערסט איז האָראַציוס אַרוים מיט זיינע ס א ט י ר ע ס. אין זיי האָט ער געקריטיקירט ניט אַזוי פיעל די זינד, ווי די נאַרישקייטען פון זיין צייט. זיין סאַטירע שטעכט ניט, פערוואונדעט ניט, אין געגענטייל, זי גיט זעהר אָפט אַן אַנגענעהמע לעקציאָן בעווירצט מיט פילאָזאָפישען געזונדען פערשטאַנד. שאַרפער זיינען די ע פּ א ד ע ס (נאָכגעזאַנ-גען). די 4 ביכער פון זיינע אָ ד ע ס (לויב-געזאַנגען) שטאַמען פון שפּע-טערער צייט. דאָס פערפאַסען פון די אָדעס האָט פערנומען א צייט פון 13 יאָהר. די אָדעס זיינען מערקווירדיג דערמיט, וואָס אין זיי האָט די לאַטיינישע שפּראַך דערגרייכט א זעהר הויכען לירישען סטיל.

אויך אין דער ע ל ע ג י ע (קלאָג-ליד) האָבען די רוימער געציינט פיעל אָריגינאַליטעט, הגם עס איז אין זיי צו בעמערקען דעם איינפלוס פון די גריכען. דעם עכט רוימישען כאַראַקטער איז צו בעמערקען אין די עלעגיעס

פון ט י ב ו ל ל ו ס ׳ ן. אַלביוס טיבוללוס, וועלכער האָט געלעבט פון 54 ביז 19 פ. קר., האָט פריהצייטיג פערלאָזען זיין פאָטער, און דאָס האָט אין איהם ערוועקט אַ זאַנפטען שווערמוט, אַ נייגונג צו אַ שטילען נאַטור-גענוס מיט אַן עדלער בענקשאַפט צו איניגער ליבע. אין אַלע זיינע עלעגיעס הערשט דיזער גייסט. זיי זיינען צאַרט, נאַטירליך, איינפאַך אין זייער פאָר-שטעלונג. דיזע אַלע אייגענשאַפטען זיינען בעקליידט אין זעהר אַ ריינער שפּראַך.

מעהר ליידענשאַפט ענטהאַלטען אין זיך די עלעגיעס פון ס ע ק ס ט ו ס פּ ר אָ פּ ע ר צ י ו ס, וועלכער האָט געלעבט אונגעפעהר פון 49 ביז 15 פ. קר. זיינע פיער ביכער עלעגיעס זיינען דורכגעגליהט מיט זעלטען-פייער, זיין שפּראַך בעזיצט אַ קרעפטיגע מענשליכע שענהייט. זיינע בילדער זיינען



אָוויד.

ניט קיין פאַנטאַסטישע, נאָר רעאַלע,ווירקליכע, אַליין דורכגעלעבטע. דאָס איז דער גרונד, וואָרום גראַדע דיזער דיכטער האָט געהאַט אויף גאָטהע׳ן אַזאַ גרויסען איינפלוס און האָט אויף איהם געמאַכט אַזאַ טיפען איינדרוק, דאָס ער האָט איהם בעגייסטערט צו איינער פון זיינע שענסטע שאַפונגען, נעמליך צו די רוימישע עלעגיעס.

אָבער דער בעדייטענדסטער פון אַלע רוימישע עלעגיעס-דיכטער איז אָנערקענט פּ ו ב ל י ו ס אָ וו י ד י ו ס נ אַ ז אָ. ער איז געבאָרען גע-וואָרען אין יאָהר 43 פ. קר. אויגוסטוס האָט איהם פיר עפּעס (מען ווייס ניט עד היום פיר וואָס) פיינד געקריגען און האָט איהם פערשיקט נאָך ט אָ מ י ביים שוואַרצען מעער. אַלע זיינע בעמיהונגען האָבען איהם ניט געהאָלפען

קריגען די ערלויבנים צוריק אין רוים צו קומען. ער איז געשטאָרבען 17 יאָהר נ. קר. זיינע ווערק צייכנען זיך אויס מיט אן עלעגאַנטער פאָרמע, פלי-סענדער שפּראַך, מיט וויץ, גייסט, שאַרפער בעאָבאַכטונג, אָבער זעהר אָפט פעהלט אין זיי מענליכקייט, קרעפטיגע געזינונג.

פון די בעלעהרענדע דיכטער פערדינט בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט ט י ט ו ס ל ו ק ר ע צ י ו ס ק א ר ו ס, וועלכער האָט געלעבט פון 98 ביז 55 פ. קר. ער האָט געשריבען דאָס בעריהמטע ווערק „איבער די נאַטור פון די זאַכען". ער בעהאַנדעלט די נאַטוראַליסטישע וועלט-אַנשויאונג און ער ערקלערט די וועלט-ענטשטעהונג מיט דער אַטאָמען-טהעאָריע. הגם דער גענענשטאַנד זעלבסט איז טרוקען, האָט ער איהם געמאַכט אָנציהענד און אינטערעסאַנט. איבערהויפּט זיינען זעהר אינטערעסאַנט זיינע שילדערונגען פון ערדציטערניסען, שטורמס און געוויטערן. פון דער נאַטור געהט דער פּאָעט איבער צו דער ערקלערונג פון דער ענטשטעהונג פון דעם מענשען און זיין ענטוויקלונג, איבערהויפּט זיין בירגערליכע און געזעלשאַפטליכע ענטוויקלונג, די ענטשטעהונג פון קונסט און רעליגיאָן; ער שילדערט די צושטערנדע מאַכט פון תאוות, און ריהמט דעם יעניגע ן צושטאַנד פון דער נשמה, וועלכער גיט דעם מענשען די קראַפט צו זיין הערשער איבער זיינע ליידענשאַפטען. פאַר'ן טויט איז לויט איהם זיך ניטאָ וואָס צו שרעקען, ווייל בעת דער מענש לעבט, איז ניטאָ דער טויט, און נאָך דעם טויט איז שוין קיין מענש ניטאָ, עס איז שוין ניטאָ ווער עס זאָל עטוואָס פיהלען. וועגען שטראָפען אויף יענער זייט קבר איז זיך ניטאָ וואָס צו שרעקען. עס איז ניט מעהר ווי אן איינבילדונג, א פאַנטאַזיע. אַלץ, וואָס עקסיסטירט אין דער וועלט, מוז אונטערגעהן, אַלע פאָרמעס מוזען פערשווינדען, אונשטערבליך איז נאָר דער וועלט-אַל. עס איז מערקווירדיג, דאָס הגם דער אינהאַלט פון זיין פּאָעזיע איז פילאָ-זאָפיע, איז עס דאָך אויסגעדריקט לייכט, אינטערעסאַנט און אָנציהענד. ער האָט דרייסט בעקעמפט די פערדאָרבענהייט פון די זיטען פון זיין צייט, און די הבלים און אבערגלויבענס, וואָס די רעליגיאָן האָט פערשפּרייט.

אין דער שפּעטערער צייט זיינען געווען בלויז נאָך צוויי בעדייטענדע סאַטיריקער: פ ע ר ס י ו ס פ ל א ק ק ו ס און י ו נ י ו ס י ו ב ע נ א-ל י ס. דער ערסטער האָט געלעבט אין דער צייט פון 34 ביז 69 נ. קר. פון איהם האָבען מיר יעצט נאָר 6 סאַטירעס. אין זיי דריקט ער קלאָר און שאַרף אויס זיינע סטאָאישע געזינונגען, זעהר אָפט מיט פעראַכטונג צום לעבענדען דור. די שפּראַך איז דונקעל, די פּערזאָנען זיינען בעשריבען און כאַראַקטע-ריזירט זעהר שוואַך. פיעל בערידמטער פון פלאַקקוס'ן איז י ו ב ע נ א ל י ס

(געבאָרען אין 49, געשטאָרבען אין 130 נ. קר.). פון איהם האָבען מיר 16 סאַטירעס, אין וועלכע ער שילדערט די זיטען־פערדאָרבענהייט פון זיין צייט אין שרעקליכע בילדער. זיין טאַלענט אַלס פּאָעט איז ניט אזוי גרויס ווי זיין מוט, מיט וועלכען ער האָט געשילדערט די שרעקליכע פערדאָרבענהייטען.

גאַנץ אַנדערע געפיהלען בעגעגנען מיר אין די סאַטירישע עפּיגראַמען פון מ אַ ר ק ו ס  וו אַ ל ע ר י ו ס  מ אַ ר צ י אַ ל י ס. ער האָט ניט געקענט געבען זיינע סאַטירעס אַ טיפע מאָראַלישע בעדייטונג, ווייל ער זעלבסט איז געווען כאַראַקטערלאָז. מיט בייסענדער איראָניע פערשפּאָטעט ער די געמיינע און נידערטרעכטיגע, אָבער ער טוט עס ניט אום די געזעל־שאַפט צו פערבעסערן, נאָר אום זיי זייערע בילדער אין שפּיגעל צו צייגען, דאָס זיי זאָלען אַליין נאָך מעהר צופרידען זיין פון זייער פערדאָרבענהייט. זיין פערדאָרבענער כאַראַקטער צייגט זיך נאָך אָפענער און קלאָרער אין די עפּיגראַמען, וואָס ער האָט געשריבען וועגען דאָמיציאַן׳ען און זיינע בעאַמטע. דאָמיציאַן און זיינע העלפער ווערען פון איהם געשילדערט אַלס די בעסטע רעגירער. עס פערשטעהט זיך, דאָס ער האָט די לייט אויס אייגעננוץ גע־שמייכעלט. מען קען ניט לייקענען, דאָס זיינע עפּיגראַמען זיינען אַ קוועלע פון וויץ און הומאָר איבער דער געזעלשאַפט פון זיין צייט. די אַלע עפּיגראַ־מען־שרייבער פון אַלע צייטען האָבען זיך בענוצט מיט זיינע געדאַנקען און זיינע וויצען. מאַרציאַלים איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 42 נ. קר. אין ביבילים אין שפּאַניען און איז געשטאָרבען אין יאָהר 102 נ. קר.

אין פאַבעל־דיכטונג האָט דער פרייגעלאָזענער שקלאַף  פ אָ ד ר ו ס זעהר בעדייטענדעס אין דער רוימישער ליטעראַטור אריינגעבראַכט. ער איז געבאָרען געוואָרען אין מאַצעדאָניען, איז וואהרשיינליך פריה נאָך רוים גע־קומען און האָט גיך בעקומען אַ צוטריט צו אויגוסטוס׳ן, וועלכער האָט אָנער־קענט זיין טאַלענט און האָט איהם בעפרייט פון שקלאַפעריי. צוליב זיינע פאַבלען איז ער אַרויסגעשיקט געוואָרען פון לאַנד, ווייל איינער פון אויגוס־טוס׳עס פריינד האָט זיך געפונען אָנגעגריפען אין זיי. שפּעטער האָט ער בעקומען די ערלויבנים צוריק נאָך רוים צו קומען. פאָדרוס איז געווען דער ערסטער, וואָס האָט עזאָפּוס׳עס פאַבלען אין לאַטיין איבערגעזעצט און האָט זיי צוגעגעבען אַ רוימישען קאָלאָר. אייגענעס איז דאָרט דאָ זעהר ווענינ. דער סטיל איז טרוקען, די שפּראַך איינפאַך, אָבער ריכטיג. מיר וועלען דאָ געבען אַ ביישפּיל פון זיינע פאַבלען.

## אַ קוה, אַ ציג, אַ שאָף און אַ לייב.

ס'איז קיינמאָל ניט גוט צו מאַכען אַ בונד מיט אַ מעכטיגען,
דיזע פאַבעל בעשטעטיגט דיזע וואַהרהייט.
אַ קוה, אַ ציעג, אַ שאָף, די אימער רוהיגע,
האָבען געמאַכט אַ בונד מיט'ן לייב און זיינען מיט איהם אַוועק אין וואַלד.
דאָרט האָבען זיי געכאַפּט אַ גרויסען הירש,
און האָבען זיך גענומען טיילען. זאָגט דער לייב:
„דעם ערסטען טייל נעהם איך, ווייל איך בין דאָך אַ לייב,
דעם צווייטען גיט איהר מיר, ווייל איך בין אַזוי מוטיג,
דער דריטער טייל קומט מיר, ווייל איך בין דער שטאַרקסטער,
אונגליקליך וועט דער זיין, ווער עס וועט אָנריהרען דעם פערטען“.
אַזוי האָט די גוואַלד־טאַט אַלץ צוגענומען פיר זיך.


קאָרנעליוס נעפּאָס.

ד י ג ע ש י כ ט ע ־ ש ר י י ב ו נ ג. דער ערסטער אין רוים, וואָס האָט אָנגעפאַנגען שרייבען געשיכטע, איז געוועזען דער בעריהמטער קריגס־קאָמאַנדיר ג א י ו ס י ו ל י ו ס צ אַ ז א ר. זיינע ביידע ווערק איבער דעם גאַללישען און ביר־גערליכען קריג געהערען צו דער בעסטער לאַטייני־שער פּראָזאַ. די אייגענשאַפטען, מיט וועלכע ער האָט זיך אויסגעצייכענט אַלס שטאַאטסמאַן און קריגער, נעמליך: זעלבסט־בעהערשונג און ענערגיע, לייכטען אַרויס פון זיינע שריפטען. זיין שפּראַך איז קלאָר און פּליסיג. פיעל אונבעדייטענדער איז ק אָ ר נ ע ל י ו ס נ ע פּ אָ ס (געבאָרען אין אויבער־איטאַליען 94 פ. קר., געשטאָרבען 24 פ. קר.). ער האָט פערפאַסט לעבענס־בעשרייבונגען פון בעריהמטע מענער, פון וועלכע מיר האָבען נאָר די ביאָגראַפיעס פון די בעריהמטע קריגס־קאָמאַנדירען.

ג א י ו ס ס אַ ל ל ו ס ט י ו ס ק ר י ס פּ ו ס (87—34 פ. קר.) בעשרייבט די פערשווערונג פון קאַטילינאַ'ן און דעם קריג מיט יוגורטהאַ'ן. זיין שילדערונג פון פאַקטען איז זעהר פערשיידען פון דער שילדערונג פון אַנדערע געשיכטע־שרייבער. ער מאַכט די ערצעהלונג זעהר לעבהאַפט. ט י ט ו ס ל י ו ו י ו ס האָט געשריבען די געשיכטע פון רוים זינט זי איז געגרינדעט געוואָרען. ער איז געבאָרען געוואָרען אין פּאַטאַוויום אין יאָהר 59 פ. קר. און איז געשטאָרבען אין יאָהר 7 נ. קר. פון די 142 ביכער, וואָס

ער האָט געשריבען, האָבען מיר נאָר אייניגע, נעמליך: פון ערסטען ביז דעם 10טען און פון דעם 21טען ביז דעם 45טען בוך מיט דעם אינהאַלט־פערצייכ־ניס פון די איבריגע ביכער. זיין שילדערונג איז לעבעדיג און זיין שפּראַך איז זעהר געשמאַק און ציהט צו דעם לעזער. ליידער זיינען דער שטאָף און די קוועלען, פון וואַנען ער האָט געשעפּט זיינע פאַקטען, ניט אימער ריכטיג און פערלעסיג. אויך פעהלט אין זיין סטיל זעהר אָפט די נע־טיגע קלאָרהייט.

זעהר וויכטיגע היסטאָריקער זיינען אויך געווען ג א י ו ס ק אָ ר־נ ע ל י ו ס ט אַ צ י ט ו ס און ג אַ י ו ס ס ו ע ט אָ נ י ו ס ט ר אַ נ־ק ו י ל ל ו ס. ביידע זיינען געווען ערנסטע אויפריכטיגע שרייבער, און



טאַציטוס.

האָבען פריי ארויסגעזאָגט, וואָס זיי האָבען געדענקט, ניט מורא האָבענ־דיג פאַר די מעכטיגע פּאָליטיקער פון זייער צייט. טאַציטוס'עס ערסטע שריפטען זיינען געווען די לעבענס־בעשרייבונג פון זיין שוויגער־פאָטער גאַיוס יוליוס אַגריקאָלאַ און דאָס ווערק ג ע ר מ אַ נ י אַ. אין דיזען ווערק האָט ער פאַר זיין פערדאָרבענעם דור פאָרגעשטעלט א בילד פון א קרעפטיגען, זיטען־ריינעם פאָלק; אין זיינע היסטאָריעס שילדערט ער די גע־שיכטע פון רוים פון נעראָ'ן ביז דאָמיציאַנוס'עס טויט. אין זיינע א נ נ א־

לען שילדערט ער די געשיכטע פון רוים אין דער צייט פון די קיסרים פון טיבעריוס׳ן אָן. ער בעווייזט, דאָס דער אונטערגאַנג פון דער רעפּובליק איז צו זוכען אין דער פערדאָרבענהייט פון די זיטען און אין דער שלעכטער ערציהונג. אַלס אַן עכטער רעפּובליקאַנער קוקט ער מיט בעגייסטערטרונג אויף די אַלטע פרייהייט. דאָך איז ער איבערצייגט, אַז דאָס קייזערטום איז אַ נויטווענדיגקייט. מיט דעם גאַנצען פייער פון אַן אַלטען רעפּובליקאַנער מאָלט ער אויס די פינסטערע צייט פון די ערסטע קיסרים מיט אַלע זייערע שרעקען און גרוילטאַטען, און ער שטעלט זי אַזוי לעבעדיג פאָר, דאָס דער לעזער ווערט פערציטערט פון שרעק און פון ערגערניס. זיין שפּראַך איז קרעפטיג און קלאָר, די שילדערונג איז זעהר אָנציהענד. דער צווייטער גאַיוס סועטאָניוס טראַנקווילוס האָט בעאַרבייט דעם זעלבען שטאָף אין זיינע לעבענס־בעשרייבונגען פון די ערסטע צוועלף קיסרים. זיין אַרבייט ציכענט זיך בעזונדערס אויס מיט דער קריטישער בעלייכטונג פון די קוועלען, פון וואַנען ער האָט געשעפּט, ווי אויך מיט דעם רייכטום פון זיין מאַטעריאַל.

די רעדע קונסט איז שטאַרק ענטוויקעלט געוואָרען ביי די רוימער פון דער צייט אָן פון די גראַקכען, ווייל די גרויסע פּאָליטישע און סאָציאַלע ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין רוים פון יענער צייט אָן, האָבען געפאָדערט טאַלענטפולע רעדנער, וואָס זאָלען זיין אין שטאַנד מיט איבערצייגענדע אַרגומענטען בעוועגען דאָס פאָלק עטוואָס גרויסעס צו טאָן און שטרייטען מיט די אַלע קרעפטען געגען די אונרעכטען, וואָס האָבען געהערשט אונטער דער פיהרונג פון דער אַריסטאָקראַטיע. דער גרעסטער רעדנער אין רוים איז געוועזען ציצעראָ. ער האָט דערלאַנגט דעם העכסטען פּונקט אין דער רעדע־קונסט. זיין גייסט, איז אַפילו ניט געוועזען קיין שעפערישער, אָבער ער האָט געהערט צו יענע טאַלענטען, וועלכע זיינען אין שטאַנד אַלץ זיך לייכט אָנצואייגנען און עס נאַכהער לעבעדיג, אַלס עטוואָס נייעס מיט גרויס פייער אַרויסצוגעבען. פון אַלע זיינע רעדעס זיינען אין אונזער צייט נאָר 51 איבערגעבליבען. ווען מען זאָל דיזע רעדעס פון ציצעראָ׳ן פערגלייכען מיט די רעדעס פון דעם גרויסען גריכישען רעדנער דעמאָסטהענעס, וועט מען זיך גלייך איבערצייגען, דאָס זיי שטעהען פיעל נידריגער. אין ציצעראָ׳ס רעדעס זעהט מען ניט די קראַפט פון איבערצייגונג, וואָס מיר געפינען אין דעמאָסטהענעס׳ רעדעס. אין ציצעראָ׳ס רעדעס איז זעהר אָפט צו בעמערקען, ווי פּוסטע, נאָר שענע פראַזעס פערדעקען די שוואַכקייט פון בעווייזען, אָבער מען מוז צוגעבען, דאָס זיי ציכנען זיך אויס מיט גלאַנץ פון שילדערונג.

פיעל שוואכער זיינען זיינע פילאזאפישע שריפטען. בעזונדערס גע־ריהמט זיינען די פינף ביכער איבער דאס העכסטע גוט און דאס גרעסטע איבעל, און די דריי ביכער איבער די פליכטען. א גרויסען קולטור־היסטארי־שען ווערט האבען די 774 בריף, וועלכע זיינען געבליבען פון איהם. דיזע בריף זיינען אן אמת'ער אוצר פיר דעם היסטאריקער. אין זיי געפינט זיך א מאסע מעאטעריאל וועגען אלעס, וואס עס האט געטראפען אין יענער צייט.

דער צווייטער וויכטיגער רעדנער אין יענער צייט איז געוועזן קווינ־טוס האָרטענסיוס האָרטאלוס. ער איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 114 פ. קר. און איז געשטאָרבען אין יאָהר 50 פ. קר. ציצעראָ זעלבסט האט איהם געריהמט אלס א גוטען רעדנער מיט אן אויסערגעוועהנלי־



סענעקא.

כער עלעגאנץ צום פאָרטראָגען. פון אלע רעדעס, וועלכע ער האט געהאלטען אין צייט פון 44 יאָהר, זיינען אונז אָנגעקומען נאָר איינינע ברוכשטיקער. פון די לעהרער, וואס האבען געלערנט די קונסט פון שען רעדען, איז דער וויכטיגסטער מארקוס פאביוס קווינטיליאנוס. זיין לעהרבוך, וואס ער האט געשריבען איבער דיזען געגענשטאנד, איז אויסגע־צייכענט גוט, מען קען עס נאך אפילו יעצט מיט נוצען לעזען. איבערהויפט איז אינטערעסאנט דאס צעהנטע בוך, וועלכעס ענטהאלט א גוטע בעאורטיילונג איבער די גריכישע און רוימישע שריפטשטעלער.

צו די גלענדצענדע פראָזאַאיקער פון יענער צייט געהערט דער בעריהמ־טער לוציוס אַננאַאוס סענעקאַ (געב. 4 פ. קר., געשט. 65 נ. קר.). ער איז געוועזן דער ערציהער פון קייזער נעראָ (נירון). סענעקאַ האָט געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף נעראָ'ס ערסטע רעגירונגס־יאָהרען. זיינע ווערק, פילאָזאָפישע אָפּהאַנדלונגען איבער צאָרן, איבער זעעלען־רוה, איבער די קורצקייט פון מענשען'ס לעבען א. אנד., זיינען ניט טיף, אָבער דערפאַר זיינען זיי זעהר רייך מיט פיעלע לעבענס־בעאָבאַכטונגען און צייגען אַרוים פיעל וויסען. זיינע ווערק איבער נאַטור־וויסענשאַפט זיינען פערלאָ־רען געגאַנגען צוזאַמען מיט פיעלע אַנדערע פון זיינע שריפטען. די אַכט טראַגעדיעס, וועלכע מען שרייבט צו צו איהם, זיינען נאָך דער מיינונג פון מבינים ניט פון איהם; זיי זיינען צו שלעכט פיר אַזאַ שריפטשטעלער ווי סענעקאַ און געהערען געוויס צו דער פעדער פון אַן אַנדערען.



קאַיוס פליניוס דער עלטערער.

דער בעדייטענדסטער נאַטור־וויסענשאַפטליכער שריפטשטעלער איז גאַיוס פליניוס סעקונדוס. פון איהם איז אונז געבליבען אַ גרויסעס ווערק פון נאַטורגעשיכטע אין 37 ביכער. דאָס ווערק בעשרענקט זיך אָבער ניט מיט דעם געגענשטאַנד, וואָס ווערט אַנגעצייגט דורך דעם טי־טעל, נאָר עס ברייננגט אויך פיעלעס איבער מעדיצין, קונסט, טיער־צוכט, ווי אויך לענדער־בעשרייבונג.

די גריכישע שריפטשטעלער אונטער דער רוימישער הערשאַפט האָבען נאָר אויף דעם פעלד פון געשיכטע אויסגעצייכענטע ווערק געשריבען. מיר האָבען שוין פריהער געשפּראָכען איבער פּאָליביוס'ן. דיאָדאָרוס

סיקולוס האָט געשריבען אַ געשיכטע־ביבליאָטהעק, **אין וועלכער ער** גיט אַ וועלט־געשיכטע ביז יוליוס צאֶזאַר. דיאָניסיוס פון האַליקאַרנאַססוס האָט געשריבען די אַלטע געשיכטע פון רוים ביז דעם יאָהר 264 פ. קר. פלוטאַרכוס פון כאֶראָנעאַ, **וועלכער איז געשטאָרבען** אין יאָהר 130 פ. קר., האָט געשריבען די ביאָגראַפיעס פון בעריהמטע שטאַאטס־מענער און קריגס־פיהרער. זיין ווערק ווערט פיעל געשעצט אויך אין היינטיגער צייט. פלאַוויוס אַרריאַנוס פון ניקאָמעדיען (געשט. 170 נ. קר.) האָט בעשריבען דעם. פעלד־צוג פון אַלכסנדר דעם גרויסען (אַלכסנדר מוקדון) נאָך אַזיען אין ריינער אַטטישער שפּראַך, און האָט זיך דערביי בענוצט מיט די בעסטע קוועלען. אַפּפּיאַנוס פון **אַלעקסאַנדריען,**



**שטיין־האַקער.** נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

**וואָס האָט געלעבט אין איין צייט מיט אַרריאַנוס'ן, האָט בעהאַנדעלט די געשיכטע** פון די דאַמאָלס בעקאַנטע לענדער ביז זיי זיינען אַרונטערגעפאַלען אונטער די רוימישע הערשאַפט. אָבער פון זיינע ווערק איז נאָר איבערגעבליבען די געשיכטע פון די בירגער־קריגען. דיאָ קאַססיוס פון אֶניצאָאַ (געשט. אום 229) האָט געשריבען אַ רוימישע געשיכטע אין 80 ביכער, אָבער אויך פון דיזען ווערק זיינען נאָר ברוכשטיקער איבערגעבליבען. דיזע אַרבייט צייכענט זיך אויס מיט אַ פּינקטליכער בענוצונג פון די קוועלען. די שפּראַך איז אָבער געקינסטעלט און אָנגעבלאָזען. **צווישען די בעדייטענדסטע** וויסענשאַפטליכע ווערק זיינען די שריפטען פון מאַרקוס טערענטיוס וואַררא פון רעאַטע (116—26 פ. קר.). **אי-**

בער די לאַטײנישע שפּראַך און איבער לאַנדבוי, און דאָס בוך פון דעם קריגס־בוימייסטער מאַרקוס וויטרוביוס פּאָלליאָ איבער די בויקונסט. פון די פּראַקטישע זאַכען, וואָס די רוימער האָבען געשאַפען, זיינען אייניגע זאַכען ווערט צו דערמאָהנען: דאָס האַרטמאַכען ציגעל דורך פייער, דאָס וואַסער־ראָד צו טרייבען אַ מיהל, די גרויסאַרטיגע בריקען, די געוועלבען, די וואַסער־לייטונגען א. אנד.

אין די אַלטע צייטען האָבען די רוימער ניט געהאַט קיין אַנשטענדיגע גאַסט־הייזער. זיי האָבען נאָר געהאַט שענקען פיר די נידריגע קלאַס צו טרינקען וויין. אָבער זיי האָבען פיעל געטאָן אום דעם האַנדעל און די קאָמוניקאַציאָן צווישען שטעדט און לענדער צו פערלייכטערן. אויסער די וועגען



**שמיד.** נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

און שאָסעען, וואָס זיי האָבען געבויט, האָבען זיי צוזאַמענגעשטעלט פערשיידענע וועג־קאַרטעס און סטאַציאָנס־פערצייכניסען, די וויטקייט פון איין סטאַציאָן ביז דער צווייטער, וואו מען קען האָבען אַ נאַכט קוואַרטיר און ד. גל. וויטערע רייזעס פלעגען זיי מאַכען אין וואָגענס אָדער רייטענדיג אויף פערד. די פערד פלעגען זיי בייטען אין יעדער סטאַציאָן, וואו עס האָבען זיך אויך געפונען לייט, וואָס האָבען געהאַלטען פערד און וואָגענס צו פערדינגען. ווען מען האָט געביטען די פערד אין יעדער סטאַציאָן, האָט מען געקענט פאָהרען 8 רוימישע מייל אין אַ שטונדע. צאַזאַר האָט דורכגעמאַכט אַ רייזע פון רוים ביז דעם טייך רהאָנע, דאָס איז אַ וויטקייט פון 807 רוימישע מיילען, אין וועניגער ווי אין 8 טאָג. קוריערען געשיקט פון שטאַאט זיינען נאָך שנע-

לער געפּאָהרען. קיין פּאָסט, ווי אין אונזערע צייטען, האָבען זיי ניט געהאַט. האָט אימיצער געהאַט אַ בריף צו בעזאָרגען, האָט ער דאָס דורך שקלאַפען גע-שיקט. אויב ער האָט קיין אייגנע שקלאַפען ניט געהאַט, האָט ער געדונגען אַ פרעמדען'ס שקלאַף. שפּעטער איז איינגעריכטעט געוואָרען אַ פּאָסט פיר שטאַאַטס־בעאַמטע. אַוגוסטוס האָט איינגעריכטעט פּאָסטען פיר יעדע שטרע-קע פון 7 טאָג רייזע, אום מען זאָל דאָרט קענען איבערנעכטיגען, מיט אַלע נעטיגע זאַכען דערצו. אויך האָט ער איינגעאָרדענט קלענערע סטאַציאָנען צו בייטען די פערד. די הויפּט אויפזעהער אויף דיזע סטאַציאָנען זיינען געווען די שטאַאַטס־קוריערען, וועלכע האָבען בעזאָרגט אַלע נעטיגע בעפעהלען פון דער רעגירונג און פון די בעאַמטע פון אַנדערע שטעדט אָדער פּראָווינצען. טראַיאַן האָט דיזע איינריכטונג נאָך מעהר פערפאָלקאָמט. ער האָט איינגע-טיילט דאָס לאַנד אין פּאָסט־בעצירקען מיט אַן אויבער־פּאָסט מייסטער.



וויין־וואָגען. נאָך אַנטיקער פאָרשטעלונג.

ווייל עס איז נאָך דאַמאָלס קיין דרוקעריי ניט געווען, האָבען זיי גע-מוזט זוכען אַנדערע מיטלען, אום עטוואָס דעם פּובליקום בעקאַנט צו מאַכען. מען פלעגט צו דיזען צוועק שיקען אין די גאַסען אַן אויסרופער, וועלכער האָט מודיע געווען די איינוואוינער פון עטוואָס וויכטיגעס אָדער אינטערע-סאַנטעס. אַנדערע פלעגען אָנקלעפען אָן די ווענט די בעקאַנטמאַכונג, וואָס זיי האָבען אויפגעשריבען, אום די דורכפאָהרער זאָלען עס לעזען. אין די אויסגראָ-בונגען פון דער שטאָדט פּאָמפּעאי האָט מען געפונען אויף אַ וואַנט אָנגעקלעפּט אַ בעקאַנטמאַכונג: „געה, וואַנדערער, פון היר ביז צום צוועלפטען טורם, דאָרט האַלט סערוויניוס אַ ווייננהויז. געה און לעב וואויל.” דער שטאַאַט האָט געהאַט עפענטליכע אָנשלאַג־זיילען מיט ווייסע טאַפלען פיר דיזען צוועק,

און דיזע זיילען פלעגען זיי אפט פערדינגען צו פריוואט-לייט אום אנ-צוקלעפען אויף זיי זייערע בעקאנמאכונגען. אום צו פערשפרייטען ליטע-ראַרישע ווערק פלעגען די בוכהענדלער איינלאדען איינינע געבילדעטע שקלאפען, וואס האבען געהאט א גיכע און גוטע האנטשריפט; איינער האט זיי דיקטירט און זיי אלע האבען געשריבען. מיט דיזען אופן פלעגען פערטיג ווערען איינינע עקזאמפלארען פון א ווערק מיט איין מאל. עס איז א וואונ-דער, וואס זיי זיינען דאמאלס ניט געקומען צו דער אידעע ארויסגעבען א צייטונג מיט דיזען אופן. דער, וואס האט געמאכט דעם ערסטען שריט צו דיזער נויטווענדיגקייט, איז געווען יוליוס צאזאר, וועלכער האט געגרינדעט די „פאסירונגען פון טאג" אין יאהר 59 פ. קר. די קיסרים נאך איהם האבען עס מעהר און מעהר ענטוויקעלט. די „פאסירונגען" האבען ענטהאלטען אין זיך די רעגירונגס-האנדלונגען, די וויכטיגסטע נייסען, וואס עס האבען זיך געטראפען אין קייזערליכען הויז, און שטאדט-נייס. דאס זעלבע האבען גע-טאן די העכערע בעאמטע אין דער פראווינץ.

3) צייט פון די קיסרים ביז די רייכס-טיילונגען. (284—14 פ. קר.)

מיר קעהרען זיך צוריק צו דער פאליטישער געשיכטע פון רוים אום זי גיך צו ענדיגען און זיך נאך דעם בעשעפטיגען מיט דער ענטוויקלונג פון דער עקאנאמישער זייט פון רוימישען פאלק. די גאנצע וייטערע גע-שיכטע פון רוים האט פיר אונז קיין גרויס אינטערעס. זי קען אין אונז איינ-פלעסען ניט מעהר ווי האס און פעראכטונג. זי איז פול מיט פערשיידענע עקעלהאפטע אינטריגעס אין קייזערליכען הויף, מיט מאיעסטעט-פראצעסען, מיט קאנפיסקירען פרעמדע רייכטימער, מיט הינריכטונגען פון אונשולדיגע בירגער, מיט זעלבסט-מארדען. מיר בעגעגנען ניט מעהר פערזאנען און כאראק-טערען, וואס זאלען אין אונז ערוועקען אכטונג און בעוואונדערונג. דער גרעסטער טייל פערזאנען, וואס שטעהען ביים רודער פון דער רעגירונג און שטאאט, זיינען טיגערן אין געשטאלט פון מענשען, מענשען מיט א וואהנ-זיניגען בלוט-דורסט, מיט אונגאטירליכער אויסגעלאסיינקייט, מיר די אפשיי-ליכסטע תאוות. דאס האט זיך שוין ארויסגעצייגט ביי די ערסטע נאכפאל-גער פון אוגוסטוס'ן.

דער צווייטער קייזער אין דער רוימישער מלוכה, טיבעריוס, איז אלט געווען 56 יאהר, ווען ער איז געקומען צו זיין הערשאפט. ער איז געווען א פאלשער מענש דורך און דורך. זיין פאלשע פערזאן האט צו קיינעם קיין צוטרויען ניט געהאט. ער האט אלעמען חושד געווען. איז אימיצער מיט

וואָס עס איז גרויס געוועזן, אָדער האָט אימיצער עטוואָס געטאָן, וואָס מען האָט עס איהם געקענט רעכנען פיר אַ פערדינסט, איז ער שוין גע-וועזן אייפערזיכטיג אויף איהם. אַזוי האָט זיך אין איהם ענטוויקעלט אַ כאַראַקטער פון מענשען-האַס און גרויזאַמקייט. זיין ערסטער אָפּפער איז געוועזן גערמאַניקוס, דער זוהן פון זיין ברודער דרוזוס. באַלד, ווי גערמאַניקוס האָט ערהאַלטען דעם אויבער-בעפעהל איבער די לעגיאָנען



**טיבעריוס.** ביוסט אין מוזעאום פון לואווער.

אין גערמאַניען, האָט ער שוין געהאַט גרויס ערפאָלג. ער איז באַלד אַריבער דעם טייך רהיין און האָט זיך פערבונדען מיט סעגעסטעס'ן אום מיט אַלגע-מיינע קרעפטען צו פערניכטען אַרמיניוס'ן, דעם בערוסקער פירסט. דאָס ערסטע איז איהם געלונגען צו נעהמען געפאַנגען אַרמיניוס'עס טהוסנעלדאַ, וועלכע ער האָט שפּעטער געבראַכט אין רוים מיט נאָך איינינע געפאַנגענע פרויען צו פערציערען זיין טריאומף. נאָך דעם איז ער אַריין אין טעאוטאָבור-

גער וואַלד און האָט דאָרט מיט גרויס פּאַראַד בעערדיגט די ביינער פון די רוימישע סאָלדאַטען, וועלכע זיינען געפאַלען אין שלאַכט מיט 6 יאָהר צוריק, און עס איז ניט געווען ווער עס זאָל זיי בעגראָבען. נאָך דיזער בעגרעבניס האָט ער אָנגעגריפען אַרמיניוס׳ן. די שלאַכט האָט גאָר ניט ענטשיידען און גערמאַניקוס האָט זיך צוריקגעצויגען. אַ יאָהר שפּעטער איז גערמאַניקוס ווידער אַריבער דעם רהיין. ער האָט דערלאַנגט ביז צו דעם טייך וועזער און האָט אַרמיניוס׳ן שטאַרק צוקלאַפּט. ער וואָלט זיכער דייטשלאַנד בעזיגט, ווען טיבעריוס וואָלט איהם ניט אין מיטען אָפּגערופען צוריק.

טיבעריוס האָט שוין לאַנג מיט אייפערזוכט געקוקט אויף די ערפאָלגען פון גערמאַניקוס׳ן. און אין גרונד גענומען איז גערמאַניקוס ווירקליך געווען אַ געפעהרליכער קאָנקורענט פיר דעם קייזער. אין דער צייט, ווען טיבעריוס איז אַרויף אויף דעם טראָן, האָבען די לעגיאָנען אין דייטשלאַנד געמאַכט אַן אויפשטאַנד, ווייל זיי האָבען געוואָלט, דאָס דער טראָן=פאָלגער זאָל זיין זייער געליבטער קאָמאַנדיר גערמאַניקוס. עס האָט געהערשט דאַמאָלס אַ מיינונג אין רוים, דאָס מען זאָל מעהר ניט שטרעבען צו פערברייטערן די הערשאַפט פון רוים אין נייע לענדער און מען זאָל זיך בעסער נעהמען איינאָרדנען די שוין איינגענומענע פּראָווינצען. מען האָט גערמאַניקוס׳ן גערופען פון דייטשלאַנד און מען האָט איהם געשיקט אין אָריענט (אין די מזרח=לענדער). דאָ האָט איהם קנעיוס פּיזאָ, דער סירישער שטאַטהאַלטער, פון וועג אָפּגעראַמט. די מיינונג פון פאָלק אין יענער צייט איז געווען, דאָס עס איז געווען דער בעפעהל פון טיבעריוס׳ן.

נאָך דעם טויט פון גערמאַניקוס׳ן איז טיבעריוס געוואָרען דעספּאָטישער. ער האָט איינגעריכטעט אַ ספּעציעלעם געריכטס=הויז צו בעשטראָפען יעדען, ווער עס וועט זיך ערלויבען עטוואָס צו זאָגען געגען דער רעגירונג און געגען דער פּערזאָן פון קייזער. דערפון האָט זיך אָנגעהויבען צו בילדען אַ סיסטעם פון שפּיאָניזירען. שפּיאָנסטוואָ און מסירה זיינען געוואָרען אַ געשעפט, קיינער איז ניט געווען זיכער פון אַ מסירה און פון בעשטראָפט ווערען אונשולדיגערהייד. מסירה און שפּיאָנסטוואָ זיינען געווען דער בעסטער מיטעל צו געפינען חן ביי טיבעריוס׳ן און צו דערגרייכען אַ גוטע שטעלע. די אַלגעמיינע אונזיכערהייט האָט נאָך מעהר געשטיגען, ווען טיבעריוס האָט זיך צוריקגעצויגען און האָט זיך בעזעצט אויף דער שענער רייצענדער אינזעל ק א פּ ר ע אַ נעבען נעאַפּעל, און די רעגירונג אין רוים האָט ער איבערגעגעבען צו אַ ל י ו ס ס ע י אַ נ ו ס, דעם קאָמענדאַנט פון די פּראָטאָריאַנער (קייזערליכע לייב=וואַך). עס האָט קיין געזעץ, קיין

יושר, קיין אמת ניט געהערשט אין לאַנד, נאָר דער ווילען, דער דעספּאָטישער ווילען פון אַ פינסטערען הערשער, ווי סעיאַנוס איז געווען, וועלכער האָט דערצו געוואָלט ווערען אַליין־הערשער און טיבעריוס'ן אָפּראַמען פון וועג. ער האָט פערגיפטעט דרוזוס'ן, דעם זוהן פון טיבעריוס'ן, און האָט געוואָלט מיט געוואַלד דעם טראָן צונעהמען. אָבער טיבעריוס האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם, ווען עס איז נאָך געווען ניט צו שפּעט, און ער האָט איהם דורך דעם סענאַט אין געפענגניס אריינגעוואָרפען און דאָרט האָט מען איהם הינגע־ריכטעט. באַלד איז אַרוים אַ געזעץ, דאָס אַלע, וואָס האָבען אַנטייל גענומען אין דער טאַט פון סעיאַנוס'ן זאָלען הינגעריכטעט ווערען.

דער רוימישער היסטאָריקער סועטאָן שרייבט פאָלגענדעס וועגען דער דורכפיהרונג פון דיזען גרויזאַמען געזעץ. מען האָט גערופען זעהר פיעלע פון די אַדעללייט אין געריכטס־הויז וועגען דיזען אויפשטאַנד פון סעיאַנוס'ן. דיזע לייט האָבען פערשטאַנען מיט וואָס עס שמעקט, דאָס איידער דער פּראָ־צעס וועט זיך אָנפאַנגען, וועט מען זיי מאַטערן און פּייניגען מיט אַלערליי יסורים. דעריבער האָבען פיעלע בעשלאָסען זיך דאָס לעבען זעלבסט צו נעהמען איידער צו געהן אין געריכטס־הויז. פיעלע אָבער האָבען זיך נאָר פערוואונדעט און האָבען נאָך ניט בעוויזען זיך דעם טויט צו מאַכען. דיזע האָט מען פריהער גענומען צו פערהיילען אַ ביסעל די וואונדען, אום מען זאָל זיי קענען נעהמען צום פערהער. האַלב־טויטע, גוסס'ע האָט מען זיי אין דעם הינריכטונגס־קערקער געוואָרפען. דאָרט האָט מען זיי געמאַטערט מיט פערשיידענע יסורים ביז זיי האָבען זייערע נשמות אויסגעהויכט. אין איין טאָג האָט מען מיט אַזאַ אופן 20 פּערזאָן אומגעבראַכט. אונטער זיי זיינען אויך געווען קינדער און פרויען. יונגע מיידלאַך האָבען די הענקער (תלינים) פריהער געשענדעט און נאָכדעם ערמאָרדעט. ווער עס האָט געוואָלט פרייוויליג בעסער שטאַרבען האָט מען איהם מיט געוואַלד געצוואונגען צו לעבען, אום מען זאָל איהם קענען מאַטערן און נאָך דעם אומברייננגען דורך אַ שרעקלי־כען טויט.

די שטעלע פון סעיאַנוס'ן האָט פערטראָטען סערטאָריוס מאַקראָ. ער האָט נאָך מעהר פון זיין פאָרגענגער געפּלאָגט און געמאַטערט אונשולדיגע בירגער, איבערהויפּט פון העבערען שטאַנד. ער האָט געהייסען ערמאָרדען אַגריפּפּינאַ'ן און איהרע צוויי עלטערע זיהן, און ענדליך האָט ער אויך געוואַגט די פּערזאָן פון קייזער זעלבסט אָנצוגרייפען. טיבעריוס האָט פערלאָזען זיין געליבטע אינזעל און איז אוועק אויף אַ לאַנד־גוט ניט ווייט פון מיזענום. דאָ איז ער איינמאָל געפאַלען אין אָהנמאַכט פון אַלטער־שוואַכ־

קייט. דאַן האָט מאַקראָ אָנגעוואָרפען אויף איהם אייניגע דעקעס און האָט איהם דערשטיקט.

פון גערמאַניקוס'עס זיהן איז נאָר איינער געבליבען, נעמליך גאַיוס צאָזאַר. ער האָט יעצט דעם טראָן בעשטיגען אונטער דעם נאָמען ק אַ ל י ג ו ל אַ. דיזען צונאָמען האָבען איהם געגעבען די לעגיאָנען, וואָס זיינען געשטאַנען אין גערמאַניען, ביים רהיין, ווען ער איז דאָרט געווען אַמאָל אַלס אינגעל. ער איז געווען אַ האַלב־משוגע'נער פירסט, און האָט זיך איבערגעגעבען צו אַלע אויסגעלאַסענהייטען. ער האָט זיך געשטעלט גלייך מיט דעם גאָט יופיטער און האָט געפאָדערט, דאָס אַלע זאָלען איהם געבען געטליכע עהרע. ער האָט געלאָזען ערמאָרדען אַלע זיינע קרובים, אויסער זיין אונבעדייטענדען אָנקעל קלאַודיוס. דעם אונגעהייערען רייכטום, וואָס טיבעריוס האָט אָנגעזאַמעלט און וועלכער איז געווען מעהר פון צוויי מיליאַרדען און 7 מיליאָנען סעסטערציעס, האָט ער פערשווענדט אין אייניגע יאָהר. אום ער זאָל קענען פייערן אַ טריאומף־צוג, האָט ער אונטערגענומען אַ פעלד־צוג נאָך גערמאַניען און בריטאַנניען. ער האָט אָבער קיין שטרייט ניט געפיהרט. ער האָט נאָר געהייסען די סאָלדאַטען אָנקלייבען אַ סך מושעלן אויף די ברעגען פון ים און האָט אָנגעהאַנדעלט פיעלע געפאַנגענע, אום זיי זאָלען איהם דינען אַלס צייכען פון זיג ביים טריאומף־צוג. ענדליך האָט ער אָנגעהויבען צו שטיקען און מאָרדען אויך די הויכע נאָהענטע בעאַמטע, אָבער עס איז ענטשטאַנען אַ פערשווערונג, דורך וועלכע ער איז געפאַלען.

נאָך קאַליגולאַ איז געוואָרען קייזער זיין אָנקעל ק ל אַ ו ד י ו ס. ער איז געווען דער ערסטער הערשער וועמען די פּראָטאָריאַנער האָבען אַרויפגעזעצט אויף'ן טראָן, ווייל ער האָט געשענקט גנאַדע צו פיעלע, וואָס זיינען געווען פערפאָלגט פון פריהער. ער האָט גענומען דעם טיטעל צ אֶ ז אַ ר צו זיין נאָמען, אַ טיטעל, פון וועלכען עס שטאַמען די היינטיגע בעצייכנונגען „קייזער” און „צאַר”. קלאַודיוס איז געווען אַ מענש מיט אַ שוואַכען, אונענטשלאָסענעם כאַראַקטער. זיינע מיניסטאָרען האָבען אַליין געפיהרט די ממשלה. די מיניסטאָרען פאַללאַס און נאַריציססוס, וועלכע האָבען ניט געשטאַמט פון אַדעל, נאָר זיי זיינען געווען פריי־געלאָזענע שקלאַפען, און זיין אויסגעלאַסענע פרוי מעססאַלינאַ האָבען איהם אין גאַנצען בעהערשט און האָבען מיט איהם געמאַכט וואָס זיי האָבען געוואָלט. לויט דער שילדערונג פון דעם בעריהמטען רוימישען סאַטיריקער יובענאַל, האָט זיך דיזע אייניגע מאָל ביי נאַכט פערקויפט אין אַן עפענטליכען הורען־הויז אום איהר אונערזעטליכע תאוה צו ערפילען. זי האָט זיך ערלויבט מיט אַ ריטער עפענטליך צו היי-

ראטען, ווען איהר מאַן, דער קייזער קלאַודיוס, איז ניט געווען אין שטאָדט. זי איז דערפאַר פער'משפט געוואָרען צום טויט. איהר אָרט האָט פערנו-מען זיין קוזינע אַ ג ר י פּ פּ י נ אַ די איינגערע. זי איז געווען זעהר הערשזיכטיג און האָט געשפּילט אין הויף די הויפּט-ראָלע. זי האָט געווירקט אויף דעם קייזער, ער זאָל אַדאָפּטירען (אָננעהמען אַלס זיין קינד) איהר זוהן נערא פון ערסטען מאַן. מורא האָבענדיג, דאָס קלאַודיוס וועט נאָך חרטה האָבען פון זיין בעשלוס און וועט צוריקציהען די אַדאָפּציאָן, האָט זי קלאַו-דיוס'ן אָפּגעראַמט פון וועג דורך גיפט (54 נ. קר.).

נ ע ר אָ ק ל אַ ו ד י ו ס צ אָ ז אַ ר האָט איבערגענומען די רעגירונג אָהן אַ שום שטערונג און האָט זי געפיהרט ביז דעם יאָהר 68 נ. קר. אָנ-פאַנגס איז זיין רעגירונג געווען מילד און מעסיג, ווייל ער האָט זיך אין אָנפאַנג געפונען אונטער דעם איינפלוס פון זיין לעהרער דעם סטאָאישען פילאָזאָף לוציוס אַננאָאוס סענעקא. אָבער עס איז איהם צו-ווי-דער געוואָרען זיין אונטערוואָרפען אונטער זיין לעהרער און ער האָט זיך אָפען ארויסגעוויזען אַלס אַ טיראַן. די וועלט-געשיכטע קען ניט נאָך אַזאַ גרויזאַמען טיראַן ווי נערא איז געווען. צו-ערסט האָט ער פערגיפטעט זיין האַלב-ברודער ב ר י ט אַ נ נ י ק ו ס, ווייל זיין מוטער אַגריפּ-פינאַ האָט איהם אָנגעשראָקען, דאָס זי וועט די-זען ארויפזעצען אָנשטאָט איהם אויף'ן טראָן. נאָך דעם האָט ער געפלאַנט זיין מוטער צו ער-



נערא.

מאָרדען. זי האָט זיך איינינע מאָל מיט חכמה אויסגעדרעהט פון זיינע הענט. ענדליך איז ער זי אָפען בעפאַלען אין איהר צימער און האָט זי געטויט. אויך זיין ווייב אָקטאַוויאַ האָט ער געטויט פון כעס. ער האָט דאַמאָלס געהייראַט פּ אָ פּ פּ אָ אַ ס אַ ב י נ אַ, וועלכע ער האָט שפּעטער אויך ערמאָרדעט. ווייל קיינער האָט ניט פּראָטעסטירט געגען זיינע מעשים תעתועים, האָט ער גערעכענט, דאָס ער האָט פאַר קיינעם ניט צו פירכ-טען, און האָט אָנגעפאַנגען צו לאַכען איבער די פריהעריגע קיסרים און האָט זיי גערופען נאַרען, פייגלינגען. ער האָט זיך בעריהמט, דאָס נאָר ער וויים, ווי די מאַכט פון אַ קייזער אויסצונוצען. אַזוי האָט ער נייו יאָהר כסדר געטריבען זיין טיראַניי אָהן אַ שום שטערונג.

נעראָ האָט ענדליך בעשלאָסען זיך צוריקציהען אַלס רעגירער און האָט זיך אַריינגענומען אין די געדאַנקען צו ווערען אַ זינגער און אַ שוישפּילער. די רעגירונג האָט ער איבערגעגעבען צו דעם אויבערסטען איבער די פּראָטאָ-דיאַנער, צו ס אָ פ אָ נ י ו ס ט י ג ע ל ל י נ ו ס. ער האָט ניט פערשטאַ-נען, ווי פיעל שאַנדע ער פערשאַפט דעם רוימישען פאָלק מיט זיין אַראָפּ-לאָזען זיך צו אַ בעשעפטיגונג, מיט וועלכער אין יענער צייט האָבען זיך נאָר שקלאַפען בעשעפטיגט. זיין קונסט אַלס שוישפּילער האָט ער ניט נאָר אין רוים געצייגט, נאָר ער האָט אויך אונטערגענומען אַ רייזע נאָך גריכענלאַנד, וואו ער האָט געוויזען זיין קונסט אין זינגען און שפּילען. דערווייל איז אין רוים פאָרגעקומען אַ גאַנצע רייהע פון מאַיעסטעט-פּראָצעסען און פון קאָנ-פיסקירען אייגענטום. אין יאָהר 64 נ. קר. האָט ער געהייסען רוים פער-ברענען אום צו האָבען דאָס פערגניגען אַ גרויסעם פייער צו זעהן. ווען דאָס פייער האָט געטאָן זיין צושטערונגס-ארבייט איז ער געזעסען גאַנץ רוהיג און האָט דעקלאַמירט פון האָמער'ס ווערק די שטעלע, וואו עס ווערט געשילדערט די צושטערונג פון טראָיאַ. אויב נעראָ איז ווירקליך שולדיג געוועזען אין דער גרויסער שרפה, אָדער עס איז געוועזען נאָר אַ בלבול אויף איהם, — גענוג איז אַז מען האָט איהם געקענט בעשולדיגען אין אַזאַ פערברעכען. די אַלגעמיינע אונצופרידענהייט האָט געשטיגען פון טאָג צו טאָג, און נעראָ האָט געפונען פיר נעטיג די שולד פון זיך אַראָפּצואוואַרפען און זי אַרויפוואַרפען אויף די קריסטען, וועלכע האָבען שוין דאַמאָלס גע-האַט אין רוים אַ קליינע געמיינדע. מען האָט דיזע אָנגעפאַנגען צו פערפאָל-גען. פיעלע פון זיי האָט מען איינגענעהט אין טיער-פעלען און געוואָרפען פיר הינט, אַנדערע האָט מען איינגעוויקעלט אין ברענבאַרע שטאָפען און צושטעלט אין קייזערליכען גאָרטען און מען האָט זיי אָנגעצונדען אום דעם גאָרטען צו בעלייכטען. דיזע גרויזאַמקייט האָט אויפגעבראַכט אַפילו דאָס רוימישע פאָלק, וועלכעס איז געוועזען געוועהנט צו זעהען די גלאַדיאַטאָר-קאַמ-פען און געפעכטען פון מענשען און ווילדע חיות.

די אָפּגעברענטע שטאָדט איז ווידער אָפּגעבויט געוואָרען מיט מעהר פּראַכט, ווי פריהער. איבערהויפּט איז בעריהמט געוואָרען דאָס גאָלדענע הויז פון נעראָ'ן. דאָס אינערע פון דיזען הויז איז געוועזען איבעראַל מיט גאָלד בעדעקט. די דעקעס (באַלקענס) פון דיזען פּאַלאַץ זיינען געוועזען גע-מאַכט פון פּלאַטען פון העלפאַנד-ביין מיט שמאָלע עפנונגען, דורך וועלכע עס האָט זיך פערברייטערט אין די צימערן דער גערוך פון די טייערסטע בלומען. איינער פון דיזע זאַאַלען האָט זיך טאָג און נאַכט בעוועגט אַרום

אָן אַקס, און האָט פאָרגעשטעלט די בעוועגונג פון דער וועלט. „ענדליך וועל איך קענען וואוינען ווי אַ מענש", האָט נעראָ געזאָגט, ווען דיזער פּאַלאַץ איז פערטיג געוואָרען. אויסער די אונגעהייערע סומעס, וואָס ער האָט פער־שווענדט אויף אויסבויען דיזען פּאַלאַץ, האָט ער נאָך פיעל מעהר פערשווענדט אויף אַנדערע זאַכען. די סומעס, וואָס ער פלעגט אויסגעבען אויף זיינע בעלער, זיינען פאַבעלהאַפט. עס פלעגט איהם זעהר אָפט איין באַל אָפּ־קאָסטען איבער 4 מיליאָן סעסטערציעס. וויפיעל האָט עס אָפּגעקאָסט זיין מעבעל, וואָס איז געווען בעדעקט מיט פערלמוטער און העלפאַנד־ביין, זיי־נע קליידער פון זייד און פורפור, וועלכע ער פלעגט מעהר ווי איין מאָל ניט אָנטאָן? די פערד, וואָס ער פלעגט פאָהרען מיט זיי, זיינען געווען אָנגע־טאָן אין גאָלדענעם פוץ. די צאָהל פון זיינע בעדינטע איז געווען אונגעוועהנ־ליך גרויס. אויף זיין קלענסטער רייזע פלעגען איהם בעגלייטען טויזענד קאַרעטען מיט בעדינטע. ניט ווענינער פון 5 טויזענד ריטער האָבען איהם אימער אויף זיינע רייזעס בעגלייט און האָבען זיך די מיה געגעבען איהם אַלערליי פערגניגענס צו פערשאַפען. ענדליך די אונגעהייערע מאַסען מתנות, וואָס ער פלעגט געבען צו מיידלאַך, שוישפּילער, מוזיקער און גלאַדיאַטאָרען. צווישען די מתנות זיינען אויך געווען גאַנצע הייזער, לאַנד־גיטער. דערצו קומען נאָך די פערשווענדונגען אויף פאָלקס־פערגניגענס. זעהר אָפט פלעגט ער ווארפען אין דער מאַסע פון פאָלק אָנווייזונגען אויף גאָלד, זילבער, היי־זער, גיטער, וועלכע ער פלעגט נאָך דעם אויסצאָהלען יעדען לויט דער אָנ־ווייזונג, וואָס יענער האָט אויפגעהויבען.

די פראַגע איז דאַמאָלס געווען: וואו שאַפט מען אַזוי פיעל געלט, אום דיזע אונזיכערע אויסגאַבען צו קענען דעקען? דער רייכער קייזערליכער פיס־קוס (קאַסע) האָט זיך אויסגעשעפּט. מען האָט געמוזט צוטראַכטען נייע קוועלען. נעראָ איז געפאַלען אויף אַ געדאַנק די מינצען צו פערקלענערן. ער האָט געהייסען פּרעגען פון אַ פונט זילבער 96 דענאַרען, אָנשטאָט וואָס פריהער האָט מען פון דיזען געוויכט געמאַכט 84. אָבער דער געווין איז געווען צו קליין און האָט וועניג פּראָפיט געבראַכט. דאַן האָט ער צוגעטראַכט אַ בעסערעס מיטעל געלט צו שאַפען. ער האָט בערויבט די אוצרות אין די טעמפּלען מיט די טייערע געטער־בילדער, און אויסער דעם האָט ער זיך גענומען צו ערבשאַפטען (ירושות). ער האָט אַרויסגעלאָזען אַ געזעץ, דאָס ווען אימיצער וועט אין זיין צוואה זיך צייגען אונדאַנקבאַר צום קיי־זער, וועט זיין גאַנצעס פערמעגען קאָנפיסקירט ווערען צו דער קייזערליכער

קאסע. עס פערשטעהט זיך, דאס ער אליין האט בעשימט, וואס עס הייסט דאנקבאר און ניט דאנקבאר.

אזא מין הפקר בעציהונג צו די רעכטען פון פאלק האט געמוזט ארויס-רופען א גרויסע אונצופרידענהייט און א פראטעסט, און ענדליך א פער-שווערונג. נערא אבער האט די פערשווערונג בעצייטענס ענטדעקט און האט זי דערשטיקט. באלד זיינען זיי פער׳משפט געווארען צום טויט. אונ-טער זיי איז אויך געווען דער דיכטער מ א ר ק ו ס א נ נ א א ו ס ל ו - ק א נ ו ס. אויך סענעקא דער פילאזאף איז געווען פעוויקעלט אין די-זער פערשווערונג. אום ניט אריינצופאלען אין נערא׳ס הענט, האט ער זיך דאס לעבען גענומען דורך דעם, וואס ער האט געעפענט זיין פולס-אדער און איז אפגעגאנגען מיט בלוט. אייניגע פון די פערשווארענע האבען בע-געגענט דעם טויט מיט מוט און זעהר קאלטבלוטיג. איין הויפטמאן, וועלכען נערא האט געפרעגט: ווארום ער האט זיך בעטייליגט אין דער פערשווערונג, האט געענטפערט: „דאס איז דער בעסטער דינסט, וואס איך האב דיר געקענט דינען". אן אנדערער האט געענטפערט אויף די זעלבע פראגע מיט דיזע ווערטער: „פון אלע דיינע סאלדאטען בין איך געווען דער געטרייסטער, כל זמן דו האסט פערדינט געליבט צו ווערען; אבער איך האב אנגעפאנגען דיך צו האסען, זינט איך האב זיך דערוואוסט, דאס דו האסט ערמארדעט דיין מוטער און דיין פרוי, און ווי דו ביסט אונפערשעמט געווארען א ציר-קוס-קוטשער, א שוישפילער און מארדברענער!" דיזער מאן האט קאלטבלו-טיג דעם טויט אין די אויגען געקוקט, מיט דעם העלדענמוט, מיט וועלכען פיעלע גוטע בעריהמטע רוימער האבען עס אפט געטאן. פיעלע האבען נאכגע-טאן סענעקא׳ן און האבען זיך זעלבסט דאס לעבען גענומען. אזוי האט אויך פעטראניוס געעפענט זיינע אדערן, האט געהייסען זיין שקלאף ער זאל איהם זינגען פרעהליכע לידער, ער האט פיעלע מתנות צוטיילט און האט אין זיין צוואה אויסגערעכענט פיעלע מעשים תעתועים, וואס נערא האט געטאן, און האט דיזע צוואה פערזיגעלט און צוגעשיקט צום טיראן.

הגם נערא האט פון דער פערשווערונג גוט פערשטאנען די שטימונג פון פאלק, האט ער אונטערגענומען א רייזע נאך גריכענלאנד, וואו ער האט אנ-טייל גענומען אין אלע פאלקס-שפילען אלס זינגער און וואגען-לויפער. לוי-פענדיג אין זיין וואגען איז ער איינמאל ארויסגעפאלען, דאך האט ער גע-וואונען דעם פרייז און דעם כבוד אלס זיגער. די גריכען זיינען שוין אויך ניט מעהר געווען די אלטע גריכען. מעהר פון 1,800 לארבער-קרענץ האט מען איהם דאמאלס געגעבען פיר זיין גרויסע קונסט. ער איז געווען אונפער-

שעמט זיינע געגנער פון דיזען פעלד־אָפּצוראַמען. אזוי האָט ער אין קאָ-רינטה עפּענטליך ערמאָרדעט אַ שוישפּילער, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין טאַלענט געגען איהם.

דערווייל איז אָבער די לאַגע אין רוים פיעל ערגער געוואָרען און נעראָ האָט זיך געמוזט צוריקקעהרען. ער האָט אַפילו איינגעאָרדענט אַ גרויסאַר-טיגען טריאומף־צוג, אָבער דאָס האָט שוין מעהר דעם פאָלק די אויגען ניט געקענט פערבלענדען. עס האָט געשטורמט אין רוים, עס האָט געשטורמט אין אַלע פּראָווינצען געגען די טיראַניי פון נעראָ'ן. די לעגיאָנען אין שפּאַניען האָבען זייער פעלדהערר ס ע ר וו י ו ס ס ו ל פּ י צ י ו ס ג אַ ל ב אַ אַלס קייזער אָנערקענט. אין רוים איז געוואָרען אַ שרעקליכער בונט און נעראָ האָט געמוזט זיך רעטען און ענטלויפען. אַלס ער האָט געזעהן, דאָס עס איז פיר איהם קיין רעטונג מעהר ניטאָ, האָט ער געהייסען מען זאָל איהם פערטיג מאַכען אַ קבר און ער האָט זיך זעלבסט דאָס לעבען גענומען. פאַר זיין טויט האָט ער אויסגעשריען: „די וועלט ווייס ניט, וואָס פיר אַ זשעניע אין קונסט זי פערלירט אין מיר!". ווען ער האָט געהערט, דאָס די רײַ-טער, וואָס זיינען געשיקט געוואָרען איהם צו פאַנגען, זיינען שוין נאָהענט, האָט ער זיין שווערד אין זיין האַלז אַריינגעשטעקט און איז געפאַלען (68 נ. קר.).

נאָך נעראָ'ן איז פון דער גאַנצער קייזערליכער פאַמיליע קיינער ניט געבליבען, וואָס זאָל קענען פערנעהמען זיין טראָן. דעריבער האָבען איי-ניגע שטאַטהאַלטער און פעלדהעררן געזוכט יעדער דעם לעדיגען טראָן צו פערכאַפּען. ווי מיר האָבען שוין פריהער ערצעהלט, איז גאַלבאַ פון זיינע לעגיאָנען ערוועהלט געוואָרען אַלס קייזער און דער סענאַט האָט עס בעשטע-טיגט. אָבער וויל גאַלבאַ האָט ניט געהאַלטען דאָס וואָרט, וואָס ער האָט געגעבען צו זיינע סאָלדאַטען, זיי צו געבען גרויסע מתנות, ווען דער סענאַט וועט איהם בעשטעטיגען, האָבען זיי איהם ערמאָרדעט. דאַן איז אַרויס דער שטאַטהאַלטער פון לוסיטאַניען, ס אַ ל וו י ו ס אָ ט ה אָ, און האָט אונ-טערגעקויפט די פּראַטאָריאַנער, אָבער די לעגיאָנען, וואָס זיינען געשטאַנען ביים רהיין, האָבען ערוועהלט צום קייזער זייער פעלדהערר אַ ו ל ו ס וו י-ט ע ל ל י ו ס. דערפון איז ענטשטאַנען אַ בירגער־קריג, וועלכער האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט. וויטעלליוס האָט בעזיגט נעבען קרעמאָנאַ די לעגיאָנען פון אָטהאָ'ן, וועלכער האָט זיך גלייך נאָך דעם דאָס לעבען גענומען. אָבער באַלד איז אויך וויטעלליוס פון טראָן אַרונטערגעוואָרפען געוואָרען. ער איז בע-זיגט געוואָרען פון ט י ט ו ס פ ל אַ וו י ו ס וו ע ס פּ אַ ס י אַ נ ו ס,

וועלכער איז דאמאלס געווען בעשעפטיגט מיט א קריג אין פאלעסטינא געגען די אידען, און ער איז אין דעצעמבער פון יאהר 69 ערמארדעט געווארען. אזוי איז וועספאסיאן געבליבען דער הערשער פון דער רוימישער אימפעריע.

וועספאסיאנוס איז געווען זעהר פעהיג, פערשטענדיג און טיכטיג. דערפאר איז זיין הערשאפט געווען א וואהרעס גליק פיר רוים. בעזונדערס האט עס רוים געפיהלט נאך דער גרויזאמער הערשאפט פון דעם טיראן נערא. די ערסטע טאט זיינע איז געווען אויפצוהייבען די ווירדע פון סענאט, וועלכע איז די לעצטע צייט פיעל ארונטערגעפאלען. ער האט צוגעגעבען צו איהם נייע מיטגלידער, וועלכע ער האט ערוועהלט פון די איטאליקער און פראווינציאלען. ער האט אפגעשאפט דאס מאיעסטעטס־געריכט, וואו מען פלעגט משפט'ן מענשען פיר בעליידיגונג פון דעם קייזער'ס עהרע. די שטאדט האט ער בעצירט מיט פערשיידענע גרויסארטיגע געביידעס, אונטער וועלכע דאס קאלאססעאום איז געווען דאס בעדייטענדסטע. דאס האט געפאדערט גרויסע מיטלען. דערצו האבען זיך שטארק פערמעהרט די אויסגאבען אויף די ארמעע, אויף די פאלקס־שפילען און אויף מתנות. ער איז געווען געצוואונגען צו מאכען געלט פון פערקויפען עהרען־שטעלען און ווירדעס (כבוד), האט געפיהרט גרויסע האנדעלס־געשעפטען, האט בעשטימט פיר שטאטהאלטער מענשען, וואס זיינען זעהר האבגיריג געווען, אום ער זאל זיי שפעטער אויספרעסען ווי א שוואם. עס איז דא נאך א פעהלער אויסצוזעצען געגען איהם, נעמליך: ער פלעגט שטרענג פערפאלגען יעדען, וואס איז געווען געזאנען פיר א רעפובליקאנישע רעגירונג.

אין אויסלאנד איז דער גלאנץ פון רוים אין דער צייט פון וועספאסיאנוס'ן זעהר הויך געשטיגען. אין זיין צייט איז געווען דער קריג מיט די אידען, וועלכער האט געהאט א גרויסע וויכטיגקייט אין דער רוימישער ווי אין דער אידישער געשיכטע, א קריג, וועלכער האט זיך געענדיגט מיט דער גענצליכער צושטערונג פון דער אידישער מלוכה. נאך דעם טויט פון דעם עניקעל פון הערארעס'ן (הורדוס) איז דאס לאנד יהודה געווארען א רוימישע פראווינץ, וואו רוימישע שטאטהאלטער האבען געהערשט. דיזע שטאטהאלטער האבען שרעקליך געדריקט און אויסגעזויגען דאס אידישע פאלק. אם ערגסטען און גרויזאמסטען האט די אידען בעהאנדעלט דער שטאטהאלטער געסיוס פלארוס. ער האט די אידען אזוי ווייט געטריבען, דאס זיי האבען געמאכט אן אויפשטאנד אונטער דער פיהרונג פון דער נאציאנאלער פארטיי, די צעלאטען, וועלכע האבען די רוימער פון לאנד ארויסגעטריבען. אין א קורצער צייט נאך דעם איז וועספאסיאנוס אנגעקומען אין פא-

לעסטינא. הגם אין ירושלים זיינען דאמאלס געווען צווישען די אידען 3 פארטייען, וואס זיינען געווען שרעקליכע פיינד צווישען זיך, האבען זיי דאך אלע זיך פעראייניגט צו קעמפען געגען די רוימער. אין דער שלאכט, וואס איז פארגעקומען צווישען די אידען און די רוימער, האבען די אידען געליטען א שרעקליכע נידערלאגע. 40,000 מאן זיינען געפאלען פון זיי אויף'ן שלאכט-פעלד און זיי האבען זיך געמוזט פערשליסען אין ירושלים און פערטיי-דיגען די הויפט-שטאדט מיט זייערע לעצטע קרעפטען. דערווייל איז וועס-פאסיאנוס ערוועהלט געווארען אלס קייזער און ער האט איבערגעגעבען די בעלאגערונג פון ירושלים אין די הענט פון זיין זוהן טיטוס. אין ירושלים האט זיך באלד אנגעהויבען פיהלען שרעקליכע נויט. די שטאדט איז געווען איבערפילט מיט מענשען און דער הונגער האט אנגעהויבען צו פערשפריי-



אידישע אפטיילונג פון דעם טריאומף-צוג אויף דעם טיטוס-בויגען.

טען אלערליי קראנקהייטען. דערצו האט דער האס פון די פארטייען פיעלע מענשען אומגעבראכט. טיטוס האט אנפאנגס פארגעשלאגען גנאדע צו די, וואס וועלען זיך פרייוויליג איבערגעבען. אבער די בעלאגערטע האבען פון קיינע קאנדיציאנען ניט געוואלט הערען. ענדליך האבען די רוימער איינגע-נומען דעם טעמפעל (בית המקדש), און 4 וואכען שפעטער, ד. ה. דען 8טען סעפטעמבער 70 נ. קר., האבען זיי אויך די שטאדט ירושלים איינגענומען. די רוימער האבען די בעזיגטע בעהאנדעלט גרויזאם. דעם בית המקדש הא-בען זיי פערברענט, די שטאדט צושטערט. פון די איינוואוינער האבען זיי פיעלע בעשטימט צום גלאדיאטאר-קאמף, פיעלע האבען זיי אוועקגעשיקט צו שווערע ארבייט אין די עגיפטישע שטיינגריבער, און די איבריגע האבען

זיי פערקויפט פיר שקלאפען, אויסער די יעניגע, וואס זיינען געווען איבער 70 יאהר אלט, ווייל קיינער האט זיי ניט געוואלט קויפען. איבער א מיליאן זיי-נען פון די אידען אין דיזען קריג אומגעקומען. נאך היינט דערמאהנט דער טרי-אומף-בויגען פון טיטוס'ן אין רוים דעם גרויסען אידישען בראך, און פיעלע פון די אידען, וואס וואוינען אין רוים, היטען זיך צו דורכגעהן אונטער דיזען בויגען. דער טריאומף-צוג פון טיטוס'ן איז געווען בעצירט אויסער דער מאסע געפאנגענע אויך מיט די כלי הקדש פון בית המקדש, מיט דעם שלחן הפנים, מיט דער מנורה, מיט די צוויי טרומייטערן (חצוצרות).

אויך די באטאווער, וועלכע זיינען דאמאלס געזעסען אין היינ-טיגען נידערלאנד (האללאנד) האבען דאמאלס געמאכט אן אויפשטאנד, ווייל זיי זיינען דאמאלס שטארק געדריקט געווארען פון דער רוימישער רעגירונג, וועלכע האט זיי בעלעסטיגט מיט שווערע שטייערן און מיט צו פיעלע רעקרו-טען פיר די רוימישער ארמעע. דיזער אויפשטאנד איז געווען פיר די רוימער דאמאלס זעהר געפעהרליך, ווייל די פיהרער פון דעם אויפשטאנד קלאו-דיוס ציוויליס האט צוגעצויגען צו זיך אויך די גערמאנישע פעלקער און די גאלליער. די רעבעלען האבען שוין איינִיגע שטעדט ביים רהיין ארײנ-געכאפט אין זייערע הענד. אבער ענדליך זיינען זיי בעזיעגט געווארען און די גאנצע פערבינדונג מיט די גערמאנען און גאלליער איז בטל געווארען. די באטאווער האבען געליטען א גוואלדיגע נידערלאגע ביי טריער און זיינען ווידער געווען געצוואונגען זיך אונטערוואַרפען אונטער דעם רוימישען יאך.

טיטוס, דער זוהן פון וועספאסיאנוס'ן, האט פארטגעזעצט די רעגירונג אין דער זעלבער ארט ווי זיין פאטער האט געפיהרט. ער האט געהערשט נאר 2 יאהר, פון 79 ביז 81 נ. קר. אין זיין יוגענד איז טיטוס געווען זעהר זיטענלאז. דאס פאלק איז געווען שטארק בעזארגט, ווען ער האט געדארפט בעשטייגען דעם טראן פון זיין פאטער, דאס זיי זאלען ניט ליידען פון זיין זיטענלאזיגקייט. אבער ער האט זיך באלד אין גאנצען געענדערט, ווי נאר ער איז געווארען קייזער. ער האט געהערשט מיט מילדקייט און מיט יושר. אבער אין דער צייט פון זיין רעגירונג האבען זיך געטראפען זעהר גרויסע אונ-גליקען אין רוים און אין אנדערע ערטער. אן אונגעהייערע שרפה און א פעסט האבען אנגעמאכט א גרויסען חורבן אין רוים, און דער וועזוביוס (פייערשפייענדער בארג) האט זיך צושפיעלט און האט פערשאטען 2 שטעדט: הערקולאנעאום און סטאביא.

ווייל דער פאקט פון דעם אונגליק פון די צוויי עבען דערמאהנטע שטעדט איז זעהר בעוואוסט, און ווייל דיזעס נאטור-עראייגניס איז געווא-

רען זעהר בעדייטענד פיר די וויסענשאַפט, וועלען מיר ברייננען אַן אויס־פיהרליכען בעריכט וועגען דעם פון אַן עדות פון דיזען אונגליק, נעמליך פון פּליניוס דעם איננערן, וועלכער האָט ביי דיזען אונגליק פערלאָרען זיין אָנקעל, און וועלכער האָט וועגען דעם געשריבען אַ בריף צו דעם גרויסען היסטאָריקער פון יענער צייט, צו טאַציטוס׳ן, וועלכער האָט איהם אָנגעפרעגט וועגען דעם.

„דו פערלאַנגסט", שרייבט פּליניוס צו טאַציטוס׳ן, „איך זאָל דיר אָפּשילדערן דעם טויט פון אָנקעל, אום דו זאָלסט מעהר וויסען פון איהם אין דעם קומענדען דור עם מיטצוטיילען. איך גיב דיר מיין דאַנק דערפאַר. מיין אָנקעל האָט זיך געפונען דאַמאָלס אין מיזענום. ער האָט געהאַט אַ בעפעהל וועגען דער פלאָטע. דעם 24טען אויגוסט אום 1 אוהר נאָך מיטטאָג האָט איהם מיין מוטער געזאָגט, דאָס עס ווייזט זיך אַן אונגעהייער גרויסער וואָלקען. מיין אָנקעל האָט זיך דאַמאָלס גראָדע בעשעפטיגט מיט שטודי־רען. ער האָט אָנגעטאָן זיינע שיך און איז ארויף אויף אַן אָרט, פון וואַנען מען האָט געקענט בעאָבאַכטען יענע וואונדערבאַרע ערשיינונג. ער האָט דערזעהן אַ וואָלקען, וועלכער האָט אויפגעשטיגען אין דער הויך (פון וועל־כען בארג האָט מען נאָך דאַן ניט געוואוסט. ערסט שפּעטער האָט מען ער־פאַהרען, אַז דאָס איז געווען פון דעם וועזוביוס). נאָך דעם האָט זיך דער וואָלקען צושפּרייט ווי צווייגען אין פערשיידענע ריכטונגען. די אויסזיכט פון דעם וואָלקען האָט זיך זעהר אָפט געביטען: אַ מינוט איז ער געווען העל און באַלד האָט ער זיך פערוואַנדעלט אין אַ דונקעלע מאַסע דורכגע־זעצט מיט פלעקען. מיין אָנקעל האָט בעשלאָסען דיזע ערשיינונג גענויער צו בעטראַכטען. ער האָט געהייסען אַ שיף צורעכט מאַכען אום צו דעם אָרט צו־צופאָהרען, פון וואַנען ער האָט געדענקט די ערשיינונג צו קענען בעטראַכטען גענויער, און ער האָט מיך אויך מיט זיך געוואָלט מיטנעהמען. איך האָב מיך ענטזאַגט צו פאָהרען מיט איהם, ווייל איך האָב בעסער געוואָלט מאַ־כען די אַרבייט, וואָס ער האָט מיר געגעבען צו טאָן פיר איהם (עטוואָס שרייב־אַרביים). ער האָט פערלאָזען דאָס הויז. אין דעם זעלבען אויגענבליק האָט ער ערהאַלטען אַ בריף, אין וועלכען די מאַטראָזען בעטען איהם ער זאָל זיי רעטען פון אונגליק, ווייל די שטאָדט ר ע ט י נ אַ, וואו זיי זיינען געשטאַנען, האָט ביים צושטערט ווערען פון דעם וועזוביוס. דער אָנקעל האָט באַלד גענומען אַ גרויסעס שיף אום צו רעטען רעטינאַ און אויך אַנדערע שטעדט, וואָס זיינען געווען אין געפאַהר פון וועזוביוס פערניכטעט צו ווערען. ער איז געלאָפען אַהין, פון וואַנען אַלע זיינען ענטלאָפען. ער

איז געקומען צום סאמע געפעהרליכען פונקט, און האט אהן שום מורא בעטראכט די פערשיידענע ענטוויקלונגס־שטופען פון דעם אונגליק און האט געמאכט בעמערקונגען וועגען דעם. הייסע, ברענענדע אש איז געפאלען אויף דאס שיף, און ווען ער איז נעהענטער צוגעקומען צום געפעהרליכען ארט, האבען שוין אנגעהויבען פאלען אויף דאס שיף הייסע שווארצע שטיי־נער. פלוצלינג האט דער ים אנגעהויבען אפצוטרעטען און דער בארג האט אנגעהויבען אין ים צו שטירצען. אנשטאט זיך צוריקצוקעהרען האט ער גע־געבען א בעפעהל צו טרייבען דאס שיף נאך סטאביא אום פאמפאניאנוס'ן צו הילף צו קומען, וועלכער האט זיין גאנצע האב און גוט שוין אויף די שי־פען געבראכט אום זיך צו רעטען פון דעם אונגליק. זיין אנקעל האט איהם אומגעארמט און האט איהם געטרייסט, און אום איהם צו בערוהיגען, האט ער איהם אריינגעפיהרט אין באד־צימער און האט איהם געהייסען נעהמען א באד. נאך דעם באד האט ער זיך געזעצט מיט איהם צום טיש, אום שפייז צו נעהמען, און האט געמאכט א פרעהליכע מינע."

„דערוויל האבען פון דעם וועזוביום אנגעפאנגען צו קומען נעהענטער צו זיי ברייטע און לאנגע פייער־פלאמען. אלס מיין אנקעל האט בעמערקט, דאס די הייזער, וואס זיינען געשטאנען ביים פוס פון וועזוביום זיינען שוין אין פלאמען, האט ער זיך דער רוה איבערגעגעבען און האט רוהיג איינגע־שלאפען. אבער דער פלאץ פאר דעם שלאף־צימער איז מיט יעדען אויגענ־בליק מעהר און מעהר פערשאטען געווארען מיט אש, אזוי דאס עס איז שוין כמעט ניט מעגליך געווען ארויסצוגעהען פון איהם און צוקומען צו איהם. פליניוס האט זיך דאן אויפגעכאפט פון שלאף און איז צוגעגאנגען צו פאמ־פאניאנוס'ן און די אנדערע, וועלכע זיינען געווען וואכענדיג. מען האט אנ־געפאנגען זיך צו בעראטען, וואס עס איז יעצט גלייכער צו טאן: בלייבען אין הויז אדער ארוים אויף דאס פרייע פעלד. איןביידע פעלען איז געווען א גרויסע געפאהר: אין הויז האבען די ווענט זיך געטרייסעלט און האבען יעדען אויגענבליק געדראהעט איינצופאלען און אלעמען צושמעטערן צום טויט, און אין פעלד איז געווען די געפאהר געטויטעט צו ווערען פון די הייסע שטיינער. ענדליך האט מען בעשלאסען צו לויפען אין פעלד. מען האט צו די קעפ צוגעבונדען קיסענס, אום דערמיט זיך צו שיצען געגען די שטיי־נער, וואס פאלען פון וועזוביוס. מען האט בעשלאסען מיט אלע קרעפטען צוצוקומען צום ברעג ים און צו בעטראכטען, אויב מען קען אויף'ן ברעג ים פאהרען. מען האט זיך באלד איבערצייגט, דאס צו פאהרען אויף'ן ים איז אונמעגליך. מיין אנקעל האט געלאזט אויסשפרייטען אויף דער ערד א

דעקע, ער האָט זיך צוגעלעגט און האָט פון צייט צו צייט געטרונקען וואַסער. פּלוצלינג האָבען אָנגעהויבען צו קומען שרעקליך גרויסע פלאַמען מיט אַן אונערטרעגליכען גערוך פון שוועבעל. מען האָט אָנגעפאַנגען צו לויפען און מיין אָנקעל האָט זיך פון דער ערד אויפגעהויבען. ער איז אָבער צוריק גע-פאַלען, ווייל די היץ און דער שוועבעל האָבען איהם דעם אָטעם פערכאַפּט. אויף דעם דריטען טאָג, אַלס עס איז העלער געוואָרען, האָט מען איהם גע-פונען אַ טויטען צוגעדעקט מיט דער דעקע. ער האָט אָבער אויסגעוויזען ניט ווי אַ געשטאָרבענער, נאָר ווי אַ שלאָפענדער".



אויסגראָבונג פון פּאָמפּעאי. דאָס אַמפיטהעאַטער.

מיט איינִיגע טעג שפּעטער איז דער וועזוביוס שטיל געוואָרען, און די אַלע, וואָס זיינען לעבען געבליבען, זיינען געגאַנגען זעהן, וואָס איז געוואָ-רען פון די הייזער. זיי האָבען דערזעהן, דאָס די הייזער אַלע זיינען פער-שאָטען און פערגאָסען מיט לאַווא. עס איז ניט געווען צו דענקען וועגען אויסגראָבען די פערשאָטענע הייזער. מען האָט בעשלאָסען צו בעזעצען זיך איבער-אַ-ניים ביים וועזוביוס און בויען נייע הייזער. מיט דער צייט האָט מען אין גאַנצען פערגעסען דיזע צוויי שטעדט. ערסט אין יאָהר 1748 האָט מען צופעליגערווייז דעם אָרט פון די צוויי פערשאָטענע שטעדט ענטדעקט, און מען האָט אָנגעפאַנגען אויסצוגראָבען די הייזער און אַנדערע זאַכען,

וואָס האָבען זיך געפונען אין דיזע צוויי פערשאָטענע שטעדט. ביז יעצט האָבען די פאָרשער ענטדעקט איין דריטעל פון איין פערשאָטענער שטאָדט. די ענטדעקונגען אין דיזען אָרט זיינען זעהר וויכטיג פיר די געשיכטע. דיזער דריטעל, וואָס מען האָט ביז יעצט אויסגעגראָבען, ענטהאַלט אַלע עפענטליכע פּלעצער און עפענטליכע געביידעס, ווי אויך פיעלע וואוינונג-הייזער און קראָמען. איבערהויפּט אינטערעסאַנט איז דאָס פאָרום-געביידע. דיזע מערקווירדיגע געביידע איז געוועזען פון דריי זייטען ארומגערינגעלט מיט דאָפּעלטע זיילען-רייהען, פון וועלכע די אונטערסטע זיינען געוועזען גע-מאַכט אין דעם דאָרישען סטיל, און די אויבערע אין דעם יאָנישען סטיל. ארום דעם זעלבען פּלאַץ האָבען זיך אויך געפונען זעהר פיעלע עפענטליכע געביידעס.

אויך איז זעהר וויכטיג צו דערמאָהנען די קברים-גאַס, וועלכע איז אויסגעפּוצט מיט זעהר שענע מאָנומענטען. זעהר אינטערעסאַנט איז א געביידע, וועלכעס איז געוועזען א פאַבריק מיט פיעלע וואוהנונגען פיר די ארבייטער. אויך פיעלע שמוקזאַכען, ווי בעכערס, וואַזעס, לייכטער, רינ-גען א. אנד. געמאַכט פון מעטאַלען, און צירונג, ווי: אָרמבענדער, האַלז-בענדער, אוירינגלאַך, האָט מען דאָרט געפונען.

מען האָט דאָרט אויך געפונען פערשטיינערטע קערפּערס פון מענשען, וועלכע ציינען, דאָס ניט אַלע האָבען זיך געראַטעט דורך ענטלויפען אזוי באַלד, ווי זיי האָבען בעמערקט, אַז דאָס אונגליק איז נאָהענט. זעהר וויכטיג זיי-נען די אויסגראָבונגען אין דער פערשאָטענער שטאָדט פּאָמפּעאי, וואו מען האָט געפונען זעהר פיעלע געמעלדעס (בילדער), וועלכע ציינען ווי ווייט עס איז געוועזען דאַמאָלס די מאַלער-קונסט ענטוויקעלט. צו די ענטדעקונגען פון פּאָמפּעאי געהערען אויך די בילדער פון וועלט-בעריהמטע טענצערקעס, וועל-כע זיינען וואונדערבאַר שען אין זייער קערפּער-פאָרם און זייערע בעוועגונ-גען.

נאָך דעם טויט פון טיטוס'ן איז אַרויף אויף דעם רוימישען טראָן זיין ברודער דאָמיציאַן, וועלכער האָט רעגירט פון 81 ביז 96 נ. קר. זיין רעגירונג איז געוועזען א פאָרטזעצונג פון די גרויזאַמקייטען און אויסגעלאַ-סענהייטען פון קאַליגולאַ'ן און נעראָ'ן. בעזונדערס גרויזאַם איז געוואָרען זיין רעגירונג פון דעם יאָהר 93, זינט ער האָט ענטדעקט א פערשווערונג געגען איהם. איבערהויפּט האָט ער פערפאָלגט די רייכע. אזוי ווי טיבעריוס, האָט דאָמיציאַן אויך געקוקט מיט קנאה אויף יעדע פּערזאָן, וועלכע האָט זיך מיט וואָס עס איז אויסגעצייכענט. דיזעס האָט ער בעזונדערס ארויסגע-

וויזען אין דעם קריג מיט די בריטאַנניער. אין דיזען לאַנד האָט גאַיוס יוליוס אַגריקאָלאַ, דער שוועהר פון טאַציטוס'ן, די אינזעל מ אָ נ אַ (היינט רופט זי זיך ע נ ג ל ס י) בעזעצט, און האָט פערברייטערט זיינע זיגען ביז ב אָ ד אָ ט ר י אַ (היינט: פ י ר ט ה אָ ו ו פ אָ ר ט ה), און האָט די קאַ-לעדאָניער אין אַ בלוטיגער שלאַכט אין יאָהר 84 שטאַרק צוקלאַפּט. עס פערשטעהט זיך, דאָס דיזע אַלע זיגען האָבען איהם גרויס כבוד פערשאַפט. דאָס האָט דאָמיציאַן ניט געקענט פערטראָגען; ער האָט איהם פון בריטאַנניען צוריקגערופען. און דערמיט האָט ער צושטערט אַגריקאָלאַ'ס פּלאַן אירלאַנד צו אונטערוואַרפען (85 נ. קר.).

דאַגעגען האָבען די קריגען, וואָס דאָמיציאַן זעלבסט האָט אונטערגענו-מען מיט די כאַטטען, סאַרמאַטען און דאַציער, איהם נאָר שאַנדע פערשאַפט. אין דעם קריג מיט די כאַטטען האָט ער געכאַפּט אַ שרעקליכע מפּלה. נאָכ-דעם האָט ער זיך גענומען צו די דאַציער. אָנפאַנגס האָט ער זיי פערטרי-בען איבער'ן דונאַי. זיי האָבען זיך אָבער באַלד פערשטאַרקט מיט גער-מאַנישע קריגער און דאַן האָבען זיי דעם קייזער אַזוי צוגעדריקט, דאָס ער האָט זיך געבעטען ביי זיי אום פרידען אויף זעהר שענדליכע קאָנדיציאָנען, אַפילו צו צאָהלען זיי יעהרליך טריבוט (מס). די גערמאַנען האָבען אָנגע-פאַנגען זעהר אָפט צו בעאונרוהיגען און צו בעפאַלען די רוימישע גרענעץ-שטעדט און דאָס האָט געצוואונגען די רוימער צו בויען אַ לאַנגע רייהע פעס-טונגען, אום צו בעשיצען די איינוואוינער געגען די גערמאַנען. די וויכטיג-סטע פון דיזע פעסטונגען זיינען געווען די, וועלכע מען האָט אויפגעשטעלט צווישען דעם רהיין און דעם דונאַי, פון קאָבלענץ ביז רעגענסבורג.

דאָמיציאַן איז ערמאָרדעט געוואָרען פון זיין ווייב, ווייל זי האָט דער-זעהן איהר נאָמען אויף דער ליסט פון פעראורטיילטע. אויף זיין אָרט האָ-בען די פערשוואָרענע ערוועהלט אַלס קייזער מ אַ ר ק ו ס ק אָ ק צ ע י ו ס נ ע ר ו ו אַ. אַלס ער האָט בעמערקט, דאָס נעבען איהם געהט אָן אַ שטאַרקע בעוועגונג, האָט ער אַליין בעשטימט צו זיך נאָך אַ מיט־רעגירער און נאָכ-פאָלגער, נעמליך א ו ל פּ י ו ס ט ר אַ י אַ נ ו ס, אַ געבאָרענעם שפּאַניער, וועלכער איז געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון די רוימישע לעגיאָנען ביים רהיין. נערוואַ איז געשטאָרבען אין 2 יאָהר נאָך דעם, ווי ער איז אַלס קייזער ער-וועהלט געוואָרען, און טראַיאַן האָט איבערגענומען די גאַנצע רעגירונג, וועל-כע האָט געדויערט ביז דעם יאָהר 117. אין זיין צייט האָט רוים ווייט פער-שפּרייט איהר הערשאַפט, און דער וואוילשטאַנד פון לאַנד האָט דערגרייכט זיין העכסטען פונקט. רוים האָט לאַנג געדענקט צו גוטען די צייט פון זיין

רעגירונג, אזוי דאס אין 250 יאהר שפעטער איז געווען א מנהג, דאס דער סענאט זאל ווינשען יעדען נייעם קייזער, ווען ער געהט ארויף אויף דעם טראן, מיט די ווערטער: „זיי גליקליכער פון אוגוסטוס'ן און בעסער פון טראיאנוס'ן". נאר צו קריסטען איז ער געווען זעהר שלעכט. ער האט זיי גערעכענט פיר א געהיימע סעקטע, וועלכע איז זעהר געפעהרליך פיר דעם שטאאט. די פראווינצען אין זיין צייט האבען ניט געפיהלט קיין דרוק און האבען געפיהרט א גליקליכעס רוהיגעס לעבען. ער האט געמאכט אין זייערע לענדער נייע וועגען און שאסעען, ער האט געגראבען נייע קאנאלען, געמאכט נייע בריקען, וואסער־לייטונגען א. ד. גל. ער האט פערקלענערט די שטייערן אין איטאליען און רוים, ער האט געגרינדעט נייע ביבליאטהעקען, דענק־מעלער און זעהר פיעלע וואהלטעטיגע אנשטאלטען.

טראיאנוס האט ערווארבען אייניגע נייע פראווינצען. אין צוויי שטרייטען האט ער געוואונען די לענדער, וואס ליגען צווישען דעם טייך דונאי און דעם שווארצען מעער, וואו די דאציער האבען געהערשט. דאן האט ער אונטערגעווארפען אונטער די רוימישע הערשאפט די ארמעניער. נאך דעם האט ער בעזיגט מעסאפאטאמיען, איז אריבער דעם טייך טיגרים (חדקל), האט איינגענומען קטעסיפאן, די הויפטשטאדט פון די פארטהער, און האט געצוואונגען דעם קעניג פון די פארטהער צו ענטלויפען. ער האט געדאכט נאך ערטער צו בעזיגען, אבער דער טויט האט געמאכט אן ענדע צו זיינע זיגען.

טראיאן'ס נאכפאלגער אויף דעם טראן איז געווען ה א ד ר י א ן (פון 114 ביז 138), זיינער א פערוואנדטער, אויך א שפאניער. אויך זיין רעגירונג איז געוועזן גליקליך פיר די רוימער. זיין אויסווערטיגע פאליטיק איז געווען צו לעבען אין פרידען מיט אלעמען. דעריבער האט ער אויפגעגעבען די אלע ערטער, וואס טראיאן האט בעזיגט, און אום אן ענדע צו מאכען צו די קריגען אין בריטאניען, גערמאניען און אויף יענער זייט פון דעם דונאי, האט ער געלאזט בויען א גאנצע רייהע פון פעסטונגען ביי די גרענצען פון דיזע לענדער. בלויז דאציען האט ער געלאזען פיר רוים, ווייל פיעלע רוימער האבען זיך שוין דארט בעזעצט און די פליכט פון דער רוימישער רעגירונג איז געווען צו בעשיצען די אינטערעסען פון די רוימישע בירגער אויף זייער נייעם וואוינארט. נאר איין קריג האט ער ניט געקענט אויסמיידען — דאס איז געווען א קריג מיט די אידען, וועלכע זיינען שרעקליך אויפגע־בראכט געווען אויף איהם דערפאר, וואס ער האט געמאכט ירושלים פיר א מיליטער־קאלאניע. דאמאלס האבען די אידען געמאכט אן אויפשטאנד

געגען האַדריאַנוס׳ן. דער אַנפיהרער פון דיזען אויפשטאַנד איז געווען דער בעגייסטערטער העלד ב ר כ ו כ ב א, וועלכער איז געווען, ווי אַנדערע גלויבען, א תלמיד פון ר׳ עקיבא׳ן. דריי יאָהר האָט געדויערט דער שרעקלי- כער קאַמף. טייכען בלוט זיינען פערגאָסען געוואָרען. עס זיינען אומגע- קומען פון די אידישע איינוואוינער ביז 580,000 מענשען. ירושלים איז ווידער איינגענומען געוואָרען און ווידער צושטערט געוואָרען. נאָכדעם האָט מען זי ווידער אויפגעבויט אַלס א רוימישע מיליטערישע קאָלאָניע אונטער דעם נאָמען אֶ ל י א ק א פּ י ט אָ ל י נ א. די אידען האָט מען דאָרט ניט ערלויבט צו וואוינען. מען האָט זיי אונטער טויט־שטראָף פער- באָטען צו בעטרעטען די שטאָדט.

אום בעסער צו וויסען, וואָס עס פעהלט די בירגער פון יעדער פּראָווינץ און מיט וואָס מען קען זיי דאָס לעבען בעסער און בעקוועמער מאַכען, האָט האַדריאַן אונטערגענומען אין דער צייט פון זיין רעגירונג פיעלע רייזעס איבער די פּראָווינצען. פיעלע פון די פּראָווינצען איז ער צופוס דורכגעגאַנגען אום צו וויסען דעם ריכטיגען צושטאַנד פון די איינוואוינער, וואָס עס פעהלט זיי און ווי און מיט וואָס מען קען זיי בעסער מאַכען. ער האָט בעשענקט רוים מיט פערשיידענע רייכע געביידעס, אונטער וועלכע איז אויך דער מאַוסאָלעאום, וואָס איז בעשטימט געווען פיר זיין קבר און וועלכער געפינט זיך נאָך היינט אין רוים אין גוטען צושטאַנד. ער האָט אויך פיעל געטאָן פיר די וויסענשאַפט דערמיט, וואָס ער האָט פערשאַפט אַלץ וואָס איז נעטיג צו די לעהר־אַנשטאַלטען פון רוים, אַלעקסאַנדריען, אַטהען און סמירנא. אויך האָט ער פיעל געטאָן פיר די יוריספּרודענץ דערמיט, וואָס ער האָט געלאָזען זאַמלען אַלע גרונד־פּרינציפּען פון די געזעצען פון אַלע צייטען און האָט זיי געלאָזט ערקלערען וויסענשאַפטליך. אָבער אין זיין לעבען איז פאַראַן אויך א זעהר דונקעלע זייט. ער איז געווען א שרעקליכער עהרגייץ און יעדען, וואָס האָט איהם געקענט שאַדען צו זיין כבוד, האָט ער געזוכט פון וועג אָפּ- צוראַמען. איהם האָט זיך געוואָלט זיין דער ערסטער אין אַלע צווייגען פון מענשליכען וויסען, און ווען אימיצער איז געשטאַנען העכער פון איהם אין וואָס עס איז, האָט ער איהם אָהן א פאַרוואָס ערמאָרדעט. אַן אַרכיטעקט, וואָס האָט זיך ערלויבט צו קריטיקירען זיין ווערק, האָט ער געלאָזט ערמאָר- דען. זיין גאווה איז געווען גרוים ביז צו דער שטופּע פון משוגעת. ער האָט זיך געהאַלטען פיר ניט קיין געוועהנליכעס בעשעפּניס. ווען ער האָט אויסגעבויט אין אַטהען א טעמפּעל, האָט ער געהייסען מאַכען דאָרט אַן אַלטאַר (מזבח) פיר איהם, מען זאָל אויף איהם קרבנות ברייננען צו איהם,

צו זיין נאָמען, ווי צו אַ גאָטהייט. נאָך זיין טויט האָט דער סענאַט זעלבסט ניט געוואוסט, ווי מען זאָל איהם אָנערקענען: אַלס אַ גאָט אָדער אַלס אַ משוגע׳נעם טיראַן. מען איז געניינט געוועזן דאָס לעצטע צו טאָן, נאָר דער נייער הערשער האָט שטאַרק געבעטען און מען האָט עס ניט געטאָן.

נאָך האַדריאַנוס׳ן האָט געהערשט אין רוים א נ ט אָ נ י נ ו ס פ י א ו ס (138—161). זיין רעגירונג איז געווען זעהר פרידליך און גליקליך פיר די רוימער. זיין געשיכטע איז פול מיט מילדקייט און זעגען. די וועלט האָט נאָר געהאַט וועגען איהם שבחים צו ערצעהלען. אין דעם זעלבען וועג, אין דער זעלבער ריכטונג האָט געפיהרט די ממשלה זיין אַדאָפּטירטער זוהן און נאָכפאָלגער מ אַ ר ק ו ס א ו ר ע ל י ו ס (161—180). דאָס איז געווען אַן אונגעוועהנליך עדעלער מענש מיט אַלע גוטע מעלות. אין זיין צייט האָבען די באַרבאַרען אָנגעפאַנגען צו שטורמען דאָס רוימישע רייך פון אַלע זייטען. אָבער ער האָט זיי אַלעמען גליקליך צוריק אָפּגעשטויסען. אין יאָהר 166 האָט ער געפיהרט אַ גרויסען קריג מיט די פּאַרטהער און האָט זיי גליקליך בעזיגט. אָבער דיזעס גליק האָט מיט זיך געבראַכט אַ גרויסעס אונגליק. די אַרמעע האָט מיט זיך, ווען זי איז צוריק פון שלאַכטפעלד גע־קומען, געבראַכט אַ שרעקליכע פּעסט, וועלכע האָט פערוויסטעט גאַנצע פּראָ־ווינצען. זעהר לאַנג האָט גענומען דער קריג מיט די פעלקערשאַפטען ביי דעם דונאַי. הגם ער האָט זיי פיעלע מאָל בעזיגט, האָט ער זיי דאָך ניט געקענט אין גאַנצען אונטערוואַרפען. אויף אַ פעלד־צוג אין פּאַננאָניען איז ער פּלוצלינג געשטאָרבען. ער איז געווען אַ פילאָזאָף, אַ דענקער, און האָט איבערגעלאָזען נאָך זיך אַ פילאָזאָפישעס ווערק געשריבען אין גריכיש וואָס ענטהאַלט זיינע זעלבסט־בעטראַכטונגען. דאָס איז אַ זאַמלונג פון ווירקליך גאָלדענע ווערטער. אין דיזען ווערק בעהאַנדעלט ער פריי די פראַגעס, וועלכע בעשעפטיגען יעדע מענשליכע נשמה.

נאָך מאַרקוס אורעליוס האָבען געהערשט אין רוים קיסרים, וועלכע ווערען געוועהנליך בעצייכענט אַלס סאָלדאַטען־קיסרים, ווייל זיי זיינען מעהרסטענס געקומען צו טראָן מיט דער הילף פון די לעגיאָנען, און זיינען פון די זעלבע לעגיאָנען ערמאָרדעט געוואָרען, ווען זיי זיינען געוואָרען אונ־בעליבט. עס איז געקומען דערצו, דאָס מען האָט אָנגעפאַנגען די הערשאַפט פערקויפען צו דעמיענינגען, ווער עס האָט מעהר געלט געגעבען צו די פּראָ־טאָריאַנער. אַן אַלטער סענאַטאָר ד י ד י ו ס י ו ל י א נ ו ס האָט צוליב געטאָן זיין ווייב און זיין טאָכטער און האָט געקויפט דעם טראָן, בעצאָהלענ־דיג 6,250 דענאַרען צו יעדען פּראָטאָריאַנער. ער האָט געהאַט אַ קאָנקו־

רענט, אָבער יענער האָט וועניגער געלט געבאָטען, און דער טראָן איז געבליבען ביי יוליאַנוס'ן. די לעגיאָנען, וואָס זיינען געשטאַנען אין דער פּראָווינץ, האָבען ערוועהלט אַן אַנדער קייזער, און אַזוי איז עס אָפט אויסגעקומען, דאָס רוים האָט געהאַט איינינגע קיסרים אין איין צייט מיט אַמאָל.

נאָך דעם טויט פון מאַרקוס אורעליוס האָט בעשטיגען דעם טראָן זיין זוהן לוציוס קאָממאָדוס אַנטאָניוס. דיזער איז געווען



מאַרקוס אורעליוס.

זעהר פערשיידען פון זיין פאָטער. ער האָט געשלאָסען מיט די מאַרקאָמאַנען, וועלכע מאַרקוס אורעליוס האָט איינינגע מאָל בעזיגט, אַ שענדליכען פרידען, אום גיכער נאָך רוים צו קומען און דאָרט אַלס קייזער זיך איבערגעבען צו די נידעריגסטע תאוות און פערגניגענס. ער האָט הויפּטזעכליך פערבראַכט ביי די גלאַדיאַטאָר־שפּילען און טיער־קאַמפען. ענדליך איז ענטשטאַנען אַ

פערשווערונג געגען איהם. ער האָט נעמליך געוואָלט טויטען איינינע פון זיינע פערטרויטע. דיזע האָבען קיין אַנדער מיטעל ניט געהאַט זיך צו רעטען, ווי דורך דעם טויט פון דעם טיראַן, און זיי האָבען איהם ווירקליך פון וועג אָפּגעראַמט. נאָך צוויי קורצע צווישען־רעגירונגען איז געוואָרען קייזער סעפּטימיוס סעווערוס (193—211). ער האָט פריהער געמוזט זיינע געגען־קיסרים אָפּראַמען פון וועג. דאַן האָט ער געפיהרט א גליקליכען קריג געגען די פּאַרטהער. די קריסטען האָט ער שטאַרק פערפאָלגט, און האָט אין פּאַלעסטינאַ ארויסגעגעבען א געזעץ, וועלכעס האָט פערוועהרט אידען אריבערגעהן צום קריסטענטום. ער איז געשטאָרבען אויף א פעלד־צוג אין בריטאַנניען. ער האָט געלאָזען א צוואה צו זיין זוהן מיט דיזע ווערטער: „האַלט די סאָלדאַטען וואַרם און דאַן האָסטו פאַר קיינעם אין דער וועלט ניט מורא צו האָבען.” דיזע ווערטער כאַראַקטעריזירען צום בעסטען די לאַגע פון יענער צייט.

זיינע נאָכפאָלגער, דער גרויזאַמער און נאַרישער זוהן זיינער קאַראַקאַללאַ (211—217) און זיין 14־יעהריגער גרויס־נעפע העליאָגאַבאַלוס (218—222), וועלכער איז געוועזען פריסטער פון דער זון אין אַנטיאָכיא, האָבען ניט לאַנג געהערשט. די פּראַטאָריאַנער האָבען זיי גיך פון וועג אָפּגעראַמט. די הערשאַפט פון קאַראַקאַללאַ איז אָבער מערקווירדיג געוואָרען דורך דעם, וואָס ער האָט אַלע פרייע איינוואוינער אין לאַנד געגעבען בירגער־רעכטען. נאָך זיי איז אַרויף אויף דעם טראָן דער 14־יעהריגער אַלכסנדר סעווערוס (222—235). ער איז געוועזען זעהר יונג, ער האָט אָבער געהאַט א קלוגע מוטער, וועלכע האָט איהם געפיהרט אויף'ן גלייכען וועג און האָט ענטוויקעלט אין איהם אַן עדעלען כאַראַקטער און פערשטאַנד. ער איז אָבער ניט אין גאַנצען פריי געוועזען פון שוואַכקייטען. זיין פעלד־צוג געגען די פּאַרטהער האָט געהאַט א זעהר קליינעם ערפאָלג. די סאָלדאַטען האָבען דאַמאָלס געשפּילט די הויפּט־ראָלע אין לאַנד. זייערע פאָדערונגען האָבען אַלע מאָל געשטיגען מעהר און מעהר, און הגם מען האָט זיי פיעלע מאָל נאָכגעגעבען, זיינען זיי אַלץ ניט צופרידען געוועזען, און האָבען ענדליך אויסגעלאָזען זייער כעס אויף אַלכסנדר סעווערוס, וועלכער האָט זיך דאַמאָלס גענומען פאַרצובערייטען צו א קריג מיט די גערמאַנען. דער פיהרער פון דעם בונד איז געוועזען מאַקסימינוס פון טהראַציען, א מאַן פון נידריגען שטאַנד און א גראָבען כאַראַקטער, אָבער א טיכטיגער קריגס־קאָמאַנדיר. ער האָט ערהאַלטען די הויפּט־מאַכט איבער די אַרמעע און האָט זיך מיט דיזער מאַכט בענוצט אום צו ווערען

הערשער אין לאנד. אין דער צייט פון זיין רעגירונג, וועלכע האט געדויערט פון יאהר 235 ביז 238, האט ער מוטיג געקעמפט און מיט גרויס גליק געגען די גערמאנען און סארמאטען. אבער דאס פאלק איז געווען זעהר אונצו-פרידען מיט איהם צוליב זיין גרויזאמקייט, האבזוכט און גראבקייט, און מען האט ערוועהלט אייניגע געגען-קיסרים. עס איז דערפון ארויסגעקומען א בירגער-קריג, אין וועלכען דער קייזער מאקסימינוס איז געפאלען.

נאך מאקסימינוס'עס טויט האבען איז א קורצער צייט געהערשט אייני-גע קיסרים און נאכדעם איז ארויף אויף'ן רוימישען טראן גאיוס מעס-סיוס דעציוס (251 ביז 279). ער איז געווען א טיכטיגער הערשער און קריגס-קאמאנדיר. ער האט נאר בעוויזען גרויסע גרויזאמקייט געגען קריסטען און איז געווען דער ערסטער, וואס האט געמאכט געגען זיי אן אלגעמיינע פערפאלגונג עפענטליך. אלס אויסנאהם איז ער געפאלען ניט פון די הענט פון די פראטאריאנער, נאר אין אן אנגריף געגען די גאטען. די נעכסטע דריי הערשער זיינען צום מאל ניט ווערט מען זאל זייערע נעמען דערמאהנען. — פון גאלליענוס'ן (260—268) האבען מיר נאך צו בעמערקען, דאס אין זיין צייט איז געווארען אין דער רוימישער אימפעריע א שרעקליכע אונארדנונג. עס האבען זיך אין איין צייט אויפגעהויבען אזוי פיעלע קיסרים אין פערשיידענע טיילען פון לאנד, דאס מען האט מיט רעכט געקענט אנרו-פען זייער פעריאדע: „די צייט פון 30 טיראנען". איינער פון זיי איז געווען אדענאטהוס פון פאלמירא. ער האט זיך אויסגעצייכענט דער-מיט, וואס ער האט פערטיידיגט רוים געגען דעם אנגריף פון די פערסיער און דאס האט איהם אזוי פיעל עהרע ביים פאלק פערשאפט, דאס גאלליענוס איז געווען געצוואונגען איהם אלס מיט-הערשער צו בעשטימען. אדענאטהוס איז געפאלען פון דער האנט פון זיינעם א קרוב, און זיין ווייב צענאביא האט מיט איהר פערשטאנד און ענערגיע דורכגעפיהרט, דאס איהר עניקעל איז ארויף אויף'ן טראן. צו די שטרייטיגקייטען וועגען דעם טראן זיינען צוגעקומען די בעפאלען פון די גערמאנען, פראנקען, אלעמאננען, גאטען און פערסיער, וועלכע האבען געפלינדערט און פערוויסטעט די פראווינצען. אויך האט געהערשט א שרעקליכע פעסט אין פערלויף פון 15 יאהר, וועלכע האט פערניכטעט מעהר ווי א העלפט פון די איינוואוינער אין די פראווינצען. קורץ, רוים האט דאמאלס געהאט די אונגליקליכסטע צייט אין איהר געשיכ-טע. גאלליענוס האט זיך אבער ווענינ געקימערט וועגען דעם. ער האט געפיהרט א פערשווענדערישעס לעבען און האט זיך שטארק איבערגעגעבען צו

תאוות ביז ער האָט געפונען זיין טויט דורך אַ פערשווערונג אין זיין אַרמעע אין דעם יאָהר 268.

דיזער צושטאַנד האָט זיך ניט פיעל געענדערט אונטער די קיסרים, וואָס האָבען געהערשט נאָך גאַלליענוס'ן, הגם געגען אויסערע פיינד האָבען זיי גליקליך געקעמפפט. ערסט אונטער ל. ד אָ מ י צ י ו ס אַ ו ר ע ל י אַ נ ו ס (270—273) איז געוואָרען אָן אָרדנונג אין די אינערליכע פערהעלטניסען פון דער מדינה. ער האָט אויפגעגעבען דאַציען, וואָס איז געלעגען אויף יענער זייט פון דעם דונאַי, דערפאַר אָבער האָט ער געשלאָגען די גאָטען און אַלעמאַננען און האָט זיי ווייט פערטריבען פון אויבער־איטאַליען, וואו זיי האָבען שוין געהאַט אַריינגעדרונגען. אום צו בעשיצען רוים פון די באַרבאַרען פון צפון, האָט ער זיי אַרומגערינגעלט מיט אַ נייער שטאַרקער מויער. ער האָט געמאַכט אַן ענדע צו דעם רייך פון פאַלמיראַ, וועלכעס אָדענאַטהוס האָט געגרינדעט דורך די פעראייניגונג פון סיריען, עגיפּטען און אַ טייל פון קליין־אַזיען. דיזע מלוכה האָט צענאָביאַ שטאַרק פערטיידיגט, אָבער ער האָט בעזיגט צענאָביאַ'ן אין צוויי שלאַכטען און זי האָט געמוזט ענטלויפען. אורעליאַנוס אָבער האָט זי געכאַפּט ביים ברעג פון אייפראַט (פּרת) און זי האָט געדינט אַלס צירונג ביי זיין טריאומף־צוג אין רוים. דער זיגער האָט אָבער געשוינט דאָס לעבען פון דער מוטיגער פרוי, און ער האָט איהר פערשאַפט אַ רוהיגעס לעבען. ער האָט געענדיגט זיין לעבען אויף אַ פעלד־צוג אין פּערסיען, וואו ער איז ערמאָרדעט געוואָרען פון דער האַנט פון אַ פריינעלאַזענעם שקלאַף, ווייל יענער האָט צו איהם געהאַט אַ פערזענליכען האַס. פון זיינע נאָכפאָלגער האָט זיך אויסגעצייכענט נאָר פּ ר אָ ב י ו ס (276—279). דיזער האָט אַרויסגעטריבען די גערמאַנען פון גאַלליען און האָט זיי פעריאָגט ביז טיף אין דייטשלאַנד. ער האָט אויך איינינע אויפשטאַנדען אין די פּראָווינצען דערשטיקט. ער האָט איינגעפיהרט אַ נייעס, צו בעשעפטיגען סאָלדאַטען אין צייט פון פרידען מיט נוצליכער אַרבייט. ער האָט זיי געגעבען מאַכען בריקען און שאָסען. די לעגיאָנען אָבער זיינען אונצופרידען געווען דערמיט און דאָס האָט איהם זיין לעבען געקאָסט.

מיט ד י אָ ק ל ע צ י אַ נ ו ס ' ע ס רעגירונג, וועלכע האָט געדויערט פון 284 ביז 305, פאַנגט זיך אָן פיר די רוימישע געשיכטע אַ נייע פעריאָדע. ער האָט געמאַכט אַן ענדע צו אַלע רעפּובליקאַנישע פאָרמעס, וועלכע האָבען נאָך אַ ביסעל עקסיסטירט פון די אַלטע יאָהרען, און האָט איינגעפיהרט אַן עכט דעספּאָטישע רעגירונג נאָך דעם אַזיאַטישען סטיל. ער האָט אַריינ־

געגומען די גאַנצע פּאָליטישע מאַכט פון דער רעגירונג איינציג און אַליין אין זיינע הענט. ער האָט אַזוי איינגעפיהרט, דאָס אין דער גאַנצער אימפּעריע האָט די קלענסטע זאַך ניט געקענט געמאַן ווערען אָהן זיין ערלויבנים. אפילו ווען מען האָט געדאַרפט מאַכען אַ קליינעם בריקעל איבער אַ גראָבען ער־געץ־וואו ווייט אין אַ פּראָווינץ, האָט מען אין רוים געמוזט אָנפרעגען און ערלויבנים בעטען. ער האָט געמאַכט אַ גרויסען אונטערשייד צווישען מי־ליטער־בעאַמטע און ציוויל־בעאַמטע.

אום די אויבערמאַכט פון דער אַרמעע אָפּצושוואַכען, האָט ער זי צוטיילט אין קלענערע טיילען. דעם אויבער־בעפעהל איבער די אַרמעע האָט ער אי־בערגעגעבען ניט צו איין בעאַמטען, צו איין קאָמאַנדיר, נאָר צו עטליכע. די גאַנצע אימפּעריע האָט ער צוטיילט אין פיער געביטען און זיי געשטעלט אונטער בעזונדערע פערוואַלטונגען. די רעזידענץ האָט ער איבערגעפיהרט נאָך ניקאָמעדיאַ און ביטהיניען. אום אויך אויסערליך דעם קייזערטום אַן אויסזעהן פון אַן אָריענטאַלישער דעספּאָטיע צו געבען, האָט דיאָקלעציאַנוס איינגעפיהרט גרויסע צערעמאָניעס אין הויף, האָט זיך געלאָזט מאַכען אַ דיאַדעם (אַ קרוין) און האָט זיך געלאָזען בעטיטלען מיט דעם נאָמען „דאָמי־נוס" (הערר, הערשער).

אין אַלגעמיין איז די רעגירונגס־צייט פון דיאָקלעציאַנוס'ן געוועזן רוהיג. די קליינע אויפשטאַנדען, וואָס זיינען צייטענווייז פאָרגעקומען דאָ און דאָר־טען אין דער אימפּעריע, זיינען גיך דערשטיקט געוואָרען. צו די קריסטען איז ער געוועזן זעהר שלעכט און האָט זיי פערפאָלגט. צוערסט האָט ער זיך בעגנוגענט מיט דעם, וואָס ער האָט זיי פערבאָטען דעם עפענטליכען רעלי־גיאָנס־דינסט און געהייסען פערניכטען זייערע הייליגע שריפטען. אָבער ווען די קריסטען האָבען אָנגעפאַנגען זיך צו בונטעווען און אָפּט אָנגרייפען דעם קייזער און זיינע בעאַמטע, האָט ער זיי אָנגעפאַנגען גרויזאַמער פער־פאָלגען. ער האָט געהייסען צושטערען זייערע קירכען, ניט צולאָזען זיי צו קיין אַמט, ניט אָננעהמען זייער עדות־זאָגען. אַ קריסטליכער שקלאַף האָט ניט געטאָרט בעפרייט ווערען. באַלד נאָכדעם האָט זיך דיאָקלעציאַנוס פון דער רעגירונג צוריקגעצויגען און האָט זיך בעזעצט אין זיין פּראַכטפולער ווילאַ אין דאַלמאַציען. נאָך יעצט זעהט מען די רואינען פון דיזער ווילאַ ביי ספּאַלאַטאָ.

נאָך דעם טויט פון דריי אַנדערע קיסרים נאָך דיאָקלעציאַנוס'ן, האָבען זיך בעוויזען פיעלע בעלנים אויף דעם רוימישען טראָן, וועלכע האָבען גע־פיהרט בלוטיגע שטרייטען איינער מיט דעם אַנדערען. ענדליך זיינען נאָר

צוויי איבערגעבליבען: קאָנסטאַנטין און ליציניוס, וועלכע האָבעןביידע צוזאַמען רעגירט. אין יאָהר 313 האָבען זיי אַרויסגעגעבען אַ טאָלעראַנץ עדיקט, לויט וועלכען די קריסטליכע רעליגיאָן איז געשטעלט געוואָרען גלייך מיט דער היידענישער. נאָכדעם האָט קאָנסטאַנטין אַרויסגעשטופט זיין מיט־קייזער און האָט איהם בעזיגט אין צוויי שלאַכטען. הגם קאָנסטאַנטין האָט פערשפּראָכען ליציניוס'ן ביים לעבען צו ערהאַלטען, האָט ער זיין וואָרט ניט געהאַלטען און האָט איהם ערמאָרדעט. קאָנסטאַנטין איז געוואָרען אַליין־הערשער און האָט רעגירט פון יאָהר 324 ביז 337. מען רופט איהם קאָנסטאַנטין דער גרויסער, אָבער ער האָט עס ניט פערדינט. זיין פּריוואַט־לעבען איז געוועזען זעהר אַ בעפלעקטעס, און פיר דאָס פאָלק האָט ער קיין גרויסע זאַכען ניט אויפגעטאָן. דעם טיטעל „דער גרויסער" האָט ער די קריסטליכע גייסטליכע צו פערדאַנקען. זיי האָבען איהם אַזוי אָנגערופען דערפאַר, וואָס ער האָט זיי געשיצט. הגם ער איז נאָך ניט געווען געטויפט און איז געווען אויבער־פּריסטער פון די היידען, האָט ער געשיצט די קריסטליכע קירכע, און ער האָט דעם ערסטען אַלגעמיינעם קאָנציל (ראַט) אין ניצאַע און ביטהיניען צוזאַמענגערופען. אויף דיזען קאָנציל האָבען די קריסטליכע גייסטליכע פערוואָרפען די לעהרע פון אַריוס'ן, דאָס יעזוס איז ניט גאָט'ס זוהן, נאָר אַ מענש.

די רעזידענץ פון דער רעגירונג האָט קאָנסטאַנטין אַריבערגעפיהרט אין ביצאַנץ (ביצאַנטיום), וועלכע ער האָט אַ נאָמען געגעבען קאָנסטאַנטינאָפּעל (ד. ה. די שטאָדט פון קאָנסטאַנטין). די פאָרמע און די אָרדנונג פון דער רעגירונג איז געבליבען די זעלבע, ווי פאַר דיאָקלעציאַנוס'ן. די מדינה איז געווען איינגעטיילט אין 16 פּראָווינצען. די 7 וויכטיגסטע פערזאָנען אין קייזערליכען הויף זיינען געווען די הויפּט־בעאַמטע. פון זיי איז אויך בעשטאַנען דער קייזערליכער ראַט. די שטייערן זיינען געווען פעסט בעשטימט און אַלע 15 יאָהר פלעגט מען זיי רעווידירען און איבערמאַכען לויט די ענדערונגען און די פאָדערונגען פון דער צייט. ביסלאַכוויז האָט מען אָנגעפאַנגען איבערגעהן פון נאַטוראַל־שטייער (ד. ה. שטייער, וואָס ווערט אָפּגעצאָהלט דורך פּראָדוקטען) צו געלט־שטייער.

נאָך דעם טויט פון קאָנסטאַנטין'ען האָט אויסגעבראָכען אַ שרעקליכער פאַמיליען־קריג. זיינע ביידע פלימעניקעס האָבען געוואָלט טיילען די ממשלה מיט זיינע זיהן. כמעט אַלע קרובים פון קאָנסטאַנטין'ען זיינען אין דיזען שטרייט אומגעקומען. ענדליך האָט קאָנסטאַנטין'ס זוהן מיט'ן זעלבען נאָמען (קאָנסטאַנטין) בעקומען די הערשאַפט און איז געוואָרען אַליין־הערשער

און האט רעגירט פון יאהר 353 ביז 361. נאך איהם איז ארויף אויף דעם רוימישען טראן זיין פלעמעניק י ו ל י א נ ו ס א פ א ס ט א ט א (361—363). ער האט זיך אויסגעצייכענט און בעריהמט געמאכט מיט זיי-נע נצחונות איבער די אלעמאננען און פראנקען. ער איז בעוואוסט אלס א שרעקליכער פיינד פון קריסטענטום. ער האט געוואלט צוריק איינפיהרען דאס הײדענטום און ארויסשטופען די קריסטליכע רעליגיאן. ער האט אבער דערביי קיין גרויזאמע מיטלען ניט געברויכט. דאך האט איהם די קריסט-ליכע קירכע געגעבען דעם נאמען „אפאסטאטא" (משומד) און נאך פיעלע אנדערע שימף-נעמען, הגם אין אמת'ן איז ער געווען איינער פון די עדעלסטע מענער אין דער וועלט-געשיכטע. זיין וואונש צו פערדרענגען דאס קריס-טענטום האט דאמאלס שוין ניט געקענט ערפילט ווערען, ווייל דיזע אמונה האט שוין דאמאלס געשלאגען טיפע ווארצלען אין פאלק.

נאך יוליאנוס'ן האט א קורצע צייט געהערשט י א וו י א נ ו ס (363—364), נאך דעם איז ארויף אויף'ן טראן וו א ל ע נ ט י נ י א נ ו ס ד ע ר 2 ט ע ר (364—375). דאמאלס האט זיך געטראפען דאס ערסטע מאל, דאס א גערמאנישעס פאלק האט זיך אריינגעריסען אין די גרענצען פון דער רוימישער ממשלה און האט זיך דארט בעזעצט אויף אימער. דאס איז געווען דער אנפאנג פון א גרויסער פעלקער-וואנדערונג, וועלכע האט שפע-טער אין א קורצער צייט די גאנצע רוימישע אימפעריע פערפלייצט. די גאטען זיינען דאמאלס שטארק בעדרענגט געווארען פון די הונען און האבען געבעטען די רוימער מען זאל זיי ערלויבען זיך צו בעזעצען אין דער רוי-מישער אימפעריע. מען האט זיי ערלויבט זיך צו בעזעצען אין דער געגענד, וואו היינט זיצען די בולגארען, א געגענד, וואס איז דאמאלס געווען לעער און ניט בעזעצט. עס איז געווען א בעפעלקערונג פון א מיליאן מענשען, אונטער וועלכע עס האבען זיך געפונען איבער 200,000 וואפען-פעהיגע מע-נער. אבער די קייזערליכע בעאמטע האבען זיי שטארק געדריקט און הא-בען זיי שרעקליך פעראָרמט מיט זייערע רויבערייען, אזוי דאס פיעלע פון די גאטען זיינען געווען געצוואונגען צו פערקויפען זייערע פרויען און קינ-דער צו די אויסגעלאסענע רוימער אום ניט צו שטארבען פון הונגער. ענד-ליך האט זיי די נויט געצוואונגען צו מאכען אן אויפשטאנד. עס זיינען צוגעשטאנען צו זיי זעהר פיעלע שקלאפען, ווי אויך פרייע, וואס האבען ניט געהאט די מעגליכקייט צו בעצאהלען די גרויסע שטייערן צו די רוימער. אין דער בלוטיגער שלאכט ביי אדריאנאפעל איז דער קיסר מיט זיין ארמעע געשלאגען געווארען (אין יאהר 378). דער גרעסטער טייל פון דער ארמעע איז

פערניכטעט געוואָרען, און די גאָטען האָבען זיך געלאָזען איבער אַלע לענדער, וואָס זיינען געלעגען צווישען אַדריאַטישען און שווארצען מעער, און האָבען איבעראַל געפּלינדערט און אָנגעמאַכט פערוויסטונגען אויס ראַכע צו זייערע בעדריקער, די רוימער.

ערסט דעם קייזער טהעאָדאָסיוס (379—395), וועלכען מען האָט צוגעגעבען דעם טיטעל „דער גרויסער", האָט עס געלונגען דאָס לאַנד צו בערוהיגען פון די אָנפאַלען פון די גאָטען. דורך אייניגע גליקליכע מלחמות מיט די גאָטען, און טיילס דורך פרידליכע אונטערהאַנדלונגען מיט זיי, איז עס איהם געלונגען צו ברייגנען דערצו, דאָס די גאָטען זאָלען צופרידען זיין זיך צו בעזעצען אין טהראַציען און מאָזיען, און 40,000 מאַן פון זיי זאָלען אין די רוימישע אַרמעע אַריינטרעטען. זיין רעגירונג איז נאָך מערקווירדיג דערמיט, וואָס ער האָט אין יאָהר 392 פערבאָטען דעם היידענישען רעליגיאָנס־דינסט אין לאַנד און האָט דורך דעם פערזיגעלט דעם זיג פון קריסטענטום. ער האָט צוטיילט דאָס רוימישע רייך אין צוויי טיילען, פון וועלכע ער האָט אָפּגעגעבען צו זיין זוהן האָנאָריוס דעם מערב־טייל און אַרקאַדיוס'ן דעם מזרח־טייל. דיזע צוטיילונג איז געבליבען אויף איימער און האָט געהאַט איהרע טיפע גרינדען, ווי מיר וועלען עס שפּעטער קלאָר אַרויסזעהן. אייגענטליך איז שוין די רוימישע אימפּעריע פערניכטעט געוואָרען מיט דער שלאַכט ביי אַדריאַנאָפּעל, וואָרום אין אַ קורצער צייט נאָכדעם זיינען די וואַנדאַלען בעפאַלען רוים און האָבען זי געפּלינערט און די שפּעטערע קיסרים האָבען זיך געפונען אונטער דעם איינפלוס פון זייערע גערמאַנישע סאָלדאַטען, ביז ענדליך די גערמאַנען האָבען געשטירצט די פוילע רוימישע אימפּעריע, און אויף די חורבות פון דער צושטערטער אימפּעריע האָבען זיי געגרינדעט נייע מלוכות, אין וועלכע זיי האָבען אַריינגעבלאָזען אַ נייעם לעבען און נייע פאָרמעס.

גענוי צו בעשטימען, ווען די רוימישע אימפּעריע איז אונטערגעגאַנגען, איז אַ זעהר שווערע אויפגאַבע, ווייל אין דער געשיכטע געהען צו אַזעלכע זאַכען שטופּענווייז, לאַנגזאַם, ניט בעמערקבאַר. די געשיכטע שפּרינגט ניט. מיר האָבען ניט היינט איין בעשטימטען שטאַאט, איין בעשטימטע געזעלשאַפט, און מאָרגען אַ גאַנץ אַנדערע, וועלכע האָט ניט מיט די נעכטיגע קיין פערוואַנדטשאַפט, קיין בעריהרונגס־פּונקט; עס זיינען דאָ זעהר פיעלע איבערגאַנגס־שטופעס פון איין פאָרמע צו דער אַנדערער. די געשיכטע ווערט ניט געמאַכט, נאָר זי בעקומט איהר געשטאַלט דורך דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען, דורך די אַרט און פאָרמע פון דער רעגירונג און די געזעצען, און דיזע

זאַכען געהען אימער שטופּעסווייז,, דער פּראָצעס פון ענדערן איין פאָרמע אין אַן אַנדערע געהט צו זעהר לאַנגזאַם לויט געוויסע נאַטור־געזעצען.

מיר מוזען מודה זיין, דאָס זעהר אָפט איז אונז שווער אויסצוגעפינען די וואַהרע אורזאַכען פון געשיכטליכע בעוועגונגען אין דעם סאָציאַלען לעבען פון די אַלטע פעלקער, ווייל די היסטאָריקער האָבען זיך פיעל מעהר בעשעפ־טיגט מיט די איינצעלהייטען פון דעם אָדער יענעם קריגס־העלד, מיט דעם אָדער יענעם קריג, אַלס מיט דעם סאָציאַלען לעבען פון די פעלקער. דיזעס האָבען זיי געלאָזט אונבעריהרט. מערקווירדיג, דאָס פון די קינסטלער, וואָס האָבען געשאַפען אַזעלכע גרויסע קונסט־ווערק, ווי די פּיראַמידעס, וואָס ווע־רען פון אַלעמען אויך יעצט בעוואונדערט, ווערט קיין איינצעלנער ניט דערמאָהנט אין דער געשיכטע. מיר ווייסען גוט אונטער וועלכען קעניג די־זע אָדער יענע פּיראַמידע איז געבויט געוואָרען, מיר ווייסען גוט ווער עס האָט פערשאַפט די מיטלען צו דיזען אָדער יענעם זעלטענעם געביי, אָבער מיר ווייסען ניט ווער איז געווען דער קינסטלער און ווי ער איז געקומען צו דיזער הויכער שטופע פון קונסט. דעריבער איז יעצט ניט צו דענקען וועגען אַ וויסענשאַפטליכער בעהאַנדלונג פון דער געשיכטע פון דער מענש־הייט. דיזען סאָרט פאָרשונג האָט מען נאָר אין דער לעצטער צייט אָנגעפאַנ־גען, און זי געפינט זיך נאָך אויף אַ זעהר אונבעדייטענדע שטופע. מיר ווייסען וועגען דעם סאָציאַלען לעבען פון די רוימער עטוואָס אין אַלגעמיין, אָבער די איינצעלהייטען פעהלען אונז. מיר ווייסען, צ. ב., דאָס די פערניכ־טונג פון דער מיטעלער קלאַס האָט אַ גרויסען טייל פון די בירגער געמאַכט פיר פּראָלעטאַריער, מיר ווייסען אויך, וואָס פון דיזער מאַסע איז געוואָרען — אַ פוילעס עלעמענט, וואָס האָט געהאַט אַרבייט, און האָט ליב געהאַט צו לע־בען אויף פרעמדע רעכנונג, צו ווערען פּאַראַזיטען, דאָס דיזע מאַסע האָט איבערהויפּט געלעבט אין רוים, און געלעבט אַ גוטען טאָג קיין זאַך ניט טוענ־דיג. ווייל אָבער דאָס מיליטער האָט מען הויפּטזעכליך גענומען פון דיזער מאַסע, פערשטעהט זיך ממילא, אַז דאָס רוימישע מיליטער איז געזונקען אימער מעהר און מעהר. דער סאָלדאַט האָט זיך ניט געשלאָגען, ווי דער פריהערדיגער רוימישער בירגער, פיר זיין לאַנד און זיין הויז, ווייל ער האָט עס ניט געהאַט, ער האָט געאַרבייט פיר געלט און צו קענען מאָרדען און רויבען. שוין טיבעריוס האָט ערקלערט אין סענאַט, דאָס קיין רעכטע סאָל־דאַטען איז ניט צו בעקומען, און מען מוז זיך צופרידען שטעלען מיט דיזען פערדאָרבענעם געזינדעל. מען האָט געמוזט לייכטער מאַכען דעם דינסט אין דער אַרמעע, מען האָט געמוזט לייכטער מאַכען די וואַפען, מען האָט גע־

מוזט דעם מיליטער ערלויבען העלם און פאנצער אראפצואווארפען. די לעגיא־נען האבען שוין מעהר ניט געקענט מאכען שטארקע פעסטע לאגערן, ווייל דאס האט געפאדערט א שווערע ארבייט, און דערצו זיינען זיי שוין ניט פע־היג געווען. די סאלדאטען האבען אנגעהויבען צו וואוינען אין די שטעדט און צו הייראטען און פיהרען א פאמיליען־לעבען.

אבער דיזע ערלייכטערונגען און אויך די פערגרעסערונג פון געהאלט האבען ניט געקענט צוציהען ארענטליכע בירגער צום מיליטער־דינסט, ווייל קיין רעכטער מענש האט ניט געוואלט צוזאמען מיט דיזען סארט מענשען דינען, עס איז געווארען פשוט א שאנדע א סאלדאט צו זיין. דאס האט גע־פיהרט דערצו, דאס מען איז געצוואונגען געווען בארבארען אין מיליטער אריינצונעהמען. אין דער צייט פון וויטעלליוס'ן (69 נ. קר.) איז דער גרעס־טער טייל פון דער ארמעע בעשטאנען פון בארבארען. ועספאסיאנוס'עס לע־גיאנען זיינען געווען שטארק געמישט מיט פרעמדע עלעמענטען. אין דער צייט פון מארקוס אורעליוס איז די נויט אין סאלדאטען געווארען אזוי גרויס, דאס ער איז געווען געצוואונגען אריינצונעהמען אין די ארמעע שקלאפען און גלא־דיאטארען, אויך גאסען־רויבער פון די אפעננינען־בערג האבען דאמאלס אין דער ארמעע געדינט, און מען איז געווען געצוואונגען צו נעהמען די פאליציי־סאלדאטען פון די לאנד־שטראסען, וואו זיי זיינען אזוי נעטיג געווען, אום די ארמעע צו פערפילען. אזוי איז דער סאלדאטען־שטאנד, וועלכער איז א־מאל געווען אן עהרע פיר יעדען, נידריג געווארען. אונטער דער רעגירונג פון קאממאדוס'ן האט א סענאטאר ניט געוואלט אננעהמען אן אמט, אום ניט צו שטעהן אן דער שפיץ פון די מיליטערישע טרופען. אין דער צייט פון טהעאדאסיוס'ן זיינען ניט נאר די סאלדאטען געווען כמעט אלע פון די גערמאנען, נאר אויך די מיליטערישע בעאמטע זיינען געווען פרעמדע. זינט דעם דריטען יאהרהונדערט זיינען כמעט אלע גענעראלען פון דער רוימישער ארמעע געווען גערמאנען. קורץ, דער קריגס־דינסט איז געווען פעראכטעט און פערווארפען פון דער בעסערער קלאס אלס א שמוציגע בעשעפטיגונג. הולטאיעס פלעגט מען שיקען אין די ארמעע אלס שטראף, ווייל קיין רעכטער מענש איז אהין ניט געגאנגען.

אויך די בעאמטע זיינען געווארען שרעקליך פערדארבען. מיר האבען שוין פריהער ערצעהלט, דאס רום האט געגעבען בירגער־רעכט צו אלע איינוואוינער אין לאנד, אויך אין די פראווינצען. ערסטענס איז עס געטאן געווארען אום די שטייערן צו פערגרעסערן, צווייטענס האט דער צושטאנד פון דער פראווינץ עס געפאדערט. צוליב דיזער ענדערונג האט געמוזט פאו־

קומען אויך אַן ענדערונג אין דער פערוואַלטונג. ביז צו ענדע פון צווייטען יאָהרהונדערט האָבען די שטעדט אין די פּראָווינצען געהאַט אייגענע, זעלבשטענדיגע פערוואַלטונגען אין זייערע אינערע אַנגעלעגענהייטען. זיי האָבען אַפּילו געמוזט שיקען אין רוים זייער קאָפּ־שטייער און געבען טריבוט (מס פון לאַנד) און האָבען קיין דעה ניט געהאַט אין דער ענטשיידונג פון קריג און פריד'ען, זיי האָבען אָבער געהאַט אַן אייגענעם סענאַט און אַ פאָלקס־פערזאַמלונג, אַליין געאָרדענט זייערע געמיינדע־שטייערן און געמיינדע־אינטערעסען און האָבען געהאַט זייערע אייגענע ריכטער און געריכטס־הייזער. קורץ, זיי האָבען געהאַט דאָס רעכט צו טאָן אַלץ, וואָס די רוימער האָבען געמעגט טאָן. אָבער דאָ האָט זיך געמוזט ווידערהאָלען די זעלבע זאַך, וואָס אין רוים. אויך דאָ איז דער מיטעל־שטאַנד צוגרונד געגאַנגען, אויך דאָ איז די צאָהל פון פּראָלעטאַריער געוואַקסען מעהר און מעהר. דיזע פּראָלעטאַריער זיינען געוואָרען זעהר שעדליכע פּאַראַזיטען, און האָבען בעהערשט די פאָלקס־פערזאַמלונגען. דאָ, ווי אין רוים, האָבען די לומפּען־פּראָלעטאַריער קיין אינטערעס ניט געהאַט אויפצוהאַלטען די הערשענדע אָרדנונג פון לאַנד, די רעגירונג האָט דעריבער געמוזט נעהמען מיטלען צו בעשיצען די רייכע פון דעם אָנפאַל פון דיזע פּראָלעטאַריער און האָט זיך אַריינגעמישט אין דער פערוואַלטונג פון יעדער שטאָדט.

מיר האָבען שוין פריהער ערצעהלט, דאָס די שטעדטישע עמטער זיינען ניט געווען עמטער פיר געלט, נאָר זיי זיינען געווען עהרען־שטעלעס. אום אַזאַ שטעלע צו בעקומען האָט דער קאַנדידאַט געמוזט פערשווענדען זעהר פיעל געלט צו געווינען די גונסט פון פאָלק, פערשאַפענדיג איהם פערשיידענע טייערע שפּילען, טיילען זעהר פיעל ברויט צו די אָרימע און אויך געלט. וואָס די אָרימקייט איז גרעסער געוואָרען, זיינען אַלץ גרעסער געוואָרען די הוצאות פון אַזאַ שטעלע צו בעקומען, ווייל מען האָט געמוזט געווינען די גונסט פון אַ גרויסער מאַסע פון פּאַראַזיטען. דיזעס האָט געפיהרט דערצו, דאָס מען האָט אָנגעפאַנגען ענטלויפען פון אַזעלכע עהרען־שטעלעס, אַזוי דאָס די רעגירונג האָט געפונען פיר נעטיג צו צווינגען אָנצונעהמען אַזעלכע שטעלעס, זיי זיינען געוואָרען ערבליך, און קיינער האָט זיך ניט געקענט בעפרייען דערפון. „די דעקוריאָנען" (פון וועלכע די בעאַמטע אין די פּראָווינצען זיינען ערוועהלט געוואָרען), זאָגט פּאַול ערנסט אין זיין בעריהמטען ווערק איבער דאָס רוימישע רייך, „האָבען זיך אַלע מיה געגעבען אום זיך אַרויסצודרעהען פון אַן אַמט אָנצונעהמען: זיי פלעגען ווערען גייסטליכע, אַריין אין מאָנאַסטירען, זיי פלעגען ענטלויפען און לעבען אין וועלדער אַן

אונגליקליכעם לעבען, זיי פלעגען הייראַטען שקלאַפינס, אום דורך דעם צו פערלירען דאָס רעכט אַן אַמט צו בעקליידען. זיי פלעגען פערשענקען אַ טייל פון זייערע גיטער צו דער קירכע, אום זיי זאָלען ניט האָבען דעם נע-טיגען קאַפיטאַל, וואָס דאָס געזעץ האָט געפאָדערט ביים אַריינטרעטען אין די „קוריע״; פיעלע פלעגען אין די לעגיאָנען אַריינטרעטען, הגם דער מיליטער-דינסט איז שוין דאַמאָלס געווען פערהאַסט און גערעכענט פיר אַן ערניד-רונג צו דינען דאָ; דאָס אַלץ האָט אָבער ניט געהאָלפען: די ענטלאָפענע האָט מען אויפגעזוכט און מיט גוואַלד צוריקגעשלעפּט; מען האָט זיי פער-באָטען אין קירכען-דינסט אַריינצוטרעטען, און דאָס געזעץ, וואָס ערלויבט ניט אַ מאַן פון אַ שקלאַפין אַן אַמט צו בעקליידען, איז אָפּגעשאַפט געוואָרען. מען האָט אָנגעפאַנגען ענטלויפען פון רייכע ירושות אום ניט אין די קוריע דורך דעם אַריינצוטרעטען און געצוואונגען זיין אַן אַמט צו בעקליידען. דאָס צייגט אָם בעסטען, ווי נידריג דאָס רוימישע רייך איז געפאַלען״.

דיזעס האָט געפיהרט דערצו, דאָס די פאָלקס-פערזאַמלונגען האָבען אָנ-געפאַנגען אָפּצושטאַרבען, און די קייזערליכע מאַכט האָט זיך פאַרשטאַרקט און פערברייטערט מעהר און מעהר. דאָס פאָלק האָט אויפגעהערט צו ער-וועהלען בעאַמטע און האָט עס איבערגעלאָזען צום קיסר, וועלכער האָט גע-ברויכט זיין מאַכט צו צווינגען די פּערזאָנען, וואָס ער האָט בעשטימט, אָנצונעהמען דאָס אַמט. דעריבער זעהען מיר, דאָס שוין אונטער סעפּטימוס סעווערוס איז געווען אַ געזעץ, „דאָס קיין זאַך זאָל ניט געטאָן ווערען אין דער פּראָווינץ אָהן דער מיטווירקונג פון דעם שטאַטהאַלטער״. די פינאַנסען זיינען שוין לאַנג געווען אין די הענט פון די קייזערליכע קוראַטאָרען, אויך דאָס רעכט צו משפּט'ן איז אָפּגענומען געוואָרען פון פאָלק. מיט דיזען אופן איז אין זעהר אַ קורצער צייט געוואָרען אין רוים אַן עכטע ביוראָקראַטיע, ווי זי איז צו זעהן אין היינטיגער צייט אין די לענדער, וואו דעספּאָטען הערשען, מיט אַ ריכטיגער צענטראַליזאַציאָן פון מאַכט. די איינפיהרונג פון דער ביוראָקראַטיע האָט געהאַט זעהר שלעכטע פאָלגען, איבערהויפּט די פער-גרעסערונג אין שטייערן, וועלכע האָבען זיך געלעגט ווי אַ שווערע לאַסט אויף'ן פאָלק.

די בעשטייערונג איז דאַמאָלס געווען אַנדערס ווי היינט. יעצט איז בעשטייערונג געגרינדעט אויף געלט. דאַמאָלס איז זי געווען געגרינדעט אויף נאַטור-אַרטיקלען. אָפּגאַבען זיינען בעשטאַנען אין ליפערן צו דער רעגירונג אַ געוויסען טייל פון די נאַטור-פּראָדוקטען, וואָס יעדער האָט ערהאַלטען פון זיין גרונד, ווי אויך פון פּערזענליכער אַרבייט. אַזוי צום ביישפּיעל האָ·

בען די איינוואוינער פון קאמפאניען געמוזט צושטעלען א געוויסע צאהל שוויינען אין רוים; דארט האט מען זיי געשטאכען און פערקויפט, און צו דער רעגירונג דאס געלט אריינגעשיקט. אנדערע געמיינדעס האבען געמוזט די שטאאטס־פאסט בעזארגען: געבען די נעטיגע פערד און וועגען און די לייט, וואס דאס פאסט־געשעפט האט געפאדערט. עגיפטען אין אפריקא האט געמוזט צושטעלען יעהרליך א געוויסע מאסע פון קארן אין רוים. דעם טראנספארט פון דיזע תבואות פלעגען מוזען געוויסע שיפסלייט מאכען אהן געצאהלט, דערפאר זיינען זיי געווען פריי פון אנדערע אפצאהלונגען. אויך די ארבייט פון מאהלען, באקען און פערטיילען דאס ברויט האבען מענ־שען געטאן אהן געלט, נאר אלס א שטייער־פליכט. אויך די בעאמטע פלעגען בעקומען זייער געהאלט ניט אין געלט, נאר אין נאטור־ארטיקלען. אזוי ווערט ערצעהלט וועגען קלאודיוס'ן, וועלכער איז שפעטער געווארען קיסר, דאס ווען ער איז געווען קריגס־קאמאנדיר האט ער גענומען זיין געהאלט: 3,000 מאדאסען ווייץ (א מאדאס איז 8¾ ליטער), 6,000 מאדאסען גער־שטען, צוויי טויזענד פונט פעטס, 3,500 סעקסטארען אלטען וויין (א סעק־סטאר איז ½ ליטער), 3,500 סעקסטארען אויל פון ערסטען סארט און 500 פון צווייטען סארט, 20 מאדאסען זאלץ, 150 פונט וואקס, גענוג היי, שפריי, עסיג, געמיזען, 300 געצעלט־פעלען, פערד, מויל־טיערען, קעמלען, קליידונג, הייץ־מאטעריאל, שקלאפען, דארונטער צוויי פרויען אלס קעבס־ווייבער, טיש־געשיר, קאך־געשיר, 150 סאלידוסען (א סאלידוס איז געווען 12½ מארק) און א מענגע קופער־געלט.

הגם דיזעס שטייער־סיסטעם איז אין קליינע לענדער געווען גוט פיר דאס פאלק, האט עס אפטמאל אין גרויסע לענדער געפיהרט צו רואין. ער־סטענס איז אזא מין שטייער אין א גרויסען לאנד פיעל גרעסער פון א געלט־שטייער. פאול ערנסט האט בערעכענט, אז די צושטעלונג פון די קארן אדער ווייץ צום ארט, וואס די רעגירונג האט בעשטימט, און וואו די שטייער־בע־אמטע זיינען געווען, פלעגט קאסטען 2 מאל אזוי פיעל, ווי דער ווערט פון די פראדוקטען, אויסער דעם איז אפט אויסגעקומען, דאס דער, וואס האט געהאט נעטיג זיינע פערד צו דער פעלד־ארבייט אין שניט־צייט, האט זיי דאמאלס גע־מוזט געבען אום צו ליפערן די שטייער־ארטיקלען. דאס האט פיעל מאל די גאנצע ערנטע פערדארבען. דער שטאאט האט אויף דעם גאר ניט געאכטעט און האט געפאדערט פינקטליך ערפילען די נאטור־שטייער.

אויסער דעם זיינען די הוצאות פון צוזאמענגעהמען אזא מין שטייער געווען אונגעהייער גרויס. די רעגירונג האט געמוזט האבען זעהר פיעלע

מאגאזינען אריינצונעהמען די אלע שטייערן פון לאנד. דאס האט ווידער געפאדערט א גאנצע ארמעע פון בעאמטע מיט קאנטראלערן. לאקטאנץ האט אויסגערעכענט, דאס די צאהל פון בעאמטע, וואס האבען געלעבט פון די נאטוראל־שטייערן איז געווען גרעסער ווי די צאהל פון די פערזאנען, וואס האבען געגעבען די שטייערן, און צוליב דעם האבען די שטייערן גע־מוזט פערגרעסערט ווערען. דער רעזולטאט דערפון איז געווען, דאס קאלא־ניעס, וואס האבען געמוזט צאהלען דיזע שטייערן, זיינען רואינירט געווארען און האבען מעהר ניט געקענט עקסיסטירען, די פעלדער זיינען פערוויסט גע־ווארען, און דאס עלענד האט זיך פערברייטערט מעהר און מעהר איבער'ן גאנצען לאנד.

עס פערשטעהט זיך, דאס ביי אזא סיסטעם פון זאמלען שטייערן זיי־נען פיר די בעאמטע געווען אפען טיר און טויער פיר קארופציאן. אין דער צייט פון די קיסרים זיינען דעריבער פארגעקומען אונגעוועהנליך פיעלע קלא־געס אויף די בעאמטע. די קיסרים האבען געמאכט אלע מאל נייע ארדנונגען מיט נייע געזעצען אום אויסצוראטען כאבאר. קאנסטאנטין האט איין מאל געשריבען צו די שטאטהאלטער: „איך וויל, עס זאל איין מאל פאר אלע מאל אויפהערען די רויבערישע האנדלונג פון די בעאמטע. ווען דאס נאך מעהר אנהאלטען, וועל איך זיי בעשטראפען מיט דעם שארף פון שווערד". אלס ביישפיעל פון שרעקליכער קארופציאן קען דינען די פאלגענדע געשיכטע, וועלכע איז ניט די איינציגע אין יענער צייט. אין דער פראווינץ אפריקא איז דאס כאבאר־סיסטעם צווישען די בעאמטע אונטער דעם מיליטערישען קאמאנדיר ראמאנוס געשטיגען ביז דער העכסטער שטופע. די סאלדאטען האבען קיין געהאלט ניט בעקומען, דערפאר האט מען זיי ערלויבט צו פלינ־דערן די איינוואוינער. אויסער דער רויבעריי פון די סאלדאטען האבען נאך די איינוואוינער פון דער פראווינץ אפריקא געליטען פון בעשטענדיגע אנ־פאלען פון די בארבארען, די מורען. די איינוואוינער האבען געבעטען הילף ביי ראמאנוס'ן געגען די מורען, אבער ער האט פערלאנגט דערפאר אזא גרוי־סע סומע, דאס זיי זיינען ניט אין שטאנד געווען איהם צו געבען, און ער האט געלאזען די מורען טאן, וואס זיי האבען געוואלט. נאך פיעל מיה איז זיי געלונגען פועל'ן ביים קיסר, ער זאל שיקען צו זיי א מאן אונטערזוכען די קלאגע, וואס זיי האבען געבראכט געגען ראמאנוס'ן. דער קיסר האט גע־שיקט א געוויסען פאללאדיוס אין אפריקא. ראמאנוס אבער האט איהם גע־געבען כאבאר, און פאללאדיוס האט געגעבען דעם קיסר זעהר א גוטען בע־ריכט וועגען ראמאנוס'ן. פאללאדיוס האט די בירגער אזוי אנגעשראקען,

דאָס זיי האָבען אַלע אָפּגעלייקענט וואָס זייערע געזאַנדטע האָבען געזאָגט דעם קיסר וועגען ראַמאַנוס׳ן און האָבען פערזיכערט, דאָס זיי האָבען גאָר קיין שלוחים ניט געשיקט צום קיסר מיט וועלכער עס איז קלאַגע געגען ראַמאַנוס׳ן. די שלוחים האָט מען צום טויט פער׳משפט דערפאַר, וואָס זיי האָבען פאַלשע בעריכטען געגעבען דעם קיסר וועגען אַזאַ אָרענטליכען בעאַמטען ווי ראַמאַנוס, און נאָך צוויי מענשען האָט מען די צינגער אָפּגעשניטען דערפאַר, וואָס זיי האָבען זיך ערלויבט זאָגען דעם אמת וועגען איהם. אין דער זעלבער צייט האָבען די מורען נאָך שטאַרקער אָנגעפאַנגען צו בעפאַלען די פּראָווינץ אַפריקאַ, און האָבען ערוועהלט אַ פיהרער מיט דעם צוועק די פּראָווינץ אין גאַנצען אָפּצונעהמען פון די רוימער. די בירגער זיינען צופרידען געוועזן בעסער צו זיין אונטערוואָרפען אונטער די מורען איידער אונטער ראַמאַנוס׳ן. זיי האָבען זיי פריי געעפענט די טויערן פון די פעסטונגען און דער שטאָדט און צוזאַמען מיט די אונצופרידענע סאָלדאַטען זיינען זיי אַריבער צו די מורען. דיזער פאַקט האָט דעם קיסר די אויגען געעפענט. נאָך דעם, ווי ער האָט די מורען צוריק אָפּגעטריבען, האָט ער געמאַכט אַ נייע אונטערזוכונג. די אַלע בעטריגערייען און פאַלשען האָבען זיך אויפגעוויזען, אָבער נאָר די קלענערע גנבים און רויבער זיינען בעשטראָפט געוואָרען, ווי עס איז אימער געוועזן אין אַזעלכע פאַלען. ראַמאַנוס, דער הויפּט רויבער און בעטריגער, איז אַרויס אָהן אַ שטראָף פיר אַלע זיינע רויבערייען און ערפּרעסונגען.

די לאַסט פון שטייער איז געוואָרען אונערטרעגליך אַ חוץ דער קאָרופּציאָן פון די בעאַמטע. די שטענדיגע אינערע קריגען און רייסערייען וועגען דעם טראָן, די בעשטענדיגע אָנפאַלען פון די באַרבאַרען און די פערשפּרייטונג פון דעם לאַנגען און ברייטען נעץ פון ביוראָקראַטיע האָבען פערגרעסערט די שטייערן אויף אַזוי פיעל, דאָס זיי זיינען געוואָרען אין גאַנצען אונערטרעגליך. עס האָבען זיך דאַמאָלס שוין געפונען זעהר פיעלע, וואָס זיינען ניט אין שטאַנד געוועזן צו צאָהלען זייערע שטייערן, ווייל אָבער יעדע שטאָדט און יעדע פּראָווינץ האָט געמוזט צושטעלען צו דער רעגירונג אַ געוויסע סומע שטייער, איז דער רייכערער געוועזן פעראַנטוואָרטליך פיר דעם אָרימען, און פיעלע מאָל האָט זיך געטראָפען, דאָס בעמיטעלטע לייט זיינען רואינירט געוואָרען, ווייל זיי איז אויסגעקומען צו בעצאָהלען די שטייערן פיר פיעלע אָרימע, וואָס האָבען ניט געהאַט די מעגליכקייט צו צאָהלען. דער רעזולטאַט דערפון איז געוועזן, דאָס פיעלע האָבען פערלאָרען זייערע פעלדער, מען האָט אויפגעהערט אויפצופּאַסען אויף די וועלדער, די קאַנאַלען

און וואסער־לייטונגען זיינען רואינירט געוואָרען, ווייל קיינער האָט זיך ניט בעזאָרגט וועגען זיי. די פעלדער זיינען פערוויסט געוואָרען, ווייל די שווער־סטע ארבייט פון דעם אַקערמאַן האָט ניט געקענט אַרויסברייגגען אַזוי פיעל, עס זאָל זיין גענוג די אונגעהייערע שטייערן צו בעצאָהלען און עס זאָל נאָך עטוואָס בלייבען די נשמה צו ערהאַלטען. עס איז פערוויסט געוואָרען אַ גרויסער טייל פון די פּראָווינצען: קליין־אַזיען, אַפריקאַ, איטאַליען און גרי־כענלאַנד. די פעלדער זיינען געבליבען אָהן בעלי־בתים. די קיסרים האָבען פאָרגעשלאָגען מען זאָל יעדען, וואָס האָט נאָר געוואָלט נעהמען, אַוועקשענ־קען די ערד מיט דער בעפרייאונג אויף 10 יאָהר פון שטייער. אָבער קיינער האָט דיזע מתנות ניט געוואָלט אָננעהמען. אונטער אַזעלכע אומשטענדען זיי־נען די שטייערן איינגעמאָהנט געוואָרען מיט שרעקליכער גרויזאַמקייט. שטיי־ער־שולדנער זיינען מאַנכמאָל בעשטראָפט געוואָרען מיט'ן טויט.

מיר מוזען וואַרפען אַ בליק אויף נאָך אַן אומשטאַנד, וואָס האָט גע־פיהרט צו אַ קריזיס אין דער לאַגע פון דער אַלטער וועלט, און דאָס איז — די פערשווינדונג פון שקלאַפעריי דורך קאָלאָניזאַציאָן. אום די וויסטע פעל־דער צו בעאַרבייטען, האָבען די אייגענטימער צוטיילט די פעלדער אויף קליי־נע שטיקלאַך, און האָבען אויף זיי בעזעצט שקלאַפען און האָבען זיי געגעבען אַלע נעטיגע זאַכען צו בעאַרבייטען די ערד, מיט דער בעדינגונג, דאָס זיי זאָלען אָפּנעהמען פון די פּראָדוקטען דאָס נעטיגע פיר זיך און זייערע פאַ־מיליעס, און דאָס איבריגע זאָלען זיי אָפּגעבען צו די הערען. די שקלאַפען זיי־נען געווען צופרידען מיט די נייע קאָנדיציאָנען. זיי זיינען אין פיעלע הינזיכ־טען געוואָרען פרייע מענשען און האָבען זיך ערנסט איבערגעגעבען צו אַר־בייט. די הערען האָבען זיך גיך איבערצייגט, דאָס מיט דיזען אופן האָ־בען זיי פון די שקלאַפען מעהר פּראָפיט געהאַט איידער ווען מען האָט זיי מיט דער קנוטע געצוואונגען צו אַרבייטען. ווען מען האָט פערקויפט דאָס גוט, האָט מען די שקלאַפען געוועהנליך געלאָזען זיצען אויף זייערע פעלדער מיט די זעלבע בעדינגונגען. דיזע אַקער־לייט האָט מען בעצייכענט מיט דעם נאָמען „קאָלאָנען" (קאָלאָניסטען).

מיט דער צייט איז דיזע אָרדנונג אָנגענומען געוואָרען אין גאַנצען לאַנד. אויך די רעגירונג האָט געהאַט „קאָלאָנען". אין דער צייט פון אַנטאָנינוס'ן האָט זיך די גרויסגעבונג שטאַרק בעשעפטיגט מיט איינאָרדנען די לאַנד־ווירטשאַפט. איבערהויפט האָבען זיך געפונען זעהר פיעלע קאָלאָנען אין איטאַליען און אין אַפריקאַ, וועלכע האָבען בעאַרבייט די גיטער, וואָס האָ־בען געהערט צו דער רעגירונג. שפּעטער זיינען געוואָרען „קאָלאָנען" פיעלע

פון די באַרבאַרישע געפאַנגענע. די רעגירונג האָט אויפגעהערט צו פערקויפען די געפאַנגענע אַלס שקלאַפען, נאָר זי האָט אָנגעהויבען צו פערטיילען זיי צו די גרויסע גוט־בעזיצער אַלס קאָלאָנען. דער ערסטער האָט עס מאַרקוס אורעליוס געטאָן (אין 2טען יאָהרהונדערט נ. קר.). מיט 100 יאָהר שפּעטער האָבען איהם נאָכגעטאָן קלאַודיוס דער 2טער, אורעליאַנוס פּראָבוס א. אַנד. שוין אוגוסטוס האָט געצייגט, ווי מען קען גאַנצע פאָלק־שטאַמען בעזעצען אין געגענדען, וואו זיי בלייבען פעסט צוגעבונדען צום באָדען, אַזוי דאָס זיי קענען פערקויפט ווערען צוזאַמען מיט דער ערד. אין געזעצבוך פון טהעאָדאָסיאַנוס'ן געפינט זיך אַ בעשטימונג פון יאָהר 409 צום פּרעפעקט, דאָס ער זאָל די באַרבאַרען, וואָס זיינען געפאַנגען געוואָרען אין דעם קריג מיט די סצירען, איבערגעבען צו גוטס־בעזיצער, וועלכע ברויכען מענשען צו בעאַרבייטען זייערע פעלדער.

דורך אַ גאַנצע רייהע פון אומשטענדען איז עס געקומען דערצו, דאָס די שקלאַפען־קאָלאָנען האָבען בעקומען אַ געוויסען טייל פרייהייט. ווי נאָר דער שקלאַף איז צוגעבונדען געוואָרען צום באָדען, האָט ער גלייך בעקומען די רעכטען פון אַ פרייער פּערזאָן. ער האָט געהאַט ערד אויף אימער. די רעגירונג האָט געקענט איהם מיט שטייערן בעלעסטיגען און אין דער זעלבער צייט זיין בעל־הבית בעפרייען פון קאָפּ־שטייער, וואָס ער האָט פריהער געמוזט צאָהלען פיר יעדען שקלאַף. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, דאָס די קאָלאָנען האָבען געמוזט צאָהלען דעם גוטס־בעזיצער פיר די ערלויבניס זיין באָדען צו בעאַרבייטען און די פרוכט צו געניסען, און דער רעגירונג האָבען זיי געמוזט צאָהלען געוויסע אָפּגאַבען אַלס בירגער־טריבוט, אויך האָבען זיי געמוזט אין מיליטער דינען. ווען די רעגירונג האָט געהעכערט די שטייערן, האָבען די קאָלאָנען עס געפיהלט מעהר ווי די אייגענטימער. ווייל ווען דער גוטס־בעזיצער האָט געמוזט צאָהלען העכערע שטייער האָט ער עס געמוזט אויף די קאָלאָנען אַרויפלעגען און פאָדערן פון זיי מעהר ווי פריהער, און דיזעס האָט זיי שטאַרק געדריקט.

עס זיינען שוין פון פריהעריגע צייטען געווען אין לאַנד פרייע קאָלאָנען. יענע האָבען געשטאַמט פון די צייטען, ווען די רוימער האָבען איינגענומען פיעל לאַנד, און אַ דריטעל פון דעם איינגענומענעם לאַנד האָבען זיי צוגענומען אַלס שטאַאַטס־אייגענטום. דיזעס רעגירונגס־אייגענטום פלעגט מען פערפּאַכטען אָדער צו די זעלבע לייט, וואָס זיינען פריהער געזעסען אויף דעם באָדען, אָדער צו אַנדערע. אַזוי האָט זיך געבילדעט אַ קלאַס פרייע קאָלאָנען, ד. ה. קאָלאָנען ניט פון שקלאַפען. די לאַגע פון דיזע קאָלאָנען איז מיט דער

צייט ניט בעסער געווען פון דער לאגע פון די שקלאפען=קאלאנען. דער פרייער קאלאן איז אויך געווען געבונדען צום באדען צום באדען ווי דער שקלאף=קאלאן, און ווען די ערד איז פערקויפט געווארען איז ער איבערגעגאנגען צוזאמען מיט דער ערד צום נייעם אייגענטימער, גלייך ווי דער שקלאף=קאלאן.

דער רעזולטאט פון דיזער נייער עקאנאמישער לאגע איז געווען, דאס פיעלע פרייע בירגער זיינען געזונקען צו דער שטופע פון שקלאפעריי, און שקלאפען האבען זיך פון זייער שקלאפעריי א ביסעל בעפרייט, אזוי דאס ביידע קלאסען האבען זיך בעגעגענט אויף דעם האלבען וועג. אזוי איז די אלטע וועלט מיט איהר שקלאפען=סיסטעם אונטערגעגאנגען און איז פער-וואנדעלט געווארען אין א נייע עקאנאמישע ארדנונג. קורץ, די גאנצע רוימישע געזעלשאפטליכע פארמע האט זיך איבערגעלעבט און זי האט נאר געווארט אויף א צופאל, וואס זאל געבען רוים דעם לעצטען טויט=קלאפ, אום דעם וועג צו מאכען אפען פיר א נייעם סארט לעבען.

אט דיזע וועלט=געשיכטליכע אויפגאבע האבען די גערמאנען ערפילט. זיי האבען זיך שוין פריהער אין גרויסע מאסען אין דער רוימישער אימפעריע בעזעצט. די גערמאנישע שקלאפען און קאלאנען זיינען געווען זעהר פיעל. מיט דיזען אופן האבען די גערמאנען אויף א פרידליכען אופן דעם רוימישען באדען בעזיגט. אבער דאס איז נאך ווענינ. עס האט זיי באלד געלונגען מיט בעוואפענטער האנט איטאליען אונטערצוװארפען. די צייט, ווען די רוימער האבען געקענט בעזיגען א האנניבאל, איז געווען פאריבער. דאס רוי-מישע פאלק, און איבערהויפט דאס רוימישע מיליטער, האט ניט געהאט וואס צו פערטיידיגען. זיי האבען מעהר ניט געהאט קיין פאליטישע פרייהייט, פיר וועלכע זיי זאלען קעמפען און דאס לעבען איינשטעלען. דער אונגעהייערער שטייער=דרוק, וועלכער איז מעהר ווי אויף אלע געפאלען אויף די קאלאנען, האט געפיהרט דערצו, דאס די קאלאנען זעלבסט האבען דעם גרעסטען פיינד פון לאנד ארייננערופען און האבען איהם אונטערגעשטיצט. דער שרעקעדי-גער רוימישער סאלדאט האט געמוזט אװעקװארפען זיינע וואפען און ענט-לויפען, זעהענדיג פאר זיך די געזונדע העלדישע נאטור=מענשען, די גערמא-נען. די געקינצעלטע רוימישע פערפאסונג מיט אלע איהרע אונצעהליגע געזעצען האט געמוזט פאלען פאר דער איינפאכער פערפאסונג פון די גער-מאנען, און האט דערמיט געמאכט פלאץ פיר א נייע געזעלשאפט מיט נייע ארדנונגען.

# אַלגעמיינער איבערבליק איבער דאס אַלטערטום.

מיר האָבען שוין פריהער ערקלערט, דאָס מיר וועלען זיך ניט בענוגענען מיט דער בלויזער צוזאַמענשטעלונג פון די געשיכטליכע פאַקטען, ווי זיי זיינען פאָרגעקומען. מיר האָבען פערשפּראָכען זיך צו געבען די מיה צו ערקלערען דעם צוזאַמענהאַנג פון די געשיכטליכע פאַקטען, ווי אַזוי דער שפּעטערער פאַקט איז דער רעזולטאַט פון דעם פריהערדיגען און האָט געמוזט געשעהן ווייל דער פריהערדיגער איז געשעהן. וואָלטער און מאָנטעסקיאָ זיינען געווען די ערסטע, וועלכע האָבען געפאָדערט פון די שרייבער פון היסטאָריע נאָכצושפּירען די וואַהרע אורזאַכען פון די געשיכטליכע פאַקטען, ווי אויך אויפצוגעבען די נאַאיווע געוואוינהייט צו זוכען דעם הויפּט-גאַנג פון דער געשיכטע אין די מעשים פון די פירסטען און די גרויסע שטאַאַטסמענער. דער זשעניאַלער ענגלענדער באָקקל איז דער ערסטער, וואָס האָט אין זיין אונשטערבליכען ווערק „די געשיכטע פון דער ציוויליזאַציאָן אין ענגלאַנד" אויף זיך גענומען די שווערע אויפגאַבע צו שרייבען אַ געשיכטע לויט דיזע פאָדערונגען. אָבער אויך ער האָט געמאַכט אַ פערזעהן. ער רעכענט אַלס די הויפּט-אורזאַכען פון דער ציוויליזאַציאָן נאָר די אויסערע פערהעלטניסען, ווי קלימאַט, שפּייז, די פיזישע בעשאַפענהייט פון לענדער א. אַז. וו., ער האָט אָבער ניט גענומען אין בעטראַכט די געזעלשאַפטליכע, סאָציאַלע אָדער עקאָנאָמישע זייט פון פאָלקס-לעבען. דיזעס האָט צום ערסטען מאָל קאַרל מאַרקס אָנגעפאַנגען צו פאָדערן פון די געשיכטע-שרייבער. דיזער מאַרקסיטסישער שטאַנדפּונקט פון דער אַזוי-גענאַנטער מאַטעריאַליסטישער אויפפאַסונג פון געשיכטע האָט געוויס אַ הויכען גראַד פון בערעכטיגונג.

אָבער די אָנהענגער פון קאַרל מאַרקס געהען צו ווייט אין זייער בלינדען גלויבען אין איהם. זיי בעהויפּטען נעמליך, דאָס אין דער עקאָנאָמישער לאַגע פון דער מענשהייט איינציג און אַליין איז צו זוכען אַלע ענדערונגען און אַלע אונגליקען פון דער מענשליכער געזעלשאַפט. דיזעס איז ניט וואַהר. דער הונגער איז ניט דאָס איינציגע געפיהל, וואָס טרייבט דעם מענשען צו

טעטיגקייט. ליבע צו וויסענשאַפט, עהרגייץ, הערשזוכט, רעליגיעזער פאַנאַטיזם זיינען אויך זעלבשטענדיגע געפיהלען, וואָס האָבען אַן איינפלוס אויף דעם מענשען'ס האַנדלונגען. מען מוז בלינד זיין, ווען מען זאָל דיזע פאַקטאָרען פון מענשליכען האַנדלען ניט ווען אין בעטראַכט נעהמען.

פריהער פון אַלץ וועלען מיר זיך אַ ביסעל אָפּשטעלען איבער באָקקל'ס ווערק און בעטראַכטען זיינע בעהויפּטונגען און זיינע אַרגומענטען. באָקקל בעהויפּטעט, דאָס דער הויפּט-צוועק פון פאָרטשריט איז צו צושטערען די פּאָליטישע און קירכליכע מאַכט אום די פרייהייט זאָל זיגען. צו דיזען פאָרטשריט, זאָגט ער, זיינען נאָר די אייראָפּעאישע פעלקער פעהיג. וואָרום? ווייל ביי די אייראָפּעאישע פעלקער הערשט דער פערשטאַנד איבער דער פאַנטאַזיע, דער מענש לערנט צו בעהערשען די נאַטור, ער שטודירט זי, ער פערשטעהט איהרע ערשיינונגען און שטעלט די וויסענשאַפט אויף דעם אָרט פון אַבערגלויבען. די אויפקלערונג איז דער יסוד פון פאָטשריט און פון פרייהייט. אין אָריענט (די לענדער פון מזרח), דאַגעגען, הערשט די רייכע נאַטור איבער דעם מענשען און לאָזט איהם ניט שטייגען פון דער נאַכט פון אַבערגלויבען צום ליכט פון פערשטאַנד און ערקענטניס. דערפאַר, זאָגט באָקקל, איז אין אַזיען קיינמאָל ניט ענטשטאַנען אַ וואַהרע ציוויליזאַציאָן, און נאָר אין אייראָפּאַ געהט פאָר אַ שטרעבען און אַ בעוועגונג צו דער גלייכהייט פון אַלע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט. אין אַן אַנדערער שטעלע בעהויפּטעט ער, דאָס די ענטוויקלונג פון גייסט און וויסענשאַפט בעהערשט די גאַנצע געשיכטע, צייגט אַלע פרייהייטס-פאָרמען, מאַכט דעם מענשען צום מענשען, און רופט צום לעבען די זעלבסט-בעשטימונג פון פאָלק, צו וועלכער די ענטוויקלונג פון אַלע אייראָפּעאישע פעלקער מוזען עס ברייינגען.

ווי עס שיינט האָט באָקקל פון דער גענטיל-פערפאַסונג, וועלכע האָט בעהערשט די גאַנצע אור-מענשהייט און בעהערשט די נאַטור-פעלקער אויך היינט, קיין קענטניס ניט געהאַט; זאָנסט וואָלט ער געוואוסט, דאָס די מענשהייט איז געוועזן פריי און גלייכבערעכטיגט נאָך איידער זיי האָבען אַריינגעטרעטען אין קולטור; אַז דאָס, וואָס ער רעכענט אַלס ציל פון דער ציוויליזאַציאָן, האָט די מענשהייט שוין לאַנג געהאַט אין דער העכסטער און אידעאַלסטער פאָרם. מיר האָבען געזעהן, ווי אַלע קולטור-ראַסען אונטער דער גענטיל-פערפאַסונג האָבען אַריינגעוואַנדערט אין זייערע קולטור-ערטער, ווי אַזוי זיי האָבען אונטער דיזער פערפאַסונג געפיהרט אַ פאָלשטענדיג פרייעס און גלייכבערעכטיגעס לעבען, און זיי האָבען ניט געוואוסט פון מעהר רעכטען פיר אַן אַדעל אָדער אַ הערשער. און דיזע העכסטע פרייהייט

האָט די מענשהייט געגאַסען, ווען זי איז געשטאַנען אויף דער נידריגסטער שטופע פון גייסטיגער ענטוויקלונג. יע, די געשיכטע לערנט אונז אין גע-גענטייל, דאָס זינט דער גייסט פון מענשען האָט זיך אָנגעפאַנגען צו ענט-וויקלען, זינט דער מענש האָט אָנגעפאַנגען צו מאַכען פאָרטשריט, איז גע-שטירצט געוואָרען די גלייכהייט און די פרייהייט פון מענשען, ערסט דאַמאָלס האָט זיך אָנגעפאַנגען קנעכטונג און שקלאַפעריי. דער שטאַאַט מיט אַלע זיי-נע גוואַלד־טאַטען זיינען גראַדע די פּראָדוקטען פון קולטור, ווי מיר האָבען עס קלאָר געזעהן ביי די גריכען און די רוימער.

ווי עס שיינט אויך, האָט באַקקל ניט געקענט די געשיכטע פון די כינע-זער, וועלכע זיינען היינט כמעט אַ דריטעל פון דער גאַנצער מענשהייט און לע-בען אין אַזיען. די כינעזער זיינען מעהר דעמאָקראַטיש פון אַלע דעמאָקראַ-טישע פעלקער אין דער וועלט. זיי האָבען קיינמאָל ניט אין פערלויף פון זייער געשיכטליכען לעבען געקענט די שקלאַפעריי, זייערע געמיינדע־פער-פאַסונגען טראָגען נאָך היינט אין זיך דעם שטעמפּעל פון גענטיל־פערפאַסונג, זיי ווייסען ניט פון אַבסאָלוטער זעלבסט־הערשאַפט, זיי ווייסען ניט פון קיין קירכליכער מאַכט און געוואַלט. אין כינאַ האָבען אַלע געוואוכט דעם גרונדזאַץ, דאָס ניט דאָס פאָלק עקסיסטירט צוליב דעם קייזער, נאָר דער קייזער צוליב דעם פאָלק, און דאָך שטעהען ניט די כינעזער גייסטיג אויף אַ הויכער שטופע, און דאָך איז כינאַ אַ לאַנד פון אַבערגלויבען, ווי קיין אַנדער לאַנד אין דער וועלט.

דאָס קולטור פאָרטשריט איז ניט איינציג און אַליין אָפּהענגיג פון דעם קלימאַט און אויסערע פערהעלטניסען, קען לייכט בעוויזען ווערען אַפילו דורך אַן אויבערפלעכליכע בעטראַכטונג. שוין אין אָנפאַנג פון דיזער גע-שיכטע האָבען מיר בעוויזען, דאָס אַלע קולטור־פעלקער האָבען איינגע-וואַנדערט פון צענטראַל־אַזיען אין זייערע יעצטיגע קולטור־לענדער. די כי-נעזער, די אַרישע אינדיער, די פּערסיער, די סעמיטישע כאַלדעער, די עגיפּ-טער, די פעניציער, די אַרישע פעלקער אין איירָאָפּאַ קומען אַלע פון צענט-ראַל־אַזיען, און האָבען געפונען אין די לענדער, וואָס זיי האָבען בעזיגט, היימישע אור־איינוואוינער, פון וועלכע זיי האָבען אַ טייל פערניכטעט, אַ טייל פערטריבען און אַ טייל פערשקלאַפט. וואָרום האָבען די אור־איינ-וואוינער קיין קולטור ניט געשאַפען? זיי זיינען דאָך געוועזן אין דעם זעל-בען קלימאַט, אין די זעלבע אויסערע פערהעלטניסען, ווי די נייע אָנגעקו-מענע פעלקער, וועלכע האָבען דאָרט געגרינדעט און פערברייטערט קולטור? די אינדיאַנער האָבען געהאַט די רייכטימער פון נאָרד־אַמעריקא טויזענדע

יאָהרען אין זייערע הענט, וואָרום זיינען זיי ניט אַרויס פון באַרבאַרישען צו-שטאַנד, און די אַנגלאָ-זאַקסישע ראַסע האָט דאָרט געשאַפען אַ קולטור, וועלכער עס שטעהט פאָר אַ גלענצענדע צוקונפט? באָקקל האָט איין זעהר וויכטיגע אייגענשאַפט פערזעהן, און דיזע איז די ר א ס ע ן-א י י ג ע נ-ש א פ ט. עס איז וואָהר, דאָס מיר ווייסען גאָר ניט, וואָס דאָס איז אַזוינס, אָבער מען קען ניט לייקענען, דאָס עס עקסיסטירט אַזוינס, און די-זעס האָט דאָס וויכטיגסטע וואָרט צו זאָגען אין דיזער פראַגע. אַזוי ווי עס איז קיין צווייפעל ניטאָ, דאָס די אויסערע פערהעלטניסען ווירקען נאָך גע-וויסע געזעצען אויף די ענטוויקלונג פון די פעלקער, אַזוי איז עס אויך געוויס, דאָס עס זיינען דאָ אינערע אייגענשאַפטען, וועלכע פיהרען צו פערשיידענע אַרטען פון קולטור און וויסענשאַפט. עס זיינען דאָ ראַסען, וועלכע האָבען אין זיך דעם גייסט פון פרייהייט און אונאָפּהענגיגקייט, הגם זייער גייסטיגע ענטוויקלונג איז ניט זעהר הויך. די אינדיאַנער-ראַסע האָט זיך קיינמאָל ניט געלאָזען פערשקלאַפען, זי איז בעסער צו גרונד געגאַנגען און האָט זיך ניט געלאָזען פערשקלאַפען. דער אינדיאַנער שטאַרבט און גיט ניט אויף זיין פרייעס לעבען. דער נעגער אָבער, אין געגענטייל, לאָזט זיך זעהר לייכט פערשקלאַפען. און אַפילו צווישען די קולטור-פעלקער זעלבסט, וואָס פיר געוואַלדיגע אונטערשיידען מיר בעמערקען צווישען זיי? ווי הויך שטעהט דער אַנגלאָ-זאַקס איבער דעם דייטש און דעם רוס? באָקקל זעלבסט בעוואונדערט די גרויסע פאָרטשריטען, וואָס די דייטשען האָבען געמאַכט זינט דעם מיטען פון 18טען יאָהרהונדערט, און דאָך איז ניט צו בעמערקען צווישען זיי קיין שפור פון פרייהייטס-ענטוויקלונג. עס מוז עטוואָס אין דער ראַסע זעלבסט זיין, וואָס איהר פעהלט דיזער סאָרט שטרעבען.

אָבער די וויכטיגסטע פראַגע, וואָס מיר פרעגען באָקקל'ען איז: וואָס פערשטעהט ער אונטער קולטור און ציוויליזאַציאָן? דיזע פראַגע איז זעהר שווער צו ענטפערן. די יעניגע, וועלכע גענייסען די פולע פרוכט פון קולטור, וועלען געוויס באַלד אַרויסקומען מיט זייער ענטפער. ווי באָקקל האָט ריכ-טיג בעמערקט, אונטערשיידען זיך די קולטור-מענשען ניט אין זייערע זיטען, נאָר אין אינטעלעקטועלער (גייסטיגער) הינזיכט. אונזערע מאָראַל-בעגריפען, אונזערע בעגריפען פון גוט און שלעכט זיינען היינט די זעלבע, ווי מיט טויזענדע יאָהרען צוריק. דער וואָהרער קולטור-פאָרטשריט בעשטעהט נאָר אין דער ענטוויקלונג פון דעם גייסט. אָבער ווען דיזע פאָרטשריטען פון גייסט וואָלטען אַליין אין שטאַנד געווען צו בעגליקען דעם מענשען מיט אַלע קול-טור-גיטער, איבערהויפּט מיט דער פרייהייט, דאַן שווימט אַרויף די פראַגע:

וועמען איז מעהר צוגענגליך דיזע העכסטע קולטור און העכסטע ציוויליזאציאָן ?

אויסער דעם איז פאַראַן נאָך אַ זעהר וויכטיגע פראַגע: וואָס איז ציוויליזאציאָן ? די ליבעראַלען, ווי באָקקל און זיין גלייכען, גלויבען אַז דעם מענשען'ס העכסטעס גליק איז די העכסטע בילדונג און די העכסטע פרייהייט צו דערגרייכען. זיי פערגעסען אָבער, דאָס אום צו דערגרייכען אַזאַ סאָרט קולטור מוז מען אָננעהמען דאָס פרינציפּ פון ארבייטס-טיילונג, דאָס די גייסטיגע טרעגער פון קולטור, ווען די פילאָזאָפען, דיכטער און קינסטלער זאָלען עס ווירקליך זיין, מוזען האָבען הינטער זיך אַ גרויסע ארבייטענדע פאָלקס-מאַסע, וועלכע זאָל זייער עקסיסטענץ זיכערן דורך פערשאַפען די נעטיגע מיטלען צום לעבען און צו דער קולטור. יעצט איז די פראַגע: אין וועלכער פערהעלטניס געפינט זיך דיזע ארבייטער-מאַסע צו דער קולטור ? עס שיינט צו זיין אין קיין פערהעלטניס, ווייל די פאָלקס-מאַסע איז אימער געווען אויסגעשלאָסען פון דעם קולטור-גענוס. דער אידעאַל פון קולטור ביי דיזע ליבעראַלען איז די גריכישע דעמאָקראַטיע. זיי פערגעסען אָבער אַ זעהר וויכטיגען פונקט, דאָס די גריכישע דעמאָקראַטיע איז געווען געגרינדעט אויף דער העסליכסטער שקלאַפעריי, וועלכע האָט זיי פערשאַפט אַלע מיטלען צו דערגרייכען אַ הויכע קולטור, בשעת זיי אַליין, די שקלאַפען, זיינען געווען אין גאַנצען אויסגעשלאָסען פון יעדער קולטור. די אַלע בעשטימונגען און פירושים אויף די ווערטער קולטור און ציוויליזאציאָן ענטהאַלטען אין זיך נאָר דעם בעגריף פון ק ל אַ ס ע ן-ציוויליזאציאָן. נאָר 5 פּראָצענט פון דער אייראָפּעאישער מענשהייט לערנט און פערשטעהט די ברכה פון ציוויליזאציאָן און קולטור, די איבריגע 95 פּראָצענט געניסט נאָר די קללה פון דער ציוויליזאציאָן, דעם שרעקליכען קאַמף פיר עקסיסטענץ, זיי ווייסען נאָר פון נויט, יאָמער און עלענד. די 5 פּראָצענט גליקליכע שפּילען די הויפּט-ראָלע, פויקען אין דער וועלט וועגען זייער גרויסקייט, זייער גליק, זייער גלאַנץ, זיי אַליין ערקלערען און בעשטימען דעם בעגריף פון ציוויליזאציאָן. דאָס דיזע 5 פּראָצענט זיינען צופרידען צו זעהן דאָס גליק פון ציוויליזאציאָן און קולטור נאָר אין דער ענטוויקלונג און דעם בליהען פון וויסענשאַפט און קונסט, ניט אַכטענדיג אויף די ביטערע לאַגע פון די איבריגע 95 פּראָצענט, איז זעהר לייכט צו פערשטעהן. די וועלט-געשיכטע גיט אָבער דערויף אַן אַנדער אַנטוואָרט.

מיר פערוואַרפען ענטשיידען דעם בעגריף פון קלאַסען-קולטור און פערלאַנגען אַן אַ ל ג ע מ י י נ ע קולטור. די וועלט-געשיכטע בעווייזט אונז

אויף יעדען בלאַט, דאָס די אַלטע קלאַסען־קולטורען זיינען צוגרונד געגאַנגען. די איינציגע קולטור, וועלכע איז נאָהענט צו אַן אַלגעמיינער קולטור, די כינעזישע, האָט פיעלע יאָהרטויזענדער איבערגעלעבט און לעגט נאָך אַ שטאַרקע האַנט אויף די צוקונפט. די אידעע, דאָס יעדעס פאָלק האָט אַ בעשטימטע קולטור־אויפגאַבע צו ערפילען, און ווען דיזעס איז געטאָן, געהט דאָס פאָלק אַרונטער פון דער ביהנע פון געשיכטע און מאַכט פּלאַץ פיר אַן אַנדער פאָלק—דיזע אידעע האָט קיין אָנהענגער ניט מעהר. עס זיינען מעהר ניטאָ קיין באַרבאַרישע לעבענספרישע פעלקער, וועלכע זאָלען אויסברעכען פון אַן אונבעקאַנטען ווינקעל צו פערנעהמען אונזער אָרט אַלס קולטור־טרעגער. מיר פערלאַנגען ניט דאָס פערגענגליכע, די קלאַסען־קולטור, מיר פערלאַנגען דאָס ד ו י ע ר נ ד ע, ד י א ל ג ע מ י י נ ע קולטור.

און וואָרום זיינען אַלע קלאַסען־קולטורען אונטערגעגאַנגען? אום אויף דיזע פראַגע גרינדליך צו ענטפערן, מוזען מיר טיפער בעטראַכטען דעם אָרגאַניזם און דאָס שאַפען פון דעם איינצעלנעם מענשען, ווייל דער איינצעלנער מענש איז דאָס פאָרבילד פון דער געזעלשאַפט. אין דעם מענשען איז אָהן צווייפעל דאָס געהירן, דער מוח, דער וויכטיגסטער אָרגאַן פון גאַנצען קערפּער, ווייל דער מוח איז דער זיץ פון גייסט, וועלכער איז דער אָנפאַנג, דער יסוד פון מענשליכער טעטיגקייט. אָבער אום צו פערווירקליכען זיינע פּראָיעקטען מוז דער מוח האָבען די הילף פון אַרבייט, פון די מוסקלען, אָהן זיי קען דער מענש גאָר ניט בעשאַפען. אום די געדאַנקען אַרויסצוברייננגען מוז מען געברויכען די שפּראַך און די שריפט. אום אַן ערפינדונג, וואָס דער גייסט האָט געמאַכט, זאָל האָבען אַ ווערט, מוזען די מוסקלען קומען צו הילף. ווען אַ מענש מיט דעם גרעסטען וויסען און אונגעהייער גרויסע קענטניסען איז אַזוי פּאַראַליזירט, דאָס ער קען ניט איבערגעבען זיינע אידעען און פּלאַנען מיט שפּראַך אָדער שריפט, האָט עס פאַר דער וועלט קיין ווערט ניט. גייסט און מוסקעל ערגענצען איינער דעם אַנדערען. זיינען זיי אָפּגעשיידט איינער פון אַנדערען, זיינען זיי גאָר ניט ווערט. ווי הויך מיר זאָלען ניט שטעלען דעם מוח געגען מוסקלען, האָט ער דאָך קיין ווערט ניט אָהן זיי.

דער קולטור־מענש איז דער יעניגער, וועלכער וויים דורך פערשיידענע ערפינדונגען צו בעהערשען די נאַטור און צווינגען זי צו אַרבייטען צו זיינע צוועקען. יעדע ערפינדונג ווערט געבאָרען אין מוח, אין גייסט, און ווערט פערווירקליכט דורך די מוסקלען דורך אַרבייט. די ערפינדונגען שטיצען זיך איינע אויף דער אַנדערער. יעדע פריהערדיגע ערפינדונג דינט אַלס גרונד

צו דער שפּעטערדיגער. איידער דער מענש האָט ערפונדען פייער האָט ער ניט געקענט שמעלצען מעטאַלען. דיזעס האָט איהם געפיהרט צו מאַכען פער־שיידענע געוועהר און כלים. וואָלט די וויסענשאַפט דערגרייכט די הויכע שטופע, אויף וועלכער זי שטעהט יעצט, אָהן דעם מיקראָסקאָפּ און אָהן דעם טעלעסקאָפּ? און וואָלטען דיזע געקענט ערפונדען ווערען, ווען דער מענש זאָל פריהער ניט האָבען ערפונדען דאָס גלאָז? מען קען פּאָזיטיוו זאָגען, דאָס דער גייסט שטייגט נאָר מיט דער הילף פון אַרבייט. דער גייסט ער־האַלט זיין נאַהרונג פון דער אַרבייט, אַזוי ווי דער פלאַנץ פון דער ערד. די געזונדע אַרבייטס־קראַפט פון אַ מענשען אָדער פון אַ פאָלק איז דער איינציגער באָדען, אויף וועלכען דער גייסט קען וואַקסען און זיך ענטוויק־לען. ווען דיזער באָדען ווערט אויסגעטריקענט, מוז דער מענש אָדער דאָס פאָלק אונטערגעהן, און מיט איהם צוזאַמען זיין קולטור. יעדער פאָרט־שריט קען ניט אָפּגעטיילט ווערען פון דער אַרבייט, ווי די פלאַם פון דעם האָלץ אָדער פון די קויהלען, פון וועלכע זי קומט אַרויס. דער קולטור־גייסט קען נאָר לעבענס־פעהיג בלייבען כל־זמן די אַרבייט איז לעבענס־פעהיג. נעהמט צו דעם קולטור־גייסט פון דער אַרבייט, מוז ער שטאַרבען, מוז ער אונטערגעהן.

דיזען גרונדזאַץ האָבען ניט בעגריפען און ניט גענומען אין אַנבעטראַכט באָקקל און די אַנדערע אידעאַליסטישע געשיכטע־פאָרשער. לויט באָקקל'ען האָבען די גריכען, וועלכע זיינען געוועזען דאָס העכסטע פאָלק אין גייסט און שעפּונגס־קראַפט, בעדאַרפט דערגרייכען די העכסטע שטופע פון קולטור און קיינמאָל ניט אַרונטערגעהן פון דער סצענע. און דאָך האָבען זיי פערהעלט־ניסמעסיג עקסיסטירט נאָר אַ קורצע צייט, און זיינען אַרונטערגעגאַנגען פון זייער הויכער שטופע. וואָרום? ווייל זיי האָבען זיך ענטזאָגט פון אַרבייט, זיי האָבען די אַרבייט פעראַכטעט און כמעט אין חרם אַריינגעלעגט, און האָבען זי, די אַרבייט, אויף די שקלאַפען אַרויפגעוואָרפען, און דערמיט האָבען זיי אונטערגעגראָבען דעם פונדאַמענט פון קולטור־גייסט. אַ פאָלק, וואָס גיט אַרויס די אַרבייט פון זיינע הענט, האָט די קולטור אַרויסגעגעבען פון זיינע הענט. וואו גייסט און אַרבייט געהען ניט האַנט אין האַנט און העלפען ניט און ערגענצען ניט איינע די אַנדערע, דאָרט אין קיין פאָרשריט פון קול־טור ניט צו ערוואַרטען. דער שקלאַף וועט קיינמאָל ניט נעהמען אַן אינטע־רעס אין דער אַרבייט, זיין אַרבייט וועט קיינמאָל ניט האָבען וועלכען עס איז איינפלוס אויף די קולטור. ווען דאָס פאָלק האָט צוליב וועלכער עס איז אורזאַך אויפגעהערט צו אַרבייטען, מוז די קולטור אונטערגעהן, און קיין פּאָליטישער אָדער גייסטיגער העלד קען איהם ניט רעטען פון אונטערגאַנג.

פון אַלע פעלקער פון אַלטערטום זיינען די כינעזער אַליין געבליבען לעבענספע־היג, ווייל זיי האָבען די אַרבייט קיינמאָל פון זייערע הענט ניט אַרויסגעלאָזען, און האָבען קיינמאָל ניט געוואוסט פון שקלאַפעריי. אין אַלע אַנדערע לענדער אָבער איז די אַרבייט איבערגעגאַנגען צו די שקלאַפען, און דאָס האָט אונטערגעגראָבען די לעבענספעהיגקייט פון די פעלקער. וואו די עקאָנאָמישע לעבענס־בעדינגונגען שווינדען, דאָרט קען די גייסטיגע גרויסקייט ניט העלפען. די גרויסע מענער ווערען נולען, אָדער נאָר אַ פאַלשע צירונג פיר דאָס פאָלק.

צום דייטליכסטען זעהען מיר דיזעס ביי רוים. די לעבענסקראַפט פון רוימישען פאָלק איז אויסגעשעפּט געוואָרען אין דער צייט פון יוליוס צעזאַר. עס איז מעהר ניט אין שטאַנד געוועז זיך זעלבסט צו רעגירען, עס האָט דערלאַנגט דעם העכסטען פונקט פון זיין פעהיגקייט עטוואָס אַרויסצוברייננגען. דער געטליכער פונק, דער זין פון פרייהייט, איז אין איהם אויסגעלאָשען געוואָרען. עס איז אַזוי טיף געזונקען, דאָס עס איז צייטיג געוואָרען פיר אַ מאָנאַרכיע. די בעריהמטע צייט פון אַוגוסטוס׳ן איז נאָר געווען אַ בעווייז פון אַלגעמיינער פוילעניס, וועלכע האָט געפיהרט צום גענצליכען אונטערגאַנג, ניט אַכטענדיג ווער עס איז געזעסען אויף׳ן טראָן, אַוגוסטוס אָדער אַ שלעכטער קיסר, אויב מען האָט געוואונען אַ שלאַכט אָדער פערלאָרען, אויב עס זיינען ערשינען גרויסע מענער אָדער ניט. ווי באָקקל כאַראַקטעריזירט די רוימער, זיינען זיי געווען אַ גראָבעס, באַרבאַרישעס פאָלק, פעהיג צו גוואַלד־טאַטען און צו רויבעריי. די רוימער האָבען געבראַכט די מאַכט פון שווערד צו דער העכסטער שטופע. זיי האָבען ניט ענטוויקעלט קיין אַרבייט ביי זיך, זיי האָבען ניט געזוכט דעם גייסט צו ענטוויקלען. זייערע אייגענשאַפטען זיינען געווען: מוט, כאַראַקטער־שטאַרקקייט, הערשזוכט, גרויזאַמקייט און אונגעהייערערע ליידענשאַפט צו רויבען. די רוימער האָבען גוט פערשטאַנען, דאָס מאַכט איז בעזיץ און בעזיץ איז מאַכט. צום בעזיץ קען מען קומען אָדער דורך אַרבייט, אָדער דורך רויב. די רוימער האָבען בעסער אויסגעקליבען רויב. קיין פאָלק אין דער וועלט, פאַר די רוימער און נאָך זיי, האָט ניט אַזוי פיעל געפּלינדערט די מענשהייט ווי די רוימער. זייער רויב־סיסטעם האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט אין זייער בעריהמטער געזעצגעבונג. ווער עס שאַפט אַליין זיין בעזיץ דורך אַרבייט, דער וועט זיך אימער זיכערער פיהלען ווי דער, וואָס רויבט. האָט איינער, וואָס אַרבייט, פערלאָרען זיין בעזיץ, זיין פערמעגען, וועט ער זיך באַלד טרייסטען, דאָס ער וועט עס דורך פלייסיגע אַרבייט צוריק שאַפען. דער רויבער אָבער איז זעהר אונ־

רוהיג וועגען זיין גערויבטען פערמעגען, ווייל ניט אימער האָט מען די מעג-
ליכקייט צו רויבען, און זעהר אָפט איז דער רויב פערבונדען מיט גרויסע
געפאהרען.

וואָס איז דעריבער דער וואונדער, ווען די רוימער האָבען געזוכט אַלער-
ליי מיטלען דורך געזעצגעבונג צו בעשיצען זייער גערויבטעס גוט, דאָס זיי
האָבען דעם בעגריף פון פּריוואַט-אייגענטום בעשיצט מעהר פון אַלע פעלקער,
אַזוי דאָס זייערע געזעצען זיינען אין דיזער הינזיכט עד היום דאָס גרונד-
פּרינציפּ פון דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, ווייל זי איז גע-
גרינדעט אויף די זעלבע יסודות, ווי די רוימישע. דערפון קומט אויך אַרויס
די שרעקליכע ווילדקייט און גרויזאַמקייט, וועלכע די רוימער האָבען געצייגט
אין זייערע באַרבאַרישע שולד-געזעצען. דער רוימער איז געווען אַ רויבער
פון קאָפּ ביז די פיס, זיין גאַנצע פעהיגקייט צייגט ער אַרויס אין זיין גע-
זעצגעבונג, וועלכע וואַרפט אַ העלעם ליכט אויף זיין רויב-סיסטעם, און אַנ-
שטאָט נאַטור-רעכט האָט ער בעשאַפען אַן אַדוואָקאַטען-גייסט, מיט אַלער-
ליי סאָרטען פערדרעהעניסען און קאָפּ-שווינדעל, וועלכע די אייראָפּעאישע
פעלקער האָבען אָנגענומען אַלס אידעאַל פון גערעכטיגקייט. און ווייל די
איינציגע ירושה, וואָס די רוימער האָבען איבערגעלאָזען צו די אייראָפּעאישע
פעלקער, איז פון געזעץ פערהייליגטע פערגוואַלטיגונג, דעריבער איז דאָס
רוימערטום געוואָרען אַ פלוך פיר אייראָפּאַ. ווען די רוימער וואָלטען ניט
דערשטיקט די גריכען, וואָלט דער גריכישער גייסט, אַלס דער איינציגער
וואַהרער קולטור-גייסט פון אַלטערטום, געווירקט דירעקט אויף די גערמאַ-
נישע פעלקער, און אונזער היינטיגע קלאַסען-קולטור וואָלט שוין לאַנג איבער-
געגאַנגען אין אַן אַלגעמיינע קולטור. איניגע בעהויפּטען אַפילו, דאָס די
רוימער האָבען פערשפּרייט די גריכישע קולטור איבער אייראָפּאַ, אָבער דאָס
איז ניט וואַהר. ווען עס וואָלט אַזוי ווירקליך געווען, וואָלטען די אייראָפּע-
אישע פעלקער אין מיטעל-אַלטער, ד. ה. באַלד ווי די רוימער האָבען זיי אי-
בערגעלאָזען זייער קולטור, געווען ווירקליכע קולטור-טרעגער, וועהרענד נאָך
דעם, ווי זיי האָבען ערהאַלטען די רוימישע ירושה, זיינען זיי געווען פערזונקען
אין טיפער פינסטערניס פון אַבערגלויבען און רעליגיעזען פאַנאַטיזם, וואָס
האָבען בעשאַפען די אינקוויזיציאָן מיט אַלע איהרע שרעקען, וועלכע האָ-
בען אויף אַ לאַנגע צייט פערשמוצט די קולטור-מענשהייט. די מענשהייט
איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזוי טיף געזונקען אין פינסטערניס, האָט
קיינמאָל אַזוי פיעל ניט געליטען פון פאַנאַטיזם און אַבערגלויבען ווי אין דעם
מיטעל-אַלטער. די הומאַניסטען (געלעהרטע) האָבען געהאַט פיעל אַרבייט

ביז זיי האָבען איירּאָפּאַ בעפרייט פון די פינסטערע פאָלגען פון דער קולטור, וואָס די רוימער האָבען איבערגעלאָזען צו די איירּאָפּעאישע פעלקער. ערסט די רענעססאַנס־צייט *) האָט אויסגעגראָבען די אוצרות פון עכטען גריכישען קולטור־גייסט.

עס איז אמת, דאָס די רוימער האָבען איבערגעגעבען צו די איירּאָפּעאי־שע פעלקער זייערע רעגירונגס־פאָרמעס. אָבער וועלכע רעגירונגס־פאָרמעס? ניט די רעפּובליקאַנישע רעגירונגס־פאָרמעס פון דער גלענצענדער רוימישער צייט. זיי האָבען איבערגעגעבען צו די גערמאַנישע פעלקער רעגירונגס־פאָרמעס פון דער צייט פון זייער אונטערגאַנג, פון פּוילענים, פון דעספּאָטיזם, די שטאַאַטס־פאָרמע פון קנעכטונג און פערגוואַלטיגונג, אונטער וועלכע נאָך יעצט ליידען פיעלע פון די איירּאָפּעאישע פעלקער. די רוימישע שקלאַפעריי האָט נאָר די פאָרמע אָדער דעם נאָמען איבערגעביטען, אָנשטאָט שקלאַפען זיינען אין מיטעל־אַלטער געוואָרען לייב־אייגענע. די רוימישע אָרענאַ מיט איהרע ווילדע קאַמפּען איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אינקוויזיציאָנס־געריכטען, אין פאַלטער־קאַמערן. מיר ווידערהאָלען עס: רוים איז געוואָרען אַ פלוך פיר איירּאָפּאַ, אַ פלוך, וואָס האָט פערשאַפט דער מענשהייט אַזוי פיעלע שרעקליכע ליידען. די רוימער זיינען געווען די ברוטאַלע תלינים, וועלכע האָבען די גערמאַנישע פרייהייט ערמאָרדעט. און וואָלט זיי געווען געלונגען דערשטיקען די פרייהייט אויך אין בריטאַנניען, וואָלט איירּאָפּאַ קיין האָפנונג ניט געהאַט בעפרייט צו ווערען פון דעם שווערען יאָך פון דעספּאָטיזם. עס פערשטעהט זיך, דאָס די הערשענדע קלאַססען ריהמען דאָס רוימערטום, אָבער ווער עס האָט אין זינען דאָס פאָלק, זיין פרייהייט, ווער עס האָט אין זיך אַ פונק פון גערעכטיגקייט, קען נאָר פעראַכטען און טיף האַסען דאָס רוימערטום. מיר זיינען טיף איבערצייגט, אַז דאָס גערמאַנענטום וואָלט אַרויסגעבראַכט גלענצענדע פרוכט, ווי די אַלטע גריכען, ווען ניט דער פערפלוכטער איינפלוס פון דעם ברוטאַלען רוימערטום מיט אַלע זיינע שלעכטע מידות, מיט אַלע זיינע פערגוואַלטיגונגען. דאָס רוימערטום האָט איינגעפלאַנצט אין גערמאַנענטום פרעמדע, ווילדע צווייגען, וועלכע האָבען פערדאָרבען, פערקריפעלט זיין נאַטירליכע שעפערישע קראַפט, און האָבען בעשאַפען אַן אונגאַטירליכע קולטור, וועלכע איז אַ מיש־מאַש פון גריכישער קלאַסיציטעט מיט רוימישער פערדאָרבענהייט, אָהן קיין שפור פון גערמאַנישער אָריגינאַליטעט.

---

*) די צייט פון דער ווידער־אויפלעבונג פון דער פאַרצייטיגער ליטעראַטור, קונסט א. אַז. וו.

דאָס גוטע, וואָס די רוימער האָבען גערמאַניען איבערגעלאָזען, קען אַן איינ-ציגער זאַמד־קערנדעל איבערוועגען. דערפאַר ליגט נאָך עד היום אויף זיי דער שווערער אַלפּישער באַרג פון שקלאַפעריי, וועלכען די רוימער האָבען אויף דייטשלאַנד אַרויפגעוואָרפען. ניט גענוג, וואָס די רוימער זיינען אַליין אונטערגעגאַנגען צוליב זייער סיסטעם פון רויבען און פערגוואַלטיגען, האָ-בען זיי אויך דעם קערן פון אונטערגאַנג איבעראַל פערפלאַנצט, וואו זיי האָ-בען נאָר זייער צושטערנדען פוס געשטעלט. די לעבענס־קראַפט פון אַלע פעלקער, וואָס האָבען אַ מאָל געהערט צום רוימישען רייך, איז געבראָכען.

ווען מיר ווילען וויסען, וואָס האָבען די אַלטע פעלקער, די סעמיטישע און די אַרישע, געטאָן פיר די קולטור, מוזען מיר צוערסט ריכטיג אויפפאַסען, וואָס זיינען געווען די אורזאַכען, וועלכע האָבען זיי געטריבען צו שאַפען אַ קולטור. אַנדערע וועלען בעהויפּטען, דאָס די הויפּט־אורזאַך, וואָס האָט גענעטיגט די מענשהייט צו קולטור, איז דאָס שטרעבען צו זיכערן איהר מאַטעריעלע עקסיסטענץ, צו ערהאַלטען דאָס לעבען. דיזעס איז אָבער ניט ריכטיג, ווייל דערצו שטרעבען אויך די ווילדע פעלקער, אפילו די חיות, און זיי האָבען דאָך קיין קולטור ניט בעשאַפען. די קולטור איז באמת דער פּראָדוקט פון שטרעבען אימער צו אַ בעסערען און בעקוועמערען לעבען. דיזע שטרעבונג בעשטעהט ניט נאָר אין פערמעהרונג פון מאַטעריעלע, נאָר אויך פון גייסטיגע גיטער, אום צו פערקלענערען די צרות, וואָס די נאַטור קען פערשאַ-פען דעם מענשען, און צו פערמעהרען די גוטע זאַכען וואָס מאַכען זיין לעבען בעסער און בעקוועמער, סיי גייסטיגע, סיי מאַטעריעלע.

דיזעס שטרעבען מוז זיך געפינען אין אַ פאָלק, ווען עס וויל מאַכען פאָרטשריטען אין דער קולטור. ווען דיזעס שטרעבען געפינט זיך אין אַ קליינעם טייל פון פאָלק, איז דער רעזולטאַט קלענער, ווי אין פאַל, ווען די-זעס שטרעבען איז אַלגעמיין אין גאַנצען פאָלק. אַ געזעלשאַפט, וואָס קען בעפרידיגען אַלע איהרע מיטגלידער און געבען זיי די מעגליכקייט זייערע לע-בענס־בעדערפניסען אויף'ן העכסטען גראַד צו געניסען, האָט געוויס איהר קראַפט און פעהיגקייט אין יעדער הינזיכט ביז צום העכסטען פונקט גע-טריבען.

אין אונזער צייט געניסט די פולע מאָס פון אַ העכערען קולטור־לע-בען נאָר אַ קליינער טייל, נאָר אַ געוויסע קלאַס, די מאַסע אָבער ליידט גרויסען מאַנגעל אין לעבען, עס פעהלט איהר דאָס וויכטיגסטע און נעטיגסטע צו אַ געוועהנליכען לעבען, פון אַ העכערען, אַ פערגניגענדען לעבען איז גאָר קיין רעד ניט. קענען מיר רופען אַזאַ געזעלשאַפט אַ קולטור־געזעלשאַפט?

אין וויסען האָבען מיר ווירקליך געשטיגען. מיר ווייסען יעצט פיעל מעהר, ווי מיר האָבען געוואוסט אין דער צייט, ווען אַנדערע פעלקער האָבען גע-לעבט און זיך אויפגעפיהרט ניט ווי אַ פאָלק, נאָר ווי שבטים. אָבער איז אויך דאָס לעבען פון פאָלק פערבעסערט געוואָרען? אויף דיזע פראַגע מוזען מיר ליידער ענטפערן: ניין! די מאַסע לעבט יעצט פיעל ערגער, ווי זי האָט געלעבט אין יענעם פּאַרציייטיגען צושטאַנד, ווען יעדער האָט געהאַט זיין נעטיגעס שטיקעל ערד מיט זיינע נעטיגע שאָף און רינדער, וואָס האָ-בען אימער געגעבען די מעגליכקייט צו שאַפען אַלע זיינע בעדערפניסען. די מאַסע האָט אין דיזער הינזיכט צוריק געשריטען. איהר נויט איז יעצט פיעל גרעסער ווי אין יענער צייט פון שבטים-צושטאַנד, אַ קולטור-צו-שטאַנד, ביי וועלכען נאָר אַ קליינער טייל פון דער געזעלשאַפט געניסט די פרוכט פון דער קולטור. ווען די מעהרצאָהל איז אויסגעשלאָסען פון יעדען קולטור-גענוס, קען די קולטור בשום אופן ניט בעטראַכט ווערען אַלס אַן אי-דעאַל. די קולטור און דער פאָרטשריט פון היינטיגער צייט איז נאָר אַ קלאַ-סען-קולטור. פיר די מאַסע איז היינטיגע קולטור אַ וואהרע קללה. די גרוי-סע מאַסע פיהרט אַ לעבען פון מאַנגעל און עלענד, און דערצו איז זי נאָך אויך מאָראַליש געזונקען.

דאָס שטרעבען פון מענשען צו פערבעסערן זיינע לעבענס-בעדערפניסען בעשטעהט אין דער אויפגאַבע צו פערבעסערן זיין מאַטעריעלען צושטאַנד, זיין גייסטיגען צושטאַנד און די מאָראַל. אין די לענדער, אין וועלכע די נאַטור גיט קאַרג אַרוים וואָס דער מענש ברויכט צו זיין לעבענס-אונטערהאַלט, מוז דער מענש אַנווענדען זיינע הויפּט-קרעפטען אום דיזע נעטיגע זאַכען צו פּראָדוצירען. ער מוז דאָ פיעל שווערער אַרבייטען ווי אין לענדער, וועלכע זיינען רייך אין דיזע נאַטור-פּראָדוקטען. צו די גייסטיגע אורזאַכען פון קולטור געהערען: פּאַטערלאַנדס-ליבע, הערשזוכט, עהרגייץ, רעליגיעזער פאַ-נאַטיזם א. אז. וו. די קולטור-פעלקער אונטערשיידען זיך פון די נאַטור-פעל-קער דערין, דאָס ביי זיי זיינען די אַלע בעדערפניסען — פיזישע, גייסטיגע און מאָראַלישע—פיעל שטאַרקער ווי ביי יענע, און דעריבער איז ביי זיי די טעטיגקייטס-קראַפט אויך שטאַרקער ווי ביי יענע.

די קולטור-וועלט איז אַלזאָ צוזאַמענגעשטעלט נאָר פון מענשליכע ער-פינדונגען און פון מענשליכער אַרבייט. מיר האָבען שוין פריהער ערקלערט, דאָס מאַכט הייסט האָבען צו שאַפען איבער קולטור-גיטער. מאַכט קען נאָר זיין דאָרט, וואו עס איז דאָ קולטור, וואו עס איז דאָ בעזיץ. מעכטיג איז נאָר דער, ווער עס האָט צו הערשען איבער בעזיץ און איבער מענשען, וואָס

שאַפען דעם בעזיץ. מיט איין וואָרט, מאַכט איז בעזיץ און בעזיץ איז מאַכט. אין די אור־אַלטע צייטען פון דער מענשהייט, ווען זיי האָבען נאָך ניט געהאַט קיין אייגענטום, קיין קולטור־גיטער, איז נאָך ניט געווען קיין פּלאַץ פיר הערשזוכט; דאַמאָלס איז נאָך ניט געווען קיין אונטערדריקער און אונטערדריקטע, קיין הערען און קיין קנעכט. מאַכט און הערשאַפט ערשיינען ערסט דאַן צווישען דער מענשהייט, ווען עס איז שוין דאָ קולטור־בעזיץ. בעזיצען עטוואָס קען מען נאָר דורך איינס פון דיזע צוויי מיטלען: דורך אַרבייט אָדער דורך רויב. אַלזאָ, ווען בעזיץ איז מאַכט, קענען נאָר צוויי סאָרטען מאַכט זיין אין דער וועלט: אַ ר ב י י ט און ש ו ו ע ר ד. די גאַנצע וועלט־געשיכטע איז נאָר אַ פאָרשטעלונג פון דעם קאַמף צווישען דיזע צוויי מעכטען: צווישען אַרבייט און שווערד.

די קולטור אין אַלטערטום האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט דער פרייער אַר־בייט. אפילו ביי די גוואַלד־טעטיגע רוימער איז דער פרייער שטאַאַטסמאַן מיט שטאָלץ געגאַנגען הינטער זיין סאָכע. אָבער די פרייע אַרבייט האָט געהערשט נאָר אַ קורצע צייט. ווי עס איז נאָר אָנגעזאַמעלט געוואָרען עטוואָס בעזיץ, עטוואָס רייכטום, האָט באַלד דער שווערד אָנגעפאַנגען צו אַרביי־טען. די קולטור־ראַסען האָבען אָנגעהויבען צו בעפאַלען אַנדערע פעלקער אָפּצונעהמען ביי זיי זייערע בעזיצונגען און פערוואַנדלען זיי אין שקלאַפען, אָדער זיי פלעגען ארויפוואַרפען די אַרבייט אויף די קריגס־געפאַנגענע. די אַרבייט איז געוואָרען פערשקלאַפט און פיעל פעראַכטעט. דער שווערד האָט געזיגט. עס איז מעהר עהרע געווען פערשאַפען זיך בעזיץ דורך גוואַלד, דורך'ן שווערד, ווי דורך אַרבייט. קוים איז דער שווערד געקומען צו מאַכט, האָט ער קיין גרענעץ ניט געוואוסט צו זיין ברוטאַליטעט. פעלקער מיט פעלקער האָבען געשטריטען נאָר אום זיך אויף יענעם'ס רעכנונג צו בעריי־כערן, מעהר צו בעזיצען און דורך דעם אויך מעכטיגער צו ווערען. דאָס זעלבע איז אויך געווען דער צוועק פון דעם קאַמף צווישען פּאַרטייען אין דעם זעלבען פאָלק — צו בעקומען מאַכט און דורך דעם בעזיץ, אָדער צו בעקומען בעזיץ און דורך דעם מאַכט. דאָס זיינען געווען די הערשענדע קלאַסען, וועלכע האָבען מיט אַ פינגער ניט אַ ריהר געטאָן אום עטוואָס צו שאַפען פיר די קולטור; זיי האָבען צוגענומען אַלעס, וואָס דער אַר־בייטער האָט געשאַפען, נאָר מיט זייער מאַכט, מיט דעם שאַרף פון זייער שווערד. דיזער קאַמף האָט געטראָגען דעם קלינגענדען נאָמען דער „פּאָ־ליטישער קאַמף". די וואַהרע בעדייטונג פון „פּאָליטישען קאַמף" איז די רייסעריי פון די פערשיידענע פּאָליטישע פּאַרטייען וועגען דעם, צו וועמען

זאָלען געהערען די גיטער, וואָס מען האָט גערויבט און וואָס מען רויבט ביים פאָלק. און דאָס פאָלק פערשטעהט עס ניט און שטעלט זיין לעבען און אַלץ וואָס עס האָט צו העלפען דער אָדער יענער פאַרטיי פון זיינע רויבער.

די קולטור־גיטער ווערען געשאַפען אין איין וועלט, אין דער וועלט פון ארבייטער, פון פאָלק, און ווערען פערברויכט אין אַן אַנדער וועלט, אין דער וועלט פון די הערשער, וועלכע געניסען די קולטור־גיטער, אַזוי דאָס אין גרונד גענומען זיינען נאָר צוויי קלאַסען דאָ אין יעדער געזעלשאַפט: הער־רען און קנעכט, אונטערדריקער און אונטערדריקטע.

אָבער אין דער נייער צייט איז עס געלונגען דער אַרבייט צו פערניכטען די מאַכט פון שווערד. נעמליך: די קאַפּיטאַל־מאַכט האָט בעזיגט דעם שווערד. און דאָס איז איהר גרויסער פערדינסט, הגם די קאַפּיטאַל־מאַכט האָט געגרינדעט די לוין־שקלאַפעריי, אָבער מיט דיזער שקלאַפעריי איז לייכטער צו שטרייטען איידער מיט דער מאַכט פון שווערד. די פעלקער שטרייטען מעהר ניט צווישען זיך אום צו בערויבען איינע די אַנדערע, דער זיג פון אַרבייט קען און וועט די שלאַכטערייען צווישען מענשען אָפּשאַפען, דער זיג פון אַרבייט וועט עפנען דער מענשהייט די וועגען צום אַלגעמיינעם קולטור־גענוס.

די גרינדונג פון אינדוסטריע און איהר פערברייטערונג אין גרויסען מאַס־שטאַב, דאָס איז די גרויסע טאַט פון דער קולטור אין דער נייער צייט. די גריכען האָבען אונז געלאָזען זייערע שעפּונגען און קונסט. מיר האָבען זיי נאָכגעטאָן, אָבער ניים האָבען מיר ווייניג געשאַפען. די מאָדערנע גרויס־אינדוסטריע דאַגעגען איז אַן אָריגינעלע שעפּונג. זי פיהרט אריין אין די מענשהייט אַ נייע ענטוויקלונגס־פאָרמע. די הערשאַפט פון שווערד איז גע־קומען צו אַן ענדע, די הערשאַפט פון אַרבייט פערנעהמט איהר אָרט. די גאַנצע מאַכט פון דער צוקונפט וועט זיין געגרינדעט אויף דעם בעזיץ, וואָס די אַרבייט וועט שאַפען. אין דער צוקונפט וועלען נאָר יענע פעלקער זיין מעכטיג, וועלכע וועלען זיין אין שטאַנד פיעל אַרויסצוברייננגען, פיעל צו שאַפען, פיעל צו פּראָדוצירען. דער יסוד פון דער מאַכט פון די קינפטיגע פעלקער וועט נאָר זיין די קונסט און די פעהיגקייט אַליין צו שאַפען, אָבער ניט צו רויבען וואָס יענער האָט געשאַפען.

נאָך דיזער ערקלערונג וועט אין דער צוקונפט די אַרבייט זיין דער יסוד פון דער קולטור, און וואָס העכער, וואָס מעהר פּראָדוקטיוו (שאַפענד) די אַר־בייט וועט זיין, וועט אַלץ די קולטור העכער און שאַפענדער זיין. דער שווערד האָט אימער געשטערט די אַרבייט, דער שווערד האָט קיינמאָל ניט גע־

שאַפען, ער האָט, אין געגענטייל, אימער צושטערט, און דעריבער איז עס
לעבערליך אָנצונעהמען דעם קריגערישען גייסט פון אַ פאָלק אַלס גרונד-
לאַגע, אַלס מאָס פון זיינע פעהיגקייטען. דאָס איז געווען איינער פון די
גרעסטע טעות'ן פון אונזערע געשיכטע=שרייבער. די פעלקער פון שווערד
זיינען אַלע צו גרונד געגאַנגען, נאָר די פעלקער פון אַרבייט זיינען לעבען
געבליבען. וואָלטען די קריגערישע פעלקער פון אַלטערטום, די פערסיער
און די רוימער, ניט אַרויס אין דער וועלט מיט זייערע שווערדען, וואָלט די
קולטור אונענדליך ווייטער פאָרטגעשריטען, די אייראָפּעאישע מענשהייט
וואָלט אָהן צווייפעל אָנגענומען אַ פיעל פרייערע פּאָליטישע און געזעלשאַפט-
ליכע פאָרמע. אין אַלטערטום האָבען נאָר די אינדיער, באַבילאָניער, עגיפּ-
טער, פעניציער און די גריכען ענטוויקעלט די קולטור. די גריכען זיינען די
גרעסטע קולטור=פאַקלען פון דער מענשהייט. עס איז שטאַרק צו בעדויערן,
דאָס די גריכען האָבען זיך הונדערטער יאָהרען נאָר מיט די גראָבע אונווי-
סענדע רוימער געמישט און אויף זיי געווירקט, און דורך זיי איבערגעטראָגען
זייערע קולטור=אוצרות אויף די גערמאַנען. פיעל גליקליכער וואָלט געווען
די מענשהייט, ווען די גריכען וואָלטען אַליין דירעקט איבערגעטראָגען זייער
קולטור אויף די גערמאַנען.

די מיינונג, דאָס די רוימער האָבען פערברייטערט קולטור און האָבען
געמאַכט פעהיג די פעלקער אָנצונעהמען די קולטור, איז דורכאויס פאַלש.
די געשיכטע בעווייזט דעם געגענטייל, דאָס קולטור=ראַסען, וואָס זייער נאַ-
טירליכע קראַפט איז געבראָכען געוואָרען דורך אַנדערע פעלקער, האָבען מעהר
ניט געקענט מאַכען קיין פאָרטשריטען אויף דעם וועג פון קולטור. די קעל-
טען זיינען געווען אָהן צווייפעל אַ קולטור=ראַסע, אָבער די רוימער האָבען
פערניכטעט זייער זעלבשטענדיגקייט אין גאַלליען, און האָבען דערמיט זיי-
ער קולטור=פעהיגקייט פערניכטעט. גאַלליען וואָלט קיינמאָל ניט אויפגע-
לעבט, ווען די פרישע געזונדע קראַפט פון די פראַנקען וואָלט זיך ניט אַריינ-
געמישט דערין. די הויכבעגאַבטע גאָטען זיינען גענצליך פון דער קולטור=
סצענע פערשוואונדען נאָך דעם, ווי זיי זיינען אונטעריאָכט געוואָרען פון
די רוימער. די פרייע קעלטישע בריטאַנניער, וועלכע האָבען זיך שפּעטע-
פערמישט מיט די אַנגלאָ=זאַקסען און נאָרמאַנען, זיינען געוואָרען די העכ-
סטע קולטור=טרעגער, ווייל זייער ערסטע נאַטירליכע קראַפט איז קיינמאָל
ניט געבראָכען געוואָרען. וואו נאָר די רוימער האָבען אַ פוס אַריינגעשטעלט,
דאָרט האָבען זיי פערניכטעט אַלע שעפערישע קולטור=קרעפטען. די שע-

פערישע קראַפט קען זיך ענטוויקלען נאָר אונטער פרייען זונענליכט. די פערשקלאַפונג פערקריפּעלט דעם גייסט פון דער זעעלע.

אויב מיר ווילען ריכטיג אורטיילען, וואָס פיר אַ ווירקונג דאָס אַלטערטום האָט געהאַט אויף די ענטוויקלונג פון קולטור, מוזען מיר פריהער ערקלערען און בעשטימען, וואָס פיר אַ קולטור מיר האָבען אין זינען: אַ קלאַסען־קולטור אָדער אַן אַלגעמיינע קולטור. פיר אַ קלאַסען־קולטור האָט דער גריכישער גייסט זעהר פיעל געטאָן און געשאַפען. די גריכען האָבען אונז איבערגעגעבען דאָס ערהאַבענסטע, וואָס איז נעטיג פיר אונזערע גייסטיגע און זעעלישע קולטור־בעדערפניסען. ווער עס גלויבט, דאָס די קלאַסען־קולטור איז אַ פאָרבערייטונג צו דער אַלגעמיינער קולטור, קען דערמיט צופרידען זיין. אָבער מיר שטימען ניט איין דערמיט. מיר זיינען זיכער, דאָס ווען ניט די קלאַסען־געזעלשאַפט, ווען עס וואָלט ניט געהערשט דאָס סיסטעם פון בעדריקער און אונטערדריקטע, פון הערען און קנעכט, וואָלטען די אייראָפּעאישע פעלקער פיעל העכער געשטאַנען אויף די שטופען פון אַלגעמיינער קולטור און געזיטונג. מיר דאַרפען ניט פערגעסען, דאָס די הערשער און מאכט־האָבער האָבען קיינמאָל ניט עטוואָס געטאָן צו היבען און פערברייטען די קולטור, זיי האָבען נאָר זיך אָנגעאייגענט די קולטור־גיטער, האָבען גענאָסען די פרוכט פון דער קולטור. געשאַפען די קולטור האָט דאָס פאָלק. די גייסטיגע שעפער, די געלעהרטע און קינסטלער, דאַרפען אייגענטליך גערעכענט ווערען צום פאָלק, הגם זיי זאָגען זיך צייטענווייז אָפּ פון אַלגעמיינעם פאָלק. ווען די הערשענדע קלאַס וואָלט ניט בערויבט דאָס פאָלק פון זיינע קולטור־גיטער, וואָלטען מיר שוין לאַנג געהאַט אַן אַלגעמיינע קולטור, ווי די בינעזער האָבען עס שוין זינט טויזענדער יאָהרען, ווייל דאָרט זיינען געווען ווייניגער פּאַראַזיטען.

מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט, דאָס נאָך אונזער מיינונג איז דאָס העכסטע אידעאַל פון דער נייער צייט דער זיג פון ארבייט איבער דעם שווערד. דיזעם ערוועקט די פראַגע: וואָס האָט דאָס אַלטערטום בייגעטראָגען צו דער פערווירקליכונג פון דיזען אידעאַל? אָדער מיט אַנדערע ווערטער: ווי ווייט האָט דאָס אַלטערטום געהאָלפען, דאָס די מאַכט פון ארבייט זאָל שטאַרקער ווערען און די מאַכט פון שווערד זאָל שוואַכער ווערען? אויף די ערסטע העלפט פון דיזער פראַגע קענען מיר ענטפערן, דאָס איינינע פון די אַלטע פעלקער, בעזונדערס די פעניציער און נאָכדעם אויך די גריכען, האָבען דורך ערפינדונגען און האַנדעל פיעל געהאָלפען דער ארבייט זיך צו ענטוויקלען, אַזוי דאָס זי זאָל מיט דער צייט קענען ווערען אַ מאַכט. אָבער

אין דער גאַנצער צייט פון אַלטערטום און אויך פון מיטעל־אַלטער איז די ארבייט געבליבען פערשקלאַפט. די אַלע אָנשטרענגונגען פון די שקלאַפען זיך צו בעפרייען האָט צו קיין רעזולטאַט ניט געפיהרט, ווי מיר האָבען עס געזעהן אין דער געשיכטע פון גריכענלאַנד און פון רוים. ערסט אין דער נייער צייט האָט די ארבייט זיך אָנגעהויבען צו בעפרייען פון איהרע קייטען.

וואָס אָנבעטרעפט די אַנדערע העלפט פון דער פראַגע : וואָס האָט דאָס אַלטערטום געטאָן אום די מאַכט פון שווערד אָפצושאַפען ? מוזען מיר לייי־דער בעהויפטען, אַז דאָס אַלטערטום האָט ניט נאָר אָפגעשוואַכט די מאַכט פון שווערד, נאָר אין געגענטייל, עס האָט געטאָן אַלץ וואָס עס האָט געקענט אום צו פערשטאַרקען זיין מאַכט. דאָס אַלטערטום האָט געגרינדעט די קול־טור, וואָס שאַפט גיטער און בעזיץ, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט עס פערשקלאַפט דעם מענשען, וואָס האָט געשאַפען די קולטור און די גיטער, און דאָס האָט דאָס אַלטערטום דערגרייכט מיט דער מאַכט פון שווערד.

מיר שטעהען היינט ביי דער שוועל פון א נייער וועלט־געשיכטע, אין וועלכער די מאַכט פון ארבייט אַליין וועט שפּילען די הויפּט־ראָלע. די קלאַסען־קולטור האַלט ביים אונטערגעהן און די אַלגעמיינע קולטור וועט פערנעהמען איהר פּלאַץ. די היינטיגע קולטור האָט בעשאַפען די אייזערנע שקלאַפען (די מאַשינען), און האָט דערמיט דער מענשהייט געגעבען א פריי־בריף פון יעדער שקלאַפעריי. די קינפטיגע וועלט־געשיכטע וועט נאָר זיין בעשעפטיגט דערמיט, ווי דיזען פריי־בריף צו פערווירקליכען. אַלע אוצרות פון אינדיען, צוליב וועלכע אַלכסנדר דער גרויסער האָט אונטערגענומען זיי־נע שווערע פעלד־צוגען, קענען מיר היינט בעקומען דורך א פּאָר טויז דאַמף־מאַשינען. מיר קענען אין דער צוקונפט אויסקומען אָהן אַלע זיגער און גרוי־סע פּאָליטיקער. מיר קענען זיי בעשטימען א געוויסע פּענסיאָן פיר זייער פערגאַנגענהייט, אָבער ניט געברויכען מעהר זייער ארבייט און זייער טעטיג־קייט. אָהן צווייפעל וועלען נאָך פּאָרקומען שרעקליכע קאַמפען, דאָס ענדע אָבער וועט געוויס זיין, דאָס די מאַכט פון דעם ארבייטענדען פאָלק וועט זי־געז, און דאַן וועט די מענשהייט דערגרייכען דאָס העכסטע גייסטיגע אין דער וויסענשאַפט און קונסט און דאָס העכסטע מאָראַלישע אין דער גערעכ־טיגקייט.

